ספרי׳ — אוצר החסידים — ליובאוויטש

קובץ
שלשלת האור

היכל שמיני — שער רביעי

# ספר הזכרונות

•

# ליובאַוויטשער רבינ׳ס זכרונות

•

זכרונות פון כבוד קדושת

## אדמו״ר יוסף יצחק

זצוקללה״ה נבג״מ זי״ע

שניאורסאהן

מליובאוויטש

ערשטער טייל




ערשטע אויסגאַבע

אַרויסגעגעבן דורך
„אוצר החסידים"
770 איסטערן פּאַרקוויי — ברוקלין (13), נ. י.
יאָהר פינף טויזענט זיבען הונדערט פינף און צוואנציג לבריאה

# SEFER HAZICHRONOS

MEMOIRS OF

## RABBI JOSEPH I. SCHNEERSOHN

of Sainted Memory

OF LUBAVITZ

Volume I



FOURTH EDITION



"KEHOT" PUBLICATION SOCIETY

770 EASTERN PARKWAY BROOKLYN 13, N. Y.

Tel. HYacinth 3-9250 — PResident 8-4600

*Printed in the U. S. A. by*

SHULSINGER BROTHERS, INC.

*Printers — Publishers*

21 EAST 4TH STREET, NEW YORK, N. Y. 10003

# זכרונות פון ליובאוויטשער רבי'ן
# אדמו"ר יוסף יצחק
זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע
# שניאורסאהן



איבערזעצט אין אידיש און צוגעגרייט צום דרוק

דורך

## ד. ל. מעקלער



ערשטער טייל

פערטע אויסגאבע

# אינהאַלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאלט

# הקדמה
## פון כ"ק אדמו"ר מנחם מענדל שליט"א צו דער ערשטער אויסגאַבע פון יאָהר ה'תש"ז

●

ב"ה

זומער ה'תש"ה, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דרייענדיגען יובל פון כ"ק מו"ח אדמו"ר שליט"א: א) פופציג יאָהר עסקנות הכלל. ב) פינף און צוואַנציג יאָהר נשיאות פון חסידי חב"ד. ג) ח"י יאָהר זינט דער באַפרייאונג פון תפיסה, וואו ער איז געזעסען פאַר זיין איבערגעגעבענער ארבעט בחזוק התורה והיהדות,

איז די לייטונג פון „אוצר החסידים" צוגעטראָטען צו דער זאַמלונג און צום צוגרייטען צום דרוק פון א יובל אויסגאַבע פון די מאמרים, בריף, שיחות, א. א. וו. פון כ"ק מו"ח אדמו"ר שליט"א.

די זאַמלונג איז איינגעטיילט אין פאָלגענדע חלקים:

היכל שמיני (דער אכטער נשיא זינט דעם מיסד פון תורת החסידות — דעם בעל שם טוב). שער ראשון: מאמרים [א: מאמרים געשריבען אין לשון הקדש. ב: מאמרים געשריבען אין אידיש]. שער שני: בריף. שער שלישי: שיחות. שער רביעי: זכרונות.

* * *

אין דעם „ספר הזכרונות — ליובאַוויטשער רבינ'ס זכרונות" גייט אריין א גרויסער טייל פון די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר שליט"א, וועלכע ער האָט געשריבען קומענדיג אין אַמעריקע. די זכרונות זיינען געשריבען אין לשון הקודש און אין פארשידענע צייטען. זיי זיינען געוואָרען איבערזעצט אין אידיש און צוגעגרייט צום דרוק דורך רעדאַקטאָר ד. ל. מעקלער און דאַן פאַרעפענטליכט אין „מאָרגען זשורנאַל*).

אחוץ קליינע ענדערונגען, זיינען דאָ צוגעגעבען געוואָרען: א) אייניגע ביאָגראַפישע דאַטען וועגען כ"ק מו"ח אדמו"ר שליט"א. ב) הוספות און באַמערקונגען. ג) אינדעקס פון די מענשען וועלכע זיינען דערמאָנט אין די זכרונות.

* * *

אין נאָמען פון די טויזענטער לעזער פון די „זכרונות" וויל איך דאָ זאָגען א הערצליכען יישר כח דעם זעהר געעהרטען רעד. ד. ל. מעקלער פאַר זיין איבערגעגעבענער ארבעט אין דעם צוגרייטען צום דרוק און אין דער פאַרעפענטליכונג פון די זכרונות פון כבוד קדושת מו"ח אדמו"ר שליט"א.

**מנחם שניאורסאהן**

יב־יג תמוז, ברוקלין, נ. י.

*) פון ה' תשרי תש"א ביז ו' אדר תש"ב (7־טער אָקטאָבער 1940 — 23־טער פעברואַר 1942). אין דעם פאָרליגענדען בוך גייען אריין די קאַפּיטלאך פאַרעפענטליכט ביז ג' תשרי תש"ב (24־טער סעפטעמבער 1941).

# ביאָגראַפישע דאַטען

•

איינִיגע ביאָגראַפישע דאַטען[1] וועגען דעם ליובאַוויטשער רבי'ן, כ"ק אדמו"ר ר' יוסף יצחק זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע שניאורסאהן: געבאָרען יב תמוז תר"ם אין ליובאַוויטש. צו פופצען יאָר — תרנ"ה — הייבט ער אָן צו נעמען אַן אַקטיווען אָנטייל אין דער געזעלשאַפטליכער כלל אַרבעט. אין תרנ"ז — י"ג אלול — האָט ער חתונה מיט הרבנית נחמה דינה שליט"א, די טאָכטער פון הרה"צ והרה"ח הר' אברהם נ"ע. אין תרנ"ח ווערט ער דער מנהל־פועל פון ישיבת תומכי־תמימים. אין תרס"ו פאָרט ער אין אויסלאַנד און ווירקט אויס די אינטערווענץ פון פאַרשידענע קרייזען אויף אָפּשטעלען די פּאָגראָמען אויף אידען אין רוסלאַנד. פון יאָר תרס"ב ביז תרע"א, צוליב זיין געזעלשאַפטליכער כלל אַרבעט, ווערט ער אַרעסטירט פיר מאָל אין פאַרשידענע צייטען אין מאָסקווע און פעטערבורג. תר"ף, נאָך דער הסתלקות — מוצאי שבת קודש ב' ניסן — פון זיין פאָטער — כ"ק אדמו"ר מוהר"ר שלום דובער נ"ע[2] נעמט ער איבער די נשיאות פון חסידי חב"ד. תרפ"א — איז מסדר אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט, איבער גאַנץ רוסלאַנד, אין חיזוק התורה והיהדות. גרינדעט ישיבת תומכי־תמימים אין וואַרשא. תרפ"ד — איבער אַ מסירה פון די „יעווסעקציע" ווערט ער גענייט פון דער „טשעקא" צו פאַרלאָזען זיין דענסטמאָלדיגע וואוין־שטאָט — רוסטוב און באַזעצט זיך אין פעטערבורג. פאַרנעמט זיך מיט חיזוק התורה והיהדות, דורך גרינדען און שטאַרקען חדרים, ישיבות, רבנים, שוב"ים און מגידי שיעורים און גרינדען מקוואות. גרינדעט ספּעציעלע קאָמיטע צו העלפען די האַנט־אַרבעטער צו היטען שבת. גרינדעט אגודת חסידי חב"ד אין אַמעריקע און קאַנאַדע. תרפ"ז — גרינדעט ישיבות אין בוכאַרא. ט"ו סיון — ווערט אַרעסטירט, אויף אַ מסירה פון די „יעווסעקציע" פאַר זיין אַרבעט אין תורה ויהדות. ג' תמוז — ווערט געשיקט קיין קאָסטראָמאַ, ווערט אָבער באַפרייט יב־יג תמוז. תרפ"ח — באַזעצט זיך אין ריגא (דאַמאָלסט הויפּט־שטאָט פון לעטלאַנד). גרינדעט דאָרט אַ ישיבה. תרפ"ט־תר"ץ — באַזוכט צום ערשטען מאָל ארץ ישראל און דאַן אַמעריקע. תרצ"ד — באַזעצט זיך אין פּוילען (וואַרשא און שפּעטער — אָטוואָצק). גרינדעט איגוד התמימים. גרינדעט אָפּטיילונגען פון ישיבת תומכי־תמימים אין פאַרשידענע שטעט אין פּוילען. תרצ"ה — הייבט אָן ערשיינען דער קובץ „התמים". תרצ"ט — גרינדעט אגודת חסידי חב"ד העולמית. ת"ש־ט אדר שני — קומט אָן און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק. פאַרנעמט זיך אין דער רעטונג פון זיינע געבליבענע תלמידים אין אייראָפּע. גרינדעט דאָרט צענטראַלע ישיבת תומכי־תמימים. תש"א — הייבט אָן ערשיינען די מאָ־

---

1) פאַר מער פּרטים זע: שלשלת היחס פרק ואו (אין קובץ „היום יום" ע' 9), סאָם אַספּעקטס (אין ענגליש), „דער ליובאַוויטשער רבי" (קורצע ביאָגראַפיע).

2) קורצע ביאָגראַפישע ידיעות וועגען כ"ק אדמו"ר מהרש"ב נ"ע, זע „חנוך לנער" (ברוקלין, נ. י., תש"ג).

נאטליבע אויסגאבע „הקריאה והקדושה”. גרינדעט „מחנה ישראל” אויף שטארקען תורה, עבודה און גמילות חסדים. תש״ב — ערעפענונג פון פארלאג „קה״ת” (קרני הוד תורה — ליובאוויטש). גרינדעט „מרכז לעניני חינוך”. גרינדעט ישיבת תומכי־תמימים אין קאנאדע. גרינדעט בתי־ספר פאר מיידלעך „בית רבקה” און „בית שרה”. פארנעמט זיך לטובת די אידישע סאלדאטען אין דער אמעריקאנער ארמיי. גרינדעט ישיבות אחי־תמימים אין די פראווינץ שטעט פון אמעריקע. תש״ג — גרינדעט „ספרי' — אוצר החסידים — ליובאוויטש”. תש״ד — הייבט אן ערשיינען „קובץ ליובאוויטש”. גרינדעט חברת „ביקור חולים”. גרינדעט חברת „ניחח” (זאמלונג פון ניגוני חסידי חב״ד). תש״ה — גרינדעט חברת „עדינו”. גרינדעט „ועד מרכזי לעזרה ליהודי אירופא” מיט אן אפטיילונג אין פאריז. גרינדעט ועד „של״ה” (שיעורי לימוד הדת — רעליגיעזע שטונדע פאר אידישע קינדער אין די פאבליק סקולס). ארדענט איין די ארבעט אויף צו שטארקען דעם רוחניות'דיגען מצב פון די אידישע פארמערס אין אמעריקע. יב־יג תמוז (אין יאר תש״ה) פייערונג, איבער גאר דער וועלט, פון דעם דרייפאכען יובל פון כ״ק אדמו״ר: א) פופציג יאר עסקנות הכלל. ב) פינף און צוואנציג יאר נשיאות חסידי חב״ד. ג) אכצען יאר זייט זיין באפרייאונג פון תפיסה, וואו ער איז געזעסען פאר זיין איבערגעגעבענער ארבעט בחיזוק התורה והיהדות, עס ווערט אויך צוגעטראטען צו דער זאמלונג און צוגרייטונג צום דרוק פון א יובל־אויסגאבע פון די מאמרים, בריף, שיחות, א. א. וו. פון כ״ק אדמו״ר (די דא געדרוקטע זכרונות זיינען א טייל פון דער יובל־אויסגאבע). גרינדעט כפר ספריא חב״ד (לעבען תל־אביב אין אה״ק ת״ו) פאר די רוסישע פליכטלינגען. תש״ט — דערוועקט צו גרינדען „ועד המסדר” צו ראטעווען די ערציאונג פון קינדער אין די מחנות המעבר אין אה״ק ת״ו. תש״י — אין די וואכען פאר זיין הסתלקות לייגט ער דעם יסוד און דעם סדר פאר די ארבעט פון ערציאונג און שטארקען תורה אין די לענדער פון צפון־אפריקא, וואס אלס פועל יוצא פון דעם זיינען געגרינדעט געווארען דארט בתי־מדרש פאר לערערס און לערערינס, ישיבות, תלמוד תורה'ס פאר אינגלעך און מיידלעך, אלע אונטער דעם אלגעמיינעם נאמען „אהלי יוסף יצחק — ליובאוויטש”.

* * *

אום שבת קודש פ' בא, יו״ד שבט ה'תש״י, אכט אזייגער אינדערפרי, איז ער נסתלק געווארן ומנוחתו כבוד אין ניו־יארק. זכר צדיק וקדוש לברכה לחיי העולם הבא נשמתו בגנזי מרומים זכותו יגן עלינו ועל כל ישראל, ובמהרה בימינו נזכה ליעוד המקווה והקיצו ורננו שוכני עפר והוא בתוכם, אמן כן יהי רצון.

# ערשינען אין דרוק*) פון ליובאַוויטשער רבי'ן כ"ק אדמו"ר מהוריי"צ זצוקללה"ה נבג"מ זי"ע:

קונטרסים: קונטרס א' ביז קכ (תרפ"ח—תשי"ז).

לקוטי דבורים: לקוט א' ביז לח (תרצ"ג—תשי"ח).

ילמדנו רבנו: אין „הקריאה והקדושה". חוברת א' ביז ס"א (תשרי תש"א—אלול תש"ה).

אגרות קודש: אין „התמים" חוברת א' ביז ח' (ווארשא, תרצ"ה—צ"ח).
מהני מילי מעלייתא: אין קובץ „ליובאוויטש" חוברת א' ביז י"א (ברוקלין, תש"ד—תש"ו).

קובץ מכתבים: קובץ א—ג (תרצ"ז—תשי"ב).

זכרונות: אין „מאָרגען זשורנאַל" (ה' תשרי תש"א ביז ו' אדר תש"ב).
אין „אַמעריקאַנער" (אדר תשי"ב—אלול תשי"ג).

איינצעלנע מאמרים**): גדולים מעשה צדיקים (וורשה, תרפ"ה). ביום השני הקריב (וורשה, תרפ"ה). לך אמר לבי (וורשה, תרצ"ו). וקבל היהודים („התמים" ח"ז). מאמר ב' אלול תרצ"ז (נ. י. תרצ"ז).

איינצעלנע שיחות: באַגריסונג (ריגא, תרצ"ב). רייד פאַר פרויען (ריגא, תרצ"ה). באזוך אין גלובאָקע (ווארשא, תרצ"ה). שביעי ש"פ תרח"ץ (אין „שמע ישראל", נ. י. תרצ"ט). ז' אדר שני תש"ג, י"ט כסלו תש"ד, י"ד אדר תש"ד, ב' אדר תש"ה (ברוקלין, תש"ג—תש"ה).
אין „הקריאה והקדושה" (תש"א—תש"ה).

איינצעלנע בריף: לאיגוד התמימים (וורשה, תרצ"ה). קיום נפש מישראל (ריגא, תרצ"ט). מעסעדזש צו סאָלדאַטען (ברוקלין, תש"ה). אין „חכמי ישראל" (נ. י. תרפ"ד). פוקח עורים (נ. י. ת"ש). קונטרס ומעין (ברוקלין, תש"ג). קובץ חידושי תורה (ברוקלין, תש"ה). קונטרס עץ החיים, קונטרס העבודה (ברוקלין, תש"ו) א. א. וו.

יובל אויסגאַבע: ספר המאמרים — קונטרסים (א—מג) (ברוקלין, תשכ"ב). ספר המאמרים — אידיש (ברוקלין, תש"ו). ספר המאמרים ה'ש"ת (ברוקלין, תשי"א). ספר המאמרים ה'תש"א (ברוקלין, תשכ"ד). ספר המאמרים ה'תש"ב (ברוקלין, תשכ"ד). ספר המאמרים ה'תש"ג (ברוקלין, תשי"ג). ספר המאמרים ה'תש"ד (ברוקלין,

---

*) פאַר מער פרטים זע קונטרס תורת החסידות ז. 30—32. ספר המפתחות (אין דרוק).

**) דאָ ווערט אָנגעגעבן בלויז דער אָרט און יאָהר פון דער ערשטער אויסגאַבע.

תשי"ד). ספר המאמרים ה'תש"ח (ברוקלין, תשי"ח). ספר המאמרים ה'תש"ט (ברוקלין, תשי"ב). ספר המאמרים ה'תש"י (ברוקלין, תשי"א). ספר המאמרים ה'תשי"א (ברוקלין, תשי"א). ספר המאמרים ה'תש"ה (אין דרוק). לקוטי דבורים — ד' כרכים (לקוט א—לח מיט הוספות) (ברוקלין, תשי"ז—תשי"ח). ספר השיחות — קייץ ה'ש"ת (ברוקלין, תש"ז). ספר השיחות ה'תש"א (ברוקלין, תשכ"ד). ספר השיחות ה'תש"ב (ברוקלין, תשכ"ד). ספר השיחות ה'תש"ג (אין דרוק). ספר הזכרונות — אידיש — ערשטער טייל (ברוקלין, תש"ז). צווייטער טייל (ברוקלין, תשכ"ה). ספר הזכרונות — לה"ק (אין דרוק). ספר הקיצורים — קיצורי שערי אורה (ברוקלין תש"ח).

איבערזעצונגען: ספר הזכרונות — אנגלית. חלק ראשון (ברוקלין, תש"ט). חלק שני (ברוקלין, תש"כ). קונטרס תורת החסידות — אנגלית (ברוקלין, תשי"ט). קונטרס לימוד החסידות — אנגלית (ברוקלין, תשי"ט). אדמו"ר הצמח צדק ותנועת ההשכלה — אנגלית (ברוקלין, תשכ"ב).



# דער ליובאוויטשער רבי און זיינע זכרונות

## (ארייענפיר)

פון

## ד. ל. מעקלער

געשריבען אין תש״א

## 1

מיר לעבען איצט אין א הרת'עולם'דיגער צייט. אין משך פון צוויי און א האלב צעהנדליג יאהר האבען מיר צוגעזעהן ווי גרויסע און איינגעפונדעוועטע מלוכות זיינען אונטערגעגאנגען און ווי גרענעצען, וואס האבען עקזיסטירט פאר דורות, זיינען אפגעווישט געווארען. בנוגע אידען, האבען מיר אין משך פון אונזער דור דורכגעמאכט ביז'ן יסוד אויפטרייסלענדיגע שטורמס און דורכגעלעבט מורא'דיגע און בלוטיגע געשעהענישען. דאס לעבען פון מיליאנען אידען איז אויסגעריסען געווארען מיט דיווארצלען. גאנצע אידישע קהילות זיינען פארשוואונדען געווארען, דער אלטער אידישער לעבענס שטייגער איז אין א סך לענדער פונדאמענטאל געענדערט געווארען.

אונזער תקופה איז בלי ספק די מורא'דיגסטע און טראגישסטע, אבער אויך די פאנטאסטישסטע און אויפברויזענדסטע אין דער גאנצער אידישער געשיכטע. דאך קענען ווייניג פון אונז זאגען, אז זיי אליין האבען דורכגעלעבט די אלע איבערקעהרענישען און גלגולים פון אונזער שטורעמדיגער צייט און אליין דורכגעמאכט אלע שרעקען און טראנספארמאציעס סיי אין אלגעמיינעם און סיי אין אידישען לעבען.

דער ליובאוויטשער רבי, ר' יוסף יצחק שניאורסאן, וועלכער האט לעצטענס געמאכט זיין היים אין אמעריקא, געהערט צו די גאר ווייניגע, וואס האבען דורכגעמאכט און דורכגעלעבעט כמעט אלע איבערקעהרענישען און קאטאסטראפעס אין אידישען לעבען אין די לעצטע פינף און צוואנציג יאהר.

געבארען און ערצויגען אין דעם באריהמטען רבי'אישען הויף אין ליובאוויטש, וועו דאס חבד'ישע חסידות, ווי די אלע אנדערע פארמען פון חסידות און פון אידישקייט אין אלגעמיין, איז נאך געווען אין פולען גלאנץ, האט דער ליובאוויטשער רבי אין סאמע בליה פון לעבען מוט די איינענע אויגען צוגעזעהן דעם גאנצען אידישען חורבן אין רוסלאנד אין משך פון

דער ערשטער וועלט מלחמה, דאן די אלע רעוואלוציאנערע איבערקערענישען מיט זייערע באגלייטענדיגע בלוט־פארגיסונגען, נאכגעפאלגט פון דער מיט די ווארצלען־אויסרייסענדיגער און מיט שטורם פארניכטענדיגער באלשעוויסטי־שער רעוואלוציע, פון וועלכער ער אליין איז געווען איינער פון די קרבנות.

געראטעוועט זיך פון די באלשעוויסטישע נעגעל, נאכדעם ווי ער איז געווען אין געפאהר מיט'ן לעבען פאר זיין עקשנות'דיגען קאמף צו פרעזער־ווירען אידישקייט אין דער סאוועטיזירטער רוסלאנד, האט זיך פאר איהם אנגעפאנגען א סדרה וואנדערונגען פון איין לאנד צום צווייטען, פון איין קאנטינענט צום אנדערען אין א פארזוך ערגעץ צו געפינען א מקום מנוחה פאר זיך און א נייעם באדען וואו איינצוווארצלען דאס חבד'ישע חסידות, וועלכע איז געבליבען היימלאז און פון וועלכער ער איז געווען דער מלך אהן א מלוכה.

אין זיינע וואנדערונגען האט ער זיך אפגעשטעלט אין ארץ ישראל, אין א צייט, ווען דער אויפבוי פון דעם נייעם אידישען ישוב איז געגאנגען פאראויס מיט א שטורים'דיגער טעמפא, און איז שפעטער געבראכט געווארען צו די ברעגעס פון דער פרייער אמעריקע, וואו ער האט, פאר א קורצער צייט, צו־געזעהן דאס אידישע לעבען אין סאמע ברויז פון דער גרעסטער עקאנאמישער מזל ברכה וואס דאס לאנד צוזאמען מיט די אידען האבען ווען גענאסען, און האט דאן אויך צוגעזעהן די גאנצע וואקכאנאליע, וואס איז געקומען ווי א רעזולטאט פון דעם גרויסען פינאנס קראך אין וואל סטריט, וועלכער האט דורך נאכט פארוואנדעלט מיליאנערען אין ארימעלייט און ארויסגעשליי־דערט גרויסע מאסען ארבייטער אין גאס, צייגענדיג די אומזיכערקייט פון מענשליכען עקזיסטענץ אפילו אין פרייע לענדער ווי אמעריקא.

נאך א קורצען אויפהאלט אין אמעריקא איז דער ליובאוויטשער פאר־טראגען געווארען קיין פוילען, וואו עס האט געברויזט מיט אידיש לעבען. ער האט דארט אנגעהויבען בויען א נייע היים פאר חבד, אנפיהרענדיג א גרויסע און פארצווייגטע תורה טעטיגקייט איבער גאר דער וועלט. די האפענונג איז נאך געווען גרויס, אז פוילען וועט בלייבען דער צענטער פון אידישקייט אין אייראפא און אז דארט וועט מען קענען צוריקבויען דאס וואס איז אנדערש־וואו צעשטערט געווארען. אבער ניט לאנג איז באשערט געווען דעם ליובא־וויטשער רבי'ן צו האבען מנוחה אין דער אומרוהיגער פוילען. דאס וואס ער האט מיט אזוי פיעל מיה און אנשטרענגונג דארט אויפגעבויט איז ווידער אמאל אויסגעריסען געווארען מיט די ווארצלען דורך דעם נייעם שטורם און מבול פון בלוט וואס האבען זיך א טראג געטאן איבער דער אומגליק־ליכער אייראפא.

ווידער איז דער ליובאוויטשער רבי געשטאנען פנים אל פנים מיט'ן טויט. ווידער האט ער דורכגעמאכט אלע שרעקען פון דעם אידישען און אלגעמיינעם חורבן־ווארשע און חורבן־פוילען, נאכגעפאלגט פון דער בלוט־פארגליווערענדיגער נאצי־אינקוויזיציע אין וועלכער ער איז פארכאפט געווא־רען פונקט ווי פריהער אין דער סאוועטיש־יעווסעקישער אינקוויזיציע.

אויך דאס מאל האט דער ליובאוויטשער רבי זיך געראטעוועט. און ווי־

דער איז ער, נאר א רייהע וואנדערונגען, געבראכט געווארען צו די ברעגעס פון אמעריקא. דאס מאל שוין דא צו פארבלייבען און דא איבערצופלאנצען, אויב מעגליך, דאס חבד'ישע חסידיזם.

דער ליובאוויטשער רבי ווערט מיט דעם ניט נאר דער סימבאל פון אידישען נע ונד און פון דער גאנצער אידישער טראגיק פון אונזער צייט, נאר אויך דער סאמע אויסדרוק פון אידישער ענטשלאסענהייט זיך צו האלטען ביי אונזערע טראדיציעס און ווייטער צו שפינען דעם גאלדענעם פאדים וואס איז נאך קיינמאל ניט איבערגעריסען געווארען אין משך פון טויזענדער יאהרען און וועט זיכער אויך ניט איבערגעריסען ווערען אין דער צוקונפט.

עס איז א גרויסע זכיה צו ווערען, ווי דאס איז דער פאל מיט דעם ליובאוויטשער רבי'ן, די פארקערפערונג פון אידישער עקשנות'דיגקייט פאר דעם קיום פון אידישקייט און זיין איינער פון די וואס האלטען אין בויען און שאפען אין אנגעזיכט פון צושטערונג, צי דאס קומט מצד "גאטלאזע" באלשעוויקעס, פוילישע כוליגאנעס, צי נאצישע רוצחים. דער ליובאוויטשער רבי האט נאך דערצו די אויסצייכענונג, וואס ער באטראכט עס מיט גרויס עניוות, ווי א היסטארישע פליכט, וואס זיין פאזיציע אלס מנהיג האט אויף איהם ארויפגעלייגט, — א פליכט וואס די רבי'אישע דינאסטיע וועלכע ער פארטרעט און וועלכע ציהט איהר עקזיסטענץ פאר הונדערט און פינף און זיבעציג יאהר, האט איהם איבערגעגעבען בירושה.

דריי מאמענטען אין דעם לעבען פון דעם ליובאוויטשער רבי'ן קריצען זיך באזונדערס איין אין זכרון. איהר מוזט זיך אויף זיי אפשטעלען ווען איהר באקאנט זיך מיט זיין לעבען, דערהויפט ווען איהר לייענט זיינע זכרונות און שריפטען. די דאזיגע זכרונות, טאג־ביכער און שריפטען, וועלכע ווערען אין טייל איצט פארעפענטליכט, שטעלען מיט זיך פאר אן אויסערגעוועהנליך רייכען קוואל פון היסטארישע רעליגיעז־פילאזאפישע און פאלקלאריסטישע שאפונגען, וואס זיינען ווען געקומען פון דער פען פון אן איינצעלנעם מענשען, וועלכער שרייבט אין תוך נאר תורה, מוסר און חקירה. די דאזיגע זכרונות, טאג־ביכער און שריפטען, וועלכע דער רבי האט געשריבען אין משך פון יאהרען און האלט זיי ווייטער אין שרייבען, נעהמען אייגענטליך ארום א פעריאד פון הונדערט און פינף און זיבעציג יאהר, וואס איז דער פעריאד פון דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון חב"ד.

דעם רבינ'ס כתבים געהען נאך אבער א סך ווייטער אין דער פארגאנגענהייט ווי די אנטשטייאונג פון חב"ד אדער פון חסידיזם בכלל. ווארום זיי הויבען זיך אן מיט דער אנטשטייאונג פון ליובאוויטש אלס אידישער ישוב און אט די געשיכטע פון ליובאוויטש, כאטש דאכט זיך, ניט מעהר ווי א אידיש שטעטעל, איז אזוי רייך און קאלירפול, אז איהר האט דא פאר זיך א מערקווירדיגע פאנאראמע פון אידיש לעבען ווי דאס האט זיך אויסגעפורמט אין משך פון דורות און אויך א פארכאפענדיגע גאלעריע פון טיפען און פערזענליכקייטען וועלכע וואלטען פאר דער געשיכטע געבליבען פארגעסען אויב זיי וואלטען ניט פאראייביגט געווארען אין דעם רבין'ס כתבים.

אבער בעת דעם ליובאוויטשער רבינ'ס כתבים פארטראגען אייך אין דער

ווייטער פארגאנגענהייט און פיהרען אייך דורך די נאהענטע פארגאנגענהייט, ברענגען זיי אייך אויך צו דער סאמע געגענוואַרט, פארשטעלענדיג מיט זיך א שטיק רייך אידיש לעבען ווי עס האט זיך געפורמט אין משך פון דורות און ווי עס האלט זיך ווייטער אין פורמען פאר דער צוקונפט, ניט איבעררייסענ־דיג אויף קיין מאמענט דעם המשך וואס פארבינדט אונזער דור מיט דעם דור וואס איז געשטאנען ביים בארג סיני און נאך פריהער, און מאכט אונז פאר דאס רינגעלע וואס פארבינדט די פארגאנגענהייט מיט דער צוקונפט.

טאקע מיט דעם אין זינען לאזען די דריי מאמענטען, וואס זיינען פריהער דערמאנט געווארען, איבער אזא טיפען איינדרוק.

עס איז געווען אין זומער פון יאהר 1927. דער ליובאוויטשער רבי איז נאך גרויסע שתדלנות פון אינווענייג און פון דרויסען אקארשט באפרייט גע־ווארען פון דער סאוועטישער טורמע אין לענינגראד, וואו ער איז געווען איינ־געשלאסען פאר אנפיהרען זיין אידיש־רעליגיעזע טעטיגקייט, אונטער די סאָ־וועטען. דער באדינג איז געווען, אז ער זאל אין זעלביגען טאג אפפאהרען קיין קאסטראמא, דארט צו פארבלייבען אין גלות דריי יאהר צייט.

אויפ'ן וואקזאל האבען זיך פארקליבען חסידים און פארעהרער מיט איהם זיך צו געזעגענען. שוין זייענדיג אין וואגאן האט דער רבי געהאלטען פאר די פארזאמעלטע חסידים אויף דער פלאטפארמע א קורצע רעדע, וואס פאר איהר טאן און אינהאלט האט עס געשמעקט מיט נייעם ארעסט און איז טאקי דערפאר פון גרויס באדייטונג.

"מיר בעטען ביי השם יתברך, — האט דער ליובאוויטשער געזאגט — אז פונקט ווי ער איז געווען מיט אונזערע אבות, זאל ער אויך זיין מיט אונז, כאטש מיר זיינען ניט גלייך צו אונזערע אבות, וועלכע זיינען באמת געווען גרויסע בעלי מסירת נפש פאר תורה".

האבענדיג אזוי אנגעשלאגען דעם טאן פון עניוות און זעלבסט בטול אין פארגלייך מיט די פריהערדיגע דורות פון חב"ד־רביים, האט דער ליובא־וויטשער ציטירט וואס איינער פון די דאזיגע חב"ד רביים האט אמאל געהאט געזאגט ווען די צארישע מלוכה האט געפאדערט פון די רבנים, אז זיי זאלען מאכען ענדערונגען אין די לימודים פון אידישע קינדער.

דאס איז באטראכט געווארען פאר א גזירה און דער חב"ד־פיהרער האט דאן געזאגט:

"ניט מיט אונזער ווילען זיינען מיר אוועק פון ארץ ישראל און ניט מיט אונזערע כחות וועלען מיר צוריקקומען קיין ארץ ישראל. דער אויבער־שטער האט אונז פארטריבען אין גלות און דער אויבערשטער וועט אונז פון דארט אויסלייזען. אבער דאס דארפען אלע פעלקער אויף דער ערד וויסען: נאר אונזערע גופים זיינען איבערגעגעבען געווארען אין גלות און זיינען אונטערטעניגט צו פרעמדע מלוכות. אונזערע נשמות, אבער, האט מען אין גלות ניט פארטריבען און אין שעבוד מלכיות ניט איבערגעגעבען. דארפען מיר ערקלעהרען גלוי לעין, אז וואס איז נוגע אונעזר דת, תורה, מצוות און אידישע מנהגים, האבען מיר אידען אויף זיך ניט קיין דעה־זאגער. קיין שום צוואנג קראפט קען אויף אונז ניט אויסגענוצט ווערען. מיר מוזען זאגען מיט

דער שטארקסטער אידישער עקשנות, מיט דעם טויזענד יאהריגער אידישער מסירת נפש: אל תגעו במשיחי ובנביאי אל תרעו".

האבענדיג איבערגעזאגט אט די שטאלצע און שטארקע רייד פון זיינע אבות, וואס זיינען געזאגט געווארען פאר אן אנדער צייט און נעגען אן אנ־דער רעזשים, וואס האבען אבער געקענט פונקט אזוי גוט אנגעווענדעט ווע־רען פאר דער נייער צייט און דעם נייעם רעזשים, האט דער ליובאוויטשער געמאכט זיין אייגענע דעקלאראציע וואס איז געווען א שטאלצער צוריקוואר־פען אין פנים די יעווסעקעס זייערע פארזוכען מיט גוואלד אויסצוראטען אידישקייט.

ווידער ציינענדיג זיינע עניוות, האט דער ליובאוויטשער געזאגט דאס פאלגענדע:

"אט אזוי האט גערעדט א מסירת נפש איד, און מיר האבען אפילו ניט די ריכטיגע שטארקייט צו זאגען אפען פאר דער גאנצער וועלט און ווייזען די מעשים תעתועים וואס די עטליכע הונדערט צעווילדעוועטע אידישע איננ־לאד טוען צו אידען און אידישקייט.

"אלע ווייסען, אז דאס סאוועטישע געזעץ ערלויבט אונז לערנען תורה און היטען מצוות (מיט געוויסע באשרענקונגען), נאר די מסירות און בלבולים פיהרען אונז אין די טורמעס און אויף קאטארגע.

"און דאס איז אונזער בקשה פון השם יתברך: ער זאל אונז געבען די ריכטיגע שטארקייט ויט נתפעל צו ווערען פון די קערפעליכע יסורים. אדרבא, זיי נאר מקבל צו זיין מיט שמחה. יעדער עונש, וואס מיר קריגען פאר אויסהאלטען א חדר, פאר לערנען תורה, פאר היטען מצוות, זאל אונז נעבען מעהר שטארקייט אין אונזער הייליגער ארבייט פאר חזוק היהדות".

און דער ליובאוויטשער פארענדיגט זיינע רייד מיט אן אויסדרוק פון פעסטער איבערציינונג, אז טורמע און קאטארגע זיינען בלויז צייטווייליגע זאכען בעת תורה און אידען זיינען אייביגקייטען, און אויך, אז אויסדרוק פון האפנונג, אז זיין אייגענע צייטווייליגע שטראף וועט דינען ווי א ביישפיעל, ארויסצורופען פרישע כחות צו פארשטארקען אידישקייט טאקי אין דעם לאנד פון די סאוועטען.

עס איז געווען א קריענס ערקלעהרונג נעגען די "צעווילדעוועטע איננ־לאד", די אידישע קאמוניסטען, וועלכע דער ליובאוויטשער האט באצייי־כענט אלס די שולדיגע אין דעם, וואס אידישקייט איז פארפאלגט געווארען און ווערט נאך עד היום פארפאלגט אין סאוועט רוסלאנד. עס איז אויך געווען א דעקלאראציע, אין אנגעזיכט פון קערפערליכע שטראף, אז אידען וועלען זיך צו אט די "צעווילדעוועטע אינגלאד" ניט אונטערגעבען.

די קריענס ערקלעהרונג איז נאך אין קראפט און איז אויפגענומען גע־

ווארעז ניט נאר פון אלע רעליגיעזע, נאר אויך נאציאנאלע אידען און בכלל אידען, וואס ווילען ניט אויפגעבען זייער קיום אלס פאלק.

## 2

איצט, אז דאס אייראפעאישע אידענטום איז חרוב פון מלחמה, פאר־פאלגונגען און געצוואונגענע נאציאנאלע זעלבסט־פארלייקענונג, און דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל איז אין צענטער פון קריג, ריידען שוין אלע וועגען דער נייער ראלע פון די אמעריקאנער אידען. אלע אנעריקענען שוין די היסטארישע אויפגאבע פון די געגויע פינף מיליאן אידען אין די פאראייניגטע שטאאטען. די אמעריקאנער אידען זיינען איצט פאקטיש דער שארית הפליטה פון די אידען אין די גלות לענדער און דארפען זיין זייערע גייסטיגע אזוי גוט ווי די מאטעריאלע יורשים.

עס איז אבער געווען א צייט — און גאר ניט לאנג צוריק — וואס די ראלע פון דעם אמעריקאנער אידענטום, באזונדער אין א גייסטיגען זין, איז פאר גאר א סך געשטאנען אונטער א פראגע־צייכען. עס זיינען געווען א סך צווייפלער און קריטיקער. זעלטען ווען איינער האט געהאט א גוט־ווארט פאר די אמעריקאנער אידען. זעלטען ווען איינער האט געגלויבט אין דער גייסטיגער צוקונפט פון די אמעריקאנער אידען וועלכע זיינען תמיד געווען אריינגעטהאן צופיעל אין מאטעריאליזם, אז זיי זאלען אויך פיהלען דעם באגעהר און דעם דראנג צו גייסטיגע און העכערע באדערפעגישען אין לעבען. באזונדער האט מען געמאלען אין שווארצע פארבען די רעליגיעזע און נאציאנאל־קולטורעלע צוקונפט פון די אמעריקאנער אידען. אלץ האט דא געזאלט זיין צו פלאך, צו אויבערפלעכליך, צו קאמערציאליזירט, צו קאלירלאז און צו ס'אויך־מיין־דאגה'דיג, אז פון דאנען זאל קענען ארויסוואקסען א אידענטום וואס זאל זיין טראדיציאנעל אזוי איינגעווארצעלט און גייסטיג אזוי טיעף ווי אידען זיינען געווען ביז אהער אין אלע אנדערע לענדער וואו דער גורל האט זיי פארשטויסען.

מען האט געמוזט זיין גאר א גרויסער אפטעמיסט און גאר א גרויסער מאמין צו זעהן א ליכטיגע, גייסטיגע צוקונפט פאר'ן אמעריקאנעם אידענטום. בלויז געצעהלטע זיינען געווען באשאנקען מיט אט דעם אפטימיזם און מיט אט דער אמונה. מען האט געדארפט זיין פולקאם פארקניפט און פארבונדען מיט דעם אידישען עבר, האבען א געגויע פארשטענדניס פון דעם גאנג פון דער אידישער געשיכטע, אז מען זאל ניט פארלירען דעם גלויבען אין דעם היסטארישען גורל פון אזא גרויסען אידישען קבוץ ווי אין אמעריקא. עס האט זיך באזונדער געפאדערט א געגויע באקאנטשאפט און גרינדליכע פארשטענדיגונג פון דעם גאנצען צוזאמענשטעל, גייסטיג און מאטעריאל, פון די אמעריקאנער אידען, אז מען זאל בכלל וועגען זיי קענען אורטיילען און ארויסזאגען א באשטימטע מיינונג וועגען זייער געגענווארט און זייער צוקונפט.

עס איז דערפאר פון ספעציעלען אינטערעס וואס דער ליובאוויטשער רבי האט נאך מיט מעהר ווי א צעהנדליג יאהר צוריק פאראויסגעזאגט א

גרויסע און הערליכע צוקונפט פאר די אמעריקאנער אידען, ערקלעהרענדיג אז אט די "עצמות היבשות" וואס דאס אמעריקאנער אידענטום האט מיט זיך פארגעשטעלט, וועלען נאך אויפגעלעבט ווערען און וועלען דא אין לאנד שאפען, ווי דער ליובאוויטשער רבי דריקט זיך אויס אין זיינע כתבים, "א נייע אלטהיים".

עס איז טאקע אין אט די כתבים זיינע, וועגען זיין דאמאלסדיגען באזוך אין אמעריקא, וואו דער ליובאוויטשער רבי ציינט זיין טיפען חוש און זיין ברייטען בליק. ער האט מיט א קלאר אויג געזעהן די צוקונפט פון די אמעריקאנער אידען.

דער ליובאוויטשער רבי איז דאס ערשטע מאל געקומען קיין אמעריקא סוף זומער 1929, ביים סוף פון דעם גרויסען פינאנציעלען־אויפשוואונג אין אמעריקא, ווען אויף דער אידישער גאס האט געשוויבעלט און געגריבעלט מיט מיליאנערען און די וואס האבען זיך געריסען צו זיין מי־ליאנערען. עס איז געווען די צייט פון מאטעריאליסטישען געיעג, ווען דאס גלאנץ פון גאלד האט אלעמען געהאט פארבלענדעט, ווען דער עושר האט זיך געיאגט נאך גרעסערע עשירות און דער ארעמאן האט גע'חלום'ט פון ווערען א עושר. פאבעלהאפטע פארמעגענס זיינען דערוואר‌בען געווארען איבער נאכט. אט אין יענער, כמעט לעגענדארער, צייט איז פשוט געווען ריזיקאליש צו ריידען צום אמעריקאנער אידישען עולם פון א נייעם גייסטיגען לעבען. אזוינע רייד זיינען געווען להוט צו פאלען אויף טויבע אויערען. מען איז געווען צופיעל פארבלענדעט פון די פאנטאסטישע פארמעגענס, וועלכע האבען אויס־געקוקט צו זיין דערגרייכבאר פאר יעדען, אז מען זאל זיין פעהיג צו קענען אויפכאפען דעם "קול דממה דקה" פון אידישער גייסטיגקייט, נאך וויניגער פון אידישער צדקות וואס פאדערט אפערווילינקייט און א גרויסע מאס פון זעלבסט־פארלייקענונג, אפזאגענדיג זיך פון עולם הזה'דיגקייט און דערהויבען זיך צו דעם עולם האצילות.

דער ליובאוויטשער רבי האט דאמאלס אויך געהאט די געלעגענהייט צוצוזעהן ווי אין משך פון א קורצער צייט זיינען די פריהערדיגע עשירים פארוואנדעלט געווארען אין אביונים און די וואס האבען גע'חלום'ט פון, און זיך געיאגט נאך, עשירות האבען געדארפט אנהויבען זוכען א שטיקעל ברויט. דער ליובאוויטשער רבי האט געהאט צוגעזעהן דעם גאנצען וואל סטריט קראך מיט אלע זיינע נאכפאלגענדיגע וועהטאגען וואס האבען געבראכט כאאס אין אלגעמיינעם און אידישען לעבען.

אויך נאך דעם פינאנץ־קראך, מיט וועלכען א נייער קאפיטעל פאנגט זיך אן אין אמעריקאנעם אידישען און אלגעמיינעם לעבען, האט מען קוים געקענט ריידען צו די אידישע מאסען וועגען א נייעם גייסטיגען לעבען. מען איז נאך דאמאלס געווען צופיעל אויפגעטרייסעלט פון דער פלוצים'דיגער עקא־נאמישער איבערקעהרעניש וואס האט אנגעריהרט יעדען איינעם אין לאנד, אז מען זאל זיך וועלען, אדער קענען, קאנצענטרירען אויף גייסטיגע ווערטהען.

אונטער אט די אומשטענדען און ערפאהרונגען וואלט אן אנדערער, מיט וויניגער פארשטענדניס און וויניגער גלויבען אין די גייסטיגע אייגענשאפ־טען פון אידישען מענשען ווי דער ליובאוויטשער רבי, געקענט ארויסטראגען

א גאר אנדער אורטייל וועגן דעם מהות פון די אמעריקאנער אידען. גראד האט דער ליובאוויטשער רבי געהאט די געלעגענהייט צו באקענען זיך גענוי מיט די אמעריקאנער אידען. ער האט אויף זיין דאמאלסדיגען באזוך אין אמעריקא באריייזט דאס לאנד אין איהר לענג און ברייט. ער האט באזוכט צעהנדליגע אידישע קהלות און איז געקומען אין פערזענליכען קאנטאקט מיט טויזענדע און טויזענדע אידען, מענער און פרויען, פון אלע קלאסען, שיכטען, שאטירונגען און ריכטונגען. מיט א שארף אויג, מיט אן אויפכאפענדיגען אויער, מיט א פיהלענדיג הארץ און מיט א פעדער וואס ער באנוצט אויס־צודריקען זיינע געדאנקען אין שריפט, האט דער ליובאוויטשער רבי פארמירט א באשטימטע מיינונג וועגן די אידען אין אמעריקא אין דער געגענווארט און אין דער צוקונפט.

קלינגט דערפאר פראפעטיש ווען דער ליובאוויטשער שרייבט אין זיינע כתבים אז "איך האב, ברוך השם, געפונען דעם צושטאנד פון די אמעריקאנער אידען א סך בעסער און שעהנער ווי איך האב זיך פארגעשטעלט לויט פאר־שידענע ידיעות וועלכע איך פלעג באקומען איידער איך בין דארט אליין געוועזן".

פאראויסזאגענדיג אז דעם "מעין טהור", וואס יעדער איד אין אמעריקא האט געבראכט מיט זיך פון דער אלטער וועלט, אז די גייסטיגע ירושה פון די פריהערדיגע דורות, וואס יעדער אימיגרירטער איד האט געבראכט אין זיין הארצען, "וועט ער אויך איבערגעבען צו זיינע קינדער און קינדס־קינדער", מאכט דער ליובאוויטשער רבי די קאטעגארישע ערקלעהרונג, "אז אין אמע־ריקא וועט זיך אויפבויען א נייע־אלטע אידישקייט".

עס איז כאראקטעריסטיש ווי דער ליובאוויטשער האט נאך דאמאלס אויפגעכאפט און אויפגעפאסט דאס אידישע לעבען אין אמעריקא. פאר דעם ליובאוויטשער איז גאנץ פארשטענדליך וואס אידען, קומענדיג קיין אמע־ריקא, נאך שווערע איבערלעבונגען, און זייענדיג געצוואונגען זיך אריינצו־ווארפען אין דעם היגען שטראם פון לעבען, האבען זיי זיך אויסגעמאטערט דורך דעם קאמף פאר זייערע "צרכי החיים" (לעבענס באדערפענישען) און דערפאר ביסלעכווייז "פארגעסען דאס וואס זיי האבען געזעהן און געהערט און דאס וואס זיי האבען געפיהלט אין דער אלטער היים".

אבער ווי פארהאוועט די אמעריקאנער אידען זיינען און ווי פארטהאן זיי זיינען אין מאטעריאליזם, דערקענט אבער אין זיי דער ליובאוויטשער רבי זייער בייטקעניש נאך עפעס גייסטיגעס, אויב אפילו דאס זאל זיין ניט מעהר ווי א ניט־פארגעסענע עראינערונג פון דער אלטער היים. דער רבי זעהט אט די בייטקעניש פון די אמעריקאנער אידען אין זייערע אויגען. "אהן ווערטער", שרייבט ער, "גיבען זיי (די אמעריקאנער אידען) ארויס דורך זייערע אויגען זייערע אינערליכע הארציגע געפיהלען. ביי געוויסע שמחות (ספעציעל ביי חסידישע מסיבות) ווערען זיי פשוט אינגער אויף צעהנדליגע יאהר. זיי לעבען דאמאלס ווידער איבער זייער פארגאנגענהייט. זיי פרישען אפ זייער יוגענד און עס ווערט ביי זיי ארויסגערופען א טיפע בייטקעניש נאך דעם אמאל. זיי הויבען דאן אן קוקען מיט פאטערליכען רחמנות אויף

זייערע קינדער וועלכע האבען ניט געהאט די געלעגענהייט צו זעהען און צו פיהלען וואס זיי".

דער רבי זעהט אין אט די אפגעפרישטע עראינערונגען און ארויסגערו־פענע בענקשאפט, צוריק זיך צו פארבינדען מיט דער פארגאנגענהייט פון וועלכער זיי זיינען געווען אפגעריסען, ניט נאר די שטויסקראפט אויבצולע־בען די אמעריקאנער "עצמות היבשות" און צו פארבינדען די נייע וועלט מיט דער אלטער, נאר אויך דעם נייעם כח וואס וועט ווירקען, אז טאטעס זאלען איינפלאנצען מעהר אידישקייט אין זייערע קינדער און שאפען א בריק פון אידישער טראדיציע צווישען דעם דור פון אידישע אימיגראנטען און דעם דור פון הי־געבארענע אידען.

טריי צו דעם עכט אידישען גייסט וואס פארבינדט די פארגאנגענהייט מיט דער געגענווארט און די געגענווארט מיט דער צוקונפט, האט דער ליובא־וויטשער רבי א גרויסען אינטערעס אין דער ערציהונג פון דער אידישער יוגענד אין אמעריקא. ער וויל א נייעם דור פון א טיעף־פיהלענדיגער יוגענד און גרינדליך־וויסענדיגע אידען אין אמעריקא. ער קוקט זיך שטארק צו צו די אמעריקאנער יוגענד ארגאניזאציעס סיי פון בחורים און סיי פון מיידלער.

"עס האט מיך", שרייבט דער ליובאוויטשער רבי, "זעהר טיעף אינטע־רעסירט צו וויסען דעם צושטאנד פון דער אידישער יוגענד אין אמעריקא. איך האב אויסגעפונען, אז אין דער יוגענד ליגען גרויסע אוצרות פון אידישען מאראלישען רייכטום. די דאזיגע אוצרות זיינען נאך דערוויי׳ל נישט קיין אויס־געארבייטע, אבער זיי זיינען דארט באשטימט פאראן. מיט גרויס שמחה זאג איך, אז די אמעריקאנער אידישע יוגענד האט א גרויסע צוקונפט אין דער אידישער וועלט".

און דער רבי זאגט ארויס מיט גרויס קלארקייט וואס ער ערווארט פון דער אידישער יוגענד אין אמעריקא.

"די יוגענד קען, דארף און מוז נעהמען א באשטימטע שטעלונג צו דעם אויפבוי אין דער באפעסטיגונג פון אידישקייט אין די פעראייניגטע שטאאטען. די יוגענד קען, דארף און מוז העלפען לייגען א ריכטיגען און געזונטען פונ־דאמענט פון תורה־אידישקייט דא אין לאנד. איך בין זיכער, אז די אידישע יוגענד וועט דא, מיט דעם אויבערשטענס הילף, שרייבען נייע, שעהנע קאַ־פיטלען אין דער געשיכטע פון אידישען פאלק".

און ווייל דער ליובאוויטשער רבי איז אזוי זיכער מיט דער אידישער יוגענד און די אידישע צוקונפט אין אמעריקא, רופט ער אויס מיט גרויס פאטאס אין זיינע כתבים צו דעם איצטיגען דור פון גלייכגילטיגע אידען: "שמע ישראל". ער פאדערט אלעמען אויף צוריקצוקעהרען זיך צום אידישען שורש און צוריק צו פארקניפען זיך מיט אידישער טראדיציע, ווייל, ווי דער רבי דריקט זיך אויס, "פארבינדענדיג זיך מיט דעם עבר פארבינדט מען זיך מיט דער צוקונפט". דער רבי זאגט ארויס דעם געדאנק, אז דורך דעם וואס די איצטיגע טאטעס וועלען זיך דערנעהנטערען גייסטיג צו זייערע טאטעס, וועלען זיי משפיע זיין אויף זייערע קינדער אז אויך זיי, די קינדער, זאלען זיך דערנעהנטערען צו זיי, די טאטעס.

דער ליובאוויטשער רבי מאכט דערביי קלאר וואס אזוינס עס אין די

פליכט פון עלטערן צו קינדער; עס מוזן געשאפען ווערן מעהר און בעסערע אידישע ערציהונג אינסטיטוציעס און דורך דעם וועט די נייע אידי־שע היים אין אמעריקא אנגעפילט ווערן מיט דעם גייסט פון דער אלטער היים.

דאס איז דער צווייטער וויכטיגער מאמענט אויף וועלכען מיר שטעלען זיך אפ אין שייכות מיט דעם רבינ'ס זכרונות.

## 3

מיט'ן גאנג פון דעם קריג איז אלץ גרעסער געווארען די צאהל פון ציווילע מענשען — מענער, פרויען און קינדער — וואס מאכען דורך די אלע שרעקען פון לופט־באמבארדירונגען פון שטעדט מיט מיליאנענדיגע באפעלקערונגען. מיליאנען קענען איצט דערצעהלען וועגען זייערע אייגענע ערפאהרונגען אונ־טער לופט־אטאקעס, ווען עס האגעלט פון הימעל מיט פייער און ווען גאנצע גאסען ווערען פארוואנדעלט אין חורבות, באגראבענדיג אונטער זיך מאסען מענשען. קיינער האט נאך אבער געשילדערט מיט אזוי פיעל גרוילהאפטע איינצעלהייטען די טראגעדיע פון א שטאט אונטער דעם פייערדיגען האגעל פון די נאצישע לופט־מחבלים, ווי דער ליובאוויטשער רבי אין זיינע כתבים. דער ליובאוויטשער רבי, וועלכער האט דורכגעמאכט די באמבארדירונג פון ווארשע און האט צוגעזעהן דעם גאנצען חורבן פון דער פוילישער הויפט־שטאט, האט מיטגעבראכט קיין אמעריקא איינדרוקען וואס וועלען אויף שטענדיג בלייבען איינגעקריצט אין זיין מח, און, ווי ער אליין זאגט, איז ער נאך אלץ "אונטער דעם גרויסען רושם פון דעם וואס ער האט איבערגעלעבט און וואס ער לעבט נאך איצט דורך, שוין זייענדיג אויף דעם באדען פון דער מנוחה'דיגער אמעריקא".

עס איז אט די שילדערונג פון זיינע איבערלעבונגען אין ווארשע אויף וועלכע דער לייענער פון דעם רבינ'ס זכרונות און כתבים מוז זיך אפשטעלען. זיי ווייזען אויף דעם רבינ'ס ברייטען פארנעהם און דורכדרינגענדען בליק. עס איז דערביי אויך דער מוסר השכל וואס ער טראגט ארויס פון די אלע מורא'דיגע פאסירונגען פאר די אידען אין אמעריקא. פאר דעם ליובאוויטשער רבי'ן איז נישט גענוג בלויז צו באדויערען און צייגען סימפאטיע צו אונזערע אונגליקליכע ברידער מעבר לים. ער פאדערט אז די אידען אין אמעריקא זאלען פון דעם אלעם עפעס לערנען און ניט נאר העלפען די אונגליקליכע אויף יענער זייט ים, נאר טאקע אויך דא אין אמעריקא באפעסטיגען אידיש־קייט אזוי, אז מיר זאלען קענען דא צוריקבויען דאס וואס א גרויזאמער שונא האט חרוב געמאכט אנדערשוואו.

דער רבי מאכט אין זיינע כתבים א טרעפליכען פארגלייך צווישען דער איצטיגער מלחמה און די מלחמה פון 1914: אין דעם ערשטען וועלט־קריג איז געווען א פראנט. די ציווילע באפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך זיינען פאקטיש געווען געזיכערט. אין דעם איצטיגען קריג האט זיך דער פראנט אריבערגעטראגען אין די שטעט גופא וואו פרויען און קינדער, זקנים און חלאים זיינען די קרבנות.

וואס איז שייך די באמבארדירונג פון ווארשע, וואס דער ליובאוויטשער רבי האט דורכגעמאכט, איז זי נאך טראגישער און איז ניט דער ערך צו פאר־גליכען ווערען מיט דער באמבארדירונג ווי, למשל פון לאנדאן. לאנדאן פאר־טיידיגט זיך געגען דעם שונא, און זי איז שוין איצט אויך ניט די ערשטע גרויסע שטאט וואס ווערט באמבארדירט פון דער לופט. ווארשע איז אבער ניט געווען גרייט זיך צו פארטיידיגען געגען לופט־אטאקעס און האט אויך ניט געהאט די מעגליכקייט דערצו. א חוץ דעם איז ווארשע געווען די ערשטע גרויסע שטאט וואס די נאצים האבען באמבארדירט פון דער לופט אין דעם איצטיגען קריג. איז טאקע דער חורבן ווארשע געווען אזוי גרויס און די צאהל מענשליכע קרבנות אזוי מורא'דיג. הייזער, ווי דער רבי דערצעהלט, זיינען אין עטליכע סעקונדען חרוב געווארען און אלע זייערע איינוואוינער זיינען פארשאטען געווארען. צושמעטערטע מענשליכע קערפערס האבען זיך געוואל־גערט אין די גאסען אויסגעמישט מיט די טויטע קערפערס פון פערד און הינט. אפגעריסענע מענשליכע אברים האבען זיך ארומגעוואלגערט אויף שריט און טריט.

אבער דעם גרעסטען רושם אויפ'ן רבי'ן האט געמאכט — און דערפאר מאכט עס אויך דעם גרעסטען רושם אויפ'ן לייענער — דאס וואס ער האט דורכגעלעבט י"ד תשרי פון יאהר ת"ש. מיר וועלען דא איבערגעבען די דאזיגע איבערלעבונג פונ'ם רבי'ן אין זיינע אייגענע ווערטער און זאל עס דיענען ווי זיין אייגענע הקדמה צו זיינע זכרונות:

"עס איז געווען צוועלף אזייגער בייטאג. די באמבארדירונג פון ווארשע איז אין יענעם טאג פארשטארקט געווארען. מיר האבען פארלאזט דאס הויז כדי צו זוכען שוץ אין א קעלער טיעף אין דער ערד. מיר זיינען דארט פארבלי־בען דעם גאנצען נאכמיטאג, און האבען דארט געדאווענט מנחה בצבור מיט גרויס כוונה און התעוררות. עס האט געמוזט זיין אזייגער פיער נאכמיטאג ווען דער קעלער איז אויפגעטרייסעלט געווארען פון באמבעס וואס האבען געקראכט אין די גאר נאהענטע גאסען. הייזער זיינען איינגעוויקעלט גע־ווארען אין פלאמען. פיעל־שטאקיגע געביידעס האבען צוזאמענגעקראכט און באגראבען אונטער זיך אלע וואס האבען זיך דארט געפונען.

"מיר האבען דערפיהלט די גרויסע סכנה צו בלייבען וויטער אין קעלער. עס איז געווען א געפאהר אז מיר זאלען זיך פון דארט מעהר ניט קענען רא־טעווען. האבען מיר פארלאזט דעם קעלער און געלאפען זוכען שוץ וואו נאר די אויגען האבען געטראגען.

"לויפענדיג דורך די גאסען האבען מיר פאר זיך געזעהן א מורא'דיג בילד.

"הייזער זיינען געווען קנוילען פון פייער און רויך. דערשראקענע מענ־שען, דער הויפט פרויען, קינדער און זקנים זיינען געלאפען און געיאמערט. די באמבארדירונג איבער אונזערע קעפ האט זיך געשטארקט מיט יעדע מינוט. די גאסען האבען שוין אויסגעזעהן ווי פייערדיגע ימים. פלאמיגע צינגער ווי פון גיגאנטישע חיות האבען זיך געשלענגעלט און געקנוילט, גרייט, ווי אונז האט אויסגעזעהן, צו פארשלינגען די גאנצע וועלט. וואלקענס פון שווארצען

רויך, וואס האבען אויסגעזעהן ווי מורא'דיגע באשעפענישען, האבען ארויס־געזעצט פון די ברענענדיגע הייזער.

"גראד איז דאמאלס געווען א שעהנער, זוניגער נאכמיטאג. נאר עס האט אויסגעזעהן ווי די וואלקענס רויך וואלטען געהאט פארשטעלט די ליכ־טיגע שיין. מענשליכע משחיתים האבען זיך פארמאסטען צו פארשטעלען דאס ליכט וואס איז באשאפען געווארען פון דעם אויבערשטען אליין.

"א פאר שעה זיינען מיר, צוזאמען מיט א גאנצער מחנה פון ביז'ן טויט צושראקענע מענשען, געלאפען פון איין שוץ פלאץ צום צווייטען, פון איין טויער צום אנדערען.

"אין איינעם פון די שוץ־פלעצער האט זיך פארזאמעלט אן עולם פון עטליכע הונדערט נפשות. דאס זיינען געווען מענשען פון פארשידענע ריכ־טונגען און שאטירונגען: אידען מיט לאנגע קאפאטעס און מיט בערד און פאות און מיט די באוואוסטע ווארשעווער היטעלעך אויף די קעפ; פרויען אין שייטלאך און פארוקען; אידען מיט ראזירטע פנים'ער, און פרויען, יונגע און מיטעל־יאהריגע, וואס האבען גערעדט נאר פויליש. אלע זיינען געשטאנען צובראכענע און פארצווייפעלטע. דער גרויסער אומגליק און די גרויסע שרעק האט זיי אלעמען פאראייניגט.

"אונזער גרופע וואס איז באשטאנען פון מיר אליין, מיין פאמיליע און עטליכע מנינים תלמידים פון דער ישיבה תומכי תמימים, האבען אלע גע־האלטען אין זאגען תהילים. פלוצים איז די לופט אויפגעטרייסעלט געווארען פון א מורא'דיגען קראך. א באמבע האט אויפגעריסען לעבען אונז. אין איין אויגענבליק האט זיך פאנאנדערגעגאסען א טייך פון פלאמיגען פייער. יעדער פון אונז האט זיך דערזעהן פנים אל פנים מיט'ן טויט.

"אין איין און דעמזעלבינען מאמענט האבען אלע וואס זיינען דארט געווען פארזאמעלט, — אלע מיט איין קול, און אלע ווי איין מענש — אויסגעשריען: "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד". עס איז געווען דאס אויס־געשריי פון מענשען וואס זיינען זיכער אז זיי געפינען זיך ביים סאמע שוועל פון טויט...

"אזא שמע ישראל פון פארשידענע מענשען מיט פארשידענע וועלט־אנשויאונגען, מיט אזא טיעף־הארציגען אויסגעשריי, האב איך נאך קיינמאל ניט געהערט. איך בעט ביי השם יתברך אז אט דער שמע ישראל זאל זיך אויף אייביג אויפהיטען אין מיין זכרון.

"מען האט בעשיינפערליך געקענט זעהן ווי גרויס און ווי טיעף עס איז איינגעווארצעלט אין דעם אידישען הארץ די אמונה. עס איז געווען אין אט דעם מאמענט וואס איך האב געלערנט, אז יעדעס שלעכטעס ענטהאלט אויך א סך גוטעס. אט דער אלגעמיינער אמונה־תממות'דיגער שמע ישראל האט פאר מיר געעפענט נייע קוואלען פון ליעבע צום אידישען מענשען און ארויס־געגרופען ביי מיר גרויס דרך ארץ פאר די אידישע זיהן און טעכטער".

מיט אט דעם אין זינען איז גארניט קיין וואונדער וואס דער ליובאוויטשער רבי טראגט ארויס פון דער גרויסער אידישער טראגעדיע אין אייראפא א מוסר השכל פאר די אידען אין אמעריקא. עס וואלט פאר איהם, ווי פאר אונז אלעמען, געווען נאך א גרעסערע טראגעדיע אויב די אידען אין אמעריקא

זאלען איז זייער מנוחה'דיגקייט פארגעסען אדער פארנאכלעסיגען זייער נאַ־ציאָנאלע פליכט.

פאר'ן ליובאוויטשער רבי'ן איז עס אן ענין פון שטענדיגע פליכטען. ווארים לויט זיין אנזיכט דארף און מוז יעדער איד זיך באטראכטען ווי א "זעלנער וואס מוז געהארכזאם אויספאלגען וואס מען הייסט איהם".

טאקע אין שייכות מיט דעם דערצעהלט דער ליובאוויטשער וועגען איי־נעם א ר' זלמן, א באקאנטער חסיד וואס האט געוואוינט אויף א ישוב ניט ווייט פון ליובאוויטש. דער דאזיגע ר' זלמן פלעגט די ימים נוראים פאר־ברייגנען אין ליובאוויטש ביים רבי'ן.

עס איז געווען אין דעם טאג פון ערב יום כפור. נאך תפילת שחרית איז דער דאזיגער ר' זלמן אריינגעקומען צום ליובאוויטשער רבי'ן, — דער פאטער פון דעם איצטיגען רבי'ן — און פרעהליך און ברייטלאך א זאג געטהאן: גוט יום טוב, רבי.

"דער טאטע, זכרונו לברכה, — דערצעהלט דער ליובאוויטשער אין זיינע כתבים — איז דאמאלס גראד געווען זעהר ערנסט, שטארק פארטיעפט אין א ספר. ער האט געענטפערט ר' זלמן'ען:

"יא, עס איז יום טוב און יום טוב איז א שמחה. אבער עס איז היינט ערב יום כפור. עס איז א מאָמענט פון התעוררות און תשובה. מען דארף טהאן תשובה און האבען חרטה אויפ'ן עבר און מקבל זיין אויף זיך צו טהאן גוטעס אויף להבא".

אויף דעם האט ר' זלמן תמימות'דיג א זאג געטהאן: "רבי, מיר זיינען ניט מעהר ווי זעלנער. מען האט אונז אנגעזאגט, אז ערב יום כפור ביז האלבען טאג איז יום טוב און מען דארף זיין פרעהליך. ערפילען מיר וואס מען האט אונז אנגעזאגט און מיר זיינען יום טוב'דיג. נאך האלבען טאג דארף מען דאווענען מנחה, זאגען על חטא און טהאן תשובה. דאמאלס פאנגט זיך אן די צייט פון גרויס התעוררות און השתפכות הנפש ווי עס פיהרט זיך יום כפור. דערוויל, רבי, גיט מיר א שטיקעל לעקאך".

דער ליובאוויטשער דערצעהלט דאן ווי זיין פאטער איז אריין אין התלהבות פון ר' זלמן'ס פשוט'ן און תמימות'דיגען ענטפער. עס איז איהם געפעלען געווארען ר' זלמן'ס אויסדרוק: "מיר זיינען זעלנער". דער ליובא־וויטשער פיהרט אויס, אז אידען דארפען זיך פיהלען ווי זעלנער סיי ווען זיי זיינען אונטער'ן האגעל פון פייער ווי אין די מלחמה לענדער און סיי ווען זיי געניסען די פרוכט פון שלום און מנוחה ווי אין אזא לאנד ווי אמעריקא.

ער זעהט קלאר די פארבינדונג צווישען די אידען וואס לעבען אונטער אט די צוויי ענטגעגענגעזעצטע באדינגונגען ווי די וואס עקזיסטירען איצט אין איירָאפא און די וואס עקזיסטירען אין אמעריקא. זיי זיינען זעלנער פון איין ארמיי. זיי זיינען אונטער איינער און דערזעלביגער דיסציפלין. איינעם'ס פליכט איז צו בלייבען טריי זיין פאסטען אונטער די ערגסטע באדינגונגען פון קריג און אלערליי פארפאלגונגען מצד אונזערע שונאים, און דעם צווייטענס פליכט איז צו בלייבען טריי זיין פאלק לעבענדיג אונטער די גליקליכערע באדינגונגען פון דער פרייער אמעריקא. ניט דער ערשטער, — דער איירא־פאאישער איד — דארף אריינפאלען אין יאוש און ניט דער צווייטער — דער

אמעריקאנער איד — דארף און טאָר פארגעסען פון וואוילטאָג זיינע נאציאָ־נאלע פליכטען.

נאָך אָט די מאָמענטען אויף וועלכע מען מוז זיך אָפּשטעלען ווען מען לייענט דעם ליובאוויטשער'ס זכרונות און כתבים, געהען מיר איבער צו די זכרונות גופא.

זאָל דאָ נאָר באמערקט ווערען, אז דער רבי האָט אייגענטליך זיינע זכרונות און כתבים געשריבען, און שרייבט זיי ווייטער, מיט קיינע כוונות זיי צו פארעפענטליכען אין א צייטונג און מעגליך אויך ניט אין קיין בוך־פאָרם. עס איז אָבער געווען מיין פריווילעגיע ווי א לאנג־יעהריגער פריינד פון דעם רבי'ן צו ווערען אָנפערטרויט מיט די דאָזיגע זכרונות און כתבים, און פיהלענדיג דעם גרויסען ווערטה פון זיי און דעם אומגעהייער גרויסען אינ־טערעס און אויסערגעוויינליכע באדייטונג וואָס זיי האָבען ווי א היסטאָרישער דאָקומענט און גרויסער ליטעראַרישער אוצר, האָב איך געפיהלט אז זיי דאַר־פען איצט, און דוקא איצט פארעפענטליכט ווערען. דער רבי האָט צו דעם צוגעשטימט איבערגעבענדיג אין מיינע הענד דאָס רעדאַקטירען און דאָס צו־גרייטען צום דרוק פריהער אין "מאָרגען זשורנאל", און איצט אין בוך־פאָרם.

**תשרי, תש"א, ניו יאָרק.**

# א

## די שטאָט פון מענשען ליבע

די באדייטונג פון אידישע שטעט און שטעטלעך. — דער גרינדער פון ליובאוויטש. — דער עלטסטער בית מדרש אין ליובאוויטש און אויף וועמעס נאָמען ער רופט זיך. — ווען גזלנים האָבען טעראָריזירט די וועלדער ארום ליובאוויטש.

ניטאָ כמעט קיין שטאָט אָדער שטעטעל אין גאַנץ איירָאָפּאַ וואָס זאָל ניט זיין פארבונדען מיט דעם אידישען עבר אָדער די אידישע געגענוואַרט, וואָס זאָל ניט האָבען צו דערצעהלען א שטיק אידישע געשיכטע און וואו די שטיינער און די ערד זאָלען ניט זיין דורכגעווייקט מיט אידיש בלוט און אידישע טרעהרען. בלויז די נעמען פון געוויסע שטעט און שטעטלעך רופען ארויס עראינערונגען און לעבען פאר אונז אויף די געשטאַלטען פון ליכטיגע אידישע פערזענליכקייטען וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אין משך פון דורות מיט זייער תורה און זייערע מעשים טובים, אָדער מיט זייער מארטי־רערטום.

יעדע שטאָט און שטעטעל האָט זיך איהר אייגענעם קאַפּיטעל אין דער אידישער געשיכטע. פאראן שטעט און שטעטלעך וואָס שטעלען מיט זיך פאר גאנצע באוועגונגען און גאנצע פעריאָדען אין אידישען לעבען. אזא שטאָט, בעסער געזאָגט, שטעטעל איז אויך ליובאוויטש, וועלכע איז אין משך פון הונדערט און צוויי יאָהר און צוויי חדשים געוועזען דער זיץ פון פיער דורות חבד'ישע רביים און דער צענטער פון דאָס חבד'ישע חסידות מיט הונדערטע טויזענדע נאכפאָלגער איבער גאַנץ רוסלאנד און אנדערע לענדער.

אין גאנצען איז דאָס חבד'ישע חסידות, פון וועלכע דער אַלטער רבי ר' שניאור זלמן ז"ל, דער בעל התניא, איז געווען דער גרינדער, הונדערט און פינף און זיבעציג יאָהר אַלט. דאָס מיינט, אז צוויי און זיבעציג יאָהר און צעהן חדשים האָט חבד געהאט איהר צענטער אנדערשוואו אָדער האָט פשוט אפגעריכט גלות. גאָר אין אָנפאנג איז עס געווען ליאָזשנע. אין ליאָזשנע איז חבד פאַקטיש געבאָרען געוואָרען. שפּעטער איז עס געווען ליאדי וועלכע איז מעהר ווי וועלכע אנדער שטאָט פארבונדען מיט'ן נאָמען פון דעם אַלטען רבי'ן.

פון י"ח חשון, תרע"ו, אין משך פון דעם פאָריגען וועלט־קריג, ווען ליובאוויטש האָט געמוזט עוואקואירט ווערען, און ווען מיין פאָטער, זכרונו לברכה, האָט מיט דער גאנצער רבי'אישער משפחה געמוזט אויסוואנדערען,

איז שוין ליובאוויטש מעהר ניט דער זיץ פון די רביים און דער צענטער פון חבד. אבער דער נאמען ליובאוויטש וועט שטענדיג בלייבען פארבונדען מיט דאס חבד׳ישע חסידות און וועט שטענדיג דערוועקען זיסע עראינערונגען און מיט זיך פארשטעלען א הערליך קאפיטעל אידישע געשיכטע.

כאטש ליובאוויטש האט אנגעהויבען פיגורירען אין דער געשיכטע און די ענטוויקלונג פון חב״ד ערשט מיט׳ן צווייטען דור רביים פון דער שניאורסאן גזע, איז אבער כאראקטעריסטיש וואס אט די שטאט שפילט א ראלע אין דער סאמע אנטשטעהונג פון חבד און אפשר פון דאס גאנצע חסידות, און טאקע נאך א סך פריהער, — דאמאלס ווען נסתרים, בעלי מקובלים און צדיקים פון פארשידענע מינים און ריכטונגען האבען געווירקט אין אידישען לעבען, און צוגעגרייט דעם וועג פאר דעם בעל שם טוב הקדוש.

ניט אומזיסט איז ליובאוויטש באשטימט געווארען צו שפיעלען אזא וויכטיגע ראלע, פריהער אינ׳ם לעבען פון די פארבארגענע צדיקים און בעלי מקובלים, און שפעטער אינ׳ם לעבען פון די חבד׳ישע רביים און חסידים. ליובאוויטש איז צוליעב איהר, אזוי גערופענע, געאגראפישע פאזיציע געווען א פאסיג פלאץ פאר מענשען פון הויכען גייסט זיך דארט אפצוזונדערען פון דער דרויסענדיגער וועלט און זיך אינגאנצען אפגעבען מיט תורה און עבודה, אדער גאר דארט אנפאנגען א ניי לעבען באזירט אויף די העכסטע און ריינסטע עטישע פרינציפען פון דער תורה.

ליובאוויטש וועלכע געפינט זיך אין מאהליווער גובערניע, פריהער אין דעם באבינאוויטשער "אויעזד" און נאכהער אין דעם ארשער "אויעזד", ביי דעם טייך דניעפער, אין וויס-רוסלאנד, איז פון תמיד געווען ארומגערינגעלט פון גרויסע וועלדער, וואס האבען איהר געגעבען א פנים פון אפגעשלאסענקייט און די דארטיגע תושבים געגעבען א געפיהל פון התבודדות און מיט דעם ליו־באוויטש געמאכט פאר אן אנציהונגס-פונקט פאר מענשען וואס האבען גע־וואלט זיין מיט זיך אליין און נאהענט צום אויבערשטען און זיין יצירה.

דאס איז טאקע די אורזאך וואס אזוי פיעל פארבארגענע צדיקים האבען פארבונדען זייער גורל מיט ליובאוויטש און האבען אויף איהר געלייגט זייער חותם, שאפענדיג דעם איינדרוק פאר די וואס זיינען באקאנט מיט דער גאר ווייטער פארגאנגענהייט, און מיט דער סאמע אנטשטעהונג, פון ליובאוויטש, ווי די שטאט וואלט געווען מעהר לעגענדע ווי ווירקליכקייט — א צוויבער־שטאט מיט צוויבער-מענשען — פארשטעלענדיג מיט זיך א אינספירירענדיג־און-פאנטאזיע-רייצענדיג קאפיטעל אידיש לעבען.

שוין ארום דער אנטשטעהונג פון ליובאוויטש איז דער גאר ווייטער פארגאנגענהייט, פיגוריר א מערקווירדיגע אידישע פערזענליכקייט וועמעס אנדיינק איז ניט פארגעסען געווארען איז משך פון דורות ביז צו אונזער אייגע־נער צייט. ר׳ מאיר איז געווען זיין נאמען. ער האט געהערט צו יענע צדיקים וואס האבען געוואלט לעבען גאר פון דער פראצע פון זייערע אייגענע הענט. ניט וועלענדיג בלייבען אין זיין אלטער היים און בכלל וועלענדיג לייגען א נייעם יסוד פאר זיין עקזיסטענץ און די עקזיסטענץ פון אנדערע אידען, האט ער מיט דריי אנדערע משפחות אויסגעוואנדערט פון זייער שטאט אדער שטע־טעל און אוועק זוכען ערגעץ א פארווארפען ווינקעל, וואו זיך צו באזעצען

אויפ'ן לאנד און פון דער איינענער ארבייט זיך מפרנס זיין. קענטיג, אז ר' מאיר האט שוין געהאט נע'חלומ'ט פון שאפן א אידישע קאלאניע — א געדאנק וואס איז שפעטער פון די ליובאוויטשער רביים אויפגענומען און דערפיהרט געווארען צו גאנץ פראקטישע רעזולטאטען. ווארים, ווי די מעשיות וואס ווע־רען דערצעהלט, האט דער דאזיגער ר' מאיר זיך טאקע פארנומען צו בויען א קאלאניע דארט וואו ליובאוויטש געפינט זיך. ארומגערינגעלט מיט וואלד, און ביי די ברעגעס פון א טייך, איז דער באדען געווען געוואונשען פאר א קאלאניע. האבען זיך ר' מאיר און די משפחות וואס האבען איהם נאכגעפאלגט, זיך גענומען צו דער ארבייט. מען האט געהאקט ביימער אין וואלד און געבויט מיט זיי הייזער.

וואס פאר א נאמען — אויב מען האט אינגאנצען געטראכט אין אנפאנג פון א נאמען — דער דאזיגער קליינער ישוב האט געהאט, איז ניט באקאנט. אבער דער נאמען ליובאוויטש, וואס איז שפעטער געגעבען געווארען אט דער קאלאניע, וואס ר' מאיר האט געגרינדעט, האט אינגאנצען געצאלט מיט זיך פארשטעלען און כאראקטעריזירען איהר גרינדער.

ווי עס ווערט דערצעהלט, האט ר' מאיר זיך ספעציעל אויסגעצייכענט מיט זיין גרויסער ליעבע צו אידען און אויך ניט־אידען. זיין אהבת ישראל האט ממש קיין גרעניץ ניט געהאט. ער האט ניט ווייניגער ליעבע ארויסגע־צייגט צו אלע אנדערע מענשליכע באשעפענישען. ער פלעגט האבען א ווער־טעל, אז דער וואס געפינט חן אין די אויגען פון מענשען וועט אויך געפינען חן אין די אויגען פון אויבערשטען.

פארשטעהט זיך, אז כדי צו געפינען חן ביי מענשען מוז מען זיין גוט און פריינדליך צו יעדערען, מוז מען זיין אפפערווילליג און נאר טהאן טובות מענשען.

און ניט נאר מענשען האט ר' מאיר ליעב געהאט, ניט נאר דעם בחיר היצורים האט ער רעספעקטירט און פארהערליכט, ער האט אויך געליבט און פארהערליכט יעדע באשעפעניש, צי דאס איז א פיער־פיסיגע חיה, צי דאס איז אן עוף אדער א פויגעל אין דער לופט. אלץ וואס האט געהאט לעבען אין זיך האט ער פארהערליכט און ממש פארהייליגט. ער פלעגט זאגען דעם מאמר חז"ל, אז ווען מ'צייגט ליעבע צו מענשען טהוט מען א נחת רוח דעם רבונו של עולם.

זעלבסט פארשטענדליך, אז דער דאזיגער ר' מאיר איז געווען א גרויסער בעל גמילות חסדים, סיי צו אידען און סיי צו ניט־אידען. איז דערפאר זיין נאמען באלד באקאנט געווארען אין דער גאנצער סביבה און זיין פרסום האט אויך דערגרייכט ווייט אוועק. מען האט וועגען איהם דערצעהלט פארשידענע אגדות. עס איז דערפאר גארניט קיין חידוש וואס ווען עס איז געקומען דערצו, אז מען זאל דעם נייעם ישוב, פון וועלכען ר' מאיר איז געווען דער גרינדער, געבען א נאמען, זאל מען דעם נאמען צופאסען צו ר' מאיר'ס כא־ראקטעריסטישע מעשים. וואס האט באזונדערס כאראקטעריזירט ר' מאיר'ן אויב ניט זיין ליעבע — ליעבע צו אידען, צו ניט־אידען און צו די שטומע באשעפענישען? האט מען דעם ישוב א נאמען געגעבען "ליובא", וואס באדייט סיי אין רוסיש און סיי אין פויליש "ליעבע", און ערשט שפעטער

איז צוגעגעבען געווארען דער "וויטש", אזוי אז עס האט זיך באקומען דער נאמען "ליובאוויטש".

אט אזוי איז ליובאוויטש געווארען דער סימבאל פון מענשען-ליעבע: ליעבע צו אידען, צו גוים — אין קורצען, צו דער גאנצער יצירה, און, פאר־שטעהט זיך, אויך ליעבע צום רבונו של עולם, דער באשאפער פון דער וועלט.

און ר' מאיר איז געווען נאר דער ערשטער פון א רייהע עהנליכע צדיקים און נסתרים וואס האבען אין משך פון הונדערטע יאהרען געמאכט ליובא־וויטש פאר זייער היים. אט טאקע צוליעב דעם האט ליובאוויטש שפעטער זוכה געווען צו ווערען א עיר ואם בישראל, פון וואנען עס איז געקומען פיהרערשאפט און אויטאריטעט וואס זיינען אנערקענט געווארען אין דער אידישער וועלט.

ליובאוויטש איז קיינמאל ניט געווארען קיין גרויסע שטאט, כאטש אהין פלעגען שטראמען צעהנדליגע טויזענדע חסידים פון אלע טיילען רוסלאנד.

לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבען האבען זיך אין ליובאוויטש געפונען הונדערט און צוויי אידישע משפחות ווען דער מיטעלער רבי האט זיך דארט באזעצט אין תקע"ג. ווען דער אלטער רבי האט, אלס אינגעל, געלערנט אין ליובאוויטש ביי זיין רבי'ן, אין די יאהרען פון תקט"ז און תקי"ז איז די צאהל פון די אידישע משפחות דארט געווען צווישען פינף און זיבעציג און אכציג.

אינגאנצען איז ליובאוויטש אן ערך א ווערסט און א האלב די לייגג און א ווערסט און א האלב די ברייט. אין מיטען שטאט איז א גרויסער מארק־פלאץ אויף וועלכען עס האבען זיך געפונען די קראמען. פון אט דעם מארק־פלאץ ציהען זיך דריי לאנגע גאסען. איינע — די בראם גאס, וואס פיהרט צום וועג קיין דאבראמיסל. די צווייטע — שילאווא און פיהרט קיין רודניא, און די דריטע גאס — הייסט כאכליוקא וואס פיהרט קיין ראסאסנא. א חוץ די דאזיגע גאסען געפינען זיך דארט קלענערע געסלעך וועלכע זיינען באקאנט, אדער זיינען געווען באקאנט, מיט די נעמען סיריצע, די קאלטע געסעל, די וויגאן געסעל און די טייך געסעל. אין צפון פון שטאט פליסט דער גרויסער טייך און אין מערב, ביים בית הקברות, לויפט א קליין טייכעל.

דער גרויסער טייך הייסט בערעזינא, וועלכער ציהט זיך פון דעם דארף וואס טראגט דעם זעלבען נאמען, און דעם נאמען "בערעזינא" האט דאס דארף באקומען צוליעב דעם וואלד פון "בעריאזא" בוימער וואס רינגעלט איהם ארום. דאס קליינע טייכעל רופט מען "דאס מצבה טייכעל", ווייל ער שטראמט ארויס פון איינע פון די אלטע מצבות אויפ'ן אלטען בית הקברות. די אותיות אויף דער מצבה זיינען אפגעמעקט און מען קען דערפאר ניט ווי־סען וועמעס קבר דארט געפינט זיך. פון דור צו דור איז געווען אנגעזאגט, אז מ'זאל זיך מיט'ן וואסער פון "מצבה טייכעל" ניט באנוצען צו טרינקען און ניט צום וואשען זיך.

כאטש ליובאוויטש איז אין פוילישן טעריטאריע זיינען אבער די ניט־אידישע איינוואוינער דארט תמיד געווען רוסען און ניט קיין פאליאקען. די אידען און די ניט־אידען האבען דארט תמיד געלעבט אין שלום.

דער עלטסטער בית המדרש אין ליובאוויטש איז באקאנט אלס "בנימין'ס

שטיבעל". עס דארף אבער געזאגט ווערען אז דער דאזיגער בית המדרש איז אייגענטליך שוין עטליכע מאל איז זיין געשיכטע איבערגעבויט געווארען, ווייל עטליכע מאל איז ער פארניכטעט געווארען פון שרפות.

דער ר' בנימין, אויף וועמעס נאמען דער דאזיגער בית המדרש ווערט גערופען, איז אן אנדער מערקווירדיגע פיגור מיט וועמעס אנדענק און מעשים טובים ליובאוויטש איז פארבונדען. דער דאזיגער ר' בנימין איז געווען א דארפס־מענש. ער פלעגט ארומפאהרען מיט זיין ארים ביסעל סחורה איבער די ארומיגע דערפער. זיין ווייב איז געווען אן עקרה. זיי האבען געוואוינט אין א הויז ביים ברעג טייך און געהאט א גרויסען גארטען מיט אלערליי גרינ־סען. ר' בנימין איז געווען א גרויסער ירא שמים. ער האט אפגעהיט אלע מצוות. דער עיקר האט ער זיך אפגעגעבען מיט צדקה וואס ער האט פארטיילט מיט א ברייטער האנד. א חוץ אט די פיינע מדות האט מען איהם געהאל־טען פאר א פראסטען מענשען.

עס איז געווען אין דעם פערציגסטען אדער פופציגסטען יאהר פון פערטען יאהרהונדערט, פון זעקסטען טויזענד לויט דער אידישער צייט־רעכענונג. וואס מיינט מיט ארום דריי און א האלב הונדערט יאהר צוריק, אט דאמאלס ווען ר' בנימין האט געלעבט. ליובאוויטש איז שוין געווען א שטעטעל מיט א לאנגער געשיכטע הינטער זיך. עפעס האט פאסירט וואס האט אויפגעשטורעמט ניט נאר ליובאוויטש, נאר אויך די גאנצע סביבה ארום.

א שייקע גזלנים האבען זיך פארקליבען אין דעם וואלד אויפ'ן וועג צווי־שען ליובאוויטש און דאבראמיסל. יעדער איינער, וואס פלעגט פאהרען אויף דעם דאזיגען וועג דורכ'ן וואלד, פלעגט באפאלען און בארויבט ווערען פון די גזלנים. די גזלנים האבען זיך ניט באגונגענט בלויז מיט איבערנעהמען דורכפאהרער. זיי האבען ניט געוואלט ווארטען ביז מען וועט קומען צו זיי. זיי האבען אויך אנגעהויבען באפאלען די דערבייאיגע דערפער און בארויבט די פויערים פון אלץ וואס זיי האבען פארמאגט. זיי האבען פון די פויערים אוועקגערויבט זייערע פערד און שאף און רינדער. פארשטעהט זיך, אז אויף דער גאנצער סביבה איז געפאלען א גרויסער פחד. מען האט מורא געהאט צו פאהרען אין וועג און מען האט אויך מורא געהאט צו זיצען אין דער היים.

פאר א לייגגערע צייט איז ליובאוויטש אליין געבליבען אומבאריהרט פון די גזלנים. זיי האבען ניט געוואגט אריינקומען אין שטעטעל, וואו עס האט זיך נאך אלעם דעם, געפונען א באדייטענדע צאהל תושבים. נאר איינמאל האבען די גזלנים זיך אנגענומען מוטה און צווי פון זיי האבען זיך ארונטער־געלאזט קיין ליובאוויטש. ווארשיינליך האבען זיי שוין געפיהלט, אז זייער מורא איז אויך געפאלען אויף ליובאוויטש, און האבען געמיינט, אז קיינער

דארט וועט ניט וואגען זיך שטעלען נעגען זיי. זיי האבען ניט געוואוסט, אז אין ליובאוויטש געפינט זיך א ר' בנימין, וועלכער, כאטש א פשוט'ער דארפס־מענש, באזיצט פארבארגענע כחות און אז ער וועט זיי קענען מנצח זיין.

## ב

## דער נסתר

ר' בנימין ראטעוועט ליובאוויטש פון גזלנים. — דער סוד פון זיינע געהיימע כחות. — זיין חבר, וואלף דער שוסטער. — דער פנים חדשות אין ליובאוויטש. — נסתר הערט ווי מען דערצעהלט וועגען זיינע וואונדער.

געוואגט, אבער פארזיכטיג, זיינען געווען די צוויי גזלנים וואס זיינען באפאלען ליובאוויטש. עס איז געווען דער ערשטער פארזוך מצד די גזלנים, וועלכע האבען די גאנצע צייט טעראריזירט די געגענד ארום, זיך אריינצורייסען אינ'ם אידישען שטעטעל. דאס ערשטע הויז וואס זיי האבען אויסגעקליבען פאר זייער איבערפאל, האט זיך געפונען אין עק שטעטעל. די גזלנים האבען משמעות ניט געוואלט צופיעל ריזיקירען. דערצו האבען זיי אויסגעקליבען א הויז וואו קיינער איז ניט געווען א חוץ א דרייצעהן יעהריג אידיש מיידעל.

אריינקומענדיג אין הויז האבען די גזלנים גענומען רויבען אלץ וואס האט זיך געמאכט ביים האנד. דאס יונגע מיידעל, שטארק דערשראקען, האט אנגעהויבען שרייען, און זיך אפילו פרובירט א ריס טהאן צום טהיר מיט דער כוונה ארויסצולויפען אין דרויסען און מיט איהרע געשרייען צוזאמענברייננגע' מענשען וואס זאלען פארטרייבען די גזלנים.

אבער איידער זי האט באוויזען צו גרייכען די טיהר, האט איהר איינער פון די גזלנים פארשטעלט דעם וועג, איהר א כאפ געטהאן אין זיינע מעכטינגע ארימס און איהר פארשטיקט דאס מויל. האלטענדיג דאס מיידעל אין זיינע הענד

דאס מיידעל, א צניעות'דיגע אידישע טאכטער, האט ערשט דערפיהלט די גרויסע סכנה אין וועלכער זי האט זיך געפונען, און זי האט זיך אנגעפאנגען ראנגלען מיט אלע איהרע כחות. זי האט אנגעהויבען דראפען איהר אנגרייפער מיט די נעגעל, בייסען מיט די צייהן און בריקען מיט די פיס. ווי שטארק דער גזלן איז ניט געווען, האט ער דאך דערפיהלט דעם כח פון דער כשר'ער אידישער טאכטער וואס האט געקעמפט מיט גרויס מסירת נפש פאר איהר ריינקייט. ער האט אנגעהויבען צו באנוצען זיין ברוטאלע מאכט נעגען מיידעל, איינטיילענדיג איהר קלעפ מיט זיינע פויסטען אויף איהר פנים און איהר קערפער.

פונ'ם מיידעל'ס פנים האט אנגעהויבען פליסען בלוט. אבער ערשט איצט האט זי געצייגט איהר עקשנות און געראנגעלט זיך נאך מיט מעהר פארביטערטקייט ווי פריהער. באפרייט איהר מויל פון גזלן'ס הענד, האט זי באנייט איהרע קולות נאך מיט מעהר שטארקייט און מעהר פארצווייפלונג ווי פריהער. איהרע געשרייען וואלטען מעגליך פארלארען געגאנגען מיט'ן ווינט און

וואלטען ניט געגרייכט די הייזער וויטער אוועק. פאסירט אבער, אז ר' בנימין, דער דארפס־הענדלער, קומט גראד אן אין דער שכונה, ווי א געהיימער כח וואלט איהם פון ערגעץ געבראכט. ער דערהערט דאס געשריי פונ'ם אידישען מיידעל וואס ראנגעלט זיך פאר איהר ריינקייט. ר' בנימין ניט באלד אן עפען די טיהר און קומט אריין אין הויז. דאס מיידעל ראנגעלט זיך נאך אין דעם גזלן'ס ארימס, בעת דער צווייטער גזלן האלט אין צוזאמענגעהמען אלע ווערטהפולע חפצים וואס געפינען זיך אין הויז.

דערזעהענדיג ר' בנימין'ען, לאזט דער גזלן אפ דאס מיידעל און דער צווייטער הערט אויף צו רויבען דאס הויז.ביידע גיבען זיך אווארף אויף דעם פנים חדשות. זיי וויסען שוין וואס זיי האבען מיט איהם צו טהאן.

ר' בנימין קוקט אויס אויפ'ן מאמענט צו זיין אין סכנה. ווי קומט א קליין און דאר אידעל זיך צו שטעלען אקעגען צוויי מעכטיגע מגושם'דיגע גוי'אישע רויבער? אבער ר' בנימין דערשרעקט זיך ניט. ער געהט די גזלנים אנטקעגען. ער איז גארניט דערשראקען. ער גיט א זאג ארויס עטליכע שמות פון וועלכע נאר בעלי קבלה וויסען, און באלד באפאלט די צוויי גזלנים א מין שלאף און זיי ציהען זיך אויס אויף דער ערד פאר'חלש'טע און ריהרען זיך מעהר ניט פון ארט.

דאס מיידעל בארוהיגט זיך. די געפאהר איז פאראיבער. זי שטעהט א פארוואונדערטע און קען ניט באגרייפען וואס עס איז געשעהן. זי זעהט מאקע וואס עס האט פאסירט פאר איהרע אויגען, אבער זי קען זיך גארניט פארשטעלען אז דאס זאל האבען געקומען דורך ר' בנימין'ס פארבארגענע כחות, און אז דער ר' בנימין איז גאר א נסתר. זי, פונקט ווי יעדער אנדערער ליובאוויטשער תושב, האט געהאלטען ר' בנימין'ען פאר אן עהרליכען, פרומען, גוטהארציגען מענשען, אבער פאר א גאנץ פשוט'ען אידען וואס האט זיך ניט געהאט איבערצונעהמען מיט וועלכע עס איז נייסטיגע כשרונות, ווער רעדט פון גרויס צדקות און פארבארגענע כחות וועלכע נאר בעלי מקובלים באזיצען.

ר' בנימין האט איצט געהאט א וויכטיגע אויפגאבע פאר זיך. די צוויי גזלנים האבען זיך שוין מעהר ניט געקענט ריהרען פון ארט. האט ער נאר געדארפט לאזען וויסען דעם פאליצייאישען בעאמטען פון שטעטעל און די צוויי גזלנים זיינען, אין זייער פאר'חלש'טען צושטאנד, אוועקגענומען געווא־רען אין תפיסה. ערשט, אז זיי זיינען געווען הינטער גראטעס האבען זיי אויפגעוואכט. די פאליציי האט זיך צו זיי גענומען, און איינטיילענדיג זיי א גוטע גארציג שמיץ, האבען זיי ארויסגעגעבען זייערע חברים וועלכע האבען זיך אויסבאהאלטען אין וואלד. א באוואפענטע מחנה איז ארויסגעשיקט געווארען און אלע גזלנים פון דער באנדע זיינען פארנומען געווארען. אזוי איז לי;באוויטש און די גאנצע סביבה ארום פריי געווארען פון די גזלנים וואס האבען א לייננערע צייט געווארפען אן אימה אויף דער באפעלקערונג.

צי אין שטעטעל האט מען ניט געוואוסט געגוי די פרטים ווי אזוי ר' בנימין האט מנצח געווען די גזלנים, צי מען האט בכלל ניט געוואלט גלויבען, אז דאס זאל האבען געקומען דורך ר' בנימין'ס געהיימע כחות, דער ענין איז באלד פארגעסען געווארען. מען האט עס געהאט אנגענומען ווי א גאנץ

געוויינליכע פאסירונגג און ניט גע'חלומ'ט אז מען דארף צו אזא פשוט'ען דארפס־מענשען ווי ר' בנימין צושרייבען געהיימע כחות פון א פארבאר־גענעם צדיק.

דערהויפט האט מען אויפגעהערט שיינקען אויפמערקזאמקייט דעם דארפס־הענדלער ר' בנימין צוליעב דעם וואס ער האט זיך אין יענער צייט אנגע־הויבען חבר'ן מיט א פנים חדשות וואס איז פלוצים ערשינען אין ליובאוויטש און קיינער האט דעם דאזיגען ניי־געקומענעם פארשוין קיין אכט ניט געגע־בען. ווארים בסך הכל איז ער געווען ניט מעהר ווי א שוסטער, וועלכער איז דערצו געווען א גרויסער קבצן.

וואלף, האט דער דאזיגער שוסטער געהייסען. ער איז מיט זיין ווייב געקומען קיין ליובאוויטש, ווי ער האט דערצעהלט, פון א קליין שטעטעל אין וואהלין. וואס עס האט איהם געבראכט קיין ליובאוויטש האט ער ניט געזאגט און קיינער האט עס ניט געוואוסט. און וואס האט עס דען אויס־געמאכט? מאלע וואס פאר א סיבה עס האט א אידען פארטראגען קיין ליובאוויטש! קיין סך פרנסה האט ער דארט ניט געקענט דערווארטען. נאר קענטיג, אז דאס האט דעם שוסטער וואלף ניט געקימערט.

וואלף האט זיך מיט קיין באזונדערעס ניט אויסגעצייכענט. ער איז געווארען א חבר אין דער חברה תהילים און פלעגט מיט די אלע אנדערע בעלי מלאכות קומען גאנץ פריה אין בית המדרש אריין זאגען תהילים פאר'ן דאווענען. ער האט זיך אויך פארשריבען ביי די פועלי צדק, א חברה בעלי מלאכות וואס האבען שוין אויך געלערנט א פרק משניות און עין יעקב. וואלף פלעגט זיצען ביים עק טיש ביי וועלכען די פועלי צדק האבען געלערנט און זיך צוגעהערט. קיינער האט אבער ניט געוואוסט אויף זיכער צי דער דאזיגער שוסטער האט טאקע געקענט פארנעהמען אלץ וואס מען האט ביים טיש געלערנט. נאר ווען האט עס געארט! א גוט הארץ און גוטע כוונות האט דער שוסטער געוויס געהאט. נאר קיין ווענען האט מען זיכער פון אזא פשוט'ען מענשעל ניט געהאט וואס צו מאכען. האט מען טאקע וויניג זיך אויף איהם אומגעקוקט.

פון צייט צו צייט ווערט דער דאזיגער וואלף נעלם פון ליובאוויטש. מען זעהט איהם פארלאזענדיג זיין היים מיט א קלומיק אויפ'ן פלייצע און מען איז זיך משער אז א חוץ זיין טלית און תפילין און דאס ארים ביסעל צידה לדרך וואס זיין פלונית'טע גיט איהם מיט, האט ער דארט אויך זיין שוסטערשען געצייג.

וואלף פלעגט זיך ניט ציינען פאר עטליכע וואכען צייט. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ליובאוויטש און אז מען האט איהם געפרעגט וואו ער איז געווען, האט ער געזאגט, אז ער האט געוואנדערט איבער די דערפער און פארלאטעט גוי'אישע שיך און לאפטשעס און האט אויך דא און דארט אנגעשלאגען אין פריצישע הויפען, וואו ער האט געהאט די געלעגענהייט ניט נאר צו לאטען אלטע שיך נאר אויך צו נייהען נייע.

אט מיט דעם דאזיגען שוסטער איז עס ר' בנימין פלוצים געווארען א חבר. ר' בנימין פלעגט אפילו פארלאזען ליובאוויטש אין דער זעלבינער צייט וואס דער שוסטער וואלף. ער האט אויך זיך פארזאמט אזוי לאנג ווי דער

שוסטער. עס האט געזאלט הייסן, אז זיי וואנדערן צוזאמען איבער די ארומיגע דערפער. ווארים אייגענטליך האבן זיי ניט קאנקורירט איינער מיט׳ן צווייטן. ר׳ בנימין האט געהאנדעלט מיט פארשידענע סחורות, בעת וואלף האט זיך אפגעגעבן מיט מלאכה.

אז צוויי מענשען חבר׳ן זיך אזוי שטארק און לאזען ממש ניט אפ איינער דעם צווייטען, מוזען זיי דאך ניט זיין איינער בעסער פאר׳ן אנדערען. וואס פאר א מהות דער שוסטער וואלף איז געווען, האט מען שוין קלאר געזעהן — ניט מעהר ווי א פראסטער, כאטש עהרליכער בעל מלאכה. איז ר׳ בנימין מסתמא אויך ניט געשטאנען אויף קיין העכערער מדרגה. אויב אפילו ר׳ בנימין האט געצייגט אזא בריה׳שקייט מיט דעם וואס ער האט געראטעוועט א אידישע טאכטער פון גזלן׳ישע הענד און דערפיהרט דערצו, אז די גאנצע שייקע גזלנים זאל אפגעראמט ווערען, האט עס נאך אלץ ניט געזאלט צייגען די דורכשניטליכע תושבים פון ליובאוויטש, אז ער איז פון אנאנדער ליים געקנאטען.

א יאהר אדער מעהר איז אוועק, זינט די פאסירונג מיט די גזלנים, און אין ליובאוויטש האט זיך באוויזען א גאר וויכטיגע פיגור פון יענער צייט. דאס איז געווען הרב ר׳ בצלאל אורי פון פאלאצק. ר׳ בצלאל אורי איז געווען באקאנט פאר א גרויסען בעל מקובל. מען האט איהם אויך געהאלטען פאר א בעל מופת.

אנקומענדיג אין ליובאוויטש האט ער די דארטיגע תושבים שטארק איבערראשט מיט דעם וואס ער האט זיך אנגעהויבען נאכפרעגען אויף ר׳ בנימין׳ען, און האט דערביי ארויסגעצייגט גרויס יראת הכבוד פאר אט דעם דארפס־מענשען.

— וואס רעדט איהר, רבי, מיט אזוי פיעל חשיבות וועגען אט דעם בנימין׳ען? — האט מען געפרעגט אין פארוואונדערוני דעם בעל מקובל.

אויף דעם האט ער געענטפערט:

— קענטיג אז איהר ווייסט גארניט, אז ר׳ בנימין איז א בעל מקובל און אז מיט דעם כח פון דער קבלה האט ער מנצח געווען די גזלנים.

די ליובאוויטשער תושבים האבען עס געהערט און געשטוינט. זיי וואלט עס גאר קיין מאל ניט איינגעפאלען. זיי וואלטען עס ניט געגלויבט אויב זיי וואלטען עס געהערט פון אימיצען אנדערש ווי פון אזא גרויסען צדיק ווי ר׳ בצלאל אורי פון פאלאצק. איצט האט ניט געקענט זיין קיין ספק וועגען דעם.

אבער וואו איז דער ר׳ בנימין? מען האט איהם אנגעהויבען ארומ־זוכען אין שטעטעל. מען האט זיך דערמאנט אז ער איז שוין עטליכע וואכען אוועק פון ליובאוויטש. ער איז אוועק, ווי געוויינליך, אין דער זעלביגער צייט וואס וואלף דער שוסטער. האט דען געקענט זיין א וועלכע עס איז פארבינדונג צווישען אט די צוויי? האט אפשר זייער פארשווינדען צוזאמען און זייער חבר׳ן זיך געהאט א ספעציעלע באדייטונג? מען האט איצט אייגענטליך גע־דארפט קומען צו דער מסקנא, אז וואלף דער שוסטער מוז אויך זיין א נסתר וויבאלד ר׳ בנימין איז מיט איהם אזוי נאהענט!

אבער ר׳ בצלאל אורי פון פאלאצק האט נאר גערעדט פון ר׳ בנימין׳ען

און ניט פון וואָלף'ן. ר' בצלאל אורי האָט נאָר ארומגעזוכט דעם דאָרפס־הענדלער און ניט דעם שוסטער. סיי ווי זיינען ביידע ניט געווען אין ליובא־וויטש און קיינער האָט ניט געקענט זאָגן גענוי, אפילו ניט זייערע ווייבער, ווען זיי וועלען זיך צוריקקעהרען אהיים.

ר' בצלאל אורי האָט קענטיג געהאַט א ספּעציעלע שליחות צו ר' בנימין'ען, ווארים ער איז געווען שטארק נייגעריג איהם אויפצוזוכען. ער האָט עס גאָר ניט פּרובירט באהאלטען. איינזעהענדיג אז ער וועט זיך אויף ר' בנימין'ען ניט דערווארטען, האָט ער באלד פארלאָזט ליובאוויטש און זיך ארויסגעלאָזט איהם זוכען איבער דער וועלט.

ליובאוויטש איז איצט געגאַנגען אויף רעדלאַך. מען האָט געהאַלטען אין ריידען וועגען דעם נסתר און בעל מופת, ר' בנימין. איצט האָט מען שוין קלאָר געזעהן אז דער אמאָליגער נצחון איבער די גזלנים איז געווען איינער פון ר' בנימין'ס מופתים. איצט וואָלט מען שוין ר' בנימין'ען פארהייליגט און איהם צוגעטיילט דעם כבוד וואס ער האָט פארדיענט. אבער ר' בנימין איז געווען פארשוואונדען און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז.

ר' בנימין האָט דערווייל געהאַלטען אין ארומוואנדערען איבער שטעט און שטעטלעך. ער איז אָנגעקומען קיין דאבראָמיסעל, וואו קיינער האָט איהם ניט געקענט און וואו ער וואָלט זיך פאר קיינעם ניט ארויסגעגעבען. האָט ר' בנימין אבער זיך איינמאָל צוגעהערט פון דער זייט צו א שמועס צווישען אידען אין בית המדרש. אימיצער האָט דערצעהלט די וואונדער פון ניט קיין אנדערען ווי פון איהם, ר' בנימין'ען אליין. ר' בנימין'ס נאָמען האָט שוין געקלונגען איבער דער גאַנצער סביבה. ער אליין איז אבער געבליבען פאר־באָרגען. קיינער אין דאבראָמיסעל האָט איהם ניט דערקענט.

## ג

## די אנטפּלעקונג

**די שׂרפה אין ליובאוויטש. — דער בית המדרש וואָס איז געראָפען געוואָרען אויף ר' בנימין'ס נאָמען. — ווער דער שוסטער וואָלף איז געווען אין דער אמת'ן.**

ר' בנימין האָט זיך שטארק גענומען צום הארצען וואָס דער סוד, אז ער איז א נסתר און בעל מקובל איז אנטפּלעקט געוואָרען. דאָס וואָס ער האָט געהערט דערצעהלענדיג אין דאבראָמיסל וועגען זיינע מופתים האָט קלאָר געצייגט, אז מען ווייס שוין אין דער גאַנצער סביבה וועגען איהם. אין דאבראָמיסל האָט איהם קיינער ניט דערקענט און ער האָט נאָך געקענט דאָרט בלייבען פארבאָרגען, אבער שוין דאָס אליין וואָס מען האָט גערעדט וועגען זיינע פארבאָרגענע כחות האָט איהם שטארק געערגערט. ער האָט בעסער געוואָלט אָפּלעבען זיין וועלט און קיינער זאָל פון איהם ניט וויסען און ער זאָל זיינע גרויסע כחות באנוצען פארבאָרגענערהייט.

דערהויפּט האָט איהם געערגערט דאָס וואָס ער וועט זיך דאַרפען צוריק־

סעהרען קיין ליובאוויטש און דארט קענען איהם אלע. איצט וועט ער שוין דארט מעהר ניט קענען זיין קיין נסתר. ער וועט מעהר קיין מנוחה ניט האבען. מען וועט צו איהם קומען פון אלע זייטען מיט בקשות, און דער עיקר — מען וועט איהם אפגעבען צופיעל כבוד. ער האט ליובאוויטש נאטירליך ניט געקענט אויסמיידען. ער האט דארט געהאט זיין ווייב און זיין בעל הבית'יש־קייט. איז ער צוריקגעקומען קיין ליובאוויטש, אבער מיט א שווערער הארץ, ווי איינער וואס איז מיט עפעס געכאפט געווארען ביי דער האנד.

איז עס געווען דערפאר וואס ר' בנימין האט זיך דעם ענין גענומען שטארק צום הארצען, — און דער צער פון א צדיק ווערט אין הימעל ניט פארקוקט, — אדער דאס איז געווען צוליעב אן אנדער סיבה? אין ליובאוויטש האט עפעס פאסירט באלד ווי ר' בנימין איז דארט צוריקגעקומען. אין שטעטעל האט אויסגעבראכען א שרפה און אלע הייזער זיינען פארשלונגען געווארען אין די פלאמען. אויך ר' בנימין'ס הויז איז אוועק מיט'ן רויך. דער איינ־ציגער בית המדרש וואס ליובאוויטש האט דאמאלס פארמאגט, איז חרוב געווארען. אין דעם גרויסען אונגליק וואס האט געטראפען די ליובאוויטשער תושבים האט מען נאטירליך פארגעסען אז ר' בנימין'ען. אויך נאכדעם ווי די לעצטע גליהענדיגע האלאוועשקעס פון די פארברענטע הייזער זיינען אויס־געלאשען געווארען און די צוטומעלטע און דערשלאגענע נשרפים האבען זיך בארוהיגט און אנגעהויבען טראכטען וועגען באזארגען זיך מיט א נייעם דאך איבער'ן קאפ, האט מען קיין גרויס אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט דעם צדיק.

אלע נשרפים האבען זיך איצט געמוזט נעהמען צו דער ארבייט — צוריקצובויען זייערע הייזער. וואלד ארום איז געווען א סך. מען האט נאר געדארפט געהן אין וואלד אריין אויסהאקען בוימער און די קלעצער ברייג־גען אין שטעטעל און זיך בויען א ניי הויז.

די אידען אין ליובאוויטש זיינען דאמאלס געווען הארעפאשנע מענשען. יעדער האט געקענט האלטען א האק און א זעג אין האנד. די וואס האבען ניט געהאט געגוג געלד צו דינגען גוים צו טהאן פאר זיי די ארבייט, האבען עס אליין געטהאן. האבען די וועלדער ארום געהילכט מיט די קלעפ פון העק און די קולות פון מענשען וואס זיינען געווען ביי דער ארבייט. פון וואלד האט מען באלד אנגעהויבען פיהרען קלעצער און גאר איינגיכען האט מען אויף די ליובאוויטשער גאסען ווידער געזעהן הייזער.

אויך ר' בנימין האט זיך גענומען צוריקבויען זיין הויז. ער איז שוין געווען אויף דער עלטער. קיין קינדער, וואס זאלען איהם ארויסהעלפען, האט ער ניט געהאט. האט ער געדונגען מענשען איהם ארויסצוהעלפען, בעת אלע זיינען געווען פארטהאן אין בויען זייערע הייזער האט מען באמערקט, אז ר' בנימין בויט זיך עפעס גאר א גרויסען בנין. האבען זיך מענשען גע־וואונדערט. וואס זאל דאס באדייטען? האט דען ר' בנימין איצט געוואלט זיך בויען א גרויס און פרעכטיג הויז אויפ'ן ארט פון זיין פריהערדיג קליין הייזעל? מענשען האבען געקוועטשט מיט די פלייצעס. זיי האבען ניט געוואגט פרעגען ר' בנימין'ען וועגען דעם און ר' בנימין אליין האט זיי גארניט געזאגט.

אבער וואס וויימער דער בנין איז געבויט געווארען, אלץ מעהר האט

מען אנגעהויבען צווייפלען אויב ר' בנימין בויט טאקע א הויז פאר זיך. נאר שנעל איז דער ענין קלאר געווארען. עס איז טאקע ניט געווען קיין הויז פאר איהם אליין. עס איז געווען א הויז פאר גאט. ר' בנימין האט געבויט א בית המדרש. ערשט איצט האט מען זיך נעכאפט וואס אזוינס עס האט פאסירט. מ׳ן האט אין ליובאוויטש געהאט פארגעסען אז מען דארף אויך צוריקבויען דעם בית המדרש. פריהער האט מען געהאט אין זינען זיך אליין. מען האט פריהער געוואלט צוריקבויען די אייגענע הייזער. וועגען בית המדרש וואלט מען מסתמא אנגעהויבען טראכטען שפעטער, ווען מען וואלט פארטיג געווארען מיט זיך.

ר' בנימין האט אבער געטראכט גאנץ אנדערש. פריהער האט ער געוואלט באזארגען זיך און אנדערע מיט א בית תפלה. האבען איצט אלע אויף דאס ניי געזעהן ר' בנימין'ס צדקות און דער בית המדרש, וואס ער האט אויסגעבויט, איז גערופען געווארען אויף זיין נאמען: "ר' בנימין'ס שטיבעל". איצט האט מען זיך ווידער דערמאנט וועגען ר' בנימין'ס פארבארגענע כחות וועגען וועלכע דער בעל מקובל ר' בצלאל אורי פון פאלאצק האט גערעדט מיט אזוי פיעל התלהבות.

ר' בנימ[ין] האט פרובירט ליקענען שטיין און בייז.

— איך בין ניט קיין בעל מקובל, — האט ער גע'טענה'ט, — איך בין ניט מעהר ווי א פשוט'ער דארפס-מענש. איך קען ניט מעהר ווי א פרשה חומש.

און ווי ר' בנימין וואלט ערשט איצט געוואלט איבערצייגען אלעמען אין ליובאוויטש, אז ער איז נישט מעהר ווי א פראסטער מענש, האט ער זיך נאך מעהר אנגעהויבען חבר'ן מיט די בעלי מלאכות אין שטעטעל, באזונדער מיט וואלף דעם שוסטער, וועלכער האט נאך אלץ געמאכט דעם אנשטעל, אז ער ווייסט אפילו ניט קיין פירוש המלות.

אין דער אמת'ען, איז וואלף דער שוסטער אליין געווען א בעל מקובל און א בעל שם און די חבר'שאפט צווישען איהם און ר' בנימין'ען איז טאקע געווען צוליעב גאר הויכע צוועקען. קיינער האט עס אבער ניט געוואוסט און קיינמאל וועגען דעם ניט געקענט אויסגעפינען, וויילביידע האבען זיך אפגעגעבען מיט תורה און עבודה נאר דאמאלס ווען זיי זיינען ניט געווען אין שטאט און האבען זיך געקענט באהאלטען אין די ארומיגע וועלדער וועלכע זיינען געווען אזוי מסוגל פאר התבודדות.

ר' וואלף דער שוסטער איז פונקט ווי ר' בנימין געווען קינדערלאז. אין צייט פון דער כאלערע, ווען אין ליובאוויטש, ווי אין די ארומיגע שטעטלעך, זיינען געפאלען מענשען "ווי די פליגען", איז אויך ר' וואלף'ס ווייב געפאלען א קרבן פון דער מגפה. ר' וואלף, וועלכער איז ביי די ליובאוויטשער תושבים נאך אלץ געווען ניט מעהר ווי א שוסטער, האט דאן חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א ליובאוויטשער שניידער, אן אלמנה.

ר' בנימין איז דערווייל געווארען עלטער און שוואכער. זיינע פיס האבען איהם שוין אויפגעהערט צו דיענען. ער האט מעהר ניט געקענט זיך לאזען איבער דער וועלט ווי ער פלעגט עס טהאן אין די פריהערדיגע יאהרען. ער האט אויך מעהר ניט געקענט געהן איבער די דערפער האנדלען. אויך זיין פלונית'טע איז אויף דער עלטער געווארען שוואך. זיי האבען געמוזט האבען

אימיצען וואס זאל זיי ארומזעהן און אנפיהרען די הויז־ווירטשאפט פאר זיי. האבען זיי צו זיך אין הויז אריינגענומען א געוויסען צבי אריה און זיין ווייב לאה בריינע, א יונג פארעל וואס האט נאך נישט געהאט קיין קינדער. צבי אריה האט זיך געהאט ערנעהרט פון דעם וואס ער האט געארבייט אין א זשארנע, דרעהענדיג די מיהל־שטיינער. ער איז געווען א פשוט׳ער אבער גאטס־פארכטיגער מענש וואס האט שטענדיג זיך ערנעהרט פון זיין אייגענער פראצע.

צי אט דער צבי אריה האט אויך געהערט צו יענע נסתרים פון ר׳ בנימינ׳ס און ר׳ וואלף דעם שוסטער׳ס מין, צי ר׳ בנימין האט אים אויסגעקליבען נאר פאר זיין פשטות און גאטס־פארכטיגקייט, איז ניט גענוי באקאנט. ער האט איהם און זיין ווייב אויסגעקליבען ניט נאר פאר זייער אויפפאסער אויף די עלטערע יאהרען נאר האט איהם אויך געמאכט פאר זייער יורש.

פאר זיין פטירה האט ר׳ בנימין געלאזט רופען די חברה קדישא און האט אנגעזאגט ווי אזוי מען זאל איהם מקבר זיין. ער האט אויך אנגעזאגט, אז מען זאל ביי זיין קבר איבערלאזען אן ארט פאר זיין פרוי. ער האט דאן אפגעזאגט זיין הויז און גארטען און אלץ וואס ער האט פארמאגט צו צבי אריה׳ן און זיין ווייב, לאה בריינע. ער האט אבער דערביי מיט זיינע יורשים אויסגענומען א תנאי, אז זיי זאלען דאס הויז שטענדיג האלטען אפען פאר אורחים און זאלען זיי אויפנעהמען בסבר פנים יפות. ער האט זיי אויך אנגע־זאגט אריינצונעהמען אין הויז יתומים און זיי האדעווען. ר׳ בנימין האט פון זיינע יורשים פארלאנגט אז אויב דער אויבערשטער וועט זיי בענשען מיט קינדער, א זוהן און א טאכטער, זאלען זיי די קינדער א נאמען געבען בנימין און שרה, נאך איהם און זיין פרוי.

ווען ר׳ בנימין האט זיך אפגעפארטיגט מיט דער חברה קדישא און צבי אריה׳ן און לאה בריינע׳ן, האט ער גערופען צו זיך ר׳ וואלף, דעם שוסטער, וועלכער איז מיט איהם פארבליבען ביז יציאת הנשמה. עטליכע שעה איז ר׳ וואלף, דער שוסטער, געזעסען ביי ר׳ בנימינ׳ס טויטען־בעט. וואס ביידע האבען גערעדט אין ר׳ בנימינ׳ס לעצטע מאמענטען, וואס פאר א סודות זיי האבען זיך איינער דעם אנדערען אנטפלעקט, איז ניט באקאנט.

ר׳ בנימינ׳ס לויה איז, ווי ער האט געהאט אנגעזאגט פאר׳ן טויט, געווען אן איינפאכע. קיינע הספדים זיינען נאך איהם ניט געהאלטען געווארען. אין א חודש ארום איז אויך נפטר געווארען זיין ווייב, שרה, און זי איז געבראכט געווארען צו קבורה לעבען איהר מאן, ווי ער האט געהאט אנגעזאגט.

צבי אריה און זיין ווייב האבען איבערגענומען די ירושה און האבען אויסגעפאלגט אלץ וואס ר׳ בנימין האט זיי אנגעזאגט. דאס הויז איז געווא־רען אן אכסניה פאר אלע דורכפאהרער און דורכגעהער. צבי אריה און זיין ווייב האבען אויך אריינגענומען אין הויז יתומים און זיי געהאדעוועט ווי אייגענע קינדער.

דערוויילע האט עפעס פאסירט מיט ר׳ וואלף דעם שוסטער. צוויי יאהר נאכדעם ווי ר׳ וואלף האט חתונה געהאט מיט זיין צווייט ווייב, איז קיין

ליובאוויטש אנגעקומען א דורכפאהרער און ער האט נאר געדארפט אנקוקען דעם שוסטער ר' וואלף.

— איהר ווייסט ווער ער איז? — האט ער אויסגערופען מיט גרויס התלהבות און התפעלות, — דאס איז דאך ר' וואלף דער עלוי, דער וועלט־באריהמטער עילוי פון לוצק! שוין יאהרען ווי ער איז פארשוואונדען געווארען נ... זיין ווייב, די טאכטער פון דעם גאון ר' יצחק גרשון, דער לוצקער רב, און קיינער האט ניט געוואוסט וואו זיי זיינען אהינגעקומען.

ערשט איצט האט מען אין ליובאוויטש אויסגעפונען, אז אט דער ר' וואלף, דער שוסטער, איז א נסתר און אז ער האט די אלע יאהרען געפיהרט א פארבארגענעם לעבען. מען האט איצט אויך אנגעהויבען צו פארשטעהן פאר וואס ר' בנימין האט זיך מיט איהם אזוי גע'חבר'ט.

אין ליובאוויטש איז געווארען א רעש. ר' וואלף וואלט איצט געקענט האבען גדולה און כבוד. ער וואלט אויך געקענט אוועקווארפען זיין שוסטעריי. ער האט אבער פון דעם ניט געוואלט הערען. ער האט ווייטער געוואלט בלייבען א נסתר. אויב אין ליובאוויטש האט מען שוין געוואוסט זיין סוד, האט ער געזאלט אויף דאס ניי פארשווינדען.

איצט האט ער שוין אבער געהאט א צווייט ווייב. עס איז ניט געווען דאס ערשטע ווייב, די טאכטער פון דעם לוצקער רב, וואס האט צוזאמען מיט איהם געוואלט אפריכטען גלות און פיהרען א לעבען פון דחקות. זיין ערשטע ווייב איז געווען ניט ווייניגער צדקת ווי ער. אויך זי האט געבראכט א גרויסען קרבן.

איצט האט ער געהאט א פשוט'ע פרוי פאר א ווייב — די טאכטער פון א שניידער, די אלמנה פון אן אנדער בעל מלאכה. ער האט ניט געקענט וויסען נענוי ווי זי וועט האנדלען איצט. אז זי האט זיך דערוואוסט אז ער איז ניט קיין פשוט'ער שוסטער, נאר א באריהמטער עילוי. האט ר' וואלף זיך צו איהר געווענדעט און איהר גיגעבען איינע פון די צוויי ברירות: אדער זי זאל איהם נאכפאלגען וואו ער וועט געהן, אדער זי זאל פון איהם נעהמען גט. אין ליובאוויטש האט ער מעהר בשום אופן ניט געוואלט און געקענט בלייבען. ד... לעבענס־וועג וואס ער האט פאר זיך אנגעצייכענט האט ניט געפיהרט דורך גדלות און כבוד און אודאי ניט דורך מאכען די תורה פאר א קרדום לחפור בה. ער האט זיך געמוזט דערנעהרען פון דער פראצע פון זיינע אייגענע הענד. פאר איהם האט דער "בזיעת אפיך תאכל לחם" געהאט א באשטימטען באדייט. דאס איז פאר איהם געווען א ווירקליכקייט. ער האט אפילו זיך ניט געזאלט געפינען צווישען מענשען וואס ווייסען, אז ער איז נישט קיין פשוט'ער בעל מלאכה. ער האט דערפאר צום צווייטען מאל געמוזט פארלאזען די שטאט וואו ער האט זיך געהאט איינגעארדענט — דאס ערשטע מאל פון לוצק, וואו ער איז געווען דער באריהמטער איידעם פון א באריהמטען שוועהר, און איצט — פון ליובאוויטש, וואו זיין סוד איז אנטפלעקט גע־

ווארען און וואו ער וואלט מעהר קיין מנוחה ניט געהאט, אנפיהרענדיג א לעבען פון א פשוט'ען הכנעה'דיגען שוסטער.

זיין ווייב האט ניט געוואלט קיין גט. זי איז געווען מרוצה איהם נאכצו־פאלגען אין זיין נייעם גלות, און אין משך פון א פאר טאג זיינען מאן און ווייב פארשוואונדען פון ליובאוויטש.

## ד

## ר' וואלף ווערט ווידער נתגלה

פאולאזם ליובאוויטש און באזעצט זיך אין א דארף. — דער גלת וואס וויל אפשטרי־ן אידען. — אידען אין א פארלעגענהייט. — ר' וואלף דער שוסטער ענטפערט דעם גלח און צושלאגט אלע זיינע באווייזען.

פאר ר' וואלף דעם שוסטער, דער פארבארגענער לוצקער עילוי, און זיין ווייב, האט זיך איצט אנגעפאנגען א לאנגער גלות. זיי האבען געוואנדערט פון שטאט צו שטאט און פון דארף צו דארף, דערנעהרענדיג זיך אומעטום פון וואלף'ס שוסטעריי — א מלאכה וואס ער האט געטהאן מיט גרויס חשק, דערפאר וואס ער האט אין אט דער מלאכה געזעהן א סך מעהר ווי א מיטעל צו ציהען דערפון זיין ארימע חיונה אדער צו באהאלטען דורך איהר זיין צדקות און לומדות.

בכלל האט ר' וואלף אין מלאכה געפונען זיין מנוחה און אויך זיין אידעאל אין לעבען, באזונדער די געלעגענהייט וואס ער האט געוואלט — צו זיין תמיד צווישען בעלי מלאכות און פשוט'ע פאלקס־מענשען, וועמען ער האט געליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון זיין נשמה. שוסטעריי האט איהם אבער אויך געגעבען א געלעגענהייט צו טהאן גוטעס פאר מענשען און טאקע פאר ארימע מענשען. א מלבוש טראגט מען אבי וועלכען. שיך מוז מען אבער האבען גאנצע, כדי ווינטער זאל דורך זיי ניט דורכקריכען דער שניי און אין די רעגענדיגע טעג פון יאהר זאל דורך זיי ניט דורכגעהן קיין נעץ.

ר' וואלף האט דערביי אויך געקענט ציינען זיין גוט־הארציגקייט מיט דעם וואס ער האט ניט נאר געטהאן זיין ארבייט בשלמות, נאר האט קיינמאל ביי קיינעם ניט גענומען קיין איבריגע פרוטה. ער האט גערעכענט פאר זיין ארבייט ביליגער. דאס האט ער געטהאן פאר צוויי טעמים: דערפאר וואס ער האט ניט געוואלט נעהמען מעהר ווי ער האט געדארפט פאר זיינע הצטרכות'ן און דערפאר וואס ער האט ניט געוואלט אז ארימע מענשען זאלען דארפען איבערצאהלען און זיך צוליעב דעם ניט קענען אזוי לייכט פארגינען א נייע פאר שיך אדער פאררי‌כטען די אלטע.

ר' וואלף'ס וואנדערונגען האבען אנגעהאלטען א לענגערע צייט, ביז ער האט דערגרייכט א דארף אין וואהלין, ניט ווייט פון לוקאטש, וואו ער האט זיך באזעצט און געמאכט זיין שטענדיגע היים, — "שטענדיגע" ביז וואנען

ער האט אויך פון דארט געמוזט אויסוואנדערען ווי דאס איז געווען דער פאל ווען ער האט אויסגעוואנדערט פון ליובאוויטש.

אין יענעם דארף האט ר' וואלף צוערשט נעהאט געפונען די מנוחה וואס ער האט נעהאט געזוכט זינט ער האט פארלאזט ליובאוויטש. ער האט דארט געקענט פיהרען זיין לעבען ווי ער האט עס געוואלט און קיינעם זאל ניט איינפאלען, אז ער איז א נסתר. ר' וואלף האט זיך טאקע געוואונען א גוטען נאמען אין דארף צווישען אידען און, להבדיל, אויך צווישען גוים, אבער דאס איז נאר געווען דערפאר וואס ער איז געווען עהרליך און געטריי צו זיין מלאכה, און גערעכענט בילינער ווי אנדערע און געגעבען בעסערע סחורה ווי אנדערע, און אויך דערפאר וואס ער איז געווען א שטילער און רוהיגער מענש, וואס האט קיינמאל קיינעם ניט בארעדט, קיינמאל זיך מיט קיינעם ניט געקריגט און, ווי מען זאגט, קיין פליג אויף דער וואנט ניט אנגעריהרט.

אין דער אמת'ן האט ר' וואלף בכלל וויינינג גערעדט און ער האט באקומען דעם נאמען פון א שותק. מענשען האבען עס צוגעשריבען צו זיין פראסטקייט א:' אויך צו זיין גוטסקייט. די גוים האבען איהם גערופען "וואולפקע דאברי" (דער גוטער וואלף).

וואלט מסתמא אלץ געגאנגען כשורה און קיינער וואלט ניט אויסגע־פונען, אז אט דער שטילער און פראסטער מענשעל איז א באהאלטענער צדיק און גאון. פאסירט אבער אזוינס וואס האט ר' וואלף'ן געצוואונגען, כדי מקדש שם צו זיי'ן, זיך ארויסצוגעבען אין זיין גאנצער גדלות.

אין יענעם דארף איז געווען א קאטוילישער גלח, וואס האט זיך פאר־גומען געגען דעם אידישען דת און האט זיך אריינגענומען אין קאפ, אז ער דארף און קען אידען געווינען צום קריסטענטום.

צוערשט האט דער גלח אנגעפאנגען מיט גוטע און פריינדליכע רייד. יעדעם מאל פאר א קריסטליכען חגא פלעגט ער צוזאמענרופען די גוים און די אידישע איינוואוינער פון דארף אויפ'ן מארק און דארט פון א באלעמער האלטען פאר די פארזאמעלטע א דרשה. ער פלעגט ריידען וועגען דעם ווי אזוי דאס קריס־טענטום האט שוין געבראכט די "גאולה" אויף דער וועלט, און דאן אויפ־פאדערען די גוים און די אידען, אז זיי זאלען לעבען בשלום צווישען זיך און טאקע זיך אויך פארמישען, ווייל אלע, פלעגט ער אויספיהרען, דארפען זיך פעראייניגען אין איין פאלק.

די רייד פון דעם גלח האבען געמאכט א גרויסען רושם אויף די צוהערער, באזונדער אויף די גוים. יענע האבען באמת אנגעהויבען צייגען זייער פריינדליכקייט צו די אידען. די אידען פון זייער זייט האבען זיך געפיהלט זיכערער.

וואס איז שייך דעם גלח'ס רייד, אז אידען און גוים דארפען זיך פארמי־שען און ווערען איין פאלק, האט עס אבער קיין ווירקונג ניט געהאט. די אידען זיינען זיך געבליבען ביי זייער אמונה און די גוים ביי זייערע. ווארים כל זמן דער גלח האט נאר גערעדט וועגען פריינדשאפט צווישען גוים און אידען, אויב אפילו ער האט עס באגרינדעט אויף דאס "משיח'ישע" וואס דאס קריס־טענטום זאל מיט זיך פארשטעלען, האט עס קיינעם ניט געארט. די גוים האבען זיך געמענט טראכטען וואס זיי ווילען וועגען זייער גלח'ס רייד. זיי

האבען אבער פון איהם געהערט קלארע דיבורים, אז מען דארף אידען באַ־האנדלען ווי אייגענע מענשען. אויף אזוי ווייט איז עס טאקע פאר אידען געווען לטובה, און זיי האבען עס געהעריג אפגעשאצט.

עס האט אבער לאנג ניט גענומען און אידען האבען זיך ארומגעזעהן, אז אט די גוטע רייד פון דעם גלח, איז נאר געווען א צוגרייטונג. ער איז ענדליך ארויס מיט קלארע דיבורים, אז ער וויל, אז אידען זאלען אריבער צום קריסטענטום. ער האט שוין אפען אנגעהויבען דונערען געגען דער אידישער אמונה און "באווייזען" אז דאס קריסטענטום איז די איינציגע און אמת'ע אמונה, און דוקא לויט דעם נוסח פון דער קאטוילישער קירך. דער גלח האט אפילו פרובירט צייגען זיין "געלעהרזאמקייט" און געבראכט פסוקים פון תנ"ך און זיי אויסגעטייטשט אזוי, אז עס האט געדארפט הייסען, אז דער תנ"ך אליין "אנערקענט" דאס קריסטענטום.

דאס זיינען געווען די געוויינליכע און גוט־באקאנטע רייד פון די קריסט־ליכע מיסיאנערען וואס האבען אין אלע צייטען פרובירט מיט כלומרשטע ארגומענטען "איבערצייגען" אידען, אז זיי דארפען איבערגעהן צום קריס־טענטום.

געלערנטע אידען, — אידען וואס זיינען באקאנט מיט אט די ארגומענטען, — וויסען גענוי וואס צו ענטפערען אויף דעם. באריהמטע אידישע פיהרער האבען שוין אין פארשיידענע צייטען געהאט וויכוחים מיט קריסטען וועגען דעם און אלע טענות און כלומרשטע באווייזען צוריקגעשליידערט און צו־שטערט.

אין יענעם דארף אין וואהלין האט זיך אבער ניט געפונען קיין איינ־ציגער איד צווישען די דארטיגע תושבים, וואס זאל וויסען וואס צו ענטפערען דעם גלח. זיי זיינען אלע געווען פראסטע מענשען פאר וועמען די "ראיות" פון דעם גלח מיט זיין גלאטען צינגעל זיינען געווען איבער זייערע כחות.

זיינען די אידען טאקע געווען אין א פארלעגענהייט. דער גלח האט גע־קראגען אלץ מעהר חוצפה. ער האט שוין גערעדט אפען צו די אידען, אז אויב זיי קענען ניט ענטפערען אויף זיינע ארגומענטען און קענען ניט אפ־שלאגען זיינע "ראיות", וואס ער ברייננגט טאקע פון תנ"ד, זאלען זיי באלד זיך אפזאגען פון זייער אמונה און אריבער צום קאטוילציזם, צוזאגענדיג זיי דערביי גליקען אויף דער וועלט און אויף יענער.

דער גלח, זעהענדיג, אז קיינער פון די אידען וואגט ניט צו זאגען קיין ווארט, איז געווארען נאך האפערדיגער ביי זיך, פיהלענדיג ווי ער האט די אידען מנצח געווען, אויב טאקע אויך ניט "איבערצייגט". ער האט שוין דערוואַרט צו האבען א גאנץ גרויסען פאנג, און אז א היבשע צאהל אידען זאל זיך שמד'ען.

איינמאל, א זומער, פאר א חגא, האט דער גלח אויף דאס ניי צוזאמענ־גערופען אלע גוים און אידען אויפ'ן מארק וואו ער האט זיך געשטעלט פאר זיי דרשנ'ען אויף זיין געוויינליכען שטייגער.

דאס מאל האט דער גלח גערעדט נאך מיט מעהר שארפקייט געגען דער אידישער אמונה און געשטעלט די דירעקטע פאדערונג צו די אידען, אז זיי זאלען זיך שמד'ען. ער האט אויסגעלאכט אידען און זייערע מנהגים, —

אין קורצען, די גאנצע אידישע תורה, — אנווייזענדיג מיט זיין שטענדיגער חוצפה, אז דער "אמת" איז נאר אויפ'ן זייט פון דעם קאטוליציזם.

— קען אימיצער דען מיר ענטפערען אויף מיינע רייד? — האט דער גלח אויסגערופען מיט פולער זיכערקייט, אז ביי קיינעם פון די אידען וועט זיך דאס מויל ניט עפענען.

אבער מיט אמאל האט זיך פון צווישען דעם אידישען געזעמעל אימיצער ארויסגערוקט. יענער האט א זאג געטהאן, און גראד אין א גאנץ קלארען און שארפען קול, אז ער וואלט וועלען ענטפערען דעם גלח.

אלע האבען זיך אומגעקוקט אויסצוגעפינען ווער אט דער מענשעל איז און צו זייער איבערראשונג איז עס געווען ניט קיין אנדערער ווי ר' וואלף דער שוסטער, דער "וואולפקע דאברי", ווי די גוים האבען איהם גערופען.

ווי קומט ער צו עפענען א מויל, אז מען האט פון איהם זעלטען געהערט א ווארט און א סך האבען זיך געוואונדערט אויב ער האט בכל לשון! אידען און גוים האבען געהאלטען אויסגעטראסקעט זייערע אויגען אויף אט דעם מענשעל. דער גלח אליין איז אויך געווען פאראינטערעסירט.

— גוט, וואולפקע, — האט ער אויסגערופען, — דו ווילסט עפעס זאגען, קום ארויף דא אויפ'ן באלעמער און לאמיר אלע הערען וואס דו האסט צו זאגען.

דער גלח איז קענטיג געווען זיכער, אז טאקע דורך "וואולפקע דאברי" וועט ער קענען צונאגלען די אידען אז זיי זאלען זיך מעהר פון איהם ניט קענען ארויסדרעהען.

מיט געצעהלטע טריט איז ר' וואלף ארויף אויף דעם באלעמער און האט גענומען דאס מויל, און צו אלעמענס איבערראשונג, האט מען דערהערט א שפראך וואס קיינער האט פון איהם ניט דערווארט צו הערען. ער האט גערעדט פויליש, פליסיג און קלאר ווי אן "אמת'ער גוי". די גרעסטע איבערראשונג איז אבער געווען דאס וואס ער האט געזאגט. ער האט אנגעהויבען אפצושלא־גען דעם גלח'ס ארגומענטען איינס נאכ'ן אנדערען און ברייננגען באווייזען וואס האבען דעם גלח'ס רייד פשוט געמאכט לעכערליך. ער האט אנגעהויבען ווארפען מיט פסוקים און זיי שנעל און פליסיג פארטייטשט אויף פויליש. דער חידוש דערביי איז געווען נאך מעהר וואס יעדער איינער האט איהם געקענט פארשטעהן און וואס יעדער איינער האט געמוזט איינזעהן, אז ער האט רעכט. ער האט פשוט באוויזען, אז דער גלח ווייס ניט וואס ער רעדט און האט ניט נאר פאלש ציטירט די פסוקים, נאר האט זיי אויך ניט ריכטיג פארטייטשט און פארשטאנען.

איצט האט שוין דער גלח געמוזט שווייגען. ער האט זיך מיט ר' וואלף'ן ניט געקענט פארמעסטען.

אין דער ויכוח שנעל פארענדיגט געווארען און אלע האבען שוין גע־וואוסט, אז דער שוסטער האט מנצח געווען דעם גלח. אידען זיינען געווען מלא שמחה. זיי האבען געפיהלט, אז ר' וואלף האט זיי געראטעוועט פון א גרויסע סכנה. אבער אויך די גוים האבען ניט געקענט זיך אפוואונדערען פון

אט דער פלוצומדיגער אנטפלעקונג פון דעם שווייגנדיגען און, אויפ'ן אויסקוק, פשוט'ען ר' וואלף.

דער גלח האט שוין מעהר ניט געוואגט באלעסטיגען די אידען און האט אויפגעהערט צוזאמענרופען דעם עולם אויפ'ן מארק צו הערען זיינע דרשות.

פארגעקומען איז עס אין מיטען זומער, פאר שניט־צייט, און ביים אנפאנג פון חודש אלול האט מען זיך ארומגעזעהן, אז ר' וואלף און זיין פרוי זיינען פארשוואונדען געווארען.

ר' וואלף איז אויף דעם אופן נתגלה געווארען. דאס איז געשעהן דורך זיינע אייגענע מעשים. עס איז געווען א שעת הכושר מקדש שם צו זיין און ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט. ער האט אבער מעהר ניט געוואלט בלייבען אין דארף, וואו אידען און ניט־אידען וואלטען איהם איצט צוגע־טיילט גרויס כבוד און ער וואלט מעגליך געדארפט אויפגעבען זיין מלאכה — שוסטעריי.

דאס האט ער בשום אופן ניט געוואלט. ער האט זיין שליחות אפגעטהאן. פאר איהם האט זיך איצט געדארפט אנפאנגען א נייע סדרה פון אפריכטען גלות און אויף דאס ניי וואנדערען איבער שטעט און שטעטלעך, וואו ער זאל קענען טהאן זיין מלאכה אומגעשטערט און וואו קיינער זאל איהם ניט דארפען חושד זיין, אז ער איז עפעס מעהר ווי א פשוט'ער פאלקס־מענש וואס חבר'ט זיך מיט זיין גלייכען און וואס האט ניט קיין העכערע באדערפענישען ווי צו לעבען איינפאך און זיך צו דערנעהרען פון דער ארבייט וואס ער טהוט, ניט פארלאנגענדיג פון קייגעם קיין איבריגע פרוטה ווי דאס וואס ער אליין האט באשטימט, אז עס קומט איהם און וואס דער צווייטער האט אנער־קענט, אז ער האט עהרליך און כשר פארדיענט.

די תושבים פון דארף, אידען ווי ניט־אידען, האבען צווערשט פרובירט ארומזוכען ר' וואלף'ן. זיי האבען איהם ניט געוואלט פארלירען. זיי האבען אבער מעהר פון איהם קיין שפור ניט געפונען. ער איז ווי אין וואסער אריין.

## ה

## דער מארטירער

ר' וואלף איז ווידער מנצח דעם גלח. — זיין ארעסט. — זיינע ויכוחים מיט די גלחים אין קיעוו. — דער בלבול און דער טויט־אורטייל. — זיין אלמנה און יתום.

איצט, אז ר' וואלף דער שוסטער איז שוין מעהר ניט געווען אין דארף, האט דער גלח אויף דאס ניי אנגעהויבען האלטען דרשות אויפ'ן מארק וואוהין ער האט גערופען די אידען, אויפפאדערענדיג זיי אז מען זאל איהם אויסהערען. ווידער האט ער אנגעהויבען געבען זיינע אלטע "ראיות" פאר וואס אידען דארפען איבערגעהען צום קאטויליציזם. די אידישע תושבים פון דארף האבען געמוזט אויסהערען זיינע רייד און זיינען געווען אין צער

און אין שרעק. זיי האבען זיך מצער געווען וואס ר' וואלף איז שוין מעהר ניטא אין דארף כדי צוצושלאגען דעם גלח'ס רייד און זיי האבען זיך געשראקען דערפאר וואס זיי האבען אלע גוט געזעהן די סכנה, אז דער גלח זאל ווערען צודרינגליכער און זאל פשוט זיי פרובירען צווינגען צו שמד.

די לאנגע פון די אידען איז געווארען נאך ערגער דערפאר וואס דער גלח האט צוגעקראגען אן ארויסהעלפער. דאס איז געווען דער זוהן פון דעם דארפישען פריץ. אט דער יונגער פריץ, וועלכער איז גראד געווען א שטיקעל מלומד, איז געווען א גרויסער פאנאטיקער. ער האט פולשטענדיג געשטיצט דעם גלח אין זיין פארזוך ארייצוציהען די אידען אין דעם נעץ פון שמד. ער האט אנגעהויבען קומען צו די פארזאמלונגען אויפ'ן מארק. ער איז געזעסען מיט'ן גלח אויפ'ן באלעמער און זיך צוגעהערט צו זיינע דרשות און אליין אויך געהאלטען דרשות פאר'ן עולם.

דער יונגער פריץ האט זיך דערביי נאך פרובירט פלייסען און ציינגען זיין קענטנים. ער האט ארויסגעפעקעלט זיין גאנצען טעאלאגישען וויסען אין א פארזוך צו "איבערצייגען" די אידישע צוהערער, אז זיי דארפען וואס שנעלער אריבער צום קריסטענטום. דערביי האט ער אויך ניט פארגעסען צו מאכען אלערליי סטראשונקעס, אז אויב די אידען וועלען בלייבען פאר'עקשן'ט, וועלען זיי זיך מעגען ריכטען אויף אלערליי נגישות. איז די אידען געווען ביטער אויפ'ן הארצען און זיי האבען זיך קיין עצה ניט געקענט געבען.

עס איז געווען אין מיטען זומער פאר שניט-צייט. דער גלח, ארויסגע-האלפען פון דעם יונגען פריץ, האט אויף דאס ניי צוזאמענגערופען די אידען און די גוים און געהאלטען איינע פון זיינע דרשות, רופענדיג די אידען צו שמד. דער יונגער פריץ איז דערביי ארויסגעקומען מיט נייע "באווייזען" פאר וואס אידען דארפען זיך אפזאגען פון זייער אמונה.

— קען אימיצער דא מיר ענטפערען אויף די באווייזען וואס איך האב געגעבען? — האט דער יונגער פריץ זיך געווענדעט מיט א פראגע צו די אידישע צוהערער.

פאר א ווייל האט געהערשט א טויטע שטילקייט. ווער וואלט דען געוואגט ענטפערען דעם יונגען פריץ און דעם גלח? נאך פלוצלונג האט זיך פון דער זייט אימיצער ארויסגערוקט און אויסגערופען:

— איך וועל ענטפערען! — און מיט דרייסטע טריט איז ער געגאנגען גלייך צום באלעמער.

דער עולם האט איהם אנגעקוקט, און צו אלעמענס פרייד, — עס איז געווען ניט קיין אנדערער ווי ר' וואלף דער שוסטער. נאכדעם ווי ר' וואלף האט א לאנגע צייט ארומגעוואנדערט איבער שטעט און שטעטלעך און זיך אין ערגעץ ניט געלאזט דערקענען, האט ער זיך מיישב געווען און האט זיך מיט זיין ווייב צוריקגעקעהרט אין דארף אריין. ער האט גוט געוואוסט, אז די אידען וועלען איהם דארפען אויף דאס ניי. ער האט זיך משער געווען, אז ווען ער וועט מעהר ניט זיין אין דארף וועט דער גלח זיך צוריקנעהמען צו זיין טייפלישער ארבייט. איצט איז ער צוריק געווען אויף דער סצענע גרייט

זיך ארײנצולאזען אין א לאנגען ויכוח מיט'ן גלח און זײן ארויסהעלפער דער יונגער פריץ.

ווידער האט ר' וואלף געצײגט זײן כח און האט אין א פליסיגען פויליש צוריקגעשלײדערט אלע סברות פון דעם גלח און דעם יונגען פריץ. ער האט זײ פשוט פארמאכט די מײלער. זײ האבען געמוזט צוגעבען אז זײ זײנען באזיגט. די אידען זײנען געווען מלא שמחה. זײ האבען זיך אויף דאס נײ געפיהלט זיכער. ר' וואלף און זײן פרוי זײנען שוין געבליבען אין דארף. קענטיג אז ר' וואלף האט איצט געפיהלט, אז ער טאר מעהר ניט פארלאזען די אידען ווייל אהן איהם וועלען זײ זײן הילפלאז.

עס איז געווען א פארנאכט סוף זומער. ר' וואלף איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. מיט אמאל זײנען אנגעקומען דרײ באוואפענטע פא־ליציאנטען און האבען איהם ארעסטירט, אוועקנעהמענדיג איהם פון דעם אפענעם ספר. עס איז געווארען א גערודער. ר' וואלף'ס ווייב האט ביטער געוויינט. זי האט געבעטען תחנונים. מען האט איהר אבער געענטפערט, אז דער באפעהל צו ארעסטירען ר' וואלף'ן איז געקומען פון די העכערע אינסטאנ־צען און אז דער באפעהל איז צו ברײנגען ר' וואלף'ן צום בישאף אין לוקאטש.

מען האט געקענט קלאר זעהן, ווער עס האנד עס האט דארין געשטעקט. דער גלח און דער יונגער פריץ, פיהלענדיג זיך געקרענקט פון ר' וואלף'ס כח זײ מנצח צו זײן אין די עפענטליכע ויכוחים, האבען באשלאסען פון איהם נקמה צו נעהמען און גלײכצײטיג פון איהם פטור ווערען. זײ האבען איהם פאר'מסור'ט פאר'ן בישאף און יענער האט שוין געפונען א גרונד אויף וועלכען איהם צו לאזען ארעסטירען.

א חודש צײט איז ר' וואלף געווען אין לוקאטש אונטער ארעסט. צוויי מאל א וואך איז ער געווען געצוואונגען צו קומען אין הויז פון בישאף און מיט אט דעם הויכען גײסטליכען זיך מתוכח זײן וועגען אידענטום און קריסטענטום. עס איז דעם בישאף פשוט געגאנגען אין לעבען צו מנצח זײן ר' וואלף'ן. ער האט עס אבער ניט געקענט. ר' וואלף האט שטענדיג צוקלאפט אלע זײנע טענות, ראיות און סברות. אײנזעהענדיג, אז ער קען מיט ר' וואלף'ן גארניט מאכען, האט דער בישאף איהם פאר'מסר'ט פאר דעם הויכען קאטוילישען קירכליכען ראטה וואס האט זיך דאמאלט געפונען אין קיעוו און, אונטער א באוואפענטער וואך, איז ר' וואלף איבערגעשיקט גע־ווארען קיין קיעוו.

אין קיעוו האט מען איהם גראד צוערשט אויפגענומען פרײנטליך. מען האט איהם ערלויבט אויפצוהאלטען זיך אין א פריוואט הויז, געבענדיג איהם אלע זײנע פריהײטען. אײן מאל אין צוויי וואכען, האט מען איהם ארויסגעפאדערט צו האלטען אן עפענטליכען וויכוח מיט אײנעם פון די הויכע גײסטליכע. אזוי זײנען אוועק פינף חדשים. אין קײנעם פון די אלע ויכוחים וואס זײנען פארגעקומען, האט אימיצער געקענט קריגען די אויבער־האנד איבער ר' וואלף'ן. ער איז תמיד ארויס מיט נצחון.

די גלחים האבען זיך געפיהלט שטארק געטראפען. זײ האבען פשוט זיך קײן עצה ניט געקענט געבען. האבען זײ אויף דעם אלטען שטײגער געמאכט

א בלבול אויף ר' וואלף'ן. זיי האבען אויסגעטראכט, אז ער האט געלעסטערט און אפגעלאכט פון דעם נוצרי און פון דער קאטוילישער קירך און די גלחים.

ר' וואלף איז געשטעלט געווארען פאר א קירכליכען געריכט. אלץ איז שוין געווען צוגעגרייט אין פאראויס. פאלשע עדות זיינען אויפגעטראטען און "באשטעטיגט" די אנקלאגע, אז ר' וואלף האט טאקע געלעסטערט און אפגע־לאכט פון נוצרי און דער קאטוילישער קירך.

דער אנקלעגער האט געפאדערט די הארבסטע שטראף פאר דעם אונ־גליקליכען ר' וואלף'ן און א פסק איז ארויסגעטראגען געווארען, אז מען זאל איהם פארברענען לעבעדיגערהייט.

די הינריכטונג איז פארגעקומען עפענטליך עטליכע טעג נאכ'ן אורטייל. דאס איז דורכגעפיהרט געווארען אין סאמע צענטער פון קיעוו. די טיפלישקייט פון די גלחים איז געווען אזוי גרויס, אז זיי האבען געצוואונגען דעם רב און די ראשי הקהל צו זיין אנוועזענד ביי דער הינריכטונג.

די טראגעדיע, וועלכע האט שטארק דערשיטערט די אידען פון קיעוו און פון אלע אנדערע אידישע קהלות, איז געווען נאך פיינליכער דערפאר, וואס גראד א קורצע צייט פאר זיין משפט, האט ר' וואלף געקראגען די בשורה, אז זיין פרוי שוואנגערט. עס איז געווען זיין ערשט קינד. דאס האט איהם שטארק דערפרעהט. ער האט אבער ניט זוכה געווען צו זעהן דאס קינד. ווען ר' וואלף איז געשטארבען אויף קדוש השם איז די אלמנה געווען אין די ערשטע מאנאטען.

די אידישע קהלה אין קיעוו האט איהר געבעטען בלייבען אין שטאט, גרייט איהר דארט אויסצוהאלטען מיט אלע באקוועמליכקייטען. זי האט עס אבער ניט געוואלט. זי האט באשלאסען זיך צוריקצוקעהרען קיין ליובאוויטש וואו זי איז געבוירען געווארען און וואו זי האט געהאט איהרע עלטערען.

האט זי ביי דער ערשטער געלעגענהייט פארלאזט קיעוו און האט זיך צוריקגעקעהרט קיין ליובאוויטש. איהר פאטער, אן ארימער שניידער, איז שוין געווען אלט און האט אליין געמוזט אנקומען צו קצבה. זי האט דערפאר בי איהרע עלטערען אין הויז ניט געקענט געפינען קיין מנוחה. קיין אנדערע נאר נאהענטע קרובים, וועלכע זאלען איהר קענען אויסהאלטען, האט זי אויך ניט געהאט. די ראשי הקהל פון ליובאוויטש, וויסענדיג שוין די גרויסע צדקות און וועגען מארטירערטום פון איהר מאן און וועגען איהר שוואנגער־שאפט, זיינען געווען גרייט איהר אויסצוהאלטען מיט אלע איהרע באדערפע־נישען. זי האט זיך אבער פון דעם אנט׳אגט. זי האט דערקלעהרט, אז זי האט געלערנט פון איהר מאן דעם קדוש ווי וויכטיג עס איז צו דערנעהרען זיך פון דער אייגענער פראצע און ניט אנצוקומען צו קיין בשר ודם פאר קיין שטיצע. זי האט דערפאר דורכאויס געוואלט נאר טהאן אן ארבייט פון וואס זי זאל זיך קענען מפרנס זיין אפילו אין די הויכע מאנאטען אין וועלכע זי האט זיך געפונען.

איז זי געווארען א דינסט אין איינע פון די בעלי־בית'ישע הייזער אין ליובאוויטש און איז דארט שוין אויך געלעגען געווארען.

דאס קינד איז געווען א איינגעל און זי האט איהם א נאמען געגעבען נאך

זיין פאטער, ר׳ וואלף. דער ברית איז געפראוועט געווארען מיט גרויס פאראד. גאנץ ליובאוויטש האט זיך משמח געווען. עס איז געווען אן אמת׳ע שמחת מצווה.

דריי יאהר האט ר׳ וואלף׳ס אלמנה געהאדעוועט איהר קינד, און אלץ מיט איהר אייגענער פראצע, אפזאגענדיג זיך צו נעהמען פון וועמען ניט איז שטיצע פאר זיך אדער איהר קינד. צי דאס איז געווען פון איהר שווער, ארים לעבען, צי פון עפעס אנדערש, ר׳ וואלף׳ס אלמנה האט זיך געלעגט אין בעט א קראנקע און איז שוין פון בעט מעהר ניט אויפגעשטאנען. דער דריי יאהריגער וואלף איז געבליבען א קיילעכדיגער יתום.

איצט האט שוין קהל געדארפט און געמוזט זוכען מיטלען צו באזארגען דעם יתום. קיין גרויס זארג איז דערביי אבער ניט געווען. גאנץ שנעל האט זיך אימיצער אפגעזוכט וואס האט דעם יתום׳ל ארייגענומען צו זיך אין הויז צו האדעווען. דאס איז געווען צבי אריה און זיין פרוי לאה ברײנע, וועלכע, ווי מיר ווייסען שוין פון פריהער, האבען גע׳ירשן׳ט פון דעם נסתר ר׳ בנימין׳ען זיין הויז און גארטען, האבענדיג איהם צוגעזאגט, אז זיי וועלען אין הויז ארייננעהמען יתומים צום האדעווען און עס האלטען אפען פאר אלע וואס דארפען א נאכטלעגער.

די געלעגענהייט איז איצט געווען א באזונדער פאסיגע. איז דאך דער יתום׳ל וואלף ניט נאר געווען הילפלאז, נאר איז אויך געווען ־ער זוהן פון דעם קדוש ר׳ וואלף, וועלכער איז געווען אין משך פון זיין אויפהאלט אין ליובא־וויטש אזוי ענג צוזאמענגעבונדען מיט ר׳ בנימין׳ען.

צבי אריה און לאה ברײנע האבען שוין אויך געהאט זייערע אייגענע קינדער — א אינגעל און א מיידעל. זיי האבען דערפאר געהאט די געלע־גענהייט אויסצופאלגען אן אנדער טייל פון ר׳ בנימין׳ס צוואה — צו רופען דאס אינגעל אויף זיין נאמען, בנימין, און דאס מיידעל אויף זיין ווייב׳ס נאמען — שרה.

בנימין און שרה זיינען ביידע געווען געראטענע קינדער. בנימין האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע כשרונות אין לערנען, און שרה, זיין שוועסטער, האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר גוטהארציגקייט און אויך איהר שעהנ־קייט. זי איז נאך אליין געווען א קינד און זי האט שוין ארויסגעהאלפען איהר מוטער ביים ארומגעהן ארום די יתומים און יתומות, וואס האבען זיך געהא־דעוועט ביי זיי אין הויז.

ווען דער יתום׳ל וואלף איז ארייגענומען געווארען צו זיין אין הויז, האט די קליינע שרה׳לע זיך מיט איהם געשפיעלט און איהם מקרב געווען, האלטענדיג זיך צו איהם ווי צו א ברודער.

עס האט לאנג ניט געדארפט נעהמען און עס זאל זיך ארויסווייזען, אז דער קליינער וואלף האט אויך גרויסע כשרונות צום לערנען און דערצו איז ער

אויך א גרויסער מתמיד. עס איז דערפאר געווען גאנץ נאטירליך, אז די צוויי אינגלעך, וואלף און בנימין, זאלען ווערען חברים אין לערנען.ביידע זיינען געווען פאסיג צו זיין חברים. אזוי איז אויף דאס ניי פארבונדען און פארקניפט געווארען א פריינדשאפט צווישען דעם נייעם בנימין און דעם נייעם וואלף.

## ו

## אידישע צדקות און גויאישע אכזריות

דער נייער בנימין און נייער וואלף. — אידישע נגינה און גויאישע שכרות. — דער נייער רב פון לובאוויטש. — דער רב וואס איז געווארען א מגיד.

ווידער האט ליובאוויטש געהאט א געלעגענהייט צו זעהן א שטארקע פריינדשאפט און חבר'שאפט צווישען א וואלף'ן און א בנימין'ען. אנשטאט דעם אמאליגען ר' בנימין'ען, דעם פארבארגענעם צדיק, איז איצט געווען א בנימין, דער זוהן פון יענעם ר' בנימין'ס יורשים, צבי אריה און לאה בריינע. וועלכער איז געווען א נאמען נאך איהם, און דער יתום וואלף, וועלכער איז געווען א נאמען נאך זיין פאטער, דער קדוש ר' וואלף דער שוסטער. ביידע אינגלאך האבען געלערענט צוזאמען און זיך געהאדעוועט צוזאמען. ביידע האבען ארויסגעוויזען גרויס כשרונות און האבען געלערנט מיט התמדה. די גאנצע שטאט האט וועגען זיי גערעדט און זיך מיט זיי געצאצקעט.

אז די צוויי אינגלאך זיינען אונטערגעוואקסען און האבען שוין געהאט וואס צו צייגען אין לערנען, האט זיי צבי אריה גענומען צום דאמאלסדיגען ליובאוויטשער רב, ר' שלום שלמה, אז ער זאל זיי פארהערען. דער רב האט די אינגלאך שטארק געלויבט און זיי איבערגעגעבען צו זיין זוהן, דער עילוי ר' יוסף, אז ער זאל ווערען זייער רבי. אין א קורצער צייט ארום איז דער גאון ר' שלום שלמה נפטר געווארען און זיין זוהן ר' יוסף איז געווארען דער ממלא מקומו. די אינגלאך האבען נאך אלץ געלערענט ביי ר' יוסף'ן און זיינען אלץ מעהר און מעהר געשטיגען אין לערנען.

אחוץ תורה האט בנימין זיך אויך אויסגעצייכענט אין נגינה. ער האט ניט נאר שעהן געזונגען נאר אויך שעהן געשפילט אויפ'ן פידעל. דער עולם פלעגט זיך צוהערען צו זיין זינגען און שפילען און איז געווען פארגאפט. אזא מתיקות האט מען נאך קוים געהאט געהערט.

פיער יאהר האבען די תלמידים, בנימין און וואלף, געלערענט ביים ליובאוויטשער רב, ר' יוסף. זיי זיינען שוין געווען דערוואקסענע בחורים. עס איז געווען צייט צו טראכטען וועגען שידוכים פאר זיי. אין ביידע פאלען האבען שוין צבי אריה און לאה בריינע געזארגט וועגען די שידוכים. פאר וואלף'ן האבען זיי געהאט זייער אייגענע טאכטער, שרה.

די חתונה פון דעם יתום וואלף און שרה איז געווען א שמחה ניט נאר פאר טאטע-מאמע, צבי אריה און לאה בריינע'ן, נאר פאר גאנץ ליובאוויטש. די גאנצע שטאט, קינד און קייט, איז געקומען צו דער חתונה, וועלכע איז

באַשיינט געוואָרען פון דער נגינה און פידעל־שפּילען פון בנימין'ען, דער חבר פון חתן און ברודער פון דער כלה.

אז אומדערוואַרטער מחותן אויף דער חתונה איז געווען איינער פון די פּריצים פון ארום ליובאַוויטש, וועלכער איז געקומען ספּעציעל הערען זינגען און שפּילען בנימין'ען. דער פּריץ האָט שוין געהאַט געהערט וועגען בנימין'ס גרויסע אויסצייכנונגען און ער האָט זיך אַליין געוואָלט איין דעם איבערצייגען.

אז בנימין האָט שטאַרק אויסגענומען ביים פּריץ מיט זיין זינגען און שפּילען, איז געווען צו זעהן פון דעם, וואָס ווען דער דאָזיגער פּריץ האָט ביי זיך אין הויף געמאַכט א שמחה, האָט ער געשיקט א רייטער צו צבי אריה'ן, פאַר־לאַנגענדיג, אז ער זאָל שיקען זיין זוהן בנימין'ען זינגען און שפּילען אויף דער שמחה. בנימין איז געקומען מיט א צוויי, דריי אידישע יונגעלייט פון זיין על־טער און זיי האָבען אויף דער פּריץ'ישער שמחה געזונגען און געשפּילט פאַר די געהויבענע גוי'אישע געסט, פּריצים פון דער שכונה.

בעת בנימין און זיינע חברים האָבען געזונגען און געשפּילט, האָבען די פּריצים געגעסען און געטרונקען און זיך געלאָזט וואויל באַקומען. איינעם פון די אַנוועזענדע פּריצים, וועלכער איז געווען שטאַרק באַטרונקען, האָט זיך פאַרוואָלט האָבען שפּאַס אויף בנימין'ס חשבון. ער האָט פאַרלאַנגט, אז בנימין זאָל זיך אַנטהאָן אין א פעל פון א חיה און זיך שטעלען אויף אַן איבערגע־קערטער פאַס און שפּילען אויף'ן פידעל. עס איז פאַר דעם שכור'ן פּריץ ניט געווען גענוג אונטערהאַלט וואָס דער אידישער בחור און זיינע חברים זינגען און שפּילען די בעסטע און שעהנסטע נגונים. עס האָט זיך איהם דוקא געוואָלט, אז בנימין זאָל אויסקוקען לצנות'דיג און שטעהן אין א פּאָזע וואָס זאָל זיין מעשה חוזק.

די אַנדערע פּריצים, וועלכע זיינען אויך געווען שטאַרק באַזויפען, האָבען אונטערגעבאַמקעט. עס איז זיי געפעלען געוואָרען דער איינפאַל צו מאַכען חוזק פון דעם אידישען יונגענמאַן. בנימין איז געווען געצוואונגען נאָכצוקומען די קאַפּריזען פון די שיכור'ע פּריצים.

מען קען זיך משער זיין ווי אַט דער איידעלער און לומד'ישער ווי אויך שטאַרק באַגאַבטער בנימין האָט געפיהלט. ער האָט זיך געוויס צוריקגעקעהרט אהיים מיט א פאַרוואונדעטע האַרץ. ער האָט שוין געוואוסט ווי ווייניג איינ־זעהעניש אידען קענען האָבען ביי גוֹיים, ווי שטאַרק זיי זאָלען פאַר זיי זיך ניט אויסצייכענען.

דאָס איז נאָך אָבער ניט געווען דאָס ערגסטע. די שמחה אין פּריצישען הויף האָט אָנגעהאַלטען עטליכע טעג און נעכט. די פאַרזאַמעלטע פּריצים האָבען געהאַלטען אין הוליען און שטענדיג צוגעטראַכט נייע אונטערהאַלטונ־גען. איז איינעם פון די פּריצים איינגעפאַלען, אז ער קען דורך בנימין'ען אַרויסרופען נאָך מעהר געלעכטער און חוזק. האָט ער געהייסען ברענגען א גרויסע פאַס און איהר אָנפילען מיט וואַסער. איצט האָט ער געהייסען בנימין'ען אַריינקריכען אין דער פאַס מיט וואַסער און פון דאָרט זינגען און שפּילען אויף'ן פידעל.

בנימין האָט געמוזט זיך שטאַרק אָנשטריינגען, אז דאָס וואַסער זאָל

איהם ניט גרייכען ביז איבער'ן קאפ, ווען ער האט נעדארפט זינגען און אז די הענט זאלען איהם זיין פריי, ווען ער האט געדארפט שפילען אויף'ן פידעל. עס איז געווען א מורא'דיגע מאטערניש און טאקע אויך פארבונדען מיט סכנה.

בנימין האט דערצו נאך געדארפט מאכען דעם אנשטעל ווי ער וואלט דאס אלץ געהאט גענומען אין שפאס און אז אויך ער האט "הנאה" פון אט דעם טייפלישען שפיעל. בנימין איז געווען א קרבן פון פריצישער אכזריות און גרינגשעצונג פון אידישע געפיהלען.

פונדעסטוועגען האט דער פריץ, אין וועמעס הויף בנימין האט אונטער־האלטען זיינע געסט, אויך ארויסגעצייגט זיין אנערקענונג פון בנימין'ס טא־לאנט. דער פריץ האט אין ליובאוויטש אויסגעבויט א מויער און ווען בנימין האט חתונה געהאט, האט איהם דער פריץ אוועקגעשיינקט דעם דאזיגען מויער אלס דרשה־געשאנק.

נאך דער חתונה האט בנימין ווייטער געלערענט און נאך אלץ ביי דעם רב ר' יוסף'ן. געלעבט האט ער פון דעם וואס זיין פאטער צבי אריה האט איהם געגעבען.

דער רב ר' יוסף האט איצט אנגעהויבען צייגען א נייגונג צו געהן אויף זיין אייגענעם דרך. ער איז פון צייט צו צייט אוועק אפריכטען גלות. ער פלעגט זיך פארזאמען א האלב יאהר צייט און דאן צוריקקעהרען קיין ליובאוויטש אויף זיין כסא הרבנות. פאר דער צייט וואס ער האט אפגעריכט גלות, פלעגט ער איבערלאזען זיין תלמיד בנימין'ען, אז ער זאל זיין דער ממלא מקומו.

צעהן יאהר זיינען אזוי אוועק. ר' בנימין איז דערווייל געזעסען על התורה ועל העבודה. פארזארגט דורך זיין פאטער מיט אלע באדערפענישען, האט ר' בנימין געהאט פולשטענדיגע מנוחה. עס איז אבער געקומען די צייט, ווען צבי אריה איז נפטר געווארען. ר' בנימין איז געבליבען אהן א מפרנס. אין יענער צייט — דאס האט געמוזט זיין ארום תצ"ו — האט דער רב פון שטאדט, ר' יוסף, צוזאמענגערופען די ראשי הקהל און האט צו זיי אזוי געזאגט:

— ביז אהער פלעג איך געהן אפריכטען גלות פאר עטליכע חדשים צייט און איך פלעג אליין באשטימען מיין תלמיד, ר' בנימין'ען, פאר א במקום. איצט האב איך אבער בדעה צו פארבלייבען אין גלות ניט ווייניגער פון צוויי יאהר צייט. עס וואלט ניט געווען רעכט פון מיר אליין צו הייסען ר' בנימין'ען פארנעהמען דעם כסא הרבנות. איך וויל, אז איהר זאלט עס טהאן.

די ראשי הקהל האבען צו דעם מסכים געווען. ר' בנימין איז לכל הדעות געווען ראוי צו זיין דער רב פון ליובאוויטש.

איידער ר' יוסף האט פארלאזען ליובאוויטש האט ער פון רב בנימין'ען פארלאנגט, אז פאר דער צייט וואס ער וועט אפריכטען גלות, זאל ער פון די שכירות, וואס ער וועט באקומען אלס רב, א טייל אפגעבען צו ר' יוסף'ס רביצין און זיין טאכטערעל, די בת יחידה. ר' בנימין איז אויף דעם געווען מרוצה און ר' יוסף האט געקענט מיט א לייכטערען הארצען זיך לאזען אין גלות אריין.

נאך די צוויי יאהר האט זיך ר' יוסף צוריקגעקעהרט פון גלות. ער האט איצט מעהר ניט געוואלט איבערנעהמען דעם כסא הרבנות. ער האט געזאגט,

אז ר' בנימין איז מעהר בארעכטיגט דערצו, דערהויפט אז ליובאוויטש איז געווען אזוי שטארק צופרידען מיט איהר נייעם רב. וואס טהוט מען אבער מיט ר' יוסף'ן? איז ביי דער קהלה געבליבען, בהסכם כולם, איהם צו מאכען פאר דעם שטאט־מגיד און פאר דעם מדריך פון דער קהלה.

ר' יוסף האט זיך איצט געצייגט אין זיין נייער ראָל אלס מגיד. ער איז נעגאנגען אויף א גאנץ נייעם דרך, גארניט ווי דער שטייגער פון אנדערע מגידים און מוסר־זאָגער פון יענער צייט, ווי אין אלע אנדערע אידישע שטעט און שטעטלאך פלעגען אין ליובאוויטש אָפט קומען מגידים און מוסר־זאָגער. זיי האָבען אלע געהאלטען זייערע דרשות אין בית המדרש און זייערע דרשות זיינען תמיד געווען פון איין שניט. זיי האבען אלע שטארק גע'מוסר'ט דעם עולם און אנגעיאָגט גרויס שרעק אויף די צוהערער, מאָלענדיג מיט אלע גרוי־ליכע פרטים דעם גיהנם און געשילדערט די שוידערליכע שטראָפען און פייני־גונגען וואס דערווארטען די וואס פארזינדיגען זיך געגען דעם אויבערשטען.

עס איז ניט געווען קיין נאָווינע, אז א מגיד זאָל אזוי מעורר זיין מיט זיין אימה־אָניאָגענדיגע מוסר־רייד, אז דער עולם זאָל אויסברעכען אין א געוויין. די לופט פון בית מדרש, סאי ביי די מאנסבילען און סאי ביי די פרויענצימער, פלעגט זיין אָנגעפילט מיט זיפצען און קרעכצען און שלוקערצען פון די וויינענ־דיגע מענער און ווייבער.

אנדערש איז אָבער געווען דער דרך פון דעם נייעם מגיד, ר' יוסף. ער האָט ניט געגאָסען קיין פּעך און שוועבעל אויף די זינדיגע. פון זיין מויל איז ניט ארויסגעזאָגט געוואָרען קיין איינציגע קללה. ער האָט ניט גערעדט וועגען גיהנם און האָט ניט געשראָקען דעם עולם מיט קיין שוידערליכע פייניגונגען אין גיהנם. ער האָט אויך ניט דערצעהלט, ווי אלע אנדערע מגידים, וועגען די מלאכי־חבלה און די מעשים תעתועים וואס זיי באגעהען מיט בעלי עבירה'־ני־קעס. אנשטאט דעם האָט ער גאָר דערצעהלט וועגען די אלע גוטיגקייטען וואָס עס דערווארטען די וואס לערנען תורה און די וואס זיינען מקיים איהרע מצוות. ער האָט בכלל ניט געוואָלט באקערען דעם עולם צו תורה און מצוות דורך אָניאָגען אויף איהם אן אימה, נאָר דורך געווינען די הערצער פון יונג און אלט, מענער, פרויען און קינדער — דורך גוטסקייט, הארציגקייט און הויפט־זעכליך פארשטענדליכקייט.

ר' יוסף האָט דוקא געוואָלט, אז אידישע מענער און פרויען זאָלען געהן אויף'ן ריכטיגען דרך דורך ליעבע און פארשטאנד. ער פלעגט זאָגען, אז אחוץ דעם וואס אידען וועלען קריגען גרויס שכר פאר דאָס גוטעס וואס זיי טהוען, וועלען זיי מיט דעם אויך טהאָן גרויס נחת רוח זייער באשעפער.

דאָס זיינען געווען גאָר אנדערע רייד. ר' יוסף האָט מיט זיינע דרשות געפאנגען די הערצער פון זיינע צוהערער.

אויך ווען ר' יוסף האָט גערעדט וועגען אויבערשטען, דעם באשאפער פון דער וועלט, איז עס געווען גאָר אנדערש. ער האָט ניט גערעדט וועגען אז "אל נקמות", וועלכער וואָרפט א שרעק אויף'ן מענשען און פאר וועמען דער בשר ודם דאָרף זיין אין שטענדיגער מורא. ביי איהם איז דער אויבערשטער געווען א רחמן, א גומל חסדים, פון וועמען עס שטראָמט ליעבע און גוטסקייט

און וועמעס איינציגער באגעהר איז, אז דער מענש זאל געהן אויף'ן אנגעוויזע־נעם וועג. דעם אויבערשטענ'ס באגעהר איז ניט, אז דער רשע זאל שטארבען, אדער באשטראפט ווערען פאר זיין שלעכטקייט, נאר זאל ווערען א בעל תשובה און לעבען און געניסען פון גאט'ס וועלט. ר' יוסף אלס מגיד האט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט דעם, וואס ער האט זיך טיפער אריינגעלאזט אין די מאמרי חז"ל און האט זיי דערקלעהרט און אויסגעטייטשט אויף א גאר אנדער אופן. ער האט פון זיי ארויסגענומען די סאמע טיעפסטע און שעהנסטע געדאנקען. ער האט הויפטזעכליך געוועקט אין עולם די ליעבע צו גאט. ער האט געזאגט, אז אהבה און יראה זיינען די סאמע יסודות פון אידישקייט און אז אהבה קומט תמיד פריהער פון יראה. אהבת השם און יראת השם זיינען צוויי גלייכע מצוות, פלעגט ר' יוסף זאגען אין זיינע דרשות, אבער פונדעסטוועגען קומט אהבת השם פריהער ווי יראת השם. עס שטעהט "ואהבת את ה' אלוקיך", דאן שטעהט אויך "את ה' אלוקיך תירא". פון דעם האט ר' יוסף געדרונגען, אז אהבת אלקים קומט פריהער ווי יראת אלקים.

## ז

## די נסתרים און דער בעל־שם

ווי די תורה פון בעל שם טוב האט זיך אנגעהויבען פארשפרייטען צווישען די אי־דען. — דער ליובאוויטשער מגיד וואס איז געווען א תלמיד פון בעל־שם.
— דער אוידים וואס ער האט גענומען אויפ'ן בעל־שם'ס אנזאג.

די ווירקונג וואס ר' יוסף האט געהאט אויף די ליובאוויטשער אידען מיט זיינע דרשות, נאכדעם ווי ער איז געווארען דער שטאט־מגיד, איז געווען אז אויסערגעוויינליכע. ער האט זיינע צוהערער פשוט אריינגעבראכט אין א נייער וועלט. סיי דער נוסח און סיי דער אינהאלט פון זיינע דרשות זיינען געווע־ניי און איגנאנצען אנדערש פון דעם וואס מען האט געהערט אין יענער צייט פון אנדערע מגידים.

ר' יוסף האט אריינגעבראכט אין זיינע דרשות א וועלט מיט וויסען, אז אויסערגעוויינליכע עשירות פון לומדות. דערצו איז ער געווען באשאנקען מיט א פליסיגער און צום הארצען־אפעלירענדיגער שפראך. דאס איז אבער נאך ניט געווען אלץ: ר' יוסף האט זיך ניט באנוגענט מיט דעם וואס ער האט געהאלטען שעהנע דרשות. ער איז געווען ניט נאר א נאה דורש נאר אויך א נאה מקיים. אלס מגיד האט ער זיך אנגעהויבען אויסצייכענען מיט זיינע מידות טובות, נאך מעהר ווי דאמאלס ווען ער איז געווען רב פון שטאט, איידער ער האט דעם כסא הרבנות איבערגעגעבען צו זיין תלמיד, ר' בנימין. אין זיינע מידות טובות האט זיך באזונדערס אנטפלעקט זיין גרויסע ליעבע צו יעדען אידישען מענשען, פון וועלכען שטאנד ער איז נאר געווען. מיט דעם האט זיך ר' יוסף אליין שטארק באליעבט געמאכט ביי יעדען אידישען תושב אין ליובאוויטש.

זיינע דרשות זיינען תמיד געווען דורכגעדרונגען מיט אַט דעם גייסט פון אהבת ישראל. דאָס איז געווען דער גאָלדענער פאָדים וואָס האָט דורכגעוועבט זיינע דרשות. ער האָט שטענדיג זיך אָפּגעשטעלט אויף, און אונטערשטראָכען די, גרויסע אידישע מעלות.

מיט באַזונדערער ליעבע האָט זיך ר' יוסף באַצויגען צום פּשוט'ען אידי־שען פאָלקס־מענש, צום אידישען בעל מלאכה, צום אָרימען אידישען הענד־לער און צו יעדען אנדער אידען וואָס האָט כשר פאַרדינט זיין שטיקעל ברויט. ר' יוסף האָט אין אַט די פּשוט'ע אידישע פאָלקס־מענשען געזעהן די גאַנצע שעהנקייט פון אידישען פאָלק און די גאַנצע טיעפקייט פון דער אידישער נשמה. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דאַמאָלס איז געווען א צייט ווען דער למדן האָט פאַרנומען דעם אויבען־אָן אין לעבען פון די אידישע קהלות, האָט אָבער ר' יוסף געצייגט, אַז אין זיין האַרצען פאַרנעהמט דעם אויבען־אָן ניט דווקא דער וואָס קען לערנען, נאָר אויך דער פּשוט'ער איד וואָס קען ניט מעהר ווי עברי און מעביר זיין די סדרה.

קיינער אין ליובאַוויטש האָט ניט געוואוסט וואו ר' יוסף האָט גענומען זיין נייעם דרך אין זיינע דרשות ווי אויך זיין נייע הנהגה. אָבער אַלע האָבען געמוזט מודה זיין, אַז מיט זיינע דרשות, ווי אויך מיט זיין הנהגה, האָט ער געטהאָן די גרעסטע פּעולה. ער האָט אַריינגעבראַכט א נייע לעבען, און אַריינ־געגעבען א נייע נשמה ביי די פּשוט'ע פאָלקס־מענשען וועלכע זיינען ביז דאַמאָלס געווען ווי פאַרשטויסען.

ר' יוסף'ס ווירקונג אויפ'ן אידישען עולם האָט זיך געפיהלט ניט נאָר אין ליובאַוויטש, נאָר אויך אין די אַרומיגע שטעטלעך. שלוחים זיינען געשיקט געוואָרען פון די דערבייאיגע שטעטלעך און מען האָט ר' יוסף'ן פאַרבעטען אַהין צו קומען האַלטען זיינע דרשות. אַזוי איז ר' יוסף געוואָרען אַן אָפּטער באַזוכער אין אַזוינע שטעטלעך ווי רודניא, קאַלישק, יאַנאַוויטש, ליאָזשנאַ, דאַבראָמיסל, באַבינאַוויטש, ראָסאָסנע, דובראָוונע און א סך אנדערע, וואו זיין השפּעה האָט זיך געפיהלט גאָר שטאַרק.

אויך דאַמאָלס ווען ר' יוסף איז געווען דער מגיד פון ליובאַוויטש און אויך געהאַלטען דרשות אין די אַרומיגע שטעטלעך פלעגט ער פון צייט צו צייט פאַרשווינדען און קיינער האָט ניט געוואוסט וואוהין. מען האָט זיך משער געווען, אַז ער ריכט אָפּ גלות, און זינט ער האָט דאָס געטהאָן כמעט רעגעלמעסיג, פון דער צייט וואָס זיין פאָטער האָט נאָך געלעבט און פון דער צייט וואָס ער איז געווען רב פון ליובאַוויטש, האָט זיך קיינער מעהר אויף דעם ניט אָפּגעשטעלט און ניט פּרובירט דערגעהן דעם סוד דערפון. קיינעם איז ניט איינגעפאַלען אַז ר' יוסף'ס פאַרשווינדען האָט צו טהאָן מיט דער נייער שיטה פון חסידות וואָס האָט שוין אָנגעהויבען שלאָגען וואָרצלען אין אידישען לעבען. דער בעל שם טוב איז נאָך דאַמאָלס געווען ניי און באַקאַנט בלויז צו יחידי סגולה. זיינע תלמידים און חסידים האָבען שוין אָבער אָנגע־הויבען אַריינדרינגען אין אידישען לעבען און פאַרשפּרייט, אין אָנפאַנג אויף א געהיימען אופן, די נייע תורה.

נסתרים פלעגען וואַנדערען פון שטאָט צו שטאָט און דאָרט, וואו זיי

האבען געטראָפען א גרויסע אידישע נשמה, האבען זיי איהר פּרובירט געווינען פאר דער נייער לעהרע פון דעם בעל שם.

אַט אזא נסתר, וואנדערענדיג פון שטאָט צו שטאָט, איז אמאָל אנגעקומען קיין ליובאוויטש. עס איז געווען נאָך דאמאלס ווען ר' יוסף איז געווען א יונגער מאַן און איז געזעסען על התורה ועל העבודה. זיין פאטער האָט נאָך געלעבט און האָט פארנומען דעם כסא הרבנות. יענער נסתר, א תלמיד פון דעם בעל שם, האָט געוואָרפען אַן אויג אויף ר' יוסף'ן און האָט זיך מיט איהם באקאנט. ר' יוסף האָט שוין אליין געהאַלטען אין זוכען א נייעם דרך אין אידישען לעבען. ער איז געווען להוט אויפצוכאפּען דאָס וואָס דער נסתר האָט איהם אנטפּלעקט וועגען דעם בעל שם און זיין דרך החסידות.

א חודש צייט איז דער נסתר, אויפ'ן אויסזוק ניט מעהר ווי א פּשוט'ער וואנדערער, פארבליבען אין ליובאוויטש און האָט פאר דער צייט געהאַלטען אין אנטפּלעקען פאר ר' יוסף'ן די לעהרע פון דעם בעל שם. ווען דער נסתר איז געווען גרייט צו פארלאָזען ליובאוויטש, האָט אויך ר' יוסף פארלאָזען די שטאָט מיט איהם. קיינער האָט ניט געוואוסט דעם שייכות וואָס איינער האָט געהאַט צום אנדערען. קיינער האָט אויך ניט געוואוסט דעם צוועק פון זייער אוועקוואנדערען פון ליובאוויטש. ביידע האבען אבער שוין געהאַט א באַשטימטען צוועק. דער נסתר האָט ר' יוסף'ן געהאַט גענומען מיט זיך צום בעל שם וואו ער איז געוואָרען זיינער א פלאַם־פייערדיגער חסיד.

א יאָהר צייט איז ר' יוסף געווען אוועק פון ליובאוויטש און ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט, האָט ער קיינעם ניט געזאָגט פון זיינע וואנדערונגען. ער האָט אויך צו קיינעם ניט גערעדט וועגען דער נייער תורה פון בעל שם. אודאי איז נאָך די צייט ניט געווען געקומען, אז ר' יוסף זאָל מגלה זיין דעם סוד פון זיינע פארבינדונגען מיט דעם בעל שם און זיינע תלמידים.

עס איז געווען אין יאָהר תצ"ה ווען ר' יוסף איז צום ערשטען מאָל געבראַכט געוואָרען צום בעל שם, און עס האָט גענומען פופצעהן יאָהר, ביז תקיו"ד ווען דער בעל שם טוב האָט ר' יוסף'ן, ווען ער איז שוין דאַמאָלס געווען דער מגיד פון ליובאוויטש, געגעבען אַ באַשטימטע שליחות דורכצופיהרען.

עס אַיז געווען שבועות. ר' יוסף האָט דעם יום טוב פארבראַכט ביים בעל שם, האבענדיג אוועקגעוואנדערט פון ליובאוויטש ווי שטענדיג, ניט אנגעבענדיג וואוהין ער וואנדערט און פאר וועלכען צוועק ער וואנדערט. דער בעל שם האָט ר' יוסף'ן אריינגערופען צו זיך און איהם אנגעזאָגט, אז אויפ'ן וועג צוריק קיין ליובאוויטש, זאָל ער דורכפאָהרען סמארגאָן און באַזוכען די דאָרטיגע ישיבה, וועלכע איז געווען דאמאלס באריהמט, ווייל דאָרט געפינט זיך א ישיבה בחור פון דער שטעטעל קאבילניק, פון לעבען מינסק. יששכר דוב איז זיין נאָמען. אַט דעם ישיבה בחור, האָט דער בעל שם אנגעזאָגט ר' יוסף'ן, זאָל ער נעהמען פאר אַן איידעם פאר זיין בת יחידה.

ר' יוסף האָט נאַטירליך דערפילט די שליחות וואָס דער בעל שם האָט איהם געגעבען. אנקומענדיג אין סמארגאָן האָט ער, ווי דער שטייגער איז געווען, דורך דעם ראש הישיבה, זיך באַלד צוזאמענגעטראָפען מיט יששכר דוב'ן פון קאבילניק און האָט איהם פארגעלייגט דעם שידוך מיט זיין טאָכטער. ר' יששכר דוב איז געווען מרוצה צו ווערען דעם ליובאוויטשער מגיד'ס

אײדעם. עס איז אפגעמאכט געווארען, אז נאך א יאהר צייט זאל ישׂשכר דוב בלייבען אין דער ישיבה.

אין משך פון אט דעם יאהר, האט ר׳ ישׂשכר דוב זיך גע׳חבר׳ט מיט איינעם פון די גאונישע יונגע לייט, וועלכער איז געקומען פון מינסק, און זיין נאמען איז געווען ר׳ מנחם מענדעל. דער דאזיגער ר׳ מנחם מענדעל האט צייטווייליג געהאט פארנומען דאס פלאץ פון דעם ראש ישיבה ר׳ זרח אליה קריטינגער. עס איז דער זעלביגער ר׳ מנחם מענדעל וועלכער איז שפעטער געווארען איינער פון די זיילען פון חסידות.

אין אנפאנג פון חודש אלול אין יאהר תקי״א איז ר׳ ישׂשכר דוב אנגע־קומען קיין ליובאוויטש און איז געווארען דער אײדעם פון דעם מגיד ר׳ יוסף. ר׳ ישׂשכר דוב איז געבליבען אין ליובאוויטש ביי זיין שווער אויף קעסט און האט זיך ווייטער עוסק געווען אין תורה.

די צאהל לומדישע יונגע לייט אין ליובאוויטש איז דאמאלס געווען א קליינע. די וואס האבען געוואלט לערנען תורה זיינען ניט געזעסען אין ליובא־וויטש. זיי זיינען אוועק לערנען אין די גרויסע ישיבות פון יענער צייט.

איינע פון די ישיבות איז געווען אין סמארגאן און די צווייטע אין ווי־טעבסק. פאר קלענערע תלמידים האט ליובאוויטש דאמאלס געהאט אכט מלמדים — דריי דרדקי מלמדים און פינף גמרא מלמדים.

ווען ר׳ ישׂשכר דוב איז אנגעקומען אין ליובאוויטש אלס אײדעם, איז פארגעקומען די מערקווירדיגע חלוקי דעות צווישען דעם רב פון שטאט, ר׳ בנימין, און זיין שוואגער ר׳ וואלף, דער זוהן פון דעם קדוש ר׳ וואלף דער שוס־טער. בעת ר׳ בנימין איז געזעסען אויפ׳ן כסא הרבנות, האט זיין שוואגער ר׳ וואלף באשלאסען אז ער וועט ציהען זיין חיונה פון דער פראצע פון זיינע הענד און ער האט זיך אויסגעקליבען אלס קוואל פון פרנסה א קליינע מיהל, וואס ער האט זיך געקויפט אויסען שטאט.

עס איז באלד קלאר געווארען אז דער דאזיגער ר׳ וואלף איז געגאנגען אין די דרכים פון זיין מארטירער־פאטער. פון צייט צו צייט, האט ער פאר־לאזען דאס הויז און איז אוועק אפריכטען גלות. ר׳ וואלף איז שוין דאמאלס געווען א פאטער פון צוויי טעכטער. ווען ער פלעגט אוועק אין גלות, איז דער גאנצער עול פון פרנסה ארויפגעלייגט געווארען אויף זיין ווייב שרה, ר׳ בנימין׳ס שוועסטער.

אט דערפאר איז ר׳ בנימין געווען שטארק אומצופרידען מיט זיין שווא־גער׳ס דרך. ער האט געהאט א סך אויסצוזעצען געגען זיין הנהגה. די דרכים פון דעם נייעם ר׳ בנימין און דעם נייעם ר׳ וואלף זיינען זיך פאנאנדערגעגאנ־גען. ר׳ בנימין, דער רב פון ליובאוויטש, האט ניט געקענט מסכים זיין מיט דער פיהרונג פון זיין שוואגער, ר׳ וואלף, וועלכער האט דוקא געוואלט געהן אין די דרכים פון די נסתרים.

ר׳ ישׂשכר דוב האט אבער געהאט א גוטווארט צו זאגען וועגען ר׳ וואלף׳ן און האט אויך בארעכטיגט זיין דרך. א פריינדשאפט האט זיך פאר־קניפט צווישען דעם מגיד׳ס אײדעם און דעם רב׳ס שוואגער. ר׳ ישׂשכר דוב האט אפילו געהאט באשטימט א צייט ווען ער און ר׳ וואלף פלעגען צוזאמען לערנען ביחידות.

אין יענער צייט איז אין ליובאוויטש געווען א תושב פּיט'ן נאָמען ר' שלום גרשון. ער איז געווען א פּשוט'ער מענש וואָס האָט געצויגען זיין פּרנסה פון האַנדלען אין די ארומיגע דערפער. דערצו איז ער אויך געווען א קצב. אלע האָבען געוואוסט אז ר' שלום גרשון איז אן עהרליכער און גאָטספאָרכטיגער איד. ער האָט אָפּגעהיט אלע מצוות און איז אויף זיין באַשיידענעם אופן געווען א גרויסער בעל מידה. טאקע דערפאר האָט מען ביי איהם געקויפט פלייש, וויסענדיג גאַנץ גוט, אז ווען עס קומט צו כשרות מעג מען זיך אויף ר' שלום גרשון'ען פאַרלאָזען.

ר' שלום גרשון האָט געהאַט הצלחה. דאָס האָט איהם געגעבען נאָך מעהר מעגליכקייט צו זיין א בעל צדקה. יעדען ערב שבת פלעגט ער ברייננגען צום רב פון שטאָט, ר' בנימין'ען, און צום מגיד פון שטאָט, ר' יוסף'ן, פלייש. ער פלעגט אויך אויסטיילען צדקה צו אָרימע לייט מיט א ברייטער האַנט. דעם האָט ער אריינגעשיקט פלייש אויף שבת און יענעם האָט ער גלאַט געגע־בען א מתן יפה. אזוי זיינען אוועק א סך יאָהרען. ר' שלום גרשון איז שוין געווען אין טיפען עלטער. ער האָט אָבער נאָך אלץ געהאַנדעלט אין די דערבייאיגע דערפער און איז אויך געווען קצב ווי אלעמאָל.

אין ווינטער פון יאָהר תקי"ב איז דער אלטער קצב ר' שלום גרשון קראַנק געוואָרען און איז אין משך פון א פּאָר וואָכען צייט נפטר געוואָרען. האָט גאַנץ ליובאוויטש באַדויערט זיין טויט און איז נעגאַנגען נאָך זיין מטה. זיין לויה איז געווען ווי פון אן אמת'ען צדיק, כאָטש קיינער האָט נישט גע־האַלטען אז אָט דער קצב ר' שלום גרשון איז געווען עפּעס מעהר ווי א פּשוט'ער מענש וואָס איז געגאַנגען אויפ'ן דרך הישר.

## ח

## ליובאַוויטשער תלמידים פון בעל שם

**ווי דעם בעל שם'ס געהיימע לעהרע האָט געפונען אן אָנהאַלט אין ליובאַוויטש. — די געהיימע באַזוכען ביים בעל שם. — דער מגיד און זיין אוידעם. — דעם בעל שם'ס א ווערטעל.**

נאָך דער לויה פון דעם קצב שלום גרשון איז גאַנץ ליובאוויטש איבער־ראַשט געוואָרען פון דער ידיעה, אז דער נפטר האָט איבערגעלאָזט א גרויסע ירושה.

דער רב פון ליובאוויטש, ר' בנימין, האָט געהאַט אנגעזאָגט, אז א מנין זאָל דריי מאָל א טאָג דאַווענען אין ר' שלום גרשון'ס הויז ביז איבער שלשים. אין משך פון די שבעה טעג האָט ר' בנימין מגלה געווען, אז דער קצב האָט ביי איהם איבערגעלאָזט א קעסטעל מיט געלד צוזאַמען מיט א צוואה. איצט איז געווען די צייט צו עפענען דאָס קעסטעל מיט'ן געלד און אויך אריינ־קוקען אין דער צוואה. ר' שלום גרשון האָט ניט געהאַט איבערגעלאָזט קיין יורשים. די אלע יאָהרען וואָס ליובאוויטש האָט איהם געקענט, איז ער געווען אליין און איינזאַם. דער איינציגער מיט וועמען ר' שלום גרשון האָט זיך גע'חבר'ט איז געווען דער סופר ר' זבולון וועלכער איז געווען זיינער א שכן.

דער עולם איז נאטירליך געווען שטארק נייגעריג צו וויסען פאר וועמען ר' שלום גרשון האט איבערגעלאזט די ירושה. האט דער רב פון שטאט צוזאַמענגערופען די ראשי הקהל און האט פאר זיי איבערגעלייענט די צוואה.

דער אינהאלט פון דער צוואה איז געווען, אז דער רב ר' בנימין, און דער מגיד פון שטאט, ר' יוסף, צוזאמען מיט א דריטער פערזאן, וועמען די צוויי וועלען אויסקלייבען, זאלען פארטיילען דאס געלד אויף וועלכע אופן זיי וועלען געפינען פאר פאסיג. אין דער צוואה איז אויך אויסגעדריקט געווארען דער פארלאנג, אז אויפ'ן ארט וואו דעם נפטר'ס הויז געפינט זיך און אויף דעם גארטען ארום הויז, זאל מען אויפבויען א בית המדרש פאר דער חברה פועלי צדק. א משך פון דריי יאהר צייט זאל מען אין דעם דאזיגען בית המדרש אויסהאלטען אויפ'ן נפטר'ס געלד א תלמיד חכם וואס זאל לערנען מיט די פועלים מדרש, משניות און עהנליכע לימודים.

דעם דריטען וואס דער רב ר' בנימין און דער מגיד ר' יוסף האבען צוגעזעצט צו זיך איז געווען דער סופר ר' זבולון. אלע דריי האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט אויסצופיהרען דעם קצב'ס צוואה.

איצט אז מען האט שוין געננוי געוואוסט וועגען דער צדקות פון דעם פארשטארבענעם קצב איז גאר ניט שווער געווען צו געפינען בעלנים וואס זאלען קומען צום מנין אין דעם נפטר'ס הויז. צום מנין זיינען איצט געקומען די וויכטיגסטע בעלי בתים פון שטאט. אויך דער רב ר' בנימין און דער מגיד ר' יוסף זיינען געקומען צום מנין. ווי באלד אז מען האט שוין געוואוסט דעם אינהאלט פון דער צוואה, אז עס זאל אויפגעבויט ווערען א בית המדרש דארט וואו דעם קצב'ס הויז איז געשטאנען, האט מען געפיהלט ווי דאס הויז אליין וואלט געווארען א בית המדרש. מען האט דארט ניט נאר געדאווענט דריי מאל א טאג, נאר מען איז אויך דארט געזעסען און געלערענט מיט גרויס התמדה. פרומע אידען זיינען אהין געקומען א שטיק פארטאג און געלערנט אדער געזאגט תהילים ביז עס איז געקומען די צייט צו דאווענען שחרית. פאר מנחה און בין מנחה למעריב, איז מען ווידער געזעסען און געלערנט. נאך מעריב האבען זיך תמיד געפונען איינציגע וואס האבען ווייטער געלערנט. אזוי איז דעם קצב'ס הויז באלד פארוואנדעלט געווארען אין א מקום קדוש.

שלשים איז נאך ניט געווען פאראיבער און עס איז אויסגעקליבען געווארען א ועד וואס זאל זיך מתעסק זיין מיט'ן בויען דעם בית המדרש, לויט ווי דער פארשטארבענעם קצב האט אנגעזאגט אין זיין צוואה. אין משך פון די זומער־חדשים האט מען ארונטערגעריסען דאס אלטע הויז און מען האט אנגעהויבען בויען א גרויסען און שעהנעם בית המדרש. ווען דער חודש אלול איז אנגעקומען איז דער בית המדרש שוין געווען פארטיג און דער חנוכת הבית איז געפייערט געווארען מיט גרויס שמחה און התלהבות. עס איז אויך דורכגעפיהרט געווארען די צוואה מיט דעם וואס א תלמיד־חכם איז אנגעשטעלט געווארען צו לערנען מיט די מתפללים משניות און מדרש.

דער מגיד ר' יוסף, וועלכער האט אלע מאל געצייגט אזוי פיעל ליעבשאפט צו פשוט'ע מענשען און בעלי מלאכות, האט איצט שטענדיג אנגעהויבען

דאווגען אין אַט דעם דאַזיגען נייעם בית המדרש. ער האָט אין דער אמת'ען צעטיילט די וואַך צווישען דעם אַלטען בית המדרש, וואו ער האָט פריהער געדאַווענט, און דעם נייעם. דאַנענגען, האָט אָבער דער סופר ר' זבולון, וועל־כער האָט אַליין געהערט צו די פועלי צדק, אין קביעות אָנגעהויבען דאווגען אין אַט דעם נייעם בית המדרש.

אין דעם דאַזיגען בית המדרש האָט זיך געפונען א קליין שטיבעל און אין יענעם שטיבעל פלעגען זיך ר' זבולון און ר' יוסף פון צייט צו צייט צוזאַ־מענטרעפען און דאָרט לערנען ביחידות.

צוויי יאָהר האָבען זיי געלערנט אין יענעם שטיבעל אין יחידות. מען קען זיך משער זיין, אַז די למודים האָבען געהאַט צו טהאָן מיט קבלה און חסידות. ר' יוסף, ווי מיר ווייסען שוין, איז געווען אַן אָפטער באַזוכער ביים בעל שם און האָט זיך גערעכענט פאַר זיינעם א תלמיד. מיר ווייסען שוין אויך, אַז ווען ר' יוסף פלעגט פאַרשווינדען אויף א לייננגערער צייט, איז ער תמיד אַוועק קיין מעזבוזש, וואו דער בעל שם האָט זיך געפונען און פון וואַנען ער האָט אָנגעהויבען פאַרשפּרייטען זיין תורה איבער דער גאַנצער אידישער וועלט.

איינמאָל איז א געוויסען פריהמאָרגען, האָבען דער מגיד ר' יוסף און דער סופר ר' זבולון פאַרלאָזט ליובאַוויטש. עס האָט געזאָלט הייסען, אַז זיי זיינען ביידע אַוועק אָפּריכטען גלות. וואַרשיינליך האָט שוין ר' יוסף געהאַט געוואונען ר' זבולון'ען פאַר דער נייער לעהרע פון חסידות און האָט איהם גענומען מיט זיך אויף א באַזוך צום בעל שם.

דריי אָדער פיער חדשים זיינען זיי ביידע געווען אַוועק פון ליובאַוויטש. אַז זיי זיינען צוריקגעקומען האָבען זייערע פּנים'ער געשטראַהלט, נאָר ניט ווי זיי וואָלטען געהאַט שטאַרק אָפּגעקומען אונטערוועגענס.

עס איז געווען אויפ'ן דריטען יאָהר, נאָכדעם ווי דער מגיד ר' יוסף האָט גענומען ר' יששכר דוב'ן פאַר זיין איידעם. עס איז געווען אין יאָהר תקט"ו. דער שווער האָט ענדליך מגלה געווען פאַר זיין איידעם, אַז ער און דער סופר ר' זבולון, זיינען תלמידים פון דעם בעל שם, און אַז ווען זיי פאַר־שווינדען פון ליובאַוויטש געהען זיי קיין מעזשבוזש צום נייעם אידישען מנהיג. דער שווער האָט איצט אָנגעהויבען באַקאַנען זיין איידעם מיט דער נייער חסידישער לעהרע און ר' יששכר דוב איז באַלד פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער דאַזיגער לעהרע. א נייע וועלט האָט זיך פאַר איהם אַנטפּלעקט. דאָס וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען פריהער איז איצט פאַר איהם געוואָרען קלאָר.

עס איז געווען אלול פון יענעם יאָהר. ר' יששכר דוב איז צוזאַמען מיט ר' זבולון'ען אַוועק צום בעל שם. דער מגיד ר' יוסף האָט געמוזט פאַרבלייבען אין ליובאַוויטש צוליעב די ימים נוראים.

דריי חדשים צייט האָט ר' יששכר דוב פאַרבראַכט ביים בעל שם. ער איז דאָרט געווען איבער די ימים נוראים און די ימים טובים און האָט דעם בעל שם געזעהן אין זיין גרויסער פאַרכטיגקייט און אין זיין גרויסער חדוה. ער האָט זיך גענוי צוגעקוקט צו זיין הנהגה און צוגעזעהן און צוגעהערט ווי ער איז מתפלל. ער האָט אויך געהערט זיין תורה. דער יונגער ר' יששכר

דוב איז געווארען א פייערדיגער חסיד. ער האט נאך אבער געהאט א סך צו לערנען. האט ער זיך צוריקגעקעהרט אהיים און האט זיך אנגעהויבען נאך מעהר צו פארטיפען אין חסידות. איצט זיינען זיי שוין געווען זאלבעדריט אין ליובאוויטש — דער מגיד ר' יוסף, דער סופר ר' זבולון און דער יונגער ר' יששכר דוב. אלע דריי זיינען געווען תלמידים פון דעם בעל שם און פייערדי־גע חסידים. אלע דריי האבען איצט געקענט, אין ליובאוויטש, זיך צוזאמענ־קומען לערנען חסידות און זיך טיילען מיט זייערע מיינונגען וועגען פאר־שידענע הויכע ענינים.

קיינער אין ליובאוויטש, אדער ערגעץ אנדערשוואו, האט נים געטארט וויסען זייער סוד, אז זיי זיינען חסידים, נאכפאלגער פון דעם בעל שם פון מעזשבוזש, וועמעס נאמען האט שוין אנגעהויבען באקאנט ווערען איבער דער אידישער וועלט, אבער וועמען עס איז נאך געווען א סכנה נאכצופאלגען אין דער אפען.

די צייט איז נאך נים געקומען, אז די תלמידים פון בעל שם זאלען אפען ארויסקומען פאר דער וועלט מיט דער נייער תורה פון זייער רבי'ן. באזונדער איז נאך נים געווען רייף די צייט פאר דעם אין ווייס־רוסלאנד, אין ליטע און ד דערבייאיגע מדינות. די דאזיגע מדינות האבען נאך געדארפט ווארטען פאר יענע פייערדיגע נשמות, באזונדער פאר דעם אלטען רבי'ן, ר' שניאור זלמן'ען, דער גרינדער פון חב"ד, וועלכער האט אריינגעבראכט די לעהרע פון בעל שם אין אט די געגענדען און איהר דארט פארפעסטיגט פאר די קומענדיגע דורות.

זיינען דערוויל די דריי תלמידים פון בעל שם אין ליובאוויטש געזעסען און געלערנט חסידות, פארפאלקאמענדיג זיך אין דער תורה פון בעל שם און באפעסטיגענדיג זיך אין זייערע אייגענע מעשים טובים כדי מיט דעם צוצוגרייטען דעם באדען פאר חסידות אין דער צוקונפט.

שוין זייער נייער דרך פון מעשים טובים, זייער ליעבשאפט צו די פשוט'ע בעלי מלאכות און זייער נייער צוגאנג, ווי איינצופלאנצען אידישקייט ביי די פאלקס־מענשען, איז געווען א צוגרייטונג פאר די קינפטיגע חסידישע מנהיגים, און, ווי מיר וועלען נאך זעהען, טאקע אין ליובאוויטש גופא געלייגט דעם יסוד פאר חסידות.

נים קיין וואונדער, אז ליובאוויטש איז געווארען די היים פון חב"ד און דער סאמע צענטער פון חסידות פאר ווייס־רוסלאנד און ליטע. נים נאר האבען אט די דריי דערמאנטע צדיקים געלייגט דעם יסוד פון חסידות אין ליובאוויטש נאר אויך איז ליובאוויטש געווען דער פלאץ וואו דער אלטער רבי, ר' שניאור זלמן, האט געלערנט תורה און טאקע נים ביי קיין אנדערע ווי ביי ר' יששכר דוב'ן.

נאך איידער דער לעהרער און באגרינדער פון חב"ד האט געוואוסט ווע־גען חסידות און אפשר אויך איידער ער האט געהערט דעם נאמען פון בעל שם — ער איז דאמאלס געווען א אינגעל פון צוועלף יאהר — האט ער שוין געהערט די הויפט יסודות פון חסידות ווי זיי פלעגען ערקלעהרט ווערען פון דעם מגיד ר' יוסף אין זיינע דרשות. ר' שניאור זלמן האט אויף אזא אופן

ניט נאר געלערנט פון זיין רבי'ן ר' יששכר דוב'ן, נאר אויך פון זיין רבין'ס שוועה, דער מגיד ר' יוסף, און ווארשיינליך אויך פון דעם סופר ר' זבולון, וועלכע האבען זיך תמיד געהאלטען צוזאמען.

דער גייסט פון חסידות האט זיך געפיהלט אין אלע זייערע רייד, אין זייער גאנצער הנהגה און אין זייער באציהונג צו מענשען, באזונדער אין זייער ליעבשאפט צום פשוט'ען פאלקס-מענשען. אט די ליעבשאפט צום פאלקס-מענשען איז געווען, און איז געבליבען, דער סאמע יסוד פון דעם בעל שם'ס לעהרע.

דער בעל שם זוכט נישט קיין לומדות ביי אידען. ער האלט מעהר פון דעם רחמנא ליבא בעי. עס איז פאר איהם גענוג וואס א פשוט'ער איד קען נאר זאגען עברי, אפילו ווען ער ווייסט נישט קיין פירוש המלות. שוין מיט דעם וואס דער דאזיגער פשוט'ער איד זאגט ארויס די, פאר איהם אומ-פארשטענדליכע, ווערטער, פארשאפט ער מיט דעם א נחת רוח דעם רבונו של עולם און איז משפיע אין די הימלישע וועלטען. דער בעל שם פיהלט אויך, אז מען קען א סך מעהר אויפטהאן מיט די פשוט'ע מענשען וואס קענען ניט מעהר ווי א קאפיטעל תהילים.

אט די פשוט'ע מענשען, די וואס ווערען באצייכענט אלס עמי הארץ, און זיינען אין משך פון דורות פארשטויסען געווארען פון די תלמידי חכמים און זיינען שטענדיג גע'מוסר'ט געווארען פון די מגידים מיט די שארפסטע און שטרייננגסטע רייד, זיינען פון בעל שם דערהויבען געווארען און געווארען דער סאמע וויכטיגסטער מאטעריאל פון וועלכען ער האט אנגעהויבען שאפען א גרויסע נאכפאלגערשאפט.

עס וועט דערביי זיין כאראקטעריסטיש איבערצוגעבען איינעם פון די שמועסען פון דעם בעל שם וועגען אט דעם עניין.

— ביז אברהם אבינו — האט דער בעל שם דערקלעהרט, — איז די וועלט געווען אין פינסטערניש. עס זיינען ניט געווען קיין צדיקים, און עס זיינען ניט געווען קיין לעהרער וואס זאלען ווייזען דעם ריכטיגען וועג די מענשען פון יענער צייט אדער פאר זיי בעטען רחמים. אבער ווען אברהם אבינו איז געקומען, האט ער אנגעהויבען לייכטען אויף דער וועלט און האט אנגעהויבען לערנען די מענשען פון זיין דור דעם אמת'ען דרך פון עבודת הבורא. ער האט אנגעהויבען דערוועקען דעם רחמנות פון באשעפער פאר זיינע שפל'ע באשעפענישען. אפילו פאר די פארדארבענע און זינדיגע מענשען פון סדום און עמורה האט אברהם אבינו מתפלל געווען און געבעטען פאר זיי רחמים ביים רבונו של עולם.

— פון דעסטוועגען, — האט דער בעל שם ווייטער גערעדט, — איז דער המון אין אברהם אבינו'ס דור אנגערופען געווארען עם הדומה לחמור. נאר וואס איז נוגע דעם אידישען המון ווערט ער אנגערופען מיט'ן נאמען עם הארץ. מיט אט דער באצייכענונג זיינען די פראסטע אידען פארגליכען געווא-רען צו דער ערד. ווארים פונקט ווי אויף דער ערדה, אזוי טרעטען אלע אויף דער אידישער מאסע. אבער אין דער ערד האט דער רבונו של עולם ארייננגע-געבען דעם כח, אז זי זאל פון זיך ארויסגעבען אלע פלאנצען און אלע פרוכ-

טען כדי צו האלטען ביים לעבען אלע זיינע באשעפענישען. אין דער ערד געפינען זיך אויך אלע אוצרות: גאלד, זילבער, דימאנטען און אלע טייער־סטע און וויכטיגסטע מעטאלען. אזוי זיינען אויך די אידישע פאלקס־מענשען. זיי זיינען פול מיט דאס טייערסטע און איידעלסטע וואס דער מענש באזיצט. אפילו די פשוט'סטע אידען זיינען פול מיט מצוות. אט ווי די חז"ל האבען געזאגט: "אפילו רקנים שבך מלאים מצוות כרמון".

## ט

## ווען דער בעל שם איז געווען א נסתר

**וואס דער אלטער רבי האט דערצעהלט וועגען דער טעטיגקייט פון בעל שם איידער ער איז נתגלה געווארען. — ווען מען דארף העלפען דעם אידישען גוף און ווען מען דארף העלפען די אידישע נשמה.**

דער אלטער רבי, ר' שניאור זלמן ז"ל, פלעגט רופען דעם בעל שם טוב "זיידע". דאס איז געווען דערפאר וואס ער איז געווען א תלמיד פריהער פון ר' יששכר דוב'ן, דער איידעם פון דעם מגיד פון ליובאוויטש, ר' יוסף, דעם בעל שם'ס א תלמיד, און דאן פון דעם רבי'ן ר' בער פון מעזעריטש, ביי וועמען ער האט געלערנט די חסידישע תורה ווי דאס איז געקומען פון בעל שם.

נאך ר' יוסף'ס פטירה איז ר' יששכר דוב, וועלכער פלעגט שוין דאמאלט מאכען אפטע באזוכען ביים בעל שם, געווארען דער מגיד פון ליובאוויטש, אויף זיין שווער'ס ארט. ווי א תלמיד פון אט די צוויי פון בעל שם'ס תלמידים, באזונדער פון ר' בער'ן, האט זיך ר' שניאור זלמן געפיהלט ווי ער וואלט געווען דעם בעל שם'ס און אמת'ער "אייניקעל".

ער פלעגט זאגען, אז ר' ברוך (ר' ברוך מעזשעבוזשער) איז דעם בעל שם'ס אייניקעל אין פלייש און ער, ר' שניאור זלמן, איז דעם בעל שם'ס אייניקעל אין גייסט. ר' שניאור זלמן האט זיין אייגענעם אייניקעל, דעם צמח צדק, דערצעהלט וועגען דעם בעל שם'ס דרכים און זיינע עובדות איידער ער איז נתגלה געווארען פאר דער וועלט און האט אפען אנגעהויבען פאר־שפרייטען די לעהרע פון חסידות. וואס ר' שניאור זלמן האט דערצעהלט דעם צמח צדק ווארפט א ניי ליכט אויף דער טהעטיגקייט פון בעל שם איידער ער איז נתגלה געווארען.

דער בעל שם האט זיך געהאט ארומגערינגעלט מיט נסתרים, פארבאר־גענע צדיקים, וועלכע פלעגען וואנדערען פון שטאט צו שטאט און פון ישוב צו ישוב צוצוגרייטען דעם באדען פאר דער חסידישער לעהרע וועלכע האט שפעטער געדארפט אנטפלעקט ווערען פאר דער אידישער וועלט. אין אנפאנג איז אבער די עובדה פון די דאזיגע נסתרים באשטאנען ניט אזוי אין פאר־שפרייטען די חסידישע לעהרע נאר אין משפיע זיין אויף אידען, אז זיי זאלען זיך נעהמען צו פארשידענע פרנסות, באזונדער צו מלאכה און צו ערד־ארבייט.

דער ברייטער אידישער עולם האט אין יענער צייט געליטען פון צוויי ערליי

צרות: ערשטענס, פון דעם וואס ער איז געווען גייסטיג אפגעשטאנען, פאר עם הארץ'עוועט, ממש פארלאזען און; פארשטויסען פון די קליינע צאהל לומדים און יודעי ספר, וועלכע האבען זיך געהאלטען אפגעזונדערט אין די דלד אמות של הלכה, און צווייטענס, פון דעם וואס זיי זיינען געווען בארויבט און דערוויטערט פון די קוואלען פון פרנסה.

די בלוטיגע טראגעדיע וואס האט זיך אפגעשפיעלט אין די יאהרען ת"ח ות"ט, ווען מאסען אידען זיינען אויסגעשלאכטעט געווארען און א סך אידיש׳ שע קהלות און ישובים זיינען פארניכטעט געווארען, האט געבראכט דערצו, אז הונדערטע און טויזענדע אידען זאלען אנטלויפען פון די דערפער און די קליינע שטעטלעך, וואו זיי זיינען געווען אומבאשיצט, און זאלען זיך צוזאמענ־ קלייבען אין די גרעסערע שטעט און שטעטלעך. זיינען די דאזיגע שטעט און שטעטלעך ניט נאר געווארען ענג באזעצט נאר זיינען פשוט אויסגעשעפט גע־ ווארען פון אלע קוואלען פון פרנסה. מאסען אידען האבען געהונגערט. זיי האבען זיך פשוט ניט געהאט צו וואס צו נעהמען.

דער בעל שם האט אנגעהויבען ווירקען אין יאהר ת"ע, איבער זעכציג יאהר נאך יענע בלוטיגע יאהרען. די לאגע פון דעם אידישען המון האט זיך אבער אין משך פון דער צייט גארניט געהאט פארבעסערט, ניט גייסטיג און ניט מאטעריעל.

האט דער בעל שם דערפאר איינגעזעהן, אז צוערשט מוז מען די אידען באזארגען מיט פרנסה, און ער האט מיט דער הילף פון זיינע נסתרים אנגע־ פאנגען א שטארקע באוועגונג אין פאדאליען און אין די ארומיגע פרא־ ווינצען, אז אידען זאלען זיך ארויסקלייבען פון די שטעט און די גרעסערע קבוצים און זיך באזעצען אין קלענערע שטעטלאך און דערפער וואו זיי זאלען זיך פארנעהמען מיט מלאכה און מיט ערד־ארבייט.

אויב איינער האט ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו קריגען א באדייטענדי־ גען שטח באדען, האט ער געזאלט זיך באנוגענען מיט א גארטען, וואו ער זאל זייען פארשידענע גרינסען און פון דעם ציהען זיין חיונה, אדער זיך אפגעבען מיט האדעווען עופות אדער גאר שאף און רינדער.

די נסתרים האבען ניט נאר ערמוטיגט די פרנסה־לאזע אידען אין די שטעט און שטעטלעך אנצופאנגען א נייע לעבען, א פראדוקטיווע לעבען, א לעבען פון זעלבסט ערנעהרונג, באזירט אויף דער פראצע פון זייערע אייגענע הענד, נאר האבען אליין געצייגט א ביישפיעל ווי אזוי זיך אפצוגעבען מיט די דאזיגע נייע פרנסות, מלאכה און ערד־ארבייט.

דערפאר זיינען טאקע אזוי פיעל נסתרים געווארען בעלי מלאכות און ערד־ארבייטער און דערפאר איז ליובאוויטש, ווי איינע פון די פונקטען, וואו אידען האבען זיך געקענט אפגעבען מיט מלאכה און ערד־ארבייט אין יענע יאהרען, געווען פול מיט נסתרים, וועלכע זיינען אלע, אדער אין טייל, געווען תלמידים אדער נאכפאלגער פון דעם בעל שם.

רייזענדיג וועגען אט דער ליובענסווערטער און ביז גאר נויטווענדיגער טהעטיגקייט פון בעל שם צווישען די ברייטע אידישע מאסען, האט דער אל־ טער רבי ערקלעהרט, אז דער "זיידע" האט געהאלטען, אז די ערשטע אויפ־ גאבע וואס ער און זיינע תלמידים — די נסתרים — האבען פאר זיך, איז

גענוגט צו מאכען דעם אידישען גוף און ערשט נאכהער זיך נעהמען צו זייער גייסט, צו זייער נשמה.

טאקע דערפאר איז דעם בעל שם'ס טהעטיגקייט געווען צעטיילט אין צוויי חלקים: ערשטענס, אלס נסתר, ווען ער האט זיך אפגעגעבען נאר מיט דעם אידישען גוף, און צווייטענס, אלס פאר דער וועלט־אנטפלעקטער צדיק, ווען ער האט זיך פארנומען צו ווירקען אויף אידען גייסטיג, דערהויבענדיג זייערע נשמות.

אין זיין טהעטיגקייט אין די ערשטע יאהרען געווען דורכאוים געווידמעט צום פשוט'ען פאלק בעת די טהעטיגקייט זיינע, אין די שפעטערדיגע יאהרען, איז אויך געווען געווידמעט צו די לומדים און הויכע גייסטער.

דער אלטער רבי האט דערביי איבערגעזאגט אין בעל שם'ס נאמען, אז אידען זיינען פארגליכען צו א וויינשטאק צוליעב צוויי טעמים: ערשטענס, דערפאר וואס אין א וויינשטאק זיינען אויך די בלעטער וויכטיג פאר די פירות, און צווייטענס, דערפאר וואס די בלעטער פון א וויינשטאק האבען די וויכטיגע אויפגאבע צו באשיצען די וויינטרויבען און זיינען דערפאר פון דער גרעסטער באדייטונג, ווייל דער כח פון באשיצער איז גרעסער ווי פון דעם באשיצטען.

אט צוליעב דעם זיינען די נסתרים פון יענער צייט געווען פון אזא גרויסער באדייטונג ניט נאר פאר דעם ברייטען אידישען עולם נאר אויך ווי צוגרייטער פאר דעם בעל שם'ס שפעטערדיגע התגלות.

די ארבייט וואס איז אנגעפיהרט געווארען דורך די נסתרים איז געווען א ברייטע און פארצווייגטע. זי איז אויך אנגעפיהרט געווארען מיט אן אייזער־נער דיסציפלין. ווען די צייט איז געקומען פאר'ן בעל שם נתגלה צו ווערען, זיינען שוין אין א סך שטעט און שטעטלאך געווען איינגעפונדעוועטע צענטע־רען פון חסידות. דעם בעל שם'ס תלמידים זיינען שוין געווען אויף באשטימ־טע פאסטענס, יעדער מיט א באשטימטער ארבייט, אלע צוזאמען דינענדיג איין באשטימטען צוועק, — די דערהויבונג פון די אידישע מאסען.

אין משך פון פינף און צוואנציג יאהר האט זיך אויף דעם אופן דעם בעל שם'ס לעהרע אויסגעשפרייט פון פאדאליען איבער אוקראינע און פוילען און איז אויך געבראכט געווארען קיין ליטע און וויים־רוסלאנד.

ליטע איז אבער געווען די סאמע שווערסטע פעסטונג איינצונעהמען. ליטע איז געווען ניט נאר דער צענטער פון לומדות, נאר אויך דער צענטער פון התנגדות און עס האט געדארפט דויערן ביז עס איז געקומען דער אלטער רבי, ר' שניאור זלמן, דער "איניקעל" פון בעל־שם, אז חסידות זאל זיך דארט אנהויבען באפעסטיגען און שלאגעןווארצלען.

אבער נאך פאר'ן לעבען פון בעל שם, — און ווי מיר האבען שוין גע־זעהן פון דער געשיכטע פון ליובאוויטש, נאך א סך פריהער, — האבען דארט שוין געווירקט עהנליכע גייסטער ווי די וואס זיינען שפעטער געווארען דעם בעל שם'ס תלמידים און אויספיהרער פון זיינע געדאנקען און פלענער.

פאר ליטע האט אבער געמוזט געשאפען ווערען א ספעציעלע סארט חסידות, — די חסידות פון חב"ד — כדי צו געפינען אן אנהאלט דארט. אט דער דאזיגער מין חסידות, וואס איהרע ראשי תיבות באדייטען: חכמה,

בינה, דעת, איז געשאפען געווארען פון דעם אלטען רבי'ן ערשט פינף יאהר נאך דעם בעל שם'ס הסתלקות, פיער יאהר נאכדעם ווי דער רבי ר' בער, דער מעזשעריטשער מגיד, איז געווארען דעם בעל שם'ס ממלא מקום.

ווארים א יאהר צייט נאך דעם בעל שם'ס הסתלקות, האט די היילינע "חבריא", דעם בעל שם'ס תלמידים, באשטימט דעם בעל שם'ס איינציגען זוהן, ר' צבי, צו ווערען דער מנהיג פון דער חסידישער וועלט. ר' צבי איז אבער ניט געווען שטארק געננג אנצוהאלטען די הנהגה. עס האבען זיך דערצו געפאדערט גאר גרויסע כחות סיי כלפי פנים, פאר די איינענע נאכפאלגער, און סיי כלפי חוץ, פאר די פארשידענע געגנער, וואס האבען אנגעהויבען אויפהויבען זייערע קעפ.

אט די געגנער זיינען געקומען פון צוויי באשטימטע ריכטונגען — די מתנגדים, וועלכע האבען נאך פאר'ן לעבען פון בעל שם אנגעהויבען שטורמען געגען דעם נייעם דרך, און דאן די פראנקיסטען, מיט וועמען דער בעל שם און זיינע תלמידים האבען געהאט עפענטליכע וויכוחים און זיי מנצח געווען.

נאך דעם בעל שם'ס פטירה האבען די דאזיגע געגנער, סיי די מתנגדים און סיי די פראנקיסטען, דערוואַרט, אז די חסידישע באוועגונג זאל זיך צופאַלען. עס האט מעהר ניט געזאלט זיין ווער עס זאל שטעהן אין דער שפיץ פון דער דאזיגער באוועגונג.

די שונאים פון חסידות האבען וויינינ געוואוסט אז דער בעל שם האט געהאט אויפגעבויט א שטארקע ארגאניזאציע, א גוט דיסציפלינירטע קערפער־שאפט, וואס זאל די ארבייט ווייטער קענען אנפיהרען און מאכען פארטשריט.

האט די "חבריא" באלד איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט צו שטעלען אימיצען אנדערש אין דער שפיץ פון דער חסידישער באוועגונג. אויב ר' צבי איז געווען צו שוואך, האט ער ניט געטארט בלייבען דער מנהיג, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז דער זוהן פון בעל שם.

אבער ר' צבי האט ניט געווארט אז די חבריא זאל איהם אנווייזען זיינע שוואכקייטען. ער האט אליין געוואוסט. עס איז געווען דער צווייטער טאג שבועות ווען עס איז געפראוועט געווארען די ערשטע "הילולא" פון דעם בעל שם. ר' צבי האט אקארשט געהאט פארענדיגט זאגען תורה, זיצענדיג אויבען אן ביים טיש. פלוצים האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און געזאגט מיט די ווערטער:

— היינט איז צו מיר געקומען דער טאטע אין חלום און האט מיר מודיע געווען, אז די פמליא של מעלה מיט אלע משמשים וואס זיינען ביז אהער געווען מיט איהם, זיינען אריבער צו ר' בערעניו און דערפאר פארלאנגט ער פון מיר, אז איך זאל איהם, ר' בערעניו'ן, איבערגעבען די הנהגה אין דער געגנענוווארט פון דער גאנצער היילינער חבריא. זאל ר' בערעניו פארנעהמען מיין ארט אויבען אן ביים טיש און איך זאל פארנעהמען זיין ארט.

ר' צבי האט דאן אויסגעטהאן זיין מלבוש און עס איבערגעגעבען צו ר' בער'ן און איהם אפגעגעבען א הארציגען "מזל טוב". זיי האבען זיך געביטען מלבושים און אויך פלעצער און אזוי איז ר' בער געווארען דער חסידישער מנהיג, און אונטער זיין הנהגה האט זיך די חסידישע באוועגונג ערשט אנגע־הויבען צו פארשפרייטען און וואקסען.

שפּעטער ווען דער רבי ר' בער איז שוין געווען אין מעזעריטש און האָט פון דאָרט אנגעפיהרט זיין היילינע ארבייט צוציהענדיג צו זיך נייע תלמידים, — די בעסטע און שעהנסטע גייסטער פון יענער צייט, — איז ר' שניאור זלמן אויך צו איהם צוגעצויגען געוואָרען און איז געוואָרען זיינער אַ תלמיד אזוי, אז ער איז אין דער אמת'ן געוואָרען דעם בעל שם'ס א טאָפּעלטער "אייניקעל", — א תלמיד פון ר' יששכר דוב'ן און א תלמיד פון דעם מעזעריטשער מגיד, דער אמת'ער ממלא מקום פון בעל שם.

מיט אָט דער טאָפּעלטער פאַרבינדונג מיט דעם בעל שם איז ר' שניאור זלמן אויך פארבונדען געוואָרען מיט ליובאוויטש וואו ער האָט געלערנט אין זיינע יונגע יאהרען ביי ר' יששכר דוב'ן, לייגענדיג אויף אזא אופן דעם יסוד פאר דער חב"ד'ישער חסידות אין ליובאוויטש, כאָטש ער, דער אלטער רבי אליין האָט גאָר פריהער געהאט זיין היים אין ליאזשנע און דערנאָך אין ליאדי און ערשט דער צווייטער דור, דער מיטעלער רבי האָט זיך באַזעצט אין ליובאוויטש.

און טאקע דערפאַר וואָס די געשיכטע פון חב"ד איז אזוי ענג פאַר־בונדען מיט ליובאוויטש, האָט דער גייסט וואָס ליובאוויטש האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט, אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף חב"ד און אויף איהרע גייסטיגע פיהרער.

דער צמח צדק, וועלכער איז, אגב, געווען דער צווייטער דור פון חב"ר'ישע רביים, וואָס זיינען געזעסען אין ליובאוויטש, האָט די שטאָט באַצייכענט אלס דער "צנור" פון חסידישער אהבה און פריינדשאַפט.

— מען דאַרף רחמנות האָבען אויף זיך און אויף דעם אנדערען און איינער דעם אנדערען העלפען, — האָט דער צמח צדק געזאָגט, וועלענדיג ציהען א מוסר השכל פון דעם וואָס דער גייסט פון ליובאוויטש אלס שטאָט שטעלט מיט זיך פאָר, — מען דאַרף ווערען בעסער אין מדות טובות און אין עבודת הבורא, ווי דאָס ווערט געלערנט על פי חסידות.

איז טאקע קיין וואונדער ניט וואָס חב"ד און ליובאוויטש זיינען געוואָרען שמות הנרדפים. איינס האָט משפיע געווען אויף דאָס אנדערע.

מיט דעם אין זינען קום איך איצט צו דער געשיכטע פון חב"ד, די געשיכטע פון די היילינע גייסטער, וואָס האָבען איהר געשאַפען און זייער אפּשטאַם, אָט ווי די טראַדיציע פון ליובאוויטשער הויף גיט עס איבער און ווי דאָס איז פאַרשריבען אין די כתבים פון אונזערע ארכיוועַן.

## אפשטאם פון דער שניאורסאָן גזע

**דער יחוס וואָס גערט ביז צום מהר"ל מפראג און נאָך ווייטער. — ר' משה פון פאזען און זיין זוהן ר' שניאור זלמן. — דער יתום ר' ברוך און זיין אייגענארטיגער דרך.**

דער יחוס פון דער שניאורסאָן גזע פאנגט זיך ניט אן נאר מיט דעם אלטען רבין, ר' שניאור זלמן, דער בעל התניא און דער גרינדער פון חב"ד, נאר געהט א סך דורות פריהער, אזש צו דעם מהר"ל פון פראג, דער באשאפער פון גולם, און נאָך ווייטער; דורות פון באריהמטע גאונים און בעלי מקובלים האבען באשיינט דער שניאורסאָן משפחה.

מיין איינענע באשרייבונג פון דער שניאורסאָן־פאמיליע פאנגט זיך אן מיט דעם גאון ר' משה, וועלכער האט געוואוינט אין פאזען, וואס איז דאַ־מאלס געווען א מין זעלבסטשטענדיגע מדינה. ר' משה האט גע'שם'ט פאר זיין לומדות פונקט ווי פאר זיין עשירות. ער איז אויך געווען געבענשט מיט זיהן און טעכטער. איינער פון זיינע זיהן האט געהייסען ר' שניאור זלמן, נאָך וועמען דער בעל התניא איז געווען א נאָמען. דער דאָזיגער ר' שניאור זלמן איז געווען גאָר אנדערש פון ר' משה'ס אנדערע זיהן. ער איז פון גע־בורט געווען שוואך און קרענקלאך. דאָס האָט איהם אבער ניט געשטערט אין לערנען תורה טאָג ווי נאכט. ער האָט אויך ליעב געהאט צו פראווען התבודדות.

בעת די אנדערע ברידער האבען זיך אפגעגעבען מיט מסחר, האָט ר' שניאור זלמן זיך עוסק געווען אין תורה. ווען ער איז אלט געווארען צוואנ־ציג יאָהר, האָט ער חתונה געהאט מיט דער טאָכטער פון א געוויסען ר' ברוך'ן, וועלכער האט געהאט דעם צונאָמען "בטלן", אודאי דערפאר וואָס ער האָט זיך געהאט אינגאנצען אויסגעטהאָן פון עולם הזה.

ווי עס קוקט אויס, האָבען ר' משה און אויך די אנדערע ברידער געוואָלט, אז ר' שניאור זלמן זאָל זיך, ווי זיי אלע, נעהמען צו מסחר. אבער ר' שניאור זלמן האָט זיך פון דעם אנטזאגט און האָט זיך גענומען צו דער ארימער פרנסה פון מלמדות. זינט דאן האָט ער זיך שוין אינגאנצען אפגעזאגט פון נעהמען שטיצע פון זיין רייכען טאטע'ן און זיינע רייכע ברידער.

די פאמיליע וואָלט ווייטער געלעבט אין פאזען אין שלום ושלוה. האָט אבער אין פאזען אנגעהויבען זיך פארשפרייטען די השכלה באוועגונג. א געפאהר האָט זיך אויפגעהויבען פאר דעם אידישען דת. ר' משה און אנ־דערע אידישע תושבים אין פאזען האָבען אנגעהויבען מורא האָבען, אז זיי וועלען דארט מעהר ניט קענען דינען דעם אויבערשטען און זיך עוסק זיין אין תורה ווי פריהער, און זיי האָבען באשלאָסען אויסצוואנדערען, צי־לענדיג צו גרייכען ווייס־רוסלאנד, וואו עס זיינען דאמאלס געווען גרוי־סע אידישע צענטערען.

האָבען זיי געוואנדערט פון שטאָט צו שטאָט ביז זיי זיינען אנגע־קומען קיין ווייס־רוסלאנד. ר' משה און איינער פון זיינע זיהן האָבען זיך

באזעצט אין מינסק. צוויי פון זיינע זיהן, ר' יהודה און ר' מרדכי, האָבען זיך באזעצט אין ארשע, מאָהליווער גובערניע. ר' שניאור זלמן, זיין פרוי און זייער טאָכטער דבורה לאה זיינען מיטגענאנגען מיט יענע אידישע משפחות פון פאָזען, ביי וועמען ער איז געוועזן א מלמד. זיי האָבען זיך אלע באזעצט אין וויטעבסק. ר' שניאור זלמן האָט זיך ווייטער אָפּגעגעבען מיט מלמדות.

דריי יאָהר שפּעטער האָט ר' שניאור זלמנ'ס פרוי געבאָרען א אינגעל, וועמען מען האָט א נאָמען געגעבען ברוך, נאָך דעם זיידע'ן, ר' ברוך "בטלן", וועלכער איז נפטר געוואָרען אין פאָזען פאַר דער אויסוואנדערונג.

ברוך איז געוועזן א געזונט קינד און האָט זיך פיין ענטוויקעלט, פיזיש אזוי גוט ווי גייסטיג. ר' שניאור זלמן האָט זיך אין וויטעבסק געהאַט פאַרקליבען אין איינע פון די שמאָלע און אָרימע געסלאַך אין עק שטאָט, ניט ווייט פון דעם טייך דווינע. פון דאָרט האָבען זיך אויסגעשפּרייט גערטנער, פעלדער, לאָנקעס און סעדער. די אָרימקייט האָט זיך דערפאַר דאָרט ווייניגער געפיהלט, ווייל מען איז געוועזן תמיד נאָהענט צו דער נאַטור און די נאַטור האָט ר' שניאור זלמן פון תמיד שטאַרק ליעב געהאַט. ער האָט שטענדיג נאָר געוואָלט זיך מתדבק זיין מיט גאָט'ס יצירה.

די ליעבע צו גאָט'ס יצירה האָט ר' שניאור זלמן באלד פון געבורט אויך איינגעפּלאַנצט אין זיין זוהן ברוך. די מאַיעסטעטישע דווינע און די פּרעכטיגע גערטנער און פעלדער, לאָנקעס און סעדער, האָבען זיך טיעף איינגעקריצט אין זכרון פון דעם קליינעם ברוך פון זיין קינדהייט. דאָס האָט איהם אָבער ניט געזאָלט שטערען לערנען תורה. ווארום ווען ברוך איז אַר געוואָרען פיער יאָהר אלט, האָט איהם דער טאַטע איינגעוויקעלט אין א טלית און אויף די הענט געבראַכט צו א דרדקי מלמד. ער אליין איז געוועזן א מלמד פון א העכערער קאַטעגאָריע. ברוך האָט געדאַרפט האָבען א צוגרייטונג צו קענען לערנען ביים טאַטע'ן.

ברוך האָט באלד ארויסגעצייגט גרויס חשק צום לערנען. עס איז נאָך ניט געוועזן אריבער קיין יאָהר און ברוך איז שוין געוועזן קלאָהר אין א פיינעם טייל פון תנ"ך.

גאָר אין גיכען האָט איהם ר' שניאור זלמן איבערגעגעבען צו א צווייטען מלמד, ביי וועמען ער האָט שוין געלערענט גמרא. ווען ברוך איז געוואָרען זיבען יאָהר אלט, האָט איהם ר' שניאור זלמן אריינגענומען אין זיין אייגענעם חדר און איהם געזעצט צווישען זיינע אנדערע תלמידים. דריי יאָהר האָט דער קליינער ברוך געלערענט ביי זיין טאַטע'ן אין חדר און האָט ארויסגעצייגט זיינע גרויסע כשרונות. אזוי אז ער האָט אין לערנען שנעל איבערגעשטייגט זיינע חברים, וועלכע זיינען געוועזן א סך עלטער פון איהם.

אחוץ דעם וואָס ר' שניאור זלמן האָט געלערענט מיט זיין זוהן, האָט ער אָפט אויך מיט איהם פאַרבראַכט אין יחידות. ער האָט דעם קליינעם ברוך'ן גענומען אויף לאַנגע שפּאַצירען ביי דעם ברעג פון דער דווינע. זיי האָבען שפּאַצירט איבער לאָנקעס און פעלדער און די גאַנצע צייט האָט ר' שניאור זלמן גערעדט צו זיין זוהן תורה און איהם דערצעהלט די וואונדער פון גאָט'ס באשאַף.

די דאָזיגע שפּאַצירען אונטער דעם פרייען הימעל, מיט גאָט'ס שעהנע

וועלט פאר די אויגען, האבען איז ברוך'ן ארויסגערופען נאך מעהר ליעבע צו דער נאטור און ליעבע אויך צו זיין מיט זיך אליין, וויט פון מענשען, פארנומען מיט די אייגענע רעיונות. ברוך האט נאך אלס אינגעל שוין גע־צייגט א נייגונג צו פראוועו התבודדות.

ווען ער איז געווארען בר מצוה איז ער שוין געווען קלאהר עטליכע סדרים משניות און האט געקענט עטליכע מסכתות גמרא אויף אויסוועניג. ברוך האט געקענט אנגעהן מיט'ן לערנען אהן דער הילף פון א רבי'ן. האט זיין פאטער, ר' שניאור זלמן, איהם טאקע געלאזט לערנען אליין, אנווייזענדיג איהם נאר וואס ער זאל לערנען און ווי אזוי ער זאל מסדר זיין דעם לערנען.

איצט, אז ר' ברוך האט שוין מעהר ניט געדארפט קיין רבי'ן, פלעגט ער נעהמען די גמרא און די אנדערע ספרים, וועלכע זיין פאטער האט איהם געהייסען לערנען, און איז מיט זיי אוועק צום ברעג טייך און דארט אויף א שטיין, אדער אויסציהענדיג זיך אויף'ן ווייכען גראז, האט ער זיך פארטיעפט אין לערנען.

אנשטאט די שעהנקייט פון דער נאטור זאל פאר איהם זיין א שטער, האט עס איהם גאר אונטערגעגעבען חשק צום לערנען. דאס פליוסקען פון דעם פליסענדיגען וואסער און דאס זינגען פון די פויגעל און דאס זשומען פון די פארשיידענע אינסעקטען האבען זיך צוזאמענגעגאסען מיט ברוך'ס געזאנג ביים לערנען.

א יאהר נאך זיין בר מצוה איז זיין מוטער קראנק געווארען אויף קדחת און איז אין עטליכע חדשים ארום געשטארבען. באלד נאך דעם איז אויך ר' שניאור זלמן קראנק געווארען און אין משך פון א האלב יאהר צייט איז ער נפטר געווארען. ברוך איז געבליבען א קיילעכדיגער יתום.

דער טויט פון זיינע עלטערען האט אויף איהם געמאכט א דערשיטער־רענדיגען איינדרוק. דער וועהטאג און צער האבען דעם פערצעהן יאהריגען ברוך'ן פשוט דערשלאגען. צי איז עס געווען דערפאר וואס ער איז צו זיינע על־טערען, באזונדער צו זיין פאטער, געווען אזוי שטארק צוגעבונדען, צי דאס איז סתם געווען די עלענדקייט וואס ער האט פלוצים דערפיהלט, ברוך איז ארומגעגאנגען ווי אין עולם התהו.

אין משך פון די אבילות איז ברוך, ווי דער איינציגער קדיש, געגאנגען דריי מאל א טאג אין בית המדרש און געדאווענט פאר'ן עמוד. ער האט אויך געלערענט משניות פאר די נשמות פון זיינע פארשטארבענע עלטערען. ער האט אבער מיט דעם אלעם ניט געקענט איינשטילען זיין גרויסען צער. מען האט געקענט זעהן ווי דער יונגער ברוך געהט פשוט אויס. מען האט אויך גע־קענט מערקען, אז דער צער ווירקט אויף זיין גייסט.

אין וויטעבסק האט ברוך געהאט א מוהמע, פריידע, וועמעס מאן, דער פעטער, האט געהייסען קדיש. זיי האבען ברוך'ן און זיין שוועסטער דבורה לאה מקרב געווען. זיי האבען דעם יתום און די יתומה, ברוך'ס שוועסטער, דבורה לאה, גענומען צו זיך אהיים. דבורה לאה האט זיך מעהר וויניגער גע־

פיהלט געטרייסט. ברוך האט אבער אפילו אין הויז פון דער מומע'ן און פעטער ניט געפונען קיין מנוחה.

אין א געוויסען טאג האט ברוך געלאזט וויסען זיין מומע'ן און פעטער, ווי אויך זיין שוועסטער, אז ער האט באשלאסען צו פארלאזען וויטעבסק.

—איך וועל געהן ערגעץ אין א מקום תורה, — האט ער ערקלעהרט.

— וואו ווערסטו פארוואגעלט ווערען? דו בינסט נאך צו יונג צו וואנ־דערען — האבען דער פעטער און די מומע מיט איהם פרובירט איינ'טענה'ן — בעסער פארבלייב מיט אונז. עס וועט דיר דא גארניט פעהלען!

די אלע רייד האבען אבער גארניט געהאלפען. דער יונגער ברוך האט שוין געהאט ביי זיך באשלאסען וואס ער זאל טהאן און קיינער האט ביי איהם ניט געקענט פועל'ן צו ענדערען זיין באשלוס. עטליכע טעג זיינען פאראיבער און ברוך האט פארלאזען וויטעבסק, ניט איבערלאזענדיג קיין שפור הינטער זיך.

דערוויילע האט די טרויעריגע בשורה וועגען ר' שניאור זלמן'ס און זיין ווייב'ס טויט דערגרייכט ר' משה'ן, וועלכער האט, ווי מיר וויסען שוין, זיך געהאט באזעצט אין מינסק, וואו ער האט געפיהרט מסחר און האט גע־האט גרויס הצלחה. ר' משה האט באלד ארויסגעשיקט א שליח מיוחד קיין ווי־טעבסק, אז ער זאל פון דארט ברייננגען דעם יתום ברוך און די יתומה דבורח לאה, זיינע אייניקלאך. ביי איהם וואלט זיי ממש קיין פויגעל־מילך ניט גע־פעהלט. ווען דער שליח איז אנגעקומען קיין וויטעבסק, איז שוין ברוך דארט מעהר ניט געווען און קיינער האט ניט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג ער איז אוועק. דבורה לאה'ן האט דער שליח אויך ניט געקענט נעהמען מיט זיך צו איהר זיידע'ן, ווארום איהר פעטער, קדיש, און די מומע, פריידע, זיינען גע־ווען קינדערלאז און זיי האבען איהר ניט געוואלט אוועקלאזען.

אין דבורה לאה געבליבען ביי איהר פעטער און מומע'ן אין הויז, ביז זי האט חתונה געהאט. דערוויילע האט ברוך ארומגעוואנדערט איבער די שטעט און שטעטלעך אין דער סביבה פון וויטעבסק און האט אין ערגעץ ניט גע־פונען קיין שטענדיגען מקום מנוחה. דריי יאהר האבען געדויערט זיינע וואנ־דערונגען. ער האט א געוויסע צייט פארבראכט אין דאבראמיסל, קאלישק און אנדערע שטעטלאך. אומעטום, וואו ער איז געקומען, האט ער זיך געזעצט לערנען אין בית המדרש. אבער ער האט זיך לחלוטין אנטזאגט צו נעהמען וועלכע עס איז שטיצע, צי דאס איז געווען קהל, צי דאס זיינען געווען יחידים. ווי עס האט זיך געפיהרט, האט מען א לערנער אנגעבאטען עסען "טעג". אויב ער האט ניט געוואלט שלאפען אין בית המדרש, האט מען פאר איהם אפגע־זוכט א קווארטיר ביי אימיצען אין הויז. ברוך האט אבער פון די אלע זאכען ניט געוואלט וויסען. ער האט ביי קיין פרעמדע טישען ניט געוואלט עסען. ווי דערנערט מען זיך אבער? איז ברוך געווארען א האלץ־העקער און א וואסער־טרעגער, אדער ער האט ארויסגעהאלפען קרעמער און סוחרים אין מארק־טעג.

ר' ברוך האט זיך ניט געשעהמט מיט קיין ארבייט, ווי שפל זי זאל ניט זיין. קיין ארבייט איז אויך פאר איהם ניט געווען צו שווער. ער האט געהאלטען פון דעם "פשוט נבילתא בשוק", אבי ניט אנצוקומען צו מענשען.

גאר א סך האבען ניט געקענט פארשטעהן ברוך'ן. ווער האט זיך דען געוואלט פארטיפען און זיך דערגרונטעווען אין דער נשמה פון א יונגען אינגעל, זאל ער אפילו האבען געווען א גרויסער למדן און מתמיד. א סך האבען עס צוגעשריבען צו א "שגעון", וואס מען האט אוועקגעמאכט מיט'ן האנט און ווייניג אויפמערקזאמקייט געשיינקט דעם גאנצען ענין.

ברוך האט דערפון געהאט גאר ווייניג עגמת נפש. זאל מען וועגען איהם זאגען וואס מען וויל, אבי מען לאזט איהם צורוה און מען לאזט איהם גהן זיין אייגענעם דרך.

האט ער ערגעץ געפונען די קלענסטע שטערונג צו זיין ארט לעבען, אזוי איז פון דארט אוועק און האט אויסגעוואנדערט אין אן אנדער שטעטעל, וואו ער האט ווייטער זיך געפיהרט אויף דעם זעלבינגען שטייגער — לערנענדיג טאג ווי נאכט אין בית המדרש און ציהענדיג זיין פרנסה פון די שווערסטע ארבייטען, וואס ער האט נאר געקענט געפינען און פאר וואס מען איז געווען גרייט איהם צו באצאהלען.

## יא.

### גוף און נשמה

די וואנדערונגען פון א יונגען בחור'ל וואס האט זיך פארנומען אויף א נייעם דרך.— וויל זיך דערנערען פון ארבעט.—ווען מען שטעהט פנים אל פנים מיט'ן הונגער.

נאכדעם ווי ברוך האט געוואנדערט איבער א רייהע שטעטלאך איז ער אנגעקומען אין ליאזשנע. דארט האט ער זיך באלד געזעצט לערנען אין דעם גרויסען בית המדרש. ברוך האט געהאט אפגעשפארט אביסעל געלד פון די פארשידענע שוו:רע ארבייטען וואס ער האט געטהאן אין די אלע שטעטלאך אין וועלכע ער האט פארבראכט פריהער. ווי קליין עס זיינען געווען זיינע פארדינסטען, זיינען אבער זיינע טעגליכע באדערפענישען געווען נאך קלענער: א שטיקעל טרוקען ברויט, עפעס צום ברויט און ברוד איז געווען געזעטיגט. א שוך, א קלייד זיינען געווען פון די קלענסטע זאכען ביי איהם. האט ער דערפאר געקענט באוויזען מיטצוברייינגען מיט זיך קיין ליאזשנע, וואס ביי איהם האט געקענט באטראכט ווערען ווי א "קניפעל", און וואס זאל איהם האלטען באזארגט מיט זיינע באדערפענישען פאר א לייננערער צייט.

ברוך האט דערפאר געקענט זיצען אומגעשטערט אין בית המדרש און לערנען מיט גרויס התמדה. עס איז איצט אין דער אמת'ען פאר איהם, דעם זיבעצעהן יאהריגען בחור'ל, געווען א גליקליכע צייט: קיין דאגות פרנסה, און די גאנצע צייט, טאג און נאכט, פריי צו לערנען.

אז א בחור'ל ווי ברוך, וואס קומט פון דער פרעמד, זעצט זיך אוועק אין בית המדרש און לערנט מיט גרויס התמדה און פארלאנגט ניט דערביי פון קיינעם וואס א פרוטה איז ווערטה, מוז ער נאטירליך באלד צוציהען גרויס אויפמערקזאמקייט. דער שמש פון בית המדרש, ר' עזרא, איז דער ערשטער וואס הויבט זיך אן צוקוקען צו דעם יונגען מתמיד. ער פרעגט

ברוד'ן, צי ער וויל ניט אז מען זאל איהם באזארגען מיט עסען און אנדערע באדערפענישען. ברוך ערקלעהרט אבער, אז ניט ער דארף און ניט ער וויל פון קיינעם קיין הילף.

ברוך, וועלכער האט געמאכט דעם בית המדרש פאר זיין היים, העלפט אפט ארויס דעם שמש אין זיינע פארשידענע עובדות. ער העלפט איהם אויס־קעהרען דעם בית המדרש. ער ברייננט וואסער פאר'ן כיור, און טראגט ארויס דאס אומריינע וואסער מיט וועלכען מתפללים האבען געוואשען די הענד. ער העלפט אנצינדען ליכט און לאמפען ערב שבת און אלע טאג פון דער וואך. ברוך ווערט ביי ר' עזרא'ן כמעט אז אונטער־שמש. ר' עזרא וויל ברוך'ן דער־פאר מיט עפעס מפצה זיין. ברוך ענטזאגט זיך אבער צו נעהמען וועלכע עס איז באלוינונג. ער זאגט, אז ער טהוט עס פון מצוה און אז ער נויטיגט זיך ניט אין קיין שכר. אויב ער וועט זיך נויטיגען אין עפעס פאר זיין גשמיות'דיגע קיום וועט ער טהאן פשוט'ע מלאכות. דערוייל אבער פעהלט איהם ניט קיין זאך.

ר' עזרא קוועטשט מיט די פלייצעס. ער האט נאך אזא פארשוין ווי ברוד'ן ניט געזעהן. ער דערצעהלט מיט גרויס באוואונדערונג וועגען ברוך'ן דעם גבאי פון שוהל, ר' אליעזר זונדעל. עס הערען וועגען דעם אויך די אנדערע בעלי בתים וואס קומען טאג־טעגליך דאווגען אין גרויסען בית המדרש. זיי אליין האבען שוין באמערקט דעם בחור'ל וואס זיצט און לערנט אזוי געשמאק.

— ווער איז ער? פון וואנען קומט ער? — פרעגט דער גבאי, ר' אליעזר זונדעל.

דער שמש ציהט מיט די אקסלען. ער קען אויף דעם ניט ענטפערען.

— איך האב עס פון איהם ניט געקענט ארויסקריגען, — זאגט ר' עזרא, — קענטיג אז ער וויל עס ניט אויסזאגען.

דער גבאי, ר' אליעזר זונדעל, פרובירט אליין זיך פאנאנדעררעידען מיט ברוך'ן און דערגעהן פון איהם ידיעות וועגען זיין אפשטאם און וואס אזוינס עס האט איהם געבראכט קיין ליאזשנע. ער באט איהם אויך אן צו זארגען פאר זיינע באדערפענישען. ברוך וויל אבער קיין ווארט ניט זאגען וועגען דעם פון וואנען ער איז געקומען און פאר וואס ער האט דוקא אויסגעקליבען ליאזשנע. ער דערקלעהרט אויך דעם גבאי, אז ער דארף פון קיינעם ניט קיין הילף.

דער גבאי זעהט איין, אז ער וועט מיט ברוך'ן גאר ניט מאכען. ער איז אן עקשן.

ער ווענדט זיך צום שמש און זאגט:

— איך קען מיט איהם גארניט מאכען. פרובירט איהר נאך אמאל. מען מוז דאך פארט אויסגעפינען ווער ער איז. מען קען איהם דאך ניט לאזען פארהונגערט ווערען.

מאכט זיך ר' עזרא הארץ און הויבט אן צושטעהן צו ברוך'ן, אז ער מוז איהם אויסזאגען ווער ער איז און פון וואנען ער קומט. דער שמש וויל איהם אויך מעהר ניט אפלאזען און וויל איהם פשוט מיט גוואלד נעהמען צו זיך אהיים און איהם דארט געבען עסען.

— א מענש קען דאך ניט אזוי אפקומען, — טענה'ט ר' עזרא איין

מיט ברוד'ן. אבער ברוד בלייבט פאר'עקשנ'ט. אז ער זעהט, אז ער וועט זיך פון ר' עזרא'ס הענד ניט אויסדרעהען, פארלאזט ער דעם גרויסען בית המדרש און פארקלייבט זיך אין א קליינעם בית המדרש, וואס האט זיך געפונען אין עק שטאט. דארט האט איהם קיינער ניט באלעסטיגט. ער האט געקענט פיהרען זיין לעבען ווי ער האט אליין געוואלט.

ברוד האט אבער אנגעהויבען איינזעהן, אז דאס ביסעל געלד וואס ער האט מיטגעבראכט קיין ליאזשנע און מיט וועלכען ער האט דערהאלטען זיין נשמה, האלט ביסלעכווייז אין אויסגעהן. נאך א ווייל און ער וועט ניט האבען מעהו מיט וואס צו קויפען קיין שטיקעל ברויט. האט ער אנגעהויבען קארגען און מצמצם געווען אפילו אויף דעם טרוקענעם שטיקעל ברויט. ברוד האט דאן אויך אנגעהויבען זוכען נייע מעגליכקייטען צו פארדינען פון ארבייט. ער איז ארוים אין גאס צו געפינען עפעס צו טהאן. ער האט געוואלט ווערען א טרעגער פון שווערע משאות. האט ער אבער איינגעזעהן אז אין ליאזשנע זיינען פאראן צופיעל טרעגער און יענע זיינען אלע געווען באווייבטע.

— איך וועל פון זיי ניט צונעהמען קיין פרנסה, — האט ברוד צו זיך געזאגט און האט געזוכט עפעס אנדערש.

ער האט געוואלט ווערען א וואסער-טרעגער. האט ער אויסגעפונען, אז אין ליאזשנע זיינען פאראן צופיעל ארימע לייט, וואס קענען זיך ניט פאר־גינען דאס פארגעניגען, אז מען זאל ברייגנגען וואסער אין הויז אריין. זיי זיינען אלע געגאנגען צו די ברונימער און די קרעניצעס צו באזארגען זיך מיט וואסער. די בעלי-בתישע מענשען פון שטאט האבען שוין געהאט פון לאנג זייערע וואסער-טרעגער. זאל ברוד פון אימיצען פון אט די וואסער־טרעגער פרובירען אוועקנעהמען זייער פרנסה? חס חלילה! דאס וואלט דאך געווען השגת גבול.

ברוד וואלט געגאנגען האקען האלץ. זיינען אבער אין ליאזשנע געווען גענוג ארימע-לייט וואס האבען זיך פארדונגען צו טהאן כל עבודת פרך אבי צו פארדינען א שטיקעל ברויט. ער וועט מיט אט די דאזיגע נצרכים ניט קאנ־קורירען.

ברוד'ן איז געווארען קאלעמוטנע אויפ'ן הארצען. זיין הארץ איז אנגע־פילט געווארען מיט צער — צער פאר די אלע ארימע מענשען, וואס דארפען זיך ראנגלען פאר זייער חיונה. ער האט זיך שוין אליין געהאלטען אין מאכען פארוואורפען וואס ער איז ניט געווען שפארזאמער מיט זיין געלט. ער האט נעדארפט עסען ווייניגער, וואלט איהם דאס געלט געקלעקט פאר א לייננערע צייט. אבער ער האט נאך אליץ געהאט אביסעל פון זיין אפגעשפארטען געלט. האט ער אנגעהויבען נאכמעהר קארגען און זיך באנוגענט מיט א סך ווייני־גער ווי פריהער. דאס האט געמיינט, אז ער האט פשוט אונטערגעהונגערט. געוויסע טעג איז וואך האט ער געפאסט תעניתים. אין דער זעלביגער צייט האט ער געהאלטען אין לערנען נאך מיט מעהר פייער און ברען.

די מתפללים פון יענעם קליינעם בית המדרש אין עק פון ליאזשנע זיינען אלע געווען גרויסע ארימע-לייט. יעדער פון זיי איז געווען פארנומען מיט זיינע אייגענע זארגען. קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם בחור'ל,

וואס איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. עס איז קיינעם ניט איינגעפאלען צו טראכטען פון וואנען ער לעבט און ווי אזוי ער לעבט.

אויף זיין בלייכען און אויסגעדארטען פנים האט מען שוין געקענט זעהן, אז ברוך ליידט הונגער. אבער די אידען פון עק שטאט, וואס האבען צוזאמענגעשטעלט די מתפללים פון בית המדרש, זיינען געווען געוואוינט צו זעהן אזוינע האלב-פארהונגערטע און פאר'צער'טע פנים'ער. עס איז פאר זיי ניט געווען קיין חידוש.

דער איינציגער וואס האט זיך יא צוגעקוקט צו ברוך'ן איז געווען א זקן, וואס האט אליין זיך אויפגעהאלטען אין בית המדרש. דערפאר וואס דער דאזיגער בית המדרש איז געווען צו ארים, האט מען דארט ניט געקענט אויסהאלטען קיין שמש און קיין אנדערע כלי קודש. האט דער זקן אויפגעפאסט אויפ'ן בית המדרש און איז דארט געווען אין דער בחינה פון א שמש, כאטש ער האט פאר דעם ניט געקראגען קיין באלוינונג. פון צייט צו צייט, האט איהם אימיצער פון די מתפללים עפעס געגעבען אין יד און דער זקן האט זיך דערפון דערנעהרט.

אט דער זקן האט גוט געוואוסט ווי גרויס עס איז געווען די התמדה פון דעם יונגען לערנער. ער האט אויך געוואוסט, אז אט דעם לערנער פעהלט צום עסען. ער האט געזעהן מיט וואס און מיט ווי וויניג ברוך קומט אפ. ער האט אבער אליין ניט געהאט עפעס אנצובאטען ברוך'ן, ניט ווייסענדיג אפילו, אז אויב ער וואלט איהם עפעס אנגעבאטען, וואלט ברוך זיך פון דעם ענטזאגט. בכלל האט דער זקן זיך געהאלטען פון דערווייטען פון ברוך'ן. אליין א פראסטער מענש, קוים א יודע ספר, האט ער פשוט ניט געוואגט צו פריינטלען זיך מיט דעם וואויל-לערנער.

אזוי איז אוועק דער ווינטער און עס איז אנגעקומען דער פריהלינג. געפינענדיג זיך אין עק שטאט, איז ברוך איצט געווען נעהענטער צו דער נאטור, וואס ער האט אזוי שטארק ליעב געהאט. ער האט איצט אנגעהויבען נעהמען לאנגע שפאצירען אויסערען שטאט. די זון האט געשיינט. דער הימעל איז געווען קלאר. די ערד האט זיך באדעקט מיט א גרינעם מאנטעל. די בוימער האבען אנגעהויבען בליהען. די וועלדער און די פעלדער האבען אנגעפילט די לופט מיט געשמאקע ריחות. פויגעל האבען געזונגען. אינסעקטען האבען געזשומעט. עס איז געווען פונקט די צייט וואס ברוך האט זיך געקענט אויסציהען אויף א לאנקע, אונטער א בוים און חלום'ן זיינע חלומות. אויף דער פרייער נאטור האט ער אויך געקענט לערנען מיט מעהר התלהבות. ער האט לייכטער געקענט פארגעסען זיין הונגער און זיך מעהר פארטיפען אין עולמות.

מיט'ן אנקומען פון שבועות, האט ברוך זיך ארומגעזעהן, אז אט באלד און זיינע לעצטע פרוטות וועלען פארשווינדען. ער האט פאר דעם הייליגען יו"ט טוב כאטש געמוזט האבען חלות צו מאכען קידוש. דער הייליגער יום טוב, דער זמן מתן תורתנו, האט בשום אופן ניט געטארט פארשטערט ווערען. וואס האט ער געזאלט טהאן? האט ער געפאסט תעניתים עטליכע טעג נאכאנאנד, כדי עס זאל איהם בלייבען גענוג אויף אויסקומעניש איבער יום טוב.

אבער וואס וועט זיין נאך יום טוב? עס איז פשוט געווען כלה פרוטה

מין הכים. ער האט זיך צוליעב דעם שטארק מצער געווען. אבער ער האט אויך געהאט פארדרוס אויף זיך אליין. ער האט זיך געמאכט שארפע פאר־וואורפען. וואס הייסט, אז ער פיהלט זיך אזוי פארלארען? און וואו איז זיין בטחון אין דעם רבונו של עולם? ברוך האט דאמאלס געהאט געלערנט א סך מוסר ספרים. ער האט געוואוסט ווי גרויס עס איז די מידה פון בטחון. האט אבער די דאזיגע מידה אויך געקענט אנגעווענדעט ווערען דאמאלס ווען מען איז געווען איינגאנצען הילפלאז, אהן א פרוטה ביים לייב און לעבען? ברוך האט געפיהלט, אז ער דארף זיך דערהויבען צו אזא הויכער מדרגה, אז אפילו אין דעם שווערען מצב אין וועלכען ער האט זיך געפונען, זאל ער אויף קיין רגע נים פארלירען דעם בטחון! ער האט נים געדארפט פרעגען: ווי אזוי, ווען און וואס? ער האט זיך דורכאויס געדארפט פארלאזען אויפ'ן רבונו של עולם, דעם שפייזער פון אלע באשעפענישען און דער שפייזער אויך פון איהם.

עס איז בכלל נים געווען די צייט צו זיין אין עצבות. שבועות איז געווען נאהענט און די נאטור איז געווען אזוי שעהן! מען האט נאר געדארפט ארויס אויף דער פרייער נאטור, איבערלאזענדיג הינטער זיך די שטאט מיט איהר ארימקייט, מיט איהר יאגעניש און פלאגעניש און זיך איינגאנצען באהעפטען מיט גאט'ס וואונדערליכע יצירה. וואס פאר א שעהנקייט מען האט דאמאלס דערפיהלט און וואס פאר א פרייד עס האט דאמאלס ארומגענומען ביים הארצען! וואס זארג, וואס פלאגעניש? עס איז געווען א וועלט וואו דער גאנצער באשאף האט געזאגט שירה צו זיין באשעפער! ברוך האט זיך אין אזוינע מאמענטען געפיהלט ווי א טייל פון דער יצירה און דערפאר א טייל פון הקדוש ברוך הוא אליין. אין אזוינע דערהויבענע מאמענטען קען מען נים טראכטען פון די נישטיגע באדערפענישען פון דעם נישטיגען גוף. די נשמה איז דאמאלס איינגאנצען מנצח דעם גוף.

## יב.

## דער כח פון בטחון

וואס מיר קענען לערנען פון די איבערלעבונגען פון דעם יונגען ברוך'ן. — דער נייער דרך אויף וועלכען ער האט זיך פארנומען און די גרויסע נסיונות וואס ער איז ביינעשטאנען.

מיר וועלען איצט נאכפאלגען די פאסירונגען און די איבערלעבונגען פון דעם יונגען ברוך'ן, וועלכער, ווי דער פאטער פון דעם קומענדיגען גרינדער פון חב"ד, האט מיט זיין צדקות און מיט זיין אייגענארטיגען דרך אין לעבען, אליין נים ווייניג ביינעטראגען צו דער דאזיגער שיטה אין חסידות. ברוך, ווי מיר האבען שוין געזעהן, האט זיך פארנומען אויף א דרך וואס נאר יחידי סגולה האבען אויף איהם געקענט געהן און נים גע'ניזוק'ט ווערען, רחמנא לצלן.

ברוך רופט ארויס אונזער באוואונדערונג נאך מעהר, דערפאר וואס ער איז אויף אט דעם דרך געגאנגען אליין, מיט אייגענע כחות און אומבאגלייט.

ניט האבענדיג און ניט וועלענדיג קיין הילף פון אימיצען, פארלאזענדיג זיך אויף'ן אויבערשטען, אז ער וועט איהם באשיצען געגען אלע סכנות, אויך די סכנה פון הונגער.

עס איז ניט נאר אינטערעסאנט, נאר אויך וויכטיג זיך צו באקאנען מיט די אלע פרטים פון זיין יוגענט, ווייל מיר קענען דאן זעהן ווי שווער עס איז דער וועג פאר'ן צדיק, וויפיעל דער צדיק דארף זיך אנליידען און וואס פאר נסיונות ער דארף דורכמאכען אין לעבען איידער ער דערגרייכט צו זיינע הויכע מדרגות.

ברוך קען אונז דינען פאר א גלענצענדען ביישפיעל פון גראדליניגקייט, אויסגעהאלטענקייט, פעסטקייט פון כאראקטער, אנטשלאסענקייט און פון יענע צדקות וואס פארבינדט גוף און נשמה, הימעל און ערד, רוחניות און גשמיות.

שבועות איז אריבער און ברוך איז געבליבען אהן א פרוטה. עס האבען זיך פאר איהם אנגעפאנגען טעג פון אומאונטערבראכענע תעניתים. איצט האט ער שוין ניט געפאסט בלויז צו שפארען. ער האט מעהר איז גאנ־צען ניט געהאט וואס צו עסען. אבער ווי לאנג קען א מענש פאסטען? ער האט די טעג פרובירט פארברענגען אין פעלד אונטער'ן פרייען הימעל, פאר־טיפענדיג זיך אין הויכע רעיונות. ער האט אויך פרובירט איבערגעהן אויף אויסוויינינג אלץ וואס ער האט געלערענט. דער הונגער האט אבער געגריזשעט ביים הארצען. די כוחות זיינען ביסלאכווייז אפגעשוואכט געווארען. די חושים האבען אנגעהויבען ווערען פארטעמפט.

ברוך האט זיך נאר געקענט דערפרישען מיט קאלטען וואסער פון א קרעניצע אדער א דערבייאיגען טייכעל. אבער אז צוויי־דריי מעת לעת זיינען אוועק און קיין ביסען איז איהם אין מויל ניט אריינגעקומען, האט קיין קאלט וואסער מעהר קיין דערפרישונג ניט געקענט זיין. געטריבען פון הונגער, האט ער אנגעהויבען ארומזוכען גראזען. ער האט געפונען זויערען שטשאוו. ער האט פארשלונגען עטליכע הויפענס פון אט דעם גראז און פארטרונקען מיט קאלטען וואסער. אבער אזא אכילה נאך אזא לאנגען און אומאונטערבראכע־נעם תענית, האט נאר געקענט פאראורזאכען בויך־וועהטאג.

דער וועהטאג האט אנגעהאלטען שעה'ן לאנג. אז דער וועהטאג איז פאראיבער, האט ברוך ווידער געפיהלט דעם פיין פון הונגער. ברוך האט מעהר קיין רוה ניט געקענט געפינען אין פעלד און האט באשלאסען צוריקצוגעהן אין שטאט אריין. ער האט שוין אנגעהויבען טראכטען, אז עס וואלט געווען ניט פון וועג, אויב ער זאל אריין אין ערגעץ א הויז און בעטען א שטיקעל ברויט. ער האט געוואוסט, אז אידען, און אפילו גויים, וואלטען איהם ניט אנטזאגט קיין שטיקעל ברויט. ער וואלט דאן געקומען צו זיך.

ער איז געשטאנען פאר א נסיון. איבער דריי יאהר צייט האט ער קיינמאל ניט גענומען פון קיינעם קיין צדקה. ער האט די גאנצע צייט געלעבט פון זיין אייגענער הארעוואניע. זאל ער איצט, מיט אמאל, ענדערען זיין דרך? ער האט עס ביי זיך ניט געקענט פועל'ן. ער איז טאקע געווען אין סכנה מיט'ן לעבען, אבער אפילו אין אזא מאמענט, האט ער געפיהלט, דארף ער זיך נאך אלץ פארלאזען אויף'ן רבונו של עולם און ניט אנקומען צו קיין בשר ודם.

א פארהונגערטער, אן אפגעשוואכטער, איז ברוך מיט לאנגזאמע טריט געגאנגען אין שטאט אריין. ער איז געגאנגען מיט א נייעם וועג. ער איז פאר־ביי־געגאנגען הייזער און גערטנער, וועלכע ער האט נאך פריהער ניט געהאט געזעהן. גראד זיינען עס געווען אידישע הייזער — הייזער פון אידען וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט גערטנעריי און מיט אנדערע ארבייטען, וואס האבען ניט געפאדערט, אז זיי זאלען וואוינען אין די ענגע גאסען פון שטאט.

ברוך'ן איז פארגעקומען פארבייציגעהן א גארטען פון גרינסען. דורך'ן צוים האט ער באמערקט א אידען, פארענדיג זיך צווישען די בייטען, אויס־רייסענדיג ווילדע גראזען און באגיסענדיג מיט וואסער די גרינסען. דער גערט־נער האט דערזעהן ברוך'ן און איהם געפרעגט, אויב ער וואלט ניט געוואלט איהם ארויסהעלפען אין דער ארבעט.

— איך וועל דיר דערפאר באלוינען — האט ער צוגעלעגט — עס איז מיר צו שווער אלץ אליין צו טהאן.

ברוך איז געווען צופרידען. עס איז געווען צום ערשטען מאל, אז מען האט איהם אין ליאזשנע אנגעבאטען ארבייט. דאס איז דאך טאקע געווען וואס ער האט די גאנצע צייט געזוכט. ברוך האט זיך אנגעכאפט. דער גערטנער האט איהם מכבד געווען מיט ברויט און גרינסען און מיט עפעס צו פארטרינ־קען. ברוך האט געשטילט זיין הונגער און איז צוריק געקומען צו זיינע חושים.

דער גערטנער האט ברוך'ן געוואלט אין גאנצען ביי זיך, ווי א שטענדיגען ארויסהעלפער. עס איז פונקט געווען די צייט פון יאהר, ווען מען נעהמט ארונ־טער גרינסען פון די גערטנער און מען ברענגט זיי אין שטאט צום פארקוי־פען. דריי וואכען צייט האט ברוך געהאט א היים מיט עסען און אויך אביסעל געלט פאר זיין ארבייט.

ברוך'ס ארבייטזאמקייט און איבערגעבענהייט זיינען דעם גערטנער שטארק געפעלען געווארען. אז די ארבייט אין גארטען האט זיך געענדיגט, האט דער גערטנער נאך אלץ ניט געוואלט אוועקלאזען ברוך'ן. אחוץ דעם גארטען מיט גרינצייג האט דער גערטנער אויך געהאלטען א סאד, וואס ער האט מיט א שותף געהאט אפגעדונגען פון א דערבייאיגען פריץ. די פירות האבען שוין אנגעהויבען ווערען צייטיג. עס איז געווען געקומען די צייט, אז מען זאל דעם סאד דארפען היטען פון גנבים און פון פויגעל, אז זיי זאלען ניט קאליע מאכען די פרוכט אויף די בוימער. שפעטער האט מען אויך גע־דארפט האבען מענשען ארונטערצונעהמען די פרוכט פון די בוימער, זיי פאר־פאקען אין וועגענער און זיי ברייגען אין שטאט אריין.

עס איז געווען אן עניין פון וואכען. ברוך האט זיך צו דעם געזאלט גוט אויסטויגען. ברוך איז געווען צופרידען. ער האט אויסגענומען א תנאי, אז יעדען פריהמארגען און יעדען פארנאכט זאל ער קענען געהן אין שטאט אריין דאוונען בציבור. דער אלטער גערטנער האט צו דעם מסכים געווען.

די צייט פון הונגער איז פאר ברוך'ן געווען פאראיבער. זיין גרויסער בטחון אין רבונו של עולם איז ניט געווען אומזיסט.

א ניי לעבען האט זיך אנגעפאנגען פאר ברוך'ן. אלס שומר האט ער זיך אויפגעהאלטען אין א ביידעל, וואס איז געשטאנען אין מיטען סאד. ברוך

איז איצט געווען נאהענט צו דער נאטור, וואס ער האט זיין גאנצען לעבען אזוי שטארק געליעבט. אומגעהענדיג איבער׳ן סאד, בייטאג און ביינאכט, האט ער געקענט חלומ׳ען זיינע חלומות. ער האט געקענט באוואונדערען גאט׳ס באַשאף. ער האט אויך די מעהרסטע צייט געקענט פארברייינגען אין תורה און עבודה.

איין זאך האט איהם פארשאפט עגמת נפש: ער האט ניט געהאט קיין ספרים צו לערנען. פון שטאט האט ער קיין ספרים ניט געקענט מיטברייינגען. מען וואלט איהם ניט דערלויבט ארויסצונעהמען ספרים פון א בית המדרש. קיין יחידים, ביי וועמען צו לייהען ספרים, האט ער אויך ניט געהאט. אגב האט ער אויך ניט געוואלט ציהען קיינעמס אויפמערקזאמקייט מיט זיין לומדות. האט ער זיך אין די ערשטע טעג, וואס ער איז געווארען שומר, זיך באנוגענט מיט איבער׳חזר׳ן אויף אויסוויינינג אלץ וואס ער האט געהאט געלערענט ביז דאמאלס. עס האט זיך איהם אבער געוואלט לערנען נייע זאכען און פאר דעם האט ער געמוזט האבען ספרים.

האט ער זיך דערמאנט אז דעם זקן אין בית המדרש אין עק פון ליאזשנע, וואו ער האט זיך די גאנצע צייט אויפגעהאלטען. ברוך האט באשלאסען צו האבען א שמועס מיט דעם זקן און איהם בעטען, אז ער זאל איהם דערלויבען ארויסצונעהמען ספרים פון בית מדרש. דער זקן איז געווען צופרידען צו דערפילען ברוך׳ס בקשה און ער האט איהם געלאזט נעהמען וועלכע ספרים ער האט געוואלט.

איצט איז שוין ברוך געווען אין גאנצען צופרידען. ער האט געקענט זיצען אין סאד און לערנען מיט גרויס התמדה. צוויי מאל א טאג איז ער געגאנגען אין שטאט אריין דאווענען מיט א מנין. אויפ׳ן וועג הין און צוריק האט ער דערוויל איבערגע׳חזר׳ט אלץ וואס ער האט געהאט געלערענט אין סאד. קיין סך ארבייט האט ער אין סאד ניט געהאט. זיין עובדה איז נאר געווען צו שפאצירען איבער׳ן סאד און אכטונג געבען, אז קיין בהמות זאלען דארט ניט אריין, אז קיין פויגעל זאלען ניט קאליע מאכען די פרוכט און אויך אז קיין גויים פון דעם דערבייאיגען דארף זאלען ניט גנב׳ענען קיין פירות. ברוך האט דערפאר געהאט גענוג צייט צו לערנען און גענוג צייט צו פארטיפען זיך אין הויכע רעיונות.

זייענדיג אין סאד, איז ברוך געווען אפגעהיט אין אלע מצוות. ערב שבת האט ער זיך געמאכט אן עירוב תחומים, כדי ער זאל אויך שבת קענען געהן אין שטאט אריין און קומען צוריק. אבער דעם ערשטען שבת אין דער פריה, אז ער איז צוריקגעקומען פון בית המדרש אין סאד אריין, האט ער זיך פלוצים געכאפט, אז ער האט מיט׳ן בעל הבית זיינעם ניט אויסגענומען קיין תנאי, אז ער זאל שבת ניט זיין מחויב אוועקצוטרייבען די פויגעל וואס קומען ארונטער זיך זעצען אויף די בוימער און פיקען די פרוכט. דאס, האט ער זיך דערמאנט, איז לויט׳ן דין פארבאטען. ער האט אויך געהאט פארגעסען אויסצונעהמען א תנאי, אז פאר דעם טאג שבת זאל ער ניט קריגען קיין שכר. ער האט וועגען דעם ענין נאכגעטראכט און געקומען צום שלוס, אז ער האט געדארפט אויסנעהמען מיט זיין בעל הבית, אז פאר׳ן טאג שבת זאל ער אנ־

שטעלען א גוי צו היטען דעם סאד און אז פאר'ן טאג זאל ער ארונטערנעהמען פון זיין, ברוך'ס, געהאלט.

דאס וואס די אלע זאכען זיינען איהם ארויס פון זינען ביים פארדינגען זיך אלס שומר, האט ברוך'ן פארשאפט גרויס צער. האט עס דען ניט געצייגט, אז ער איז ניט געווען אפגעהיט אין מצוות? האט עס דען ניט באוויזען, אז נאך די אלע מאטערנישען און אנשטריינגונגען איז ער נאך אלץ הינטערשטעליג און שטעהט אויף א גאנץ נידעריגע מדרגה? ער האט זיך אליין געמאכט שארפע פארוואורפען. סטייטש, ווי האט ער געקענט פארקוקען בפירוש'ע דינים און ווי האט ער געקענט זיין אזוי אומפארזיכטיג, אז ער זאל פשוט דאר־פען מזלזל זיין אין דעם הייליגען שבת?

יענער שבת איז שוין פאר איהם געווען א פארשטערטער. ער איז אומגע־גאנגען איבער'ן סאד שעה'ן לאנג און האט זיך געשלאגען מיט דער דעה, וואס ער זאל טהאן, ווי אזוי ער זאל פארריכטען דעם פעלער וואס ער איז באגאנ־גען. ער, וואס האט די גאנצע צייט געזוכט שלמות, האט ניט געטארט פאלען אזוי נידעריג, אז ער זאל ממש קומען צו חילול שבת!

ברוך איז ענדליך געקומען צו דער מסקנא, אז ער מוז אויף זיך נעהמען א שווערע תשובה, אז ער דארף זיך אליין שווער באשטראפען. קודם כל, האט ער ביי זיך באשלאסען, וועט ער דארפען פארלאזען דעם סאד און צוריק אנהויבען הונגערען. אין דער זעלבינער צייט וועט ער מוזען לאנג מתפלל זיין. חרטה האבענדיג אויף דער פארגאנגענהייט און מקבל זייענדיג אויף זיך, אז להבא וועט ער מעהר אזוינע פעלערען ניט באגעהן.

ער האט שוין אפילו ביי זיך מסדר געווען ווי אזוי ער זאל אויף זיך נעהמען די תשובה. דריי וואכען האט די דאזיגע תשובה געדארפט אנהאלטען. אין משך פון די דריי וואכען האט ער דריי מעת לעת נאכאנאנד ניט גע־דארפט נעהמען קיין שפייז אין מויל. דאן האט ער געדארפט צוויי מאל א וואך פאסטען און אין משך פון די תענתים לערנען גאנצע נעכט און אין די טעג שלאפען ניט מעהר ווי צו דריי שעה. פאר דער צייט האט ער אויך געזאלט לערנען אויף אויסוויינינג די מסכת שבת.

האבענדיג באשלאסען אויף אט דער שווערער תשובה, איז ברוך'ן גע־ווארען לייכטער אויף'ן הארצען. באלד אויף מארגען איז ער אוועק צו זיין בעל הבית און איהם געזאגט, אז עפעס האט פאסירט צוליב וואס ער איז גע־צוואונגען אויפצוגעבען פאר א געוויסער צייט זיין שטעלע און אז פאר אט דער צייט זאל מען אנשטעלען א אנדער שומר.

דער בעל הבית האט איהם געבעטען פארבלייבען נאך א טאג אין סאד, צוזאגענדיג צו קומען אין סאד מארגען מיט איהם צו איבערריידען וועגען פארבייטען איהם מיט אן אנדער שומר.

דער בעל הבית האט דערקלעהרט, אז עס איז בכלל ניט אזוי לייכט פאר איהם צו געפינען אימיצען אנדערש אויף וועמען ער זאל זיך קענען פארלא־זען. עס וועט דערפאר מעגליך מוזען נעהמען עטליכע טעג ביז ברוך וועט קע־נען פארביטען ווערען.

ברוך האט זיך צוריקגעקעהרט אין סאד און דערוויל אנגעהויבען מאכען

הכנות פאר זיין תשובה. אויף מארגען, ווען דער בעל הבית איז געקומען אין סאד אריין, האט ער דערהערט ווי פון דעם שומר'סביידעל טראגט זיך א הארצרייסענדיגער געוויין ווי פון איינעם וואס איז פארטהאן אין תפילה. דער בעל הבית איז געווען פארגאפט. אזא תפילה האט נאר געקענט קומען פון א גרויסען צדיק. ווער האט עס געקענט זיין? ער האט זיך גארניט געקענט משער זיין, אז דאס איז געווען דער שומר ברוך.

## יג.

## דער אנטדעקטער סוד

**ווען ברוך'ס בעל הבית האט אויסגעפונען, אז דער שומר פון זיין סאד איז א "נסתר". — דער באזוך פון פריץ אין סאד און זיין אינטערעס אין ברוך'ן.**

דער נאמען פון ברוך'ס בעל הבית, בעסער געזאגט, איינער פון די בעלי הבתים, — דערפאר וואס דער סאד איז געהאלטען געווארען פון צוויי שותפים—איז געווען ר' אברהם. דער צווייטער שותף האט געהייסען ר' עזריאל. עס איז געווען ר' אברהם, וואס איז יענעם טאג געקומען אין סאד אריין איבער־צוריידען מיט ברוך'ן, וועלכער האט געהאט דערקלעהרט, אז ער וויל מעהר ניט זיין קיין שומר. ר' אברהם איז געווען פארגאפט, ווען ער האט פוי דערוויטען דערהערט ווי ברוך איז מתפלל מיט גרויס געוויין.

ר' אברהם האט זיך לאנג צוגעהערט צו ברוך'ס תפלה. נאך דער לאנגער תפלה האט ברוך אנגעהויבען זאגען תהילים. נאכדעם ווי ער האט אפגעזאגט עטליכע קאפיטלעד תהילים מיט גרויס התלהבות, האט ער אנגעהויבען לערנען גמרא מיט א זיס קול און מיט גרויס פייער און ברען. ר' אברהם האט שוין געזעהן אז ער האט דא צו טהאן ניט מיט קיין פשוט'ען שומר. ר' אברהם איז שוין ניט אריין אין ביידעל צו ברוך'ן. ער האט איהם ניט געוואלט צייגען אז ער וויים זיין סוד און האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים.

אויף מארגען, ווען ברוך איז געגאנגען אין שטאט אריין דאווגען, איז ער ווידער געקומען צו ר' אברהם'ן און האט איהם געפרעגט פאר וואס ער האט ניט געהאלטען זיין צוזאג צו קומען אין סאד און איבעררייידען וועגען אנשטעלען אן אנדער שומר אויף זיין ארט. ר' אברהם האט איהם ניט גע־וואלט זאגען דעם אמת. ער האט דערפאר אנגעגעבען א תירוץ, אז צוליעב געוויסע סיבות האט ער ניט געקענט האלטען ווארט. אבער וואס איז בכלל די איילעניש? האט ר' אברהם געפרעגט. וועט זיין אן אנדער טאג, און דאמאלס וועט ער באשטימט דערפילען זיין בקשה.

ר' אברהם, וועלכער איז אליין געווען א גרויסער למדן און צדיק, האט זיך שוין געהאט פארטראכט וועגען דעם שומר זיינעם. ער האט זיך געוואונ־דערט וואס אזוינס עס קען שטעקען אין דעם וואס ברוך האט פלוצים באשלא־סען צו פארלאזען זיין שטעלע.

ר' אברהם האט געהערט צו יענע פיינע אידישע גייסטער, וואס האבען שוין לאנג געהאט איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט, אז אידען זאלען זיך נעה־מען צו מלאכה כדי צו באפעסטיגען זייער קיום. ער איז אין זיינע יונגע יאהרען

געווען בארופען פאר אן עלוי. ער איז געווארען דער איידעם פון א פיינעם אידישען בעל הבית און איז עטליכע יאהר געזעסען ביים שווער אויף קעסט. ווען די קעסט האט זיך געענדיגט און ר' אברהם האט געדארפט אנהויבען זארגען פאר פרנסה, האט דער שווער געוואלט אז ער זאל ווערען א רב. ר' אברהם איז געווען ראוי צו פארנעהמען דעם כסא הרבנות אין די שעהנסטע אידישע קהלות. ר' אברהם האט אבער בשום אופן ניט געוואלט זיין קיין רב. ער האט באשלאסען צו דערנעהרען זיך מיגיעת כפיו. האט ער זיך גע־נומען צו גערטנעריי. ער האט געפלאנצט אלערליי גרינסען און זיי פארקויפט אין ליאזשנע. שפעטער איז ער געווארען א שותף מיט ר' עזריאל'ן און זיי האבען זיך אפגעגעבען ניט נאר מיט גערטנעריי נאר אויך מיט אפדינגען סעדער. אין זיין ליידיגער צייט האט ר' אברהם זיך עוסק געווען אין תורה. גאנץ ליאזשנע האט געוואוסט, אז ר' אברהם געהערט צו יענע גרויסע גייסטער וואס ווילען ניט מאכען די תורה פאר א קרדום לחפור בו.

עס איז דערפאר געווען גאנץ נאטירליך אז ר' אברהם זאל בעסער פאר־שטעהן און אפשאצען אזא בחור ווי ברוך. עס איז איצט פאר אהם געווען קלאר, אז ברוך געהערט ניט נאר צו די וואס ווילען מקיים זיין דעם "בזיעת אפך תאכל לחם", נאר אויך אז ער איז א נסתר. ער האט אבער ניט געקענט פארשטעהן צוליעב וועלכען טעם ברוך וויל פארלאזען דעם סאד, וואו ער האט, אייגענטליך, געקענט לייכט געהן אין זיינע דרכים און בלייבען א נסתר.

ר' אברהם האט ביי זיך אפגעמאכט, אז ער מוז אויסגעפינען די סיבה דערפון און אויב מעגליך פארהאלטען ברוך'ן מיט זיך. דערפאר, אז ר' אברהם האט זיך אין באשטימטען טאג געוויזען אין סאד, האט ער באלד געשטעלט ברוך'ן די שאלה: פארוואס ער וויל אוועק פון סאד. ברוך האט ניט געהאט קיין חשק אנצוגעבען דעם אמת'ען טעם. ר' אברהם האט איהם אבער ניט אפגעלאזט און ברוך האט קיין ברירה ניט געהאט און דערצעהלט, אז דאָ איז דערפאר וואס ער האט זיך ארומגעזעהן, אז ער איז אייגענטליך א מחלל שבת. דערפאר האט ער באשלאסען צו נעהמען אויף זיך אן עונש און, אנשטאט צו זיין שומר אין סאד, וואס איז א גאנץ לייכטע עובדה, זאל ער פון איצט טהאן די שווערסטע ארבייטען און זיין גוף זאל מעהר קיין מנוחה ניט האבען.

ר' אברהם האט געוואלט זיך אריינלאזען אין א טיעפען תורה שמועס מיט ברוך'ן, אבער דאס וואלט געמיינט, אז ער גיט ברוך'ן צו פארשטעהן, אז ער וויים שוין דעם סוד, אז ער איז א נסתר. האט ר' אברהם באשלאסען בעסער איהם ניט צו צייגען אז ער וויים ווער ער איז. ער האט דערפאר צו איהם גערעדט מיט דער זעלביגער פשטות ווי ברוך האט גערעדט. ער האט אנגעוויזען אויף דעם וואס עס שטעהט געשריבען "אל תצדק הרבה", אז א מענש זאל ניט פראווען קיין צופיעל צדקות. ער האט איהם אויך אנגעוויזען אן פ'ן מאמר חז"ל אז "לא עם הארץ חסיד". ר' אברהם האט דערמיט געגעבען ברוך'ן צו פארשטעהן, אז אויב עס איז טאקע פיין פון זיין זייט, וואס ער וויל אויף קיין האר ניט פארשווועכען דעם שבת, דארף ער אבער ניט פראווען קיין חסידות, ווייל די מידה פון חסידות געהערט נאר צו גרויסע לומדים און טיעפע גייסטער.

מיט דעם האָט ער געשטעלט ברוד'ן אין א פארלעגנהייט. ער האָט איצט געזאָלט פיהלען, אז כדי ניט צו צייגען, אז ער האלט זיך פאר איינעם פון יענע לומדים און הויכע גייסטער, אָדער אז ער האלט בכלל פון זיך, האָט ער אליץ געמוזט ארונטערשלינגען און צוגעבען ר' אברהם'ן, אז ער איז גערעכט, בפרט נאָך אז ר' אברהם האָט באלד אליין געמאכט אן אָנבאָט, אז ער זאָל ווייטער פארבלייבען שומר, אָבער שבתים וועט אויף זיין אָרט געדונגען ווערען א גוי צו היטען דעם סאָד.

ברוד האָט איצט ניט געהאט קיין אויסרייד צו פארלאָזען דעם סאָד און איז ווייטער געבליבען שומר. אויב ער איז ביי זיך נאָך ניט געווען איינגאנצען צופרידען, האָט ער עס געזאָלט פארגיטיגען מיט תורה און תפלה.

זעקס וואָכען זיינען אוועק. ר' ברוד האָט די טעג און די נעכט פארבראכט אין לערנען מיט גרוים התמדה. וויסענדיג אז ער איז אליין אין סאָד, פלעגט ער זיך צולאָזען אויף זיין פיינעם, זיסען קול און דער סאָד איז תמיד געווען פול מיט זיינע מתיקות'דיגע טענער. ער האָט ניט געוואוסט אז ר' אברהם פלעגט אָפט קומען אין סאָד אריין און פון באהעלטעניש זיך צוהערען צו ברוד'ס התלהבות'דיגען לערנען. ר' אברהם פלעגט אזוי אָפשטעהן שעה'ן לאנג און דאן שטילערהייט צוריקגעהן. פון דעם וואס ער האָט געהערט אין סאָד האָט ער געוואוסט, אז ברוד איז ניט סתם א וואויל-לערנער נאָר איינער פון די גאָר גרויסע לומדים.

די טעג פון ווארטען ביז די פירות וועלען צייטיג ווערען זיינען אוועק און עס איז געקומען די צייט ווען מען האָט געדארפט די פירות ארונטערנעהמען פון די בוימער. איצט איז שוין אין סאָד מעהר ניט געווען פאר ברוד'ן קיין מנוחה ווי פריהער. ברוד איז מעהר ניט געווען אליין. אין סאָד זיינען ארונטערגעקומען די צוויי שותפים, ר' אברהם און ר' עזריאל, מיט זייערע משפחות,, ווייבער און קינדער, און אפילו זייטיגע מענשען, איינינגע געדונגענע און איינינגע אומזיסטע. אלע האָבען זיך איצט מיט גרוים חשק גענומען צו דער ארבייט. מען האָט צוגעשטעלט לייטערס צו די בוימער און אין קערב און קאָשיקעס האָט מען אָנגעהויבען ארונטערנעהמען די פרוכט און זיי פאקען אין וועגענער וועלכע מען האָט אוועקגעפיהרט אין שטאָט אריין.

אין סאָד איז געוואָרען טומעלדיג און רוישיג. ברוד איז געווען פארנומען מיט העלפען ארונעטרנעהמען די פרוכט פון די בוימער ווי אלע אנדערע. איצט, אז ער איז געווען צווישען מענשען, ארבעטזאם און שטענדיג פארנומען, האָט מען געקענט זעהן אז ער איז, א חוץ זיינע אלע אנדערע מעלות, אויך אנציהענד און גוט אנטוויקעלט קערפערליך. ער איז געווען ברייטפלייצעדיג, מיט שטארקע מוסקולען, הויך געוואקסען און מיט אן אויסערגעוויינליך שעהנעם פנים.

א באזונדער טיעפען איינדרוק האָבען געמאכט זיינע אויגען. זיי זיינען געווען טיעף און לויטער, ארויסצייגענדיג טיעפזיניגקייט און שטארקייט פון כאראקטער, אנטשלאָסענקייט און מורא'לאָזיגקייט. מען האָט אין זיינע אויגען און אויף זיין פנים תמיד געזעהן א באהאלטענעם צער. דערצו איז ברוד אויך געווען באשאנקען מיט א פיינעם און אנגענעהמען חיתוך הדבור. ער האָט גערעדט בנעימות'דיג און מיט אן אנגענעהמער, קלינגענדיגער שטימע.

ער האט אויך גערעדט א פיינעם און פליסיגען פויליש אזוי, אז פאר די עט־ליכע גוים וואס זיינען איצט, ביים ארונטערנעהמען די פרוכט פון די בוימער, געווען אין סאד, ווי פאר די אידען, איז עס געווען אן אנגענעהמע איבערראשונג.

א צוויי־דריי וואכען האט געדויערט דאס ארונטערנעהמען די פרוכט פון די בוימער. פאר דער צייט וואס די ארבעט איז אנגעגאנגען האבען זיך אין סאד באוויזען געהויבענע געסט. דאס איז געווען דער פריץ, פון וועמען דער סאד איז גערונגען געווארען, מיט זיין משפחה, — זיין זוהן, זיין טאכטער און אויך זיין פרוי. זיי זיינען געקומען נעבען זייערע גוטע וואונשען די צוויי אידישע שותפים וואס האבען געהאט גערונגען דעם סאד און פאר דעם באַצאהלט א גאנץ פיינעם מקח. דער פריץ האט געצייגט זיין ברייטהארציגקייט און האט זיך געהייסען אנפאקען א קארב מיט פרוכט פאר וואס ער האט די צוויי אידען באצאהלט, אפזאגענדיג זיך פון דעם אנבאט מצד די שותפים, אז ער זאל נעהמען די פרוכט אומזיסט.

עס איז געווען אויף אַט דעם באזוך מצד דעם פריץ און זיין משפחה וואס ברוך האט פלוצים געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די געהויבענע געסט. דער פריץ האט זיך ניט געקענט אפּוואונדערען פון ברוך'ס פיין אנטוויקעל־טען קערפער און פון זיין אויסערגעוויינליך איינדרוקספולען פנים און דורכ־נעהמענדיגע, און מיט חכמה־פולע, אויגען. ווען ער האט אויסגעפונען אז ברוך רעדט א פיינעם, פליסיגען פויליש, האט ער זיך פון איהם ממש ניט גע־קענט אפּוואונדערען.

דער פריץ האט זיך מיט ברוך'ן פאנאנדערגערעדט. ער האט זיך פאר־אינטערעסירט אין איהם און געוואלט וויסען אלע פרטים פון זיין לעבען, באזונדער ווען ער האט געהערט, אז ברוך האט די גאנצע צייט זיך אויפ־געהאלטען אין סאד אלס שומר. דער פריץ האט פארגעשטעלט ברוך'ן פאר זיינע קינדער אנווייזענדיג אויף איהם ווי אויף א מערקווירדיגען יונגען מאן. ברוך האט באלד נעקענט מערקען, אז די גאנצע פריצישע פאמיליע איז אין איהם פאראינטערעסירט. ער האט באזונדער באמערקט, און דאס האט די דמים ארייננעטריבען אין זיין פנים, — ווי די טאכטער פון פריץ, נאך גאר א יונגע פרוי, נעהמט פון איהם ניט ארונטער די אויגען.

—און דו פארברייננסט אין סאד די נעכט איינער אליין ? — האט די יונגע פריצטע א פרעג געטהאן ברוך'ן.

ברוך האט געענטפערט מיט א שאקעל פון קאפּ, קענטיג ניט וועלענדיג זיך ארייןלאזען אין א שמועס מיט דער יונגער פריצטע. ער האט אבער מעהר גערן געענטפערט אויף אלע פראגען פון פריץ און זוהן, וואס די יונגע פריצטע האט ווארשיינליך צוגעשריבען צו זיין שעהמעוודיגקייט און ניט צוגעוואוינטקייט צו ריידען מיט פרויען, און האט איהם מעהר ניט באלעסטיגט מיט קיין פראגען, איבערלאזענדיג דעם שמועס צו איהר פאטער און ברודער. זי איז געשטאנען ביי דער זייט מיט א שמייכעל אויף איהרע ליפּען און נאך אלץ ניט ארונטערגענומען די אויגען פון ברוך'ן.

אויף מארגען איז דער פריץ און זיין משפחה ווידער געקומען אין סאד אריין און דאס מאל האבען זיי שוין אלע קלאר געצייגט, אז זייער הויפּט אינ־

טערעס איז ברוך. ברוך איז געווען שטארק פארוואונדערט פון דעם. אויך ר' אברהם און זיין שותף, ר' עזריאל, זיינען געווען פארוואונדערט.

— וועסט אונז מוזען באזוכען, — האט דער פריץ א זאג געטהאן צו ברוד'ן. — ביי מיר אין הויף וועלען מיר קענען מעהר שמועסען. דער יונגער פריץ האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ. ער איז אויך געווען פאראינטערע־סירט אין ברוך'ן. די יונגע פריצטע איז געשטאנען פון דער זייט און גע־שמייכעלט.

## יד.

## אידישער שטאָלץ

ווי ברוך איז ניצול געוואָרען פון א סכנה. — ער ווערט אויס שומר און זעצט זיך ווידער לערנען אין בית מדרש. — זיין חבר׳שאפט מיט זיין פריהערדיגען בעל הבית.

ברוך האט אויף דער איינלאדונג פון פריץ ניט געענטפערט. ער האט ווי פון יוצא וועגען א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און געשוויגען. דער פריץ און זיין משפחה זיינען אוועק און ברוך האט זיך צוריקגענומען צו דער ארבייט און פרובירט זיך ארויסשלאגען פון קאפ די גאנצע פאסירונג.

עס איז געווען אין איינעם פון די וואָכענטעג. ברוך איז געווען אליין אין סאד. מיט אמאל איז אין טיהר פוןביידעל אימיצער דערשינען. ברוך האט זיך אומגעקוקט און צו זיין איבערראשונג איז פאר איהם געשטאנען נים קי ; אנדערער ווי דער יונגער פריץ.

דער יונגער פריץ האט ברוך'ן אפגעגעבען א ברייטהארציגען "גוטען אווענט" און איהם דערקלעהרט, אז זיין פאטער האט איהם געשיקט צו פארבעטען איהם, ברוך'ן, צו זיי אהיים.

— מיר פיהלען אלע, — האט דער יונגער פריץ געזאגט, — אז דו ביזט עלענד און אליין אין סאד. מיר וואלטען דיך וועלען האבען ביי אונז אין הויז, צו פארברייננגען דעם אווענט.

ברוך האט געצעגערט. ער האט זיך פרובירט ארויסדרעהען פון דער איינ־לאדונג, פיהלענדיג אז דאס וועט ניט פיהרען צו קיין גוטעס.

— איך בין אליין אין סאד, — האט ברוך געפונען א תירוץ, — ווי קען איך איבערלאזען אלץ אויף הפקר?

דער יונגער פריץ איז אוועק. ברוך האט שוין געמיינט, אז ער איז מיט איהם פארטיג. אבער עס האט לאנג ניט גענומען, און ער האט זיך צוריקגע־קעהרט מיט צוויי פאראבקעס באגלייט פון עטליכע גרויסע הינט.

— אט זיי וועלען היטען דעם סאד פאר דער צייט וואס דו וועסט פאר־ברייננגען מיט אונז, — האט דער יונגער פריץ געזאגט.

ברוך איז געווען אין א גרויסער פארלעגענהייט. די פריינטשאפט פון דעם פריץ און זיין פאמיליע איז איהם געווען דערווידער. ער וואלט זיך פון דער איינלאדונג געוואלט אפזאגען. אבער, וויסענדיג ווי קאפריזנע פריצים זיינען געווען און אז עס קענען צוליב דעם ליידען אנדערע, באזונדער זיינע בעלי בתים און אנדערע אידען פון און ארום ליאזשנע, האט ברוך באשלאסען, אז ער זאל

מיטגעהן מיט'ן יונגען פריץ אין הויף אריין. דער ענין פון אהבת ישראל האט דא געזאלט שטעהן העכער פון אלץ.

ער איז אבער געווען ביי זיך באשלאסען, אז ער זאל דעם פריץ ציינען זיין פעסטקייט און מיט קיין איינציג ווארט ניט ווייזען שוואכקייט אדער אונטער־טעניגקייט. ער האט געדארפט האלטען הויך דעם אידישען כבוד און האנדלען אוןריידען נאר אין גייסט פון דער תורה.

ברוך האט גארניט געוואלט און גארניט דערווארט פאר זיך. ווען עס וואלט זיך נאר געהאנדלעט וועגען זיך אליין, וואלט איהם ווייניג וואס געארט אויב ער זאל אפילו געגען זיך דארפען ארויסרופען דעם צארן פון פריץ. ער האט אבער געמוזט האבען אין זינען אנדערע און איז דערפאר אוועק אין הויף כאטש מיט נאר ווייניג חשק.

גראד האט מען איהם אין הויף אויפגענומען פריינטליך און מיט גרויס אינטערעס. ברוך'ן איז עס געווען דערווידער. ער האט בכלל ניט געוואלט ציהען צו זיך קיין אויפמערקזאמקייט, בפרט פון אזוינע, פאר איהם פרעמדע, מענשען.

באלד ביים אריינקומען אין הויף האט ברוך געציינט זיין פעסטקייט מיט דעם וואס ער האט ניט ארונטערגענומען דאס היטעל. ער האט אין א ריינעם פויליש דערקלערט ווארום ער וויל ניט זיין בגלוי ראש. ער האט אנגעוויזען אויפ'ן פסוק "כל הנשמה תהלל ה'" אויף וועלכען די חז"ל זאגען, אז מיט יעדען אטעם דארף מען לויבען דעם בורא עולם. דאס מיינט, אז דער מענש דארף זיך שטענדיג פיהלען ווי ער געפינט זיך פאר דעם אויבערשטען, און ווי אזוי קען מען דאן אפילו אויף א רגע בלייבען בגלוי ראש?

ברוך'ס פעסטקייט און אויסגעהאלטענקייט און די קלארקייט און שעהנ־קייט אין מסביר זיין דעם ענין, האבען געמאכט א טיפען איינדרוק אויפ'ן פריץ און זיין פאמיליע. עס איז אפשר געווען צום ערשטען מאל וואס דער פריץ האט געהערט פון א אידען אזוינע שטאלצע און אנטשלאסענע רייד. סיי פאר'ן פריץ און סיי פאר זיינע קינדער איז געווען פרעמד דער געדאנק, אז אידען קענען זיין עפעס אנדערש ווי הכנעה'דיג און ציטערדיג, גרייט נאר צו קושען די האנט פון די אכזריות'דיגע פריצים. וואו האט זיך גענומען אזא כח און אזא שטאלץ ביי א פשוט'ען אידישען בחור'ל, א שומר? און פון וואנען אזא חכמה און אזא קענטשאפט?

דער פריץ האט געקראגען אזא דרך ארץ פאר ברוך'ן, אז ער האט ניט נאר איהם געגעבען געערעכט פאר דעם וואס ער איז געבליבען אין היטעל, נאר האט אליין געהייסען ברענגען זיין היטעל און האט צוגעדעקט זיין קאפ.

ברוך האט דאן זיך אריינגעלאזט אין א לאנגער דערקלערונג ווארום ער איז אנטשלאסען צו האלטען זיך שטרענג ביי יעדען אידישען מנהג. ער האט דערביי אויך געגעבען צו פארשטעהן דעם פריץ, אז עס איז אן אומרעכט וואס אימיצער וויל אויסנוצען זיין מאכט צו שטערען דעם צווייטען אין זיין הנהגה און אין זיין גלויבען.

דער פריץ און די משפחה זיינע זיינען געזעסען פארגאפט. זיי האבען זיך צוגעהערט צו ברוך'ס רייד, פול מיט פסוקים און מאמרי חז"ל, וועלכע ער

האט איבערזעצט אין פויליש און דערקלערט אזוי ליכט און עלעגאנט. זיי האבען זיך ממש ניט געקענט אפוואונדערען.

דער שמועס האט זיך דאן פארקירעוועט אין גאר הויכע ענינים. ברוך האט צום ערשטען מאל געציינט זיין גרויסע חכמה און וויסען. ער האט פאר זיי אוועקגעשטעלט די צוויי באזונדערע וועלטען, די וועלט פון גשמיות, וואס איז די גויאישע וועלט, און די וועלט פון רוחניות, וואס איז די אידישע וועלט.

דער פריץ האט ממש געשלונגען יעדעס ווארט וואס איז ארויס פון ברוך'ס מויל און ברוך האט זיך אנגעהויבען פיהלען רוהיגער.

די פריצישע קינדער זיינען אבער קענטיג ניט געווען צופרידען. זיי האבען געוואלט, אז דער שמועס זאל זיין וועגען ליכטערע ענינים.

— אזוינע ענינים האבען געדארפט באהאנדעלט ווערען אין דער אנוועזענהייט פון א גלח, — האבען געזאגט די פריצישע קינדער, און ביידע, דער זוהן און די טאכטער, האבען דערביי דערקלערט — דער טאטע איז פאראינטערעסירט אין די אלע זאכען. מיר וועלען אבער קומען מארגען אוועקנט צו דיר אין סאד אריין און דארט וועלען מיר זיך שוין אונטערהאלטען אויף א גאנץ אנדער אופן.

ברוך'ן איז אריין דאס בלוט אין פנים. ער האט געזעהן די געפאהר, אז די פריינטשאפט מצד דער פריצישער משפחה זאל ווערען א פארצווייגנע, וואס איז איהם לחלוטין געווען דערווידער. ער האט צו דער דאזיגער חבר'שאפט געוואלט מאכען א סוף. ער האט קיין אינטערעס ניט געהאט אין אנהאלטען אזא חבר'שאפט.

זיין מח האט שוין געארבייט ווי אזוי ער זאל אויסמיידען די דאזיגע באגעגעניש.

דער פריץ האט אויסגעדריקט באדויערען וואס ער האט פון ברוך'ן ניט געוואוסט דעם גאנצען זומער וואס ער איז געווען אין סאד. ער וואלט איהם געהאט מקרב געווען. עס איז איצט שוין סוף זומער. ברוך, דאגעגען, האט זיך געפרעהט וואס עס איז סוף זומער און ער וועט אין עטליכע טעג ארום קענען פארלאזען דעם סאד.

מען האט איצט ברוך'ן פארבעטען אין עס-צימער, וואו עס איז אויפ'ן טיש געשטעלט געווארען פארשיידענע אכילות, טאקע אלץ אזוינינע זאכען וואס א איד מעג עסען ביי א ניט-אידען אין הויז. אבער ברוך האט באשלאסען ניט צו נעהמען קיין זאך אין מויל און פשוט צייגען, אז ער האט דעם ווילען און די אנטשלאסענקייט ניט געשטעלט צו ווערען צו קיין נסיון.

ער האט געהאלטען אין צוגרייטען א גענויע און זאכליכע דערקלערונג ווארום ער זאגט זיך אפ פון דעם כיבוד. אבער ער האט די דערקלערונג שוין ניט געדארפט מאכען. אין סאמע לעצטען מאמענט איז די לופט איבערגעריסען געווארען מיט א יאמערליכען געשריי פון א קליין קינד, דאס אינגסטע פריצישע קינד, וואס האט זיך אפגעבריט מיט א זודיגען טאפ וואסער.

אין הויז איז געווארען א טומעל. מען האט פרובירט געבען דעם קינד די הילף וואס איז נאר געווען מעגליך אונטער אזוינע אומשטענדען. ברוך האט זיך א וויילע ארומגעדרעהט אין הויז און, פיהלענדיג אז קיינער קוקט

זיך דארט אויף איהם מעהר ניט אום, האט ער זיך צוריקגעקעהרט אין סאד אריין. די צוויי פאראבקעס מיט די הינט זיינען צוריקגענאנגען אין הויף אריין.

יענע נאכט האט שוין ברוך ניט געשלאפען. ער האט געהאט וועגען וואס נאכצוטראכטען. זיין מח האט ניט גערוהט. וואס וועט זיין דעם קומענדיגען אווענט, ווען די פריצישע קינדער וועלען קומען צו איהם אין סאד? ער האט זיך געזעצט זאגען תהילים. באלד איז דער סאד פארקלונגען געווארען מיט דעם וויינענדיגען געזאנג וואס האט זיך געטראגען פון שומר'סביידעל.

אויף מארגען זיינען די צוויי שותפים, ר' אברהם או זר' עזריאל, מיט אלע אנדערע ווידער געקומען אין סאד אריין, ווייטער אנצוגעהן מיט דער ארבייט פון ארונטערנעהמען די פרוכט פון די בוימער. ווי אלע טאג האט ברוך געהאלפען מיט דער ארבייט. פון הויף איז געקומען די ידיעה אז דאס פריציש קינד וואס האט זיך די פאריגע נאכט אפגעבריהט מיט'ן זודיגען טאפ וואסער, איז געשטארבען. ברוך האט דערפיהלט א וועהטאג אין הארצען, ווי עפעס וואלט דער ענין געהאט מיט איהם צו טהאן. ער האט אבער קיינעם קיין ווארט ניט געזאגט וואס ער האט געוואוסט וועגען דער פאסירונג.

עס איז אוועק דער טאג און ברוך האט דערפיהלט א גרויסע אומרוהיג־קייט. די נאכט וועט באלד צופאלען און די פריצישע געסט וועלען קומען צו איהם אין סאד. ניט קוקענדיג אויפ'ן טויט פון קינד, האט ער זיך אבער משער געווען, אז יענע וועלען האלטען ווארט און קומען צו איהם פארברענגען.

וואס וועט ער מיט זיי רײדען און ווי וועט ער מיט זיי זיך האלטען? דער עלטערער פריץ איז כאטש געווען אן ערנסטער מענש און ער האט אויף איהם געמאכט אן איינדרוק מיט זיינע רייד. די פריצישע קינדער זיינען אבער געווען פון א גאנץ אנדער ליים געקנאטען. קיין גוטס האט פון זייער באזוך ניט געקענט ארויסקומען.

פארנאכט האט ברוך, ווי געוועהנליך, געדארפט געהן אין שטאדט אריין דאווענען בצבור. ער האט באשלאסען צו האבען אן ערנסטען שמועס מיט ר' אברהם'ן. ער האט איהם דערצעהלט אלץ וואס עס איז געשעהן.

— איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, — האט ברוך געזאגט, — אז איך טאר מעהר ניט שלאפען אין סאד. איהר וועט מוזען געפינען אימיצען אנדערש וואס זאל פארנעהמען מיין פלאץ.

ר' אברהם האט זיך צו איהם צוגעהערט און האט מסכים געווען, כאטש ער איז ניט געווען זיכער אויב די פריצישע קינדער וועלען טאקע קומען אין אווענט, ווי זיי האבען צוגעזאגט.

יענעם אווענט איז שוין ברוך ניט צוריקגעקומען אין סאד אריין. אנשטאט דעם איז ר' אברהם און ר' עזריאל געגאנגען היטען דעם סאד. ר' אברהם האט זיין שותף ניט דערצעהלט וואס ברוך האט איהם איבערגעגעבען. ער האט איהם נאר געזאגט, אז ברוך איז ניט מיט אלעמען און וועט דערפאר די נאכט ניט בלייבען אין סאד.

פארברענגענדיג די נאכט אין סאד, דאט ר' אברהם זיך איבערצייגט, אז ברוך האט טאקע געהאט א גוטע אורזאך ניט צו קומען נעכטינגען דארט. דער זהן און די טאכטער פון פריץ זיינען דארט געקומען, אבער דערזעהענ־

דינ, אז ברוך איז ניטא אינ סאד און אז דארט געפינענ זיך די צוויי שותפים זיינען זיי אוועק צוריק אהיים אנטוישט.

אז די ארבייט אין סאד איז געווען פארענדיגט האט ברוך געקראגען אויסגעצאהלט פון די צוויי שותפים און האט זיך אויף דאס ניי געזעצט אין בית המדרש לערנען. ער האט געהאט גענוג געלד אפגעשפארט, אז עס זאל איהם קלעקען פאר א לייגגערע צייט אויף חיונה. ער האט געדארפט אזוי ווייניג אויף אויסקומעניש.

בסך הכל האט ער מאנטאגס און דאנערשטאגס געפאסט תעניתים. די איבריגע טעג פון דער וואך איז ער אויך אפגעקומען מיט גאר ווייניג. א שטיקעל ברויט און עפעס צום ברויט און ער איז געווען זאט. בלויז אויף שבת האט ער זיך פארגונען א בעסערען ביסען. דער עיקר איז געווען צו זיצען און לערנען. איצט האט ער געהאט גענוג צייט סיי פאר תורה און סיי פאר עבודה.

געלערנט האט ברוך איצט ניט נאר גמרא און פוסקים, נאר אויך מוסר ספרים. ער האט געהאלטען, אז ניט נאר דארף מען לערנען תורה, נאר אויך דארף מען וויסען ווי זיך צו פיהרען אין לעבען. די מוסר ספרים האבען איהם געצייגט דעם אמת'ען דרך פון לעבען.

די ימים נוראים און די יום־טוב'דיגע טעג זיינען אוועק. עס האט זיך אנגעהויבען אנרוקען דער ווינטער מיט זיינע לאנגע נעכט. איצט האט ברוך פאר זיך געהאט חדשים פון אומאונטערבראכענע טעג און נעכט צום לערנען. האט ער זיך טאקע אריינגעטהאן אין לערנען מיט'ן גאנצען פייער פון זיין פלאם־פייערדיגער נשמה. זיצענדיג אין א בית המדרש, וואו אין די לאנגע נעכט איז ער געווען כמעט דער איינציגער, האט ער נאך אלץ געקענט מאכען דעם אנשטעל ווי ער וואלט געווען א גאנץ געוויינליכער בחור'ל וואס צייכענט זיך מיט גאר ניט אויס, אויסער מיט דעם וואס ער האט געמאכט דעם בית המדרש פאר זיין היים. עס זיינען אפילו ניט געווען ווער עס זאל אויף איהם זיך אומקוקען. דאס איז אבער געווען וואס ברוך האט געוואלט.

אין איינע פון די נעכט האט זיך אין בית המדרש באוויזען איינער פון זיינע פריהערדיגע בעלי בתים, ר' אברהם. ברוך איז דאמאלס געווען פאר־טיפט אין לערנען. ר' אברהם איז צו איהם צוגעקומען און האט מיט איהם פארפיהרט א שמועס.

— זיי וויסען, — האט ר' אברהם צו איהם געזאגט, — אז איך האב די גאנצע צייט געהאט אויף דיר אן אויג. איך האב ביז אהער דיר ניט געוואלט זאגען, אז איך וויים דעם סוד, אז דו ביזט ניט קיין פשוט'ער בחור, ווי דו ווילסט מאכען דעם אנשטעל. איך האב נאך אין סאר ניט איינמאל, פון בא־העלטעניש, זיך צוגעהערט ווי דו לערנסט און צו דעם וואס דו לערנסט. איך האב דיין סוד קיינעם ניט ארויסגעגעבען. עס איז אבער געקומען די צייט, אז איך זאל מעהר ניט באהאלטען פון דיר, אז איך וויים ווער דו ביזט. איך בין דערפאר איצט צו דיר געקומען מיט'ן אנבאט, אז מיר זאלען פון איצט אן און ווייטער קובע זיין א צייט ווען מיר זאלען לערנען צוזאמען. איך האב א בא־זונדערען פארלאנג, אז מיר זאלען לערנען צוזאמען חושן משפט.

ברוך איז געווען געפלעפט. ער האט זיך געשלאגען מיט דער דעה וואס

ער זאָל טהאָן, אויב ער זאָל טאקע זיך ארויסגעבען פאר זיין פריהערדיגען בעל הבית אדער ער זאָל ליגען שטיין און ביין און באשטעהן אז ער איז ניט מעהר ווי א פשוט'ער בחור, וואס וואלגערט זיך אין בית המדרש און קוקט נאר אמאל אריין אין א ספר.

## טו.

### אידישע עהרליכקייט

דער שמיד פון וועמען ברוך האט געלערענט מדות. — ווי אזוי איד האט געלערענט מיט'ן צוויטען. — גוים הערען זיך צו צו מעשיות פון עין יעקב און האבען הנאה.

ברוך האט א ווילע געשוויגען. ער האט ניט געקענט ביי זיך באשליסען וואס ער זאָל ענטפערען זיין פריהערדיגען בעל הבית, דעם גערטנער ר' אברהם'ן. ר' אברהם האט באמערקט, אז ברוך שלאגט זיך מיט דער דעה. האט ער זיך אוועקגעזעצט לעבען ברוך'ן און האט אנגעהויבען זאגען א שווערע סוגיא אין דער גמרא און ער האט דערביי מחדש געווען גרויסע חדושים. ער האט באזונדער איבערגעזאגט חידושים פון זיין אמאליגען רבי'ן, ר' אברהם זאב פון ביעשענקאוויטש, ביי וועמען ר' אברהם האט געלערענט. ברוך האט זיך צוגעהערט צו די חדושים און איז געווען פארגאפט. ר' אברהם איז געווען נאר א גרויסער למדן, און דער עיקר, ער האט געהאט א סך איבערצוזאגען פון זיין רבי'ן, וועלכער האט נע'שם'ט פאר זיין גאונות.

ר' אברהם האט אליין גע'שם'ט פאר זיין גרויסע לומדות. ער האט געזאגט א שיעור גמרא אין "ר' קדיש דעם יתום'ס" בית המדרש אויף דער קאליעקער גאס אין ליאזשנע. צום שיעור פלעגען זיך צוהערען לומדים וואס זיינען געווען בקי' בש"ס. ר' אברהם האט זיך אויסגעצייכענט ניט נאר מיט טיעפקייט און חריפות, נאר אויך מיט דער פיינער הסברה זיינער, מיט דער קלארקייט פון זיינע געדאנקען.

ר' אברהם האט אנגעהויבען איבערזאגען די סוגיא פון "פגול נותר וטמא". ער האט עס געזאגט אויף אזא אופן וואס האט ברוך'ן ממש פארגאפט. ברוך האט ביז דאמאלט זיך אפגעגעבען מיט לערנען דעם סדר נזיקין, אזא סוגיא ווי "פגול נותר וטמא" איז איהם נאך געווען פרעמד. ער האט איצט געקענט זעהן אז ניט נאר קען ער האבען אין ר' אברהם'ן אליין א גרויסען רבי'ן, נאר דורך איהם אויך הערען די תורה פון ר' אברהם'ס רבי'ן.

בעת ר' אברהם האט געהאלטען אין זאגען תורה, האט זיך זיין פנים צעפלאמט. עפעס האט א ליכטיגקייט געשטראהלט פון איהם. ברוך האט זיך דערמאנט אן זיין אייגענעם פאטער, ווען ער פלעגט פאר איהם זאגען תורה. אויך זיין פאטער'ס פנים האט געפלאמט און געלויכטען ווי ר' אברהם'ס. דאס האט ברוך'ן מיט אמאל צוגעצויגען צו ר' אברהם'ן. ער האט פון זיין פריהערדיגען בעל הבית ניט געדארפט זין מעהר באהאלטען. אגב האט ר' אברהם איהם צוגעזאגט, אז ער וועט האלטען זיין סוד אזוי לאנג ווי ער וועט דאס אליין וועלען.

א גאנצען ווינטער האבען די צוויי געלערענט צוזאמען אין די לאנגע נעכט. ביידע האבען שטארק הנאה געהאט פון לערנען צוזאמען. וואס איז נוגע ברוד'ן, וואלט דער ווינטער זיך פאר איהם געקענט ציהען א לעבענסלאנג. ער האט נאך געהאט אפגעשפארטען געלט מיט וואס זיך מפרנס צו זיין און האט אויך געהאט א חבר און רבי'ן מיט וועמען צו לערנען. עס איז אנגעקומען דער חדש ניסן. מען האט זיך אין ליאזשנע אנגעהויבען גרייטען אויף פסח. עס האבען געארבייט די "פאדריאטען", וואו מען האט געבאקען מצות און אין שטאט האט זיך געטומעלט. יעדער איז געווען א טרוד. מלמדים האבען פארנאנדער-געלאזט די חדרים און לומדים האבען מעהר ניט געלערענט אזוי פיעל ווי תמיד.

אויך ר' אברהם איז געווען פארנומען מיט די הכנות פאר'ן יום טוב. ער איז שוין ניט געקומען יעדע נאכט לערנען מיט ברוד'ן ווי פריהער.

— דער הייליגער יום טוב קומט אן, — האט ר' אברהם געזאגט צו ברוד'ן — די גאנצע צייט האב איך דיר ניט געבעטען צו זיך אין הויז, אז דו זאלסט עסען ביי מיין טיש. איך האב גוט געוואוסט, אז דאס וועט דיר זיין דערווידער. פסח איז אבער אנדערש. דו קענסט ניט אפקומען דעם יום טוב מיט וואס ניט איז. דו מוזט האלטען פסח ביי מיר אין הויז. דו וועסט זיין א שטארק-אנגעלייגטער גאסט.

עטליכע נעכט האבען זיך ר' אברהם און ברוד ניט געזעהן. א פאר טעג פאר פסח איז ר' אברהם געקומען אין בית המדרש, וואו ברוד האט זיך אויפ-געהאלטען. ער האט געוואלט ברוד'ן נאך אמאל דערמאנען, אז ער איז פאר-בעטען צו איהם צו די סדרים און פאר גאנץ יום טוב. ברוד איז שוין אבער מעהר ניט געווען אין בית המדרש. ברוד איז נעלם געווארען. קענטיג, אז איהם איז געווען שווער אנצונעהמען די אי-נלאדונג פון ר' אברהם'ן און עס איז איהם אויך שווער געווען ר' אברהם'ן אפצוזאגען. איז ער פארשוואונדען און קיין שפור ניט איבערגעלאזט הינטער זיך.

ר' אברהם האט זיך עס גענומען שטארק צום הארצען. אבער וואס האט ער געקענט העלפען? ברוד איז מעהר פאר די אויגען ניט געווען.

וואס האט מיט ברוד'ן פאסירט? ער האט זיך אזוי פיעל אנגע-הערט פון אברהם'ן וועגען דעם גאון, ר' אברהם זאב אין ביעשענקאוויטש, ביי וועמען ער האט געלערענט, אז ער האט געקראגען א גרויסע תשוקה צו זיין אין ביעשענקאוויטש און ווערען זיינער א תלמיד. סאי ווי האט ער מעהר ניט געוואלט בלייבען אין ליאזשנע. עס איז געווען דער שעת כושר צו לאזען זיך אין וועג אריין.

דער וועג פון ליאזשנע קיין ביעשענקאוויטש האט געפיהרט דורך דאברא-מיסעל, דאס ערשטע שטעטעל וואו ברוד האט פארבראכט א לענגערע צייט באלד נאכדעם ווי ער איז אוועק פון זיין פעטער'ס הויז אין וויטעבסק. ברוד האט געהאט מערקווירדיגע דערינערונגען וועגען דאבראמיסעל און די מענ-שען, מיט וועלכע ער האט זיך דארט געהאט באקאנט. דאס ערשטע מאל וואס ער איז געווען אין דאבראמיסעל איז איהם אויסגעקומען דארט צו זיין פסח. איצט האט ער ווידער געזאלט אנקומען קיין דאבראמיסעל אויף פסח און טאקע פארגעהן צו דעם זעלביגען מענשען, וועלכער האט איהם מקרב געווען דעם ערשטען מאל, ווען ער איז געווען דארט.

ווען ברוך איז דאס ערשטע מאל געקומען קיין דאבראמיסעל, איז ער נאך אין גאנצען געווען א פערצעהן יאהריגער אינגעל, ער האט זיך געזעצט לערנען אין בית המדרש, שווין האבענדיג ביי זיך אפגעמאכט, אז ער זאל בשום אופן צו קיינעם ניט אנקומען. איז איהם פשוט אויסגעקומען צו ליידען הונגער. איינמאל האט זיך אין בית המדרש צו איהם צוגערוקט א איד, וועמען ער האט שוין עטליכע מאל געהאט באמערקט. ווי ער הערט זיך צו ווי מען זאגט ביים טיש עין יעקב, נאר האט ניט געוואוסט ווער ער איז און ווי מען רופט איהם.

דער איד האט ברוך'ן אפגעגעבען א ברייטען שלום עליכם און צו איהם אזוי געזאגט:

— מיין נאמען איז אליעזר ראובן. איך בין א שמיד. איך האב מיין קוזניע אין עק שטאט, ביים וועג וואס פיהרט קיין ליאזשנע. איך האב דערביי אויך מיין דירה. איך דארף האבען אימיצען וואס זאל מיר ארויסהעלפען אין קוזניע. אויב דו האסט חשק צו אזא ארבייט דאן וועל איך דיר געבען עסען און טרינקען און אן ארט צום שלאפען.

ברוך איז געווען מלא שמחה. דאס איז גראד געווען, וואס ער האט געוואלט. ער איז געווען גרייט צו טהאן די שווערסטע ארבייטען, אבי צו פארדינען זיין אייגענעם שטיקעל ברויט און ניט דארפען אנקומען צו קיין מענשען.

ברוך האט אבער געהאט א תנאי צו שטעלען צו אליעזר ראובן'ען:

— צאהלט מיר וויפיעל איהר ווילט אליין — האט ער געזאגט — זאל עס אבער זיין אין מזומן. איך וויל ניט עסען ביי פרעמדע טישען און שלאפען אין פרעמדע הייזער. איך פארלאז זיך אין גאנצען אויף אייער יושר.

דער שמיד איז געווען מרוצה. ער האט צוגעזאגט ברוך'ן א געוויסע באלוינונג און ברוך איז געווען צופרידען. ברוך איז באלד געקומען אין קוזניע און האט געטהאן זיין ארבייט מיט גרויס איבערגעבענהייט. ער האט א גאנצען טאג ארויסגעהאלפען דעם שמיד און ביינאכט איז ער געגאנגען אין בית מדרש און געלערענט מיט גרויס התמדה.

ברוך האט זיך דערווייל נעהנטער צוגעקוקט צו אליעזר ראובן'ען און האט אנגעהויבען פיהלען גרויס דרך ארץ פאר איהם. ער האט אין דעם פשוט'ען שמיד דערזעהן א גרויסען בעל מידה. א גאנצען טאג וואס אליעזר ראובן איז געשטאנען ביי דער קאוואדלע און מיט'ן האמער געקלאפט אויף'ן רויט־פלאמיגען אייזען, האט ער געהאלטען אין זאגען תהלים, איין קאפיטעל נאך דעם צווייטען. אליעזר ראובן האט געקענט גאנץ תהילים אויף אויסווייניג.

זיין גאנצע פרנסה האט דער שמיד געצויגען פון פויערים פון די ארומיגע דערפער, וועלכע פלעגען צו איהם ברייננען זייערע פערד צו שמידען, זייערע וועגענער צו פארריכטען און זייערע אקערס און בראנעס, ווען מען האט זיי געדארפט ברייננען אין ארדנונג. ברוך האט שוין לאנג געהאט באמערקט, אז זיין בעל הבית באהאנדעלט זיינע קונדען מיט אויסערגעווייהנליכער עהרליכקייט און איבערגעבענהייט. ער נעהמט ביי זיי קיינמאל ניט איבער קיין פרוטה.

איינמאל האט ברוך צוגעזעהן עפעס אזוינס וואס האט אויף איהם גע־

מאכט א גוואלדיגען רושם. א פויער פון א דערבייאיגען דארף האט געבראכט זיין פערד צו אליעזר ראובנ'ען צו לייגען א פאדקאווע און אויך צו פארריכטען א ראד אין זיין וואגען. א צווייטער פויער האט געבראכט א פערד, וועלכען מען האט געדארפט לעגען פיער נייע פאדקאוועס. ווען עס איז געקומען צום אפרעכענען זיך מיט די צוויי גוים, האט אליעזר ראובן געמאכט א טעות און גערעכענט דעם צווייטען פויער דאס, וואס ער האט געדארפט רעכענען דעם ערשטען פויער. אין גאנצען האט זיך דא געהאנדעלט וועגען זעקס גראשען. ער האט, הייסט עס, איבערגענומען ביים צווייטען פויער זעקס גראשען.

די בײדע פויערים זיינען שוין געווען אוועק. אליעזר ראובן האט זיך געכאפט וועגען דעם טעות וואס ער איז באגאנגען און האט זיך דערפון שטארק מצער געווען. ער איז דאן אוועק צו־פוס אין דארף, וואו דער צווייטער פויער האט געוואוינט — א מהלך פון פינף וויארסט — און האט צוריקגעקעהרט דעם פויער די זעקס גראשען, וואס ער האט ביי איהם על פי טעות איבערגענומען.

ברוך איז געווען פארגאפט. ער האט נאך אזא צדקות פון א פשוט'ען אידען ניט געהאט געזעהן. ער האט דעם שמיד געפרעגט, אויב צוליב זעקס גראשען איז געווען כדאי צו ברעכען זיך די פיס הין און צוריק, א מהלך פון צעהן וויארסט. אליעזר ראובן האט אויף דעם געענטפערט: אויף דעם דור המבול האט מען געזאגט, אז די מענשען דאמאלס זיינען געווען אזוי פארדארבען, אז זיי פלעגען רויבען אפילו ווייניגער ווי א פרוטה. ווילסטו דען, אז איך זאל נאך זיין ערגער פון דור המבול און גזלנ'ען גאנצע זעקס גראשען?

אליעזר ראובן איז געווען ניט נאר אפגעהיט אין די ענינים פון בין אדם לחברו נאר אויך אין די ענינים פון בין אדם למקום. יעדען פריהמארגען און יעדען פארנאכט, סאי זומער און סאי ווינטער, אין רעגען און אין שניי, איז ער געגאנגען אין בית המדרש. ער האט זיך ניט באנוגענט בלויז מיט דאוונען בצבור. ער האט תמיד אויך אריינגעכאפט א שטיקעל תורה. ער האט געהערט, ווי א סך בעלי מלאכות, צו דער חברה תהילים, חברה עין יעקב און חברה מדרש. דערצו איז ער געווען פארשריבען אין אלע צדקה חברות פון שטאט און האט פינקטליך געצאהלט דעם וואכער. א גאנצען טאג, וואס ער איז געווען ביי דער ארבייט, האט ער, ווי מיר וויסען שוין, געהאלטען אין זאגען תהילים. א קלאפ מיט'ן האמער און פון זיין מויל האט ארויסגעפרעלט א הייליגער פסוק פון תהילים.

ברוך האט זיך ניט נאר געגוי באקאנט מיט אט דעם מערקווירדיגען שמיד, נאר אויך מיט דעם שמיד'ס שכן, וועלכער פלעגט זיין ביי אליעזר ראובנ'ען אן אפטער גאסט. דער נאמען פון דעם דאזיגען שכן איז געווען זבולון בנימין. ער איז געווען א מענש פון א מגושם'דיגען הויך. זיינע פלייצעס זיינען געווען ברייט און שטארק. זיינע הענט זיינען געווען לאנג און מעכטיג. די פינגער האבען אויסגעקוקט ווי פלעקלאך. די הויט פון זיין פנים איז געווען שווארץ ווי פעך. זיין שטערען איז געווען קליין. דער קול זיינער איז געווען גראב און זיין מח איז געווען פשוט א פארשטאפטער. דאס מיינט, אז זבולון בנימין איז געווען א גרויסער עם הארץ. פונדעסטוועגען איז ער געווען גאטספארכטיג.

זבולון בנימין האט לכתחילה ניט געוואוסט קיין צורת אלף. נאר אין

משל פון יאהרען און מיט גרויס אנשטריינגונג — ווייל פאר אזא מח ווי זיי־נעם איז עס טאקע געווען זעהר שווער — האט ער זיך קוים אויסגעלערענט דאווענען די וואכעדיגע תפילות און צו מאכען א ברכה אויף דער תורה. שבתים און ימים טובים פלעגט ער נאר נאכפאלגען דעם שליח צבור. אליעזר ראובן איז שוין אין פארגלייך מיט אט דעם זבולון בנימין געווען א גאנצער למדן. דער שמיד פלעגט זיך באציהען צו זיין שכן מיט גרויס רחמנות, דערהויפט צוליב דעם וואס זבולון בנימין האט געצייגט, אז ער האט גרויס עגמת נפש פון דעם וואס ער איז אזא עם הארץ און וואס זיין מח פארנעהמט אזוי ווייניג. ווען זבולון בנימין פלעגט קומען צו איהם אין הויז, דערהויפט שבת, האט דער שמיד פאר איהם איבערגעזאגט די ספורים, וואס ער האט געהערט אין בית המדרש ביים לערנען עין יעקב און מדרש.

זבולון בנימין פלעגט זיך צוהערען צו אלץ וואס דער שמיד פלעגט דער־צעהלען און האט ממש פארשלונגען יעדעס ווארט. זבולון בנימין האט ניט נאר ניט געקענט די שווארצע פינטעלאך, נאר האט אויך ניט געקענט ריידען קיין אידיש. שטענדיג, פון זיין געבורט, אויפהאדעווענדיג זיך צווישען גויים, האט ער ממש קיין אידיש ווארט ניט געהערט. דער שמיד האט דערפאר אלץ פאר איהם איבערגעזאגט אין פויליש. גראד האט אליעזר ראובן געקענט גוט פוי־ליש און עס איז איהם ניט געווען שווער זיך פארשטענדליך צו מאכען אין פויליש, אפילו איבערצוגעבען ענינים וואס ער אליין האט ניט צו טיעף פארנומען.

אט דערפאר וואס אליעזר ראובן פלעגט אלץ איבערזאגען פאר זיין שכן אין פויליש, פלעגען זיך ארום זיי אפט ארומקלייבען גויים, וועלכע הא־בען זיך אויך צוגעהערט צו די מעשיות פון עין יעקב און מדרש און פלעגען דערביי מיט גרויס הנאה זיך קראצען אין די פאטעלניצעס און פלעגען אונטערבאמקען: "דאבזשע, דאבזשע, פאן רופקע".

## טז.

## תורה און מלאכה

**וואס ברוך האט געלערענט פון א פשוט'ען בעל מלאכה. — דער שמיד און זיינע קינדער. — די לומדישע אוידימס.' — פון מלאכה צו תורה.**

דער אופן ווי אליעזר ראובן דער שמיד האט פרובירט איינפלאנצען אידישקייט אין דעם פראסטען און מגושם'דיגען זבולון בנימינ'ען, האט אויף ברוך'ען געמאכט א גוואלדיגען רושם. דאס האט זיך אויף שטענדיג איינגע־קריצט אין זיין זכרון. עס האט איהם געצייגט די סאמע טיפעניש און שעהנ־קייט פון דער אידישער נשמה. דער שמיד, דאכט זיך, אליין א פשוט'ער מענש, פון דעסטוועגען האט ער אבער זיך באמיהט איבערצוגעבען דאס ביסעל וואס ער האט געוואוסט צו אימיצען וואס האט געוואוסט נאך ווייני־גער ווי ער. ברוך האט אין דעם געזעהן דעם סאמע כח וואס האלט אויף

אידען און אידישקייט: טאטעס לערנען מיט קינדער, אייך איך לערנט מיט'ן צווייטען. קיין איך בלייבט ניט אפגעשלאסען און אפגעפרעמדט פון דעם כלל.

ברוך האט זיך אנגעהויבען שטארקער צו אינטערעסירען אין זבולון בנימינ'ען. ער האט געוואלט מעהר וויסען וועגען איהם. דאס וואס ער האט אליין ניט געקענט אויסגעפינען, האט ער זיך דערוואוסט פון זיין בעל־הבית.

זבולון בנימין איז געבארען און ערצויגען געווארען אויפ'ן דארף צווישען גוים. זיין פאטער פלעגט טהאן די פראסטעסטע און שווערסטע ארבייטען. ער פלעגט גראבען גרעבענער און אויך אונטערהאנדלען מיט פערד. ער איז אויך געווען א ידען אויף בהמות און פערד. ער האט געוואוסט ווי זיי צו היילען ווען זיי זיינען געווען קראנק, און פויערים ווי אויך פריצים פלעגען איהם רופען צו היילען זייערע קראנקע בהמות.

זבולון בנימין האט ביז בר מצוה קיין מאל ניט געלערנט קיין אידיש ווארט. ווען זיין פאטער איז געשטארבען האט ער אפילו קיין קדיש נאך איהם ניט געקענט זאגען. זבולון בנימין איז געגאנגען אין זיין פאטער'ס דרכים, וואס איז נוגע פרנסה. ער האט גע'ירשנ'ט פון זיין פאטער די קענטעניש צו היילען קראנקע בהמות און פערד. ווען זבולון בנימין האט שפעטער חתונה געהאט, האט ער זיך באזעצט אין עס שטאט און איז געווארען אליעזר ראובנ'ס א שכן. דער שמיד האט איהם אנגעהויבען מקרב צו זיין און האט אין איהם דערוועקט א באגעהר צו היטען אידישקייט.

אונטער אליעזר ראובנ'ס השפעה איז זבולון בנימין געווארען א גרויסער פרומאק, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז געווען אזא עם הארץ. שבתים און ימים טובים פלעגט זבולון בנימין שטעהן אין בית המדרש מיט'ן טליה איבער'ן קאפ און פארגיסען ביטערע טרעהרען. דאס איז געווען ערשט נאכדעם ווי ער האט זיך געהאט געדונגען א מלמד וואס האט איהם אויסגעלערנט עברי. פריהער האט ער געדאווענט, טאקע מיט דער הילף פון אט דעם מלמד, ביי זיך אין דער היים אין יחידות.

אליעזר ראובן פלעגט שטארק שטאלצירען מיט דעם דאזיגען זבולון בנימינ'ען. ער האט געפיהלט ווי ער וואלט געהאט א חלק אין דעם וואס זבולון בנימין איז געווארען פרום. אין דער אמת'ען, איז טאקע געווען א סך צו פארדאנקען דעם דאזיגען עהרליכען שמיד פאר דעם וואס אזא אפגעשטאנענער מיטגליד פון אידישען פאלק איז צוריק געבראכט געווארען אין דער אידישער עדה. אדער זבולון בנימין וואלט ווייטער געבליבען צווישען גוים, אדער ווען ער וואלט אריינגעפאלען צווישען אידען, וואלט מען חוזק געמאכט פון זיין עם הארצות און אזוי ארום וואלט מען איהם אפגעשטויסען אויף צוריק.

אליעזר ראובן האט איהם געוואונען מיט ליעבע. ער האט איהם געצערטעלט ווי אן אייגען קינד. זבולון בנימין האט אין איהם, דעם שמיד, דערזעהן א חבר און א לעהרער. איז זבולון בנימין געווארען ניט נאר פרום צו גאט, נאר אויך גוט צו מענשען. ער האט געגעבען א סך צדקה און האט ארויסגעצייגט גרויס ליעבע און דרך ארץ צו בני תורה. ער און זיין ווייב האבען געלאזט שרייבען ספרי תורה און זיי אריינגעגעבען אין בית המדרש. זיי האבען אויך אריינגענומען צו זיך אין הויז דריי יתומים. זיינע קינדער האט זבולון בנימין געגעבען צו די בעסטע מלמדים און זיי זיינען אויסגעוואקסען בני תורה.

א לענגערע צייט האט ברוך ארויסגעהאלפען אליעזר ראובנ'ען אין קוזניע. ער האט שוין געפיהלט ווי ער וואלט אין אט דעם שמיד געפונען ניט נאר א מפרנס נאר אויך א מדריך. ברוך האט גאר א סך געקענט לערנען פון דעם דאזיגען פשוט'ען שמיד. דערוויל איז אוועק דער ווינטער און עס האט זיך דערנעהנטערט צו פסח. אליעזר ראובן האט פארבעטען ברוד'ן צו זיך אויפ'ן יום טוב.

— די גאנצע צייט, — האט דער שמיד צו איהם געזאגט, — האסטו ניט געוואלט עסען ביי מיין טיש. אבער פסח קענסטו ניט זיין פאר זיך.

ברוך האט איהם אבער געשטעלט א תנאי: ער מוז ביי איהם נעהמען געצאהלט פאר עסען ביי זיין טיש. דער שמיד האט עס ניט געוואלט. סטייטש, ווי נעהמט מען עס געלד ביי אן ארימען איינגעל פאר מאלצייטען יום טוב? ברוך האט ארער אליעזר ראובנ'ען אויפגעקלערט, אז ביי איהם איז עס גאר א וויכטיגער ענין. ער האט זיך אוועקגעלאזט איבער דער וועלט נאר דערפאר וואס ער וויל זיך דערנעהרען פון דער פראצע פון זיינע אייגענע הענט. ברוך האט איהם ניט געזאגט, אז ער האט דערביי אויך אן אנדער צוועק: ניט צו ארויסגעבען זיין לומדות צו אנדערע. צו ריידען וועגען דעם וואלט געהייסען, אז ער דארף זיך ארויסגעבען פאר זיין בעל הבית פאר א למדן און דאס האט ברוך ניט געוואלט. אבער וועגען זיין אנטשלאסענקייט צו דערנעהרען זיך פון זיין אייגענער ארבייט, איז געוועזן עפעס אנדערש.

פון דעסטוועגען האט אליעזר ראובן גוט געקענט זעהן, אז ער האט דא ניט צו טהאן מיט קיין פראסטען איינגעל. ברוך האט מיט פסוקים פון תנ"ך און מיט מאמרי חז"ל דערקלעהרט דעם שמיד ווי וויכטיג עס איז צו דער־נעהרען זיך פון דער אייגענער ארבייט. אליעזר ראובן האט אנגעהויבען צו פארשטעהן דעם יונגען ברוד'ן און איז געוועזן מרוצה.

דאס האט ברוד'ן געגעבען א געלעגענהייט צו זעהן ווי אט דער פשוט'ער שמיד גרייט זיך פאר'ן היילינען יום טוב און האלט דעם יום טוב. דאס וואס ברוך האט געזעהן האט ווידער געמאכט אויף איהם א גרויסען רושם. ברוך האט געזעהן אז מען קען זיין א הארציגער איד אפילו ווען מען איז פראסט און איינפאך. דריי טעג פאר יום טוב, האט אליעזר ראובן אוועקגעלייגט די ארבייט אין קוזניע און האט זיך גענומען צו דער ארבייט אין הויז, צוצוגריי־טען פאר'ן היילינען יום טוב. צום קוזניע זיינען געקומען גוים מיט וועגענער צו פאררינכטען און מיט פערד צו שמידען. עס איז איהם געשטאנען צו פאר־דיענען א גאנץ פיינע אפותיקי. אבער אליעזר ראובן האט זיי אלעמען אוועג־געשיקט, דערקלערענדיג אז עס איז ביי איהם יום־טוב.

ברוך האט זיך צו אלץ צוגעקוקט פון דער זייט און געפיהלט נאך א גרעסערע פארעהרונג פאר אט דעם בעל מלאכה. אליעזר ראובן האט געהאט קוים אויף אויסקומעניש. גאר ווייניג אויף זיין ארט וואלטען בייגעשטאנען דעם נסיון זיך אפצוזאגען פון פארדינסטען וואס זיינען געוועזן דורכאוים כשר. אבער אליעזר ראובן האט געהאט א גרעסערע און וויכטיגע אויפגאבע פאר זיך: ער האט געדארפט אכטונג געבען אז דאס הויז זאל געהעריג נע'כשר'ט ווערען און אז אלץ זאל אין הויז איינגעארדענט ווערען ווי עס באדארף צו זיין. איז ער פאר 'עם געוועזן גרייט מקריב צו זיין פארדינסטען.

אליעזר ראובן האט זיך מיט די הכנות פאר פסח ניט געוואלט זיך אויף קיינעם פארלאזען. ער האט אליץ געטהאן אליין. ער האט אלע בעבעכעס פון הויז ארויסגענומען אין דרויסען און האט זיי געוואשען און געשייערט, געלופטערט און געשטויבט. דאס הויז האט ער אויסגעקאלכט. ער האט דאן ארויסגעריסען די ציגעל פון אויווען און אריינגעטהאן נייע אויף זייער ארט. ער האט ניט איבערגעלאזט קיין ווינקעלע אין הויז וואס ער זאל ניט וואשען און שייערען און כשר'ען מיט זודיגע וואסער.

ערב יום טוב איז אליעזר ראובן געגאנגען אין מרחץ און אז ער איז צוריקגעקומען, האט ער זיך איבערגעטהאן אין נייע מלבושים און איז געגאנגען אין בית המדרש אריין. ברוך איז געגאנגען מיט איהם און ווען זיי זיינען ביידע צוריקגעקומען אהיים צום סדר, האט דאס הויז געהאט א גאר נייעם פנים. דער יום טוב האט געלויכטען פון אלע ווינקעלעך. די הייליגקייט האט זיך געפיהלט אין דער לופט. אליעזר ראובן, זיין ווייב, זיינע טעכטער און זיין בן יחיד, וועלכער איז געווען אין ברוך'ס עלטער, האבען אויסגעזעהן גאר אנדערע מענשען. די נשמה יתירה האט ארויסגעשטראלט דורך זייערע אויגען.

ווען עס איז געקומען צו זאגען די הגדה, האט אליעזר ראובן געבעטען ברוך'ן אז ער זאל זי פארטייטשען פאר די בני בית. ברוך האט עס געטהאן מיט פרייד. עס האט זיך דא ניט געפאדערט קיין צו גרויסע מאס פון לומדות צו פארטייטשען די הגדה.

אלע ארום טיש זיינען געזעסען מיט אפענע מיילער און פארשלונגען יעדעס ווארט וואס איז ארויסגעקומען פון ברוך'ס מויל. פון אליעזר ראובן'ס אויגען האבען זיך געגאסען טרערען. צי דאס זיינען געווען טרערען פון פרייד אדער דאס זיינען געווען טרערען פון פארדרוס, וואס זיין אייגענער זוהן איז געווען אזוי שטומפיג און האט צו יענער צייט נאך קוים געקענט א פרשה חומש, איז געווען שווער צו זאגען.

אליעזר ראובן האט זיין בן יחיד גראד געשיקט צו א גוטען מלמד. ער האט געצאהלט א סך שכר לימוד. אבער, צו זיין פארדרוס, האט זיין בן יחיד געהאט א שווערען קאפ און האט געטהאן גאר א קליינע פעולה. אליעזר ראובן האט פון דעם געהאט גרוים צער. עס האט זיך איהם גראד געוואלט האבען א זוהן א למדן. אבער וואס האט ער געקענט העלפען אז דער זוהן זיינער האט גראד געהאט א "פארשטאפטען מח"?

ברוך האט יענעם פסח ביי אליעזר ראובן'ען אין הויז ניט פארגעסען. אויף איבער־א־יאהר פסח איז ער צוריקגעקומען צו אליעזר ראובן'ען. ברוך איז דאמאלס שוין געווען אין אן אנדער שטעטעל. ער איז אבער אויף יום טוב צוריק אוועק קיין דאבראמיסל כדי צו האלטען יום טוב ביי זיין אמאליגען בעל הבית. פארשטעהט זיך ניט אומזיסט. אליעזר ראובן, שוין וויסענדיג אז ברוך וויל קיין זאך ניט אומזיסט, האט ביי איהם גענומען באצאהלט ניט איבעררייידענדיג קיין ווארט וועגען דעם.

ברוך האט זיך ביי דעם דאזיגען שמיד אין הויז ניט נאר געפיהלט היימיש, נאר האט אויך דארט זיך תמיד אנגעזאפט מיט אידישער תמימות

און הארציגער פרומקייט. ברוך האט קיין מאל מעהר ניט פארגעסען די עהר־ליכקייט און די אויסגעהאלטענקייט פון אט דעם שמיד אליעזר ראובן.

עס איז דערפאר גאר נישט געווען קיין וואונדער, וואס זייענדיג אין ליאזשנע, און ווען ר' אברהם, דער גערטנער, וועלכער איז געווען דער ער־שטער פאר וועמען ער האט ארויסגעציינט זיין לומדות, האט איהם געבעטען צו זיך אויף פסח, האט ברוך, אנשטאט צו פארבלייבען דעם יום טוב אין ליאזשנע, זיך פארוואלט ווידער האלטען יום טוב אין דאבראמיסל ביי דעם שמיד אליעזר ראובן. אנגעקומען קיין דאבראמיסל איז ברוך באלד אוועק צו אליעזר ראובנ'ען אין קוזניע. דער שמיד איז געשטאנען אנגעטהאן אין זיין לעדערנעם פארטוך מיט א האמער אין האנט ביי דער קאוואדלע. און זיין זוהן שמואל נחום האט מיט א צוואנג געהאלטען א שטיק ברענענדיגען אייזען אויף דער קאוואדלע, אליעזר ראובן האט דעם אייזען געשלאגען מיט זיין גאנצען כח. ווי אין די פריהערדיגע יאהרען האט אליעזר ראובן דערביי גע־זאגט קאפיטלעך תהילים. ווי נאר ברוך האט זיך געציינט אין דער קוזניע, האט אליעזר ראובן אוועקגעלייגט דעם האמער און אויסגערופען:

— זעה נאר, שמואל נחום, וואס פאר א טייערען גאסט מיר האבען!

דער שמיד האט געוואשען זיינע הענט און דערלאנגט ברוד'ן א ברייטען און הארציגען שלום עליכם. ברוך האט באלד געוואוסט אלץ וואס עס איז געווען אויף דעם שמיד'ס הארצען. ער האט צו ברוד'ן גערעדט ווי צו אן איינענעם זוהן.

— פון די טעכטער, — האט דער שמיד איהם דערצעהלט, — האב איך ברוך השם גרויס נחת. איך האב זיי חתונה געמאכט מיט וואויל־לערנער. איך האב זיי דערביי אויסגעבויט א הויז און די איידעמס זיצען דארט און לער־נען. אבער פון מיין שמואל נחום'ן האב איך ניט קיין נחת. איך האב גע־האפט, אז ער וועט אויסוואקסען א למדן. אבער ער האט ניט די נויטיגע כשרונות.

אליעזר ראובן האט ברוד'ן ווייטער דערצעהלט ווי אזוי ער האט אויס־פרובירט אלע מיטלען אז שמואל נחום זאל ווייטער לערנען. ער האט זיך אפילו געהאלטען וועגען דעם אן עצה מיט'ן רב פון שטאט, אבער יענער האט איהם געזאגט, אז עס וועט זיין בעסער אז ער וועט מאכען זיין זוהן פאר א בעל מלאכה.

— איך האב עס ניט געוואלט, — האט אליעזר ראובן געזאגט ווי ער וואלט זיך געדארפט פאר ברוד'ן פארענטפערען, — אבער וואס האב איך געקענט אנדערש טהאן? איך האב שמואל נחום'ן אריינגענומען צו זיך אין קוזניע. נאך אלעם דעם וועט זיין בעסער, אז ער זאל זיין ביי מיר איידער איהם אפגעבען צו אן אנדער בעל מלאכה.

ברוך האט איהם געדארפט טרייסטען, אז נאך אלעם דעם איז מלאכה נאר ניט אזא שלעכטע זאך און אז מען קען זיין א בעל מלאכה און דערביי א פיינער, עהרליכער איד, א בעל מצוה און א בעל מידה. ער האט אליעזר

ראובן'ען אנגעוויזען טאקע אויף איהם אליין ווי א ביישפיעל. אליעזר ראובן האט אבער פענטיג געפיהלט, אז טראָץ אלעם דעם, וואלט ער זיך געפיהלט א סך גליקליכער אויב זיין זוהן וואלט דאך געווען א למדן. אט אזוי גרויס איז געווען די ליעבע צו לומדות פון אט דעם פשוט'ען שמיד.

## יז.

## צווישען אייגענע און פרעמדע

ווען ברוך איז צוריקגעקומען קיין וויטעבסק. — פאָלגט דאָרט וויטער נאָך זיין דרך — דער פאָטער וואס האט זיך מצער געווען פארוואס זוהן איז ניט קיין בן תורה.

יענעם פסח האט ברוך ווידער פארבראכט ביי אליעזר ראובן'ען דעם שמיד אין הויז. דאס מאָל איז שוין אבער דער גייסט דאָרט געווען א גאנץ אנדערער. דעם שמיד'ס צוויי איידעמס זיינען געווען אמת'ע לומדים. ער האט זיי גענומען פון דער וויטעבסקער ישיבה. ברוך האט געהאט מיט וועמען צו ריידען אין תורה. ער און דעם שמיד'ס איידעם האבען פארבראכט שעה'ן לאנג אין מפלפל זיין זיך אין טיעפע סוגיות פון דער גמרא.

בעת ברוך און דעם שמיד'ס איידעמס פלעגען זיך מתוכח זיין אין תורה, פלעגט אליעזר ראובן זיצען פון דער זייט און זיך צוהערען מיט געוואלדיגען אינטערעס, כאטש ער האט ניט פארשטאנען קיין ווארט פון דעם וואס צווישען די דריי יונגע לומדים איז גערעדט געוואָרען. זיין פנים איז אויפגעלויכטען געוואָרען. אין זיינע אויגען האט געברענט א געהיימניס־פול פייערל. מען האט געקענט זעהן, אז אליעזר ראובן דער שמיד פרעגעלט זיך פון נחת. ער איז פשוט געווען אין זיבעטען הימעל וואס ער האט זוכה געווען צו ברייגנגען תורה אין זיינע אייגענע פיער ווינקעלעך.

ברוך, דאגעגען, האט ביי אליעזר ראובן'ען אין הויז זיך געפיהלט פולשטענדיג פריי. ער האט ניט געדארפט באהאלטען זיין לומדות. דא האט שוין מעהר ניט געדארפט הייסען, אז ער פיינט זיך אויס מיט תורה, אדער אז ער פיהלט זיך גדלות'דיג מיט דעם וואס ער איז א למדן. דא איז ער געווען, אזוי צו זאגען, צווישען אייגענע מענשען, צווישען פשוט'ע, עהרליכע, גאטס־פארכטיגע און תורה־ליעבענדע מענשען, וועלכע האבען קיין אנדער באגעהר ניט געהאט ווי צו דיענען דעם אויבערשטען און צו היטען די תורה בכל פרטיה ודקדוקיה.

פון דער צווייטער זייט, איז שמואל נחום, דעם שמיד'ס בן־יחיד, געזעסען פון דער זייט אין שטילשווייגען און מען האט געקענט זעהן דעם טיעפען צער אויף זיין פנים. עס איז געווען קלאָר, אז שמואל נחום פיהלט זיך דערשלאגען און שפל, צוליעב דעם וואס ער קען ניט נעהמען קיין אנטייל אין די תורה־ויכוחים. ער האט אפילו ניט געקענט משיג זיין דאס וואס איז גערעדט געוואָרען. עס איז געווען דער צער און די קנאה פון איינעם וואס מוז שטעהן פון דער זייט און קען ניט נעהמען קיין אנטייל אין א מסיבה פון בני־תורה.

ברוך האט מיט זיין שארף און קלוג אויג דאס באמערקט. ער האט

בעסער ווי אימעצער אנדערש געקענט פיהלען דאס הארץ פון אט דעם פשוט'ען אינגעל שמואל נחום'ען. ברוך האט געקענט פיהלען יעדע אידישע הארץ. ער האט אויך געקענט באמערקען ווי אליעזר ראובן ווארפט פון צייט צו צייט א בליק אויף זיין בן־יחיד און שאקעלט מיט'ן קאפ אין גרויס באדויערען. ער האט געוויס, בעת מעשה, געפיהלט שטארקער ווי תמיד דעם קאנטראסט צווישען זיינע לומד'ישע אידימס און זיין עם־הארצות־דיגען בן־יחיד. ווארשיינליך האט דער שמיד דאמאלס אויך פארגליכען זיין זוהן מיט ברוך'ן, וועלכער האט דורך זיין אייגענער מיה און טראץ אלע שוועריגקייטען, געלערענט תורה און זיך אזוי שטארק אויסגעצייכענט אין דער לומד'ישער וועלט.

ברוך האט זיך נעהנטער צוגעקוקט צו שמואל נחום'ען. זיין צער האט ביי ברוך'ן ארויסגערופען רחמנות. דאס האט אבער איהם אויך אריינגענגעבען א געדאנק אין קאפ. האט דען שמואל נחום'ס צער ניט געצייגט, אז אין הארצען פיהלט ער א גרויסען באגעהר צו זיין ווי זיינע שוואגערס א., ווי אנדערע לומדים און אליין קענען ריידען דברי־תורה? ברוך האט דערפאר געהאט א שמועס מיט דעם שמיד:

— עס איז טאקע אמת, — האט ברוך געזאגט צו אליעזר ראובן'ען, — אז מען קען זיין אן עהרליכער איד אפילו ווען מען איז ניט קיין למדן. אודאי איז מלאכה א גרויסע זאך. איך אליין דערנעהר זיך נאר פון מלאכה. אך שעם זיך ניט מיט קיין ארבייט. איך האב דערפאר ביי א פריהערדיגער געלעגענהייט אייך געזאגט, אז איהר דארפט זיך גאר ניט מצער זיין וואס שמואל נחום איז א בעל־מלאכה. אבער צוקוקענדיג זיך ווי שמואל נחום איז געזעסען און מיט צער אויף זיין פנים זיך צוגעהערט צו די תורה־שמועסען וואס איך און אייערע אידימס האבען געפיהרט ביים טיש, קוקט מיר אויס, אז ער וואלט דאך געהאט חשק צו לערנען און מעגליך, אז ער וואלט נאך געקענט ווערען א בן־תורה.

ברוך האט דערפאר גע'עצה'ט דעם שמיד צו שיקען זיין זוהן ערגעץ אין א ישיבה. ווען שמואל נחום האט וועגען דעם געהערט האט ער אויסגעבראכען אין א געוויין און האט מיט רחמים געבעטען זיין פאטער, אז ער זאל איהם טאקע שיקען ערגעץ לערנען. אליעזר ראובן האט נאכגעגעבען זיין פארלאנג און, ווי ברוך האט אין עטליכע יאהר ארום געהערט, איז שמואל נחום טאקע געווארען א בן־תורה און איז געווארען דעם אידים פון א בן־תורה. ברוך האט דאן געפיהלט ווי ער וואלט געהאט א חלק אין דעם וואס שמואל נחום איז ארויפגעפיהרט געווארען אויף א נייעם דרך. ער האט געפיהלט ווי ער וואלט דא געהאלפען פארשאפען א נחת־רוח ניט נאר שמואל נחום'ען נאר אויך אליעזר ראובן'ען, וועלכער האט אזוי שטארק געגארט, אז זיין זוהן זאל זיין א בן־תורה.

נאך פסח האט ברוך זיך ווידער געלאזט אין וועג אריין. ער האט נאך אלץ געהאט אין זינען צו גרייכען ביעשענקאוויטש, כדי דארט צו לערנען תורה ביי דעם גאון ר' אברהם זאב. דער וועג קיין ביעשענקאוויטש האט געפיהרט דורך וויטעבסק און ברוך האט באשלאסען צו בלייבען א ווילע אין וויטעבסק, כדי דארט צו זעהן זיך מיט זיין משפחה, זיין פעטער

און מומע און זיין שוועסטער. די שוועסטער איז שוין געווען פארהייראט. זי האט חתונה געהאט מיט א ישיבה־בחור פון סמארגאן מיט'ן נאמען יוסף יצחק. ער איז געווארען איינער פון די ראשי הישיבה אין דער וויטעבסקער ישיבה. דאס פארעל, וואס האט שוין דאמאלס, ווען ברוך איז צוריקגעקומען אין וויטעבסק, געהאט א קינד, האט געוואוינט אין עק־שטאט.

ברוך האט צוערשט אויפגעזוכט זיין פעטער און מומע. זיי האבען זיך שטארק געפרעהט מיט זיין צוריקקומען. זיי האבען געמיינט, אז ער וועט איצט ביי זיי פארבלייבען. עס וואלט איהם ביי זיי אין הויז ממש ניט געפעלט קיין פויגעל־מילך. זיי זיינען אפילו געווען גרייט איהם צו פארגעבען פאר דעם וואס ער האט זיי מיט עטליכע יאהר צוריק פארלאזט און האט פאר דער גאנצער צייט פון זיך גאר ניט געלאזט הערען ווי ער ער וואלט, רחמנא לצלן, אין וואסער אריין. זיי האבען בכלל ניט געוואוסט וואס אזוינס עס האט ברוך'ן פון זיי פארשטויסען און וואס עס האט איהם איצט געהאט צוריקגעבראכט.

ברוך האט זיך ניט געוואלט אריינלאזען אין קיין לאנגע דערקלערונגען. ער האט בכלל געהאט א טבע צו ריידען נאר געצעהלטע ווערטער. ער האט זיי אבער קלאר געמאכט, אז דאס איז ביי איהם אזא דרך, אז ער האט זיך פארנומען צו לעבען פון זיין איינענער מיה און וויל מעהר צו קיינעם ניט אנקומען.

האבענדיג געהערט, אז זיין שוואגער, ר' יוסף יצחק, איז איינער פון די ראשי הישיבה, איך ברוך באלד אוועק אין דער ישיבה. ער האט זיך געוואלט באקענען ניט נאר מיט די ראשי הישיבה, נאר אויך מיט די ישיבה בחורים. ער האט בכלל געוואלט אויסגעפינען דעם מהות פון יענער ישיבה. ברוך איז גראד אנגע־ומען אין דער ישיבה ווען זיין שוואגער האט געהאלטען אין זאגען דעם שיעור. ער האט איהם באטראכט פון דער זייט און ער האט אויף איהם געמאכט א פיינעם איינדרוק. ער איז געווען א יונגערמאן פון מיטעלען וואוקס, פון שעהנעם אויסזעהן און מיט שווארצע אויגען. דער פנים זיינער האט אויסגעדריקט שטארקייט און אנטשלאסענקייט. ער איז געשטאנען ביי א שטענדער און מיט א קלארער קלינגענדיגער שטימע האט ער מיט א פיינער הסברה געזאגט דעם שיעור.

דער שיעור איז געווען א טיפער. ר' יוסף יצחק האט דעם גאנצען ענין צעגלידערט מיט גרויס חריפות און, גלייכצייטיג, מיט גרויס פשטות. דער שיעור האט געמאכט אויף ברוך'ן א גרויסען רושם. ווען די תלמידים זיינען אוועק, יעדער צו איבער'חזר'ן דעם שיעור, האט ברוך אליין זיך פארטיפט אין דער סוגיא, וועגען וועלכער זיין שוואגער האט געזאגט דעם שיעור און ער האט זיך איבערצייגט, אז אין דעם דאזיגען שיעור איז טאקע געלעגען נאר א סך לומדות און אז זיין שוואגער האט באמת א סך מחדש געווען.

שפעטער האט ברוך אויך געהערט דעם שיעור פון דעם ראש הישיבה, דעם גאון ר' פלטיאל, און ער איז ממש געווען פארגאפט.

אזא טיפקייט האט ער נאך קיין מאל ניט געהערט. ברוך האט איצט נאר געדארפט דערפילען געוויסע שליחות'ן, וועלכע האבען איהם געבראפט

קיין וויטעבסק. ער האט געזאלט געהן אויף קבר־אבות און עס האט זיך איהם אויך געגארט ווידער א מאל צו שפאצירען אויסערן שטאט, ביי דעם ברעג פון דעם טייך דווינע, וואו ער פלעגט, אלס קינד, שפאצירען מיט זיין טאטען. אט יענע שפאצירען און די שמועסען מיט זיין פאטער האבען א ף איהם איבערגעלאזט אן אומפארגעסליכען איינדרוק.

נאכדעם ווי ברוך האט דערפילט די דאזיגע שליחות'ן, איז ער אוועק צו זיין שוועסטער. שפעטער איז אויך אנגעקומען דער שוואגער. זיי האבען זיך ערשט באקענט, כאטש ברוך האט איהם שוין פריהער געהאט געזעהן אין דער ישיבה. ר' יוסף יצחק האט איהם אויך געדענקט פון דארט.

די באגעגעניש צווישען ברודער און שוועסטער און צווישען די שוויי שוואגערס איז געווען א הארציגע. בעת ברוך האט מיט עטליכע ווערטער פארענדיגט זיין שמועס מיט דער שוועסטער, האט ער זיך אריינגעלאזט אין א לאנגען שמועס מיט זיין שוואגער אין תורה.

עס איז געווען ערב שבת. די שוועסטער האט איהם ניט געוואלט אוועקלאזען.

-- דו וועסט דאך געוויס בלייבען ביי אונז אויף שבת — האט די שוועסטער געזאגט — מיר האבען זיך דאך אזוי לאנג ניט געזעהן!

אויך דער שוואגער האט איהם געבעטען בלייבען ביי זיי אויף שבת. ברוך האט אבער געהאט א תירוץ. אודאי האט מען זיך אויף איהם געריכט ביי דעם פעטער און דער מומען. נאך אלעם דעם איז ער דאך צוערשט געקומען צו זיי אין הויז.

עס איז געווען אויף אט דעם אופן ווי ברוך האט זיך אפגע'פטור'ט אין זיין שוועסטער'ס הויז. ער איז צוריקגעקומען צו זיין פעטער און מומען אין הויז און ער האט דארט געפונען, אז מען האט פאר איהם צוגעגרייט אין הויז און ער האט אויסגעפונען, אז מען האט פאר איהם צוגעגרייט ער זאל דארט זיין שבת. אבער דארט האט ברוך געהאט אן אנדער תירוץ: ווי אזוי קען ער זיין שבת ביים פעטער און מומען, אז ער האט א שוועסטער וואס איז אזוי נייגעריג, אז ער זאל זיין שבת ביי איהר?

אין דער אמת'ן האט ברוך שוין געהאט געמאכט זיינע פלענער. ער האט אין וויטעבסק ניט געזאלט ענדערען זיין הנהגה. ער האט געזאלט לעבען ווייטער פון זיינע אייגענע הענט און ניט אנקומען צו קיין אנדערע. אפילו קיין איינציגען שבת האט ער ניט געוואלט זיין ביי א פרעמדען טיש, האט דער דאזיגער טיש געמענט זיין זיין שוועסטער'ס אדער זיין פעטער'ס.

ברוך האט שוין געהאט אפגעזוכט א בית־המדרש וואו צו שלאפען, און וואס איז נוגע שבת, האט ער זיך אליין איינגעקויפט חלות און עפעס צו דעם, אט ווי ער האט עס געטאן די גאנצע צייט.

ברוך האט איצט געהאט ביי זיך באשלאסען, אז אנשטאט צו געהן קיין ביעשענקאוויטש דארט צו לערנען תורה פון ר' אברהם זאב, ווי ער האט געהאט געפלאנט פריהער, זאל ער בלייבען אין וויטעבסק און לערנען אין דער ישיבה וואו זיין שוואגער איז געווען איינער פון די ראשים.

וועט איהם דען אימיצער אין וויטעבסק קענען שטערען אין זיין איינענער הנהגה? ברוך איז שוין געווען געגוג פעסט און אנטשלאסען ווייטער צו געהן

זיין אייגענעם דרך. ער האט ניט געדארפט פאר קיינעם מעהר מורא האבען. ניט זיין שוועסטער, ניט זיין שוואגער, ניט זיין פעטער, ניט זיין מומע און ניט קיינער אנדערש האט אויף איהם געקענט משפיע זיין.

אז זיין שוועסטער און פעטער האבען זיך ענדליך דערוואוסט, אז ברוך געפינט אלערליי תירוצים כדי זיך ארויסצודרעהען פון שלאפען אדער עסען ביי זיי און אז ער קומט אפ מיט א טרוקען שטיקעל ברויט, זיינען זיי צו איהם צוגעשטאנען, אז ער זאל זיי גענוי דערקלערען פאר וואס ער מיידט זיי אויס. ברוך האט ערשט דאמאלס זיי מסביר געווען דעם אמת'ען טעם דערפון. ער האט ביי זיך באשלאסען זיך צו דערנעהרען מיגיע כפיו. דאס איז געווען די אורזאך וואס האט איהם אוועקגענומען פון זיי. דאס איז אויך געווען די אורזאך ווארום ער האט די גאנצע צייט פון זיך ניט געלאזט הערען. כל־זמן ער איז געווען יונג און שוואך האט ער ניט געוואלט האבען קיין זייטיגע איינפלוסען. ער האט פשוט מורא געהאט, אז זיינע קרובים וועלען איהם ניט לאזען געהן אין זיין אויסגעקליבענעם דרך. ער האט דערפאר געוואלט זיין נאר אין דער פרעמד און אפילו פאר פרעמדע זיך ניט ארויסגעבען, כדי מען זאל צו איהם ניט צושטעהן, אז ער זאל פון אימיצען נעמען הילף.

איצט איז ער אבער שוין א דערוואקסענער בחור. ער ווייסט שוין גענוי וואס ער וויל און וואס זיין דרך זאל זיין. אלץ איז ביי איהם באשטימט און באשלאסען. קיינער קען מעהר אויף איהם ניט ווירקען. זאלען עס דערפאר זיינע קרובים וויסען און איהם מעהר ניט באלעסטיגען מיט זייערע אנבאטען איהם באהילפיג צו זיין און אפילו ניט באלעסטיגען איהם מיט קיין פראגען אדער פארוואורפען בנוגע זיין אויסערגעוועהנליכען דרך, וואס איז געווען אזוי פול מיט לידען און יסורים, אבער דאך מיט דעם באפרי־דיגענדען זעלבסטבאוואוסטזיין, אז ער שטעהט אויף זיינע אייגענע פיס און אז ער דינט דעם רבונו־של־עולם ווי אן אמת'ער נקי כפים ובר לבב.

## יח.

### דער צער פון אן עהרליכען אידען

אברהמ'ל דער פישער פון וועמען ברוך האט א סך געלערענט. — פארוואס ברוך'ס פאטער האט איהם אנגעהויבען רופען "ר' אברהם".

ברוך איז אוועקגעקומען קיין וויטעבסק, זיין געבורטס־שטאט, מיט א סך תורה און מדות טובות. ער איז אבער געווען דורשטיג פאר נאך תורה. ער איז אויך געווען אנטשלאסען נאך ווייטער זיך צו לייטערען און שלייפען ביז ער וועט דערגרייכען די סאמע העכסטע מדרגה פון צדקות.

תורה, האט ברוך געוואוסט, מוז ער לערנען פון גרויסע גאונים און שארפע מוחות. ביי זיין שוואגער פון איין זייט און ר' פלטיאל, פון דער צווייטער, די ראשי הישיבה אין וויטעבסק, האט ער געקענט לערנען גאר א סך. דאגעגען, האט ברוך געוואוסט, אז ווען עס קומט צו מעשים טובים, מדות טובות, קען ער זיי לערנען ניט דוקא ביי גרויסע לומדים און גרויסע מוחות נאר אפילו ביי די סאמע פשוט'ע אידישע פאלקס־מענשען.

אויף זיינע וואנדערונגען האט שוין ברוך געהאט די געלעגענהייט זיך צו דערגרונטעווען צו דער נשמה פון די פשוט'סטע אידישע מענשען. ער האט פון זיי גאר א סך געלערנט. זיי זיינען פאר איהם געווען אן אינספיראציע, איבערציינענדיג איהם, אז מען קען זיין א פשוט'ער בעל מלאכה און דאך דערגרייכען די העכסטע מדרגה פון צדקות.

ברוך האט אבער ניט געדארפט זיך לאזען איבער שטעט און שטעטלעך צו געפינען די ,,גזיגע ריינע אידישע נשמות. ער האט קיינמאל ניט געקענט פארגעסען דעם גרויסען רושם וואס עס האט אויף איהם געמאכט א פשוט'ער איד, טאקע אין וויטעבסק גופא. ער האט איהם געדענקט פון זיין פריהסטער יוגענד, פון דער צייט ווען עס האבען נאך געלעבט זיינע עלטערען און זיי האבען געוואוינט אין עק שטאט ניט ווייט פון דער דווינע.

אין שכנות מיט זיי, דאס דריטע הויז צו זיין געגוי, האט געוואוינט אברהם'ל דער פישער, וועמען מע׳ האט אין דער שכונה אין גאנץ וויטעבסק, אויך גערופען "אברהם'ל די ליפ". "פישער" האט מען איהם גערופען דערפאר וואס ער האט זיך אפגעגעבען מיט פאנגען פיש אין דער דווינע און פון דעם געצויגען זיין חיונה. "די ליפ" האט מען איהם גערופען דערפאר וואס זיין אונטערשטע ליפ איז געווען דיק און אפגעשטאנען פון דער אויבערשטער און האט זיך אנגעזעהן באזונדער שטארק צוליעב איהר רויטקייט.

אברהם'ל יז געווען א גאר פשוט'ער מענשעל. ער האט מעהר ווי דאוונען ניט געקענט און נאך אלע מאטערנישען זיינע האט ער קוים געוואוסט פירוש המלות פון די טעגליכע תפלות. ער איז אבער געווען א גרויסער ירא שמים.

יעדען פריהמארגען און יעדען פארנאכט איז ער געגאנגען אין בית המדרש און געדאווענט מיט גרויס כוונה. ער איז דאן געבליבען אין בית המדרש זיך צוצוהערען ווי מען זאגט עין יעקב, מדרש, אדער האט זיך פארקליבען אין א ווינקעל און געזאגט מיט גרויס כוונה עטליכע קאפיטלעך תהילים.

זיינע זיהן זיינען גראד געווען וואויל-לערנער, ווייל אברהם'ל האט זיך געלאזט קאסטען א סך געלד זיי צו שיקען צו די בעסטע מלמדים און שפעטער אין דער ישיבה. זיינע זיהן זיינען געשטארבען פאר זיין לעבען און האבען איהם איבערגעלאזט אייניקלעך. אברהם'ל האט דערצויגען די אייניקלעך און זיי אויך געשיקט צו גוטע מלמדים און זיך שטארק באמיהט אז זיי זאלען אויסוואקסען בני תורה.

א חוץ בין אדם למקום, איז אברהם'ל דער פישער אויך געווען אפגעהיט בין אדם לחברו. ער האט געגעבען צדקה גאר ניט בערך לויט זיינע מעגליכקייטען. דאס וואלט געפאסט פאר אן אמת'ען גביר.

אין ברוד'ס זכרון האט זיך גוט איינגעקריצט דאס בילד ווי אברהם'ל דער פישער פלעגט אין די זומערדיגע טעג, שבת נאכמיטאג, קומען צו זייער פענסטער און זיך צוהערען ווי זיין מוטער האט געלייענט דעם "צאינה וראינה". ווייבער פון דער שכונה פלעגען זיך דאמאלס פארקלייבען אין הויז און זיך צוהערען מיט גרויס כוונה. אברהם'ל איז געווען דער איינציגער מאנסביל וואס האט זיך צוגעהערט פון צווייטען זייט פענסטער און האט דערביי גרויס הנאה געהאט. זיינע ידיעות זיינען אין דעם פרט ניט געווען

קיין העכערע ווי פון די ווייבער אינעווייניג. דער טייטש־חומש איז געווען גוט־צונעפאסט צו איהם און ער האט דערביי גאר א סך געלערנט.

אויב עס זיינען געווען מאנסבילען וואס האבען געקוקט אויף אברהם'לען פון אויבען אראנטער און אפשר אויך מיט א שמייכעל, וואס ער דארף זיך צוהערען צום "ווייבערשען" חומש, האט אבער ברוך, אלס קינד, געפיהלט רחמנות פאר אט דעם אידען, וואס האט זיך ניט געשעהמט צו לערנען אפילו פון א אידענע. ברוך האט אויך געפיהלט גרויס פארעהרונג פאר אט דעם פשוט'ען פישער וואס איז געווען אזוי להוט צו הערען א אידיש ווארט.

אברהם'ל, וועלכער האט אליין געפאנגען זיינע פיש אין דער דווינע, האט זיין סחורה אויך אליין פארקויפט דירעקט צו די קונים אויפ'ן מארק. דאס וואס ס'פלעגט איהם איבערבלייבען האט ער געבראכט פון מארק צוריק אהיים און דארט פארקויפט די סחורה צו די ארומיגע שכנים. וויסענדיג אז די שכנים זיינען ארימע מענשען, האט ער זיי די סחורה פארקויפט בחצי חנם.

די וואס זיינען געווען גאר ארים האט ער געגעבען פיש אומזיסט.

איינמאל האט אברהם'ל איבערגעלאזט צו זיינע בני בית דאס פארקויפען פון די איבערגעבליבענע פיש וואס ער האט צוריקגעבראכט פון מארק. זיי האבען געזאלט נאכפאלגען זיין דרך און פארקויפען בזול די סחורה און די גאר ארימע געבען פיש אומזיסט. האט פאסירט, אז דורך א טעות האט מען ביי אימיצען פון די קונים איבערגענומען עטליכע גראשען. גראד איז יענעם מאל איינער פון די קונים געווען א פויער, וואס האט זיך געהאט באוויזען אין דער שכויה און וועמען קיינער האט ניט געקענט.

ווען אברהם'ל האט זיך באוויזען און האט דערהערט, אז מען האט ביי א מיצען איבערגענומען עטליכע גראשען, האט ער זיך דערפון שטארק מצער געווען. ווער האט עס געקענט זיין? יענער האט געמוזט צוריקקריגען דאס וואס מען האט ביי איהם איבערגענומען דורך א טעות.

אבער קיינער האט ניט געוואוסט ווער דאס איז געווען. די בני בית האבען ניט געדענקט צי דאס איז געווען איינער פון די אידישע שכנים, צי דאס איז געווען דער גוי וואס איז געקומען און דאן פארשוואונדען מיט די פיש וואס ער האט געקויפט.

האט אברהם'ל זיך באלד ארויסגעלאזט איבער דער שכונה און איז געגאנגען פון הויז צו הויז, פרעגענדיג יעדען באזונדער וויפיעל ער אדער זי האט באצאהלט פאר די פיש, אויסצוגעפינען ווער עס איז געווען דער "אפגענאר־טער". אברהם'ל האט אבער ניט געקענט דערגעהן ווער דאס איז געווען. ניכער האט עס געמוזט זיין דער אומבאקאנטער גוי.

אבער וואו כאפט מען דעם גוי איהם צוריקצוגעבען די עטליכע גראשען, וואס אברהם'ל האט געהאלטען זיינען געווען איבער'ן מקח, אז קיינער האט איהם ניט געקענט און ניט געוואוסט פון וואנען ער איז געקומען און וואוהין ער איז אוועק?

אברהם'ל האט פשוט ניט גערוהט. ער האט געהאלטען כסדר אין נאכ־פרייגען זיך אויף דעם גוי. ער האט אבער גארניט געקענט אויסגעפינען וועגען איהם. קיינער האט איהם ניט געקענט.

איז אברהמ'ל געקומען צו ברוך'ס פאטער, צו ר' שניאור זלמן'ען, דער תלמיד חכם פון דער שכונה.

— גיט מיר אן עצה וואס איך זאל טאן — האט ער געזאגט און עס איז געווען קלאר אז ער האט דערפון גרויס צער, — דאס געלד איז דאך פשוט'ע גזילה און ווי קען איך דערפון הנאה האבען?

אין אברהמ'לס אויגען זיינען געשטאנען טרערען. ער איז געווען פאר־לארען.

— גיט דאס געלד אוועק אויף צדקה! — האט ר' שניאור זלמן איהם גע'עצה'ט.

— א שעהן פנים וועל איך האבען, — האט אברהמ'ל געזאגט, — איך וועל דאמאלס זיין א שותף מיט א גוי אין דער מצוה. און ווידער, — האט ער זיך מתוכח געווען מיט זיך אליין, — אויב איך זאל דאס נים טהאן און דאס געלט אריינוווארפען אין טייך אריין, וועל איך דאך עובר זיין אויף בל תשחית!

ברוך איז געווען צו יונג, אז ער זאל געדענקען וואס אברהמ'ל דער פישער האט ענדליך געטהאן מיט די עטליכע גראשען. ער האט אבער גוט גע־ענקט ווי זיין פאטער האט שטענדיג גערעדט וועגען דעם און האט ארויס־געצייגט גרויס פארעהרונג פאר אט דעם פשוט'ען און תמימות'דיגען פישער.

ביי ברוך'ן אין זכרון איז געבליבען וואס זיין פאטער האט געזאגט דערביי. ער האט אנגעוויזען אויף דער גמרא אין חולין (דף צ"ב עמוד א') וואו עס ווערט געזאגט, אז די פשוט'ע מענשען וואס ווערען גערופען עמי הארץ זיינען געגליכען צו די בלעטער פון א וויינשטאק. אט די בלעטער היטען אפ די וויינטרויבען, אזוי היטען די פשוט'ע מענשען אפ די תלמידי חכמים! וואויל איז דעם תלמיד חכם וואס האט די תמימות און די גוטהארציגקייט פון די פשוט'ע אידישע מענשען.

ברוך האט אויך געדענקט דעם שמועס וואס זיין פאטער האט געהאט מיט אברהמ'לען שבת בייטאג. ר' שניאור זלמן האט פון דאמאלס אן אנגע־הויבען רופען דעם פישער "ר' אברהם" און האט תמיד ארויסגעצייגט גרויס פארעהרונג פאר איהם.

ברוך האט דערפאר שוין אין זיין קינדהייט געוואוסט, אז ער האט זיך ; סך צו לערנען פון די פשוט'ע אידען און אז אויב ער דארף שטענדיג שטרעבען צו דערגרונטעווען זיך אליין טיעפער אין דעם ים פון תורה, דארף ער אבער ארויסקוקען צו די גאר פשוט'ע אידען פאר מעשים טובים און גוט־הארציגקייט.

עס איז טאקע געווען מיט דעם אין זינען, וואס ברוך האט פארלאזט וויטעבסק און זיך געלאזט איבער "דער וועלט", מיט דעם פעסטען באשלוס, אז ווי הויך ער זאל ניט שטייגען א'ן תורה, זאל ער תמיד זיך האלטען מיט די פשוט'ע מענשען און אפילו נאכפאלגען זיי אין דעם וואס ער זאל זיין ברויט תמיד פארדינען דורך זיין אייגענער פראצע.

איצט איז ברוך צוריק געווען אין וויטעבסק. ער איז נאך ווייט ניט געווען צופרידען מיט זיך, מיט דער תורה וואס ער האט געלערנט אין משך פון זיינע וואנדערונגען און מיט די מדות טובות וואס ער האט זיך דערוואר־

בעז. ער האט ווייטער געוואלט קלעטערעז אויפ'ן לייטער פון מענשליכע דערגרייכונגען. ער האט שוין עס אבער געקענט טהאן מיט זיינע אייגענע כחות, סיי גייסטיגע און סיי פיזישע. זיין לעבענס-וועג איז געוועזן אנגע-צייכענטער. קיינער האט איהם מעהר ניט געקענט בעאיינפלוסען פון אט דעם וועג אפצונייגען.

האט ברוך געלעבט אין דעם, וואס פאר אנדערע וואלט געקענט אויס-זעהן ווי צוויי באזונדערע וועלטען, — די וועלט פון תורה און די וועלט פון מלאכה, דורך וואס ער האט זיך מפרנס געווען. פאר איהם איז עס אבער געווען איין וועלט. דער זעלביגער גייסט האט זיי ביידען צוזאמענגעבונדען.

ווען ברוך איז געזעסען און געלערנט, איז תורה פאר איהם געווען די וועלט אין וועלכער ער האט געלעבט. די תנאים און די אמוראים האבען פאר איהם געלעבט ווי זיי וואלטען געשטאנען פאר איהם אין פלייש און בלוט. ער האט זיך מיט זיי מתוכח געווען, זיך מיט זיי גע'פלפול'ט און מיט זיי זיך דורכגערעדט, אט ווי זיי וואלטען געשטאנען לעבען איהם.

ווען ער איז ארויס אין גאס, אדער וואו ניט איז, צו טהאן א שווערע ארבייט דורך דעם צו פארדינען זיין ברויט, איז ברוך ווידער געווען אריינ-געטהאן אין דעם, ניט ווי דאס וואלט געווען אן ענין וואס ער דארף בעל כרחו אפ'פטור'ן, נאר ווי עפעס וואס ער האט באמת גערן, טאקע דערפאר וואס ער האט געוואלט יעדע פרוטה פארדינען כשר און עהרליך.

האט זיך דערפאר א מערקווירדיגע הארמאניע געשאפען צווישען זיין גייסטיגען און מאטעריעלען לעבען, צווישען זיין רוחניות'דיגע און גשמיות'-דיגע וועלטען, צווישען גוף און נשמה, הימעל און ערד. אלץ איז פאר איהם געווען איינס. אלץ איז פאר איהם געווען איין גאנצע — אלץ דורכגעדרונגען מיט קדושה און מיט טהרה.

האט איהם אימיצער געהאט פארשטאנען? האט זיך בכלל אימיצער גע-קענט דערגרונטעווען צו דער טיפקייט פון זיין נשמה? ברוך האט ניט געוואלט קיין אנערקענונג און ניט געוואלט אז אימיצער זאל שענקען אויפמערקזאמ-קייט צו איהם. עס איז ביז דאמאלס נאר געווען איין מענש, וואס האט געהאט פאר א ווייל א נאהענטען צוטריט צו איהם און געקענט אריינקוקען אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. דאס איז געווען ר' אברהם דער גערטנער פון ליאזשנע. ער האט אבער ליאזשנע געהאט פארלאזט און זיך דערווייטערט פון ר' אברהם'ן פון ווענען ער האט אזוי פיעל געלערנט טאקע אין תורה און אויך אין מעשים טובים.

וועלען זייערע וועגען זיך נאך צוזאמענקומען? שווער צו זאגען אויב ברוך האט אין די ערשטע טעג פון זיין צוריקקומען קיין וויטעבסק וועגען דעם געטראכט. ער האט לכתחילה געהאט בדעה צו גרייכען ביעשענקאוויטש כד צו לערנען תורה טאקע ביי ר' אברהם'ס רבי'ן. אבער ער איז שוין געווען באשלאסען צו בלייבען אין וויטעבסק זיינע און ר' אברהם'ס וועגען האבען זיך דערפאר געזאלט האבען איינגאנצען פארנאנדערגעטיילט.

די השגחה האט אבער געהאט עפעס אנדערש באשטימט. אויב ברוך אליין האט דאמאלס ניט געטראכט וועגען ר' אברהם'ן, האט אבער ר' אברהם אן איהם ניט פארגעסען.

## יט.

## דער שדוך

**ר' אברהם דער גערטנער געפינט ברוך'ן און שלאגט איהם פאר צו ווערען זיין איידים.— ווי ר' אברהם האט ארומגעזוכט ברוך'ן.—די באגעגעניש צווישען די צוויי פריינט.**

איינגעארדענט זיך אין וויטעבסק, האט ברוך צו־ערשט ווייניג זארג געהאט. ער האט נאך געהאט אביסעל פון זיין אפגעשפארטען געלד. ער האט געהאט גענוג פאר זיינע קליינע באדערפענישען, דער עיקר איז געווען ביי איהם דאס לערנען, און די ישיבה אין וועלכער זיין שוואגער און דער גאון ר' פלטיאל, האבען געזאגט שיעורים, איז געווען פאר איהם פולשטענדיג צו־פרידענשטעלענד.

אז ברוך האט זיך שפעטער ארומגעזעהן, אז זיין געלד הויבט איהם אן אויסגעהן, האט ער זיך ארויסגעלאזט, ווי זיין שטיינער, זוכען ארבייט. דאס איז איהם ניט אנגעקומען שווער צו געפינען, ווי באלד ער האט ניט איבער־געקליבען קיין ארבייט און וואס עס האט זיך געמאכט צום האנד האט ער געטהאן.

ארויסלאזענדיג זיך איבער'ן שטאט, האט ער זיך אנגעשטויסען אויף א נייעם בנין, וואס מען האט געהאלטען אין בויען. אידען און ניט־אידען זיינען דארט געווען באשעפטיגט טראגענדיג ציגעל און שטיינער און דער־לאנגט צום האנד אנדערע בוי־מאטעריאלען. ברוך האט זיך אנגעבאטען צו דער ארבייט און איז אנגענומען געווארען. צו זיין צופרידענהייט האט מען די ארבייט געטהאן פון שטיק אדער פון שעה. דאס האט ברוך'ן געגעבען א געלעגענהייט צו טהאן ארבייט אין באשטימטע שעה'ן און דאן צוריקקעהרען אין בית המדרש און לערנען.

ברוך האט בכלל געטהאן נאר אזוי פיעל ארבייט וויפיעל דער שכר וואס ער האט באקומען, האט געקענט קלעקען פאר זיינע באדערפענישען. די איבריגע פון זיין צייט האט ער דורכאויס געוואלט נאר פארברייגגען אין לערנען.

אזוי איז אוועק דער זומער. ברוך האט זיך שוין אנגעהויבען פיהלען היימיש אין זיין אייגענער געבורט־שטאט. קיינער האט איהם דארט מעהר ניט געשטערט. ער איז שוין געווען גענוג זעלבסטשטענדיג, אז ער זאל זיך פון קיינעם ניט לאזען שטערען.

ברוך האט גאר ניט געוואוסט, אז בעת ער איז געזעסען אזוי רוהיג אין וויטעבסק און געלערנט, האט אין ליאזשנע, די שטאט, וועלכע ער האט אזוי פלוצלינג פארלאזט דעם פאריגען ערב פסח, אימיצער זיך שטארק מצער געווען און איז געווען שטארק באזארגט איבער דעם וואס ער, ברוך, איז נעלם געווארען. דאס איז געווען ניט קיין אנדערער ווי ר' אברהם דער גערטנער מיט וועמען ברוך האט זיך אזוי שטארק באפריינדעט דאמאלס ווען ער איז געווען ביי איהם אן אנגעשטעלטער און דערנאך ווען ער האט מיט איהם געלערנט צוזאמען.

ווען ר' אברהם האט יענעם ערב פסח אויסגעפונען אז ברוך איז אוועק פון ליאזשנע און האט ניט איבערגעלאזט קיין שפור הינטער זיך, האט ער קוים געקענט אויסמאכען וואס אזוינס עס איז געשעהן. זאל עס האבען באדייט אז ברוך האט ניט געוואלט זיצען ביי זיין טיש? ר' אברהם האט שוין לאנג געהאט אן אויג אויף ברוך'ן. ער האט שוין פאקטיש געהאט גע־וואוסט אלץ וואס עס איז געווען צו וויסען וועגען אט דעם מערקווירדיגען יונגען מאן. ר' אברהם האט שוין געוואוסט, אז ברוך איז א גרויסער למדן און צדיק. ער האט אויך געוואוסט וועגען זיין פעסטען באשלוס צו דערנעהנ־רען זיך פון דער אייגענער פראצע. ר' אברהם האט אפילו שוין אויך געהאט געוואוסט ווער ברוך איז געווען, פון וואנען ער איז געקומען און פון ווענען ער האט געשטאמט. ווי וויניג ברוך האט גערעדט, האט ר' אברהם דאך פון איהם ביסלעכווייז געהאט ארויסגעקראגען אז ער שטאמט פון א מיוחס'דיגע משפחה וואס האט אויסגעוואנדערט פון פאזען. ברוך האט אויך געהאט דער־צעהלט אז ער איז געבארען און דערצויגען געווארען אין וויטעבסק און אז ער האט זיך אויפגעהאדעוועט אין א הויז אין עק שטאט, ניט ווייט פון די ברעגעס פון דער דווינע.

ר' אברהם, וועלכער איז אליין, אין זיין שיטה און דרך, געווען ניט ווייט פון ברוך'ן, האט געפיהלט א שטארקען צובונד צום דאזיגען יונגען מאן. דער צובונד איז געווען נאך שטארקער דערפאר וואס ר' אברהם האט געהאט א דערוואקסענע טאכטער, און אין זיין מח איז שוין לאנג געבארען געווא־רען דער געדאנק אז ברוך וואלט געווען א פאסיגער שידוך פאר זיין טאכטער.

רבקה איז געווען דער נאמען פון ר' אברהם'ס טאכטער. זי איז געווען א געראטען קינד. ר' אברהם האט ניט געקענט טראכטען פון קיין בעסערען שידוך ווי ברוך. ער האט אבער נאך ניט געוואגט רייִדען מיט ברוך'ן וועגען דעם. ער האט גוט געוואוסט וועגען ברוך'ס אייגענארטיגען צוגאנג צו זאכען. ער האט נאך ניט געהאט אויסגעפארשט ביי איהם אויב ער איז בכלל גרייט חתונה צו האבען. האט ר' אברהם, ווי א געניטער און פראקטישער מענש, געהאלטען אז צוערשט דארף ער צוגעוואוינען ברוך'ן צו זיך און איהם מקרב זיין צו דער פאמיליע. דאס וואס ער האט ברוך'ן געהאט פארבעטען צו זיך אויף פסח, איז טאקע געווען מיט דער כוונה אז ער זאל ווערען ביי איהם א בן בית.

ביי די סדרים און די אנדערע יום־טוב'דיגע מאלצייטען, וואלט ברוך זיך נעהנטער באקאנט מיט ר' אברהם'ס משפחה, איינשליסענדיג רבקה'ן אליין. עס וואלט דאמאלס איהם אנגעקומען לייכטער צו רייִדען מיט ברוך'ן וועגען דעם שידוך. אט דערפאר האט ר' אברהם זיך שטארק גענומען צום הארצען וואס ברוך איז פלוצים פארשוואונדען געווארען.

זאל עס האבען געהייסען, אז ברוך האט דערפיהלט מיט וועלכע מחשבות ר' אברהם טראגט זיך ארום און איז טאקע צוליעב דעם אוועק פון ליאזשנע? דאס וואלט אייגענטליך פאר ר' אברהם'ן געקענט דיענען ווי אן ענטפער מצד ברוך'ן צו די פלענער מיט וועלכע ער האט זיך געהאט ארומגעטראגען. ר' אברהם האט אבער אויך געוואוסט, אז ברוך האט געקענט האבען גאנץ אנ־דערע טעמים צו פארלאזען ליאזשנע, און עס זאל גאר ניט האבען צו טהאן

מיט דעם שידוך וואס ער האט געהאט בדעה איהם פארצולייגען. אט צוליעב דעם האט ר' אברהם כסדר געהאלטען אין נאכטראכטען וועגען ברוד'ן און האט ניט געוואלט אז איהם פארגעסען.

ר' אברהם האט זיך אריינגענומען אין קאפ אז ער מוז אויפזוכען ברוד'ן און וואו ער זאל זיך ניט געפינען, זאל ער איהם פון דארט צוריקברייננגען קיין ליאזשנע און איהם מאכען פאר זיין איידעם. אבער ווי געפינט מען א שפילקע אין א וואגען היי? וואו זוכט מען דעם פארשוואונדענעם בחור'ל?

אין משך פון דעם זומער האט ר' אברהם מיט א נייעם שותף ווידער אפגעדונגען סעדער. איינער פון די סעדער האט זיך געפונען א גאנץ היבשער מהלך פון ליאזשנע. ווען עס איז געקומען די צייט ארונטערצונעמען די פירות פון די בוימער, האט דער שותף געמאכט דעם פארשלאג, אז ר' אברהם זאל די פרוכט פיהרען קיין וויטעבסק, די איינציגע גרויסע שטאט אין דער געגענד. ער איז געווען זיכער אז דארט קען מען נעהמען א העכערען מקח פאר די סחורה.

בעת דער שותף האט געמיינט, אז ער וועט דארפען א סך אריינ'טענה'ן מיט ר' אברהם'ן, צו פיהרען די פרוכט קיין וויטעבסק, האט ר' אברהם באלד געלאזט וויסען, אז ער איז מרוצה. ר' אברהם האט פשוט געוואלט זיין אין וויטעבסק כדי ער זאל דארט מאכען א חקירה ודרישה וועגען ברוד'ן. ווערליג די סמנים וואס ברוד האט איהם געהאט אנגעגעבען, וועגען זיין יוגענד אין וויטעבסק, איז ר' אברהם געווען בטוח, אז איהם וועט געלינגען צו געפינען ברוד'ן אין וויטעבסק גופא. ר' אברהם האט שפעטער גענומען די פרוכט קיין וויטעבסק וואו ער האט פארקויפט צו גאנץ הויכע פרייזען. ער האט זיך שנעל אפגעפארטיגט מיט זיינע עסקים און האט זיך ארויסגעלאזט איבער'ן שטאט זוכען ברוד'ן. נעדיינקענדיג וואס ברוד האט איהם געהאט דערצעהלט וועגען דער דווינע און דעם טייל שטאט ביי דער דווינע וואו ער האט זיך געהאט אויסגעהאדעוועט, האט זיך ר' אברהם אוועקגעלאזט אין יענעם טייל שטאט צו געפינען ברוד'ן, אבער אהן ערפאלג. ער האט פון ברוד'ן קיין שפור ניט געפונען. ביי די וואס ער האט זיך נאכגעפרעגט וועגען איהם, האט ער אויך גאר ניט געקענט אויסגעפינען. ר' אברהם איז געווען אנטטוישט.

ער האט פון דעסטוועגען נאך אלץ ניט אויפגעגעבען די האפנונג, אז ער וועט ברוד'ן דאך וועו געפינען. יענעם זומער איז ר' אברהם'ן אויסגעקומען צו זיין אין וויטעבסק עטליכע מאל, אבער ער האט וועגען ברוד'ן גאר ניט געקענט דערגעהן.

ר' אברהם האט שוין געהאט באשלאסען צו מאכען א נסיעה צו זיין אמאליגען רבי'ן, ר' אברהם זאב אין ביעשענקעוויטש און פרעגען זיין עצה, צי זאל ער נאך אלץ ארומזוכען ברוד'ן אדער זאל ער זוכען אימיצען אנדערש פאר אן איידעם. ר' אברהם זאב איז פאר איהם געווען מעהר ווי א רבי. ער האט ר' אברהם'ן פאקטיש ערצויגען און שפעטער איהם אויך חתונה געמאכט.

זיין רבי האט ר' אברהם'ן גע'עצה'ט, אז ער זאל א געוויסע צייט נאך ארומזוכען ברוד'ן און אויב ער וועט אין משך פון דער צייט איהם ניט געפינען, זאל ער דאמאלס טראכטען פון אן אנדער שידוך פאר זיין טאכטער.

זייענדיג אין ביעשענקעוויטש האט ר' אברהם זיך דערוווּיל באקאנט מיט א ישיבה בחור וואס האט געלערנט אין דער וויטעבסקער ישיבה און האט געהאלטען אין דערצעהלען שבחים וועגען דעם ראש ישיבה, דעם יונגען עילוי ר' יוסף יצחק, וועלכער, ווי מיר ווייסען, איז געווען ברוך'ס שוואגער. דער ישיבה בחור האט נאטירליך ניט געוואוסט וועגען דער פארבינדונג צווי־שען ר' יוסף יצחק'ן און ברוך'ן. ער האט אויך ניט געוואוסט אז ר' אברהם זוכט ארום אימיצען וואס איז דעם דאזיגען ראש ישיבה'ס א שוואגער. ר' אברהם האט זיך אבער באזונדער פאראינטערעסירט אין דעם ראש הישיבה און באשלאסען אז ווען ער וועט ווידער זיין אין וויטעבסק זאל ער זיך מיט איהם באקאנען.

אזוי איז טאקע געווען. אין משך פון דעם קומענדיגען ווינטער איז ר' אברהם'ען ווידער אויסגעקומען צו זיין אין וויטעבסק און בעת ער האט געהאלטען אן אויג אויף ברוך'ן, האט ער דערוווּיל באשלאסען צו באקאנען זיך מיט דעם ראש ישיבה ר' יוסף יצחק'ן. ר' אברהם'ען איז צוערשט גאר ניט איינגעפאלען צו ריידען מיט ר' יוסף יצחק'ן וועגען ברוך'ן. אבער עס האט לאנג ניט גענומען און אין זייערע שמועסען איז אויך געקומען צו רייד וועגען ברוך'ן. ערשט דאמאלס האט זיך ארויסגעוויזען, צו ר' אברהם'ס פרייד, אז ניט נאר איז ר' יוסף יצחק ברוך'ס שוואגער, נאר אויך אז ברוך געפינט זיך אין וויטעבסק און פיהרט זיך אויף זיין אייגענעם שטייגער, וואס מיינט, אז ער לערנט און ארבייט געוויסע שטונדען פון טאג כדי זיך צו דערנעהרען.

ר' אברהם'ס שמחה איז געווען גרויס. ער האט באלד ערקלעהרט וואס ער האט געהאט אין זינען די גאנצע צייט. ר' יוסף יצחק האט איהם אבער ערקלעהרט, אז וואס איז נוגע דעם שידוך, וועט ער דארפען ריידען מיט ברוך'ן אליין. ער האט שוין געדארפט אליין וויסען, אז ברוך געהערט צו יענע פארשוינען וואס לאזען זיך ניט פון קיינעם בעאיינפלוסען.

אבער וואו געפינט מען ברוך'ן? די אייגענע קרובים האבען איהם גע־זעהן אזוי זעלטען! ר' יוסף יצחק האט נאר געוואוסט אין וועלכען בית המדרש ברוך האלט זיך אויף. איז ר' אברהם אוועק אין יענעם בית המדרש און זיך געזעצט לערנען. עס האט לאנג ניט גענומען און ברוך איז ערשינען אין בית המדרש. צו ר' אברהם'ס איבערראשונג איז ברוך, וועלכער איז געוויינליך געווען קאלט און צוריקגעהאלטען, דאמאלס גראד געווען ווארעם און הארציג.ביידע זיינען זיך געפאלען איינער דעם צווייטען אויפ'ן האלז און געקושט.

— איך האב דיך די גאנצע צייט ארומגעזוכט, — האט ר' אברהם ערקלעהרט, — איך האב זיך שטארק מצער געווען וואס דו ביזט נעלם גע־ווארען פון ליאזשנע און ניט איבערגעלאזט קיין שפור הינטער זיך.

ר' אברהם האט אבער שוין מעהר ניט געדארפט קיין ערקלעהרונגען פון ברוך'ן. די פריינדשאפט וואס ער האט צו איהם ארויסגעצייגט און די פלוצים'דיגע ווארעמקייט וואס ער האט אין איהם געקענט פיהלען, האבען עדות געזאגט, אז ברוך האט געפיהלט דעם זעלביגען צובונד צו ר' אברהם'ען ווי ר' אברהם האט געפיהלט צו איהם. ר' אברהם האט איצט געפיהלט, אז

זיין מיה איז ניט געווען אומזיסט. האט ער אָבער געקענט אויך זיין זיכער, אז ברוך וועט זיין וויליג צו טהאָן א שידוך?

ער האט וועגען דעם געדאַרפט רעדען זעהר פאַרזיכטיג. ברוך'ס שוואגער, ר' יוסף יצחק, האט איהם אויך געהאט געראטהען אז ער זאָל מיט איהם ריידען מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט. ר' יוסף יצחק האט דערווייל אליין פּרובירט צוגרייטען ברוך'ן צו דעם שמועס וואס ר' אברהם האט געוואָלט מיט איהם האלטען. גראד האט ברוך זיך געלאָזט ריידען און ווען דער טאָג איז געקומען און ר' אברהם האט איהם ערקלעהרט אז ער וויל איהם פאַר אן איידעם, האט ברוך איינגעווילינגט, אָבער האט דערביי געשטעלט תנאים וועלכע זיינען געווען כאראקטעריסטיש פאר איהם און פאר דעם דרך אויף וועלכען ער האט זיך געהאט פאַרנומען.

## כ

## דער בעל שם און די נסתרים

ברוך'ס באקאנטשאפט מיט די נסתרים.— זיין באגעהר צו ווערען זייער מכניס אורח.— די תנאים וואָס ער האָט געשטעלט זיין קינפטיגען שווער, ר' אברהם'ן.

איז משך פון זיינע וואנדערונגען איבער פאַרשידענע אידישע שטעט־לאך, האט ברוך געהאט די געלעגענהייט זיך צו באקענען מיט א רייהע אידישע פּערזענליכקייטען, וועלכע האבען אויף איהם איבערגעלאָזט אן אומ־פאַרגעסליכען רושם. דאָס זיינען געווען די נסתרים, וואָס האָבען אין יענער צייט געוואנדערט איבער אידישע שטעט און שטעטלאך. די דאָזיגע נסתרים זיינען געווען פון פאַרשידענע מינים. עס זיינען געווען צווישען זיי גרויסע גאונים און צדיקים, וואָס האבען געוואנדערט פאַרשטעלטערהייט, אָפּצוריכטען גלות. דאָס זיינען געווען מענשען, וואָס האבען געוואָלט אָפּ־קומען אויף דעם עולם התחתון. האָבען זיי אויף זיך גענומען פאַרשידענע סגופים און עונשים אָפּצוקומען פאר געוויסע עבירות וואָס זיי אליין אָדער אנדערע זיינען באגאנגען, אָדער דורך דעם צו ברענגען א תיקון פאר כלל ישראל.

עס זיינען אָבער צווישען די נסתרים אויך געווען אזוינע וואָס האבען זיך ארויסגעלאָזט צווישען פאָלק כדי מיט זייערע גייסטיגע אייגענשאפטען און מדות טובות צו דערהויבען דעם אָפּגעשטאָנענעם אידישען המון גייסטיג און מאטעריעל. נאָך אין יאהר תכ"ה האט שוין עקזיסטירט א באשטימטע גרופּע פון פאַרבאָרגענע צדיקים, וואָס האט אויף זיך געהאט גענומען די אויפגאבע צו דערהויבען און פאַרבעסערען דעם אידישען גייסטיגען מצב. דאָס איז געווען נאָך איידער דער בעל שם טוב האט אנגעהויבען ווירקען, צו ערשט אליין ווי א נסתר, אין אידישען לעבען. דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען די אָרימקייט צווישען אידען איז געווען מורא'דיג גרויס. אידען זיינען נאָך ניט געקומען צו זיך פון די גזירות ת"ח ות"ט, ווען א סך אידישע קהילות זיינען פאַרניכטעט געווארען און ווען אין אידישען לעבען איז געווארען א תהו ובהו. צוליב דער גרויסער אָרימקייט האבען יונגע

אידישע קינדער געמוזט טאן עבודת פרך כדי ניט צו זיין קיין לאסט אויף זייערע עלטערן אדער טאקע מיט זייער ארבייט ארויסגעהאלפען זייערע פאראָרימטע עלטערן.

עס פארשטעהט זיך, אז אין אזא צושטאנד האבען אידישע קינדער זיך ניט געקענט אפגעבען מיט לערנען תורה. א סך קינדער זיינען אוועקגע־ריסען געוואָרען פון די חדרים. די ישיבות זיינען ממש אויסגעליידיגט גע־ווארען. דאס האט געמוזט פיהרען דערצו, אז עס זאל אויסוואקסען א דור פון עמי הארצים. כאָטש די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען פרום, זיינען זיי אבער געווען ווייט פון תורה. די נסתרים האבען דערפאר געהאט גאר א גרויסע אויפגאבע פאר זיך: זיי האבען אָט די פארגרעבטע, און אין א גרויסער מאָס אויך פאר'יאוש'טע, אידען געהאלטען אין מעורר זיין און ביי זיי ארויסרופען האפענונג און גלויבען אין זייער אייגענער צוקונפט, ווי אויך אין דער צוקונפט פון דער אידישער אומה. זיינען די דאזיגע נסתרים געווען לעהרער און וועגווייזער, דערמונטערער און טרייסטער און זייער ווירקונג איז געווען אן אויסערגעוועהנליך גרויסע און וויכטיגע.

דער בעל שם טוב איז געבאָרען געוואָרען ערשט אין יאהר תנ"ח. טראדיציע גיט אונז איבער, אז נאך אלס איינגעל פון צעהן יאהר האט ער זיך אנגעשלאָסען אַן א גרופע פון נסתרים און האט מיט זיי געוואנדערט איבער אידישע ישובים, העלפענדיג אין אָט דער גרויסער און הייליגער ארבייט צו וועקען און רופען די פשוטע אידען צו עבודת הבורא.

שפעטער, ווען דער בעל שם האט אנגעהויבען פארשפרייטען זיין נייעם דרך פון חסידות, האט ער, ווי מיר ווייסען שוין פון פריהער, צו ערשט אליין אנגעפיהרט א גרויסע און פארצווייגטע טהעטיגקייט דורך נסתרים. דער בעל שם האט געוואָלט פריהער צוגרייטען דעם באָדען און ערשט שפעטער ארויסקומען אין דער עפענטליכקייט מיט דעם דרך החסידות. איך האב שוין אנגעוויזען, אז דעם בעל שם'ס כוונה דערביי איז געווען צו ערשט, אלס נסתר, צו העלפען אידען אין גשמיות, זיי צוריק צו ברענגען צו מלאכה און ערד־ארבייט און צו אנדערע באשטימטע און זעלבסטשטענדיגע פרנסות. האבענ־דיג צוגעגרייט דעם באָדען דורך אָט דער דאזיגער טהעטיגקייט, האט ער זיך שפעטער מתגלה געווען און זיך אנגעהויבען פארנעמען מיט דער הייליגער ארבייט צו דערהויבען אידען אין רוחניות.

וועגען דער צייט וואָס דער בעל שם האט אליין אומגעוואנדערט ווי א נסתר, פריהער אלס איינגעל, און שפעטער אלס דערוואקסענער, ווערען דער־צעהלט פארשידענע עובדות. ווי עס איז באקאנט, איז דער בעל שם אין זיין יוגענט א געוויסע צייט געווען א באהעלפער און ער אליין דערצעהלט:

"ווען איך בין געווען א באהעלפער, פלעג איך שטארק הארעווען אריינצוגעבען אין די הערצעלאך פון די קליינע קינדער אהבת אב ואם. איך פלעג די קינדערלאך באשיינפערליך אנווייזען אויף די מידות טובות פון זייערע עלטערן".

דער בעל שם האט שוין דאמאלס געהאט געזעהן די נויטווענדיגקייט צו שאפען א גרעסערען און שטארקערען צובונד צווישען קינדער און על־

פערען. די קינדער האבען ניט געזאלט אפגעפרעמדט ווערען פון זייערע עלטערען. ווי ביטער עס איז ניט געווען דער גשמיות'דיגער מצב פון די אידען אין יענער צייט און ווי ווייניג עלטערען האבען זיך געקענט אפגעבען מיט דער דערציהונג פון זייערע קינדער, האט דער בעל שם און די אנדערע נסתרים געזאלט שטארקען און דערמוטיגען אידישע הערצער און דערנעהענ־טערען דעם אלטען און דעם יונגען דור.

שפעטער, אלס דערוואקסענער, האט דער בעל שם געוואנדערט איבער אידישע ישובים און איז ממש געגאנגען פון הויז צו הויז, אבער ניט חלילה צו נעהמען נדבות נאר פארקעהרט אויסצוטיילען גייסטיגע נדבות, כדי צו שטארקען אידישע הערצער. אנגעטאן ווי איינער פון די געוועהנליכע אי־דישע וואנדערער, האט מען דעם בעל שם אפט אנגענומען, רחמנא לצלן, ווי איינעם פון די ארימעלייט וואס פלעגען געהן איבער די הייזער בעטען נדבות. דער בעל שם פלעגט דאן זיך אוועקשטעלען אין גאס און פארקלייבען ארום זיך פשוטע אידען און זיי דערצעהלען מעשיות און פארטייטשען פאר זיי מאמרי חז"ל. ער האט געהאט א קלאהרע און ריינע שפראך. די וואס האבען איהם געהערט, האבען פארשטאנען אלץ וואס ער האט געזאגט. זיינע רייד האבען געוועקט און געפאנגען הערצער.

יעדער ספור וואס דער בעל שם האט דערצעהלט איז געווען דורכגע־דרונגען מיט אהבת השם און אהבת ישראל. יעדער ספור האט אנטהאלטען א גרויסען מוסר השכל. עס האט געוועקט האפענונג און געשטארקט דעם בטחון אין רבונו של עולם.

דער בעל שם האט ניט געווארט ביז די פשוטע אידישע מענשען, די שווער פארהארעוועטע אידישע מענשען, זיינען געקומען צו איהם. ער איז געגאנגען צו זיי, וואו זיי האבען זיך ניט געפונען. ניט אומעטום איז געווען א בית המדרש. ניט אלע אידען האבען געהאט די צייט און געלעגענהייט צו געהן אין בית המדרש דארט מתפלל צו זיין און דארט צו הערען א דבר תורה און מוסר. איז דער בעל שם דערפאר געגאנגען צו זיי און זיי גע־מונטערט און געמוטיגט, זיי געלערענט און געוועקט צו עבודת הבורא.

די דאזיגע נסתרים, איינשליסענדיג אויך דעם בעל שם, פלעגען אויף זייערע וואנדערונגען איבער אידישע ישובים זיך אויפהאלטען אין די בתי מדרשים. זיי האבען דארט געשלאפען און האבען דארט געגעסען פון זייער ארימען צידה לדרך. עס איז דערפאר געווען נאטירליך, אז ברוך, וועלכער איז אליין געווען א נסתר און האט זיך תמיד אויפגעהאלטען אין די בתי מדרשים, זאל זיך באקאנען מיט די דאזיגע וואנדערענדיגע נסתרים. פאר איהם האבען זיי זיך ניט געדארפט באהאלטען. נאר א סך האבען אליין זיך פאר איהם אנטפלעקט אדער האבען דורך זייערע רייד, סיי אין דברי תורה און סיי אין דברי חול, איהם געצייגט ווער זיי זיינען געווען. ברוך האט דערפאר גאר א סך געלערענט פון אט די נסתרים און עס איז אפילו מעגליך, אז דער דרך פון בעל שם אליין האט שוין צו יענער צייט, דורך די דאזיגע נסתרים, געהאט דערגרייכט צו איהם.

א סך פון די דאזיגע נסתרים האט ברוך משמש געווען און האט פאר זיי געטהאן פארשידענע שליחות'ן. שוין אין יענער צייט איז ביי ברוך'ן גע־באר'ען געווארען דער געדאנק, אז אויב ער וועט האבען די מעגליכקייט, וועט ער זיין הויז מאכען פאר א בית ועד פאר אט די וואנדערענדיגע נסתרים. זיי האבען זיך אלע גענדארפט אויפהאלטען אין די בתי מדרשים, שלאפענדיג אויף די הארטע בענק און עסען וואס עס האט זיך געמאכט, דערפאר וואס עס זיינען געווען גאנץ ווייניג בעלי בתים וואס זיינען געווען מכניסי אורח. בלויז געהויבענע אורחים, באוואוסטע רבנים, מגידים און פארשידענע משולחים, וואס זיינען געווען באקאנט פאר זייער לומדות און זייער טאלאנט צו דרשנ'ען, האבען געפונען בעלנים וואס האבען זיי גענומען צו זיך אין די הייזער און זיי פארזארגט מיט זייערע באדערפענישען.

אבער די ארימע, די פארשטויסענע, די וואס האבען פון אויבען אויף זיך מיט גאר ניט געהאט אויסגעצייכענט, זיינען געווען אין גאנצען הילפלאז און זיינען געבליבען ממש אומבאמערקט. קיינער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. קיינער האט זיי ניט אנגעבאטען קיין נאכטלעגער און קיינער האט זיי ניט געגעבען קיין מאלצייט. יענע וואנדערער, וואס זיינען געגאנגען איבער די הייזער, רחמנא לצלן, האבען אליין זיך פארזארגט, טאקע פון דעם וואס זיי האבען געקראגען, געהענדיג איבער די הייזער. דא און דארט האט א גוט־הארציגע אידישע פרוי אימיצען פון זיי געגעבען א טעלער געקעכטס און אויך א גאנצען מאלצייט. שבתים האבען זיך אזוינע ארימעלייט אוועק־געשטעלט אין בית המדרש ביים טיר און גוט־הארציגע אידען האבען ביים פארלאזען דעם בית מדרש, גענומען מיט זיך אן אורח צום טיש. אבער יענע נסתרים, וואס האבען אויסגעקוקט ווי פשוטע וואנדערער און האבען דערביי קיינעם ניט באלעסטיגט און ביי קיינעם גאר ניט געבעטען, זיינען פשוט געווען עלול, רחמנא לצלן, צו הונגערען, סיידען זיי האבען געהאט זייערע אייגענע קוואלען פון וואס זיך מפרנס צו זיין.

ברוך האט עס גאנץ גוט פארנומען און האט דערפאר גע'חלומ'ט פון דער צייט ווען ער וועט קענען עפענען זיין טהיר טאקע פאר אזוינע נסתרים. ער האט גוט געוואוסט ווי שטארק ער וואלט זיי מהנה געווען שוין מיט דעם וואס ער וואלט זיי אין זיין הויז געגעבען א נאכטלעגער און א מאלצייט, אביסעל ווארימס צו דערקוויקען זייערע פארשמאכטע הערצער.

ברוך פלעגט דאמאלס אויך טראכטען וועגען דעם, וואס עס וועט זיין אויב דער אויבערשטער וועט איהם א מאל בענשען מיט אן אייגען הויז, וואו ער וועט קענען אויפנעהמען אורחים ווי ס'באדארף צו זיין. דאס האט נאטירליך געדארפט זיין דאמאלס ווען ער וועט זיין א באווייבטער. אבער דאמאלס וועט עס זיך דאך אינגאנצען ווענדען אן זיין צוקונפטיגער העלפט, אויב זי וועט אויך זיין מרוצה צו מאכען זייער הויז פאר א הכנסת אורחים. דער אויבערשטער וועט איהם דארפען צושיקען א ווייב וואס זאל זיין מיט איהם אין איין דעה. ברוך האט גוט געוואוסט דעם מאמר חז"ל, אז "אשה עיניה צרה באורחים" (א פרוי האט א בייז אויג, ווען עס האנדעלט זיך וועגען אורחים). ברוך פלעגט דאמאלס אויך טראכטען וועגען דעם וואס רש"י

זאגט וועגען אונזער מוטער שרה. אפילו זי האט ניט אינגאנצען געטיילט אברהם'ס גוט־הארציגקייט און גרייטקייט צו באדינען אורחים. ווען אברהם האט איהר געהייסען, אז זי זאל פאר די אורחים נעמען "סלת" — זעמעל־מעהל — האט שרה, ווי רש"י זאגט, געזאגט, אז עס וועט זיין גענוג צו נעמען פשוט'ען מעהל . . .

אט דערפאר האט ברוך, ווען עס איז איהם פארגעלעגט געווארען דער שדוך מיט ר' אברהם'ס טאכטער, צו ערשט אויסגענומען א תנאי, אז ר' אברהם זאל פאר איהם, נאך דער חתונה אויסבויען א באזונדער הויז און אז ער זאל ניט דארפען וואוינען מיט שווער און שוויגער. ברוך האט ר' אברהם'ען דערקלעהרט וואס עס איז דערביי זיין כוונה. ער האט געוואלט האבען אן אייגען הויז, כדי ער זאל דארט קענען אויפנעהמען אורחים ווי זיין הארץ געלוסט.

ר' אברהם האט צו דעם באלד מסכים געווען. ברוך איז נאך אבער מיט דעם ניט געוועז צופרידען.

— איהר מוזט איבעררעדען מיט אייער טאכטער, ר' אברהם — האט ברוך געזאגט צו זיין קינפטיגען שווער — זי זאל אויך מרוצה זיין אויף דעם, אז אונזער הויז זאל זיין אפען פאר אורחים. ווארום נאר א סך וועט זיך עס ווענדען אן איהר.

ר' אברהם האט אויך מסכים געווען צו דעם און האט ברוך'ן צוגעזאגט, אז ניט נאר וועט ער רעדען מיט זיין טאכטער, נאר אויך קען ער שוין אין פאראויס זאגען, וויסענדיג איהר גוט־הארציגקייט, אז זי וועט זיין צופרידען צו מאכען איהר הײם פאר א הכנסת אורחים.

ברוך האט דערביי אויך געשטעלט צוויי אנדערע תנאים: ערשטענס, אז ער זאל ניט קריגען פון ר' אברהם'ען קיין נדן און קיין חתונה מתנות, און צווייטענס, אז באלד נאך די שבע ברכות זאל ער מיט זיין פרוי פארלאזען דעם שווער'ס הויז און זיך מפרנס זיין דורך זיין אייגענער פראצע. זיין פרוי זאל זיין צופרידען מיט דעם וואס דער אויבערשטער וועט איהם צושיקען און ניט ארויסקוקען צו איהר פאטער אדער צו אימיצען אנדערש פון דער משפחה פאר ועלכער עס איז הילף. ר' אברהם איז אויף דעם איינגעגאנגען און דער שדוך איז געווען געשלאסען.

## כא.

### תורה און מוסר

**מען פארט אנקוקען ברוך'ס כלה. — ברוך בלייבט לערנען ביז דער חתונה און ווערט באאיינפלוסט פון מוסר־ספרים וועלכע עפענען פאר איהם א נייע וועלט.**

איידער תנאים זיינען געשריבען געווארען, זיינען קיין ליאזשנע ארונטער־געפאהרען ברוך'ס שוועסטער און מוהמע אנצוקוקען דער כלה און בכלל איבערצורעדען מיט די מחותנים וועגען אלע פרטים פון דעם שידוך. זיי האבען שוין איצט געגוי געוואוסט וואס ברוך וויל און ווי אזוי ער האט ברעה איינצוארדענען זיין לעבען נאך דער חתונה. ברוך האט ענדליך זיך געהאט

פארטרויט אין זיין שוועסטער און זיין מוהמען. ער האט זיי דערקלעהרט, אז איינע פון די הויפט אורזאכען פאר וואס ער וויל זיך משדך זיין מיט ר' אברהם'ס טאכטער, איז דאס וואס ר' אברהם איז זיך מפרנס פון גערטנעריי. ברוך האט געוואלט נאכטאהן זיין קינפטיגען שווער און זיך אויך אפגעבען מיט גערטנעריי.

זיין שוועסטער און מוהמע האבען דערפאר געוואלט, אז ר' אברהם זאל זיך מתחייב זיין צו בויען פאר ברוך'ן א הויז און איהם באזארגען מיט א שטיקעל ערד כדי זיך צו קענען אפגעבען מיט גערטנעריי, — א זאך וואס ברוך האט טאקע געהאט געלערנט פון ר' אברהם'ן אליין. ר' אברהם איז געווען מרוצה אויף דעם און טאקע דאמאלס, ווען ברוך'ס שוועסטער און מוהמע זיינען געווען אין ליאזשנע, האט ער זיי אנגעוויזען אויף דער שכונה, וואו ער האט זיך אונטערגענומען צו קויפען ערד און בויען א הויז פאר זיין קינפטיגען איידעם. די דאזיגע שכונה האט זיך געפונען עטליכע וויארסט פון ליאזשנע.

די צוויי פרויען זיינען געווען צופרידען. זיי איז אויך שטארק געפעלען געווארען די כלה, רבקה. זיי זיינען צוריקגעקומען קיין וויטעבסק צופרידענע. איצט האט מען נאר געדארפטווארטען ביז ר' אברהם וועט קומען קיין וויטעבסק און די תנאים וועלען געשריבען ווערען. דאס איז געשעהן אין א פאר וואכען ארום. לויט די תנאים האט ברוך נאך געזאלט בלייבען לערנען אין דער ישיבה א יאהר צייט ביז דער חתונה.

אין משך פון אט דעם יאהר, ווען ברוך האט געהערט די שעורים, סיי פון זיין שוואגער און סיי פון ר' פלטיאל'ען, האט ער דערוויילע נאך אלץ זיך געפיהרט אויף זיין פריהערדיגען שטייגער. ער האט אפגעגעבען עטליכע שעה אין טאג צו מלאכה כדי זיך צו קענען מפרנס זיין. ער האט געטהאן די שווערסטע מלאכות. ער האט געטראגען שווערע משאות און האט געשלעפט טאטשקעס. קיין ארבייט איז פאר איהם ניט געווען צו שווער אדער צו שפל. אין די שעה'ן וואס ער האט זיך אפגעגעבען מיט מלאכה, האט ער דערוויילע איבערגע'חזר'ט אויף אויסווייניג אלץ וואס ער האט געהאט געלערנט. די איבריגע צייט פון טאג און דעם גרעסטען טייל פון דער נאכט, האט ער אפגעגעבען צו תורה.

אזוי איז אוועק דער זומער און עס איז געקומען דער חודש אלול. די שעורים אין דער ישיבה האבען זיך, ווי דער שטייגער איז געווען, אפגעשטעלט. די תלמידים זיינען דאמאלס אדער זיך צעפאהרען אהיים אדער זיינען געזעסען און געלערנט אויף זייער אייגענעם חשבון. ברוך האט דאמאלס געהאט א סך צו לערנען און צו איבער'חזר'ן דאס וואס ער האט געהאט געלערנט פריהער. ער האט אבער איצט אויך זיך גענומען צו א נייעם למוד, אויף וועלכען זיין שוואגער, ר' יוסף יצחק, האט איהם אנגעוויזען און עס אויך פאר איהם מסדר געווען. דאס איז געווען דער למוד פון מוסר. ברוך האט מיט גרוים התמדה זיך גענומען לערנען אזוינע מוסר ספרים ווי "שערי תשובה" פון רבי יונה, דעם "שער התשובה" פון דעם ספר "ראשית חכמה" און "הלכות תשובה" און דאן אויך די מסכת "ראש השנה" און מסכת "יומא".

די מוסר ספרים האבען אויף ברוך'ן געמאכט א גוואלדיגען רושם. זיי האבען פאר איהם פאקטיש געעפענט א נייע וועלט. אין זיין הארצען האט זיך

אנגעצונדען א פייער וואס האט נאך פריהער דארט ניט געהאט געברענט ברוך איז ביז דאמאלס געווען, אזוי צו זאגען, א קאלטער און צופיעל באַ־רעכענטער מענש. ביי איהם האט געארבייט מעהר דער מח ווי דאס הארץ. אלץ איז ביי איהם געווען מיט א מאס און א חשבון. די סטרונעס פון זיין הארץ זיינען ניט אנגעריהרט געווארען. די טיפעניששען פון זיין נשמה זיינען ניט דערגרונטעוועט און אויפגעשטורעמט געווארען. זיינע תפלות זיינען ניט געווען נענוג שטורעמדיג, ניט גענוג פייער־פלאמעדיג. זיין גאנצער ארט לעבען, כאטש אזוי צדקות'דיג און אזוי זעלבסט־אפפערווילינדיג, איז אבער, נאך אלעם דעם, געגאנגען צו גראדליניג און צו פשטות'דיג, אז ברוך זאל זיך באמת קענען דערהויבען צו יענע הויכע מדרגות צו וועלכע דער אמת גרויסער צדיק האלט תמיד אין קלעטערען.

ערשט איצט, אז ברוך האט אנגעהויבען לערנען און זיך פארטיפען אין די מוסר ספרים, האט ער אנגעפאנגען קוקען אויף זיין פריהערדיגען ארט לעבען מיט א געפיהל פון שפלות. ער האט אנגעהויבען צווייפלען אין זיינע איינענע מידות. ער האט זיך געוואונדערט אויב ער איז נאך ביז דאמאלס בכלל געווען אויפ'ן ריכטיגען דרך און אויב ער האט באמת געקענט האבען די כוונות ביי עבודת הבורא וואס אן אמת־פיהלענדיגער איד דארף האבען.

ברוך האט געלערנט תורה מיט גרויס התמדה. ער האט זיך באמיהט אפצוהיטען אלע מצוות פון דער תורה. אבער, האט ער געפיהלט, עפּעס האט נאך אין איהם געפעהלט. דורך די ספרי מוסר איז ער געקומען צו דער מסקנא, אז ער דארף זיך אפגעבען חשבון הנפש. אט פלעגט ער תמיד פון דאס לעצטע, וואס ער האט געהאט, גענעבען צדקה. ער האט זיין לעצטען ביסען ברויט זיך געטיילט מיט אן ארימאן. ווען ברוך האט געזעהן א בעל מום, א קאליקע, א בלינדען, א טויבען אדער סתם איינעם וואס איז געווען הילפלאז, האט ער איהם באדיענט מיט אלץ וואס ער האט געקענט. ניט זעלטען האט ברוך זיך באטייליגט אין א מנין צו זאגען תהילים פאר חולאים און סתם אן עת צרה. אבער די אלע זאכען האבען איהם איבערגעלאזט קאלט. זיי האבען ניט אויפגעציטערט זיין הארץ און האבען ניט אויפגעברויזט זיין נשמה. ברוך האט ערשט דורך די מוסר ספרים אנגעהויבען באגרייפען אז אלץ וואס ער האט ביז דאמאלס געטהאן, האט איהם נאך ניט געהאט געבראכט צו שלמות. אז ער האט געטהאן זאכען ניט מיט'ן הארצען, ניט מיט דער נשמה, נאר מיט'ן מח, ווי איינער וואס איז בלויז געלערנט געווארען ווי צו טהאן זאכען, גאר ניט טראכטענדיג און גארניט פיהלענדיג פאר וואס מען דארף אט די אלע זאכען טהאן.

די מוסר ספרים האבען אין ברוך'ן אנגעצונדען א נייעם פייער. זיין פריהערדיגע קאלטקייט איז פארשוואונדען ווי שניי ווען די זון הויבט אן ווארעמען אין פריהלינג. ער איז געווארען א סך פיהלענדיגער, א סך ווייכער און צוגענגליכער. סיי אין לערנען, סיי אין טהאן א מצוה און סיי אין תפלה האט ער איצט געפיהלט א נייעם טעם, אן אינערליכען, א טיעף־פיהלענדיגען טעם. ער האט איצט געקענט פארגלייכען זיינע פריהערדיגע באציהונגען צו מענשען און געשעהענישען און האט געקענט אליין קומען צום אויספיהר, אז ער איז פריהער נאך ניט געווען אויפ'ן אמת'ען דרך.

ברוך האט זיך אין זיינע גערדאנקען ספעציעל אפגעשטעלט אויף געוויסע פאסירונגען פון זיין ניט-לאנגאניגער פארגאנגענהייט.

דאס איז געווען דאמאלס ווען ער האט זיך געפונען אין יאנאוויטש. ער איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. פלוצים איז די לופט אויפגע־טרייסעלט געווארען פון א הארצרייסענדיגען געוויין. א מאן און א פרוי זיינען אריינגעלאפען אין בית המדרש און האבען זיך געווארפען צום ארון הקודש און אנגעהויבען בעטען און רופען צום רבונו של עולם, אז ער זאל זיך דערבארע־מען און ראטעווען זייער טאכטער פון טויט.

נאך מענער און פרויען זיינען אנגעקומען אין בית המדרש און זיי האבען מיטגעהאלפען טאטע-מאמען אין זייערע תפלות פאר זייער טאכטער. מען האט זיך געשטעלט זאגען תהילים פאר דעם אפענעם ארון קודש. אלע האבען זיך באטייליגט אין דעם צער פון די עלטערען.

ברוך האט זיך פון דער זייט צוגעקוקט און זיך צוגעהערט צו די תפלות און געוויינען. ער האט נאטירליך מיטגעפיהלט דעם צער פון די דערשלאגענע און באטריבטע עלטערען. אבער די סטרונעס פון זיין הארץ האט עס ניט געהאט אנגעריהרט. ער האט זיך ניט געפיהלט אויפגעטרייסעלט פון דער טרא־געדיע פון אידישער טאטע-מאמע. ווארים ברוך איז געבליבען זיצען ביי דער אפענער גמרא און האט ווייטער געלערנט ווי דער גאנצער ענין וואלט מיט איהם ניט געהאט קיין שייכות. ער האט געהאלטען, אז זיין לערנען איז וויכ־טיגער פון אלץ. בכלל זיינען עס געווען פרעמדע מענשען וועמעס צער איז ניט געווען זיין צער.

ברוך איז אפילו געבליבען קאלט אויך דאמאלס ווען אימיצער איז אריינגעלאפען אין בית המדרש און געלאזט וויסען, אז די קראנקע טאכטער גוסס'ט. די מוטער האט גע'חלש'ט, אומפאלענדיג אויפ'ן דיל. דער פאטער האט מיט נאך א גרעסערען געוויין אנגעהויבען קלאפען דעם קאפ אן ארון קודש און געריסען די האר פון זיין ווייסען קאפ. די יללה פון די אנדערע אין בית המדרש איז געגאנגען ממש עד לב השמים. ברוך איז נאך אלץ גע־בליבען זיצען ביי דער גמרא און האט מיט זיין געוויינליכער געמיטליכקייט ווייטער געלערנט.

ברוך האט שפעטער זיך דערוואוסט אז די עלטערען וואס זיינען געקומען אין בית המדרש מתפלל זיין, פאר זייער טאכטער, זיינען געווען פון די סאמע "פני" פון שטאט. זיי זיינען געווען באקאנט פאר זייער גוטהארציגקייט און פאר זייערע אנדערע מידות טובות. א סך יאהרען זיינען זיי געווען קינדערלאז. זיי זיינען געפאהרען צו גוטע אידען און האבען געטהאן פארשידענע סגולות, ביז דער אויבערשטער האט זיי געבענשט מיט א בת יחידה.

אט די בת יחידה איז געווען זייער טרייסט אין לעבען. זיי האבען איהר ערצויגען אויפ'ן פיינסטען אופן, איינפלאנצענדיג אין איהר אלע שעהנע מידות מיט וועלכע א כשר'ע אידישע טאכטער דארף זיך אויסצייכענען. איז זי געווען א טרייסט צו איהרע עלטערען און א בענשונג פאר אלע אנדערע אין יאנאוויטש.

גרויס איז געווען די שמחה פון טאטע-מאמע ווען זייער טאכטער איז אויסגעוואקסען און די צייט איז געקומען אז מען זאל איהר אנהויבען ריידען שידוכים. א שעהן, בעל-הבית'יש הויז, האבען די עלטערען פאר זייער טאכטער

נאטירליך געוואלט האבען א שידוך וואס זאל זיין פאסיג פאר זייער שטאנד. האבען זיי אויפגעזוכט א מיוחס און א בן תורה. תנאים זיינען געשריבען געווארען און דער טאג פון דער חתונה איז באשטימט געווארען אין צוויי חדשים ארום. אין הויז האט מען זיך שוין געהאלטען אין גרייטען צו דער חתונה. מען האט שוין געהאלטען אין נייהען דער כלה'ס חופה־קלייד. גאנץ יאנאוויטש און אפילו די שטעטלאך ארום האבען גערעדט וועגען דער קומענ־דיגער גרויסארטיגער חתונה אויף וועלכער עס האבען זיך געזאלט צוזאמענ־פאהרען די געהויבענסטע מחותנים.

און פלוצים האט זיך די כלה אוועקגעלייגט א קראנקע. פון אנפאנג האט מען נאך געמיינט, אז אין א טאג אדער צוויי וועט זי צוריק ווערען געזונט. אבער אנשטאט דעם איז זי געווארען ערגער פון טאג. מען האט געזעהן, אז זי געהט ממש אויס. נאך א טאג און נאך א טאג און זי האט פשוט געהאלטען ביי דער גסיסה. איז אין יאנאוויטש געווארען א רעש. מען איז געלאפען אויפ'ן בית עולם מעסטען פעלד. מען איז אויך געלאפען אין בית המדרש און געפאלען אין ארון הקודש.

עטליכע טעג זיינען פאראיבער און ברוך האט פון זיין שטענדיגען ווינקעל אין בית המדרש, וואו ער איז געזעסען און געלערנט, באמערקט ווי אין בית המדרש גרייט מען טישען און מען שטעלט משקה און אלערליי צובייסענס. א גרויסער עולם האט זיך געהאלטען אין צוזאמענקלייבען. ווען טאטע־מאמע פון דער קראנקער טאכטער, פאר וועמען מען האט פעלד געמאסטען און מען איז אין ארון הקודש געפאלען, זיינען געווען אין סאמע צענטער פון דער שמחה וואס איז אין בית המדרש געפראוועט געווארען. ברוך האט זיך דער־וואוסט, אז די שמחה איז צוליעב דעם וואס אט דאס קראנקע מיידעל איז געזונט געווארען. די תפלות האבען געהאלפען. א רפואה שלמה איז איהר געשיקט געווארען. איצט האט די חתונה געקענט פארקומען אין דער באשטימ־טער צייט. טאטע־מאמע האבען מיט פרייד געקענט פיהרען זייער טאכטער צו דער חופה.

איז אט די שמחה אין בית המדרש געווען א פארשפיעל צו דער נאך גרעסערער שמחה וואס האט געזאלט קומען שפעטער — די חתונה. גאנץ יאנאוויטש, קינד און קייט, האבען זיך באטייליגט אין דער גרויסער שמחה. עס איז געווען אלעמענס שמחה. עס איז ניט געווען נאר די שמחה פון טאטע־מאמע. יעדער אין יאנאוויטש האט געפיהלט ווי ער אדער זי וואלט אליין געהאט א חלק אין דער שמחה.

נאר ברוך האט זיך געפיהלט ווי א פרעמדער, ווי איינער וועמען דאס אלץ איז ניט נוגע און האט מיט איהם ניט קיין שייכות. ווארים ברוך איז געבליבען קאלט און רוהיג, און ווען אין בית המדרש איז געווארען א טומעל פון דעם פרעהליכען עולם וואס האט זיך באטייליגט אין דער שמחה, האט ברוך זיך פארקליבען אין דעם שטיבעל ביים בית המדרש כדי ניט געשטערט צו ווערען אין זיין לערנען. ברוך האט דארט געלערנט מיט זיין שטענדיגער התמדה און דאס מינדעסטע ניט געפיהלט די שמחה וואס איז אנגעגאנגען אין בית המדרש.

איצט, אז ברוך האט דערפיהלט א נייעם צוגאנג צו זאכען דורך די

ספרי מוסר, האט ער נאר געקענט זיך מאכען פארוואורפען פאר זיין אמאליגער קאלטקייט און אפגעשטאנענקייט. ער האט עס נאר געקענט דערקלעהרען דער־מיט וואס פריהער האט ער נאך ניט געהאט זיך דערהויבען צו די ריכטיגע מדרגות. ער האט זיך דורכאויס געלאזט באהערשען פון מח, איבערלאזענדיג זיין הארץ און נשמה קאלט. איצט, אבער, האט ער שוין אידישקייט אויך געפיהלט מיט'ן הארצען און מיט דער נשמה. ברוך האט אנגעהויבען פיהלען אז ערשט איצט הויבט ער אן גרייכען שלמות.

# כב.

## דער פרעהליכער קבצן

פון וואנען די דאזיגע פרעהליכקייט האט זיך גענומען. — דער גרויסער בטחון אין אויבערשטען. — וואס ברוך האט געלערענט דערפון.

די ווירקונג וואס די מוסר־ספרים האבען געהאט אויף ברוך'ן איז געווען אזא, אז ער האט זיך אליין אנגעהויבען וואונדערען ווי אזוי ער האט פריהער געקענט אויסקומען אהן זיי. ער האט כסדר געהאלטען אין מאכען פארגלייכען מיט דעם ווי אזוי ער האט זיך באצויגען צו מענשען און זייערע נויטען און איבערלעבונגען אין דער פארגאנגענהייט. ברוך האט זיך גע־האלטען אין אפגעבען השבון הנפש. ער האט באזונדער זיך אפגעשטעלט אויף א פאסירונג פון וועלכער ער האט איצט געוואלט ציהען א גאנץ אנדער מוסר השכל ווי דאמאלס ווען דאס איז געשעהען.

דאס איז פארגעקומען דאמאלס ווען ברוך איז געווען אין דאבראמיסל צום צווייטען מאל. עס איז געווען ערב פסח ווען אלע אידען זיינען שטארק טרוד מיט צוגרייטען זיך פאר'ן הייליגען יום טוב. אין דאבראמיסל האט געוואוינט א איד מיט'ן נאמען ר' אברהם בנימין. איז ער געווען א יודע ספר וואס האט זיך מפרנס געווען מיגיעת כפיו. ער האט געצויגען זיין פרנסה פון דעם וואס ער פלעגט רייניגען און סארטירען וואל. דאס איז א שווערע מלאכה פון וועלכער מען קען ניט ווערען קיין עושר. אבער ר' אברהם בנימין האט קיינמאל ניט געזוכט קיין עשירות. ער איז געווען א מסתפק במועט און איז געווען צופרידען וואס ער האט געקענט פארדיענען אויף ברויט פאר זיין משפחה. א משפחה האט ר' אברהם בנימין געהאט גאר א גרויסע, קודם כל איז ער געווען א מטופל פון זיבען קינדער. דאן האט ער געהאט ביי זיך זיין טאטע־מאמע וועלכע, זיינען אויף דער עלטער געווען הילפלאז, און אויך זיין שווער און שוויגער. מיט אזוי פיעל מיילער צו קארמענען, פארשטעהט זיך, אז אין הויז איז געווען קוים אויף אויסקומעניש.

ניט קוקענדיג אויף דעם מצב אין וועלכען ר' אברהם בנימין האט זיך געפונען און מיט וועלכער מאטערניש עס איז איהם אנגעקומען דאס שטיקעל ברויט, האט ער פון דעסטוועגען זיין עלטסטען זוהן, וועלכער איז שוין געווען א בחור'ל פון פופצעהן יאהר, ניט גענומען צו דער ארבייט איהם ארויסצו־העלפען, נאר האט איהם געשיקט אין א ישיבה צו לערנען תורה. זיינע אנדערע

קינדער האט ער אויך געשיקט לערנען. ר' אברהם בנימין האט אליין גע־טראגען דעם גאנצען עול צו באזארגען מיט פרנסה זיין גרויסע משפחה.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז געווען אליין א איד אן ארימאן און האט געהאט אויף זיך אזא שווערען פאק, האט ר' אברהם בנימין פון דעסטוועגען אויך תמיד געגעבען צדקה מיט א ברייטער האנד. זיין הויז איז תמיד געווען אפען פאר ארימע לייט, וועלכע האבען דארט געפונען א נאכטלעגער און געקראגען א מאלצייט צו זעטיגען זייער הונגער.

אין גאנץ דאבראמיסל האט מען געוואוסט וועגען דער ארימקייט און גלייכצייטיג גוטהארציגקייט פון דעם דאזיגען ר' אברהם בנימין'ען. ער האט קיינמאל ניט געוואלט אנקומען צו קיינעם פאר קיין הילף. אפילו קיין גמילת חסד האט ער ביי קיינעם ניט פארלאנגט. אויב עס האט איהם ווען ניט אין אויסגעפעהלט געלד, האט ער פאר'משכון'ט דאס לעצטע וואס ער האט געהאט אין שטוב. האט מען שוין געוואוסט אין דאבראמיסל, אז ר' אברהם בנימין האט פאר'משכון'ט און פארקויפט אפילו די קישענס פון צוקאפענס. ער האט אויך געהאט פארקויפט די שבת'דיגע לייכטער און זיין ווייב האט געבענשט ליכט אין א מנורה וואס זייער עלטערער זוהן האט געהאט אויסגעקנאטען פון ליים. ר' אברהם בנימין'ס פלונית'טע ווי אויך ר' אברהם אליין, און אלע אנדערע בני בית, האבען זיך געצאצקעט מיט אט דער ליימענער מנורה ווי דאס וואלט געווען א יקר המציאות.

אלע האבען געוואוסט אז ר' אברהם בנימין'ס ערשטע זארג איז צו שפייזען זיינע עלטערען און זיין שווער און שוויגער. נאך זיי זיינען געקומען זיין ווייב און קינדער. ער אליין איז תמיד געווען צו לעצט. ער האט ניט געגעסען איידער די אנדערע זיינען געווען זאט.

ניט קוקענדיג אויף זיין ארימקייט און אויף זיין שווערען לעבען בכלל, איז ר' אברהם בנימין דאך תמיד געווען פרעהליך און גוט אויפגעלייגט. אז מען פלעגט איהם פרעגען וואס ער מאכט און ווי ס'געהט איהם אין דער פרנסה, פלעגט ער ענטפערען אזוי:

— וואס איז דען דא צו זארגען? מיין בחור שלמה'קע לערנט אין דער ישיבה, דוד אריה און חיים אליהו לערנען אין חדר און דאס קליינווארג לערנט זיך ווי אונטערצוהונגערען . . .

ר' אברהם בנימין אליין פלעגט דאס זאגען מיט א פרעהליכקייט און א גוטמוטיגקייט וואס פלעגט איבערראשען. ער האט דערביי ניט געצייגט די קלענסטע מאס פון ביטערקייט. ער פלעגט דאן צולייגען, ווי ער וואלט מיט דעם געוואלט צייגען אז ער האט דאך אויף וועמען זיך צו פארלאזען:

— נאר וואס איז דא צו דאגה'ן? מיר האבען א גרויסען גאט אין הימעל. ער וועט שוין זארגען פאר מיר, פאר מיינע בני בית און פאר כלל ישראל.

ר' אברהם בנימין פלעגט אויך זיך ווייצלען אויף זיין אייגענעם חשבון. ער פלעגט זאגען, אז ער איז שטארק אפגעהיט אין דער מצוה פון אסרו חג וואס איז נוגע דאס פאסטען פון מאנטאגס און דאנערשטאגס. עס הייסט, אז א חוץ מאנטאגס און דאנערשטאגס דארף ער אויך אונטערפאסטען דינסטאגס און פרייטאגס.

פון דעסטוועגען האבען אלע אין דאבראמיסל געוואוסט, אז אויב עס איז

דא א פרעהליך הויז אין שטעטעל איז עס געווען ביי ר' אברהם בנימין'ען. פרייטאג־צו־נאכט, אז מען איז פארבייגעגאנגען זיין הויז האט מען ערשט געקענט פיהלען וואס אזוינס עס איז עונג שבת. דאס הייזעל איז וועלכער ר' אברהם בנימין האט געוואוינט איז געווען ביז די פענסטער פארזונקען אין דער ערד. די ווענט זיינען געווען אונטערגעשפארט מיט שטיקער האלץ, אז זיי זאלען ניט איינפאלען. פון דעסטוועגען זיינען די שויבען פון די פענסטער געווען ריין. די ווענט אינעווייניג זיינען געווען אויסגעקאלכט. אויפ'ן טיש איז געווען אויסגעשפרייט א ווייסער טישטוך און דריי וואקסענע ליכט האבען שטאלץ און פרעהליך געברענט אין דער לייטענער מנורה. די צוויי זקנים און צווי זקנות, ר' אברהם בנימין'ס טאטע־מאמע און שווער און שוויגער, זיינען געזעסען אויבען אן ביים טיש און ר' אברהם בנימין, זיין ווייב און קינדער זיינען געזעסען ארום זיי. אויפ'ן טיש איז געשטאנען א גרויסע שיסעל מיט ווארעם וואסער אנשטאט זופ. שטיקלאך ברויט זיינען געווען פארטיילט צווי־שען די וואס זיינען געזעסען ארום טיש. זיי האבען געגעסען דאס ברויט און פארזופט מיט'ן ווארעמען וואסער און האבען דערביי מיט גרויס התלהבות גע־זונגען זמירות ווי זיי וואלטען געהאט געגעסען די בעסטע שבת'דיגע מאכלים.

עס איז געווען איינמאל א נאכמיטאג. ברוך איז געווען אליין אין בית המדרש. פלוצים האט זיך דערהערט א געשריי און א טומעל. אין בית המדרש האבען זיך אריינגעלאזט מענשען. א צוויי־דריי געזונטע אידען האבען אריינ־געטראגען א אידען וועמעס פנים איז געווען שטארק פארבלוטיגט און עס האט אויסגעקוקט ווי ער וואלט געווען האלב טויט. מענשען האבען געליארעמט און געוויינט. עס האט זיך ארויסגעוויזען אז אט דער צעבלוטיגטער און האלב־טויטער איז געווען ניט קיין אנדערער ווי ר' אברהם בנימין.

וואס האט דען פאסירט? ווי ברוך האט זיך דערוואוסט איז ר' אברהם בנימין געווען אויפ'ן וועג קיין באבינאוויטש, וועלכע געפינט זיך ניט ווייט פון דאבראמיסל. א פאר ווייארסט פון דאבראמיסל האבען אידישע דורכ־פאהרער געפונען ר" אברהם בנימינ'ען ליגענדיג א צע'הרג'עטען, אונטער א בוים. קיינער האט ניט געוואוסט גענוי וואס ער האט פאסירט. ר' אברהם בנימין איז געווען אזוי צושלאגען, אז מען האט פון איהם גאר ניט געקענט ארויסבאקומען. מען האט איהם באלד צוריקגענומען אין דאבראמיסל און אזוי ווי דער בית המדרש איז געווען א סך נעהענטער ווי זיין אייגען הויז, האט מען איהם אריינגענומען אין בית המדרש.

באלד איז זיך אהין אנגעלאפען דאס גאנצע שטעטעל. דער טומעל און די געשרייען זיינען געווארען גרעסער. עס איז אנגעקומען דער רופא פון שטעטעל און ער האט אנגעהויבען באטראכטען דעם צושלאגענם ר' אברהם בנימין'ן. ער איז נאך ניט געווען טויט. אבער דער רופא איז אויך ניט געווען זיכער אויב ער וועט לאנג ציהען. דער עולם האט אנגעהויבען זאגען תהילים פאר ר' אברהם בנימין'ען. אויך ברוך האט זיך באטייליגט אין זאגען תהילים. אבער, ווי ברוך האט געדיינקט, איז זיין הארץ ניט געווען דערביי. עפעס האט ער ניט געפיהלט דעם גרויסען צער וואס אנדערע האבען דערביי געפיהלט. ער האט זיך נאך דאמאלס באטראכט ווי ער וואלט געהאט געהערט צו אן

אנדער וועלט — א וועלט אין וועלכע ער האט זיך געפונען איינער אליין און איז געווען אפגעשלאסען און אפגעזונדערט פון אלע איבריגע מענשען.

איצט האט ברוך געקענט באגרייפען דעם גרויסען פעהלער זיינעם פון יענער צייט. ער האט געדארפט מעהר פיהלען דעם צער און דעם וועהטאג פון אזא אומגליק ווי דער וואס האט געהאט פאסירט מיט ר' אברהם בנימין'ען. עס האט איהם געדארפט מעהר אויפרודערען אינערליך. עס האט געדארפט מעהר אנריהרען די סטרונעס פון זיין נשמה. ער האט ניט געדארפט ווארטען ביז עס וועט ווערען א יללה אין בית המדרש און אז אימיצער פון עולם זאל איהם רופען זאגען, צוזאמען מיט אנדערע, תהילים. ברוך האט שוין איצט געקענט באגרייפען אז ער האט געזאלט אליין פיהלען דעם צער פון אן אנדער אידענס אומגליק. דער וועהטאג פון איין אידען האט אויך געדארפט זיין דער וועהטאג פון א צווייטען אידען.

ברוך האט איצט זיך ווייטער דערמאנט אן דעם וואס איז דאמאלס פאר־געקומען מיט ר' אברהם בנימין'ען. צוויי מעת־לעת איז ר' אברהם בנימין אפגעלעגען, שוועבענדיג צווישען לעבען און טויט. הארצרייסענדיג איז געווען די סצענע ווען זיינע בני בית זיינען געקומען אין בית המדרש און דערזעהן פאר זיך דעם צושלאגענעם און האלב־טויטען ר' אברהם בנימין. עס זיינען געקומען זיין טאטע־מאמע, זיין שווער און שוויגער, און זיין ווייב און קינ־דער. זיי האבען דעם חולה ארומגערינגעלט און די יללה איבער'ן בית המדרש איז געווארען גרעסער.

עס איז געווען א סברא אז מען זאל דעם נוסס'ן ר' אברהם בנימין'ען נעה־מען צו זיך אהיים. דער רופא, וועלכער האט אויספרובירט אלע תחבולות איהם צו העלפען, האט אבער געזאגט, אז עס וועט זיין בעסער, אז מען זאל דעם חולה ניט ריהרען פון ארט. די אנדערע אידען האבען סתם געהאלטען, אז אויב ר' אברהם בנימין וועט בלייבען אין מקום קדוש, וועט עס אליין זיין די בעסטע סגולה פאר איהם. דער עולם האט דערווייל ניט אויפגעהערט זאגען תהילים פאר איהם. זיין ווייב, זיינע קינדער, זיין טאטע־מאמע און זיין שווער און שוויגער האבען איינגעלייגט וועלטען ביים אפענעם ארון קודש. אין בית המדרש איז מעהר ניט געווען קיין מנוחה. אלע דארט זיינען געווען באזארגט איבער'ן חולה, וועלכער האט קוים געצייגט סמנים פון לעבען.

ברוך איז דערווייל אומגעגאנגען ווי אין עולם התהו. ער האט זיך ניט משתתף געווען אין דעם צער וואס אלע אנדערע האבען געפיהלט און ער האט אויך ניט געקענט זיך צוריקציהען אין זיין אייגענער וועלטעל און זיך צוריק פארטיפען אין לערנען. עס איז אין בית המדרש געווען צו טומלדיג אז ער זאל זיך קענען פארטיפען אין לערנען.

נאכדעם ווי ר' אברהם בנימין איז אפגעלעגען א פאר מעת־לעת אין א גסיסה־צושטאנד, האט ער פלוצלינג געעפענט די אויגען און האט אנגעהויבען אטעמען פרייער. ער האט געבעטען, אז מען זאל איהם דערלאנגען אביסעל וואסער זיך צו דערפרישען. עס איז געווען קלאר, אז ר' אברהם בנימין האט זיך געראטעוועט פון טויט און איז צוריק געווען צווישען די לעבעדיגע.

די בשורה אז ר' אברהם בנימין איז ארויס פון סכנה, האט זיך שנעל פארשפרייט איבער'ן שטאט. אין בית המדרש זיינען זיך ווידער אנגעלאפען

מענשען. די שמחה איז געווען גרויס. מען האט געפיהלט ווי דא וואלט גע־שעהן א נס. די פרייד פון דער משפחה איז גאר געווען אין לשער.

אויב דער רופא האט איצט געזאגט אז דאס איז אלץ געשעהן דורך זיינע תחבולות, זיינען אבער אלע אנדערע געווען זיכער, אז ר׳ אברהם בנימין איז געראטעוועט געווארען דורך דעם וואס מען האט פאר איהם די גאנצע צייט מתפלל געווען. איצט האט מען איהם שוין געקענט אוועקנעהמען פון בית המדרש און איהם ברייגנגען צו זיך אהיים.

אין א פאר טעג ארום האט מען זיך געדארפט זעצען צום סדר און ר׳ אברהם בנימין האט שוין געקענט זיצען ביים טיש און צוזאמען מיט זיינע בני בית פראווען דעם יום טוב מיט דער געוויינליכער, און אפשר נאך גרע־סערער, פרייד וואס מען האט שטענדיג געפיהלט ביי איהם אין הויז. די פרייד מיט ר׳ אברהם בנימינ׳ס געזונט ווערען איז אבער געווען פאר גאנץ דאבראמיסל. אלע האבען זיך משמח געווען וואס דער דאזיגער איד איז נצול געווארען פון טויט.

ברוך, וועלכער האט פריהער ניט געפיהלט פולקאם דעם צער, האט דערנאך אויך ניט פולקאם געפיהלט די שמחה. ער איז בכלל ניט געווען קיין שותף אינ׳ם לעבען פון די אידען פון דאבראמיסל אדער פון די אידען פון אלע אנדערע שטעט און שטעטלאך. ער איז געווען אפגעזונדערט פון אלע־מען. ער האט געהאט זיין אייגענע און אפגעשלאסענע וועלט. איצט אבער, איז געווען אנדערש. ברוך האט שוין געוואוסט אז ער איז אריין אין א נייער, אין א מעהר פיהלענדער וועלט. איצט האט ער ניט נאר געפיהלט מיט׳ן קאפ, משיג געווען מיט׳ן שכל, נאר האט געפיהלט מיט׳ן הארצען און מיט דער נשמה. דער אינערליכער מענש אין איהם האט אנגעהויבען קומען צום אויסדרוק. געפיהל האט זיך אנגעהויבען באהעפטען מיט שכל און געדאנק און ברוך האט ערשט איצט דערפיהלט, אז ער איז געווארען א גאנצער, און איינהייטליכער מענש. די ספרי מוסר האבען איהם געבראכט אויף א נייעם דרך.

## כג.

### פאר׳ן גוף און נשמה

**דער** מערקווירדיגער שמש פון יאנאוויטש וואס האט אויף ברוך׳ן געמאכט א **גרויסען** רושם מיט זיינע מדות. — דער בית מדרש אויפ׳ן מארק.

**א** גאנץ ווינטער האט ברוך געלערנט לויט דעם סדר וואס זיין שוואגער, דער ראש ישיבה, ר׳ יוסף יצחק, האט פאר איהם צוגעגרייט. ער האט געלערנט א סך גמרא און אויך א סך תנ״ך, משנה און רמב״ם מיט פארשידענע פרושים. צוזאמען מיט די מוסר ספרים, וואס ער האט ווייטער געלערנט מיט גרויס חשק, האט ער זיך איצט געפונען אין א פולשטענדיג הארבאנישע וועלט. אין דערזעלביגער צייט האט ער אויך ניט פארפעהלט טאג־טעגליך אוועקצו־געבען עטליכע שעה פאר מלאכה פון וואס ער האט געצויגען זיין חיונה.

אז דער ווינטער איז געווען פאראיבער און פסח איז שוין געווען נאהענט, האט ברוך פארלאזט וויטעבסק און זיך געלאזט אין וועג אריין. זיינע קרובים,

באזונדער זיין שוועסטער און שוואגער, האבן איהם געוואלט האבן פסח ביי זיך. ברוך האט אבער געזאגט, אז ער האט אנדערע פלענער. ער האט שוין געהאט באשלאסען צו זיין פסח ערגעץ אנדערשוואו.

וויסענדיג אז ער וועט אין גיכען דארפען חתונה האבען און אנפאנגען א ניי לעבען, האט ברוך געוואלט נאך אמאל באזוכען די אלטע פריינד מיט וועלכע ער איז געקומען אין נאהענטע באציהונגען און וועלכע האבען אויף איהם געמאכט א גרויסען רושם אין משך פון זיינע וואנדערונגען אין די פריהערדיגע עטליכע יאהר.

ברוך האט געהאט א באזונדערע תשוקה זיך נאכאמאל צו באגעגענען מיט דעם מערקווירדיגען שמש, ר' זלמן חיים פון יאנאוויטש. ברוך האט זיך מיט דעם דאזיגען שמש באקאנט אין דער צייט וואס ער האט, אלס אינגעל, פארבראכט אין יאנאוויטש, אויפהאלטענדיג זיך אין דעם גרויסען בית המדרש אויפ'ן מארק, וואו ער איז א לייגגערע צייט געזעסען און געלערנט.

צו ערשט, ווען ברוך איז אנגעקומען קיין יאנאוויטש, האט ער זיך גע־האט פארקליבען אין א קליינעם בית המדרש וואס האט זיך געפונען אויף דער גאס וואס האט געפיהרט צום בית הקברות. דער דאזיגער בית המדרש האט זיך טאקע געפונען נאהענט צום בית הקברות. אט צוליעב דעם זיינען אלע לויות פון שטאט געגאנגען פארביי דעם בית המדרש. די וואס פלעגען צוריק־געהן פון די לויות זיינען דארט תמיד אריין דאווענען מנחה. אין א שטיבעל ביים בית המדרש זיינען געהאלטען געווארען די מכשירים פון די קברות־לייט. אויך איז דארט געהאלטען געווארען דער ארון אין וועלכען מען פלעגט פיהרען די מתים און די טהרה־ברעט.

עס איז טאקע געווען צוליעב דעם וואס מענשען האבען מורא געהאט צו זיין אליין אין בית המדרש אין אווענט. אפילו ביי טאג האט זעלטען אימי־צער געוואלט זיין אליין אין בית המדרש. ברוך האט צו ערשט אויך געפיהלט גרויס מורא צו זיין אין יענעם בית המדרש, באזונדער ווען ער האט דארט ניט נאר געלערנט, נאר אויך געשלאפען. ביסלעכווייז האט ער זיך אבער צוגע־וואוינט און האט אויפגעהערט מורא האבען. ער האט שוין אפילו אנגעהויבען זיך פיהלען צופרידען דערפאר וואס ער האט דארט געקענט זיין ביחידות.

די מתפללים זיינען געווען די אידען פון דער שכונה, אלע פשוט'ע און הארעפאשנע מענשען, וואס האבען זיך פאר א וויילע אריינגעכאפט אין בית המדרש, שנעל אפגעדאווענט און זיינען זיך צוגאנגען. בלויז בין מנחה למעריב האבען זיך עטליכע מתפללים צוגעהערט צו א פרק משניות אדער עין יעקב. באלד נאך מעריב איז קיינער ניט געבליבען אין בית המדרש.

דער שמש פון יענעם בית המדרש איז אויך געווען דער הויפט פון די קברנים. אט צוליעב דעם, און אויך צוליעב דעם וואס דער בית המדרש איז געווען אזוי נאהענט צום בית הקברות און וואס דארט האט מען געהאלטען די מטה און די קברנישע מכשירים, האבען זיך די קברנים דארט אפט פאר־קליבען און געמאכט זייערע הולאנקעס. אין א טאג ווען עס איז פארגעקומען א לויה האבען די קברנים פארבראכט אין בית המדרש שעה'ן לאנג און האבען זיך גאנץ נישטקשה'דיג אנגעטרונקען. איינמאל האט זיך איינער פון די באַ־טרונקענע קברנים א נעהם געטהאן צו ברוך'ן. ער האט זיך א ווארף געטהאן

אויף איהם קושען און האלזען. פון זיין מויל האט געשלאגען א ריח פון בראנפען. ער האט אין זיין שכרות געוואלט ציינען זיין ליעבשאפט צו דעם לומדישען בחור'ל און האט ברוך'ן שיער ניט צודריקט די זייטען און דער־שטיקט מיט זיין קושען און האלזען. עס האט ברוך'ן דערנאך גענומען א פאר שעה ביז ער איז געקומען צו זיך. ער האט דאן באשלאסען זיך איבערצו־קלייבען אין א צווייטען בית המדרש, אט דער בית המדרש אויפ'ן מארק, וואו ר' זלמן חיים איז געווען שמש. דארט האט זיך ברוך גענויער באקאנט מיט דעם דאזיגען ר' זלמן חיים'ען און זיך גענויער דערוואוסט פון זיין גרויס צדקות.

עס איז געווען דורך דער השפעה פון אט דעם ר' זלמן חיים'ען וואס יענער בית המדרש איז אינגאנצען געבויט געווארען. דער יעניגער מיט וועמעס געלד דער בית המדרש איז געבויט געווארען איז געווען דער באוואוסטער נגיד פון יאנאוויטש, ר' בער. דער דאזיגער ר' בער איז געווען א הענדלער מיט בהמות. עס האט איהם מצליח געווען און ער איז געווארען אן עושר. דאס וואלט איהם נאך געגעבען גאנץ ווייניג פרסום. איז אבער ר' בער דערצו אויך געווען א ירא שמים און א גרויסער בעל צדקה. באזונדער האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט דעם וואס ער איז געווען א גרויסער מכנים אורח. זיין הויז איז געווען אפען פאר אלעמען. דערהויפט האט ער מקרב געווען תלמידי חכמים. ווען א תלמיד חכם איז געווען ביי איהם אין הויז, האט ער איהם תמיד אפגעגעבען דעם אויבען אן. ער אליין איז געזעסען ביים עק טיש. ר' בער פלעגט האבען א ווערטעל, אז "דער בעל הבית דארף געבען געלד און דער אורח דארף געבען א ברכה און דער אויבערשטער דארףביידען געבען הצלחה, אז דאס געלד זאל מצליח זיין און אז די ברכה זאל מקוים ווערען".

ר' בער האט ניט געהאט קיין קינדער און ער האט זיך צוליעב דעם שטארק מצער געווען. איינער פון די אורחים, וואס פלעגט אפט קומען קיין יאנאוויטש, איז געווען ר' זלמן חיים, וועלכער האט זיך שטענדיג, ווי א סך אנדערע אורחים, אויפגעהאלטען ביי ר' בער'ן אין הויז. ר' בער האט שוין לאנג געהאט ארויסגעצייגט גרויס דרך ארץ צו ר' זלמן חיים'ן. אט דערפאר, אז ר' זלמן חיים האט איהם צוגערעדט אז ער זאל בויען א בית המדרש, און טאקע אין מיטען מארק, האט ר' בער צו דעם מסכים געווען. ווען דער בית המדרש איז פארטיג געווארען איז ר' זלמן חיים ווידער געקומען קיין יאנא־וויטש און איז געווארען שמש.

קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען ר' זלמן חיים איז געקומען און וואס ער האט געטהאן ביז וואנען ער איז געווארען שמש. מען האט אבער באלד געקענט זעהן פאר וואס ר' זלמן חיים האט אזוי שטארק צוגערעדט ר' בער'ן צו בויען דעם מקום קדוש אויפ'ן מארק און פארוואס ער איז אליין געווארען דארט שמש. דער בית המדרש איז געווארען דער סאמע צענטער פון תפלה. אט דערפאר וואס ער איז געווען אזוי "צום האנט" די אלע קרעמער און די אלע סוחרים, הענדלער און דארפס-מענשען וואס זיינען געקומען האנדלען אויפ'ן מארק, האבען זיי זיך געקענט אריינכאפען אין בית המדרש און דארט דאווענען, ווער א גאנצען דאווענען און ווער בלויז כאפען א קדושה. דערפאר האט מען טאקע אין יענעם בית המדרש געהאלטען אין דאווענען

פון גאנץ פריה, מיט א שפראץ אויף טאג, ביז ממש האלבע נאכט. אז מען האט געענדיגט דאווענען שחרית ביי האלבען טאג, האט מען זיך באלד גענומען צו מנחה, איין מנין נאכ'ן צווייטען, ביז עס האבען זיך באוויזען שטערען און מען האט אנגעהויבען דאווענען מעריב, וואס האט אנגעהאלטען ביז שפעט אין דער נאכט.

פארשטעהט זיך, אז אין אזא בית המדרש, וואו איין מנין האט גערדאוועט נאכ'ן צווייטען, איז קוים געווען א פאסיג פלאץ צו לערנען. ר' זלמן חיים האט אבער שוין געהאט באזארגט, אז עס זאלען דארט זיין באזונדערע שטיבלאך פאר פרושים און אזוי לערנער. אין איינעם פון די שטיבלאך האט ברוך זיך אויפגעהאלטען און דארט געלערענט מיט גרויס התמדה, צוקוקענדיג זיך פון דער זייט צו די זעלטענע מידות טובות פון דעם שמש, ר' זלמן חיים.

ברוך האט געקענט זעהן, אז אויב אין בית המדרש קומען אזוי פיעל מתפללים, איז עס געווען נאר צו פארדאנקען דעם שמש וועלכער פלעגט אליין ארוים אין גאס און רופען מענשען אין בית המדרש אריין. ר' זלמן חיים האט זיך באזונדער אפגעגעבען מיט די פשוט'ע אידען, מיט די אידישע דארפס-מענשען, וועמען ער האט אויף פארשידענע אופנים אריינגעצויגען אין בית המדרש אריין. ער האט זיי תמיד מקרב געווען. אין די טעג פון קריאת התורה האט ער אט די דארפס-אידען און ישובניקעס געגעבען עליות און האט זיי מיט דעם פארשאפט א נחת רוח וואס האט זיי שוין תמיד געבראכט אין בית המדרש.

זיי האבען געפיהלט אז דארט איז זייער בית המדרש, אז דארט רעכענט מען זיך מיט זיי און אז מען שטופט זיי ניט אפ דערפאר וואס זיי זיינען פראסטע מענשען. באזונדער האבען זיי געפיהלט א שטארקען צובונד צו דעם שמש ר' זלמן חיים, וועלכער האט ממש געבראכט דעם בית המדרש צו זיי אין גאס אריין. עס איז געווען ר' זלמן חיים'ס אן אלטער מנהג, אז ער פלעגט ארויס אין גאס און דארט ארומקלייבען ארום זיך אידען, מענער און ווייבער און אויך קינדער און האט זיי דערציילט מעשה'לאך פון גמרא און מדרש. ער האט דאס געטהאן אין א פיינער און קלארער שפראך און האט דערביי צוגעגעבען זיינע אייגענע הסברות און פרושים אזוי, אז יעדער איינער האט איהם געקענט פארשטעהן און שטארק הנאה געהאט.

ר' זלמן חיים פלעגט באזונדערס דערציילען אט די מענשען פון גאס וועגען די תנאים און אמוראים וואס זיינען געווען בעלי מלאכה, שוסטער, שמידען סטאלארעס און אזוי ווייטער. ער האט מיט דעם געוואלט באווייזען אז בעת מען קען זיין א גדול בתורה און דערביי זיך אפגעבען מיט א מלאכה, קען מען אויך זיין א בעל מלאכה און ניט אפפרעמדען זיך פון תורה.

אין זיינע שמועסען, וואס זיינען אין דער אמת'ען געווען לאנגע דרשות, געהאלטען אין דער פאלקס-שפראך און אונטער'ן פרייען הימעל, האט ר' זלמן חיים ספעציעל זיך אפגעגעבען מיט אויפקלעהרען די אידען פון מארק, אז מען דארף זיך היטען פון אפנארען מענשען און פון האנדלען אויף אן אומעהרליכען אופן. ער האט בכלל ניט אויסגעלאזט קיין איין טייל פון די אלע מידות וואס א איד דארף האבען, באזונדער די מידה פון אהבת ישראל, פון

ליעבען און רעספעקטירען איינער דעם אנדערען. א סך פון זיינע שמועסען האט ער אויך געווידמעט צו דער נויטווענדיגקייט פון חנוך פאר יונגע קינדער, וועגען איינפלאנצען אין זיי אלע מידות טובות און זיי ברייגגען אויפ'ן וועג פון תורה און מעשים טובים.

זיינע שמועסען אין גאס האבען געמאכט א גרויסען רושם אויף די צוהערער, און טאקע צוליעב דעם זיינען אזוי פיעל אידען געקומען אין בית המדרש אריין, וואו זיי האבען געדאווענט בצבור און אפט זיך אויך צוגע־הערט צו דעם וואס דער זעלביגער ר' זלמן חיים האט געלערנט מיט'ן עולם. איינער פון די למודים זיינע מיט'ן עולם איז געווען חומש מיט רש"י, וואס ער האט פארטייטשט אויף מאמע־לשון וואס יעדער איינער האט געקענט לייכט פארשטעהן.

אבער ר' זלמן חיים האט זיך ניט באנוגענט בלויז מיט דערהויבען דעם גייסטיגען מצב פון די אידען אין גאס. ער האט זיי, אויף זיין אייגענעם שטייער, אויך געהאלפען אין זייערע מאטעריעלע באדערפענישען. פאר זיך אליין האט ער גאר ניט געדארפט און גאר ניט געוואלט. ער האט זיך באנוגענט ממש מיט א טרוקען שטיקעל ברויט. פאר אנדערע האט ער אבער זיך תמיד געזארגט אז זיי זאל גאר ניט פעהלען.

ר' זלמן חיים האט געהאט איינגעפיהרט עפעס נייעס אין דעם בית המדרש. יעדען מאנטאג און דאנערשטאג איז ער, ווי אלע שמשים, געגאנגען נאך קריאת התורה, מיט דער פושקע קלייבען געלד צווישען די מתפללים. דאס געלד האט ער אבער ניט גענומען פאר זיך. ער האט פון אט די פרוטות צוזא־מענגעקליבען א באדייטענדע סומע און האט דערמיט אנגעפאנגען א גמילות חסדים. מיט דעם האט ער געקענט ארויסהעלפען ארימע בעלי מלאכות און ארימע הענדלער, וואס האבען זיך ניט געקענט אויסקירעווען. באזונדער פלעגט ר' זלמן חיים אויסלייהען גמילות חסדים ערב א מארק טאג. גאנץ אפט זיינען געווען אזוי פיעל נצרכים, אז דאס געלד וואס ער האט געהאט אין זיין קאסע איז נישט געווען גענוג. ר' זלמן חיים האט זיך אבער געגעבען אן עצה. ער פלעגט דאן געהן צו רייכע בעלי בתים, ביי זיי לייהען געלד און מיט דעם ארויסהעלפען די ארימע סוחרים און בעלי מלאכות.

## כד.

### אידישע ישוב'ניקעס

**ווי דער שמש פון יאנאוויטש האט משפיע געווען אויף די ישוב־ניקעס. — דער מילנער און זיינע אייניקלעך. — א לומדישער יונגערמאן וואס קוקט ארונטער אויף פראסטע מענשען און רודפ'ט לומדים.**

ווען עס איז אין יאנאוויטש געווען א מארק־טאג האט ר' זלמן חיים, דער שמש, דעם טאג פארבראכט אין גאס, צווישען די קרעמער און די הענדלער. ער האט זיך צוגעקוקט צו יעדען איינעם. ער האט אויך געהאט אן אויג אויף די מארק־אידענעס. ווען נאר ער האט באמערקט, אז אימיצער האלט ביים מאכען א קניה און עס פעהלט איהם געלד, האט ער יענעם באלד אונטער־געטראגען דאס נויטיגע געלד.

— דאס איז א גמילת חסד, — פלעגט ער יענעם זאגען, — זאל זיין מיט הצלחה. האנדעלט נאר עהרליך. נארט קיינעם ניט אפ. דער אויבערשטער וועט דאן אכטונג געבען אז איהר אליין זאלט אויך ניט אפגענארט ווערען. ווען עס וועט אייך ווערען לייכטער אין קעשענע וועט איהר צוריק צאהלען דעם גמילת חסד. נאר פאראיינגען דארפט איהר זיך ניט.

דאס האט געקענט זיין א סוחר, וואס האט געהאלטען ביים קויפען א פוהר מיט תבואה; א קצב וואס האט געדארפט קויפען א בהמה, אדער אן ארימע אידענע וואס האט זיך געדונגען מיט א פויער איבער אן עוף אדער א שאק אייער. ר' זלמן חיים איז געווען גרייט צו העלפען אלעמען. עס האט איהם נאר געדארפט קלעקען דאס געלד פון דער קאסע. אט דערפאר איז ער טאקע געווען אזוי נייגעריג, אז אידען זאלען יעדען מאנטאג און דאנערשטאג צו קריאת התורה אריינווארפען א מטבע אין פושקע. שפעטער האט ער איינגעפיהרט, אז יעדער וואס איז עולה לתורה אפילו אין דער וואכען זאל עפעס מנדב זיין פאר'ן גמילת חסדים. ער האט אויסגעפיהרט, אז דאס גמילת חסדים זאל איבערגענומען ווערען פון דער גאנצער שוהל און זאל ווערען א קהל'שער עניין. אבער אפילו דאמאלס האט ער ניט אויפגעהערט צו קלייבען מיט דער פושקע געלד פאר'ן גמילת חסדים און האט זיך ווייטער אפגעגעבען מיט זוכען אידען וואס נויטיגען זיך אין גמילת חסדים.

פארברייננגענדיג דעם טאג אין מארק, האט ר' זלמן חיים זיך אויך געזארגט אז אידען זאלען זיך געהעריג אויפפיהרען: זיי זאלען זיך ניט קריגען צווישען זיך און זאלען זיך ניט פארלויפען איינער דעם צווייטען דעם וועג. ווען ער האט באמערקט, אז אידען אדער אידענעס קריגען זיך ארום, איז ער צו זיי צוגעקומען און האט זיי אנגעהויבען מיט גוטע רייד אויפצוקלעהרען, אז עס איז ניט שעהן פאר אידישע קינדער זיך ארומצוקריגען.

אלע האבען שוין געקענט ר' זלמן חיים'ן וואס פאר א ריינע נשמה ער האט. מען האט זיך דערפאר צו איהם צוגעהערט. מען האט איהם געפאלגט און זיך אויפגעהערט ארומצוקריגען.

אויב קיין געוויינליכע רייד האבען ניט געהאלפען, האט ר' זלמן חיים אנגעהויבען דערצעהלען א מעשה'לע פון גמרא אדער מדרש. אידען האבען זיך נייגעריג צוגעהערט און פארגעסען אז אלע קריגערייען.

ר' זלמן חיים האט אין די מארק-טעג בכלל געהאט א סך צו טהאן. ער האט באזונדער זיך אפגעגעבען מיט די אידישע ישוב'ניקעס וואס פלעגען פון די ארומיגע דערפער קומען אויפ'ן מארק. ער האט יעדען באזונדער אויסגעפרעגט וועגען אלץ וואס עס קומט פאר אויפ'ן ישוב, ווי עס לעבט זיך און ווי ס'היט זיך אפ אידישקייט. צי האט ער א געלעגענהייט צו דאווענען בצבור, צי גיט ער געגוג צדקה און צי היט ער אפ די מצוה פון הכנסת אורחים. ער פלעגט אויך וועלען וויסען ווי אזוי די ישוב'ניקעס ערציהען זייערע קינדער, צי זיי האבען פאר זיי מלמדים, און אויב זיי האבען טעכטער אויסצוגעבען. ער האט תמיד צוגערעדט אידען אז זיי זאלען חתונה מאכען זייערע טעכטער מיט בני תורה.

עס איז געווען אויף אזא אופן וואס ר' זלמן חיים האט זיך באקענט מיט א סך דארפס-מענשען און האט אויף זיי געקראגען א גרויסע השפעה. א דאנק

זיין אינטערעס און זיינע באמיהונגען, האט אידישקייט אנגעהויבען אויפ־בליהען אין א סך ישובים ארום יאנאוויטש. דארט וואו עס איז נאר געווען מעגליך, זיינען געשאפען געווארען מנינים און עס איז אפילו אויפגעבויט גע־ווארען א בית המדרש. די שוב'ניקעס האבען געקענט מתפלל זיין בצבור און ניט דארפען ווארטען אויף די ימים נוראים און דאן קומען אין שטאט אריין.

איינער פון די דארפס־מענשען מיט וועמען ר' זלמן חיים האט זיך בא־קענט און האט אויף איהם געקראגען א גרויסע השפעה איז געווען מרדכי דער מילנער. דער דאזיגער מילנער איז געווען אן עושר, אבער א פראסטער מענש, כאטש א גאנץ גוטהארציגער. ער האט געוואוינט אויף א ישוב וואו עס הא־בען זיך געפונען אביסעל אנדערע אידען צעווארפען איבער די דערבייאיגע דערפער. ר' זלמן חיים האט מיט מרדכי'ן גענומען איינ'טענה'ן אויף זיין שטייגער ביז דער מילנער איז געווארען א פייערדיגער איד. ער האט מיט זיין אייגען געלד אויפגעבויט א בית המדרש לעבען זיך און די אידען ארום האבען געקענט דאוונען בצבור.

דער דאזיגער מילנער האט געהאט דריי טעכטער, פון וועלכע צוויי זיינען שוין געשטאנען אין שידוכים. דורך ר' זלמן חיים'ס באמיהונגען האט זיי מרדכי חתונה געמאכט מיט לומדישע יונגעלייט. דער ערשטער איידעם, אברהם שלמה, דעם דובראוונער רב'ס א זוהן, האט באלד איינגעפיהרט פארשידענע שיעורים אין זיין שווער'ס בית המדרש. ער האט מיט די דארפס־מענשען גע־לערנט אלץ וואס זיי האבען געקענט פארנעהמען מיט'ן פועל יוצא אז דער דארפישער בית המדרש איז געווארען ניט נאר א מקום תפלה, נאר אויך א מקום תורה.

אברהם שלמה איז שפעטער געווארען א רב אין א וויכטיגער אידישער קהלה. די עובדה צו לערנען דארט מיט'ן עולם האט דאן געזאלט פאלען אויפ'ן צווייטען איידעם, וועמעס נאמען עס איז געווען זלמן ליב, א זוהן פון דעם באריסאווער רב, ר' שלמה. אבער דער דאזיגער יונגערמאן, כאטש א גרויסער למדן, האט זיך שטארק געבלאזען געגען די דארפס־מענשען וועלכע זיינען, נאך אלעם דעם, געווען פראסטאקעס. ער האט מיט זיי ניט געוואלט האבען קיין עסקים, און אפילו ניט געוואלט זיין זייער רבי. ער האט עס אפען געזאגט זיין שווער און אויך עס ניט באהאלטען פאר די דארטיגע מענשען. ער האט בעסער געוואלט זיך האלטען אפגעזונדערט, קוקענדיג פון אויבען ארונטער אויף די פשוט'ע ניט־געלערנטע אידען.

די דארטיגע אידען האבען שוין אבער זיך געהאט צוגעוואוינט צום לער־נען. זיי האבען שוין מעהר ניט געקענט אויסקומען אהן א רבי'ן. באזונדער איז אין דעם געווען שטארק פאראינטערעסירט מרדכי דער מילנער. ער האט זיך שטארק מצער געווען וואס זיין איידעם איז א גרויסהאלטער און וויל מיט די דארפס־מענשען ניט האבען צו טהאן. ער האט בכלל קיין גרויס נחת ניט געהאט פון זיין צווייטען איידעם, וועמעס מדות זיינען ניט געווען באזונדערס לויבענסווערטה. ער איז געווען א קמצן און א כבוד־זוכער.

האט מרדכי איינגערופען די ישובניקעס צו אן אסיפה און עס איז גע־בליבען, אז מען זאל ארונטערברייינגען א לומדישען אידען וואס זאל ניט

נאר לערנען מיט'ן עולם נאר זאָל אויך קענען קענען פסק'ענען פאַר זיי שאלות. אין אנדערע ווערטער, דער ישוב האָט שוין געפיהלט די באדערפעניש צו האָבען אַן איינענעם מורה הוראה. דער מילנער האָט זיך מתחיב געווען, אַז אַ דריטעל פון די שכירות וואָס מען וועט צאָהלען דעם דאָזיגען מורה הוראה זאָל קומען פון זיין קעשענע. עטליכע בעלי בתים זיינען דאַן ארונטערגעפאָה־רען קיין יאנאוויטש, וואו זיי האָבען זיך אַנגעפרעגט ביים רב, אַז ער זאָל פאַר זיי אויסקלייבען אַזאַ אידען וואָס זאָל ווערען זייער מורה דרך. דער רב האָט פאַר זיי אויסגעקליבען אַ געוויסען ר' בער, אַ מענש ארום זעכציג יאָהר אַלט. דער דאָזיגער ר' בער איז אין דער אמת'ען געווען שוין נאָר אַ צו גרויסער לַמדן פאַר אַט די דאָרפס-מענשען. ער איז געווען אַן אידעם פון אַ יאנאוויטשער בעל הבית. פאַר אַ משך פון פיעל יאָהרען איז ער געזעסען ביי זיין שווער אויף קעסט און געלערנט. ער האָט פאַר דער צייט אפילו געמאַכט זיין שווער פאַר אַ לַמדן. שפּעטער, אַז דער שווער איז געשטאָרבען, איז ר' בער געוואָרען אַ מלמד. ער איז באַקאַנט געוואָרען אין יאנאוויטש פאַר זיין גרויסע לומדות. ווען ער איז געוואָרען אַן אַלמן און, האָבענדיג קינדער איהם אויסצוהאַלטען בכבוד, האָט ער אויפגעגעבען די מלמדות און האָט זיך צוריק גענומען צו תורה ועבודה. אָט דער ר' בער האָט תמיד ליעב געהאַט התבודדות. ער האָט זיך שטענדיג געהאַלטען פון דער זייט און האָט אפילו אויסגעמידען צו ריידען אַן איבעריג וואָרט. דער רב פון יאנאוויטש האָט געפיהלט אַז דאָס וואָס די דאָרפס-מענשען האָבען געוואָלט וועט זיין פונקט ר' בער'ן צום האַרצען אויפ'ן דאָרף וועט ער קענען זיין מעהר אָפּגעזונדערט פון מענשען ווי אין אַ גרעסערער שטאָט.

אנגעקומען איז ר' בער אויפ'ן ישוב פאַר סליחות. אַזוי ווי ער איז ניט געווען קיין באַווייבטער, האָט איהם דער מילנער ארייגענומען צו זיך אין הויז. סיי דער מילנער און סיי זיין ווייב זיינען בכלל געווען באַוואוסט אַלס מכניסי אורח. דעם מילנער'ס אידעם, זלמן ליב, האָט באַלד דערזעהן, אַז ר' בער איז אַ גרויסער לַמדן, אָבער טאַקע דערפאַר האָט ער גלייך ארויסגעוויזען צו איהם אַ שנאה. די שנאה זיינע האָט זיך נאָך מעהר פאַרשטאַרקט, ווען ער האָט געזעהן וואָס פאַר אַ כבוד די דאָרפס-מענשען, און זיין אייגענער שווער, גיבען איהם. ר' בער האָט טאַקע באַלד געצייגט אַז ער ווייס געגוי ווי צו מאַ־כען זיך פאַרשטענדליך צו די פשוט'ע מענשען. ער האָט מיט זיי געלערנט חומש און עהנליכע למודים און עס זיי מסביר געווען אויף אַן אופן, אַז די דאָרפס-מענשען האָבען דערביי גרויס הנאה געהאַט. ר' בער האָט אויך גע־האַלטען פאַר די אידען קורצע דרשות אין וועלכע ער האָט זיי מעורר געווען צו תשובה און גערופען צו עבודת הבורא. זיינע צוהערער האָבען זיך צוגע־הערט און זיינען געווען שטאַרק געריהרט.

דאָס האָט נאָך מעהר פאַרשטאַרקט ר' בער'ס חשיבות ביי די אידען אויפ'ן ישוב און זיי האָבען איהם ממש, ווי מען זאָגט, געטראָגען אויף די הענד אָבער טאַקע צוליעב דעם איז די שנאה פון דעם מילנער'ס אידעם צו איהם געוואָרען נאָך גרעסער. יענער האָט שוין ר' בער'ן פשוט אנגעהויבען צו באַליי־דיגען און אָפען ארויסצייגען זיין פיינדשאַפט צו איהם. ר' בער, פון זיין זייט, האָט ניט ארויסגעצייגט דעם מינדסטען ווידערווילען צו דעם מילנער'ס אידעם.

ער האט אלע זיינע באליידיגונגען און גריזגשעצונגען אנגענומען מיט גרויס סבלנות. אז אנדערער אויף זלמן ליב׳ס ארט וואלט פיליכט צוליעב דעם אליין געקראגען מעהר דרך ארץ פאר דעם עלטערען אידען און למדן. דאס איז אבער ניט געווען דער פאל מיט איהם. יענער האט פשוט ניט געקענט פארטראגען וואס מיט איהם, אונטער איין דאך, געפינט זיך אימיצער וואס קען מעהר לערנען פון איהם. ער האט אויך ניט געקענט צוזעהן ווי מען גיט ר׳ בער׳ן אפ דעם כבוד פון א רב. אין אנדערע ווערטער, זלמן ליב האט אי פיינט געהאט די פראסטע פאלקס־מענשען און אי די לומדישע אידען. עס האט זיך פשוט גענומען פון זיין גייציגקייט צו זיין תמיד דער ערשטער אומעטום און גלייכ־ציטיג תמיד זיך צו בלאזען און צייגען אז ער האלט זיך העכער פון אלעמען.

זיין שווער האט שוין גוט געוואוסט די חסרונות פון זיין אידעם און האט דערפון געהאט גרויס פארדרוס. זיין פארדרוס איז געווען נאך גרעסער דערפאר וואס זיין אידעם האט אזוי אפען מזלזל געווען אין דעם כבוד פון ר׳ בער׳ן וועלכער האט געוואוינט אין זיין הויז.

מרדכי האט ניט איינמאל איבערגערעדט וועגען דעם מיט ר׳ בער׳ן. ער האט זיך ענטשולדיגט וואס זיין אידעם באציהט זיך צו איהם אזוי גראב. ר׳ בער האט איהם בארוהיגט, פארזיכערענדיג איהם, אז דאס ארט איהם גאנץ ווייניג. ער האט דערביי ניט פארגעסען צו דערמאנען, אז נאך אלעם דעם, איז זלמן ליב א למדן און דער עיקר, ער איז נאך גאר יונג. ער וועט מיט דער צייט שוין געפינען דעם וועג פון מידות טובות.

די ימים נוראים זיינען אוועק. ר׳ בער האט נאך זיך מעהר ניט געקענט פיהלען באקוועם אין מרדכי׳ס הויז צוליב דעם מילנער׳ס אידעם, זלמן ליב׳ן, און האט באשלאסען פון דארט זיך ארויסצוקלייבען. ער האט דאן זיך אנגע־דונגען א חדר ביי א שניידער מיט׳ן נאמען יאסע. אט דער יאסע איז געווען א איד שוין ווייט אין די זיבעציגער, אבער האט זיך נאך מפרנס געווען פון זיין מלאכה. ער איז געווען א פשוט׳ער אבער עהרליכער איד וואס פלעגט ביי דער ארבייט תמיד זאגען תהילים. די תמימות און עהרליכקייט פון אט דעם שניידער איז געווען צו זעהן פון דעם וואס ווען ער האט געפיהלט, אז זיינע לעצטע טעג זיינען געקומען, האט ער ארייגערופען דריי פון זיינע באקאנטע און האט זיי איבערגעגעבען דאס ביסעל געלד וואס ער האט געהאט אפגעשפארט אין משך פון זיין לעבען. ער האט זיי געוויזען די תכריכים וואס ער אליין האט געהאט גענעהט פאר זיך און זיין ווייב. דאס געלד, האט ער געזאגט, זאל זיין אויף דער קבורה. ער האט ניט געוואלט, אז אימיצער זאל פאר זיין און זיין ווייב׳ס קבורה דארפען אויסגעבען א פרוטה.

— אז ארוי, — האט ער געזאגט, — זאלט איהר מיר מאכען פון אט דעם טיש אויף וועלכען איך בין אלע מיינע יאהרען געזעסען און גענעהט. אט דער טיש וועט עדות זאגען, אז איך האב אויף איהם קיינמאל ניט ארויפגעלאזט קיין שעטנז און אז דארט איז קיינמאל ניט געווען קיין יתור וואס איז ניט צוריקגעגעבען געווארען צו דעם אייגענטימער. דער טיש וועט אויך עדות זאגען, אז איך האב קיינמאל אין מיין לעבען קיינעם ניט בא׳עוולה׳ט און קיינעם קיין שלעכט־ווארט ניט געזאגט.

אט אין דעם שניידער׳ס הויז האט עס ר׳ בער געזאלט געפינען מנוחה,

אבער ער איז נאך אלץ ביטער פארפאלגט געווארען פון דעם מילנער'ס אײדעם וועלכער האט שטענדיג געזוכט אויף איהם חסרונות און געטריבען שפאס אויף זיין חשבון.

## כה.

## שטאָטישע און דאָרפישע אידען

טיפען פון די אידישע ישובים. — דער מילנער וואָס איז געוואָרען א שטאָטישער תושב און זיין אײדים וואָס האָט זיך ענדלאך פארנומען אויף א נייעם דרך.

די אידען אויפ'ן ישוב, וואו ר' בער איז געוואָרען רב, זיינען געווען פשוט'ע, אָבער עהרליכע און תמימות'דיגע. ר' בער האָט זיי שטארק ליעב געהאט. ער האָט געהאט גרויס תענוג וואָס ער האָט געקענט לערנען מיט אָט די אידען. דעם מילנער'ס אײדעם, זלמן ליב, האָט אָבער ר' בער'ן פארביטערט דאָס לעבען. ער האָט איהם גערופען "דער אלטער עם הארץ" און אויך "דער מגיד פון די עם הארצים".

אויף יענעם ישוב זיינען געווען צוויי זקנים. דער אינגערער פון די צוויי, איז געווען יאסע דער שניידער, ביי וועמען ר' בער האָט זיך געהאט אפגע־דונגען א חדר. דער צווייטער איז געווען שלמה דער שינדער, אדער ווי מען האָט איהם אויך גערופען שלמה דער יתום. מען האָט איהם גערופען "דער יתום" ווען ער איז שוין געווען איבער הונדערט יאהר אלט. ווי אלט אָט דער שלמה איז געווען האָט מען זיך געקענט משער זיין פון דעם וואָס יאסע, וועל־כער איז שוין אליין געווען א בן שבעים, האָט געדיינקט, אז ווען ער איז געווען א אינגעל איז שוין שלמה געווען ארום פערציג יאהר אלט.

"דער יתום" האָט מען שלמה'ן גערופען דערפאר וואָס ער איז צו דריי יאהר געבליבען א יתום און האָט זיך אויסגעהאדעוועט ביי זיין פעטער, א קצב. ווען שלמה איז אלט געווארען נײן יאהר האָט איהם זיין פעטער גענומען צו דער ארבייט און איהם געמאכט פאר א שינדער. צו יענער צייט איז נאך אויפ'ן ישוב ניט געווען קיין מנין אידען. די אידישע ישובניקעס האָבען דאמאלס גאנץ וויניג געוואוסט פון אידישקייט. וואָס איז שייך שלמה'ן, האָט ער קיין מאל ניט געלערנט קן אידיש וואָרט און איז אויסגעוואקסען א פולשטענדיגער עם הארץ.

ער האָט אפילו ניט געהאט די געלעגענהייט צו הערען א אידיש וואָרט ווי די קינדער פון אנדערע ישובניקעס. געוויינליך פלעגען די אידישע ישובניקעס אריינפאָהרען מיט זייערע משפחות אין די דערבייאיגע שטעטלאך אויף די ימים נוראים. די ישובניקעס האָבען כאטש אין יענע טעג זיך אנגעזאפט מיט אביסעל אידישקייט. זיי האָבען געדאווענט בצבור. זיי האָבען געהערט די תפלות פון דעם שטעטעלדיגען בעל תפלה. זיי האָבען אויך געהערט די דרשות פון דעם רב.

דאָס וואָס עס איז געווען מיט די דערוואקסענע איז אויך געווען מיט דעם קליינוואַרג. שלמה איז אָבער געווען א יתום און זיין פעטער האָט בעסער

געוואלט, אז פאר דער צייט וואס ער און זיין משפחה געפינען זיך אויף ימים נוראים אין שטעטעל, זאל שלמה בלייבען היטען דאס הויז און אויפ־פאסען אויף די בהמות. האט שלמה דערפאר קוים וועז געהערט א אידיש ווארט. אבער אז ער איז אונטערגעוואקסען, איז ער דאך געווארען א גרויסער פרומאק. ער האט טאקע ניט געקענט דאוונען. ער האט עס זיך ניט אויסגע־לערנט זיין גאנצען לעבען. אלץ וואס ער האט זיך אויסגעלערנט איז געווען צו זאגען "מודה אני", "שמע ישראל" און א פאר ברכות. ער האט נאר געקענט מאכען א "המוציא" און זאגען די ברכה "שהכל". שפעטער אז מרדכי דער מילנער האט אויף יענעם ישוב איינגעפיהרט א מנין און דערנאך אויס־געבויט א בית המדרש, פלעגט שלמה קומען יעדען פריהמארגען אין בית המדרש, זיך אנטהאן טלית און תפילין און זיך צוהערען ווי אנדערע דאוונען. ער האט זיך באנוגענט מיט דעם וואס ער האט געענטפערט "אמן" און געזאגט "ברוך הוא וברוך שמו". אזוי איז אויך געווען צו מנחה און מעריב.

שלמה האט ניט גענעסען קיין אנדער זאך ווי ברויט און ניט געטרונקען קיין אנדער געטראנק ווי וואסער. דאס איז געווען דערפאר וואס ער האט ניט געקענט מאכען קיין אנדערע ברכות ווי "המוציא" און "שהכל".

יאסע דער שניידער איז אויך געווען א גאר פראסטער מענש. ער האט שוין אבער געקענט עברי און האט געקענט דעם דאוונען אויף אויסוויינינ. ער האט אויך געקענט אויף אויסווייניג גאנץ תהילים. יאסע האט אפגעהיט א סך מצוות. ער איז באזונדער געווען א גרויסער מכניס אורח. דערהויפט איז ער געווען אפגעהיט אין האלטען דעם צונג. ער האט אויף קיינעם ניט געוואלט ריידען קיין שלעכט ווארט. ער פלעגט דערפאר תמיד מקצר זיין אין זיינע רייד און זיך באנוגענט מיט אזוי ווייניג ווערטער ווי נאר מעגליך.

צוליעב דער צדקות פון אט די צוויי זקנים, האט ר' בער זיך מיט זיי א סך אפגעגעבען. ער האט געוואלט זיי מהנה זיין מיט זיין לומדות אויף ווי וויט דאס האט זיך נאר געלאזט. טאקע דערפאר האט עס זלמן ליב געהאט אויף איהם די שליטה און פון איהם חוזק געמאכט פאר אלעמען אין די אויגען פונקט ווי ר' בער וואלט מיט דעם געהאט באוויזען זיין אייגענע עם הארצות.

איין מאל האט זלמן ליב געקראגען א געלעגענהייט צו דערגעהן ר' בער'ן די יאהרען. דאס איז געווען דאמאלס ווען מען איז געקומען צו איהם מיט א שאלה אויף א בהמה וואס מען האט געהאט געשאכטען צו באזארגען די אידישע תושבים מיט פלייש אויף שבת. מען האט געבראכט צו ר' בער'ן די ריאה. נאך א לאנגער שקלא וטריא האט ר' בער גע'פסק'ענט אז די בהמה איז כשר. זלמן ליב האט זיך אן דעם אנגעכאפט ווי אן אן אבן טוב. ער האט דוקא גע־וואלט האבען, אז די בהמה איז טריף. ער האט גע'טענה'ט, אז ר' בער האט דא רחמנא לצלן מאכיל טריפות געווען און האט וועגען דעם געמאכט סקאנדא־לען. די פשוט'ע אידען פון יענעם ישוב, וועלכע האבען געהאט א גאנץ קליינע ידיעה אין אזוינע זאכען, האבען זיך שטארק דערשראקען. זיי האבען טאקע גוט געוואוסט, אז זלמן ליב זוכט חסרונות אויף ר' בער'ן און אז ער איז שטארק מזלזל אין זיין כבוד. אבער ווען זיי האבען געהערט, אז ער באשטעהט דורכאויס אז ר' בער האט פון טריף געמאכט כשר, האבען זיי זיך געפיהלט שטארק בעאומרוהיגט.

זלמן ליב האט נעהאלטען אין אנווייזען אויף פארשידענע פוסקים אויף וועלכע ער האט געבויט אז די בהמה איז טריף. ר' בער האט טאקע איהם באלד געענטפערט מיט זיינע אייגענע מקורים צו באווייזען, אז זיין פסק איז געווען דער ריכטיגער. פון דעסטוועגען זיינען די דארפס־מענשען געווען שטארק צערודערט. זיי האבען ניט געוואוסט ווער פון די צוויי איז געווען גערעכט.

ר' בער אליין האט דעם ענין גענומען גאנץ ערנסט. ער האט פרובירט זיך איינלאזען אין א לאנגען וויכוח מיט זלמן ליב'ן און איהם באווייזען, אז זיין פסק איז געווען דער ריכטיגער. זלמן ליב האט איהם אבער אויף אלע זיינע ראיות נאר געענטפערט מיט זלזולים און איהם גערופען "מאכיל טריפות". ר' בער האט דאן אנגעשריבען א שאלת־תשובה צום רב פון יאנאוויטש. ער האט אין דער דאזיגער שאלת־תשובה ארויסגעוויזען טיפע לומדות. דער עיקר, ער האט געוואלט זיין זיכער אז ער האט ניט געמאכט פון קיין טריף כשר.

כדי צו בארוהיגען זלמן ליב'ן, האט ר' בער איהם געוויזען די שאלת־תשובה איידער ער האט זי אפגעשיקט צום רב אין יאנאוויטש. זלמן ליב האט אבער זיין כתב יד אפילו ניט געוואלט אנקוקען. ער האט עס מיט כעס אווארף געטהאן אויף דער ערד און אויסגעשריען, אז ער וויל ניט ארייננקוקען אין אזוינע נארישקייטען.

ר' בער האט אפגעשיקט זיין שאלת־תשובה קיין יאנאוויטש און אין א פאר טעג שפעטער באקומען אן ענטפער, אז זיין פסק איז געווען א ריכטיגער. די אידען האבען זיך בארוהיגט. זיי זיינען שוין געווען זיכער אז זיי זיינען ניט נכשל געווארען. זלמן ליב האט זיך אבער אלץ ניט געוואלט אונטערגעבען. ער האט מיט ר' בער'ן ניט געמאכט קיין שלום.

ר' בער וואלט מסתמא ווייטער געליטען צרות פון זלמן ליב'ן, האט אבער מרדכי דער מילנער דעם קומענדיגען זומער זיך איבערגעקליבען קיין יאנאוויטש און אהין מיטגענומען מיט זיך זיין איידעם. ר' בער האט ערשט דאמאלס דערפיהלט מנוחה און האט אנגעהויבען הנאה האבען פון דעם וואס ער האט פארבראכט אויף דעם ישוב.

מרדכי האט אין יאנאוויטש זיך געקויפט א הויז אויפ'ן מארק און דארט געעפענט א קראם, אין שכנות מיט דעם בית המדרש וואו ר' זלמן חיים איז געווען שמש, האט מרדכי אנגעהויבען דארט געהן דאווענען יעדען טאג און זיך צוהערען צו דעם וואס דער שמש האט געלערנט מיט'ן עולם ביים טיש. אין א קורצער צייט ארום איז מרדכי געווארען דער גבאי פון בית המדרש. ער האט דעם שמש מיטגעהאלפען אין אלע זיינע טהעטיגקייטען. זיין איידעם, זלמן ליב, האט אויך געדאווענט אין דעם זעלביגען בית המדרש. דא האט זיך זלמן ליב שוין געפונען אין א סביבה פון לומדים. ער האט געהאט מיט וועמען זיך מפלפל צו זיין און טאקע געקענט ארויסצייגען זיין לומדות ווי ס'באדארף צו זיין.

ר' זלמן חיים, דער שמש, וועלכער האט גורם געווען אז זלמן ליב זאל ווערען מרדכי'ס איידעם, האט געפיהלט א גרויסען צובונד צו איהם. עס איז טאקע געווען דורך ר' זלמן חיים'ס הילף וואס זלמן ליב איז אויסגעקליבען געווארען צו זאגען דעם שיעור גמרא אין בית המדרש. זלמן ליב האט

פון דעם שטארק הנאה געהאט. זיין שווער האט געהאט גרויס נחת. גאנץ יאנאוויטש האט גערעדט פון מרדכי'ס איידעם.

זלמן ליב האט אבער באלד זיך ארומגעזעהן אז בעת צו זיין שיעור קומען זיך צוזאמען נאר א זיבען־אכט יונגעלייט, האט ר' זלמן חיים, דער שמש, צעהנדליגע און אפט הונדערטע מענשען, וואס הערען זיך צו ווי ער זאגט חומש אדער לערנט מיט'ן עולם מדרש. דאס האט אין דעם גייציגען זלמן ליב'ן אנגעצונדען א פייער פון קנאה. ער האט אנגעהויבען פיינט האבען דעם שמש און איהם רודף'ן. דער שמש האט קוים געקענט פארשטעהן פאר וואס מרדכי'ס איידעם צייגט איהם אזא שנאה. ער האט אפילו וועגען דעם איבערגערעדט מיט זלמן ליב'ס שווער. דעם שמש האט ניט אזוי געקימערט וואס זלמן ליב צייגט צו איהם שנאה נאר וואס ער ווייזט זיך ארויס אז ער איז גארניט קיין בעל מידה.

ר' זלמן חיים האט בכלל געלייגט מעהר געוויכט אויף מידות טובות ווי אויף לומדות. איז דאך לא המדרש הוא העקר אלא המעשה. ר' זלמן חיים האט זיך אויך געפיהלט אביסעל שולדיג פאר מרדכי'ן פאר דעם וואס ער האט ארייגעקראגען אזא איידעם, א רודף אחר הכבוד.

האט ר' זלמן חיים דערפאר ביי זיך אפגעמאכט, אז ער זאל אויף וויפיעל ער וועט נאר קענען, משפיע זיין אויף זלמן ליב'ן אז ער זאל ענדערען זיין דרך. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס זלמן ליב האט איהם געצייגט שנאה און איהם גע'רודפ'ט, האט אבער דער שמש זיך צו איהם באצויגען מיט גרויס דרך ארץ. דער שמש האט אין זיינע שיעורים ביים טיש געהאלטען אין דערקלעהרען דעם עולם ווי גרויס עס איז דער ענין פון תורה און האט ניט איינמאל דערמאנט זלמן ליב'ן צו גוטען פאר זיין לומדות און פאר דעם שיעור גמרא וואס ער זאגט.

דאס האט אויף זלמן ליב'ן געמאכט אן איינדרוק. ער האט מיט אמאל דערזעהן פאר זיך א גאנץ אנדער מענשען, איינער וואס צאהלט מיט גוטעס פאר דאס שלעכטע וואס מען טהוט צו איהם. זלמן ליב וואלט ניכער דערוואַרט, אז דער שמש זאל איהם אויך צייגען אומפריינטליכקייט. נאך אלעם דעם האט שוין ר' זלמן חיים געזאלט וויסען, אז ער באציהט זיך צו איהם מיט פיינטשאפט. צום סוף האט גאר ר' זלמן חיים איהם ארויסגעצייגט אזוי פיעל ליעבשאפט. זלמן ליב האט בכלל זיך באקאנט מיט די מידות טובות פון אט דעם שמש. ער האט דערפאר אנגעהויבען פיהלען חרטה.

סוף כל סוף איז א גרויסע ענדערונג פארגעקומען אין אט דעם זלמן ליב'ן. ר' זלמן חיים דער שמש האט אויף איהם אנגעהויבען קריגען א השפעה. זלמן ליב האט אנגעהויבען איינזעהן, אז לומדות אליין איז נישט גענוג, אז צו לומדות דארף מען אויך האבען מעשים טובים.

פון דאמאלס אן האט זיך צווישען דעם שמש און מרדכי'ס איידעם פארקניפט א גרויסע פריינטשאפט. דאס וואס קיין אנדערער האט ניט געקענט ווירקען אויף זלמן ליב'ן האט עס ענדליך באוויזען דער שמש ר' זלמן חיים און בלויז דורך דעם וואס ער האט איהם געצייגט א ביישפיעל פון אייגענער גוטס־קייט און סבלנות.

# כו.

## צוויי וועלטען

**די וועלט פון די לומדים און די וועלט פון די אנשי-מעשה. — די מסקנא צו וועלכער ברוך איז געקומען. — ווי פשוט'ע מענשען זיינען געווארען לומדים.**

ווען ברוך איז צום צווייטען מאל געקומען קיין יאנאוויטש, איז זלמן ליב שוין געווען באריהמט איבער'ן שטאט פאר זיין לומדות און פאר זיינע מעשים טובים. ברוך האט גוט געוואוסט, אז פאר אט דער גרויסער ענדערונג אין מרדכי'ס איידעם האט מען נאר געהאט צו פארדאנקען דעם שמש ר' זלמן חיים, וועלכער האט מיט זיין אייגענעם ביישפיעל פון גוטסקייט און מילדקייט באאיינפלוסט זלמן ליב'ן אז ער זאל זיך פארנעמען אויף א נייעם דרך. ברוך האט איצט געוואלט זיך נעהענטער באקענען מיט ר' זלמן חיים'ן און לערנען ביי איהם מדות טובות. ער האט אויך געוואלט דערגעהן מעהר וועגען זיין לעבען און פארגאנגענהייט. אבער ר' זלמן חיים איז שוין מעהר ניט געווען אין יאנאוויטש. מיט א יאהר פריהער איז ער פון דארט אוועק, איבערגעבענדיג די שמשות פון דער שוהל צו אימיצען אנדערש. קיינער האט נישט געוואוסט צי ר' זלמן חיים האט בדעה זיך ווען צוריקצוקעהרען.

ברוך האט איצט געוואלט זיך אויף דאס ניי באגעגענען מיט די אלע מענשען מיט וועלכע ער איז געקומען אין באריהרונג ווען ער האט צום ערשטען מאל פארבראכט דארט אין שטאט. ער האט אויך באזוכט דעם בית המדרש ביים בית הקברות וואס איז געווען זיין ערשטער מקום מנוחה אין יאנאוויטש. עס זיינען נאך איהם געווען פריש אין זכרון זיינע איבערלעבונגען, די שרעקען און די פריידען, אין יענעם בית המדרש, וואס איז געווען דער פארזאמלונגס-פלאץ פאר די קברנים און דער חברה קדישא, וועלכע פלעגען זיך אפט פרעהליך מאכען ביי א פלעשעל משקה. ברוך האט אפילו גערענקט די סוגיא אין דער גמרא וואס ער האט געהאלטען אין לערנען ווען איינער פון די שכור'ע קברנים האט זיך אויף איהם א ווארף געטהאן און איהם אנגעהויבען האלזען און קו-שען, אזוי, אז ער האט דערפיהלט אז יענער בית המדרש איז ניט פאר איהם קיין פלאץ און ער האט זיך איבערגעקליבען אין דעם בית המדרש אויפ'ן מארק וואו ר' זלמן חיים איז געווען דער שמש. די סוגיא וואס ברוך האט געהאט דאמאלס געלערנט איז געווען וועגען יאוש אין מסכת בבא קמא דף ס"ז. ער האט געדיינקט ווי ער איז דאמאלס געווען פארטיעפט אין דעם תוספות אין דעם ויכוח וועגען דעם "צו יאוש קני" אדער "יאוש ושינוי השם קני".

ברוך האט זיך אין יאנאוויטש געזעהן מיט די קרעמער, בעקער און אנ-דערע ביי וועמען ער האט געטהאן ארבייט כדי צו פארדיענען זיין ברויט. ער איז שוין איצט געווען א דערוואקסענער בחור, וואס האט אין גיכען געזאלט חתונה האבען. קיינער האט איהם דארט ניט דערקענט. ברוך האט פון

יעדערען געוואלט עפעס דערגעהן, עפעס זיך דערוויסען פון זיין לעבען און זיינע ערפאהרונגען. ברוך האט איצט געוואלט ביי זיך געניי אפמאכען וועלכער איז דער ריכטיגער דרך אין לעבען, צי דער דרך וואס ר' זלמן חיים האט נאכ-געפאלגט, ווידמענדיג זיך צו די פשוט'ע מענשען פון פאלק, אדער דער דרך וואס איז נאכגעפאלגט געווארען פון אזא גאון ווי ר' שמחה זעליג, דער פרוש פון וויטעבסק, וועלכער איז זיך געזעסען אפגעזונדערט אין זיינע ד' אמות און האט געקוקט פון אויבען ארונטער אויף די פשוט'ע פאלקס-מענשען וואס זיינען געווען ווייט פון תורה.

ברוך'ן איז עס איצט פשוט געגאנגען אין לעבען. ער האט געדארפט פאר זיך אליין אנצייכענען דעם דרך אין לעבען. ביז דאמאלס האט ער אייגענטליך נאר געהאט געפארשט און געלערנט. ער האט נאך אבער געהאט א סך צו לערנען. ער האט נאך געדארפט דורכמאכען א סך מדרגות ביז ער וועט קענען קומען צו שלימות.

דער פרוש ר' שמחה זעליג איז ברוד'ן געלעגען גוט אין קאפ. ער האט זיך מיט איהם געהאט נעהענטער באקענט. ברוך האט, ווי יעדער איינער, גוט געוואוסט ווי גרויס עס איז די גאונות פון אט דעם פרוש, וועלכער איז שוין געווען אויף די עלטערע יאהרען און וועגען וועמען מען האט דערצעהלט פארשידענע אגדות וועגען זיין לומדות און זיינע עובדות.

פארשטעהט זיך אז ברוך האט געהאט גרויס דרך ארץ פאר אט דעם גאון, וועלכער האט געשטאמט פון א משפחה פון באוואוסטע לומדים אין פוילען. ווען ער איז נאך געווען א פופצעהן יאהריגער איינגעל האט ער גע'שם'ט אלס דער סטאוויסקער עלוי. ער איז געווען קלאהר אין גאנץ ש"ס. זיין התמדה האט גאר קיין גלייכען נישט געהאט. ער האט בפועל ממש געלערנט יומם ולילה, שלאפענדיג נאר א צוויי-דריי שעה דורכ'ן מעת-לעת. דערצו פלעגט ער פאס-טען יעדען מאנטאג און דאנערשטאג און אויך פרייטאג. פון זיין סאמע יוגענד האט ער נאר גערעדט דברי תורה און זיך לחלוטין אנטזאגט צו ריידען דברי חול. פון עם הארצים האט ער געוויכט. ער האט א פראסטען, ניט-לומדישען מענשען צו זיך ניט צוגעלאזט. ער האט מיט אזוינע מענשען פשוט ניט געהאט וואס צו ריידען. אין וויטעבסק איז ער אנגעקומען אלס יונגער מאן. פאר א משך פון פופציג יאהר האט ער זיך געהאט אפגעזונדערט פון דער וועלט אין איינעם פון די שטיבלעך פון דעם גרויסען בית המדרש אין וויטעבסק.

ברוך האט איצט געוואלט ביי זיך אפמאכען, ווער פון די צוויי, דער גאון ר' שמחה זעליג אדער דער שמש ר' זלמן חיים, איז מעהר ניחה דעם רבונו של עולם — צי ר' שמחה זעליג מיט זיין תורה און זיין התבודדות, אדער ר' זלמן חיים מיט זיין טהעטיגקייט צווישען אידישען המון. ברוך האט געמוזט קומען צו דער מסקנא אז ניט ר' שמחה זעליג נאר ר' זלמן חיים געהט אויפ'ן ריכטיגען דרך, ווייל דער דרך פון אט דעם שמש איז אזעלכער וואס מוז גע-פעלען דעם רבונו של עולם און אויך דעם מענשען.

אויב ברוך האט איצט מעהר ניט געהאט פאר זיך ר' זלמן חיים'ען, האט ער אבער געקענט זעהן אין יאנאוויטש ממש אויף שריט און טריט דעם גרויסען רושם וואס ער האט דארט געמאכט. אט האט ער באזוכט דעם בית המדרש וואו ר' זלמן חיים איז געווען שמש. ער האט זיך צוגעהערט צו דעם

שיעור וואס זלמן ליב האט געזאגט פאר א גרויסען עולם. דער שיעור איז געווען וועגען דער סוגיא „המקדש במלוה" און וועגען דער סוגיא „קדשה בגזל" (קדושין מו, נב). זלמן ליב האט דעם שיעור געזאגט מיט גרויס חריפות. דאס האט אבער ברוד'ן ווייניג וואס געוואונדערט. ער האט געוואוסט פון פריהער, אז זלמן ליב איז א גרויסער למדן. וואס איהם האט יא געוואונדערט איז געווען די התלהבות מיט וועלכער זלמן ליב האט געדאווענט, וואס איז געווען לגמרי אנדערש פון דעם ווי ער האט מתפלל געווען אמאל. דאמאלס האט זלמן ליב ממש אפגע'פטר'ט דעם דאווענען שנעל און האט קיינמאל ניט געציינט אז ער פיהלט דערביי א וועלכע עס איז ווארימקייט.

ברוד האט געוואוסט, אז אט די ענדערונג וואס האט געמיינט, אז ענדליך איז זלמן ליב'ס נשמה דערוואכעמט געווארען און אנגעהויבען קומען צום אויסדרוק, איז געווען איינגאנצען צו פארדאנקען די השפעה וואס עס האט אויף איהם געהאט דער שמש ר' זלמן חיים. יענער האט זלמן ליב'ן ענדליך ארויסגעהויבען פון די ד' אמות של הלכה. ער האט איהם אנגעווארעמט די נשמה. ער האט ביי איהם ארויסגערופען דעם אינערליכען מענשען און האט איהם אויך אנגעציינט אויף דאס עיקר'דיגע אין לעבען — צו זיין א בעל מידה. ברוד האט אויך געהאט א געלעגענהייט צו באזוכען זלמן ליב'ן אין דער היים. ער האט איהם דארט געטראפען פארטיעפט אין איינעם פון די ספרים פון דער מהר"ל מפראג. זלמן ליב'ס פנים איז געווען פארפלאמט. מען האט געקענט לייכט זעהן אז ער פיהלט דעם למוד מיט'ן הארצען און מיט דער נשמה. אין משך פון דער צייט, וואס ברוד איז געווען אין חדר, איז דארט אריינגעקומען זלמן ליב'ס א זעקס יאהריגער אינגעלע און דער טאטע האט אנגעהויבען שטראפען זיין קינד דערפאר וואס ער האט באמערקט אז אין א ציצה פון זיין ארבע כנפות פעהלט א פאדים. פאר ברוד'ן איז עס געווען דער בעסטער באווייז אז זלמן ליב פיהלט איצט זיין אידישקייט ניט נאר מיט'ן מח נאר אויך מיט'ן הארצען און נשמה.

עהנליכע ענדערונגען האט ברוד געזעהן ביי אנדערע אידען אין יאנאַוויטש, באזונדער ביי די וואס האבען געדאווענט אין דעם בית המדרש אויפ'ן מארק און זיינען דערפאר געווען אונטער ר' זלמן חיים'ס השפעה.

אט איז געווען פיניע דער בלעכער. ער איז געווען פון די ערשטע וואס האבען זיך צוגעהערט ווי ר' זלמן חיים זאגט עין יעקב. איצט איז שוין פיניע געזעסען ביי דעם שיעור גמרא וואס איז געזאגט געווארען פון דעם באוואוסטען גביר אין יאנאַוויטש, ר' יעקב אייזיק. יענער שיעור איז געווען גוט באקאנט אין יאנאַוויטש, ניט נאר דערפאר וואס ר' יעקב אייזיק איז אליין געווען באוואוסט, נאר אויך דערפאר וואס אט ביי דעם שיעור זיינען געזעסען די גרעסטע לומדים פון שטאט.

ברוד איז פון אנפאנג געווען פארוואונדערט וואס אט דער פשוט'ער פיניע דער בלעכער, וועלכער האט אמאל קוים באנומען א שטיקעל עין יעקב, זיצט איצט ביי א שיעור גמרא און דערצו נאך מיט אזוינע לומדים. ער האט געמיינט אז דאס זיצט זיך פיניע אזוי זיך און אז ער פארשטעהט קוים וואס מען רעדט דארט. צו זיין גרויסער איבעראשונג האט ער אבער געהערט ווי פיניע נעהמט אנטייל אין דעם פלפול און אין די סברות וואס ווערען ביים

טיש ארויסגעזאגט. עס הייסט, אז פיניע איז איצט שוין געווען א שטיקעל למדן. פון וואנען דאס האט זיך גענומען? פשוט דערפון וואס ער האט די גאנצע צייט זיך צוגעהערט צום לערנען און איז אליין געווארען א למדן.

פאר ברוד׳ן איז דאס געווען דער בעסטער באווייז, אז מען קען פשוט׳ע פאלקס־מענשען אויסבילדען און דערהויבען. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס זיי האבען ווייניג געלערנט אין זייער יוגענד, קענען זיי אבער זיך דערהויבען צו א העכערער מדרגה ווען זיי הערען זיך צו צו דעם וואס מ׳לערנט אין בית המדרש. ס׳איז געווען אַן אַנדער דערגרייכונג פון דעם שמש ר׳ זלמן חיים׳ן. אַן אַנדער ביישפיל איז געווען שמשון דער מעלעקער, שמשון דער קצב און פייוועל דער טעפער, אלע דריי זיינען געזעסען ביים טיש ווען ר׳ זלמן חיים האט געזאגט חומש. עס האט אויסגעזעהן אז מעהר ווי א שטיקעל חומש קע־נען זיי ניט פארנעהמען. איצט זיינען זיי שוין געזעסען ביי משניות און, לויט ווי ברוד האט געקענט זעהן, זיינען זיי געווען גוט באהאוועגט אין משניות.

א חוץ וואס אַט די אידען זיינען געווארען לומדישער, זיינען זיי אויך געווארען אנדערש אין זייער הנהגה. ברוד האט גוט גדיינקט ווי אזוי אַט די מענשען פלעגען שטעהען אויפ׳ן מארק, יעדער ביי זיין קלייט, אדער ביי זיין טישעל אויפ׳ן גאס, און האבען געטריבען לצנות, אפילו אפט געקריגט זיך און באפאלען איינער דעם צווייטען מיט זלזולים. איצט זיינען זיי אלע געווען גרויסע בעלי מידה און זיך אויפגעפיהרט ווי אמת׳ע יראי שמים.

אויך בערל דער איין־אויגעלדיגער און כאציע די ציינער, ווי מען האט זיי גערופען אין יאנאוויטש צוליעב זייערע מומים, זיינען איצט געזעסען ביים טיש אין בית המדרש און זיך צוגעהערט צו אגדה אדער תהילים. א גרויסע פעולה האט ברוד אויך באמערקט אפילו אין אזוינע פארשוינען ווי שאול דער פערד גנב און יעקב זלמן דער קלעזמער. אויב שאול איז געווען צווישען די שפל׳סטע אין יאנאוויטש צוליעב דעם וואס מען האט איהם געהאלטען, ווי זיין צונאמען האט געצייגט, פאר א פערד גנב, איז יעקב זלמן דער קלעזמער געהאלטען געווארען שפל דערפאר וואס ער פלעגט שפיעלען אין פריצישע הויפען און מען האט אויף איהם געזאגט, אז ער פיהרט זיך דארט אויף גאר ניט אידישלאך.

איצט האבען אבער ביידע אינגאנצען געהאט געענדערט זייער דרך. זיי האבען ביידע אויפגעגעבען זייערע פריהערדיגע פרנסות. שאול האט זיך מפרנס געווען פון עהרליכער ארבייט און יעקב זלמן האט אויפגעהערט שפיעלען פאר גוים און איז געווארען א קלעזמער אויף אידישע שמחות. זייער לידיגע צייט האבען ביידע פארבראכט אין בית המדרש.

גאר א גרויס חידוש איז ביי ברוד׳ן געווען מרדכי דער מילנער, וועלכער איז איצט געווען א קרעמער אין יאנאוויטש און איז אויך געווען דער גבאי פון דעם בית המדרש. אַט דער דאזיגער מרדכי, וועלכער האט אלע זיינע יאהּ־רען אפגעלעבט אויפ׳ן דארף, האט פריהער קוים געקענט באנעהמען אפילו א שטיקעל אגדה, איצט איז ער געזעסען ביים שיעור גמרא און האט זיך אפילו באטייליגט אין די ויכוחים. ברוד האט דא פאר זיך געזעהן א לעבעדיגע

ביישפיעל פון דעם וואס מען קען אויפטהאן פאר פשוט׳ע פאלקס־מענשען. עס האט מעהר קיין צווייפעל ניט געקענט זיין, אז ניט דער דרך פון דעם אפגע־שלאסענעם און פון מענשען־אפגעזונדערטען ר׳ שמחה זעליג׳ן דעם פרוש איז געווען דער ריכטיגער, נאר פון דעם שמש ר׳ זלמן חיים וועלכער האט פארשפרייט תורה און מעשים טובים צווישען פשוט׳ע מענשען.

## כז.

## דער אויסגעלאכטער

**א פאסירונג אין יאנאוויטש וואס האט שטארק געערגערט ברוך׳ן. — דער ויכוח מיט זיין שוואגער. — עבודה זרה און פארוואס מען טאר פון דעם ניט קיין הנאה האבען.**

פאר ברוך׳ן איז זיין נייער באזוך אין יאנאוויטש געווען א ווירקליכע אנטפלעקונג. ער האט איצט געקענט זעהן מיט זיינע אויגען די ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין מענשען און ווארום די דאזיגע ענדערונגען זיינען פארגעקומען.

ער האט געקענט פארגלייכען שיטות, זיי ליינען אויף׳ן וואגשאל און אורטיילען וועלכע פון זיי איז די ריכטיגערע און ברענגט מעהר פעולה פאר מענשען אין זייערע באציהונגען בין אדם לחבירו און אויך בין אדם למקום. ער איז נאטירלאך געווען פולקאם איבערצייגט, אז די שיטה פון דעם שמש ר׳ זלמן חיים, וועמעס דרך איז געווען דער דרך פון א נסתר, ווידמענדיג זיך אין גאנצען צו לערנען און דערהויבען די פשוט׳ע פאלקס־מענשען און צו איינפלאנצען גוטע מדות אפילו אין לומדישע אידען, איז געווען די ווירקזא־מערע און די אפעלירענדיגערע צו זיין אייגענעם הארצען.

ברוך האט איצט, אויף זיין שטייגער, געקענט האבען א ויכוח מיט זיך אליין, און פונקט ווי דאמאלס ביים לערנען גמרא, ווען ער האט געפיהלט ווי ער וואלט געהאט פאר זיך אין בלוט און פלייש די תנאים און די אמוראים, און אויסגעהערט זייערע ויכוחים און זייערע פלוגתא׳ס, פארנעמענדיג און פארטיפענדיג זיך אין יעדער סברא און געדאנק, אזוי האט ער אויך איצט געוואויגען און געמאסטען אין זיין מח די פארשיידענע מיינונגען און ריכ־טונגען אין אידישען לעבען.

ארויסשפאצירענדיג אויסער׳ן שטאט, כדי צו זיין מיט דער נאטור, וואס ער האט אזוי שטארק געליעבט פון זיין קינדהייט, האט ער זיך ביים זייט פון וועג געזעצט אויף׳ן שטאם פון א בוים און זיך פארטראכט. אין מח איז איהם אויפגעשוואומען דער אינטערעסאנטער ויכוח וואס ער האט געהאט איידער ער האט פארלאזט וויטעבסק, מיט זיין אייגענעם שוואגער, דעם עילוי און ראש הישיבה, ר׳ יוסף יצחק. עס איז געווען א זוניגער טאג אין אנפאנג ניסן. נאך דעם קאלטען ווינטער איז עס געווען פשוט א דערפרישונג צו זיצען אין דער זון און זיך ווארימען.

ברוך איז געווען אויף׳ן וועג צוריק פון זיין טעגליכער ארבייט. דורכ־געהענדיג דעם שטאטישען גארטען, האט ער באמערקט אויף א באנק זיין

שוואגער, ווארימענדיג זיך אין דער זון. ברוך האט זיך לעבען איהם צוגע־זעצט. אז אינטערעסאנטער שמועס האט זיך צווישען זיי אנטוויקעלט, ווען ברוך האט געמאכט א באמערקונג וועגען דער ווארימקייט פון דער זון און די מילדקייט פון דעם וועטער, פארענדיגענדיג מיט דעם וואס עס שטעהט געשריבען, אז "שמש צדקה ומרפא" (אז די זון ברענגט א רפואה).

אויף דעם האט דער ראש ישיבה געענטפערט, אז עס איז אמת, אז די זון היילט און טאקע דערפאר איז פאראן א סברא, אז מען טאר ניט הנאה האבען פון איהר ליכט און איהר היילענדיגעווירקונג, ווייל דאס שמעקט מיט עבודה זרה. ווארום צוליב אט די אייגענשאפטען פון דער זון האבען דאך די אמאליגע געצענדינער צו איהר געדינט ווי צו אן אפגאט.

— וועסטו דאך אבער פרעגען — האט ר' יוסף יצחק געפונען א געלע־גענהייט ארייצוגעהן אין א לומדישער חקירה — סטייטש, לויט דער סוגיא אין דער מסכת עבודה זרה (דפים מ"ה, מ"ו, מ"ז) איז דאך קלאהר, אז דאס וואס מען קען ניט אנטאפען מיט קיין מענשליכער האנט און וואס קיין מענש האט ניט געשאפען, מעג מען פון דעם הנאה האבען, אפילו ווען דאס ווערט באנוצט פון געצענדינער ווי אן עבודה זרה און די זון דארף דאך געהערען צו אט דעם מין? ווייל איך דיר אבער זאגען, אז דארט גופא ווערט געזאגט, אז נאר דאס צו וואס מען דינט, איז אין אזא פאל מותר בהנאה, אבער דאס וואס קומט דערפון ארויס איז אסור, און דאס ליכט און די היילענדיגע אייגענשאפטען פון דער זון זיינען דאך פונקט דאס וואס עס ווערען פון דער זון ארויסגעגעבען. דערפאר וואלט מען טאקע געדארפט זאגען, אז דאס איז אסור. דא קען מען אבער אנווייזען אויף דער פלוגתא אין פסחים (כ"ה און ע"ב) וועגען א הנאה וואס קומט צו א מענשען ניט מיט זיין אייגענעם ווילען. אביי זאגט, אז אזא הנאה איז מותר און רבא זאגט, אז עס איז אסור. אבער אפילו לויט אביי'ן וואלט נאר דאס ליכט פון דער זון געדארפט זיין מותר, דערפאר וואס דאס קומט צום מענשען בעל כרחו, אבער די היילענדיגע קראפט פון דער זון ווערט דאך שוין פון מענשען באנוצט מיט כוונה, ווייל ער דארף דאך קומען זעצען זיך ווארימען אין דער זון, און דערפאר וואלט עס געדארפט זיין גע'אסור'ט. נאר דער תירוץ איז — האט דער ראש ישיבה אליין אויסגעפיהרט — אז דער סאמע גרונט געדאנק דערביי איז, אז עבודה זרה איז אסור בהנאה נאר דאמאלס, ווען זי, די עבודה זרה, איז געשאפען געווארען פריהער און די הנאה פון איהר קומט נאכהער, אבער אויב די הנאה איז געקומען פריהער און די עבודה זרה שפעטער, דאמאלס איז קיין איסור דערביי ניטא. דאס מיינט פשוט, אז דארט וואו די געצענדינער האבען זיך אליין געמאכט אן עבודה זרה, דאמאלס איז טאקע אסור פון דעם הנאה צו האבען. אין פאל פון דער זון איז זי דאך באשאפען געווארען פון גאט ברוך הוא אליין אין די ששת ימי בראשית. דער אויבערשטער האט אין איהר אריינ־געגעבען די אלע כחות צו ברייגען ליכט, צו געבען כח די פלאנצען, אז זיי זאלען וואקסען און דער ערד צו געבען מענשען זייער שפייז ווי אויך צו ברייגען מענשען א רפואה צו פארשיידענע מחלות. די געצענדינער האבען

צו דער זון אנגעהויבען דינען שפעטער. דערפאר קען דא נים חל זיין דער איסור אין שייכות מיט האבען הנאה פון עבודה זרה.

אט דער שמועס, וואס האט דאמאלס אויף ברוך'ן געמאכט א רושם פאר דער שארפזיניגקייט וואס זיין שוואגער האט דערביי ארויסגעוויזען, האט אבער איצט ביי איהם אויסגעקוקט נים וויכטיג גענוג אין פארגלייך מיט די מעשים פון אזא אידען ווי דער שמש ר' זלמן חיים, וואס האבען געהאט צו טהאן מיט דער ווירקליכקייט פון לעבען, מיט די טאג־טעגליכע באדערפענישען פון יעדען מענשען.

פאר ברוך'ן איז געשטאנען אין קאנטראסט די לומדישע וועלט ווי די וואס זיין שוואגער האט פארטראטען און די וועלט פון דעם גרויסען און ברייטען אידישען המון וואס דער מערקווירדיגער שמש פון יאנאוויטש האט פארטראטען. ברוך איז געווען דורכאוים איבערצייגט, אז ווי גרויס עס איז געווען צו באוואונדערען די וועלט אין וועלכער זיין שוואגער און די אלע אנדערע גרויסע גייסטער פון תורה האבען געלעבט, איז אבער ניט געווען גענוג צו זיין אפגעשלאסען אין די ד' אמות של הלכה. מען האט געמוזט געהן צום פאלק, אט ווי דער שמש ר' זלמן חיים, און העלפען אויפהויבען די פשוט'ע מענשען צו תורה און מעשים טובים און אריינברייגען ליכט אין זייערע ארימע לעבענס.

פאר דער קורצער צייט וואס ברוך האט זיך אויפגעהאלטען אין יאנאוויטש האט ער זיך באקאנט מיט מרדכי דעם מילנער'ס דריטען איידים, אברהם יצחק. יענער איז אין גאנצען געווען אונטער דער השפעה פון דעם פארשוואונדענעם שמש. ער האט געווידמעט זיין צייט צו לערנען מיט בעלי מלאכות, שאפענדיג פאר זיי שיעורים אין שלחן ערוך און אין משנה.

ברוך האט זיך צוגעקוקט צו די וואס האבען זיך צוגעהערט צו אברהם יצחק'ס שיעורים. זיי זיינען באשטאנען פון עלטערע מענשען און־יונגע בחורים, אפילו פון אינגלאך. אלע האבען זיי געפונען אן אינטערעס אין זיינע לימודים. אברהם יצחק האט געהאט דעם כח פון הסברה און דעם כח צו געווינען צוהערער. וואס ברוך'ן האט פאר'חידוש'ט איז דאס וואס צווישען די צוהערער איז אויך געווען דער בחור'ל חיים, שמשון דעם מעלעקער'ס זונדעל. ברוך האט איהם געדענקט פון דריי יאהר צוריק. חיים איז געווען דער באד־יונג פון יאנאוויטש. ער פלעגט אפטאן אלע מעשים תעתועים אין שטאט. איהם, ברוך'ן, איז ער שטארק דערגאנגען די יאהרען. ברוך האט פאר א צייט זיך דערנעהרט דערפון וואס ער פלעגט צוטראגען זעק מיט מעהל פון שמשון דעם מעלעקער צו די בעקער. חיים פלעגט איהם אפטאן אלערליי שטוקעס און נגישות. איצט איז חיים געזעסען ביים טיש און זיך צוגעהערט ווי אברהם יצחק לערענט מיט'ן עולם. אברהם יצחק האט געהאט די פעהיגקייט צו געווינען מיט דעם וואס ער פלעגט דערצעהלען אגדות און זיי מסביר זיין פאר'ן עולם.

דער עולם פלעגט די אגדות דערנאך איבערדערצעהלען איינער צום צווייטען און מען איז שטענדיג געווען אונטער'ן רושם און די השפעה פון דעם מוסר השכל וואס די דאזיגע אגדות אנטהאלטען. ברוך האט איינמאל זיך צוגעהערט ווי אברהם יצחק דערצעהלט דעם עולם די מעשה פון רבי עקיבא'ן,

ווי אזוי ער איז געווען א פאסטוד און אז עם האריץ און האט פשוט פיינט געהאט תלמידי חכמים. אבער זיין האריץ האט זיך דערנאך א קעהר געטאן צו תורה און פון איהם איז ארויסגעוואקסען איינער פון די גרעסטע אידישע גייסטער.

אברהם יצחק האט די דאזיגע מעשה דערצעהלט מיט אזוי פיעל התלהבות און אזוי פיעל ליעבע, אז עס איז געווען קלאהר, אז ער האלט, אז יעדער איד, ווי פראסט ער זאל ניט זיין, קען און דארף נאכטאן רבי עקיבא'ן. אברהם יצחק האט אין א סך פרטים נאכגעטאן דעם שמש ר' זלמן חיים'ן מיט דעם וואס, אחוץ זיינע שיעורים, האט ער תמיד מקרב געווען די פראסטע אידען און פלעגט כסדר זאגען, אז די לומדישע אידען האבען א גרויסען חוב צו די פראסטע אידען.

אויך ער פלעגט ארומגעהן איבער'ן מארק און איבער די גאסען פון שטאט און ווען ער האט געזעהן ווי אימיצער באגעהט עפעס אן אומרעכט, איז ער באלד יענעם צוגעקומען מוסר'ן. אברהם יצחק האט זיך עס אזוי גע־נומען צום הארצען ווי ער אליין וואלט די עוולה געהאט באגאנגען.

ברוך האט אבער אויך געהאט די געלעגענהייט צו באמערקען, אז ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער פעולה, וואס ר' זלמן חיים האט אויפגעטאן אין יאנאוויטש, איבערלאזענדיג אזוינע נאכפאלגער ווי אברהם יצחק און אנדערע, איז נאך דארט אלץ געבליבען נענוג פון דעם אלטען גייסט. דאס האט גע־מיינט, אז דער למדן קוקט פון אויבען ארונטער אויף'ן פראסטען אידען און פרובירט איהם אפילו דערנידעריגען און טרייבען שפאס אויף זיין חשבון.

ער האט געהאט צוגעזעהן א געשעהעניש, וואס האט אויף איהם גע־מאכט א פיינליכען איינדרוק.

עס איז געווען א מאנטאג צו קריאת התורה. שלמה דער בעקער אדער ווי מען האט איהם אין יאנאוויטש אויך גערופען שלמה דער קנעטער און שלמה וויטעבסקער, א פראסטער אבער פרומער איד, איז געקומען שפעט צום מנין און איז געשטאנען און געדאווענט פאר זיך, בעת דער מנין האט שוין געהאלטען ביי קריאת התורה. דער שמש האט ניט געוואוסט, אז שלמה דאווענט ניט מיט'ן מנין און נאטירלאך אויך ניט, אז ער האלט דארט, וואו מען טאר ניט מפסיק זיין. ער האט איהם אויסגערופען צו דער תורה. שלמה האט מפסיק געווען אין דאווגען און האט עולה לתורה געווען. דערנאך האט ער ווייטער פארטגעזעצט זיין תפילה.

עטליכע פון די מתפללים האבען באמערקט, אז נאכדעם ווי שלמה איז ארונטער פון דער בימה, האט ער גענומען די ציצית אין האנט און אנגעהויבען זאגען קריאת שמע. דאס איז ביי זיי געווען א באוויז, אז שלמה האט מפסיק געווען אין קריאת שמע, דארט וואו ער האט ניט געטארט מפסיק זיין.

אז מען האט פארענדיגט דאווגען, האבען עטליכע לצים אנגעהויבען טרייבען שפאס אויף שלמה'ס חשבון, אפלאכענדיג פון זיין עם הארצות. מען האט שלמה'ן געמאכט אלערליי שטעכיגע פארוואורפען און זיך מיט איהם גע־רייצט, ווי ער וואלט דא געהאט באגאנגען מי יודע וואס פאר א פארברעכען,

כאטש אין דער אמת'ן איז עס אלץ געווען נאר דערפאר, וואס ער האט ניט געוואוסט, אז מען טאר ניט מפסיק זיין.

ברוד'ן האט ווען געטאן דאס הארץ צו זעהן ווי אט דער פשוט'ער אבער עהרליכער שלמה נעהמט זיך שטארק צום הארצען די "עבירה" וואס ער איז באגאנגען. די לצים האבען איהם אנגעהויבען סטראשען מיט גיהנם און מיט פארשיידענע עונשים, וויסענדיג, אז שלמה האט דערפון גרוים צער.

וואס האט ברוד'ן פארשאפט נאך מעהר צער איז געווען דאס וואס צווישען די וואס האבען זיך איזדיעקעוועט איבער דעם פשוט'ען אידען איז אויך געווען דער גביר פון יאנאוויטש ר' יעקב אייזיק. ער איז שוין געווען א זקן. ער האט געשפילט א גרויסע ראל אין שטאט. אבער אויך דער דאזיגער ר' יעקב אייזיק האט ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון ניט צו האבען קיין שפאס אויף'ן חשבון פון א פראסטען אידען, וועלכער האט גענומען ערנסט יעדען ווארט וואס מען האט איהם געזאגט און האט ממש זיך געקארטשעט פון וועהטאג. ער איז געשטאנען מיט אויגען פארלאפען מיט טרערען, ווען אלע ארום האבען איהם געהאלטען אין מאכען לצנות'דיגע פארוואורפען.

מילא, אויף די געוויינליכע לצים האט ברוד נאך ניט געהאט אזוי שטארק פאריבעל. ער האט עס אנגענומען נאר פאר א באוויז, אז אין אידישען לעבען זיינען נאך דא געגוג מענשען, וואס שטעהען אויף א נידעריגער מדרגה. אבער אויף ר' יעקב אייזיק'ן האט ער געפיהלט גאר א שטארקען פאריבעל, באזונדער ווען ער האט געוואוסט דעם אינטערעסאנטען אפשטאם זיינעם.

## כח.

### דער "שר" פון יאנאוויטש

א זעלטענער טיפ איד פון אמאליגע יאהרען. — דער בלבול און ווי ער איז בטל געווארען. — א בן יחיד וואס געהט ניט אין פאטער'ס דרכים.

ר' יעקב אייזיק איז געווען דער בכבוד'דיגסטער בעל הבית פון יאנאוויטש. ער איז אויך געווען דער סאמע גרעסטער בעל דעה אין שטאדט. אלע האבען פאר איהם מורא געהאט, ווייל אלע האבען געוואוסט דעם גרויסען כח און איינפלוס וואס ער האט געהאט. ר' יעקב איז געווען א געבארענער אין יאנא־וויטש. זיין פאטער, ר' שמשון אליה, האט פאקטיש געשטעלט יאנאוויטש אויף די פיס. ער איז געווען א זוהן פון דעם גאון ר' יעקב פון וויטעבסק און א גרויסער מושלם און לאנד־חכם. ער האט געקענט גוט רוסיש און פויליש און איז אויך געווען א גוטער בעל חשבון. צוליב אט די קענטעניששען זיינע האט איהם גראף ליפסקי, איינער פון די גרעסטע און רייכסטע גוט־באזיצער אין וויטעבסקער גובערניע, געמאכט פאר דעם אויפזעהער פון זיינע גיטער ביי יאנאוויטש.

ר' שמשון אליה האט זיך צוליב דעם באזעצט אין יאנאוויטש, און א דאנק איהם זיינען די אידען דארט געווען געזיכערט מיט פרנסה. די שטאדט האט אנגעהויבען אויפבליהען, ניט נאר אין גשמיות נאר אויך אין רוחניות. אלע מוסדות פון תורה און צדקה זיינען פארשטארקט און אויסגעברייטערט גע־

ווארען. אין א משך פון צוואנציג יאהר איז די אידישע קהילה אין יאנאוויטש שטארק אויסגעוואקסען אין כמות און אין איכות. עס זיינען צוגעקומען א סך תלמידי חכמים. בעלי הבית'ישע אידען האבען גענומען וואויל-לערנער פאר איידימס. מען האט געבראכט לומדישע אידען צו זיין מלמדים פאר די קינדער. אין די בתי מדרשים זיינען געזעסען בחורים און פרושים און זיך עוסק געווען אין תורה.

דער סאמע צענטער פון אינטערעס אין יאנאוויטש איז געווען דאס גביריש הויז פון ר' שמשון אליה'ן, וואס איז געווען אן אמת'ער בית ועד לחכמים. ווער נאר עס האט געוואלט זיך אנזאפען מיט תורה און חכמה איז געקומען דארט אין הויז. ר' שמשון אליה'ס הויז איז אויך געווען אפען פאר אורחים, באזונדער פאר בני תורה. גאר א סך זיינען דורך איהם נתעשר געווארען. וואס איז שייך צדקה, האט ר' שמשון אליה תמיד געהאט אן אפענע האנט. ער איז תמיד געווען גרייט צו טאן אימיצען א טובה, ווער רעדט ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען באזארגען א אידען מיט פרנסה. האט מען טאקע תמיד ארויפגעקוקט צו ר' שמשון אליה'ן און מען האט איהם געהאלטען פאר דעם סאמע פיהרער פון שטאט און איהם גערופען דער שר פון יאנא-וויטש. מען האט זיך אין דער אמת'ן מיט איהם גערעכענט א סך מעהר ווי מיט גראף ליפסקי אליין.

לעבען יאנאוויטש האט זיך געפונען א קליינער פריץ, וועלכער האט זיך שטארק מתקנא געווען אין ר' שמשון אליה'ן. ער האט איהם ניט פארגונען זיין גדולה און דעם צוטרוי וואס גראף ליפסקי האט צו איהם געהאט. האט אט דער קליינער פריץ געמאכט א בלבול אויף ר' שמשון אליה'ן. ער האט איהם באשולדיגט אין באגעהן פעלשונגען. עס האט געזאלט הייסען, אז ר' שמשון אליה האט, רחמנא לצלן, באשווינדעלט גראף ליפסקי'ן און געפעלשט די חשבונות פון זיינע גיטער. ניט באנוגענדיג זיך מיט סתם באשולדיגונגען האט דער פריץ געשטעלט פאלשע עדות וואס האבען כלומרשט באשטעטיגט אלץ וואס ער האט געזאגט.

ווען מען האט זיך אין יאנאוויטש דערוואוסט וועגען דעם בלבול אויף ר' שמשון אליה'ן איז אויף דער גאנצער קהלה געפאלען א פחד. עס איז איינ-גערופען געווארען אן אסיפה און עס איז באשלאסען געווארען גוזר צו זיין א תענית בה"ב און צו זאגען סליחות און לייענען ויחל ווי אין אן אמת'ן תענית צבור. עס איז אויך באשלאסען געווארען, אז די גאנצע עדה אידען אין יאנאוויטש זאל קומען נעמען א שבועה, אז ר' שמעון אליה איז אומשולדיג.

אויך אין די דערפער און אויף די גיטער, אויף וועלכע שמשון אליה האט געהאט אויפזיכט, איז געווארען א גערודער. אלע האבען זיך שטארק מצער געווען וואס ר' שמשון אליה ווערט באשולדיגט, וויסענדיג, אז דאס איז כזב ושקר. עס איז דארט באשלאסען געווארען צו שיקען שלוחים צו גראף ליפסקי'ן, וועלכער האט זיך דאמאלס געפונען אויף זיינעם א גוט ביי ווילנע, און זיך ביי איהם משתדל זיין פאר ר' שמשון אליה'ן.

אויב עס איז געווען אימיצער וואס האט זיך געהאלטען רוהיג, איז עס געווען ר' שמשון אליה אליין. ניט קוקענדיג אויף דעם צער וואס גאנץ יאנא-וויטש האט ארויסגעוויזען און דעם באזונדערען צער פון זיינע בני בית, האט

ער, ווי זיין שטייגער איז שטענדיג געווען, געהאלטען אין זאגען, אז ער פאר־לאזט זיך איינגאנצען אויפ׳ן רבונו של עולם און אז ערשט איצט דארף ער בודק זיין זיינע מעשים און מתקן זיין די פעלערען וואס ער איז געווים באגאנגען, ווארום אנדערש וואלט מען אויף איהם ניט געמאכט קיין בלבול.

ר׳ שמשון אליה איז אין דעם פרט געווען א מערקווירדיגער מענש. ער האט געהאלטען, אז אלץ קומט פון דעם רבונו של עולם, אז אלץ איז אן ענין פון השגחה פרטית. ער האט קיינמאל זיך ניט געגרויסט מיט זיין גדולה און דערפאר אויך זיך ניט געפיהלט געפאלען מיט זיין מעגליכער ירידה. ער האט געהאלטען אז עס איז זיין חוב אנצונעהמען אלץ וואס ווערט איהם צוגעטיילט פון דעם אויבערשטענ׳ס האנט, דאס גוטע אזוי גוט ווי דאס שלעכטע.

עס איז טאקע געווען דערפאר וואס ר׳ שמשון אליה האט נאר אויסגע־נוצט זיין גדולה און עשירות צו העלפען אנדערע. איצט, אז ער איז געשטאנען פאר א סכנה, האט ער גאר געפיהלט, אז ער דארף זיך מעהר מתדבק זיין אין רבונו של עולם. ר׳ שמשון אליה האט אט דעם בליק אויף דעם גאנג פון דער וועלט געהאט געקראגען פון זיין סאמע קינדהייט, אונטער דער השפעה פון זיין פאטער און באזונדער פון זיין עלטער פעטער, ר׳ יחיאל משה, וועלכער איז געווען א גרויסער בעל מידה און ירא שמים.

ר׳ שמשון אליה׳ס פאטער איז ניט נאר געווען א גאון נאר אויך א גרוי־סער עושר. ביי זיי אין הויז האט מען זיך געפיהרט אין גרוים הרחבה. ר׳ שמשון אליה איז פון געבורט געווען א שוואך קינד און דערפאר האט מען אויף איהם ניט געלייגט אזוי שטארק דעם עול פון תורה. אנשטאט תורה האט מען איהם מעהר געלערענט מדות טובות.

זיין מוטער האט געשטאמט פון פראג. אויך ר׳ יחיאל משה, וועלכער איז געווען זיין מוטער׳ס א פעטער, האט אויך געשטאמט פון פראג. ער האט זיך געהאלטען פאר א תלמיד פון דעם מהר״ל מפראג און שטענדיג געלערענט דעם מהר״ל׳ס ספרים. ער האט זיך אויך שטענדיג געפיהרט לויט די דאזיגע ספרים. ר׳ יחיאל משה האט שמשון אליה׳ן געלערענט פון זיין סאמע יוגענט ווי זיך צו פיהרען לויט אט דער לעהרע פון דעם מהר״ל. די אמונה, אז אלץ ווערט געפיהרט לויט השגחה פרטית איז דערפאר געווען איינגעפלאנצט ביי איהם פון זיין קינדהייט.

ווען ר׳ שמשון אליה האט געהערט אז די אסיפה אין יאנאוויטש האט באשלאסען צו גוזר זיין תענית בה״ב, האט עס איהם שטארק באנג געטאן. ער האט ניט געוואלט, אז א גאנצע קהלה אידען זאלען צוליב איהם זיך מצער זיין. האט ער עס אנגענומען ווי א באוויז, אז דער אויבערשטער האט געוואלט אז ער זאל גורם זיין, אז די אידען אין יאנאוויטש זאלען תשובה טאן. אין די טעג פון די תעניתים, ווען די אידען פון יאנאוויטש האבען זיך געהאט פארזאמעלט אין די בתי מדרשים, איז ר׳ שמשון אליה אויך געווען צווישען עולם. די געוויינען האבען זיך געטראגען עד לב השמים. ר׳ שמשון אליה האט געוויינט מעהר פאר אלעמען. זיין צער איז געווען ניט בלויז איבער זיין איי־גענעם גורל נאר מעהר פאר אלץ איבער דעם גורל פון דעם גאנצען קהל. ווען עס איז אבער געקומען צו דעם צווייטען באשלוס פון דער אסיפה, אז דער גאנצער קהל זאל שווערען, אז ער איז אומשולדיג, האט שוין ר׳ שמשון אליה

מעהר עס ניט געוואלט דולדען. ער איז דורכאויס באשטאנען, אז די שבועה זאל ניט גענומען ווערען. ער האט געזאגט אז ער איז גרייט זיך איבערצוגעבען אין די הענט פון רבונו של עולם.

עטליכע וואכען זיינען פאראיבער און קיין יאנאוויטש זיינען ארונטער־געקומען דריי שלוחים פון גראף ליפסקי. אין משך פון א וואך צייט האבען זיי געהאלטען אין איבערגעהן די חשבונות און אין איבערקוקען די שפייכלער מיט תבואה און אלע אנדערע פארמעגענס אויף די גיטער וואס זיינען געווען אונטער ר' שמשון אליה'ס אויפזיכט. זיי האבען זיך איבערצייגט, אז אלע איז געווען אין ארדנונג. די באשולדיגונג נעגען ר' שמשון אליה איז געווען א פאלשע. ער איז עפענטליך רייננעוואשען געווארען. נאך מעהר, גראף ליפסקי האט באשלאסען עפענטליך אויסצודריקען זיין צוטרויען צום אידישען פאר־וואלטער זיינעם און ער האט איהם געשיקט אלס מתנה א זילבערנע מנורה מיט זעקס רעהרען וואס איז געווען אז אייל און א פערטעל די הויך. ר' שמשון אליה האט די מנורה געבראכט קיין וויטעבסק און האט זי איבערגעגעבען צו א גאלדשמיד וועלכער האט צו איהר צוגעגעבען נאך צוויי רעהרען. ר' שמשון אליה האט דאן די מנורה מנדב געווען אין גרויסען בית המדרש פון וויטעבסק צו בענשען חנוכה ליכט.

יעקב אייזיק איז געווען ר' שמשון אליה'ס בן יחיד. פארשטעהט זיך, אז דער דאזיגער בן יחיד איז אפגעהיט געווארען ווי א ווינש־פינגעריל. מען האט פאר איהם געהאלטען די בעסטע מלמדים. ווען יעקב אייזיק איז געווארען בר מצוה, האט ר' שמשון אליה זיך מישב געווען, אויף דער עצה פון ניט קיין אנדערען ווי דער באריהמטער פרוש פון וויטעבסק ר' שמחה זעליג, צו נעהמען דעם באוואוסטען תלמיד חכם ר' נפתלי זאב פאר א מלמד פאר זיין יעקב אייזיק'ן. ער האט איהם אפגעגעבען א באזונדער הויז און האט איהם באזארגט מיט אלע זיינע באדערפעניששען. ר' נפתלי זאב פלעגט גערופען ווערען "דער גמרא'דיגער", ווייל ער האט שטענדיג געלערענט גמרא. ער איז אבער אויך געווען א בקי אין חקירה ספרים; באזונדער אזוינע ספרים ווי דער "מורה נבוכים" און דער "כוזרי". ר' נפתלי זאב איז אויך געווען א גרויסער ירא שמים. ער איז אבער פון נאטור געווען א קאלט־בלוטיגער און א גרויסער פשטן. ער האט פיינט געהאט אריינצוגעבען וועלכע עס איז זייטיגע פרושים און ווער רעדט פון רמזים און סודות. ניט נאר האט ער גענומען פשוטם כמשמעם אלע וואס האט א שייכות מיט דער הלכה נאר אפילו די אגדות פון דער גמרא האט ער דערקלערט אויפ'ן פשוט'סטען אופן. יענע אגדות וואס האבען זיך ניט געלאזט דערקלערען איינפאך און פשוט האט ער אינגאנצען אריבערגעהיפט. ער האט געזאגט, אז דאס וואס מען קען ניט דערקלערען אויף א פשוט'ן אופן, דארף אינגאנצען ניט דערקלערט ווערען.

בכלל האט ר' נפתלי זאב געהאלטען, אז דער עיקר דארף מען זיך פאר־לאזען אויפ'ן שכל און ניט אויפ'ן געפיהל. ער האט אפילו אין מקיים זיין מצוות נאר געזוכט דאס שכל'דיגע און ניט דאס געפיהלפולע. קאפ האט ביי איהם אינגאנצען געזאלט באהערשען דעם מענשען. הארץ און געפיהל האבען געזאלט שפילען א מינדערוויכטיגע ראלע אדער אינגאנצען קיין ראלע ניט שפילען אין אידישקייט.

ר' נפתלי זאב האט שטארק מדקדק געווען אפצוהיטען דעם כבוד פון תורה און פון תלמידי חכמים. דער עיקר איז ביי איהם געווען דאס לערנען. סתם פרומאקעס און אנשי מעשה האט ער אוועקגעמאכט מיט דער האנט. אויב זיי האבען נאר ניט געלערענט קיין תורה און זיינען ניט געווען קיין גרויסע לומדים האט ער אויף זיי געקוקט פון אויבען ארונטער. באזונדער האט ער זיך באצויגען קאלט און כמעט פיינטליך צום פשוט'ען אידישען פאלקסמענשען.

יעקב אייזיק, זיין תלמיד, איז געווארען שטארק צוגעבונדען צו איהם און אונטער זיין איינפלוס. ער האט טאקע פון זיין רבי'ן געהאט א סך געלערענט וואס איז שייך תורה און וויסען. יעקב אייזיק האט געלערענט ביי ר' נפתלי זאב'ן ביז ער האט געדארפט חתונה האבען.

ר' שמשון אליה האט אבער באמערקט אז זיין זוהן, אויב אפילו ער איז א בן תורה איז ער אבער קאלט צו מענשליכע ליידען און ווערט נישט געריהרט פון קיינעמס צער. אויב אפילו ער גיט צדקה טהוט ער עס אהן הארץ און אהן געפיהל. ר' שמשון אליה האט פון דעם געהאט גרויס צער. עס איז גאר ניט געווען דער דרך אין וועלכען ער איז אליין געגאנגען. ער האט וועגען דעם זיך דורכגערעדט מיט ר' נפתלי זאב'ן. ער האט געוואלט אז ער זאל איהם העלפען מתקן זיין אין זיין זוהן די דאזיגע פעהלערען. צו ר' שמשון אליה'ס איבער־ראשונג האט ר' נפתלי זאב אליין זיך באצויגען מיט גרויס קאלטקייט צום ענין פון צדקה און צו אלץ וואס האט צו טאן מיט'ן מענשליכען לעבען. דער עיקר איז ביי איהם געווען תורה. אלץ האט ביי איהם געזאלט זיין לויט א באשטימטען דרך באזירט אויף די יסודות פון דער הלכה. געפיהל און הארץ האבען ביי איהם פשוט ניט געהאט קיין פלאץ אין לעבען. דאס האט ר' שמשון אליה'ן שטארק דערשלאגען. ער האט געהאט איינגעזעהן פון וואנען זיין זוהנ'ס צוגאנג צום לעבען האט זיך גענומען. עס איז געווען דער איינפלוס פון זיין רבי'ן ר' נפתלי זאב.

## כט.

### בעל הבית וואס פארעהרט זיין משרת

**דער עושר וואס האט צעטיילט זיין פארמעגען אויף צדקה. — פון וועמען דער "שר" פון יאנאוויטש האט געלערענט זיינע מדות טובות.**

ר' שמשון אליה האט געהאט א לענגערען שמועס מיט זיין זוהנ'ס רבי'ן. ר' נפתלי זאב האט פאר איהם קלאהר געמאכט, אז ער האלט ניט פון קיין זאך, א חוץ תורה. אפילו די מדה פון רחמנות האט ביי איהם געזאלט זיין מעהר אן ענין פון קאפ איידער פון הארץ.

נעמט, למשל, אזא ענין ווי צדקה. ביי ר' נפתלי זאב'ן איז עס אלץ געווען צוגעוואוינען און צוגעמאסטען. מען איז לויט'ן דין, האט ער געזאגט, מחויב צו געבען ניט מעהר ווי א פינפטעל פון פארמעגען און ניט ווייניגער ווי א דריטעל פון א שקל א יאהר. אזוי זאגט רב אסי אין בבא בתרא, און פאר ר' נפתלי זאב'ן האט עס געזאלט זיין גענוג.

אפילו דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך" האט ר' נפתלי זאב פרובירט מסביר זיין אויף זיין שטייגער. זאגט דאך רבי עקיבא אין ירושלמי (נדרים

פ"ט), „זהו כלל גדול בתורה", איז די כוונה „העדר השנאה". אויך הלל דערקלערט עס דורך זיין "מאי דעלך סני לחברך לא תעביד", וואס מיינט אייגענטליך, אז דאס איז ניט קיין ענין פון ווירקליכע אהבה, נאר בלויז ניט צו האבען צו יענעם קיין שנאה. וואס איז שייך רבה בר אבוה גיט ער אויף דעם זיין פירוש (כתובות ל"ז), אז "ואהבת לרעך כמוך" מיינט "ברור לו מיתה יפה"...

וואס איז שייך דעם המון און די עמי־הארצים, האט ר' נפתלי אנגעוויזען אויף דעם וואס ניט קיין אנדערער ווי רבנו הקדוש זאגט (כתובות ח'), אז "אין פורעניות באה לעולם אלא בשביל עמי הארץ" (קיין שטראף קומט ניט אויף דער וועלט ווי נאר צוליב די עמי הארצים).

פאר ר' שמשון אליה'ן, וועלכער איז געווען אנגעזאפט מיט די מדות טובות, וואס ער האט געלערענט ביי זיין עלטער־פעטער, ר' יחיאל משה'ן, איז עס געווען שווער צו פארדייען. כאטש ער האט פארעהרט ר' נפתלי זאב'ן פאר זיין גרויסע לומדות און פאר דעם וואס ער האט אין זיין בן־יחיד, יעקב אייזיק'ן, איינגעפלאנצט די ליבע צו תורה, האט ער אבער געפיהלט, אז עפעס האט ער אין זיין זוהן קאליע געמאכט.

ר' שמשון אליה האט ערשט איצט געקענט אפשאצען די באדייטונג פון זיין עלטער־פעטער, פון וועמען ער האט געהאט גע'ירשנ'ט אזא טייערע גייסטיגע ירושה, אייגענטליך האט ער פון זיין עלטער־פעטער געוואוסט גאר ווייניג. ער אליין האט פון זיין פארגאנגענהייט גערעדט ווייניג. אלץ וואס ר' שמשון אליה האט יא געוואוסט פון איהם איז געווען וואס זיין מוטער האט דערצעהלט. ר' יחיאל משה האט געהאט א רייכען פאטער, וועלכער האט איהם משדך געווען מיט דער בת־יחידה פון אן אנדער עושר, ר' זבולון דער שותק. ר' יחיאל משה האט אין זיינע ערשטע יאהרען געהאט א גליקליך און צופרידען לעבען.

סיי זיין פאטער און סיי זיין שווער האבען געהאט זייערע אייגענע בתי־מדרשים, וואו זיי האבען אויסגעהאלטען צו צעהן בטלנים, וועלכע פלעגען זיצען און לערנען יומם ולילה. זיי אליין פלעגען אויך זיצען און לערנען.

דער פארמעגען וואס ר' יחיאל משה'ס פאטער האט איבערגעלאזט איז פראג איז געווען א גרויסער. אבער בלויז א טייל האט ער איבערגעלאזט פאר זיין זוהן און אנדערע קרובים. דאס איבעריגע האט ער איבערגעלאזט פאר צדקה.

פינף־און־דרייסיג יאהר האט ער אפגעלעבט מיט זיין פרוי, מיט וועלכער ער האט ניט געהאט קיין קינדער. ווען זי איז געשטארבען, האט ער אוועק־געגעבען א טייל פון זיין פארמעגען אויף צדקה און האט זיך אריינגעקליבען צו ר' שמשון אליה'ס עלטערען, צוערשט אין קראקע און דערנאך אין וויטעבסק.

נאך אלץ מיט א באדייטענדיגען פארמעגען, האט ער נאר געזוכט מענשען וואס האבען זיך גענויטיגט אין הילף. ער פלעגט ארויסשיקען מענשען איבער שטעט און שטעטלאך צו זוכען יתומים און יתומות, און זיי באזארגען אויף זיין חשבון. ער האט אויך א סך געגעבען פאר ישיבות, תלמידי חכמים און סתם בעלי־בתים וואס זיינען געווארען יורדים.

זיין צייט איז געווען פארטיילט צווישען פארשידענע שיעורים און

לימודים. יעדען טאג האט ער אליין געלערנט א דף גמרא מיט גרויס כוונה. דאן האט ער געהאט באשטימטע געוויסע שעה'ן אין טאג, ווען ער האט גע־לערנט מיט א געוויסען אידען, ר' ברוך דער פארבער. די איבעריגע צייט פון טאג האט ער געלערנט מדרש און געזאגט פאר'ן עולם תהלים. ער האט באזונדערס געלערנט דעם עולם די מדות פון מהר"ל מפראג. איינע פון די מסורות פון מהר"ל איז, אז מען זאל פאר'ן דאווענען יעדען טאג זאגען די שירה פון "האזינו", וואס דער מהר"ל האלט פאר א סגולה צו רייניגען די מחשבה און דאס הארץ. דער מהר"ל האלט אויך, אז סוחרים און בעלי מלאכות זאלען זאגען "האזינו" צו עטליכע מאל א טאג, ווייל דאס איז א סגולה צו הצלחה. יעדער האט דערפאר געזאלט קענען "האזינו" אויף אויסווענינג. אחוץ הצלחה האט דער מהר"ל געהאלטען, אז דאס זאגען פון "האזינו" עטליכע מאל א טאג איז א סגולה צו אריכת ימים.

אין זיין זכרון האט זיך באזונדערס איינגעקריצט דער שמועס וואס ער, אלס קינד, האט געהאט מיט זיין עלטער־פעטער וועגען פנחס'ן דעם משרת.

דער דאזיגער פנחס איז שוין געווען אין די זיבעציגער, א הויכער, א ברייט־פלייציגער מיט א ווייסער בארד. ער האט כל ימיו געטאן עבודת פרך צו פארדינען זיין ברויט. אויף די עלטערע יאהרען האט איהם ר' שמשון אליה'ס פאטער אריינגענומען צו זיך פאר א משרת.

עס איז געווען איינמאל אין א ווינטערדיגען טאג. דער טאג האט גע־האלטען אין פארגעהן. ר' שמשון אליה איז געווען ביי ר' יחיאל משה'ן אין חדר. פנחס איז אריין מיט א בינטעל האלץ אויף דער פלייצע, איינצוהייצען דעם אויוועז. ווי ר' יחיאל משה, שוין אליין א זקן, האט איהם דערזעהן, האט ער זיך אויפגעהויבען און האט זיך ניט אנידערגעזעצט ביז וואנען פנחס איז ניט פארטיג געווארען מיט זיין ארבייט.

ר' שמשון אליה איז נאך ניט געווען זיכער, אויב זיין עלטער־פעטער האט זיך טאקע אויפגעשטעלט פאר אט דעם פראסטען משרת. ער האט איהם וועגען דעם געפרעגט.

— אודאי — האט ר' יחיאל משה איהם געזאגט — עס איז דאך א בפירוש'ער פסוק: מפני שיבה תקום, והדרת פני זקן.

און ניט באנוגענדיג זיך מיט דעם אליין, האט ר' יחיאל משה באמערקט מיט א זיפץ:

— ווי שטארק איך בין מקנא אט דעם פשוט'ען אידען. ער איז זיך מפרנס פון דער פראצע פון זיינע הענט. און איך, פון וואס בין איך זיך מפרנס? פון דער "נהמא דכסופא", פון דעם וואס מיינע עלטערען האבען מיר איבערגעלאזט בירושה.

ר' שמשון אליה האט גוט געדענקט ווי ער האט זיך אריינגעלאזט מיט זיין עלטער־פעטער אין א ויכות. ער האט ר' יחיאל משה'ן דערמאנט דעם מאמר חז"ל (קדושין ל"ב), אז "אין זקן אלא מי שקנה חכמה" (א זקן איז נאר דער וואס האט זיך דערווארבען חכמה). ר' יחיאל משה האט איהם אבער געענטפערט מיט אן אנדער גמרא (שבת ל"א) "ניקום מקמי דגבר דחיל חטאין

הוא״. פנחס דער משרת, האט ר׳ יחיאל משה דערביי דערקלערט, איז א ירא שמים און האלט שטענדיג אין זאגען תהלים מיט כוונה.

פאר זיין פטירה האט ר׳ יחיאל משה אפגעזאגט א קליינעם טייל פון זיין פארמעגען צו קרובים און דאס איבעריגע פאר צדקה. שפעטער האט מען אריינגעקוקט אין זיינע חשבונות, וואס ער האט תמיד געהאלטען פון זיינע געלטער און מען האט אויסגעפונען ווי גרויס עס איז געווען די סומע וואס ער האט פארטיילט אין צדקה פאר פארשיידענע צוועקען. ער איז געווען דער אמת׳ער נותן בסתר.

ר׳ שמשון אליה׳ס פארטרויטער מענש איז געווען ר׳ משה, אדער ווי מען האט איהם גערופען אין יאנאוויטש, ר׳ משה נאמן. דער דאזיגער ר׳ משה האט אויך געשטאמט פון וויטעבסק ווי ר׳ שמשון אליה.ביידע האבען זיך גע־קענט פון זייער יוגענד. ר׳ שמשון אליה האט געפיהלט א שטארקען צובונד צו ר׳ משה׳ן דערפאר וואס זיין דרך איז געווען עהנליך צו דעם דרך פון זיין עלטער־פעטער ר׳ יחיאל משה׳ן.

ווען ר׳ שמשון אליה איז געווארען דער אויפזעהער פון גראף ליפסקי׳ס גיטער, האט ער גענומען ר׳ משה׳ן פאר זיין ארויסהעלפער. ר׳ משה האט גע־פיהרט ביי איהם די ביכער און איז געווארען ביי איהם די רעכטע האנט. ר׳ שמשון אליה האט איהם פארטרויט אלע זיינע סודות און איהם געמאכט פאר זיין פערזענליכען בעל־יועץ.

אין דער אמת׳ען איז ר׳ משה געווארען ר׳ שמשון אליה׳ס מדריך און מוסר־זאגער. ר׳ שמשון אליה האט נאר געוואלט, אז ר׳ משה זאל נאכקוקען זיין הנהגה און, ווען נויטיג, איהם אנווייזען אויף די פעלערען וואס ער באַ־געהט און איהם אויפפאדערען די פעלערען צו פארריכטען. געקומען דערצו איז עס דורך א געוויסער סיבה.

ר׳ שמשון אליה, וועלכער איז געווען געבענטשט מיט עשירות, מיט גדולה און מיט כבוד איז אבער פאר א צייט געווען א מחוסר בנים. די קינדער, וואס זיין פרוי האט איהם געבארען, האבען זיך, פאר קיין אידען געדאכט, ניט געהאלטען. זיי זיינען באלד נאך זייער געבורט געשטארבען. האט זיך ר׳ שמשון אליה דעם ענין גענומען שטארק צום הארצען. ער האט איינמאל זיין צער אנטפלעקט פאר ר׳ משה׳ן.

— איז עס דען מעגליך, אז ״קודשא בריך הוא עביד דינא בלא דינא?״ (אז דער אויבערשטער וועט באגעהן אן אומגערעכטיגקייט?) — האט ר׳ משה געפרעגט זיין בעל הבית — איהר מוזט, ר׳ שמשון אליה, זיך אפגעבען חשבון הנפש, אויסגעפינען וואס פאר פעלערען איהר זייט באגאנגען און די דאזיגע פעלערען פארריכטען.

אן אנדערער אויף ר׳ שמשון אליה׳ס ארט וואלט זיך אפשר אנגע־ברוגז׳ט. סטייטש, ווי קומט מען איהם זאגען מוסר? ער, דער גרויסער גביר, בעל צדקה און בעל מדה, זאל גאר באטראכט ווערען ווי א זינדיגער? אנ־שטאט דעם האט ער באלד געלאזט רופען ר׳ משה׳ן, אז ער איז גרייט צו פאלגען זיין עצה.

ער האט ר׳ משה׳ן אריינגענומען אין זיין פארטרוי, אז ער זאל איהם העלפען אריינקוקען אין זיינע מעשים און איהם העלפען אויסגעפינען פיט

וואס אזוינס ער האט זיך פארזינדיגט. ר' שמשון אליה האט דאן געטהאן אלץ וואס ר' משה האט איהם געהייסען, און ווען זיין פרוי האט שפעטער ווידער אמאל געבארען א קינד, איז עס טאקע געבליבען לעבען. דאס איז געווען זיין איינציג קינד, יעקב אייזיק.

איצט, אז ר' שמשון אליה האט זיך ארומגעזעהן, אז ר' נפתלי זאב האט ניט די געהעריגע השפעה אויף זיין זוהן, וואס איז שייך מדות טובות, האט ער וועגען דעם געהאט א שמועס מיט ר' משה'ן.

— צי דאס איז די השפעה פון זיין רבי'ן, צי דאס איז דערפאר וואס ער איז בטבע אזוי, מיר וועלען איהם שוין ניט ענדערען. מיר מוזען איהם לאזען געהן זיין אייגענעם דרך. מעגלאך, אז די צייט אליין וועט איהם ענדערען — האט ר' משה ארויסגעזאגט זיין מיינונג.

אז יעקב אייזיק איז אונטערגעוואקסען, האט איהם דער פאטער אריינ־גענומען אין זיינע עסקים און ביסלאכווייז איהם איבערגעגעבען די געשעפטען. ר' שמשון אליה האט זיין גאנצען לעבען געווידמעט צו כלל־ארבייט.

פופציג יאהר האט ר' שמשון אליה געלעבט אין יאנאוויטש און ווען ער איז נפטר געווארען, איז זיין זוהן געבליבען אויף זיין ארט דער אויפזעהער פון דעם גראף'ס גיטער.

ר' יעקב אייזיק האט קובע זמן געווען צו לערנען ניט נאר אליין נאר אויך מיט אנדערע. ער האט געשאפען א שיעור און האט דעם שיעור אליין געזאגט פאר'ן עולם. ער האט אויך געהאט די דעה אין אלע קהל'שע ענינים אין יאנאוויטש. ער איז אבער ניט געווען, וואס זיין פאטער איז געווען. ער האט זיך ניט גע'חבר'ט מיט קיין פשוט'ע און ארימע מענשען. פארקערט, ער האט אויף זיי געקוקט פון אויבען ארונטער און אפילו ווען ער האט געגעבען צדקה, איז עס ניט געווען מיט דעם סבר פנים יפות ווי זיין פאטער, נאר ווי איינער וואס פיהלט, אז ער האט א חוב וואס ער מוז נאכקומען.

צוואנציג יאהר נאך'ן טויט פון זיין פאטער האט צווישען די יורשים פון גראף ליפסקי ארויסגעבראכען א מחלקה. ר' יעקב אייזיק האט איינגעזעהן, אז סוף כל סוף וועט ער מעהר ניט קענען פארוואלטען זייערע גיטער און ער האט באשלאסען באצייטענס זיך צוריקצוציהען. ער האט צוזאמענגערופען די יורשים און,אונטער'ן אויפזיכט פון דער ממשלה, האט ער זיי איבערגעגעבען זייער פארמעגען אין בעסטען ארדנונג.

ר' יעקב אייזיק האט זיך דאן גענומען צו מסחר. ער האט אנגעהויבען האנדלען מיט פלאקס און, ארויסגעהאלפען פון זיינע דריי זיהן, האט איהם מצליח געווען. ער איז געבליבען דער שעהנער בעל הבית פון יאנאוויטש און אויך דער הויפט בעל דעה, כאטש ער האט קיינמאל ניט געוואלט זיין דער פרנס־חודש אדער האבען אנדערע עהרען־טיטולען.

— איך האב סאי ווי די דעה — פלעגט ער זאגען לאכענדיג — זאלען די כיבודים האבען די וואס האבען מעהר צייט פאר קהל'שע ארבייט.

אין יאנאוויטש האט מען געוואוסט, אז ר' יעקב אייזיק, כאטש ער איז א גרויסער למדן, וויל ער אבער, אז אפילו אין תורה ענינים, זאל עס בלייבען ווי ער זאגט. ביי זיין שיעור האט קיינער איהם ניט געטארט איבערשפארען. האט עס אימיצער געטהאן, האט יענער געמעגט זיין דער גרעסטער למדן, האט איהם ר' יעקב אייזיק ניט געשוינט און איהם פשוט מזלזל געווען.

עס איז דערפאר גארניט געווען קיין וואונדער וואס דער בכבוד'יגער ר' יעקב אייזיק זאל זיך האבען אנגעכאפט אן דעם וואס שלמה דער בעקער האט מפסיק געווען אין דאווענען און האט עולה לתורה געווען. פונקט ווי פאר די געוויינליכע לצים, וואס האבען זיך דאמאלס געפונען אין בית־המדרש, אזוי אויך פאר ר' יעקב אייזיק'ן, איז עס געווען א שעת הכושר צו טרייבען שפאס אויף'ן חשבון פון דעם פראסטען און פשוט'ען בעקער און איהם מצער געווען.

ברוך, וועלכער האט זיך צו דעם אלץ צוגעקוקט, איז געווען א פאר־ציטערטער.

— ווייסטו דען וואס דו האסט אפגעטהאן? — האט ר' יעקב אייזיק געוואלט אנשרעקען דעם בעקער — דו האסט מבזה געווען די תורה מיט דעם וואס דו האסט מוציא ברכה לבטלה געווען און דו האסט אויך מחלל געווען דעם שם שמים.

שלמה האט זיך געקארטשעט פון וועהטאג אונטער די בייסענדיגע שטראף־רייד פון אזא אידען ווי ר' יעקב אייזיק. טרערען האבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען און ער האט זיך אנגעהויבען בעטען רחמים, אז ר' יעקב אייזיק זאל איהם זאגען וואס פאר א תשובה ער זאל אויף זיך נעהמען.

— דו מוזט פאסטען בה"ב — האט איהם ר' יעקב אייזיק געזאגט מיט א שפאטישען שמייכעל.

## ל.

## בעקער און שוסטער

דער געפייניגטער בעקער און זיין טרייסטער. — דער וואויל־לערנער וואס איז געווארען א שוסטער.

דער תמימות'דיגער שלמה דער בעקער איז געווען מרוצה צו פאסטען בה"ב, כדי אפצוקומען פאר דעם זינד וואס ער איז באגאנגען מיט דעם וואס ער האט מפסיק געווען אין דאווענען ווען ער האט עולה לתורה געווען.

— איך וועל דעם תענית אנפאנגען היינט — האט ער געוואלט צייגען ר' יעקב אייזיק'ן, אז ער לעגט ניט אפ די תשובה.

ר' יעקב אייזיק האט איצט געהאט א נייע געלעגענהייט צו דערגעהן דעם בעקער די יאהרען.

— עם הארץ! — האט ער אנגעהויבען שרייען אויף איהם. — ווייסטו דען ניט, אז א תענית יחיד מוז מען אנפאנגען צו מנחה דעם טאג פריהער?

די קאלירען פון שלמה'ס פנים האבען זיך געביטען. א שוויס האט איהם ארויסגעשלאגען אויפ'ן שטערן. טרערען האבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען. ער איז געשטאנען ווי א פאר'משפט'ער, בעת ר' יעקב אייזיק און די לצים ארום האבען זיך געפרעגעלט פון נחת. ר' יעקב אייזיק האט זיך ווייטער געהיצט:

— עס איז א חרפה, אז מיר זאלען האבען ביי אונז אין שטאט אזוינע עמי הארצים!

ברוך, וועלכער האט זיך צו דעם צוגעקוקט, האט געפיהלט גרויס רחמנות אויף דעם ארימען בעקער.

אז ר' יעקב אייזיק און די אנדערע לצים האבען זיך געהאט גענוג אנגעזעטיגט מיט שפאס אויפ'ן חשבון פון דעם בעקער, זיינען זיי זיך צעגאנגען פון בית-מדרש. ר' שלמה איז געבליבען א דערשלאגענער און א פארשעמטער. בעת ברוך האט זיך געשלאגען מיט דער דעה אויב ער זאל צוקומען צו שלמה'ן און איהם טרייסטען, איז צום בעקער צוגעקומען מרדכי דעם מילנער'ס דריטער איידים, אברהם יצחק, און האט צו איהם אנגעהויבען ריידען מיט גרויס פריינטשאפט און מיטגעפיהל.

— האט ניט קיין פארדרוס — האט ער צו איהם געזאגט — איהר זייט דא קיין זינד ניט באגאנגען. איהר האט על-פי-דין געמעגט מפסיק זיין כדי עולה לתורה צו זיין, ווייל, ווי איך האב זיך צוגעהערט, האט איהר געהאלטען צווישען "ישתבח" און "יוצר", וואו מען מעג מפסיק זיין.

אברהם יצחק האט גערעדט צו איהם מיט אזוי פיעל מיטגעפיהל און חבר'שאפט, אז ביי שלמה דעם בעקער האבען זיך אנגעהויבען גיסען טרערען פון די אויגען.

— וואס וויינט איהר? — האט זיך אברהם יצחק געוואונדערט.

שלמה האט אברהם יצחק'ן דערקלערט, אז דאס דערמאנט איהם אן א פאסירונג פון זיין יוגענט און רופט ביי איהם ארויס זכרונות וואס האבען א שייכות מיט דעם גורל פון זיין לעבען. אברהם יצחק, מיט ליבע און צוגעלאזטקייט צו דעם פשוט'ן בעל-מלאכה, איז געווען שטארק פאראינטערעסירט צו הערען וועגען דעם, און שלמה האט דערצעהלט:

גראד האט ער געשטאמט פון גאר אן איידעלער משפחה. זיין פאטער איז געווען א באוואוסטער מלמד אין וויטעבסק. ער האט געהאט א שם פאר זיין לומדות און אויך פאר זיין יראת שמים. ער פלעגט יעדען פריה-מארגען געהן דאווענען מיט דעם מנין ותיקין אין דער קאלטער שוהל. אז שלמה איז געווארען צעהן יאהר אלט, האט איהם זיין פאטער אנגעהויבען נעמען מיט זיך צו יענעם מנין, כדי איהם מחנך צו זיין. איינמאל — שלמה איז שוין דאמאלס געווען א איינגעל פון א יאהר צוועלף — האט ער זיך אין מיטען דאווענען פארקוקט דורכ'ן פענסטער אין גאס אריין. ער האט זיך פארטראכט וועגען דעם וואס ער האט געזעהן אין דרויסען און דערווייל נאר פארגעסען, אז ער דאווענט מיט א מנין. ער האט דערנאך דעם גרעסטען טייל פון דאווענען געמוזט איבערהיפען, כדי צו פארענדיגען מיט'ן מנין.

עטליכע טעג זיינען פארגאנגען און שלמה'ן האט אנגעהויבען פלאגען דער געוויסען. א קלייניגקייט, ער האט פשוט פארפעלט א דאווענען! ער

האט זיך נעפיהלט ווי א גרויסער בעל עבירה און האט בעת מעשה באשלאסען, אז ער זאל וועגען דעם דערצעהלען זיין טאטען און ביי איהם בעטען א נעהעריגע תשובה. אבער באלד האט ער חרטה געהאט. ער האט זיך באדענקט, אז אויב ער זאל עס טהאן וועט זיך זיין טאטע איבער דעם מצער זיין און שלמה האט געטראכט, אז דאס וועט זיין א גרעסערע עבירה ווי פארפעלען א שטיק דאווענען. אגב, האט ער זיך געטראכט, איז ער נאך ניט געוועזען בר־מצוה און פאלגליך איז ער גארניט געוועזען מחויב צו דאווענען ווי א דערוואקסענער. דערפאר האט ער אפגעמאכט אין דער מחשבה, אז להבא זאל ער דעם גאנצען דאווענען, פון מה טובו ביז עלינו, זאגען פון סידור און ניט אויפהויבען דעם קאפ פון סידור, כדי עס זאל מעהר ניט קענען פאסירען ווי דאמאלס, אז ער זאל זיך אויף עפעס פארקוקען.

זינט דאמאלס האט שלמה זיך זיין גאנצען לעבען געהיט פון אזוינע חטאים. דערביי האט זיך אברהם יצחק דערוואוסט, אז אייגענטליך וואלט שלמה געקאנט אויסוואקסען א למדן. זיין טאטע האט מיט איהם געלערענט גאר א סך. אבער ווען שלמה איז געוועזען א איינגעל פון א יאהר פערצעהן, איז זיין פאטער קראנק געווארען. ער האט אנגעהויבען שפייען מיט בלוט. א יאהר צייט איז ער געלעגען קראנק ביז ער איז נפטר געווארען. דער עול פון פרנסה איז געפאלען אויף זיין מוטער און אויף איהם, דער עלטסטער פון די קינדער. איז שלמה אפגעגעבען געווארען צו א בעקער, כדי עפעס צו פארדינען און צו העלפען מפרנס זיין די בני־בית.

שפעטער איז זיין מוטער קראנק געווארען און שלמה איז געבליבען דער איינציגער ברויט־געבער אין הויז. האט שלמה אנגעהויבען טראגען דעם גאנצען עול פון הויז, שיקענדיג די ברידערלעך אין דער ישיבה און דערנאך העלפענדיג געפינען שידוכים פאר די שוועסטער.

ער אליין האט חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א ישוב'ניק און האט ווייטער געארבייט שווער אלע זיינע יאהרען פאר'ן שטיקעל ברויט. גראד האט שלמה נאך ניט געהאט פארגעסען די גמרא וואס ער האט געלערענט אין זיין יוגענט. ער האט פון צייט־צו־צייט אויך אריינגעקוקט אין א גמרא, כאטש ער האט זיך מעהר אפגעגעבען מיט זאגען תהלים און מיט תפילה. ער האט אבער צוגעגעבען אברהם יצחק'ן, און מיט גרויס פאררדרוס, אז ער האט קיינמאל ניט געהאט קיין שעת־הכושר צו לערנען שלחן ערוך און איז דערפאר ניט געוועזען גענוי באקאנט מיט אזוינע דינים ווי די וואס האבען צו טאן מיט מפסיק זיין אין דאווענען.

אברהם יצחק איז געוועזען שטארק געריהרט פון דעם וואס שלמה האט איהם דערצעהלט און ער האט איהם פארזיכערט, אז זיין הנהגה איז מעהר אנגעלעגט ביים רבונו של עולם ווי די הנהגה פון אזא אידען ווי ר' יעקב אייזיק. ער האט איהם אזוי דערמונטערט, אז שלמה דער בעקער איז אוועק אחיים א פרעליכער, פיהלענדיג זיך געטרייסט דורך אברהם יצחק'ס רייד.

ברוך, פון זיין זייט, איז געוועזען געריהרט פון דער הארציגקייט וואס אברהם יצחק האט דא ארויסגעוויזען.

ברוך האט איצט געוואלט וויסען מעהר וועגען אברהם יצחק'ן אליין. אברהם יצחק איז געוועזען א געבארענער פון וויטעבסק. זיין טאטע האט

געהייסען דוד ליב און האט זיך מפרנס געווען פון שוסטעריי. פאר א צייט האט אברהם יצחק אליין געמיינט, אז זיין טאטע איז ניט מעהר ווי א פשוט'ער שוסטער.

דוד ליב אליין איז געווען א מינסקער. ער איז געווען דער זוהן פון דעם דארטיגען דיין, ר' צבי אריה, וועלכער האט גע'שם'ט פאר זיין לומדות און צדקות. פארשטעהט זיך, אז א זוהן פון אזא גדול ווי ר' צבי אריה, האט דוד ליב אויך ניט געקענט זיין אבי־ווער.

קוקענדיג אויף זיין פאטער, דעם דיין, וועלכער האט זיך א סך אפגעגעבען מיט חקירה־ספרים ווי דער "כוזרי", דער "עקרים", דער "מורה נבוכים" און אנדערע, האט דוד ליב פון זיין פריהסטער יוגענד אויך חשק געהאט צו פארנעהמען זיך מיט חקירה. זיין פאטער האט איהם אבער געגעבען צו פארשטעהן, אז ער איז נאך צו יונג פאר דעם. ער האט איהם געהייסען צוערשט זיך אפגעבען מיט ש"ס און פוסקים.

ער איז געבליבען אונטער זיין פאטער'ס אויפזיכט, ביז וואנען ער האט חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א רייכען אידען אין וויטעבסק, ר' חיים, ביי וועמען ער איז געזעסען אכט יאהר אויף קעסט.

זיצענדיג ביי זיין שוועה אויף קעסט, האט דוד ליב ווידער באקומען חשק צו לערנען חקירה. ער איז שוין דאמאלס געווען צוויי און צוואנציג יאהר אלט. ער האט געפיהלט, אז ער איז אלט גענוג צו נעהמען זיך צו אזא לימוד.

דוד ליב האט דערווייל געלערענט וויניגער גמרא און פוסקים. דאס האט איהם אנגעהויבען עגבערען אין מח און זיך געמאכט שארפע פארוואורפען. אפשר האט ער טאקע ניט געטהאן ריכטיג וואס ער האט זיך אפגעגעבען מיט חקירה — און עניין וואס האט אין זיין מח ארויסגערופען א סך שאלות אויף וועלכע ער האט ניט געקענט געפינען קיין קלאהרע תשובות?

איז ער פון די חקירה ספרים איבערגעגאנגען צו מוסר. דא האט ער זיך מיט אמאל דערפילט אין א נייער וועלט. די מוסר־ספרים האבען אויף איהם געמאכט א גרויסען רושם. האט ער די חקירה ספרים אין גאנצען אויפגעגעבען און אונטער דער השפעה פון די מוסר ספרים האט ער אנגעהויבען נעהמען אויף זיך סגופים, פאסטען תעניתים און זיך פיהרען אזוי, אז זייטיגע מענשען זאלען וואס וויניגער וויסען פון זיינע מדות און מעשים. אפילו ביי זיין שווער אין הויז האט מען ניט געגוי געוואוסט פון זיין צדקות.

טאקע צוליב דעם האבען שווער און שוויגער ביסלאכווייז אנגעהויבען אונטערבורטשען וואס דער איידים ווייזט ניט ארויס קיין נייגונג צו נעהמען זיך צו א וועלכע עס איז פרנסה. פון אנהויב האבען זיי זיך געטרייסט מיט דעם וואס זיי האבען געהאפט, אז דוד ליב וועט ווערען א רב. אין דער אמת'ן האבען זיי זיך, באזונדער די שוויגער, מיט דעם אפט באריהמט. דאס איז באזונדער געווען דער פאל, ווען די ברידער פון דוד ליב'ס שוויגער, איינער א פעל־הענדלער און דער צווייטער א פלאקס־הענדלער, פלעגען זייער שוועסטער און שוואגער שטעכען מיט דעם, וואס זיי האבען זיך "איינגעהאנדעלט" אן איידים א "לא יוצלח".

אויב פון אנהויב האבען שווער און שוויגער דאס ניט גענומען איז אכט,

האבען זיי אבער שפּעטער וועגען דעם אנגעהויבען טראכטען. די שווינער דערהויפּט האט פון צייט צו צייט פּרובירט כאפּען א שמועס מיט'ן איידים, געבענדיג איהם אנצוהערען, אז עס איז צייט, אז ער זאל אנהויבען זוכען א כסא הרבנות.

דוד ליב האט אבער א קוועטש געטהאן מיט די פּלייצעס און דערקלעהרט, אז ער האט גארניט בדעה צו ווערען א רב.

— וואס דען האסטו בדעה צו טהאן? — האט שוין די שווינער גע־פרעגט בייזלאך.

— דערווייל האב איך נאך דריי יאהר קעסט! — האט ער געענטפערט.

דאס האט דער שווינער שטארק דערצארענט. זי האט דעם איידים אנ־געהויבען ברענגען די טריט. דוד ליב האט זיך געפיהלט אומבאקוועם. קיין קינדער האט ער נאך מיט זיין ווייב ניט געהאט צו יענער צייט. פיהלענדיג, אז שווער און שווינער זיינען ניט אין גאנצען אומגערעכט פון זייער זייט, האט ער איין מאל זיי געגעבען צו פארשטעהן, אז אויב זיי האלטען, אז זיי האבען זיך מיט איהם אפּגענארט, וואלט ניט געווען פון וועג, אז ער זאל זיין ווייב געבען א גט. זאל זיין ווייב עס נאר פארלאנגען.

זיין ווייב האט אבער פון דעם ניט געוואלט הערען. זי איז גראד געווען צוגעבונדען צו איהם און פון איהם שטארק געהאלטען. שווער און שווינער האבען זיך ניט געקענט בארוהיגען און דעם איידים געהאלטען אין מוסר'ן. זיי האבען אבער גארניט געקענט אויספיהרען.

אויף'ן זיבעטען יאהר פון זיין חתונה איז ער געווארען א פאטער פון א טאכטער און אין א יאהר ארום האט זיין פרוי איהם געבארען א זוהן — אברהם יצחק'ן.

ווען די קעסט האבען זיך געהאט געענדיגט און ער איז שוין געווען א טאטע פון צוויי קינדער, זיינען שווער און שווינער נאך מעהר צו איהם צוגע־שטאנען, אז ער זאל זיך פארטראכטען וועגען א מקור פאר פרנסה.

דער שווער האט איהם איצט אנגעהויבען סטראשען, אז ער וועט איהם מעהר קיין פּרוטה ניט געבען. דוד ליב האט זיך אבער פאר דעם גארניט דערשראקען. ער האט עפּעס געהאט צוגעגרייט וואס איז געווען א גרויסע אי־בערראשונג פאר שווער און שווינער און פאר דער גאנצער משפחה.

דוד ליב האט זיך אויסגעלערענט שוסטעריי און האט זיך געדונגען א דירה אין עק שטאדט, וואו ער האט ארויסגעקליבען מיט ווייב און קינדער און זיך אנגעהויבען אפּגעבען מיט דער מלאכה.

שווער און שווינער זיינען געווען אויסער זיך. די שווינער האט ממש געמאכט סקאנדאלען. אט פאר דעם האבען זיי זיך דאס געדארפט לאזען קאס־טען אזוי פיעל געלט, אויסהאלטען איהם אכט יאהר מיט קעסט, כדי ער זאל דערנאך קענען ווערען א שוסטער?

— אויב מיר וואלטען געוואלט האבען א שוסטער פאר אן איידים — האט זי גע'טענה'ט — וואלט אונז דער עסק געקאסט א סך ביליגער!

די שווינער האט אנגעהויבען מאנען, אז דוד ליב זאל אפּ'גט'ן זייער

טאכטער און דערמיט אפּווישען די "שאנדע", וואס ער האט אויף זיי געבראכט.

זי האט צוגערעדט דער טאכטער, אז זי זאל אויך מאנען א גט פון איהר מאן. די טאכטער האט אבער פון דעם ניט געוואלט הערען. די שוויגער האט איינגעזעהן, אז זי איז מאכטלאז. איז זי געפאלען אויף אן אנדער פּלאן, און איהר מאן האט צו דעם צוגעשטימט: מען זאל ארויסרופען פון מינסק ר' צבי אריה'ן, דעם דיין, דוד ליב'ס פאטער און זייער מחותן, און ער זאל ווירקען אויף'ן זוהן, אז ער זאל אוועקווארפען זיין שוסטריי און זיך נעהמען צו רבנות.

# לא.

## שטאט און דארף

**דער איד וואס האט פארלאזט וויטעבסק, כדי ניט צו פארשאפען שווער און שוויגער קיין עגמת נפש, דערפאר וואס ער איז געווארען א שוסטער. — דער מינסקער דיין וואס האט מסכים געווען צו דעם נייעם דרך פון זיין זוהן.**

איבער וויטעבסק האט זיך פארשפּרייט די ידיעה, אז חיים האט ארויסגערופען פון מינסק זיין מחותן, דעם דיין ר' צבי אריה. אלע האבען דארט געוואוסט זיין חשיבות און מען האט אנגעהויבען גרייטען איהם צו געבען א געהעריגען קבלת פנים. די וויטעבסקער רבנים און לומדים האבען אפּגעהאלטען אן אסיפה און באשלאסען ארויסצושיקען שלוחים דעם גאסט צו באגעגענען אויפ'ן וועג און איהם באגלייטען אין שטאדט אריין.

אז דוד ליב האט געקראגען די ידיעה, אז זיין פאטער איז שוין אין וועג, איז ער ארויסגעפאהרען קיין אסטראוונא דארט איהם צו באגעגענען. ער האט גוט געוואוסט צוליב וואס זיין שווער און שוויגער האבען ארויסגערופען זיין פאטער קיין וויטעבסק. ער האט עפּעס נעדארפט טאן, כדי זיין פאטער זאל אין פאראויס אויפגעקלעהרט ווערען וועגען וואס עס האנדעלט זיך.

פאר די אכט יאהר, וואס דוד ליב איז געזעסען אויף קעסט, האט ער זיך מיט זיין פאטער ניט געזעהן. ער האט זיך פאר דער צייט געענדערט אין אויסזעהן, האט ער זיך צוגערשט צו זיין פאטער ניט געלאזט דערקענען.

דער מינסקער דיין האט אנגעקוקט דעם יונגענמאן און איז געווען שטארק פאר'חידוש'ט. עפּעס האט ער איהם יא דערקענט און עפּעס ניט.

א גאנצען טאג איז ר' צבי אריה פארבליבען אין אסטראוונא. אין אווענד האט ער געוואלט זיך לאזען אין וועג אריין, כדי אנצוקומען קיין וויטעבסק מיט'ן פריהמארגען. דוד ליב איז אבער צו איהם צוגעשטאנען, אז ער זאל פארבלייבען די נאכט אין אסטראוונא, ווייל ער האט גאר וואס

מיט איהם צו ריידען. דער דיין האט איהם געפאלגט, און ערשט אין אווענד האט דוד ליב זיך צו איהם געלאזט דערקענען און איהם דערצעהלט פארוואס זיין שווער און שוויגער האבען איהם ארויסגערופען קיין וויטעבסק.

א גאנצע נאכט האבען פאטער און זוהן גערעדט אין תורה. ר' צבי אריה האט שוין געוואוסט, אז זיין זוהן איז א גרויסער למדן. דוד ליב האט פון זיין פאטער גאר ניט באהאלטען. ער האט איהם אויך געגוי מסביר געווען פארוואס ער האט זיך גענומען צו שוסטעריי. ער האט באשלאסען צו לעבען ווי א נסתר און זיך מפרנס זיין פון מלאכה. גאנץ פריה זיינען פאטער און זוהן געגאנגען דאווענען און דאן זיך צוזאמען געלאזט אין וועג אריין קיין וויטעבסק. דוד ליב איז אבער געפאהרען מיט זיין פאטער נאר א קורצע שטרעקע. ער האט מיט זיין פאטער ניט געוואלט אריינפאהרען אין שטאדט אריין, כדי מען זאל ניט וויסען, אז ער האט זיך מיט איהם גע־זעהן אונטערוועגענס. ער האט אויך אנגעבעטען זיין פאטער, אז ער זאל זיך מאכען ניט וויסענדיג ווענען זיין לומדות און זיין פארבארגענעם דרך.

דער דיין איז אויפגענומען געווארען פון דער וויטעבסקער קהילה מיט גרוים כבוד. די שלוחים, וואס זיינען ארויסגעשיקט געווארען איהם צו באגעגענען, האבען איהם באגלייט אין שטאדט אריין. נאך דעם קבלת פנים, וואס קהל האט פאר איהם געהאט צוגעגרייט, איז ער געבראכט געווארען אין הויז פון זיין מחותן, וואו עס זיינען געווען פארזאמעלט די פני פון שטאדט.

נאכדעם, ווי אלע כבודים זיינען געווען פאראיבער און ר' צבי אריה האט געהאט געזאגט תורה, איז דער עולם זיך צעגאנגען און ער איז געבלי־בען אליין מיט זיין זוהן און די מחותנים. ערשט איצט האבען שווער און שוויגער אנגעהויבען אויסצוגיסען זייער הארץ פאר איהם. זייער איידעם האט פשוט געבראכט חרפות און ביושים דערמיט, וואס ער איז געווארען א שוסטער.

ווען שווער און שוויגער האבען פארענדיגט זייערע טענות איז שוין געווען נאכט. ר' צבי אריה, וועלכער האט זיי מיושב'דיג אויסגעהערט, האט דאן געענטפערט:

— ביינאכט משפט מען קיינעם ניט. לאמיר עס איבערלאזען פאר מארגען. — און ער האט זיך געזעצט לערנען.

אויף מארגען זיינען שווער און שוויגער ווידער געקומען צו איהם. זיי האבען דערוואַרט, אז ער זאל נעהמען זיין זוהן אויפ'ן צימבעל.

דער דיין האט זיי אבער קיין סך ניט געלאזט ריידען.

— פארוואס זייט איהר אזוי אויפגעבראכט איבער דעם, וואס מיין זוהן זוהן איז געווארען א בעל מלאכה? — האט ער געפרעגט. — עס איז דאך א בפירוש'ע משנה: "אוהב את המלאכה ושנא את הרבנות" (האב ליעב מלאכה און האב פיינט רבנות)?

ער האט דאן אנגעהויבען זיי מסביר זיין די באדייטונג פון מלאכה און געבראכט ראיות פון א סך מאמרי חז"ל. ער האט געבראכט דעם מדרש רבא אין בראשית, וואו עס ווערט געזאגט „חביבה מלאכה מזכות אבות" (מלאכה איז ליעבער ווי זכות אבות) און פון מדרש תנחומא, וואו עס ווערט געזאגט, אז דער זכות פון מלאכה וועט ביישטעהן דארט, וואו זכות אבות וועט ניט ביישטעהן.

שווער און שוויגער האבען קוים צו דעם געקענט מסכים זיין. דער דיין האט טאקע געקענט רעכטפערטיגען זיין זוהן. זיי האבען אבער ניט געקענט שלום מאכען מיט'ן געדאנק, אז זיי זאלען האבען א שוסטער פאר אן איידעם.

ר' צבי אריה איז פארבליבען אין וויטעבסק פינף וואכען. שווער און שוויגער האבען שוין מעהר פאר איהם זיך ניט באקלאגט. זיי האבען גע־געוואוסט, אז דאס וועט ניט העלפען.

אבער בעת בייטאג האט זיך דוד ליב אפגעגעבען מיט מלאכה, איז ער בייר נאכט געזעסען און געלערענט. די צייט, וואס זיין פאטער האט פארבראכט אין וויטעבסק, האט ער אויסגענוצט מיט איהם צו לערנען חקירה.

איינמאל איז אימיצער געקומען צו דוד ליב'ן פאררעכטען זיינע שיך. דוד ליב האט דערקענט, אז ער איז ניט קיין וויטעבסקער. ער האט זיך מיט איהם צורעדט און יענער האט איהם געזאגט, אז ער קומט פון דעם דארף האטינקע, ביי קאלישק.

— איהר האט זיך געדארפט ארויסקלייבען צו אונז אין האטינקע, — האט יענער איהם צוגערעדט. — ביי אונז וועט איהר האבען פרנסה בריות.

דער געדאנק איז דוד ליב'ן אריין אין קאפ. ער האט איבערגערעדט וועגען דעם מיט זיין פרוי.

— איך האלט, אז דאס וואלט געווען א גלייכע זאך פאר אונז, — האט ער געזאגט. — איך וועל זיך דארט פיהלען פריי. קיינער וועט ניט וויסען ווער איך בין. מען וועט מיך האלטען פאר א פשוט'ען שוסטער. פון דער צווייטער זייט וועלען דיינע עלטערען מעהר צוליב מיר ניט דארפען האבען קיין צער. איך וועל זיי מעהר ניט זיין אויף די אויגען.

זיין פרוי האט מיט איהם מסכים געווען.

אין האטינקא האט דוד ליב אויפגעשטעלט זיין ווארשטאטעל און זיך מפרנס געווען פון שוסטעריי. קיינער האט איהם דארט ניט נאכגעקוקט, און קיינעם איז ניט איינגעפאלען, אז אט דער שוסטער איז א נסתר און אז ביינאכט, ווען ער לעגט אוועק זיין ארבייט, איז ער זיך עוסק אין תורה.

אין בית המדרש איז ער געזעסען מיט אנדערע פראסטע מענשען און זיך צוגעהערט צום שיעור עין יעקב און מדרש, ווי ער וואלט קיין העכערע לימודים ניט געקענט פארנעהמען. פינף יאהר זיינען אוועק. דוד ליב איז געווען צופרי־

דען. עס איז געווען פונקט וואס ער האט געוואלט: קיינער זאל איהם ניט האלטען פאר עפעס אנדערש ווי דאס וואס ער האט אויסגעקוקט צו זיין.

דוד ליב האט אבער געהאלטען אז אויג אויף אנדערע. אויב ער אליין האט קונציג באהאלטען ווער ער איז, האט ער אבער געוואלט זיין זיכער אויב אין דארף געפינט זיך ניט אימיצער וואס איז פונקט אזא נסתר ווי ער.

באזונדער האט דוד ליב געהאלטען אן אויג אויף דורכגעהער, אויב צווישען זיי געפינען זיך ניט קיין נסתרים. דאס איז דאך געווען זייער דרך, — צו קומען אין דערפער און פארוואָרפענע אידישע שטעדטלעך, גראד דארט וואו אידען זיינען אפגעשטאנען און פראסט, און פרובירען אויף זייער שטייגער ווירקען אויף יענע אידען זיי צו דערהויבען צו מעשים טובים און דערוועקען אין זיי א באגעהר צו לערנען תורה, יעדער אויף זיין שטייגער און לויט זיינע השגות.

דוד ליב האט געוואלט דערקענען די דאזיגע וואנדערענדיגע נסתרים כדי זיי מקרב צו זיין און אויך כדי פון זיי צו לערנען ווענען זייערע פארבארגענע דרכים. ער האט דערפאר געמאכט זיין הויז פאר אן הכנסת אורחים און נאכגע־קוקט יעדען אורח טאמער וועט ער אויסגעפינען אז ער איז א נסתר.

אויב נאר ער האט פון אן אורח געהערט א ווארט וואס איז געווען אן אנדייטונג אויף באהאלטענע חכמה און לומדות האט ער שוין יענעם ניט אפגעלאזט. ער האט איהם פארווארפען מיט קשיות ביז יענער האט זיך צו איהם געמוזט אנטפלעקען.

גאנץ אפט האט פאסירט, אז אזא נסתר האט אין בית מדרש אדער אין גאס פארפיהרט א שמועס מיט די דארפס־אידען און אויף זיין שטייגער, מיט נאר פשוט'ע רייד, פרובירט ביי זיי דערוועקען א באגעהר צו תורה און מעשים טובים. דוד ליב האט שוין געכאפט דעם מיין פון יענעם'ס רייד. כדי צו זיין זיכער, אז ער האט פאר זיך א נסתר, האט ער יענעם געשטעלט א פראגע. ער האט דערביי יענעם אויך געשענקט א פארשענדיגען קוק, פון וואס יענער האט באלד פארשטאנען, אז ער כאפט ווער ער איז.

דער נסתר האט דאמאלס פרובירט זיך מאכען תמ'עוואטע, ווי ער וואלט גארניט פארשטאנען דוד ליב'ס שאלה. אבער גראד די דאזיגע תמ'עוואטעדיגע מינע האט פאר דוד ליב'ן באשטעטיגט, אז ער האט צו טאן מיט א פארבאר־גענעם צדיק. ער האט יענעם שוין ניט אפגעלאזט ביז וואנען ער האט פאר איהם געמוזט מגלה זיין דעם סוד.

גאנץ אפט האט פאסירט, אז דוד ליב האט א נסתר געשטעלט א פראגע און יענער האט זיך א קראץ געטאן ביי דער פאה און געזאגט: וואס וויל דער איד פון מיר? פארוואס פרעגט ער ניט אזוינע שאלות קלינערע און מעהר געלערענטע פון מיר?

די מענשען וואס זיינען געווען דערביי פלעגען זיך פאנאנדערלאכען און זאגען:

— דער שוסטער האט ארייגגעהאקט א טשוואק ניט אויפ'ן ריכטיגען ארט.

דוד ליב האט שוין אבער געוואוסט צי דער "טשוואק" איז געווען אויפ'ן ריכטיגען ארט אדער ניט. אויף דעם אופן האט ער זיך באקאנט מיט א היבש ביסעל נסתרים.

צווישען די אורחים וואס פלעגען קומען קיין האטינקא פון צייט צו צייט איז געווען א איד מיט א געלער קאפ האר און א געלער בארד, וואס צוליעב דעם האט מען איהם אין האטינקע גערופען "דער געלער כהן", ווייל ער איז אויך געווען א כהן. ער איז געווען א פרעהליכער און מונטערער און א התלהבות׳דיגער. מענשען האבען איהם אויך גערופען "דער פרעהליכער לונג און לעבער". ווארום ער האט שטענדיג געהאט וויצען און גלייכווערטלעך מיט וועלכע ער האט דערפרעהט מענשליכע הערצער.

באזונדער האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין צוגעלאזטקייט צו קינדער. ער האט זיך מיט זיי ארומגעשפּיעלט, זיי אויסגעטיילט ניס און עפּעל, באַשטעהענדיג דערביי, אז זיי זאלען צו דעם זיך ניט צוריהרען אהן א ברכה.

ער האט טאקע אכטונג געגעבען, אז יעדער זאל מאכען א ברכה אויף די ניס און עפּעל בקול רם און די אנדערע קינדערלעך ארום זאלען ענטפערען "אמן". דערביי האט ער מיט די קינדער פארפיהרט א שמועס וועגען דעם וואס זיי האבען געלערענט אין חדר און האט זיי פארהערט אויב זיי קענען דאס וואס דער מלמד לערענט מיט זיי. ער האט די קינדער אונטערגעגעבען חשק ווייטער צו לערנען, דערצעהלענדיג זיי מעשיות פון תלמידי חכמים און צדיקים כדי ביי זיי ארויסצורופען חשק, אז זיי זאלען זיך פיהרען אין זייערע דרכים.

קיינער אין האטינקא האט געוואוסט עפּעס וועגען איהם. מען האט אפילו ניט געוואוסט גענוי ווי מען רופט איהם. פון וואנען ער קומט, וואס עס איז דער צוועק פון זיין וואנדערען, נאר וואס ער קומט קיין האטינקא, האט קיינער ניט געהאט קיין השגה.

האט דוד ליב פּרובירט איהם נאכקוקען און נאכהיטען זיינע טריט. ער האט געמיינט, אז ער וועט עפּעס אויסגעפינען וועגען איהם, אז ער וועט זעהן פון איהם אן עובדה וואס וועט איהם איבערצייגען, אז ער האט טאקע צו טאן מיט א נסתר. אבער אלע זיינע באמיהונגען האבען צו גארניט געפיהרט.

דוד ליב האט זיך מעהר צוגעהערט צו דעם "געלען׳ס" רייד. אפשר וועט ער פון דעם עפּעס קענען דערגעהן און זיך אויף עפּעס אנשלאגען. דער "געלער" האט אפט גערעדט וועגען אהבת ישראל און געהאלטען אין דערצעהלען מעשיות און איבערגעגעבען אגדות וואס האבען געהאט צו טאן מיט אט דעם ענין. עס איז געווען קלאהר, אז זיין עובדה איז איינצופלאנצען אין אידען ליעבע צום פאלק ישראל און צו באווייזען, אז אין דעם ליגט א גרויסע אויפגאבע, ווייל עס איז דא א סכנה, אז אידען זאלען, רחמנא לצלן, זיך אנהויבען האסען איינעם דעם אנדערען און אונטערשעצען זייער איינענע וויכטיגקייט.

פּראסטע מענשען, וואס האבען זיך צוגעהערט צום "געלען׳ס" רייד האַבען געשמייכעלט. אייניגע האבען עס אנגענומען פאר א שפּאס. ווארום וואָר איז ער דען געווען, אז ער זאל ריידען וועגען אזוינע ענינים? אפשר זיינען די דאזיגע רייד פון דעם אורח אויך געווען איבער זייער השגה, כאטש ער האט גערעדט גאר איינפאך און פארשטענדליך. פאר דוד ליב׳ן האט עס אבער געזאלט זיין אן אנדייטונג, אז דער "געלער" איז ניט גלאט אן אורח.

א גאר גרויסען איינדרוק פלעגט מאכען אויף דוד ליב׳ן ווען דער "געלער" פלעגט אין בית מדרש צוזאמענקלייבען ארום זיך די קינדערלעך און פלעגט פאר זיי אנהויבען זינגען זמר׳לעך און זיי אונטערגעבען חשק אז זיי זאלען

מיט איהם מיטזינגען. ער האט מיט זיי געזונגען אזוי לאנג ביז זיי האבען געקענט מיטזינגען און טאקע מיט גרויס כוונה און מיט גרויס חדות. ער פלעגט דאן מיט זיי זיך אוועקלאזען אין א ריקוד'ל, און עס איז געווען ליהודים.

## לב.

### די תפילה אין מיטען נאכט

די אנטדעקונג וועגען דעם "לוידיגגייער" פון האטינקא. — ווען דער שוסטער האט אריינגעהאקט א טשוואק ניט אויפ'ן ריכטיגען ארט. — מיט וואס א מענש איז גלייך צו די וואלקענס.

א גרויסער חידוש פאר דוד ליב'ן איז געווען וואס ער האט פון דעם געלען כהן קיינמאל ניט געהערט קיין דבר תורה, אפילו ניט קיין רמז, אז ער קאן לערנען. זאל דאס גראד האבען געווען א באוויז, אז ער איז א נסתר?

דוד ליב'ס אויפמערקזאמקייט האט אויך צוגעצויגען דאס וואס דער געלער האט זיך גע'חבר'ט מיט א פארשוין, פון וועמען מען האט ניט געקענט האבען קיין געהויבענע מיינונג. דאס איז געווען שמערעל נחום איציק'ס. שמערלען האט מען אין האטינקא געהאלטען פאר דעם גרעסטען עם הארץ און דערצו פאר א לא יוצלח און א פוילאק.

האט זיך דערפאר דוד ליב אפט געשלאגען מיט דער דעה, צי ער זאל ווייטער שענקען אויפמערקזאמקייט דעם געלען אידען אדער ער זאל זיך ארויסשלאגען פון קאפ, אז ער געהערט צו די נסתרים.

וואס איז שייך שמערעל נחום איציק'ס, האט מען איהם אין האטינקא גערופען מיט דרייערליי צונעמען: "שמערעל דער לוידיג-געהער", "שמערעל דער שטערנזעהער" און "שמערעל גענעץ". ער האט פארדינט אט די אלע צונעמען. "לוידיג-געהער" האט מען איהם גערופען, ווייל א גאנצען טאג פלעגט ער אומגעהן איבער'ן דארף און באלעמוטשען מיט ווייבער און קינדער. גראד האט ער ליעב געהאט זיי אלעמען צו דערצעהלען מעשיות.

וואס איז נוגע "שטערנזעהער", האט ער אט דעם צונאמען באקומען דערפאר וואס מען פלעגט איהם זעהן זיצענדיג ביים הויז און קוקען אויף'ן הימעל; ביינאכט אויף די שטערן און אויף דער לבנה און ביי טאג אויף די וואלקענס. ער האט באזונדער ליעב געהאט די וואלקענס, וועלכע נעהמען אן אלע ווילע נייע געשטאלטען, דא פון גיגאנטישע מענשען, דא פון פויגעל און חיות און דא פון גאנצע מחנות פאנטאסטישע באשעפענישען.

שמערעל פלעגט שטענדיג האלטען אין ריידען צו אט די געשטאלטען וואס די וואלקענס האבען מיט זיך פארגעשטעלט. שמערעל פלעגט דערביי זאגען, אז אייגענטלאך איז דער מענש געגליכען צו א וואלקען: ער ענדערט זיך ווי דער וואלקען. פיהרט ער זיך אויף גוט, ווערט ער פון א חיה פארוואנדעלט אין א מענשען. פיהרט ער אויף זיך שלעכט, איז פונקט דער היפוך: ער ווערט פארוואנדעלט פון א מענשען אין א חיה...

"שמערעל גענעץ" האט מען איהם גערופען דערפאר וואס זיין גענעצען

איז געווען א שם דבר אין האטינקא. ער האט כסדר געהאלטען אין גענעצען: געזאגט א פאר ווערטער און געגענעצט, ווי ער וואלט ניט געהאט געשלאפען קיין נעכט. דערצו זיינען זיינע גענעצען געווען אזוינע אויסגעצויגענע און כאגלייט מיט אז אימה־אניאגטנדיגען רעווען, אז פון זיין גענעצען האט מען שוין געוואוסט פון דערווייטען, אז שמערעל קומט אן. בטבע איז שמערעל געווען א קאלטבלומיגער. עס האט אויסגעקוקט ווי עס וואלט איהם געווען שווער ארויסצוזאגען אווארט. האט ער אבער ווטגעז אז עניו אנגעהויבען ריידען, דערהויפט, ווען דאס האט געהאט צו טהאן מיט די גוטע און שלעכטע זיטען פון מענשען, אזוי האט ער זיך דערוואַרימט. ער האט אנגעהויבען ריידען פלינקער. די ווערטער האבען זיך שוין אנגעהויבען גיסען פון זיין מויל און ער האט בעת מעשה אפילו פארגעסען צו גענעצען.

באזונדער האט ער ליעב געהאט צו מוסר'ן מענשען, אז זיי זאלען ניט זיין קיין ניט־פארגינער און זאלען זיך ניט שילטען אדער סתם ריידען ניבול פה. ווען שמערעל פלעגט זיך צעוואַרימען אין זיינע רייד, איז גראד געווען וואס צו הערען. ווייבער האבען שטארק ליעב געהאט זיך צו איהם צוצוהערען. אויך קינדער פלעגען זיך פארקלייבען ארום איהם. די קינדער האבען אבער געווארט, אז שמערעל זאל געבען א גענעץ וואס איז ביי זיי געווארען א מין אונטערהאלט. ווען ער האט א ווייל ניט געגענעצט, פלעגען זיי אויסרופען: שמערעל, גיב א גענעץ!

שמערעל איז פאר דעם ניט ברוגז געווארען. ער האט עס געהאלטען פאר א גאנץ נאטירליכען פארלאנג מצד די קינדער. ער האט זיי געגלעט און געצערטעלט און געלאכט ווי ער וואלט געווען צופרידען וואס ער האט כאטש אזא זאך ווי א גענעץ וואס טהוט זיי הנאה.

אין משך פון דריי יאהר צייט, וואס דוד ליב האט געוואוינט אין האטינקא און זיך דארט דערנעהרט פון זיין שוסטעריי, האט ער זיך באקאנט מיט עטליכע פון די דורכגעהענדיגע אורחים און האט פון זיי ארויסגעקראגען דעם סוד, אז זיי זיינען נסתרים.

דערפאר אבער האט ער גארניט געקענט אויסגעפינען וועגען דעם געלען כהן. אחוץ דעם געלען זיינען געווען נאך עטליכע אידען, וואס פלעגען פון צייט צו צייט קומען קיין האטינקא און דוד ליב האט וועגען זיי ניט געקענט אויסגעפינען ווער זיי זיינען.

אויפפאלענד איז פאר איהם געווען דאס, וואס פונקט ווי דער געלער כהן, אזוי אויך די אנדערע וואס האבען זיך צו איהם ניט געוואלט, אדער ניט געהאט מיט וואס, זיך צו אנטפלעקען, האבען זיך אלע גע'חבר'ט מיט שמערלען. דוד ליב האט זיך געוואונדערט וואס דאס באדייט.

שמערעל האט געוואוינט אין א קליין, אלט הייזעל, וואס איז האלב געווען פארזונקען אין דער ערד. דער דאך, א שטרויענער, איז געווען האלב צעטראגען פון ווינט. זומער אין רעגענדיגע טעג פלעגט דאס הייזעל פשוט פארפלייצט ווערען.

שמערעל איז געווען א באווייבטער, און א דאנק זיין ווייב האט ער געהאט וואס צו עסען. זיין ווייב פלעגט שפינען וואל און פון דעם מפרנס

געווען זיך, איחר מאן און די צוויי קינדער וואס זיי האבען געהאט. די דאזיגע קינדער,ביידע זיהן, האט שמערעל'ס ווייב געהאט אוועקגעשיקט אין א ווייטען שטעדטעל זיך דארט צו לערנען א מלאכה.

איינמאל האט אין האטינקא אויסגעבראכען א שריפה. א סך הייזער זיינען אוועק מיט'ן רויך. דוד ליב'ס הייזעל איז געווען צווישען זיי. דאס געסעל, וואו שמערעל האט געוואוינט, איז געבליבען גאנץ. דוד ליב האט זיך אפגעדונגען א דירה אין יענעם געסעל און זיך דארט אריינגעקליבען. איצט איז ער שוין געווען א נאהענטער שכן פון דעם דאזיגען פארשוין און, ווילענדיג ניט ווילענדיג, האט ער זיך צו איהם מעהר צוגעקוקט.

עס איז געווען א בייזאכט אין מיטען ווינטער. דוד ליב האט זיך יענעם אווענט פארזעסען אין בית מדרש. ניט צו צייגען אימיצען, אז ער בלייבט אין בית מדרש צוליב צדקות, האט ער געמאכט דעם אנשטעל, אז ער טהוט עס דערפאר וואס דארט איז ווארעם און עס לאזט זיך דארט כאפען א דרעמעל.

ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים, איז שוין געווען שפעט ביי־נאכט. עס איז איהם אויסגעקומען פארבייצוגעהן שמערעל'ס הייזעל. מיט אמאל האט זיך צו איהם דערטראגען א זיסער געזאנג, ווי פון איינעם וואס האט גרויס השתפכות הנפש. ער האט זיך אפגעשטעלט. דאס געזאנג איז געקומען פון שמערעל'ס הויז. ער האט שוין אפילו געקענט הערען די ווער־טער. דאס איז געווען א תפילה. שמערעל האט געדאווענט מעריב.

דוד ליב איז געווען פאר'חידוש'ט. יענעם אווענט איז שמערעל געווען צו מעריב אין בית מדרש. ער האט אבער אליין געהאט באמערקט פון דער זייט ווי שמערעל האט קוים באוועגט מיט די ליפען. דוד ליב האט געמיינט, אז שמערעל איז אזוי פראסט, אז ער קען פשוט ניט דאווענען. ווארום אין דארף האט מען איהם טאקע געהאלטען פאר א פראסטאק, וואס קען קיין עברי ניט. און מיט אמאל, א תפילה וואס האט קלאהר געצייגט, אז מען האט צו טהאן ניט נאר מיט א אידען, נאר מיט איינעם מיט א פייערדיגע נשמה. נאר א גרויסער צדיק האט געקענט דאווענען מיט אזוי פיעל התלהבות.

א גאנצע שעה איז דוד ליב פארבליבען ביים טיר פון שמערעל'ס הייזעל און שמערעל האט נאך ניט געהאט פארענדיגט די תפילה. דוד ליב וואלט דארט געבליבען לענגער. אבער די קעלט איז געווען גרויס. ער איז שיער פארגליווערט געווארען, שטעהענדיג אין דרויסען. ער האט שמערלען געמוזט איבערלאזען אין מיטען דאווענען און געהן אהיים.

פון דאמאלס אן האט דוד ליב געהאלטען אן אויג אויף שמערלען. איצט האט ער שוין געוואוסט, אז שמערעל איז ניט וואס מענשען מיינען, אז ער איז.

אבער ווי דערפיהרט מען דערצו, אז שמערעל זאל זיך צו איהם לאזען דערקענען? דוד ליב האט זיך ניט נאר צוגעקוקט וואו ער געהט, נאר אויך זיך צוגעהערט וואס ער רעדט. ער האט זיך מיט באזונדערער אויפמערקזאמקייט צוגעהערט צו זיינע שמועסען מיט פרויען און קינדער. שמערעל האט זיי דערצעהלט פארשידענע מעשיות. די פרויען האט ער דערצעהלט וועגען דעם

לעבען און די דרכים פון אונזערע אמהות, שרה, רבקה, רחל און לאה. ער האט זיי אויך דערצעהלט וועגען אנדערע באריהמטע אידישע פרויען, וואס האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע מידות טובות. עס איז געווען קלאר, אז שמערעל האט געוואלט מיט זיינע מעשיות בעאיינפלוסען די ווייבער פון האטינקא, אז זיי זאלען זיין גוט און פרום, געהארכזאם צו זייערע מענער און געהעריג אויפפאסען אויף זייערע קינדער.

א טיפען איינדרוק האט געמאכט אויף דוד ליב'ן דאס וואס שמערעל האט זיך באזונדער אפגעגעבען מיט באדינען קימפעטארינס. ווען אין האטינקא איז א פרוי געלעגען געווארען, אזוי איז שמערעל באלד געווען אין הויז. ער האט אויסגעקלעפט אויף די ווענט די שיר המעלות'ן און האט דארט געטהאן די אלע ארבייטען וואס ווערען געוויינליך געטהאן פון א ווארטס-פרוי; ער האט אנגעהאקט האלץ און איינגעהייצט דעם אויווען; ער האט געבראכט וואסער אין הויז, און ווען נויטיג, האט ער אפגעקאכט א געקעכטס און סתם צונעגרייט מאכלים סיי פאר דער קימפעטארין און סיי פאר די קינדער, וואס זיינען געווען אין הויז, און האבען ניט געהאט ווער עס זאל אויף זיי אויפפאסען.

דוד ליב האט שוין געוואוסט וואס הינטער דעם שטעקט. עס איז געווען שמערעל'ס גרויסע צדקות. ער האט איצט נאר געוואלט, אז שמערעל זאל זיך צו איהם אנטפלעקען און זאל זיך מיט איהם אנהויבען חבר'ן. דוד ליב האט אויספרובירט פארשידענע תחבולות כדי שמערעל זאל ווערען פריינטליכער צו איהם. ער האט אפילו אנגעהויבען זאגען תורה אין זיין נעגנווארט, און ווען קיינער איז דערביי ניט געווען, האט ער שמערלען איינגערוימט אין אויער, אז איינענטליך דארף ער זיך פון איהם ניט באהאלטען, ווייל אויך ער, דוד ליב, איז ניט דאס וואס ער גיט זיך ארויס פאר מענשען.

דוד ליב האט זיך משער געווען, אז דאס וועט האבען א ווירקונג אויף שמערלען און יענער וועט זיך צו איהם לאזען דערקענען. אנשטאט דעם האט שמערעל איהם אנגעקוקט מיט א ברייט-צעעפענטען מויל, מיט אויגען פון א תם און מיט א פנים וואס האט אויסגעדריקט פארוואונדערונג. שמערעל האט נעקוועטשט מיט די פלייצעס און געמאכט דעם אנשטעל ווי דאס וואלט פאר איהם געווען אין גאנצען אומפארשטענדליך. דוד ליב האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי אפצולאזען שמערלען און אויפגעבען די האפענונג אז ער וועט זיך צו איהם אנטפלעקען.

דער זומער איז אנגעקומען און, ניט קוקענדיג אויף די תעניתים און סגופים וואס דוד ליב דער שוסטער האט אויף זיך גענומען, האט שמערעל זיך נאך אלץ געהאלטען פון איהם פון דער ווייטען. נאר מיט אמאל איז אין האטינקא ווידער ארונטערגעקומען דער גלער כהן, אויף וועמען דוד ליב האט שוין פון לאנג געהאלטען אן אויג. ווידער האט דער גלער זיך גע'חבר'ט מיט שמערלען. דוד ליב האט איצט ביידען נאכגעקוקט. ער האט געזעהן ווי ביידע געהען אפט אין וואלד און פארזאמען זיך דארט שעה'ן לאנג. דוד ליב איז איינמאל זיי געקומען ביידען אנטקעגען.

— איך האב עפעס מיט אייך צו ריידען, — האט ער צו זיי געזאגט, — עס איז וועגען זעהר א וויכטיגען ענין. לאמיר ארויס אין פעלד.

שמערעל און דער געלער כהן האבען איהם אנגעקוקט אין שטוינען. זיי האבען געמאכט דעם אנשטעל ווי זיי וואלטען גאר ניט געקענט פארשטעהן וואס אזוינס דוד ליב האט מיט זיי צו ריידען. אבער זיי האבען זיך ניט גע־לאזט לאנג בעטען און זיינען מיט דוד ליב'ן מיטגעגאנגען. ווען זיי זיינען געווען ווייט הינטער האטינקא האט דוד ליב זיך צו זיי געווענדעט מיט אט די ווערטער:

— איך ווייס איצט אויף זיכער, — האט ער אנגעפאנגען, — אז איהר זייט פארבארגענע צדיקים וואס דיענען השם יתברך אויף אן אייגנארטיגען דרך. איך האב אויך פרובירט געהן אויף מיין אייגענעם דרך. איך גיב זיך אפ מיט תורה און עבודה באהאלטענערהייט בעת איך בין מפרנס זיך און מיין משפחה פון שוסטעריי. איך ווייס, אז איך קען פון אייך א סך לערנען. האט אויף מיר רחמנות און לאזט זיך צו מיר דערקענען.

דוד ליב האט זיך פאנאנדערגעוויינט. ער איז געווען שטארק גערירט.

דוד ליב'ס רייד און זיין צובראכען הארץ האבען געהאט א ווירקונג אויף שמערלען און דעם געלען כהן. עס איז געווען קלאר, אז דוד ליב מיינט אלץ וואס ער זאגט מיט'ן גאנצען הארצען. זיי האבען זיך צו איהם אנטפלעקט, אבער האבען איהם שטרענג אנגעזאגט, אז ער זאל דעם סוד קיינעם ניט ארויסגעבען. אלע דריי האבען זיך צוריקגעקעהרט אין דארף אריין, און אויב אימיצער האט זיי באגעגענט, האט יענעם גאר ניט געקענט איינפאלען אז עפעס איז דא געשעהן און אז דאס וואס זיי זיינען אלע דריי צוזאמען האט א וועלכען עס איז באדייט.

דערווייל איז צווישען שמערלען און דוד ליב'ן אנטשטאנען א שטארקע פריינטשאפט. א יאהר צייט האבען זיי, אין משך פון די נעכט, געלערנט צו־זאמען קבלה און אויך חקירה. שמערעל איז געווארען דוד ליב'ס רבי סיי אין תורה און סיי אין די ענינים פון עבודה.

דוד ליב איז געווען גליקלאך. קודם כל האט ער געפיהלט די באפרידיגונג פון דעם וואס אזוינע צדיקים ווי שמערעל און דער געלער כהן האבען זיך צו איהם אנטפלעקט. דער עיקר איז אבער געווען וואס ער האט זיך איצט באקאנט מיט א נייעם דרך פון תורה און עבודה.

## לג.

## טאטע און זוהן

**ווי דוד ליב דער שוסטער האט געלערענט זיין זוהן מדות טובות און ווי דער זוהן האט געמוזט שווייגען וועגען זיין פאטער דעם נסתר. — מיט'ן בעל שם'ס כת.**

נאך א לענגערע צייט האט דוד ליב זיך דערוואוסט מעהר פרטים ווע־גען דעם "געלען כהן", וועלכער איז געווען אן אפטער באזוכער אין האטינקא און זיך גע'חבר'ט מיט שמערלען. אט דער "געלער כהן" איז א לאנגע צייט געווען א מלמד אין קאלישק. ער האט דארט גע'שמ'ט פאר זיין לומדות און צדקות. זיין נאמען איז געווען ר' סענדער. פלוצלינג האט ער אויפ־געגעבען זיין מלמדות און האט אנגעהויבען וואנדערען איבער אידישע שטעט

און שטעטלאך מיט דעם איינציגנען צוועק צו לערנען אידישע קינדער מידות טובות און זיי מעורר צו זיין צו עבודת הבורא.

דוד ליב איז געבליבן אין האטינקא ביז זיין זוהן, אברהם יצחק, איז געווארען ניין יאהר אלט. דוד ליב האט איצט דערפיהלט די נויטווענדיגקייט זיך איבערצוקלייבן אין א גרעסערער שטאט כדי דארט צו שיקען זיין זוהן אין א ישיבה. אזוי האט דוד ליב באלד נאך סכות פון יענעם יאהר זיך איבער־געקליבען קיין קאלישק, וואו א געוויסער ר' נפתלי האט אנגעפיהרט מיט א ישיבה. אין משך פון צוויי יאהר איז אברהם יצחק געגאנגען אין ר' נפתלי'ס ישיבה און גלייכצייטיג געלערנט, באזונדער, מיט זיין טאטען.

א גרויסען רושם האט אויף אברהם יצחק'ן געמאכט דאס וואס זיין טאטע האט זיך אין קאלישק באזונדער אפגעגעבען מיט אלמנות און יתומים. ער האט בכלל געמאכט פאר זיין אויפגאבע נאכצוקוקען ווי עס לעבען די ארימע מענשען פון קאלישק, דערהויפט יתומים און אלמנות. ווען ער האט געזעהן אן ארים קינד, א בארוועסען, אדער מיט צעריסענע שיך, האט ער פאר איהם געגעהט א פאר שיך און עס געשיקט מיט זיין זוהן, אברהם יצחק'ן, אנזאגענדיג איהם, אז ער זאל די שיך איבערלאזען בייגאכט, ווען קיינער האט ניט געזעהן, אין פירהויז ביים טיהר וואו דער בעל דבר האט געוואוינט.

פיעל מאל האט פאסירט, אז דוד ליב, וועלכער איז אליין געווען אן ארימאן, האט געשיקט אברהם יצחק'ן מיט א לאבען ברויט און מיט אנדערע עסענווארגען צו אלמנות, געוועזענע אונטערינגס און סתם ארימעלייט וואס זיינען געלעגען קראנק און קיינער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט.

אברהם יצחק האט גוט געוואוסט ווי גרויס עס איז זיין פאטער'ס צדקות, אבער ער איז געווען פארזאגט ווענען דעם קיינעם קיין ווארט ניט צו זאגען. אבער בעת קיינער אין קאלישק האט גארניט געוואוסט וועגען דער חשיבות פון דוד ליב דעם שוסטער, האבען א סך ניט פארפעהלט צו באמערקען וואס פאר א וואוילען איינגעל דוד ליב האט געהאט.

— אט זעהט, — האבען מענשען אויף איהם געטייטעלט מיט די פינגער, — ניט מעהר ווי א שוסטער'ס א קינד אבער דאך אזא וואוילער!

אברהם יצחק'ן, אז ער פלעגט הערען די דאזיגע רייד, פלעגט עס איהם שטארק פארקוועטשען ביים הארצען. ער פלעגט שטילערהייט ביטער וויינען וואס זיין פאטער, וועמעס חשיבות ער האט אזוי גוט געוואוסט, ווערט אזוי וויניג אפגעשאצט. ניט איין מאל האט זיך איהם געוואלט אויסרופען צו די מענשען, אז זיי זאלען ניט מאכען דעם טעות מיט דעם וואס זיי נעהמען אן זיין פאטער פאר א פשוט'ן שוסטער. ער האט אבער תמיד געהאט אין זינען, וואס זיין פאטער האט איהם געהאט אנגעזאגט, אז ער זאל האלטען אלץ וואס ער האט געוואוסט וועגען איהם בסוד.

ניין יאהר האט אברהם יצחק געלערנט אין ר' נפתלי'ס ישיבה. ער האט געלערנט מיט גרויס התמדה. נאכהער האט דוד ליב איהם געשיקט קיין סמארגאן, וואו עס האט זיך דאמאלס געפונען איינע פון די גרעסטע ישיבות פון יענער צייט. אברהם יצחק האט אין דער סמארגאנער ישיבה געלערנט דריי יאהר צייט. ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט פון דארט, איז ער געווען

באלאדען מיט סמיכות פאר רבנות און מיט בריעף פון די ראשי הישיבה וואס האבען איהם שטארק געלויבט פאר זיין לומדות און מידות.

דערווייל איז דוד ליב, אין משך פון די יאהרען, אליין אויך געוואקסען אין לומדות און אין צדקות. ער איז איצט געווארען איינער פון די הויפט פיגורען צווישען די נסתרים, די וואנדערענדיגע פארבארגענע צדיקים. אז זיי פלעגען קומען קיין קאלישק, אויף זייערע געהיימע שליחות'ן, האבען זיי זיך תמיד אויפגעהאלטען ביי איהם אין הויז. קיינעם אין קאלישק איז אבער ניט איינגעפאלען, אז דוד ליב איז עפעס מעהר ווי א פשוט'ער שוסטער.

אברהם יצחק איז דערווייל געזעסען ביי זיין פאטער און ווייטער געלערנט. זיין פאטער האט גראד קיין פרנסה ניט געפעהלט. ער האט שטענדיג געהאט ארבייט און האט פארדיענט גענוג אויף חיונה. פון דעסטוועגען האט דוד ליב שוין אנגעהויבען צו טראכטען וועגען א תכלית פאר זיין זוהן. אין זיינע באַ־דיהרונגען מיט די פארבארגענע צדיקים, האט דוד ליב ניט נאר געקענט דעם "געלען כהן" ר' סענדער'ן, נאר אויך דעם שמש פון דער יאנאוויטשער שוהל אויפ'ן מארק, ר' זלמן חיים'ען. אט די צוויי נסתרים, וואס האבען געהאט באקאנטשאפטען אין א רייהע שטעט און שטעטלאך, זיינען איצט געווארען די שדכנים פאר אברהם יצחק'ן. זיי האבען איהם, ווי מיר וועלען שוין, איהם פאר'שדכן'ט מיט דער טאכטער פון מרדכי דעם מילנער.

אברהם יצחק איז אין יאנאוויטש פאקטיש געווארען ר' זלמן חיים'ס ממלא מקום, ווען אט דער מערקווירדיגער שמש איז פון דארט פאר־שוואונדען.

דער אמת'ער ממלא מקום פון ר' זלמן חיים'ען איז אבער געווען א געוויסער ר' יוסף משה, אן אנדער וואנדערער, וואס איז פון ערגעץ ארונ־טערגעקומען קיין יאנאוויטש און קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען און פאר וועלכען צוועק. וואס פאר א שייכות ר' זלמן חיים האט געהאט מיט ר' יוסף משה'ן האט קיינער ניט געוואוסט. אבער דער אלטער פרוש, ר' ליב, וועלכער האט געלערנט און געשלאפען אין דעם בית המדרש וואו ר' זלמן חיים איז געווען שמש, האט שפעטער דערצעהלט, אז אזוי נאר ווי ר' יוסף משה איז אנגעקומען קיין יאנאוויטש, האט ר' זלמן חיים זיך אנגעהויבען גרייטען צו פארלאזען די שמשות און אויך יאנאוויטש, איבערלאזענדיג ר' יוסף משה'ן אויף זיין ארט.

פון דעם זעלביגען פרוש האט מען זיך אויך דערוואוסט, אז פאר א יאהר צייט האט ר' זלמן חיים זיך שטארק גע'חבר'ט מיט אן אנדער פרוש, ר' זונדעל וואלף. זיי האבען ביידע געלערנט אין באהעלטעניש. וואס זיי האבען געלערנט האט קיינער ניט געוואוסט. אבער ווען ר' זלמן חיים האט געהאט איבערגעגע־בען די שמשות צו ר' יוסף משה'ן און האט געהאלטען ביים פארלאזען יאנא־וויטש, האט דער פרוש ר' זונדעל וואלף געלאזט וויסען, אז אויך ער פארלאזט יאנאוויטש און געהט מיט ר' זלמן חיים'ען. עפעס האבען זיי ביידע גערעדט וועגען אויסוואנדערען אין א ווייטער שטאט, וואו עס געפינט זיך א גרויסער גאון וועלכער האט זיך ארומגערינגעלט מיט א סך תלמידי חכמים.

איצט, אז ברוך האט זיך געהאט דערוואוסט אברהם יצחק'ס פארגאנגענ־

הייט, איז איהם אויך געווארען א סך קלארער וועגען דעם שמש ר' זלמן חיים'ען וועמען ער האט געוואלט נאך אמאל באגעגענען, אבער האט איהם מעהר ניט געפונען אין יאנאוויטש. ברוך האט איצט אליין מעהר ניט געהאט וואס צו טהאן אין יאנאוויטש. ער האט נאך געוואלט באזוכען אנדערע שטעטלאך וואו ער האט פארבראכט אין די פריהערדיגע יאהרען, באזונדער דאבראמיסל.

דער טאג איז געווען א זוניגער, אבער דער וועג איז געווען א בלאטיגער. דער שניי איז אקארשט געווען צוגאנגען און, ווי דאס איז תמיד ערב פסח, איז אומעטום געווען בלאטיג און זומפיג. עס איז דערפאר געווען גארניט לייכט פאר ברוך'ן צו געהן צופוס אזא לאנגען וועג צווישען יאנאוויטש און דאבראמיסל. ער איז אבער געווען פארנומען מיט זיינע מחשבות און ער האט קוים געפיהלט די שווערקייט פון דעם וועג. ברוך איז אבער דאך, נאך א פאר שעה געהן, מיעד געווארען און, דערגרייכענדיג א קליינעם וועלדעל, האט ער זיך אפגעזוכט אן אומגעווארפענעם בוים ביים זייט פון וועג און האט זיך צוגעזעצט אפצורוהען.

לאנג איז ברוך ניט געזעסען אויף'ן אומגעווארפענעם בוים. א פויער איז אנגעקומען אין זיין דארפישען וואגען. דערזעהענדיג ברוך'ן ביים זייט פון וועג, האט ער איהם געהייסען אריינקריכען צו איהם אין וואגען.

— ניט וויים פון דאנען — האט דער פויער איהם געזאגט — געפינט זיך דער דארף יוטינא. דארט געפינט זיך א איד, ביי וועמען דו וועסט קענען איבערשלאפען. איך פאהר קיין זאוויקינא. איך וועל דיך דערפיהרען ביז די וועגען טיילען זיך פאנאנדער.

דער פויער האט איהם צוגעפיהרט צום באשטימטען פונקט און האט איהם דארט ארונטערגעלאזט. ברוך, כאטש ער האט זיך געהאט אביסעל אפגערוהט, זיצענדיג אין וואגען, איז נאך אבער אלץ געווען מיעד. ער איז דערפאר געגאנגען לאנגזאם אין דער ריכטונג אין וועלכער דער פויער האט איהם געהאט אנגעוויזען. ברוך איז נאך ניט געווען ווייט אפגעגאנגען, ווען א יונגערמאן איז איהם געקומען, לויפענדיג, אנטקעגען. דער דאזיגער יונגערמאן האט איהם אפגעגעבען א פריינטליכען שלום עליכם און האט איהם געהייסען זיך באלד פארנעהמען אין קרעטשמע אריין. ער האט איהם דערביי דערצעהלט, אז עס איז זיין עובדה איבערצונעהמען דורכפאהרער און דורכגעהער, ווייל ארום פינף מייל פון דארט איז דער טיף ארוים פון זיינע ברעגעס און האט ארונטערגעטראגען דעם בריק. דאס האט פאסירט ווען אויף'ן בריק האבען זיך געפונען דריי פויערים מיט זייערע וועגענער געלאדען מיט האלץ. די וועגענער מיט די פערד און זייערע אנטרייבער זיינען פארכאפט געווארען אין די שטורמדיגע וואסערען און זיינען אומגעקומען.

דער וועג און די גאנצע געגענד ארום, האט דער יונגערמאן ווייטער דערצעהלט, זיינען איצט פארפלייצט. עס וועט דארפען נעהמען א פאר טעג איידער די וואסערען וועלען צוריק לויפען און מ'וועט די בריק פארריכטען. אט דערפאר, האט ער געזאגט, האט איהם זיין שווער געהייסען שטעהן אויף'ן

וועג און אנזאגנען אלע דורכגעהער און דורכפאהרער, אז זיי זאלען זיך אפ־שטעלען ביי זיי אין דער קרעטשמע.

ברוך האט באלד איינגעזעהן, אז דער יונגער מאן איז א בן תורה. אויך האט דער יונגערמאן דערקענט אין ברוך'ן, אז ער איז א למדן, און נאך איידער זיי האבען דערגרייכט די קרעטשמע, זיינען זיי שוין געוועזן גוט באקאנט איי־נער מיט'ן אנדערען און גערעדט צווישען זיך תורה. דער נאמען פון דעם קרעטשמער'ס איידים איז געוועזן נתן שלמה. ער האט ברוך'ן דערצעהלט, אז אין דארף געפינען זיך עטליכע אידען. זיי האבען דארט א שיעור גמרא וואס ווערט געזאגט יעדען טאג. זיי האבען געהאלטען ביי דער מסכת "שבועות", ביי דער סוגיא "שבועה שלא אוכלנה ואכלה" (כ"ז: ב').

אין קרעטשמע האט ברוך געפונען א היבש ביסעל אורחים, וואס האבען זיך דארט אפגעשטעלט צוליב דער פארפלייצונג. אלע האבען איהם אפגעגע־בען א פריינטליכען שלום עליכם. דריי מעת לעת האט ברוך געמוזט בלייבען אין דער קרעטשמע ביז וואנען ער האט געקענט ווייטער געהן זיין וועג. דער קרעטשמער, ר' נחמן ישראל, איז געוועזן ארום פופציג יאהר אלט. מען האט אויף איהם באלד געקענט זעהן, אז ער איז א בן תורה. ער האט געהאט צוויי איידימס, וועלכע זיינען געזעסען ביי איהם אויף קעסט און געלערענט, אויך זיין עלטערער זוהן איז געזעסען אין הויז און געלערענט צוזאמען מיט די איידימס. די אינגערע זיהן האט ער געהאלטען אין ישיבות.

ר' נחמן ישראל האט די קרעטשמע געהאלטען אין ארענדע. ער האט אויך געהאלטען אין ארענדע די מיהל און דעם טייך צו פאנגען פיש. דאס רעכט צו פאנגען פיש אין טייך האט ר' נחמן ישראל איבערגעגעבען צו אנדערע אידען, זיינע באקאנטע, באוואוסטע בני תורה. אט אזוי האט זיך ארום דער קרעטשמע געשאפען א קליינער אידישער ישוב, וואס איז אויך געוועזן באזארגט מיט א בית המדרש.

עס איז געוועזן איינגעפיהרט, אז יעדען טאג זאל אימיצער אנדערש זאגען דעם שיעור. איך משך פון די דריי טעג, וועז אין דער קרעטשמע האבען זיך צוליעב דער פארפלייצונג אויפגעהאלטען א גרעסערע צאהל אורחים, האט מען די אורחים מכבד געוועזן מיט זאגען דעם שיעור. אזוי האט מען אויך ברוך'ן מכבד געוועזן מיט זאגען א בלאט גמרא. איהם איז אויסגעקו־מען צו זאגען דעם שיעור, וואו תוספות שטעלט קשיות אויף רש"י'ן אין שייכות מיט דעם וואס רבא זאגט וועגען "שבועה שלא אוכל ככר זו אם אוכל זו". די וואס האבען זיך צוגעהערט צום שיעור האבען זיך שטארק מתוכח געוועזן וועגען דעם ענין. צוויי פון די אורחים האבען געהאלטען מיט רש"י און פארענטפערט די קשיות פון תוספות. ברוך האט מבאר געוועזן דעם ענין מיט דעם וואס ער האט געבראכט א רבינו תם, וועלכער איז אין איין טייל מסכים מיט רש"י, אבער איז מיט איהם מחולק אין א צווייטען טייל.

אין משך פון די דריי מעת לעת. וואס ברוך האט פארבראכט אין דער קרעטשמע, האט ער זיך נעהנטער באקאנט מיט ר' נחמן ישראל'ס איידימס, נתן שלמה, וועמען ער האט דעם ערשטען באגעגנט, און אריה יהודה. ביידע

האבען איהם דערצעהלט וועגען זייער אפשטאם און אויך וועגען די ישיבות, וואו זיי האבען געלערענט. פון זיי האט ער זיך דערוואוסט גאר א סך וועגען זייער שווער. ברוך איז געווען שטארק פאראינטערעסירט. ער האט דערביי עפעס געלערענט. ר' נחמן ישראל האט פארבראכט זיין יוגענט אין די גרעסטע ישיבות און האט זיך קונה שם געווען מיט זיין לומדות. שפעטער איז ער געווארען דער איידים פון א בעל הבית'ישען אידען אין זלאבין און איז צוואנציג יאהר געזעסען ביי זיין שווער אויף קעסט. אין משך פון דער צייט האט זיך ר' נחמן ישראל באקאנט מיט דעם נסתר, ר' עזריאל יעקב, וועלכער האט אומגעוואנדערט איבער דער וועלט און קיינער האט ניט גע־וואוסט פאר וועלכען צוועק.

אין א געוויסען טאג האט זיך ר' נחמן ישראל אויפגעהויבען און איז אוועק מיט אט דעם נסתר אפריכטען גלות. ניט האט ר' נחמן ישראל געזאגט וואוהין ער געהט און ניט ער האט שפעטער, ווען ער איז צוריק געקומען, געזאגט וואו ער איז געווען. ווען ער איז צוריקגעקומען און זיינע קעסט האבען זיך געהאט פארענדיגט, האט זיין שווער איהם געוואלט ווייטער אויסהאלטען. אבער ר' נחמן ישראל האט ניט געוואלט. אנשטאט דעם האט ער אליין אנגעהויבען זוכען פרנסה. אזוי האט ער באשלאסען צו נעהמען ביי א פריץ די קרעטשמע און מיהל אין ארענדע, ער האט דערביי אויך צוגע־רעדט אנדערע יונגעלייט, אז זיי זאלען זיך מיט איהם באזעצען אויף'ן פריצישען גוט און עס האט זיי אלעמען מצליח געווען.

פון דעם קרעטשמער'ס איידימס האט ברוך זיך אויך דערוואוסט פון איינעם, וועמעס נאמען האט מעגליך צו איהם זיך געהאט דערטראגען צום ערשטען מאל. דאס איז געווען דער נאמען פון דעם בעל שם הקדוש. די איידימס האבען איהם געהאט דערצעהלט, אז ווען זייער שווער איז אוועק מיט דעם נסתר, ר' עזריאל יעקב'ן, זיינען זיי געגאנגען ניט צו קיין אנדערען ווי צו דעם בעל שם אין פאדאליען. ר' עזריאל יעקב איז געווען דעם בעל שם'ס א תלמיד, וועלכער האט אין זיינע וואנדערונגען געהאלטען אין פאר־שפרייטען דעם בעל שם'ס תורה וועגען חסידות. ר' נחמן ישראל האט שפע־טער דערצעהלט זיינע איידימס, אז דער בעל שם האט עס איהם אנגעזאגט, אז ער זאל אוועק פון זיין שווער און זיך איבערקלייבען אויף א ישוב. ווען עס האט איהם שפעטער מצליח געווען און ער האט גורם געווען, אז עס זאל געשאפען ווערען א נייער אידישער ישוב, האט ער עס צוגעשריבען צו דעם בעל שם'ס גרויסע כוחות.

די איידימס האבען שטארק געוואלט, אז ברוך זאל ביי זיי בלייבען לענ־גער. קענטיג, אז זיי האבען נאך געוואלט מיט איהם א סך ריידען. צי ברוך האט דאמאלסט ניט פארנומען די וויכטיגקייט פון זייערע רייד, צי ער האט זיך סתם געאיילט אין וועג אריין, ער האט די קרעטשמע פארלאזען, כדי צו גרייכען אין צייט דאבראמיסל.

# לד.

## די ערשטע חסידים

דער אָרימאַן וואָס איז אויפגעריכט געוואָרען דורך זיין געראַטענעם זוהן. — דעם שמידי'ס דריטער איידים וואָס האָט נאָכגעפאָלגט די פוס־טריט פון זיין שווער. — מתנגד'ישע ערענסטקייט און חסיד'ישע פרעהליכקייט.

אז ברוך איז שוין געוועזן אויפ'ן וועג, האָט ער ערשט אָנגעהויבען נאָכ־טראַכטען וועגען דעם וואָס ער האָט געהערט און געזעהן אין ר' נחמן ישראל'ס קרעטשמע, באַזונדער וועגען דער נייער הנהגה וואָס ער האָט געזעהן פון דעם קרעטשמער און זיינע איידעמס און אויך וועגען דעם אופן ווי זיי האָבען געדאַוונט. בעת מעשה האָט ברוך ניט געשענקט צו דעם קיין אויפמערק־זאַמקייט. ער האָט עס אַליין דערנאָך צוגעשריבען צו דער קאַלטקייט פון זיין נאַטור. עס איז קיין ספק, אַז אויב ברוך וואָלט זיך מעהר אינטערעסירט מיט דעם וואָס ער האָט געהערט און געזעהן אין דער קרעטשמע, וואָלט ער געהאַט אויסגעפונען, אַז ער האָט זיך דאָ אָנגעשטויסען אַן נאָכפאָלגער פון בעל שם. — די ערשטע חסידים אין יענע מקומות.

עס איז אָבער פאַר ברוך'ן געוועזן גענוג, וואָס ער האָט געהאַט געהערט וועגען דעם בעל שם, מיט וועמעס ברכה דער קרעטשמער ר' נחמן ישראל האָט זיך באַזעצט מיט די אַנדערע אידען אין יענעם דאָרף. שפּעטער, זייענדיג אין דאַבראָמיסל איז ברוך'ן ווידער אויסגעקומען צו הערען וועגען דעם בעל שם, אָבער שוין מעהר אויספיהרליך.

באַלד ווי ברוך איז אָנגעקומען קיין דאַבראָמיסל, האָט ער זיך פאַר־נומען צו דער קוזניע פון זיין אַלטען פריינד ר' אליעזר ראובן, ביי וועמען ער האָט אין די פריהערדיגע יאָהרען תמיד געהאַלטען פּסח.

דער שמיד איז געוועזן מלא שמחה, ווי ער וואָלט דערזעהן אַ נאָהענטען קרוב. ער האָט אָוועקגעלייגט דעם האַמער, אויסגעטהאָן דאָס פאַרטוך און זיך געוואַשען די הענד איידער ער האָט אָפּגעגעבען ברוך'ן שלום עליכם. ער האָט ברוך'ן אַרויסגענומען אין דרויסען און זיי האָבען זיך ביידע געזעצט אויף אַ באַנק ביי דער קוזניע. ר' אליעזר ראובן האָט געהאַט ברוך'ן אַ סך צו דערציילען וועגען די פּאַסירונגען אין משך פון יאָהר.

אָט האָט ער מיט אַמאָל געהערט וועגען דעם ווי אַזוי ר' אברהם בנימין, איינער פון די גרעסטע קבצנים אין דאַבראָמיסל, איז מיט אַמאָל אויפגעריכט געוואָרען. דאָס איז געוועזן דערזעלביגער ר' אברהם בנימין, וועלכער האָט זיך מפרנס געוועזן פון סאָרטירען וואָל און האָט געדאַרפט מפרנס זיין טאַטע־מאַמע, זיין ווייב'ס טאַטע־מאַמע און זיין איינענע הויזגעזינט. קיינער אין דאַבראָמיסל האָט זיך גאָר ניט פאַרגעשטעלט, אַז ר' אברהם בנימין וועט נתעשר ווערען.

עפּעס גאָר אונגעריכט האָט פּאַסירט, זיין עלטסטער זוהן שלמה'קע, וועמען ער האָט מיט זיינע לעצטע פּרוטות, געשיקט אין אַ ישיבה, האָט דאָרט געטהאָן אַ גרויסע פּעולה אין לערנען. שלמה'קע איז פון דער ישיבה צוריק־

נעקומען מיט כתבים פון די ראשי הישיבה וועלכע האבען איהם שטארק געלויבט. שלמה'קע איז אבער, א חוץ די כתבים, צוריקגעקומען מיט עפעס אנדערש. א בחור'ל, א מושלם, האט ער זיך אין דער גרויסער שטאט, וואו די ישיבה האט זיך געפונען, צוגעקוקט צו דעם ווי אזוי מען סארטירט און מען בארשט וואָל, ניט מיט די הענט, ווי זיין טאטע, נאר מיט א מאשין. שלמה'קע האט זיך פאראינטערעסירט אין אט דער מאשין מיט וועלכער מען האט געקענט אויסארבייטען גארניט דער ערד א סך מעהר וואל ווי מיט די בלויזע הענט.

שלמה'קע האט א סך נאכגעטראכט ווי אזוי צו פארזארגען זיין טאטען מיט אזא מאשין. ער וואלט דאן אויפגעריכט געווארען און וואלט געהאט פרנסה בשפע. אבער ער האט ניט געקענט חלום'ען פון דעם, אז זיין פאטער זאל זיין ביכולת צו קויפען אזא מאשין. דערפאר, אבער, האט שלמה'קע געקענט צוריקברייננען צו זיין טאטען דעם גאנצען פלאן פון אט דער מאשין און מיט זיינע אייגענע הענט אנהויבען אויפשטעלען אזא מאשין.

מיט דער הילף פון בערלען, דעם סטאליאר און אברהם דעם בלעכער, האט שלמה'קע געארבייט דריי וואכען צייט ביז די מאשין איז פארטיג גע־ווארען. ווען זיין פאטער האט אנגעהויבען ארבייטען מיט דער מאשין, האט ער געקענט אויססארטירען און אויסארבייטען וואל אין איין טאג וואס וואלט איהם מיט די בלויזע הענט פריהער געדארפט נעהמען לכל הפחות א חודש צייט. פון אלע דערפער ארום האט מען איצט אנגעהויבען ברייננען וואל צו בעארבייטען און אין משך פון עטליכע חדשים צייט איז ר' אברהם בנימין געווארען אן עושר.

דאס ערשטע, וואס ער האט געטהאן, אזוי גיך ווי עס האט איהם אנ־געהויבען צו געהן גוט, איז געווען חתונה צו מאכען זיינע צוויי פלימעניצעס יתומות, די טעכטער פון זיין פרוי'ס שוועסטער. ער האט זיי חתונה געמאכט מיט די זיהן פון חשוב'ע בעלי בתים, בני תורה. ער האט אויך מנדב געווען א נייעם דאך פאר דער שוהל. שלמה'קען אליין האט ער פאר'קנס'ט מיט אז איינינקעל, א יתומה, פון דעם דאבראמיסלער רב.

איבערגעהענדיג צו זיך אליין, האט דער שמיד דערצעהלט ברוד'ז ווע־גען דעם דריטען איידעם וואס ער האט גענומען פאר זיין מוזינקע.

— מיט אט דעם איידעם, — האט דער שמיד זיך געוויצעלט, — האב איך זיך פארזיכערט מיט א שטיק שור הבור. ווארים מיט לויתן האב איך זיך שוין פארזארגט דורך מיינע פריהערדיגע איידעמס.

יצחק שאול איז געווען דער נאמען פון דעם דאזיגען איידעם. ער איז געווען א געזונטער אין גוף און איי דער נשמה. ער איז געווען א גרויסער למדן און דערצו א לעבעדיגער און א פרעהליכער. דער שמיד האט זיך איבער־גענומען ניט נאר מיט זיין נייעם איידעם'ס לומדות, אויף וואס ער איז געווען, ווי ער אליין האט געזאגט, א קנאפער מבין, נאר אויך, און הויפטזעכליך, מיט זיין גוט־הארציגקייט, מיט זיינע גוטע מידות און מיט זיין ליעבע צו מענשען.

ר' אליעזר ראובן האט אויך דערצעהלט ברוך'ן וועגן דעם וואס זיין אײדעם האט שוין ארויסגעקראגען סמיכה אויף רבנות, אבער האט נעלאזט וויסען, אז ער וויל ניט זיין קיין רב.

— אנשטאט דעם, — האט דער שמיד וויטער דערצעהלט, — וויל ער גאר זיין א בעל מלאכה און דוקא א שמיד ווי איך. ער האט זיך אפילו ענט־זאגט צו נעהמען דעם נדן וואס איך האב איהם געהאט צוגעזאגט. ער וויל ניט מעהר ווי א דירה. די מלאכה פון א שמיד האט ער זיך שוין ביי מיר אויס־געלערנט. איצט האט ער זיך אפגעזוכט א דארף ארום צעהן ווארסט פון דאנען און ארום צוויי ווארסט פון באבינאוויטש, וואו ער וויל זיך אריבער־קלייבען מיט'ן ווייב און זיך דארטען עפענען א קוזניע.

וועגען די אנדערע צוויי אײדעמס זיינע, האט זיך ברוך דערוואוסט, אז ר' זלמן מאיר איז א ראש ישיבה אין ביעשענקאוויטש, און ר' משה ליב איז א ראש ישיבה אין וויטעפסק. ביידע אײדעמס האט דער שמיד דערווארט אויף פסח.

בעת דער שמיד האט נאך געהאלטען אין דערצעהלען ברוד'ן וועגען זיינע פאמיליען ענינים, האט זיך פלוצים פון דער קוזניע דערהערט א געש־שריי. ביידע זיינען דארט אריינגעלאפען און האבען פאר זיך געזעהן ווי א פויער, וואס איז געשטאנען ביי דער קאוואדלע און האט ניט געהאט באמערקט ווי א פונק האט א שפריץ געטהאן און זיך איינגעטליעט אין זיינע קליידער, איז איינגעוויקעלט געווארען אין רויך וואס האט געשפארט פון זיין אויבער־שטען מלבוש. דער פויער איז געווען שטארק דערשראקען. דער שמיד צוזאמען מיט ברוך'ן האבען צוערשט געדארפט אויפ'ן פויער דערשטיקען דאס פייער און ערשט דאן איהם אנהויבען בארוהיגען און טרייסטען.

בעת זיי זיינען געווען פארנומען מיט'ן פויער, איז אין דער קוזניע ארײנ־געקומען א שעהנער, הויכער יונגערמאן. דאס איז געווען דעם שמיד'ס דריטער אײדים. יצחק שאול האט זיך דערוויל דערוואוסט וואס עס איז געשעהן מיט'ן פויער און ער האט פרעהליך א זאג געטהאן, אז אייגענטליך איז דאך א בפירוש'ע משנה, אז "גץ שיצא תחת הפטיש והזיק חייב" (א פונק וואס איז ארויס פון אונטער'ן האמער און האט אנגעטהאן שאדען איז מען שולדיג). ער האט דערביי אויך געבראכט דאס וואס דער רמב"ם זאגט וועגען אט דעם ענין, און ברוך האט זיך פון דעם באלד איבערצייגט, אז ער האט פאר זיך א לומדישען יונגען מאן.

דורך זיין באקאנטשאפט מיט יצחק שאול'ן, דעם שמיד'ס דריטען אײדים, איז ברוך צום ערשטען מאל געקומען אין דירעקטער פארבינדונג מיט א חסיד, א נאכפאלגער פון דעם בעל שם טוב, וועמעס תורה האט זיך אנגע־הויבען צו פארשפרייטען אין די וויטעסטע געגענדען פון דער אידישער וועלט. ברוך האט אין יצחק שאול'ן געהאט אויך איינעם וואס האט איהם געקענט א סך דערצעהלען וועגען חסידות און וועגען דעם בעל שם טוב גופא און אויך איבערזאגען תורה און ווערטלאך פון דעם גרויסען חסידישען מנהיג.

יצחק שאול האט געשטאמט פונ'ם שטעטעל הארקי. זיין טאטע ר' ניסן, איז דארט געווען א מלמד. ער האט געהאט די אויסצייכנונג וואס ביי איהם

האבען געלערענט דערוואקסענע בחורים מיט גרויסע כשרונות. ר' ניסן אליין איז געווען א תלמיד פון דעם מגיד פון הארקי. ר' עזריאל יוסף איז געווען איינער פון דעם בעל שם'ס תלמידים. ער האט אין הארקי געשאפען א חברה פון געקליבענע יונגעליט, וועמען ער האט געלערענט די נייע תורה פון חסידות און זיי מדריך געווען אין דעם בעל שם'ס גייסט. ר' ניסן איז געווארען איינער פון די פיהרער פון דער דאזיגער חברה און ווען ר' עזריאל יוסף פלעגט אוועקוואנדערען, האט ער, ר' ניסן, פארנומען זיין פלאץ אלס רבי און מנהיג פון דער חברה.

אויך ער, יצחק שאול, איז דערצויגען געווארען, און טאקע דורך זיין אייגענעם פאטער, אין דעם דרך פון חסידות. ער האט דערפאר ברוך'ן גע־קענט גאר א סך דערצעהלען וועגען חסידות און וועגען דעם באגרינדער פון חסידות.

שפעטער, ווען ברוך האט געהאט פאר זיך דעם שמיד'ס דריי איידימס צוזאמען, האט ער געהאט א גוטע געלעגענהייט צו זעהן דעם אונטערשייד פון די ערשטע צוויי איידימס, וועלכע ער האט שוין געקענט פון פריהער און האבען מיט זיך פארגעשטעלט די געוויינליכע לומדישע יונגעליט, און דעם דריטען איידים, וועלכער איז געגאנגען אויף דעם נייעם דרך פון חסידות.

אלע דריי האבען גערעדט תורה. יעדער איינער האט געהאט צו זאגען חידושים. דער עלטערער איידים, ר' זלמן מאיר, האט אין דער ישיבה געלע־רענט מיט זיינע תלמידים די מסכת "קדושין" און ר' משה ליב האט גע־לערענט מיט זיינע תלמידים די מסכת "בבא קמא". זיי האבען איבערגעזאגט די חידושים אויף אט די צוויי מסכתות.ביידע זיינען געווען ערנסט און מיט פארזארגטע פנים'ער. מען האט פון זיי קיינמאל ניט געזעהן קיין שמייכעל.

יצחק שאול איז געווען אין גאנצען דער היפוך פון זיי. ער איז געווען פרעהלאך און מונטער און האט שטענדיג געצייגט גרויס חדוה. ער האט שטענדיג, אין סאמע מיטען פון אן ערנסטען שמועס, געזאגט א גלייכווערטעל. ברוך האט פאר זיך געהאט דעם סאמע חלוק צווישען דעם מתנגד'ישען דרך און דעם חסיד'ישען. ער האט דאס געקענט זעהן ניט נאר אין די רייד פון די דריי איידעמס און אין דעם געמיט זייערען, נאר אויך אין דעם ווי זיי האבען זיך באצויגען צו די סאמע וויכטיגסטע ענינים. פאר ר' זלמן מאיר'ן און ר' משה ליב'ן איז תמיד געווען די פראגע, ווי אזוי איז עס על פי דין. ביי יצחק שאול'ן איז אבער תמיד געווען די פראגע, ווי אזוי עס איז על פי יושר און על פי דרך החסידות. ברוך האט דערפאר געפיהלט, אז אט טאקע ביים שמיד אין הויז קען ער גאר א סך לערנען, אפשר דערגעהן דעם סאמע וויכטיגסטען סוד, וואס זיין יונגע און נייגיעריגע נשמה האט נאך דאמאלס געוואלט אנטפלעקען.

ברוך האט שוין גוט געוואוסט, אז דאס שווערסטע אין לעבען איז צו געפינען אט יענעם דרך אין לעבען, וואס גיט דעם מענשען זיין אמת'ען תיקון. ער האט מיט זיך אליין גע'חקירה'ט: דער רבונו של עולם האט אלע לעבע־דיגע באשעפענישען, איינשליסענדיג דעם בחיר היצורים, דעם מענש, פאר־

זארגט מיט דעם וואס איז צום סאמע נויטיגסטען פאר'ן קיום — לופט. לופט האט מען אומעטום. קיינער דארף ניט זארגען פאר'ן ביסעל לופט וואס מען דארף פאר'ן עקזיסטענץ. דאס צווייטע וואס איז נויטיג פאר'ן קיום פון לעבעדיגע באשעפענישען איז וואסער. אויך דאס געפינט מען לרוב און קיי־נער האט ניט קיין זארג אין געפינען גענוג וואסער, כאטש גאנץ אפט מוז מען זיך שטארק באמיהען צו געפינען וואסער, צי דאס איז א טייך, א קוואל אדער א ברונים, וואס מען דארף ערשט גראבען, כדי צו גרייכען וואסער.

דערפאר איז שוין אבער אנדערש מיט'ן ברויט, וואס דער מענש דארף האבען פאר זיין עקזיסטענץ. צוליב דער זינד וואס אדם און חוה זיינען באנאנגען, איז דער מענש פארשאלטען געווארען מיט דעם "בזעת אפיך תאכל לחם". דער מענש מוז זיך מאטערען צו געפינען די באדערפענישען פון לעבען.

דאס פעלד און דאס וואלד זיינען פאר ברוך'ן שוין לאנג געווען ווי די לופט פאר זיין נשמה. ער האט דארט געקענט זיין מיט זיך אליין און פאר־טיפען זיך אין די סאמע טיפסטע מחשבות. תורה אין אלע איהרע פארמען און צווייגען איז פאר איהם געווען ווי דאס וואסער פאר'ן גוף. ער האט גע־פיהלט ווי ער קען תמיד פריי שווימען איבער'ן ים פון תורה און זיך אפילו ארונטערלאזען צו איהרע סאמע טיפענישען. אבער וואס אזוינס איז דער סאמע תכלית פון דעם אלעם, צו וואס וואנדערען איבער פעלד און וואלד און טראכ־טען ווענען גאט און זיין באשאף, און צו וואס זיך ארויסלאזען שווימען אי־בער'ן ים פון תורה און זיך ראנגלען מיט איהרע מעכטיגע כוואליעס? דאס אלץ האט דאך געדארפט זיין פאר א באשטימטען צוועק, כדי זיך צו קענען אויסקלייבען דעם ריכטיגען וועג אין לעבען און צו קענען אויף דעם בעסטען אופן דינען דעם אויבערשטען און ברייננען גוטעס צו מענשען? וואס איז אבער דער דאזיגער דרך? וואו פיהרט דער וועג פון לעבען? באשטעהט די עובדה נאר אין טהאן גוטעס אדער אין אפקעהרען זיך בלויז פון שלעכטעס?

די אלע פראגען זיינען ביי ברוך'ן ארויפגעשוואומען, ווען ער האט זיך ברייטער פארנאנדערגעשמועסט מיט יצחק שאול'ן. א טיעפער איינדרוק האט אויף ברוך'ן געמאכט דאס ווערטעל וואס דעם שמיד'ס איידים האט איהם איבערגעזאגט אין נאמען פון זיין טאטען, וועלכער האט איהם געזאגט, אז דאס שטאמט פון בעל שם הקדוש. דאס איז געווען א נייער פירוש אויף דער משנה "איזהו חכם הלומד מכל אדם שנאמר מכל מלמדי השכלתי". אויף דעם האט דער בעל שם טוב געפרעגט, צי דען קען יעדער מענש זיין א מלמד, אז מ'זאל פון איהם עפעס לערנען? מיר ווייסען דאך, אז כדי צו קענען אימי־צען עפעס לערנען, מוז מען האבען פארשיידענע מעלות, היינט ווי קענען מיר זאגען, אז מען דארף זיין "הלומד מכל אדם", אויב ניט יעדער מענש האט די מעלות צו קענען לערנען דעם צווייטען? דער בעל שם האט אויך געפרעגט קשיות אויף דעם "מכל מלמדי השכלתי", פון דעם וואלט מען דאך געדארפט דרינגען, אז מען לערנט פון אימיצען ניט נאר דאס וואס מען הערט פון יענעם, נאר אויך דורך דעם וואס מען איז א מבין דבר מתוך דבר, אבער אויב

מען לערענט פון יעדען איינעם, היינט וואו ליגט דארט די חכמה און ווי אזוי קען מען אזא מענשען באצייכענען ווי א חכם?

דער בעל שם האט די אלע שאלות פארענטפערט אויף דעם אופן: עס שטעהט געשריבען "נר ה' נשמת אדם". האט דער בעל שם דערקלעהרט, אז אין דאס ליכט זיינען פאראן צוויי איינענשאפטען: דאס ליכט און דער שאטען. דאס ליכט קומט פון דאס ליכט זעלבסט. אבער דער שאטען קומט פון דער 'כלי", די פארקערפערונג פון דאס ליכט. אזוי איז אויך מיט דער נשמה. זי האט ליכט און שאטען. דאס ליכט קומט פון דער נשמה אליין. דער שאטען קומט פון דעם גוף, וועלכער איז אין דער בחינה פון דער "כלי". ווען מיר געפינען זיך אין די ד' אמות פון א צדיק, דאן ווערען מיר אנגערעגט פון גוטע מחשבות, וואס זיינען די אנטפלעקונג פון דאס ליכט, וואס שטראמט ארויס פון דער נשמה. דעם צדיק'ס השפעה האט די ווירקונג ארויסצורופען דאס בעסטע אין אונז. אבער ווען מיר געפינען זיך אין דער סביבה פון א רשע, דאמאלס פאלען מיר אונטער זיין שלעכטער השפעה און עס ווערען אין אונז ארויס־גערופען שלעכטע מחשבות.

אין אנדערע ווערטער הייסט עס, אז פון דעם צדיק לערנען מיר דעם "עשה טוב", צו טהאן גוטעס. מיר ווערען דאן פון די וואס זיינען "מזכי הרבים". פון דעם רשע, ווידער, לערנען מיר דעם "סור מרע". מיט דעם ווערען מיר דאמאלסט א "כלי" פאר הרהור תשובה. אט דאס איז דער באדייט פון דעם הלומד מכל אדם, האט דער בעל שם געזאגט: מיר קענען לערנען סאי פון דעם צדיק און סאי פון דעם רשע; פון דעם ערשטען לערנען מיר ווי צו טהאן גוטעס און פון דעם צווייטען ווי אויסצומיידען שלעכטעס, און דאס איז דער מיין פון דעם מכל מלמדי השכלתי. אלץ וואס דער אויבערשטער האט באשאפען אויף דער וועלט איז נאר כדי דעם מענשען עפעס צו לערנען. כדי דעם ענין נאך מעהר מבאר צו זיין, האט דער בעל שם געבראכט דאס, וואס עס שטעהט געשריבען "מלפנו מבהמות הארץ". אויף דעם האט ר' יוחנן געזאגט: אז ווען די תורה וואלט ניט געגעבען געווארען צו אידען וואלט מען געקענט לערנען צניעות פון דער קאץ און אויסצומיידען רויב פון דער מילב. אין אנדערע ווערטער: דער רבונו של עולם האט צוגעגרייט פאר דעם מענשען פון וואס זיך צו לערנען סאי גוטעס און סאי אפצוזוינען פון דאס שלעכטעס און דאס איז דער אמת'ער באדייט פון דער משנה: "איזהו חכם הלומד מכל אדם".

## לה.

## די ערשטע אידען פון וויטעבסק

**די ישיבה וואס האט געטראגען דעם נאמען פון א פרוי. — דער שוועדישער פרינץ וואס איז געוועזן א איד.**

נאך פון דער צייט וואס ער האט געהאט פארדינט זיין ברויט ביי ר' אליעזר ראובן'ען דעם שמיד, האט ברוך זיך געהאט אפגעזוכט ביי דער קוזניע און איינזאמען ווינקעל, וואו ער האט, אין זיין לידיגער צייט, געקענט זיין

מיט זיך אליין און זיך פארטיפעז אין זיינע מחשבות, ווי ער האט עס, פון זיין סאמע יוגענד ליעב געהאט. דאס איז געווען א בערגעל ניט ווייט הינטער דער קוזניע, פארשטעלט פון בוימער, ארויסקוקענדיג אויפ'ן טייכעל וואס האט געפלאסען אונטען.

יעדען מאל וואס ער פלעגט קומען צו ר' אליעזר ראובנ'ען און געוואלט פראווען התבודדות, איז ער געגאנגען אויף יענעם בערגעל. דאס האט ברוך אויך געטהאן איצט. גראד איצט האט ער געהאט נאכצוטראכטען א סך מעהר ווי ווען עס איז אנדערש. דעם שמיד'ס דריטער און אינגסטער איידעם, יצחק שאול, האט אויף איהם געמאכט א גרויסען רושם. דאס איז געווען ניט נאר מיט דעם דרך החסידות וואס ער האט זיך פון איהם דערוואוסט. נאר אויך מיט דעם וואס, כאטש יצחק שאול, איז געווען בלויז מיט א פיער יאהר עלטער פון איהם, איז ער שוין אבער געווען איינגאנצען זעלבסטשטענדיג אין זיינע געדאנקען און אין זיין הנהגה, בעת ער ברוך האט צו יענער צייט נאך אלץ געהאלטען אין זוכען דעם דרך וואס זאל צום בעסטען צופרידענשטעלען זיין דורשטיגע נשמה.

ברוך האט איצט געקענט מאכען א פארגלייך צווישען יצחק שאול'ן און דעם שמיד'ס אנדערע צוויי איידעמס. יענע זיינען טאקע געווען גרויסע לומדים. ברוך האט געהערט פון זיי א סך חידושים. אבער צום הארצען איז איהם גע־ווען מעהר יצחק שאול, וועלכער האט געהאלפען זיין שווער צוגרייטען דאס הויז פאר פסח און גלייכצייטיג איהם ארויסהעלפען מיט דער ארבייט אין קוזניע. ווען נאר עס פאלט איהם איין א דבר תורה אדער גוט־ווארט זאגט ער עס באלד ארויס טאקע ביי דער ארבייט און ער איז תמיד פרעהליך, לעבעדיג און מונטער, לחלוטין נאר אן אנדער מענש ווי די תמיד־ערנסטע שוואגערס.

ברוך וויל אויך וויסען גענויער וועגען די אנדערע צוויי איידעמס, די ראשי ישיבה. ביידע האבען געלערנט אין די ישיבות אין וויטעבסק. בעת דער עלטערער איידעם ר' זלמן מאיר האט געלערנט אין דער ישיבה אויפ'ן צווייטען זייט טייך וואס מען האט גערופען "דער קליינער זייט", פריהער אונטער ר' ישראל יצחק'ן פון ווילקאמיר און דערנאך אונטער ר' פלטיאל'ן, האט דער צווייטער איידעם, ר' משה ליב, געלערנט אין "נחמה ר' נחום שוועל'ס ישיבה" וואס איז אויך געווען באקאנט אונטער'ן נאמען "נחמה דבורה'ס ישיבה".

די געשיכטע פון אט דער ישיבה וואס טראגט דעם נאמען פון א פרוי, א זעלטענהייט אין דער געשיכטע פון ישיבות, איז פאר זיך אליין אן אינטער־רעסאנטער קאפיטעל אידיש לעבען אין שייכות מיט וויטעבסק. אט די שטאט, וואס איז שפעטער געווארען א עיר ואם בישראל, האט ביז'ן יאהר שי"א כמעט איינגאנצען ניט געהאט קיין אידען. וויטעבסק האט געהאט א נאמען ווי א צענטער פון מסחר, וואס איז אבער דורכאויס געלעגען אין ניט־אידישע הענט. וויטעבסק איז אין א געגענד וואס איז רייך מיט איהר פראדוקציע פון תבואה, וויינגערטנער און אלערליי פרוכטען. דאס הייפעל אידען וואס האט געוואוינט אין וויטעבסק איז געווען ארעם אין גשמיות און אין רוחניות.

אין יאהר שי"א האבען אידישע סוחרים אנגעהויבען זיך באזעצען אין וויטעבסק. באלד איז אבער געקומען א באפעהל פון דער ממשלה, אז מען זאל

פארבאטען אידען זיך צו באזעצען אין שטאט. די צאהל אידען וואס איז ער־לויבט געווארען דארט צו וואוינען איז געווען א שטארק באגרענצטע. אין יאהר שס"ה האט זיך אין שטאט באזעצט א איד מיט'ן נאמען ר' טעוויל, וועלכער האט דארט אריינגעבראכט א נייעם גייסט. דער דאזיגער ר' טעוויל האט געהאט א זוהן מיט'ן נאמען ר' נחום, און א שנור מיט'ן נאמען דבורה. זיי פון זייער זייט האבען געהאט א טאכטער מיט'ן נאמען נחמה. זייערע טאטע און מאמע ווי אויך טאכטער געווען גוואלדיג איבערגעגעבען צו תורה און האבען געעפענט א ישיבה וואס, ווי מיר וייסען שוין, האט געטראגען דעם נאמען פון ר' טעוויל'ס אייניקעל, נחמה, צוליעב וועלכער מען האט שוין אויך דערמאנט דעם נאמען פון איהר מוטער.

דאס דערצעהלט אבער נאך גאנץ ווייניג וועגען ר' טעוויל'ס מערקוויר־דיגער משפחה. מיר מוזען זיך דערפאר מעהר באקאנען מיט דעם דאזיגען ר' טעוויל'ן און מיר וועלען זיך אויך באקאנען מיט אן אויסערגעוויינליכען קאפיטעל אידישע געשיכטע.

עס איז געווען אין יאהר ש"ל ווען א איד מיט'ן נאמען ר' נחום האט זיך איבערגעקליבען פון פראג קיין סעבעזש, וואס האט זיך געפונען אויפ'ן גרעניץ צווישען דער דאמאלסדיגער פוילען און שוועדען און איז געווען א טייל פון דעם גוט וואס האט געהערט צו דעם פוילישען שליאכטיץ באנטש זינקעוויטש. אט דער דאזיגער פוילישער אדעליגער האט זיך באצויגען גאנץ פריינטלאך צו די אידען אין סעבעזש, באזונדער צו דער משפחה וואס איז ארונטערגעקו־מען פון פראג.

די אידישע קהלה אין סעבעזש האט זיך געהאלטען אין פארגרעסערען. אין משך פון די קומענדיגע עטליכע יאהר, האט זינקעוויטש באשלאסען, זיך איבערצוציהען אויף זיינע גיטער ביי קראקע און האט דערפאר געוואלט פאר־קויפען זיינע גיטער ביי סעבעזש מיט אלע דערפער און פאראבקעס, אז ערד פון זעקס הונדערט נפשות. ער האט זיך געווענדעט צו ר' נחום'ן, וועלכער איז שוין דאמאלס געווען דער ראש פון סעבעזשער קהלה, אז ער זאל געפינען א קונה פאר זיינע גיטער.

די שכנישע גיטער, וואס האבען זיך געפונען אין די גרעניצען פון דער דאמאלסדיגער שוועדען, האבען געהערט צו איינעם פון די שוועדישע פרינצען מיט'ן נאמען יאהאן קאמבארי, וועלכער פלעגט דארט אפט ארונטערקומען און פארברייינגען אויף די גיטער א לענגערע צייט. איז ר' נחום'ן איינגעפאלען, אז ער זאל אנבאטען דעם דאזיגען שוועדישען פרינץ די גיטער פון דעם פוילי־שען אדעליגען באנטש זינקעוויטש. האט ר' נחום אפגעווארט ביז דער פרינץ איז געווען אויף זיינע גיטער אין דער שכונה און איז צו איהם ארונטערגע־קומען.

פרינץ קאמבארי האט ר' נחום'ן אויפגענומען מיט גרויס פריינטשאפט און האט געשמועסט מיט דעם אידען וועגען פארשידענע ענינים, אבער וועגען דעם ענין פון דער קניה וואס ר' נחום איז געקומען איהם פארשלאגען, האט ער ניט גערעדט. ער האט געהייסען ר' נחום'ן קומען צו איהם אין א צוויי־דריי וואַ־כען ארום.

איז ר' נחום צוריקגעפאהרען אהיים און אפגעווארט עטליכע וואכען ביז ער איז ווידער געפאהרען צו פרינץ קאמבארי, שוין וויסענדיג, אז ער האט מיט'ן פרינץ פארקניפט א פריינטשאפט. אנגעקומען צום פרינץ אין שלאס, איז ר' נחום דארט אויפגענומען געווארען נאך מיט מעהר פריינטשאפט ווי דאס ערשטע מאל. א באזונדער הויז איז שוין געווען צוגעגרייט פאר איהם און אלץ איז געזארגט געווארען פאר זיין באקוועמליכקייט.

נאך אין זעלביגען טאג האט דער פרינץ אויפגענומען ר' נחום'ן און בעת פרינץ קאמבארי איז שוין צוגעטראטען צום סאמע ענין פון דער קניה פון זינקעוויטש'עס גיטער, האט ער אבער געוואלט, אז ר' נחום זאל איהם דער־צעהלען אויספיהרליכער וועגען אידען. עס איז געווען קלאר, אז דער פרינץ איז געווען זעהר נייגעריג צו הערען וועגען אידען, וועגען וועמען ער האט גע־וואוסט זעהר ווייניג. ר' נחום האט איהם ממש געדארפט איבערדערצעהלען די גאנצע אידישע געשיכטע פון אברהם אבינו'ס צייטען און דער פרינץ איז געזעסען און זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס.

— איהר וועט דא מוזען בלייבען עטליכע טעג, — האט דער פרינץ גע־זאגט צו ר' נחום'ן, — איך וויל הערען א סך מעהר וועגען אידען, כדי מען זאל ניט ווערען בעאומרוהיגט ביי אייך אין דער היים, וואס איהר פארזאמט זיך דא, שיקט א שליח אנצוזאגען אייער משפחה וועגען דעם.

ר' נחום האט געפאלגט דעם פרינץ און געשיקט מיט דער שליחות זיין "מענשען" ר' שילם'ן, וועמען ער האט שוין פאראיינס אנגעזאגט, אז ער זאל מיטברייגנען פון דער היים ברויט און פוטער און אנדערע מאכלים וואס ער האט ניט געוואלט עסען אין דעם גוי'שען הויף, און וואס ער האט לכתחילה ניט מיטגענומען גענוג, אז עס זאל איהם קלעקען פאר דער גאנצער צייט וואס ער האט איצט געדארפט בלייבען ביים פרינץ.

דערווייל האט דער פרינץ יעדען טאג גערופען צו זיך ר' נחום'ן און האט איהם געהאלטען שעה'ן לאנג, אויספרעגענדיג איהם וועגען אידען, וועגען זייערע דרכים און וועגען זייער גלויבען. וויפיעל ער האט זיך פון ר' נחום'ן ניט געהאט אנגעהערט איז קענטיג פאר איהם ניט געווען גענוג. ר' נחום האט עס פשוט ניט געקענט פארשטעהן. אזא אינטערעס צו אידען און אידישקייט האט ער נאך ביי א גוי ניט געהאט געזעהן.

דערווייל האט זיך ר' שילם צוריקגעקעהרט פון זיין שליחות און ער האט מיטגעבראכט ניט נאר עסענווארג נאר אויך קליידער. ער האט שוין געהאט אויסגערעכענט אז עס וועט זיין בעל הבית אויסקומען צו פארברייגנען אין דעם שלאס שבת און ער האט דערפאר געבראכט ווייז און שבת'דיגע אכילות ווי אויך ר' נחום'ס שבת'דיגע מלבושים, איינשליסענדיג זיין שטריימעל מיט די דרייצעהן עקלאד און זיין שבת'דיגען טלית מיט דער גאלדענער עטרה. ער האט אויך מיטגעבראכט די קליינע ספר תורה'לע וואס ר' נחום האט געהאט ביי זיך אין הויז מיט דעם ארון קודש'ל אין וועלכען דאס דאזיגע ספר תורה'לע איז געהאלטען געווארען.

ר' נחום האט געהערט צו די אידען, וואס האבען פארלאזען שפאניען, ווען די גזירת פון גירוש איז ארויסגעגעבען געווארען. די ספר תורה'לע און דעם ארון קודש'ל האט ער געהאט בירושה פון זיינע שפאנישע אור-עלטערען. זיי זיינען איבערגעגאנגען פון טאטען צום זוהן אין משך פון פיעלע דורות. די ספר תורה'לע איז געווען אין א זילבערנעם שיידעל און דער ארון קודש'ל איז געווען פון האלץ קינסטלעריש אויסגעשניצט.

ר' נחום פלעגט זיך נוהג זיין, יעדען דאנערשטאג איבערצוגעהן די פרשה פון דער וואך אין דער דאזיגער ספר תורה'לע. דאס איז געווען אחוץ דעם שני ם מקרא ואחר תרגום פרייטאג נאכמיטאג.

אז שבת איז געקומען, האט ר' נחום זיך געפיהלט, און טאקע זיך אויך געפיהרט, ווי ביי זיך אין דער היים.

שבת בייטאג איז צו ר' נחום'ען געקומען א שליח פון דעם פרינץ און איהם פארבעטען אין שלאס אריין. אנגעטהאן אין זיינע שבת'דיגע בגדים און אין זיין שטריימעל איז ר' נחום אוועק צום פרינץ. אריינגעקומען צום פרינץ אין קאבינעט, האט זיך דער שוועדישער שררה זיך פאר איהם אויפ־געשטעלט מיט גרוים יראת הכבוד. ר' נחום איז געווען פארוואונדערט. איז דאס געווען דערפאר וואס אין זיינע שבת'דיגע בגדים האט ער אויף'ן פרינץ געמאכט אזא גרויסען איינדרוק? עפעס האט ר' נחום געפיהלט, אז פרינץ קאמבארי'ס אינטערעס אין איהם האט א באזונדערע באדייטונג. דאס האט ער געפיהלט נאך מעהר, ווען דער פרינץ האט איהם אנגעהויבען שטעלען פראגען וועגען דעם אופן ווי אידען היטען אפ שבת און וואס עס איז די באדייטונג פון דעם אלעם.

ר' נחום איז געווען שטארק גערירהט. ער האט באמערקט ווי פרינץ קאמבארי'ס פנים האט אנגענומען אן אויסדרוק פון טיעפען טרויער. ער האט אויך געקענט באמערקען ווי אין זיינע אויגען האבען זיך געשטעלט טרערען.

עס האט לאנג ניט גענומען און פאר ר' נחום'ן האט זיך אלץ אויפגע־קלעהרט. אין קאבינעט איז אריינגעקומען אן עלטערע פרוי און דער פרינץ האט זי פאר איהם פארגעשטעלט ווי זיין מומע, זיין מוטער'ס שוועסטער. ר' נחום האט באלד געקענט זעהן, אז ער האט פאר זיך א פרוי מיט גרוים פאר־שטאנד און אז אויך זי האט א באזונדערען אינטערעס זיך מיט איהם צו באקאנען. אויך זי האט געהאלטען אין נאכפרעגען זיך וועגען אידען און ווי זיי לעבען זיך. ר' נחום האט געפיהלט, אז די פרוי האט עפעס א סוד, וואס זי וויל אנטפלעקען, נאר האט נאך אויף דעם ניט געקענט באשליסען.

דעם קומענדיגען מאנטאג איז ר' נחום ווידער גערופען געווארען אין שלאס. דער פרינץ און זיין מומע האבען אויף איהם געווארט און האבען איהם אויפגענומען ווי אן אייגענעם מענשען. די מומע איז איצט געווען שטארק פארטרויליך, ווי אלע איהרע ספקות וואלטען ענדליך באזייטיגט גע־

ווארען. ר׳ נחום האט זיך דערוואוסט דעם סוד, אז דער פרינץ און זיין מומע שטאמען פון אידען און אז זיי געהערען אויך צו די שפאנישע אידען.

די מומע האט דערצעהלט ר׳ נחום׳ן אלץ וואס זי האט געוואוסט וועגען זייער אפשטאם. זיי האבען געהאט דאס בילד פון פרינץ קאמבארי׳ס זיידען און איהר פאטער, וועמעס נאמען איז געווען יוסף גבריאלי און איז געווען פון די ארויסגעטריבענע אידען פון שפאניע. יוסף גבריאלי איז אין שפאניען געווען א גרויסער עושר. ער האט איהר און איהר שוועסטער רעגינא חתונה געמאכט מיט גביר׳ישע יונגעלייט. ווען דער גירוש אויף די שפאנישע אידען איז געקומען, זיינען זיי אוועק אין גלות. זיי האבען געוואנדערט פון לאנד צו לאנד, ביז זיי האבען דערגרייכט מעהרען און האבען זיך דארט באזעצט. אין לאנד האט אויסגעבראכען א מגפה און איהר, דער מומע׳ס, מאן איז געשטארבען. זי האט זיך אריינגעקליבען צו איהר שוועסטער, וועלכע האט דאן געהאט געבארען א זוהן יהודה. זייער מצב איז געווען א גערדריקטער. זיי האבען געהאט פארלארען זייער גאנצען פארמעגען.

אין א יאהר שפעטער איז אויך געשטארבען רעגינא׳ס מאן. זייער מצב איז געווארען נאך ערגער. זיי האבען פשוט ניט געהאט מיט וואס איבערצר־לעבען א טאג. דערווייל האט זיך געמאכט, אז איהר שוועסטער רעגינא האט זיך באקאנט מיט א יונגענמאן פון גאר הויכען שטאנד. ער האט געהערט צו דער שוועדישער פרינצליכער פאמיליע קאמבארי. אויב רעגינא וואלט קיינמאל ניט געוואלט האבען צו טהאן מיט א קריסט, האט ער איהר אבער אנטפלעקט דעם סוד, אז ער איז א איד. ער האט דורכאויס געוואלט, אז זי זאל מיט איהם חתונה האבען און זי האט מסכים געווען.

אין משך פון א האלב יאהר צייט זיינען זיי ביידע אפגעפאהרען קיין שוועדען. ביידע האבען זיך געפיהלט ווי אידען און האבען כסדר גע׳חלום׳ט צוריקצוקעהרען זיך צו זייער שטאם, אבער זיי האבען ניט געקענט לייכט איי־בערררייסען זייערע פארבינדונגען מיט זייער רייכער און מעכטיגער משפחה.

רעגינא׳ס קינד, יהודה, וואס איז געבארען געווארען א איד, האט איצט באקומען דעם נאמען יאהאן און האט זיך דערצויגען ווי א פרינצליכער זוהן, אז אמת׳ער קאמבארי. איידער יאהאן׳ס מוטער איז געשטארבען, האט זי אנגעבעטען איהר שוועסטער, אז ווען איהר זוהן-וועט אויסוואקסען, זאל זי איהם אנטפלעקען דעם סוד, אז ער איז א איד. מיט צוויי יאהר צוריק איז געשטארבען יאהאן׳ס שטיף־פאטער, און זיין מומע האט איהם ענדליך אויסגעזאגט דעם סוד וועגען זיין אפשטאם. זי האט איהם איבערגעגעבען דאס בילד פון זיין זיידען יוסף גבריאלי.

— עס איז איצט א יאהר — האט די פרוי פארענדיגט איהר לאנגען ספור המעשה פאר ר׳ נחום׳ען — ווי איך און מיין פלימעניק האבען באַ־שלאסען צו פארלאזען אונזער פריהערדיגען וואוין־ארט און זיך באזעצען ערגעץ, וואו מיר זאלען קענען ווערען צוריק אידען. דאס איז די אורזאך וואס מיר זיינען געקומען אהער, וואו מיר זיינען נאהענט צום פוילישען גרענעץ. מיר האבען דא די גאנצע צייט געהאלטען אין ארומזוכען אימיצען, וואס זאל אונז העלפען ווערען צוריק אידען. ווען מיין פלימעניק האט מיר מיט א קור־

צער צייט צוריק געלאזט וויסען, אז ער האט זיך באקאנט מיט א חשוב׳ען איד פון פוילען, האט ער מיך געבעטען קומען אהער און זיך מיט איהם מישב זיין, אויב מיר זאלען זיך אנטפלעקען צו איהם און פארלאנגען זיין עצה ווי מיר זאלען ווערען צוריק אידען. ווי איהר זעהט — האט די פרוי פארענדיגט — האבען מיר באשלאסען אייך אריינצונעהמען אין אונזער אנפארטרוי.

די געשיכטע האט אויף ר׳ נחום׳ן געמאכט א גוואלדיגען רושם. ער האט קוים געקענט צוזאמענגעהמען זיינע געדאנקען און זיי עצה׳ן וואס צו טהאן.

אין עטליכע טעג ארום האט ר׳ נחום שוין געהאט א פארטיגען פלאן. דער פרינץ און זיין מומע האבען געזאלט זיך אריבערקלייבען קיין פראג. אין משך פון אייניגע חדשים וועט ר׳ נחום האבען איינגעארדענט זיינע אייגענע ענינים און די ענינים פון דער קהילה, פון וועלכער ער איז דער ראש. ער וועט דאן אויך קומען קיין פראג און זיי העלפען מיט אלץ וואס איז נויטיג צו ווערען צוריק אידען. דערוויייל האט ער־זיי גע׳עצה׳ט צו האלטען אלץ בסוד.

דערווייל איז ר׳ נחום צוריקגעפאהרען אהיים און האט מודיע געווען דעם פוילישען פריץ, אז ער האט א בעלן אויף זיינע גיטער. מען האט איצט בלויז געדארפט דורכקומען וועגען דעם מקח און חתמו׳ען די פאפירען. אין משך פון א קורצער צייט איז די קניה געשלאסען געווארען. די פריצישע גיטער פון סעבעזש זיינען איבערגעגאנגען אין רשות פון דעם שוועדישען פרינץ קאמ־באַרי. ר׳ נחום האט דערביי פארדינט א פיינע אפותיקי מעקלעריי. אחוץ די מזומנים וואס ער האט געקראגען, האט איהם דער פריץ זינקעוויטש געגעבען א מתנה א גרויסע פאסעסיע א וויארסט פון שטאט. דער פריץ האט איהם אויך אפגעגעבען א שטאל מיט פערד און ארום פערציג פאראבקעס.

## לו.

## דער געהיימער בעל־צדקה

די גרויסע סומען, וואס פרינץ קאמבארי האט פארטיילט אויף צדקה נאכדעם ווי ער איז צוריקגעווארען א איד. — ר׳ נחומ׳ס פטירה און דער נייער דרך פון זיין זוהן. — דער גירוש פון וויטעבסקער אידען.

א קורצע צייט איז אוועק און ר׳ נחום האט צוזאמענגערופען די ראשי העיר און זיי דערקלערט, אז ער און זיין ווייב קלייבען זיך צוריקצופאהרען קיין פראג, פון וואנען זיי זיינען געקומען מיט דריי־און־צוואנציג יאהר צוריק. זיי ווילען זיין אויף קבר אבות און דערוואַרטען דארט צו בלייבען א לענגערע צייט. ר׳ נחום האט פארלאנגט אז מען זאל אויסקלייבען אימיצען אנדערש אויף זיין פלאץ אלס ראש הקהל.

ר׳ נחום האט געהאט א בן יחיד, ר׳ טעוועל. איז אט דער ר׳ טעוועל געווען גאר אן אנדער מענש ווי זיין פאטער. ער איז געווען א גרויסער בעל מידות, אבער האט ניט געהאט די מעלות פון זיין פאטער. שוין איז זיין לעבענס־שטייגער אליין איז ער געווען אנדערש פון זיין פאטער. בעת ר׳ נחום האט זיך אפגעגעבען מיט מסחר, האט ר׳ טעוועל זיך אפגעגעבען מיט ערד־

ארבייט. ער האט געהאלטען גערטנער און סעדער און געהאט א שטיק ערד וואס ער האט געקראַגען נדן. ר' טעוועל האט אליין באארבייט זיינע גערטנער און פעלדער און האט געהאט הצלחה.

ער פלעגט זאגען, אז א חוץ דעם וואס אין ערד־ארבייט איז ניטא קיין גזלה און קיין גנבה און קיין אנדער פאלשקייט, און אז מען האט בכלל דא ניט צו טהאן מיט קיין מענשען, צייכענט זיך עס אויך אויס מיט דעם וואס דאס ברייננט נעהנטער צום רבונו של עולם. ערד־ארבייט, פלעגט ר' טעוועל זאגען, מאכט פאר א שותף מיט'ן אויבערשטען. דא דארף מען האבען רעגען און דא דארף מען האבען זון. אמאל דארף מען האבען ווינט און אמאל שטילען וועטער. הכלל, מען דארף כסדר האבען אזוינס וואס איז נאר אין דעם אויבערשטענ'ס הענט.

די גיטער ביי סעבעזש, וואס פרינץ קאמבארי האט אפגעקויפט פון דעם פוילישען פריץ זינקעוויטש, דורך ר' נחום'ס פארמיטלונג, זיינען איצט געווען אונטער דער אויפזיכט פון א באפולמעכטיגטען וואס דער פרינץ האט באַשטימט. דער דאזיגער באפעלמעכטיגטער האט געוואלט, אז ר' טעוועל זאל ווערען דער אויפזעהער פון די גיטער. אבער ר' טעוועל האט זיך ענטזאגט. ער האט ניט געוואלט אויפגעבען זיינע אייגענע פעלדער און גערטנער.

צוויי יאהר איז ר' נחום פארבליבען אין פראג. ווען ער האט זיך צוריק־געקעהרט קיין סעבעזש האט ער ערשט דאמאלס אנגעהויבען אויסטיילען צדקה מיט א ברייטער האנט. יעדען יאהר פלעגט ער שיקען גרויסע סומען געלד פאר די ישיבות אין פוילען. עס איז קיינעם ניט איינגעפאלען, אז א חוץ זיין אייגען געלט, טיילט ר' נחום אויך אויס געלדער וואס דער פרינץ קאמבארי, וועלכער איז צוריק געווארען א איד, האט איהם איבערגעגעבען פאר צדקה.

אז ר' נחום האט דערפיהלט אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע, האט ער צו זיך גערופען זיין זוהן ר' טעוולען און פאר איהם אנטפלעקט דעם סוד וועגען פרינץ קאמבארי. ער האט איהם דערצעהלט, אז ער האט זיך באזעצט אין האלאנד, אין א פלאץ וואס ער האט זיך געקויפט ניט ווייט פון אמסטערדאם. ער האט זיין זוהן אויך דערצעהלט, אז פרינץ קאמבארי רופט זיך איצט יהודה גבריאלי און איז אין פראג, וואו ער איז צוריק געווארען א איד, האט ער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א מיוחס'דיגער אידישער פאמיליע. ער האט איהם ווייטער דערצעהלט אז דריי יאהר האט דער פרינץ געוואוינט מיט זיין פרוי אין פראג און ערשט נאכדעם ווי זיין פרוי האט איהם געבוירען א זוהן, האט ער זיך איבערגעקליבען קיין האלאנד.

פרינץ קאמבארי, אדער יהודה גבריאלי, האט ר' נחום ווייטער איבער־געגעבען זיין זוהן, איז פאר דער צייט אויך געווארען א שטיקעל למדן. ר' נחום האט זיין זוהן פארשווארען אז ער זאל פאר קיינעם ניט אנטפלעקען דעם סוד און אז ער זאל קיינמאל ניט נעהמען קיין באלוינונג פון דעם פרינץ אדער זיינעם א פארטרעטער און זאל אויך ביי איהם ניט אננעהמען קיין שטעלע. ר' טעוועל, האט נעדארפט נאך זיין פאטער'ס פטירה דורכפיהרען א שליחות. ער זאל נעהמען דאס געלד, דעם איינקונפט פון די גיטער ביי סעבעזש און עס ברייננען צום פרינץ קיין האלאנד. ער זאל דאן דעם פרינץ איבערגעבען וועד

נען זיין פאטער'ס פטירת און איהם הייסען באשטימען אימיצען אנדערש אויף ר' נחום'ס פלאץ צו פארטיילען פאר איהם די געלדער אויף צדקה. ר' נחום האט זיין זוהן אויך אנגעזאגט, אז ער זאל אין זיין, ר' נחום'ס, נאמען עצה'ן דעם פרינץ צו פארקויפען זיינע גיטער אין פוילען.

ר' נחום איז נפטר געווארען און ר' טעוועל האט אויסגעפיהרט זיין פאטער'ס צוואה. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האט ער געמאכט זיין נסיעה קיין האלאנד און געבראכט צום פרינץ דעם איינקונפט פון זיינע גיטער, ווי זיין פאטער האט איהם געהאט אנגעזאגט. ער האט דעם פרינץ אויך איבער-געגעבען אלץ וואס זיין פאטער האט איהם אנגעזאגט. דאס יאהר איז גע-ווען שנ"ט.

יהודה גבריאלי, ווי דער פריהערדיגער פרינץ יאהאן קאמבארי האט זיך גערופען, האט אין זיין פאלאץ לעבען אמסטערדאם געהאט א שוהל וואו צעהן בטלנים זיינען תמיד געזעסען און געלערנט און זיינען דארט אויסגעהאלטען געווארען מיט אלע זייערע באדערפענישען מיט א ברייטער האנט. יהודה גבריאלי האט מיט גרויס צער אויפגענומען די טרויעריגע ידיעה וועגען ר' נחום'ס טויט. הערענדיג פון ר' טעוולען, אז ר' נחום האט גע'עצה'ט אז ער זאל פארקויפען זיינע גיטער אין פוילען, האט גבריאלי אנגעבאטען ר' טעוולען, אז ער זאל נעהמען אויף זיך די אויפגאבע דורכצופיהרען דעם פארקויף פון די דאזיגע גיטער. ר' טעוועל, האט אבער גוט געדענקט וואס זיין פאטער האט איהם אנגעזאגט פאר'ן טויט, און ער האט זיך דערפון אפגעזאגט, אנגעבענדיג פאר א תירוץ, אז ער טויג זיך ניט אויס צו אזוינע זאכען. דער פועל יוצא איז געווען וואס יהודה גבריאלי האט אליין געמאכט א נסיעה קיין פרייסען, וואו ער האט פארבראכט א האלב יאהר צייט און פארקויפט זיינע גיטער צו דעם שוועדישען פרינץ מאנטריסי און האט געקראגען גאר א הויכען פרייז. א סך מעהר ווי ער האט ערווארט.

דאס וואס ר' טעוועל האט געהערט פון זיין פאטער וועגען פרינץ קאמ-בארי און דאן זיין נסיעה צום פרינץ קיין האלאנד, האבען אויף איהם געמאכט א געוואלדיגען רושם. ווען ר' טעוועל האט זיך צוריקגעקעהרט קיין סעבעזש איז ער אליין געווארען א גרויסער בעל צדקה און נאך א גרעסערער בעל מדה ווי פריהער. ער האט דאן געקראגען גרויס פרסום איבער דער גאנצער געגענד. וואס מעהר צדקה ר' טעוועל האט פארטיילט אלץ גרעסער איז געווען זיין הצלחה אין זיינע עסקים. די תבואות וואס ער האט ארונטערגענומען פון די פעלדער און די פירות וואס ער האט ארונטערגענומען פון די סעדער האבען איהם אריינגעבראכט א הון רב. נאך איין זאך האט איהם און זיין ווייב פארשאפט גרויס עגמת נפש. זיי האבען ניט געהאט קיין קינדער.

א לענגערע צייט איז אוועק און ר' טעוועל האט זיך באדענקט, אז עס וועט אפשר זיין א גוטע זאך אז זיי זאלען זיך איבערקלייבען אין אן אנדער שטאט. משנה מקום משנה מזל. האט ער וועגען דעם איבערגערעדט מיט זיין ווייב און זיי האבען באשלאסען זיך איבערצוקלייבען קיין וויטעבסק.

אין יאר שס"ה האט דער קעניג ארויסגעגעבען א גזרה ארויסצוטרייבען די אידען פון וויטעבסק אין משך פון צוויי יאהר צייט און צו פארבאטען

אנדערע אידען זיך דארט צו באזעצען. דער וואיעוואדא פון וויטעבסק האט אבער געוואוסט וואס פאר א ברכה די אידען זיינען פאר'ן שטאט. דאס האבען אויך געוואוסט די אנדערע פיהרער פון שטאט. דער פועל יוצא איז געווען, אז די גזרה איז ניט גרינגליך דורכגעפיהרט געווארען. ניט זיינען אלע אלטע תושבים ארויסגעטריבען געווארען פון שטאט און ניט זיינען די טירען פון שטאט פארמאכט געווארען פאר נייע אידען.

ר' טעוועל האט געהאט א פריינט מיט וועמען ער האט בשותפות געהאט א ברויז פון בראנפען אין באצייקאוו. ר' מרדכי אהרן סגל איז געווען זיין נאמען. א יאהר נאך דער גזרה האט זיך דער דאזיגער ר' מרדכי אהרן איבער־געקליבען קיין וויטעבסק. דערפאר וואס ער האט צוגעשטעלט דעם וואיעוואדא משקה איז ער מיט איהם געווארען שטארק באפריינדעט.

ר' מרדכי אהרן סגל איז ניט געווען קיין למדן. ער איז אבער געווען א ירא שמים און אויך א בעל צדקה און כלל־טהוער, און האט דערפאר אויך תמיד געוואלט כבוד. אבער זיין שותפות מיט ר' טעוולען, וועלכער איז געווען א גרויסער עניו און א רודף מן הכבוד, האט אויף ר' מרדכי אהרן'ן געהאט א ווירקונג צום גוטען.

ווען ר' טעוועל האט זיך באזעצט אין וויטעבסק האט ער געבראכט מיט זיך עטליכע אידישע משפחות, וועלכע ער האט געזאגט זיינען נויטיג פאר זיינע מסחרים. די אלע אידען, וואס ער האט מיט זיך געבראכט, האבען דורך איהם געהאט פרנסה בהרחבה. צוויי יאהר שפעטער, ווי ר' טעוועל האט זיך באזעצט אין וויטעבסק, האט זיך זיין שותף, ר' מרדכי אהרן דערוואוסט דורך דעם וואיעוואדא'ס סעקרעטאר, אז פון קעניג איז אַרונטערגעקומען א צושריפט אין וועלכען דער וואיעוואדא ווערט שארף אויסגערעדט פאר דעם וואס ער האט ניט אויסגעפאלגט דעם פריהערדיגען דעקרעט ארויסצוטרייבען די אידען פון שטאט און ניט אריינצולאזען קיין נייע. דער קעניג האט אויפגעפאדערט דעם וואיעוואדא, אז ער זאל די גזרה איצט אומבאדינגט דורכפיהרען. ער האט איהם אבער געגעבען דאס רעכט צו ערלויבען בלייבען אין שטאט יענע אידען וועלכע ער וועט האלטען, אז זיי זיינען דורכאויס נויטיג פאר דעם מסחר פון שטאט. אבער פאר אזא דערלויבניש צו בלייבען אין שטאט זאלען די אידען באצאהלען א הויכען פרייז.

ר' מרדכי אהרן האט באלד איינגערופען אן אסיפה פון די ראשי הקהל אין וויטעבסק און האט זיי איבערגעגעבען די טרויעריגע ידיעה וועגען דער גזרה וואס דערווארט די אידען פון שטאט. די אסיפה האט באשלאסען גלייך גוזר תענית צו זיין. דערוויל האט ר' טעוועל געטראכט וועגען איינענע תחבלות בטל צו מאכען די גזרה וואס דער וואיעוואדא האט איצט געזאלט ארויסגעבען יעדען טאג, און ר' טעוועל האט זיך צו עפעס דערטראכט. ער האט וועגען דעם איבערגערעדט מיט זיין שותף, ר' מרדכי אהרן.

— מען דארף דעם וואיעוואדא אונטערקויפען, — האט ר' טעוועל גע־עצה'ט, — ער וועט דאמאלס זיך באנוצען מיט דאס רעכט, וואס דער קעניג גיט איהם צו דערלויבען אידען בלייבען אויף זייערע ערטער אויב ער האלט, אז זיי זיינען ניצליך פאר'ן שטאט. אויב אזוי — האט ר' טעוועל אויסגע־

פיהרט, — וועגדט זיך עס דאך אין גאנצען אן דעם וואיעוואדא און אויב ער זאל קריגען דעם ריכטיגען מתנת יד וועט ער זיכער האנדלען לטובת די אידען.

ר' טעוועל האט דערביי ארויסגענומען א גרויסע סומע געלט און עס דער־לאנגט זיין שותף, אז ער זאל דאס איבערגעבען צום וואיעוואדא אין נאמען פון די אידען אין וויטעבסק. ר' מרדכי אהרן איז געווען שטארק גערירט פון ר' טעוועל'ס ברייט־הארציגקייט. ער האט זיך געוואלט לאזען קאסטען א גרויסע סומע פון זיין אייגענער קעשענע, כאטש איהם אליין וואלט די גזרה ניט אנגעריהרט.

ר' מרדכי אהרן האט געבראכט צום וואיעוואדא די מתנה, און יענער האט צוגעזאגט אז ער וועט טהאן דאס וואס מען פארלאנגט פון איהם. ער מוז אבער, האט ער געזאגט, דעם קעניג'ס דעקרעט צוערשט פראקלאמירען און ערשט שפעטער זיך באנוצען מיט דעם רעכט וואס דער קעניג גיט איהם.

אזוי איז עס געווען: אין עטליכע טעג ארום האט דער וואיעוואדא פארעפענטליכט דעם קעניג'ס דעקרעט, אז אלע אידען דארפען ארויסגעטרי־בען ווערען פון וויטעבסק. דאס האט די אידען אריינגעווארפען אין א פאניקע. א גרויסע יללה האט אויסגעבראכען אין שטאט. עס האבען אפילו ניט געהאל־פען די פארזיכערונגען פון ר' מרדכי אהרן'ען, אז דער וואיעוואדא וועט זיך באנוצען מיט דעם רעכט וואס איז איהם געגעבען געווארען און דערלויבען די אידען צו בלייבען אין שטאט. די אידען האבען זיך פשוט ניט געוואלט לאזען טרייסטען.

אויפ'ן פערטען טאג, נאכדעם ווי דעם קעניג'ס דעקרעט איז פארעפענט־ליכט געווארען, האט דער וואיעוואדא געלאזט וויסען, אז היות ווי דעם קעניג'ס באפעהל גיט איהם די דערלויבניש צו מאכען הנחות צו אידען און היות ווי די אידען זיינען ניצליך פאר'ן שטאט, מעגען זיי ווייטער בלייבען אויף זייערע ערטער אומגעשטערט. פון מויל צו מויל האט מען דערווייל פאר־שפרייט די ידיעה אז די ישועה איז געקומען אויף דער עצה און די הילף פון ר' טעוועל'ן פארשטעהט זיך אז ר' טעוועל האט געהאט די ברכות פון יעדען אידען אין וויטעבסק, און ער איז פון דאמאלס אן ביי די אידען אין שטאט פשוט פארהייליגט געווארען.

אין שס"ח אויפ'ן דריטען יאהר, וואס ר' טעוועל האט זיך באזעצט אין וויטעבסק, האט זיין ווייב איהם געבארען א זוהן, וועלכער איז גערופען געווארען אויפ'ן נאמען פון ר' טעוועל'ס פאטער, נחום. איז נחום דערצויגען געווארען אין דרך התורה והמוסר. גראד איז נחום געווען א געראטען קינד. מיט גרויסע כשרונות און מיט גרויס התמדה צום לערנען. איז ר טעוועל געווען גליקלאך און געצייגט זיין דאנקבארקייט דורך דעם וואס ער האט פאר־טיילט נאך מעהר צדקה ווי פריהער און האט געשיקט גרויסע סומען די פאר־שידענע ישיבות אין פוילען און אין ליטע.

זיין שותף, ר' מרדכי אהרן, האט אויך געהאט א זוהן — יהודה ליב. האט ער געהאט גרויס חשק צו לערנען, אבער זיינע כשרונות זיינען ניט געווען אזוינע גוטע ווי נחום'ס. דערצו האט איהם תמיד געצויגען צו מסחר. האט איהם זיין פאטער אריינגענומען אין זיינע מסחרים אזוי גיך ווי ער איז

אויסגעוואקסען. האט ר' מרדכי אהרן איבערגעלאזט זיינע עסקים צו זיין זוהן און אליין זיך אינגאנצען אפגעגעבען מיט כלל־זאכען.

אין יאהר ש"פ איז דער וואיעוואדא פון וויטעבסק געשטארבען און זיין פלאץ האט פארנומען א שונא ישראל. דער מצב פון די אידען אין וויטעבסק און די געגענד ארום איז געווארען ערגער. עס האט אזוי אנגעהאלטען פאר צוויי יאהר צייט. דער נייער וואיעוואדא האט דערוויטערט פון זיך ר' מרדכי אהרן'ען. ער האט מעהר ניט געקויפט פון איהם קיין משקה. אויך ר' טעוועל'ס מתנות האט ער זיך ענטזאגט צו נעהמען. ער האט ממש געברענט די טריט פון יעדען אידען, און געשריבען פאסקווילען געגען זיי צו דער מלוכה.

דערווייל האט ר' יהודה ליב אויסגעברייטערט דעם מסחר מיט משקה. די משקה פון זייערע ברויזען איז פארקויפט געווארען איבער גאנץ פוילען. ער האט דערגרייכט די סאמע העכסטע בעאמטע פון דער ממשלה. אין יאהר שפ"ד האט ער באקומען דעם פאדריאד צוצושטעלען משקה אין דעם קע־ניגליכען הויף. זיין סחורה האט דארט אזוי שטארק אויסגענומען, אז אין משך פון דער צייט איז ער פארגעשטעלט געווארען פאר'ן קעניג וועלכער האט איהם ניט נאר שטארק געליבט פאר זיינע גוטע משקאות נאר האט איהם אויך באעהרט מיט אן ארדען.

ר' יהודה ליב איז איצט געווארען אן איינפלוסרייכע פערזענליכקייט וואס האט געשפיעלט א ראל אין די סאמע העכסטע רעגירונגס קרייזען פון פוילען. אויף א באזוך אין דער פוילישער הויפט־שטאט האט זיך ר' יהודה ליב דער־וואוסט, אז די רעגירונגס קאסע איז ליידיג און אז דער מלך האט זיך געווענ־דעט צו די וואיעוואדאס איבער'ן לאנד, אז זיי זאלען שאפען הלוואות אויף גוטע באדינגונגען. אבער די וואיעוואדאס האבען קוים געקענט געפינען מענ־שען ביי וועמען צו לייהען געלט. אז ר' יהודה ליב האט זיך צוריקגעקעהרט קיין וויטעבסק האט ער וועגען דעם דערצעהלט זיין פאטער און ר' טעוועל'ן.

ר' טעוועל האט באלד דערקלעהרט, אז ער וואלט געווען גרייט צו פאר־לייהען דער פוילישער מאכט א גרויסע סומע געלט אויף א לענגערע צייט, וואס זאל איהם אויסגעצאהלט ווערען דורך די צינזען וואס וועלען ארויפ־געלייגט ווערען. די באדינגונגען וואס ער האט דערביי געשטעלט זיינען גע־ווען: פולע גלייכבארעכטיגונג פאר די אידען אין וויטעבסק און אומגעגענט; אז די אידען זאלען האבען דאס רעכט צו קויפען אומבאוועגליכע גיטער און זיך צו בויען הייזער אין וויטעבסק. ווארום ביז דאמאלס האבען אידען געמעגט האבען זייערע אייגענע הייזער נאר אין דער אומגעגענט אבער ניט אין ווי־טעבסק גופא. ר' טעוועל האט אויך געוואלט, אז די מלוכה זאל דערלויבען די אידען אין וויטעבסק איינצוארדנענען א אידישע קהלה מיט דיזעלבינע רעכט וואס עס האבען די קאטוילקען.

ר' מרדכי אהרן האט געהאלטען, אז ר' טעוועל'ס אנבאט איז א גאנץ קלוגער און אז עס זיינען דא גוטע אויסזיכטען, אז די מלוכה זאל אויף דעם איינגעהן. ער האט דערפאר זיך אונטערנומען צו פאהרען מיט זיין זוהן אין דער פוילישער הויפט־שטאט כדי דארט צו פארהאנדלען וועגען דעם מיט די פארשטעהער פון דער מלוכה. ר' יהודה ליב האט פארגעשטעלט זיין פאטער

פאר די באטרעפענדינע רעגירונגס פארשטעהער און ר' מרדכי אהרן האט זיי פארגעלייגט ר' טעוועל'ס אנבאט וועגען דער הלוואה און די באדינגונגען וועלכע ער האט דערביי געשטעלט.

עטליכע טעג זיינען פאראיבער און ר' מרדכי אהרן און זיין זוהן זיינען גערופען געווארען צום קעניג. דער קעניג איז איינגעגאנגען אויף די באדינ־גונגען און ער האט באלד געשיקט א ספעציעלען שליח קיין וויטעבסק אז ער זאל אנזאגען דעם וואיעוואדא וועגען דער גלייכבארעכטיגונג פאר אידען און זאל פון דארט צוריקברייגנען דאס געלט וואס ר' טעוועל האט צוגעזאגט צו דער מלוכה.

אין יאהר שפ"ז האט ר' יהודה ליב געבראכט א דעקרעט אונטערגעשרי־בען פון דעם קעניג, אז אידען אין וויטעבסק זיינען דערלויבט איינצואורדנע־נען א קהלה און אז די ארטיגע מלוכה־אינסטאנצען זאלען דער דאזיגער קהלה געבען אלע מעגליכקייטען צו דערפילען איהרע אויפגאבען.

דער וואיעוואדא פון וויטעבסק האט דאן צוזאמענגערופען די בירגער פון שטאט און די פארשטעהער פון דער מלוכה ווי אויך די גלחים פון דער קאטוילישער קירך און האט אין זייער געגענווארט פארגעלייענט דעם קעניג'ס דעקרעט און גלייך אויפ'ן ארט איז אויסגעקליבען געווארען דער ערשטער אי־דישער ראש הקהל פון וויטעבסק. דער אויסערוועהלטער איז געוועזען ניט קיין אנדערער ווי ר' מרדכי אהרן סגל פון וועמען עס שטאמט דעם שווער פון דעם אלטען רבי'ן, דער גרינדער פון חב"ד, דער בעל התניא, ר' שניאור זלמן.

אין זעלביגען יאהר האט ר' טעוועל חתונה געמאכט זיין זוהן, ר' נחום'ן, מיט דער טאכטער פון דעם גאון ר' שמואל יוסף'ען פון ווילנע. פינף יאהר צייט האט ר' נחום, נאך זיין חתונה, געלערנט ביי דעם צדיק ר' יקותיאל זלמן קראקאווער, וועלכער איז געוועזן באוואוסט פאר זיין פרישות און קדושה. דער דאזיגער ר' יקותיאל זלמן האט געהאט א גרויסע השפעה אויף ר' נחום'ן. ר' נחום האט זיך אנגעהויבען פיהרען ווי זיין רבי. ער האט זיך אינגאנצען אפגעזונדערט פון מענשען און האט אפילו געהאט ווייניג צו טהאן מיט זיינע בני בית. יעדע נאכט פלעגט ער קומען אין בית המדרש פראווען חצות מיט א מנין און דערנאך געלערנט תורה ביז א שפראץ אויף טאג און דאן געדא־ווענט מיט'ן מנין ותיקין. נאכ'ן דאווענען האט ער געלערנט א שיעור גמרא און איז נעגאנגען אהיים פאר זיין אנבייסען. אין דער היים האט ער זיך אפגע־רוהט א פאר שעה, כאפענדיג א דרעמעל, און האט זיך אויף דאס ניי געזעצט לערנען ביז מנחה צייט. דאן איז ער געגאנגען אין בית המדרש דאווענען מנחה און מעריב און זיך צוריקגעקעהרט אהיים דארט צו לערנען ביז עס איז געקומען די צייט ווען ער האט געדארפט צוריקגעהן אין בית המדרש צו חצות. פאר דער גאנצער צייט האט ער מיט קיינעם קיין ווארט ניט אויסגערעדט סיידען וועגען תורה.

# לז.

## דער געצוואונגענער גט

**ווי אזוי א פאטער האט געצוואונגען זיין טאכטער נעמען א גט פון איהר מאן דערפאר וואס זי איז געווען קינדערלאז. — א זעלטענע אידישע פרוי. — ר' נחומ'ס מערקווירדיגער דרך אין לעבען.**

ר' טעוועל האט גרויס נחת געהאט פון זיין זוהן ר' נחום'ן. ער האט זיין זוהן און זיין ווייב אויסגעהאלטען מיט גרויס כבוד. דערפאר איז אבער גע־ווען שטארק אומצופרידען מיט ר' נחום'ס הנהגה זיין שווער ר' שמואל יוסף. ר' שמואל יוסף איז געווען הויפטזעכלאך אומצופרידען דערמיט וואס זיין טאכטער האט נאך נישט געהאט געבארען קיין קינד און עס איז שוין געווען אוועק עטליכע יאהר נאך דער חתונה.

האט ר' שמואל יוסף אנגעהויבען מאנען ביי זיין טאכטער, אז זי זאל פאדערען פון איהר מאן א גט. אבער זי האט זיך פון דעם אנטזאגט.

ר' טעוועל אליין האט אויך געהאט עגמת נפש פון דעם וואס זיין זוהן האט נאך ניט געהאט קיין קינד. ער האט דערפאר פרובירט געבען צדקה נאך מיט א ברייטערער האנט ווי פריהער, האפענדיג אז דורך דעם וועט ער פועל ישועות זיין, אז זיין זוהן זאל געבענשט ווערען מיט א קינד.

איינמאל האט אויסגעבראכען א הונגער אין דעם ליפלאנדער געגענד. האט ר' טעוועל געשיקט א שליח וועלכער האט אויפגעקויפט גרויסע מאסען תבואה און האט עס פארטיילט, אהן אונטערשיד צווישען די הונגעריגע אידען און ניט־אידען, אט ווי דער אידישער דין זאגט, אז מען דארף שפייזען סיי אידען און סיי ניט־אידען, באזונדער אין א הונגער צייט.

צום שטארקסטען האט מען ר' טעוועלען פארעהרט פאר זיין פשטות און גרויס עניוות. ער האט בכלל קיינמאל ניט געצייגט, אז ער פיהלט אז ער שטעהט העכער פון אימיצען. זיין גוט־הארציגקייט האט זיך פשוט גענומען דערפון וואס ער האט געהאלטען, אז ער צאהלט א חוב און אז עס איז זיין פליכט צו העלפען די וואס נויטיגען זיך אין הילף.

פון זיין סאמע יוגענט האט ר' טעוועל געהאט גרויס יראת הכבוד פאר לומדים. וואס עלטער ער איז געווארען אלץ א גרעסערער בעל מידה איז ער געווארען. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער האט אזוי שטארק פארעהרט תלמידי חכמים, האט ער זיך געהאלטען נאר נאהענט מיט די פשוט'ע מענ־שען. ער האט מקרב געווען ארימע לייט און האט שטענדיג באשיינט די שמחות פון די ארימע און פשוט'ע מענשען. ער איז געגאנגען אויף די ברית'ן און בר מצוה'ס און חתונות פון די פאלקס־מענשען און מיט דעם האט ער זיך ביי אלעמען געמאכט שטארק באליעבט.

ר' טעוועל איז שוין געווען איבער ניינציג יאהר אלט און האט מעהר ניט געוואלט אליין זיך אפגעבען מיט זיינע צאהלרייכע עסקים. האט ער גע־נומען פאר א נאמן א געוויסען ר' צדוק משה'ן און האט איבערגעגעבען אין זיינע הענט אלע זיינע געשעפטען. אין א פאר יאהר שפעטער האט ר' טעוועל,

אויף ר' צדוק משה'ס פארלאנג, אויך אנגעשטעלט זיין שוועסטער'ס און איטי־סעל, ר' זלמן אהרן'ען, פאר א בוכהאלטער און ארויסהעלפער.

ווען די קהלה אין וויטעבסק איז געגרינדעט געווארען איז געלייגט געווא־רען א טאקסע אויף יעדען תושב פון שטאט. ר' טעוועל האט דאמאלס מנדב געווען א גרויסע סומע פאר די באדערפענישען פון שטאט, און אין וויטעבסק האט מען צום ערשטען מאל אנגעהויבען גרינדען מוסדות פון תורה און צדקה.

אין יאהר שצ"ד איז די אידען אין וויטעבסק געגעבען געווארען די ער־לויבעניש צו קויפען באדען צו בויען הייזער. האט ר' טעוועל געקויפט נחלות אין פארשידענע טיילען פון שטאט און האט זיי אוועקגעשענקט דער קהלה. דער ראש הקהל האט דעם באדען פארדונגען צו בויען הייזער און דאס געלט איז אריין אין דער קהל'שער קאסע. צוזאמען מיט די אנדערע הכנסות האט די קהלה געקענט אנגעהן מיט אלע איהרע טהעטיגקייטען.

דערוויל איז די אידישע באפעלקערונג אין וויטעבסק געוואקסען. אידען האבען אנגעהויבען בויען שוהלען און בתי מדרשים אין פארשידענע גאסען. אין יעדען בית המדרש איז אויך געווען א חדר פאר קינדער. אבער וויטעבסק איז נאך אלץ געווען א שטאט פון בעלי מלאכה און סוחרים. די צאהל פון איהרע תלמידי חכמים איז געווען קליין.

ר' טעוועל איז געווען זיבער־און־ניינציג יאהר אלט ווען ער איז נפטר געווארען. דאס איז געווען אין יאהר ת"א. גרויס כבוד איז איהם צוגעטיילט געווארען. צו זיין לויה זיינען געקומען ניט נאר אידען נאר אויך ניט־אידען. די העכסטע רעגירונגס פארשטעהער זיינען געקומען איהם אפגעבען זיין לעצ־טען כבוד. זיין פטירה האט ארויסגערופען צער אין דער גאנצער סביבה.

לויט זיין צוואה האט א פערטעל פון זיין פארמעגען געדארפט אפגעגעבען ווערען פאר צדקה, לויט ווי ראשי הקהל וועלען עס באשטימען. די איבעריגע דריי חלקים האט ער איבערגעלאזט פאר זיין זוהן ר' נחום'ן. ר' צדוק משה און ר' זלמן אהרן זיינען ווייטער געבליבען די פיהרער פון די געשעפטען.

מיט דער גרויסער ירושה וואס ר' טעוועל האט איבערגעלאזט דער ווי־טעבסקער קהלה איז דארט פארבעסערט געווארען ניט נאר דער מאטעריעלער מצב נאר אויך דער גייסטיגער. די ראשי הקהל האבען קודם כל גענומען עשרה בטלנים און זיי אוועקגעזעצט לערנען. דאן איז אויך געעפענט געווארען א ישיבה, די ערשטע פון איהר מין אין וויטעבסק. וויטעבסק איז דאמאלס בא־שטאנען פון צוויי טיילען, "דער גרויסער זייט" און "דער קליינער זייט". אזוי ווי "דער גרויסער זייט" איז געווען אפגעגעבען צו מסחר, איז די ישיבה געעפענט געווארען אין "דער קליינער זייט".

ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ר' נחום איז געווארען דער יורש פון אזא ריזיגען פארמעגען, האט ער אבער ניט געענדערט זיין הנהגה און איז נאך אלץ געווען אזא שותק ווי פריהער. די געשעפטען זיינען, ווי געזאגט, געפיהרט געווארען פון אנדערע, און ער האט זיך וועגען קיין זאך ניט געדארפט זארגען. זיין פרוי איז נאך אלץ געווען אן עקרה.

עס איז שוין געווען צוואנציג יאהר נאך זיין חתונה. ר' שמואל יוסף האט פאר דער צייט שוין עטליכע מאל געהאט אויפגעפאדערט זיין טאכטער

צו פארלאנגען א גט, אבער זי האט פון דעם ניט געוואלט הערען. איהר פאטער האט גע'טענה'ט, אז זי איז עס מחויב צו טהאן על פי התורה. דאס האט אבער ניט געהאלפען. עס איז שוין געווען פיער־און־צוואנציג יאהר נאך דער חתונה. ר' נחום'ס ווייב איז געווען אכט־און־דרייסיג יאהר אלט. ר' שמואל יוסף איז געווארען צודרינגליכער צו זיין טאכטער. איצט, האט ער גע'טענה'ט, איז שוין פאר איהר קיין אנדער ברירה ניטא. זי מוז פארלאנגען א גט.

ר' נחום האט שטארק געהאלטען פון זיין ווייב. ער וואלט ניט געוואלט זיך מיט איהר שיידען. אבער לייענענדיג די בריף פון זיין שווער און וויסענדיג, אז על פי תורה איז ער מחויב צו פאלגען, האט ר' נחום צוזאמענגערופען דריי נכבדים פון שטאט און האט זיך מיט זיי מיישב געווען וועגען דעם אופן ווי ער זאל גט'ן זיין ווייב און איהר געבען איהר כתובה. זיי האבען גע'פסק'ענט אז ער זאל איהר אויסצאהלען זעקס הונדערט גילדען פאר יעדען יאהר וואס זיי זיינען געווען מאן און ווייב.

ר' נחום האט דערצו מוסיף געווען פון זיין זייט נאך עטליכע טויזענד גילדען און האט זיין ווייב אוועקגעשיקט.

ר' צדוק משה און ר' זלמן אהרן האבען דערווייל געהאט גרויס הצלחה אין ר' נחום'ס עסקים. זיי האבען אויסגעברייטערט דעם האנדעל מיט פלאקס און מיט וואל. זיי האבען אריינגענומען אין געשעפט ווי א שותף דעם באוואוס־טען סוחר פון ווילנע, ר' מאיר שלמה, וועלכער איז געווען א גרויסער ידען אין דעם דאזיגען מסחר און איז געווען געניי באקאנט מיט דעם האנדעל אין פרייסען. אין משך פון דריי יאהר האבען זיי געמאכט גרויסע ריווחים. ר' נחום'ס פארמעגען האט געהאלטען אין וואקסען.

אין יאהר תכ"א איז ר' צדוק משה געפאהרען קיין מינסק וועגען ר' נחום'ס געשעפטען און האט זיך דארט אויפגעהאלטען פיער חדשים צייט. ר' צדוק משה, כאטש ער איז געווען אין גאנצען אריינגעטהאן אין מסחר, האט ער אבער שטארק ליעב געהאט תורה. אין זיין יוגענט איז ער אליין געווען א יושב אוהל וואס האט געלערנט מיט גרויס התמדה. אבער נאכדעם ווי ער איז געווארען דער איידעם פון א באוואוסטען פעל־הענדלער, וועלכער איז אליין געווען א חלוש, האט ער געמוזט נעהמען אויף זיך דעם עול פון פרנסה. ניט נאר האט ער געדארפט מפרנס זיין שווער און שוויגער נאר אויך זארגען פאר די טעכטער וועלכע זיינען נאך ניט געווען אויסגעגעבען, און פאר די יתומים פון זיין שוואגער דעם בטלן ר' אברהם זלמן. ר' צדוק משה האט זיך דערפאר געדארפט באנוגענען מיט דעם וואס ער האט אין דער פריה נאכ'ן דאווענען און אין אווענט, נאך מעריב, אריינגעכאפט א שעה אדער צוויי אין לערנען אין הארצען האט ער תמיד מקנא געווען די יעניגע וואס זיצען און לערנען, באזונדער די איידעמס אויף קעסט, וואס האבען ניט קיין זארג וועגען פרנסה.

מינסק האט דאמאלס מיט זיך פארגעשטעלט עפעס אנדערש ווי וויטעבסק. מינסק איז געווען א שטאט פון תורה. ר' צדוק משה האט געהאט א געלע־גענהייט זיך צו באקאנען מיט דעם גייסטיגען מהות פון מינסק און האט איהר שטארק באוואונדערט. אין יעדען ווינקעל, וואו מען האט זיך געקעהרט איז מען געזעסען און געלערנט. אין אלע בתי מדרשים זיינען געזעסען פרושים

און בחורים און האבען זיך עוסק געווען אין תורה. ר' צדוק משה האט אויך באוואונדערט דאס וואס די פשוט'ע בעלי מלאכה האבען אין מינסק געהאט זייערע בתי מדרשים: די שניידער, די שוסטער, די קצבים, די סטאלארעס און אלע אנדערע מינים בעלי מלאכה האבען געהאט זייערע קלויזען אדער שטיבלאך וואו זיי זיינען געקומען נאר דאווענען נאר אויך לערנען פאר־שידענע שיעורים אדער הערען די הארציגע דרשות פון די מגידים און מוסר זאגער.

גאר ניי איז פאר דעם וויטעבסקער תושב, ר' צדוק משה'ן, געווען דאס, וואס אין מינסק זיינען אויך געווען חברות פון ווייבער, וואס האבען זיך אפ־געגעבען מיט פארשיידענע למודים. אין וויטעבסק האט מען פון אזא זאך ניט געוואוסט און אפילו פון דעם ניט געדאכט. די וויטעבסקער אידישע ווייבער האבען אפילו ניט געקענט קיין עברי. נאר א קליינע צאהל ווייבער האבען געקענט געוויסע תפלות אויף אויסווייניג. די אנדערע פלעגען זיך צוהערען צו א "זאגערקע", וואס האט געזאגט די תפילות בקול און זיי האבען איהר נאכגעזאגט. אנדערש איז געווען אין מינסק. די מעהרסטע פרויען האבען אליין געקענט דאווענען. עס זיינען אויך געווען א סך וואס האבען געקענט תנ"ך אדער געלייענט דעם טייטש־חומש.

וואס איז שייך די מאנסבילען, האט ר' צדוק משה אויסגעפונען, אז אין מינסק האבען אפילו די גאר פשוט'ע בעלי מלאכה געקענט אריינקוקען אין א ספר. יעדער איינער האט געקוקט מיט גרויס דרך ארץ אויף א בן תורה און האט זיך באמיהט צו דערציהען די איינענע קינדער אין דעם דרך התורה. אויב מען האט ניט געהאט קיין זיהן בני תורה, האט מען גענומען איידעמס בני תורה.

אין פארגלייך מיט וויטעבסק איז מינסק געווען אן ארימע שטאדט אין גשמיות. אויך די בנינים זיינען דארט ניט געווען אזוי שעהן און אזוי אימפא־זאנט ווי אין וויטעבסק. דערפאר האט זי אבער אריבערגעשטיגען וויטעבסק אין תורה און אין איהר ליעבע צו תורה.

ר' צדוק משה האט זיך אויפגעהאלטען אין מינסק אין'ם הויז פון דעם תלמיד חכם ר' שמואל נחום, וועלכער איז אויסער זיין לומדות אויך געווען א גרויסער ידען אין די ענינים פון מסחר. ער אליין האט זיך קיינמאל ניט אפגעגעבען מיט קיין מסחר. זיין מקור פון פרנסה איז געווען דאס, וואס ער פלעגט אויסגלייכען פארשיידענע סכסוכים צווישען סוחרים און צווישען שותפים און בכלל געבען עצות אין מסחר.

ר' שמואל נחום האט געהאט א בת יחידה. דבורה איז געווען איהר נא־מען. זי איז ביי ר' שמואל נחום'ען געבליבען די איינציגע פון עטליכע זיהן און טעכטער, וואס זיינען ביי איהם, פאר קיין אידען געדאכט, געשטארבען אלס עופה'לאך. פארשטעהט זיך, אז דבורה איז ביי איהרע עלטערען געווען ווי דאס שווארץ־אפעל פון אויג. אלס סגולה פאר איהר אריכת ימים האבען איהרע עלטערען יעדעס יאהר אין'ם טאג וואס זי איז געבארען געווארען מנדב געווען פיער און צוואנציג קלעצער — צוויי קלעצער פאר יעדען חודש (און זעקס און צוואנציג קלעצער אין אן עיבור יאהר) — פאר דעם גדר.

פון בית עלמן. אן אנדער סגולה וואס זיי פלעגן טהאן איז געווען, אז זיי האבען זייער טאכטער "פארקויפט" צו א פאר פאלק וואס איז געווען איבער זעכציג יאהר אלט און וואס זיינען ביידע, דער מאן דאס ווייב, געווען בכורים און האבען געהאט ניט ווייניגער פון דריי קינדער לעבעדיגע.

דבורה איז, צו דער פרייד פון איהרע עלטערען, געווען א געראטענע. זי האט געהאט זעלטענע כשרונות און איז אויך געווען א גוט־הארציגע און אן איידעלע. ר' שמואל נחום האט זיך אליין אפגעגעבען מיט איהר דער־ציהונג. ווען זי איז געווארען פינף יאהר אלט, האט ער איהר אנגעהויבען לערנען תורה און זי האט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען. צו אכט יאהר האט זי שוין גוט געקענט חומש און נביאים. צו צעהן יאהר איז זי געווען קלאהר אין גאנץ תנ"ך אויף אויסווייניג און האט אנגעהויבען לערנען משנה און שולחן ערוך. ר' שמואל נחום האט איהר אויך געלערענט לייענען און שרייבען פויליש און חשבון'ען. צו פופצעהן יאהר האט ער זי געלערנט גמרא מיט רש"י אהן דער הילף פון א רבי'ן.

צו אכצעהן יאהר האט איהר ר' שמואל נחום פאר'שדכן'ט צו דעם זוהן פון איינעם פון די בכבוד'יגסטע בעלי בתים פון מינסק. צעהן יאהר צייט האט זי מיט איהר מאן געלעבט גליקליך. איהר מאן האט זיך אפגעגעבען מיט מסחר. דבורה איז געווען די גליקליכע מוטער פון צוויי טעכטער און א זוהן. דאן איז, רחמנא לצלן, געקומען א מגפה אויף קינדער. דבורה'ס קינדער זיי־נען געשטארבען און אין משך פון יאהר איז אויך איהר מאן קראנק געווארען און, נאך דריי חדשים אין בעט, איז ער נפטר געווארען. דבורה האט זיך צו־ריקגעקעהרט צו איהרע עלטערען מיט איהר איינציג פארבליבענע טאכטער. דריי יאהר שפעטער איז די טאכטער קראנק געווארען און געשטארבען.

מען קען זיך משער זיין ווי גרויס עס איז געווען איהר צער. אבער דבורה האט געמוזט אונטערדריקען איהר אייגענעם צער, כדי ניט צו פארשא־פען קיין עגמת נפש איהרע עלטערען, וועלכע האבען זיך שטארק געזארגט איבער איהר. דבורה פלעגט דארום זיך אנטהאן א כח און ציינען א מונטערען פנים. איהר נחמה האט זי געפונען אין לערנען תנ"ך, גמרא און מדרש. זי האט אויך אריינגעקוקט אין אנדערע ספרים. זי האט א באשטימטע צייט פון טאג אפגעגעבען צו לייענען די געשיכטע פון דער וועלט און פון אידען.

דבורה האט פון איהר קינדהייט געהאט צוויי חבר'טעס, וועלכע האבען אויך געהאט א סך געלערענט. זיי האבען געקענט גוט תנ"ך און גמרא, כאטש א סך ווייניגער ווי דבורה. אלע דריי פלעגען זיך אפט צוזאמענקומען און פאר־ברייננגען אין דברי תורה. נאך דאמאלס, ווען דבורה'ס מאן האט געלעבט, האבען די דריי פרויען געהאט געשאפען חברות פון יונגע פרויען, וואס פלעגען זיך צוזאמענקומען אמאל אין הויז פון איינער און אמאל אין הויז פון א צווייטער און פארברייננגען אין שמועסען וועגען די פליכטען, וואס אידישע פרויען האבען על פי תורה.

פון אט די צוזאמענקונפטען זיינען אויסגעוואקסען א סך חברות פון פרויען און די פעולה וואס זיי האבען געטהאן פאר דער גייסטיגער דערהוי־בונג פון די אידישע פרויען אין מינסק איז געווען גאר א גרויסע. ווען

דבורה איז געוואָרען אן אלמנה און האָט פארלאָרען איהר לעצט קינד, האָט זי זיך נאָך מעהרער אָפּגעגעבען מיט אַט די ווייבערשע חברות און האָט זיך באמיהט אריינצוגעבען אין זיי מעהר און טיפערען אינהאלט. דאס רוב איז דבורה געווען די יעניגע וואס האָט פאר די פרויען גערעדט און זיי אויפגע־קלערט אלע וויכטיגע ענינים. ווארום דבורה, מעהר ווי אימיצער אנדערש פון די פרויען, האָט געקענט ריידען וועגען דעם גייסט פון אידישקייט מיט דעם געהעריגען וויסען און די נויטיגע אויטאָריטעט.

דבורה איז אויף אזא אופן געוואָרען א בעל דרשן'טע פאר ווייבער. זי האָט אין איהרע דרשות אריינגעגעבען איהר גאנץ הארץ און נשמה. זי האָט וועגען אלע ענינים געקענט ריידען ניט נאָר שעה'ן נאָר אויך אינהאלטרייך. אויף דעם אופן האָט זי דערוויל געשטילט דעם וועהטאָג פון איהר איינזאמען און טראגישען לעבען. ווען זי פלעגט זיך צוריקקערען אהיים פון די אסיפות, פלעגט זיך דבורה איינשליסען אין איהר חדר און וויינען ביטער אויף איהר טרויעריגען גורל. זי האָט פארבראכט שעה'ן אין תפילה, בעטענדיג דעם רבונו של עולם, אז אויב עס איז איהר ניט באשערט צו זיין א מוטער פון קינדער און א פרוי פון א מאן, זאָל זי כאָטש קענען טהאָן א פּעולה צווישען די אידישע פרויען.

נאָכדעם ווי זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט זי פארבראכט א געוויסע צייט אין לערנען גמרא אָדער אין אריינקוקען אין א ספר, און אז זי האָט זיך נעפיהלט געשטאַרקט און געטרייסט, איז זי ארויס פון חדר און זיך צוזאַ־מענגעקומען מיט איהרע עלטערען. דבורה פלעגט דריי מאָל א וואָך לערנען "איוב", "קהלת" און "משלי". פון "איוב" האָט זי געלערענט וועגען דעם אויבערשטען און זיין משפּט און שטראָף. פון "קהלת" האָט זי געלערענט וועגען דער הבל הבלים'דיגקייט פון דער וועלט און דער ווערטהלאָזיגקייט פון די תענוגים פון לעבען. פון "משלי" האָט זי געלערענט די וועגען פון א גערעכ־טען און גייסטיגען לעבען. דבורה האָט געקענט די דאָזיגע דריי ספרים מיט אלע זייערע פּרושים.

ר' צדוק משה האָט פון סאמע אָנפאנג געהאלטען אן אויג אויף דבורה'ן. ער האָט זיך איבערצייגט, אז ניט נאָר איז זי א גרויסע צדקת, נאָר אויך א גרויסע בעלת מוח. א פּאָר וואָכען איידער ער האָט געדארפט פארלאָזען מינסק, האָט ער געהאט א שמועס מיט ר' שמואל נחום'ען. ער האָט פאר איהם אנט־פּלעקט דעם געדאנק וואס איז איהם שוין לאנג געקומען אין מח, אז דבורה וואָלט געווען א גוטער שדוך פאר זיין בעל הבית, דעם גרוש ר' נחום'ן. ר' צדוק משה האָט נאטירליך נאָך געדארפט ריידען וועגען דעם מיט ר' נחום'ן. ער האָט זיך אָבער געקענט משער זיין, אז ר' נחום וועט מרוצה זיין צום שדוך. ער האָט דערפאר געוואלט וויסען וואס ר' שמואל נחום האָט וועגען דעם צו זאָגען.

ר' שמואל נחום האָט געהאלטען, אז פון זיין זייט וועט ניט זיין קיין מניעה. מען האָט ·צוערשט זיך אָבער געדארפט צוזאמענריידען מיט דבורה'ן. דבורה האָט אָבער געזאָגט, אז זי קען ניט געבען קיין באשטימטען ענטפער, ביז וואנען זי וועט ניט האָבען זיך געזעהן מיט ר' נחום'ן, ווייל, האָט זי

געזאגט, עס איז געגען דער תורה, אז מען זאל זיך משדך זיין אונטער די אויגען. דבורה האט דערביי געצייגט איהר לומדות, אנווייזענדיג, אז כאטש עס שטעהט "אסור לקדש אישה עד שיראנה" (אז מען טאר ניט מקדש זיין א פרוי ביז וואנען מען זעהט זי), מיינט דאס ניט נאר פאר'ן מאן; דאס געהט אויך פאר דער פרוי, האט דבורה געוואלט דרינגען. דער טעם פארוואס מען טאר ניט מקדש זיין אונטער די אויגען, האט זי געזאגט, איז באגרינדעט אויף דער מצוה "ואהבת לרעך כמוך", איז אבער די מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך" ניט פון יענע מצוות, וועלכע ווערען באצייכענט, אז זיי זיינען "תלויות בזמן", פון וועלכע פרויען זיינען פטור. דבורה איז דערפאר באשטאנען, אז עס זאל ניט זיין קיין רייד וועגען שדוך ביז וואנען זי וועט ניט האבען געזעהן ר' נחום'ן.

## לח.

### די דריי ברכות

דבורה'ס גרויס השפעה אויף איהר מאן און אויף די וויטעבסקער אידען. — די ברכות וואס ר' נחום האט זיך אויסגעקליבען.

צווישען פאטער און טאכטער האט זיך אנגעפאנגען א לאנגער ויכוח. ר' שמואל נחום האט געוואלט באווייזען זיין לומד'ישע טאכטער, אז עס איז אין דער אמת'ן ניט פארבאטען חתונה צו האבען מיט אימיצען איידער מען האט זיך געהאט געזעהן. דאס וואס עס שטעהט "אסור לקדש אישה עד שיראנה", האט ער געזאגט, מיינט נאר אז עס דארף ניט זיין אזוי, אבער דאס מיינט ניט אז מען טאר עס ניט. ר' שמואל נחום האט געבראכט ראיות פון רמב"ם און פון שולחן ערוך. אבער דבורה לאה האט צושלאגען אלע זיינע ראיות און האט באוויזען, אז עס איז פארבאטען. זי האט אויך אנגעוויזען אז אין מסכת „נדה" דף י"ז ווערט „אסור" באנוצט טאקע אין דעם זין און אנגעוויזען אויף דעם, וואס עס ווערט געזאגט אין „נדרים", דף כ', אז עס קומט ארויס א גרויסער קלקול פון דעם וואס מען האט חתונה, ניט קענענדיג איינער דעם צווייטען.

ר' צדוק משה, וועלכער איז ניט געווען קיין גרויסער למדן, האט אבער געקענט נאכפאלגען דעם לומדישען וכוח צווישען פאטער און טאכטער, און ער איז געווען פארגאפט. ער האט ערשט איצט געקענט באנעהמען די גייסטיגע מעלות פון דבורה'ן. אז ער איז צוריקגעקומען קיין וויטעבסק, האט ער זיין בעל הבית, ר' נחום'ען, דערצעהלט וועגען דער זעלטענער דבורה'ן און האט איהם צוגערעדט, אז ער זאל מאכען א נסיעה קיין מינסק און אנקוקען דער פרוי. ר' נחום איז געווען מרוצה און נאך א באזוך אין מינסק איז דער שידוך צושטאנד געקומען און עס איז באלד געשטעלט געווארען חופה.

אויף דער עצה פון ר' צדוק משה'ן האט ר' נחום געשטעלט אלע זיינע עסקים אונטער דער אויפזיכט פון דבורה'ן און אלע חשבונות זיינען איהר איבערגעגעבען געווארען. אין משך פון עטליכע חדשים צייט איז דבורה שוין געווען געגוי באקאנט מיט די געשעפטען און האט דערביי ארויסגעצייגט גרויס

פארשטענדעניס. באזונדערס האט דבורה געציינט איהר פריינטליכקייט און גוטהארציגקייט צו די פיעלע אנגעשטעלטע.

דבורה האט באהאנדעלט מיט גרויס איינזעהעניש יעדען איינעם, צי ער איז געווען ארים אדער רייך, צי ער איז געווען א למדן אדער אן עם הארץ. גלייכצייטיג האט זי געציינט איהר גרויס פארעהרונג פאר בני תורה. איהר איינענעם ר' נחום'ען האט זי גאר הויך געשאצט און האט וועגען איהם שטענ־דיג גערעדט מיט יראת הכבוד. מיט איהר חכמה און גוטהארציגקייט האט זיך דבורה געקויפט א גוטען נאמען אין גאנץ וויטעבסק. אין משך פון א קורצער צייט האט זי שוין גענומען א גרויסען חלק אין אלע צדקה טהעטיגקייטען פון שטאט. זי האט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון אזוינע מוסדות ווי הכנסת כלה, בקור חולים, מלביש ערומים און די מוסדות צו העלפען די ארימע און ליידענדיגע. אויך זייער איינער הויז האט באקומען א נייעם פנים. די טירען זיינען געעפענט געווארען פאר אלעמען און עס איז דארט באמת געווארען א בית ועד לחכמים.

ר' נחום האט ערשט אנגעהויבען איינזעהן וואס פאר א שאץ ער האט אריינגעקראגען אין דבורה'ן און ער האט איהר שטארק פארעהרט. פונדעסט־וועגען האט ער ניט געענדערט זיין פריהערדיגע הנהגה און האט נאך אלץ זיך געהאלטען אפגעזונדערט פון מענשען. וואס איז שייך די געשעפטען, האט ער זיך מיט זיי ניט אינטערעסירט פריהער און ער האט זיך נאך וויניגער אינטערעסירט איצט, אז ער האט געוואוסט, אז דבורה גיט אויף אלץ אכטונג.

דבורה האט אבער געוואלט, אז איהר מאן זאל יא האבען א שטיקעל ידיעה וואס עס קומט פאר אין זיינע געשעפטען. זי האט מיט איהם וועגען דעם פרובירט א שמועס טהאן. זי האט געוואלט, אז ער זאל כאטש אריינקוקען אין די חשבונות. אבער ר' נחום האט דערקלעהרט, אז ער האט עס קיינמאל ניט געטהאן פריהער און וועט עס איצט אודאי ניט טהאן, ווייל ער פאר־לאזט זיך אין גאנצען אויף איהר.

דבורה איז פון דעם ניט געווען צופרידען. זי האט פארפיהרט מיט איהר מאן א ויכוח וועגען דעם אויב זיין הנהגה זיך אפצוזונדערען פון מענשען און ניט אפצוגעבען זיך מיט זיינע עסקים, איז די ריכטיגע. זי האט אנגעוויזען איהר מאן אויף די תנאים און אמוראים, וועלכע האבען געפונען צייט אויך פאר זייערע געשעפטען. דבורה האט דא ווידער ארויסגעציינט איהר לומדות. זי האט איהר מאן אנגעוויזען אויף דעם וואס עס ווערט דערצעהלט אין תענית דף ט' וועגען ר' דניאל בר קטינא, וועלכער פלעגט יעדען טאג געהן אין זיין גארטען דארט אכטונג צו געבען וואס עס דארף געטהאן ווערען. זי האט אויך געבראכט דאס, וואס עס ווערט דערצעהלט אין נדרים דף ס"ב וועגען רב אשי, אז ער האט פארקויפט זיין וואלד צו די וואס האבען געדינט צו פייער, דער־קלעהרענדיג אז דאס איז ניט קיין ענין פון עבודה זרה ווייל האלץ ווערט געוויינלאך סאי ווי פארברויכט צו הייצען. זי האט איהם אויך אנגערופען אנ־דערע תנאים און אמוראים, וואס האבען זיך דערוואראבען פארמעגענס אדער האבען זיי געקראגען בירושה און זיינען ניט אין גאנצען געווען אפגעשטאנען

פון דער וועלט. זי האט פארענדיגט מיט דעם מאמר חז"ל, אז "תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה".

ר' נחום איז געווען שטארק פארוואונדערט פון זיין פרוי'ס גרויסע לומדות. ער האט עס נאך אליין ניט געהאט געוואוסט. ער איז אבער באשטא־נען, אז זיין דרך איז דער ריכטיגער און דערקלעהרט, אז דער קראקאווער פרוש, וועלכער איז געווען זיין רבי, האט געהאט געטייטשט די משנה וועגען מלאכה, אז דאס מיינט מלאכה אין עבודת הבורא. דבורה האט איצט אנגעהויבען ריידען אפטער צו איהר מאן און טאקע זיך מיט איהם מתוכח געווען אין תורה. יעדעס מאל האט זי ביי ר' נחום'ען ארויסגערופען אלץ גרעסערע פארוואונדערונג. ער האט קוים געוואוסט, אז דבורה האט יעדען טאג אין געהיים געלערנט א שיעור גמרא און אז זי האט שוין צום צווייטע מאל געהאלטען אין איבערגעהן ש"ס.

דבורה האט דערוויל אויך מודיע געווען איהר מאן, אז זי האט גענוי אריינגעקוקט אין די ביכער, וואו עס איז געווען פארשריבען די סכומים צדקה וואס זיינען אין משך פון די אלע יאהרען פארטיילט געווארען. זי האט אבער געהאט א טענה וואס עס איז אין ערגעץ ניט געווען פארשריבען, אז ר' נחום איז נאכגעקומען דעם דין און פארטיילט מעשר. זי האט דערביי זיך אריינגעלאזט אין א פלפול צו באווייזען וואס דער דין פאדערט, אז עס זאל דערביי געטהאן ווערען.

ר' נחום האט געמוזט מודה זיין, אז ער האט קיינמאל וועגען דעם ניט נאכגעטראכט און אז איצט איז שוין צו שפעט צו מאכען די חשבונות און באשטימען וויפיעל עס דארף אוועקגעגעבען ווערען אויף צדקה. דבורה האט אבער דערקלעהרט, אז עס איז גארניט קיין אוממעגליכקייט. גראד זיינען די חשבונות פון די אלע יאהרען, זינט ר' נחום האט גע'ירשו'ט דעם גרויסען פארמעגען פון זיין פאטער, געווען אין גוטען ארדנונג. מען האט נאר געדארפט זיך נעהמען די מיה און גענוי אויס'חשבון'ען, כדי אויסצוגעפינען וויפיעל עס דארף אוועקגעגעבען ווערען אויף צדקה לויט ווי דער דין באשטימט.

דבורה, וועלכע איז אליין געווען א גרויסע בעל חשבון'טע, האט זיך גע־נומען צו דער ארבייט און איז וואכען נאכאנאנד געזעסען און געהאלטען אין חשבון'ען. ווען זי איז מיט די חשבונות פארטיג געווארען, האט זי צוגע־שטעלט ר' נחום'ען א צעטעל וויפיעל ער דארף אפגעבען פאר צדקה און ר' נחום האט געטהאן ווי דבורה האט געהייסען.

אין יאהר תי"ד האט אויסגעבראכען די מלחמה צווישען די פאליאקען און די רוסען און איז געפאכטען געווארען צווישען וויטעבסק און סמאלענסק. די מלחמה האט אנגעהאלטען דרייצעהן יאהר צייט. אין משך פון אט דער מלחמה זיינען די אידישע סוחרים אין וויטעבסק נתעשר געווארען דורך צושטעלען פראוויאנט און פארשידענע מאטעריאלען צו דער ארמיי. אין יאהר תכ"ז האט גענעראל שערעמעטיעוו פארנומען וויטעבסק און האט ארעסטירט די מעהרסטע סוחרים פון שטאט און זיי פארשיקט טיף אין רוסלאנד. דריי יאהר זיינען אט די געפאנגענע אידען פון וויטעבסק געהאלטען געווארען פון די רוסען, אבער זיי זיינען שפעטער דערלויבט געווארען צוריקצוקעהרען אהיים.

אבער ניט די מלחמה און ניט קיין אנדער געשעהעניש האט אזוי גע־

ווירקט אויף'ן גאנג פון דעם אידישען לעבען אין וויטעבסק ווי דאס וואס דבורה איז געווארען איינע פון די גייסטיגע פיהרערינס פון שטאט. א דאנק דבורה'ן האבען אין וויטעבסק אנגעהויבען אויפצובליהען די מוסדי הצדקה און די מוסדי התורה. וויטעבסק איז בכלל ביז דבורה'ס צייט געווען א שטאט מיט גאר ווייניג לומדים. וואס איז שייך די פרויען זיינען זיי געשטאנען אויף גאר א שפל'ען גייסטיגען מצב. דבורה וואס האט אזוי גוט געקענט מינסק און איהרע פרויען, האט געפיהלט די ירידה פון וויטעבסק.

ר' נחום, וועלכער האט בכלל זיך ווייניג אינטערעסירט מיט דעם וואס עס קומט פאר ארום איהם, איז ווייטער געגאנגען זיין דרך און דבורה האט באגריפען, אז זי וועט שוין איהר מאן ניט איבערמאַכען און אז ער וועט בלייבען אפגעשלאסען פון דער וועלט. אויב דבורה האט עפעס געוואלט דערגרייכען, האט זי עס אליין געזאלט אליין טהאן. זי איז געווען שטארק פארנומען מיט זיך אליין. ווארום אחוץ די געשעפטען אויף וועלכע זי האט געהאט די אויפזיכט, האט זי ביי איהר מאן אין הויז געהאט געפונען איינע פון די גרעסטע ביבליאטעקען אין יענער צייט. דאס איז געווען א זאמלונג פון ביכער און ספרים, וואס זיינען איבערגעגאנגען פון טאטען צו זוהן אין משך פון עטליכע דורות.

דבורה, מיט איהר גרויסען דארשט פאר וויסען, האט איצט פאר זיך געהאט אן אומדערשעפליכען קוואל פון וואנען צו שעפען נייע ידיעות. האט דבורה זיך אפגעגעבען שעה'ן לאנג מיט לייענען און לערנען אין אט דעם גרויסען גייסטיגען אוצר פון איהר מאן וואס איז ביי איהר געווען נאך טייערער ווי זיינע גשמיות'דיגע אוצרות.

איינע פון די אויפגאבען וואס דבורה האט גענומען אויף זיך, איז געווען צו דערהויבען דעם גייסטיגען מצב פון די אידישע פרויען אין וויטעבסק. זי האט שוין געהאט געשאפען פארשידענע ווייבערשע חברות וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט צדקה ענינים, ווי צו באזארגען יתומים און יתומות און צו העלפען ארימע און קראנקע. דבורה האט אבער אויך געוואלט אז די פרויען זאלען זיך מעהר באקאנען מיט אידישע ענינים.

האט זי ביי יעדע געלעגענהייט, ווען זי פלעגט זיך צוזאמענקומען מיט פרויען וועגען צדקה ענינים, פאר זיי געהאלטען לענגערע דרשות וואס זיינען געווען דורכגעוועבט מיט פארשידענע מאמרי חז"ל און אגדות. זי האט זיך שטארק באמיהט זיך צו מאכען פארשטענדליך און אפעלירען צו די ווייבערשע הערצער.

דבורה האט זיך דערביי באנוצט מיט'ן טייטש-חומש און מיט אנדערע ספרים אויף מאמע-לשון וואס זיינען שוין געווען געדרוקט אין יענער צייט, טאקע הויפטזעכליך פאר ווייבער. דער עיקר איז געווען, וואס דבורה האט בייגעטראגען פון איהר אייגענעם גרויסען קוואל פון וויסען, איבערגעבענדיג אלץ איז א פשוט'ער שפראך וואס יעדע פרוי האט געקענט פארנעהמען. אין גאר א קורצער צייט האט דבורה שוין געהאט אין וויטעבסק א גרעסערע גרופע פרויען וואס האבען זיך ספעציעל אפגעגעבען מיט לערנען פארשידענע למודים אויף מאמע-לשון. דבורה איז געווען זייער רביצין און וועג-ווייזערין.

דבורה האט אבער געהאט א פיעל ווייטערען בלים. זי האט געוואלט מא

כען די אפגעשטאנענע וויטעבסק פאר א שטאט פון תורה און תלמידי חכמים. וויטעבסק האט צו יענער צייט געהאט א קליינע און אומבאדייטענדע ישיבה, וואו די מעהרסטע תלמידים זיינען געווען שטאטישע און זעהר ווייניג פון אויסערען שטאט, פון דער ארומיגער סביבה. די באציהונג צו די ישיבה בחורים איז אין וויטעבסק אויך געווען א גאר אנדערע ווי אין מינסק. אין מינסק, ווי אין א סך אנדערע אידישע קהלות, האט מען אין יעדען הויז גע־האט איינעם אדער מעהר ישיבה בחורים וועמען מען האט געגעבען, דאס וואס עס איז געווען באקאנט אלס "טעג". די טעג־עסער זיינען אויף דעם אופן געווען באזארגט מיט זייער עקזיסטענץ. ביי דבורה'ן אין הויז, פריהער אין איהר פאטער'ס הויז, און נאכהער אין איהר אייגענעם הויז, האט מען שטענ־דיג אויסגעהאלטען צו עטליכע ישיבה בחורים אין דער וואכען און שבתים און ימים טובים.

דבורה האט פון איהר סאמע יוגענד זיך אפגעגעבען מיט צוגרייטען די מאלצייטען פאר די דאזיגע טעג־עסער. זי האט תמיד געהאט גרוים יראת הכבוד פאר אט די יונגע בני תורה וואס פלעגען פאר זייערע מאלצייטען קו־מען צו זיי אין הויז. דבורה פלעגט אפילו פרובירען מיט זיי כאפען א שמועס אין תורה, וועלענדיג צייגען איהר אייגענע קענטעניס און דער עיקר, עפעס הערען א דבר תורה פון די בחורים.

אין וויטעבסק האט מען פון אזוינע זאכען ניט געוואוסט. ערשטענס, דערפאר וואס דארטען זיינען בכלל געווען צו ווייניג ישיבה בחורים וועלכע מען זאל דארפען באזארגען מיט "טעג", און צווייטענס, דערפאר וואס די מענשען דארט זיינען געווען ווייניגער פאראינטערעסירט אין אזוינע ענינים. האט דבורה אנגעהויבען אליין איינפיהרען אט דעם פיינעם אידישען מנהג פון באזארגען ישיבה בחורים מיט "טעג". עס זיינען אבער אין וויטעבסק נאך געווען ווייניג טעג־עסער. האט דבורה דערפאר באשלאסען צו מאכען וויטעבסק פאר א שטאט פון לערנער.

זי האט וועגען דעם זיך דורכגערעדט מיט איהר מאן און ביי איהם גע־פועל'ט, אז ער זאל אויף זיין חשבון שיקען א פינף־זעקס אויסערוועהלטע וויטעבסקער ישיבה בחורים אין די באוואוסטע ישיבות פון יענער צייט, ווי אין קראקע און פראג. אט די דאזיגע יונגע לייט, האט דבורה געהאלטען, וועלען שפעטער, ווען זיי וועלען צוריקקעהרען פון יענע ישיבות, באלאדען מיט תורה, זיין די פיאנערען פון א דור פון תורה־אידען אין וויטעבסק. ר' נחום, איהר מאן, איז אויף דעם געווען מרוצה. דבורה האט אויך ביי איהם גע־פועל'ט, אז ער זאל שיקען א ספּעציעלען שליח קיין מינסק, סלוצק, בריסק און ווילנע און דארט אויסקלייבען צעהן פון די בעסטע לומדישע יונגע לייט וועל־כע זאלען מיט זייערע ווייבער און קינדער געבראכט ווערען קיין וויטעבסק און ווערען די פארשפרייטער פון תורה צווישען די וויטעבסקער אידען.

פאר אט דער שליחות האט ר' נחום אויסגעקליבען דעם גאון ר' משה, דעם זוהן פון זיין אמאליגען רבי'ן, ר' יקותיאל זלמן פון קראקע. ער האט איהם געזאגט, אז בעת די יונגע לייט, וואס ער וועט ארונטערברייגנען קיין וויטעבסק וועלען מיט אלע זייערע באדערפעניששען זיין באזארגט, זאל עס אבער בלייבען א סוד ווער עס האלט זיי אוים. אז אנדער תנאי, וואס ר' נחום

האט געשטעלט, איז געווען, אז די דאזיגע יונגע לייט זאלען אין וויטעבסק זיך באזעצען יעדער אין א באזונדערען טייל שטאט און איינפיהרען פארשידענע שיעורים פאר'ן עולם. אין אנדערע ווערטער, זיי האבען געזאלט ווערען די רביים פון פאלק. אויב, האט ר' נחום ווייטער אויסגענומען, עס וועלען זיך געפינען אין וויטעבסק אנדערע אידען וואס וועלען די דאזיגע יונגע לייט וועלען צאהלען פאר אפגעבען זיך מיט תורה ענינים, זאלען אט די געלדער אפ־געגעבען ווערען פאר צדקה, ווייל ער האט דורכאויס געוואלט, אז די יונגע לייט זאלען אויסגעהאלטען ווערען אויף זיין חשבון.

עס האט ר' משה'ן גענומען אכט־ניין חדשים צו דערפילען זיין שליחות און קיין וויטעבסק ארונטערגעבראכט די צעהן יונגע לייט. אין משך פון דער צייט זיינען קיין וויטעבסק אנגעקומען אויך אנדערע לומדישע יונגע לייט, איינער פון זיי, א געוויסער ר' אפרים שמחה. עס האט דאן לאנג ניט גענומען און איבער וויטעבסק האט זיך אנגעהויבען טראגען דער קול פון תורה. פאר־שידענע שיעורים זיינען געשאפען געווארען אין אלע טיילען שטאט, און אידען, יונגעלייט אזוי גוט ווי עלטערע, זיינען געזעסען ביי די דאזיגע שיעורים און געלערנט מיט התמדה.

צעהן יאהר איז געווען אוועק זינט דבורה איז געווארען ר' נחום'ס וויב און אין וויטעבסק איז פארגעקומען א גרויסע ענדערונג. ר' נחום אליין האט זיך א סך געענדערט, א דאנק די השפעה וואס דבורה האט אויף איהם געקרא־גען. ער איז שוין מעהר ניט געווען אפגעשלאסען פון דער וועלט. פון צייט צו צייט האט ער פארבראכט שמועסענדיג מיט די תלמידי חכמים וואס זיי־נען געקומען צו זיי אין הויז. ר' נחום האט אפילו זיך שוין אויך אנגעהויבען אינטערעסירען מיט די עסקים זיינע און האט פון צייט צו צייט אין זיי אריינ־געקוקט. אגב איז זיין פארמעגען, דורך אט דער צייט, שטארק געוואקסען.

דבורה האט דערווייל אויך געטהאן א גרויסע פעולה מיט די ווייבער מיט וועלכע זי האט געלערנט. אין דער אמת'ען זיינען עס געווען די גליקליכסטע יאהרען אינ'ם לעבען פון ר' נחום'ן און דבורה'ן. זייער גליק איז אבער נאך ניט געווען פאלקאם: זיי זיינען ניט געווען געבענשט מיט קיין קינדער. ביידע האבען שטארק געגארט א קינד. באזונדער איז ר' נחום געווען בעזארגט איבער דעם. ער איז שוין געווען אויף די עלטערע יאהרען.

איין מאל איז צו זיי אין הויז פארפאהרען אן אורח. דאס איז געווען דער באוואוסטער צדיק און מקובל ר' משה גרשון, א תלמיד פון דעם גאון ר' אליהו, באקאנט אין יענער צייט אלס דער בעל שם פון ווארמייזע (ווארמס). א סך יאהרען האט דער דאזיגער ר' משה געלערנט אין דער ישיבה פון דעם בעל מופת ר' פנחס אין פולדא. דער דאזיגער ר' משה גרשון האט זיך שטארק איינגעקויפט אין לאסקע ביי ר' נחום'ן. ר' נחום פלעגט מיט איהם פארברייג־גען אין תורה און האט אויך פאר איהם אנטפלעקט די אינערליכסטע געפיה־לען פון זיין הארצען. אט אזוי האט ר' נחום פאר איהם אנטפלעקט דאס וואס האט איהם פארשאפט אזוי פיעל עגמת נפש, — דאס וואס ער איז נאך נישט געבענשט געווארען מיט קיין קינד.

ר' משה גרשון האט דערקלעהרט ר' נחום'ן, אז אייגענטליך קען קיין מענש ניט ערווארטען צו האבען אלץ וואס ער באגעהרט אין לעבען, באזונדער

קען א מענש ניט דערוואַרטען צו זיין געבענשט מיט די דריי ברכות: קינדער, עשירות און אריכת ימים.

— השם יתברך האט אייך געבענשט מיט עשירות און אריכת ימים, — האט דער בעל מקובל געזאָגט ר' נחום'ן, — איהר זייט דערפאַר ניט ראוי צו האָבען די דריטע ברכה — קינדער. אויב איהר ווילט דוקא האָבען קינדער וועט איהר מוזען זיך אָפּזאָגען פון איינע פון די צוויי ברכות מיט וועלכע איהר זייט שוין געבענשט.

אויף ר' נחום'ן האָבען די דאָזיגע רייד געמאַכט א גוואַלדיגען רושם און ער האט זיך אָפּגעשלאָסען פאַר א געוויסע צייט פון מענשען כדי זיך גע־נויער צו פאַרטראַכטען וועגען דעם. ער האט איצט געזאָלט מאַכען א וויכטי־גען אויסוואהל. נאָך עטליכע טעג טראַכטען, איז ער געקומען צו דער מסקנא, אז ער מוז זיך אָפּזאָגען פון איינע פון די צוויי ברכות מיט וועלכע ער איז געווען געבענשט — עשירות און אריכת ימים (ר' נחום איז דאַמאָלס שוין געווען איבער זעכציג יאָהר) — כדי צו ווערען געבענשט מיט א קינד. ר' נחום האט דאַן וועגען זיין החלטה געלאָזט וויסען דעם בעל מקובל און יענער האט איהם געגעבען זיין ברכה אז זיין וואונש וועט מקוים ווערען, און איז אוועק פון וויטעבסק.

עס איז נאָך ניט אוועק קיין יאָהר פון דעם טאָג, וואָס דער מקובל האט איהם געגעבען זיין ברכה און דבורה האט אין א געוויסען טאָג דערפיהלט אז זי שוואַנגערט. זי האט אָבער וועגען דעם ניט געוואָלט דערצעהלען איהר מאַן, מורא האָבענדיג, אז טאָמער וועט מיט'ן קינד אונטער איהר הארצען חלילה פּאַסירען דאָס וואָס עס האט פּאַסירט מיט איהרע קינדער פון ערשטען מאַן — עס וועט ניט האָבען קיין אריכת ימים.

# לט.

## מוטער און טאָכטער

דער נאָמען פון דער טאָכטער וואָס איז פאַראייוויגט געוואָרען דורך א ישיבה און די מוטער וואָס האט זיך פאַראייביגט איהר נאָמען דורך איהרע מעשים טובים. — דער גרעסטער העטער.

דריי חדשים זיינען געווען פאַרגאַנגען זינט דבורה האט דערפיהלט אז זי דאַרף ווערען מוטער. זי האט דעם סוד שוין מעהר ניט געקענט באהאַלטען פון איהר מאַן. האט זי מיט פריידע דערצעהלט ר' נחום'ן וועגען דעם. ר' נחום האט די גוטע בשורה אויפגענומען מיט שמחה, אָבער ער האט בשעת מעשה דערפיהלט א טיאָכקע אין הארצען: ער האט געוואוסט, אז דאָס מיינט זיין סוף. ווארום ער האט גוט געדענקט וואָס דער בעל מקובל, ר' משה גרשון, האט איהם געזאָגט. גראָד זיינען זיינע עשירות געוואַקסען. עס האט דערפאַר ניט געקענט זיין אנדערש ווי אז ער זאָל איצט דאַרפען אוועק פון דער וועלט.

ר' נחום האט אָבער וועגען דעם ניט געוואָלט דערצעהלען זיין ווייב. ווארום זאָל ער זי מצער זיין? האט ער אָנגעהויבען זיך אויף דאָס ניי אָפּזונ־

דערען פון מענשען און האט פארבראכט טעג און נעכט אין תשובה, אין תפלה און אין תורה. ער פלעגט א סך וויינען און יעדען טאג זאגען ווידוי. אבער אז ער פלעגט ארויסקומען פון זיין חדר מיוחד, האט ער פרובירט זיין פרעהלאך און מונטער, ניט וועלענדיג, אז דבורה זאל עפעס חושד זיין.

מיט יעדען טאג האט ר' נחום געפיהלט ווי זיינע כחות געהען איהם אויס. עס זיינען אוועק צוויי חדשים און ער האט דערפיהרט גרויס שוואכקייט. אין משך פון אייניגע טעג צייט איז ער נפטר געווארען.

אויפ'ן נייענטען חודש האט דבורה געבארען א קינד — א מיידעלע, און זי האט איהר א נאמען געגעבען נחמה — נאך איהר מאן ר' נחום.

לויט דער צוואה וואס ר' נחום האט איבערגעלאזט איז דער פארמעגנען צעטיילט געווארען אין דריי חלקים. איין חלק איז איבערגעלאזט געווארען פאר צדקה און האט געדארפט צעטיילט ווערען לויט דעם וואונש פון דער אלמנה. דער צווייטער חלק איז אפגעשריבען געווארען פאר דבורה'ן, און דער דריטער חלק פאר'ן קינד, וואס האט געדארפט געבארען ווערען. ר' נחום האט אויך איבערגעלאזט א פארזיגעלטען בריעף מיט'ן אנזאג, אז דאס זאל גע־עפענט ווערען אין דעם טאג ווען דאס קינד וועט ווערען בר מצוה.

דבורה האט דערצויגען נחמה'ן אין דעם זעלבען גייסט ווי זי אליין איז דערצויגען געווארען. זי האט פון נחמה'ס פריהעסטער יוגענט איהר געלערנט תורה, האלטענדיג פאר איהר ספעציעלע מלמדים.

עס זיינען שוין געווען אוועק פינף־און־צוואנציג יאהר זינט דבורה איז געקומען קיין וויטעבסק און א גרויסע ענדערונג איז פארגעקומען אין דעם גייסטיגען מהות פון שטאט. די צאהל תלמוד תורה'ס איז א סך געוואקסען. געוואקסען איז אויך די צאהל תלמידים אין דער ישיבה.

א גרויסע ענדערונג איז אויך פארגעקומען אין דעם גייסטיגען מצב פון די פרויען. די מעהרסטע פרויען האבען שוין געקענט אליין דאווענען. א סך האבען אפילו פארשטאנען פירוש המלות. מיט דער הילף פון דעם צאינה וראינה און מיט דער הילף פון די פארשידענע תחינות אין אידיש האבען די ווייבער אנגעהויבען זיך באקאנען מיט די וויכטיגסטע אידישע ענינים.

ווען נחמה איז געווארען בר מצוה האט זי שוין געהאט א גאר פיינע ידיעה אין אידישע לימודים. עס איז דאן געווען די צייט צו עפענען דעם פאר־חתמ'עטען בריעף וואס ר' נחום געהאט איבערגעלאזט. אין דעם דאזיגען בריעף האט דער נפטר דערצעהלט וועגען דער ברכה פון דעם בעל מקובל, וואס האט אויך געמיינט, אז ער, ר' נחום, דארף אוועק פון דער וועלט. ר' נחום האט דארט אנגעזאגט, אז דבורה זאל גרינדען א ישיבה אויפ'ן נאמען פונ'ם קינד און אז די ישיבה זאל אויפגעהאלטען ווערען פונ'ם פארמעגנען וואס ער האט איבערגעלאזט פאר'ן קינד.

אין דעם יאהר תנ"ז איז אין דעם טייל וויטעבסק, וואס איז באקאנט אלס "דער גרויסער זייט" געעפענט געווארען א ישיבה אויפ'ן נאמען פון "נחמה ר' נחום טעוועל'ס", וועלכע איז פון די ווייבער אין שטאט אויך גע־רופען געווארען "נחמת דבורה'ס ישיבה" אין אנערקענונג פון דער אלמנה.

צווישען די גרויסע לומדים אין וויטעבסק אין יענער צייט איז געווען ר' שמחה זעליג, וועלכער איז אויך גערופען געווארען דער סטאוויסקער

עילוי. פאַר צעהן יאָהר צייט איז ער געזעסען אין יחידות און זיך עוסק געווען אין תורה. דער דאָזיגער עילוי איז אויפגענומען געוואָרען ווי דער ראש פון דער ישיבה, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען פון ר' נחום'ס יתומה. עס זיינען קוים אוועק צוויי יאָהר צייט און די ישיבה האָט שוין געהאט הונדערט און דרייסיג תלמידים מיט דריי ראשי הישיבה. אָבער ר' שמחה זעליג איז לאַנג ניט געבליבען דער ראש פון דער ישיבה. ער האָט זיך צוריקגעצויגען דערקלעהרענדיג, אז ער וויל בעסער פאַרברייגגען אין יחידות.

אָבער מיט אלעם דעם האָט וויטעבסק זיך נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרגלייכען מיט מינסק ווי א מקום תורה. זי האָט זיך אויך ניט געקענט פאַרגלייכען מיט סלוצק און בריסק, וואו עס האָבען זיך געפונען ישיבות, און אודאי ניט מיט ווילנע, וועלכע איז שוין צו יענער צייט געווען א עיר ואם בישראל. וואָס איז שייך מינסק האָט זי משפיע געווען אז תורה זאָל פאַרשפּרייט ווערען אין דער גאַנצער געגענט ארום. די ישיבות אין אזוינע שטעט ווי סמילאָוויטש און סמאַרגאָן זיינען געשאַפען געוואָרען דורך די תלמידים וואָס האָבען געלערנט אין די מינסקער ישיבות.

וועגען מינסק און איהרע ישיבות ווי אויך וועגען מינסק ווי א שטאָט, וואָס האָט משפיע געווען אויף אַנדערע שטעט, האָט ברוך ערשט זיך דערוואוסט ווען ער איז געקומען אויף פּסח צו דעם שמיד, ר' אליעזר ראובן'ען אין דאָבראָמיסל. ברוך האָט דאָרט זיך אויך דערוואוסט וועגען דער וויכטיגער ראָל וואָס זיין זיידע, וועלכער האָט געוואוינט אין מינסק, האָט דאָרט געשפּילט. א געדאַנק איז ברוך'ן דאַמאָלס אריין אין קאָפּ, אז ער זאָל ביי דער ערשטער געלעגענהייט באַזוכען מינסק. ברוך, וועלכער האָט די גאַנצע צייט זיך געהאט דערווייטערט פון זיין משפּחה, האָט איצט באַקומען א תשוקה זיך צו איהר צו דערנעהנטערען. ער האָט אויך געקראָגען א באַגעהר צו דערגעהן מעהר פּרטים וועגען זיין מוטער, וועלכע איז געשטאָרבען, ווען ער איז געווען א קליין קינד און וועלכע איז, ווי ער האָט געדענקט, געווען א גרויסע מלומדת.

יענעם פּסח, וואָס ברוך האָט פאַרבראַכט ביי דעם שמיד אין הויז, האָט ער ניט נאָר א סך געלערנט וועגען דער וועלט און איהרע מענשען, נאָר אויך וועגען דעם מערקווירדיגען ר' אליעזר ראובן'ען אליין. דער דאָזיגער אליעזר ראובן האָט זיך נוהג געווען, אז יעדען פרייטאג, סיי ווינטער און סיי זומער, זאָל ער אוועקלייגען די ארבייט און פאַרמאַכען די קוזניע א שעה פאַר מיטאג. אלע פויערים פון די ארומיגע דערפער האָבען שוין געוואוסט אז "ראובקע", ווי זיי האָבען דעם שמיד גערופען, וועט ניט טהאָן קיין ארבייט נאָך יענער שעה. זיי פלעגען דערפאַר קומען פרייטאג גאַנץ פריה, נאָך איידער ר' אליעזר ראובן, האָט זיך צוריקגעקעהרט פון ערשטען מנין און זיי האָבען אויף איהם געוואַרט מיט די פאַרשידענע ארבייטען וואָס זיי האָבען פון איהם געדאַרפט

ר' אליעזר ראובן האָט זיך אויך נוהג געווען, אז באַלד ווי ער האָט, פרייטאג פאַר מיטאג, אוועקגעלייגט די ארבייט, האָט ער יעדען פויער, וואָס איז געווען אין קוזניע מכבד געווען מיט א גלעזעל משקה און א שטיקעל לעקאַך. ער פלעגט זאָגען: זאָלען אויך די גוים וויסען אז מיר האָבען א הייליגען שבת.

אפגעפארטיגט זיך מיט דעם, איז ער אוועק אין מרחץ און אז ער איז צוריקגעקומען, האט ער זיך פאר א שעה אדער צוויי געלייגט אפרוהען און דאן זיך גענומען מכין זיין פאר דעם הייליגען שבת מיט גרויס כוונה און מיט גרויס דבקות.

ר' אליעזר ראובן איז געווען הויך געוואקסען און מיט א הדרת פנים. ער האט געהאט א שניי ווייסע באָרד און א ליכטער שמייכעלע האט תמיד געשוועבט אויף זיינע ליפען, צוגעבענדיג איהם גרויס חן. ווען ער האט זיך פרייטאג פארנאכט אנגעטהאן אין זיינע שבת'דיגע מלבושים, אן אויסגעוואַשענער און אן אויסגעקאַמטער, האט ער אויף יעדערען, וואס האט איהם אנגעקוקט, געמאכט א טיפען רושם.

דעם פרייטאג, ערב שבת הגדול, האט ר'אליעזר ראובן, ווי תמיד, אוועקגעלייגט די ארבייט פאר פריה און איז אוועק אין מרחץ אריין, מיטנעהמענדיג מיט זיך זיין איידעמ'ס א ברודערל, דעם נייו יעהריגען ישראל חיים'ן, וועלכער איז אויך געקומען צום שמיד אויף פסח. א לייגגערע צייט איז אוועק און ר' אליעזר ראובן איז נאך ניט געווען צוריק. באלד איז אבער אנגעקומען דאס איינגעל ישראל חיים און האט דערצעהלט, אז בעת זיי זיינען געווען אין מרחץ האט עפעס פאסירט: א געשריי האט זיך צוטראָגען איבער'ן מרחץ, אז דער רב פון שטאָט, וואס איז דאָרט אויך געווען, האט גע'חלש'ט. עס איז געוואָרען א בהלה. דער שמיד און דאס איינגעל האבען זיך שנעל אנגעטהאן און, צוזאמען מיט א גרויסען עולם, זיינען זיי געלאָפען אין בית המדרש זאָגען תהילים. ישראל חיים האט אויך דערצעהלט אז ר' אליעזר ראובן איז מיט נאך אידען אוועק אויפ'ן בית הקברות, און איהם, דעם איינגעל, געהייסען צוריקגעהן אהיים.

מעהר האט מען פון איינגעל ניט געקענט ארויסקריגען און ברוד מיט איינעם פון דעם שמיד'ס איידעמס זיינען אוועק אין שטעטעל אריין אויסצוגעפינען וואס אזוינס עס האט דאָרט פאסירט. עס איז געווען א געשעהעניש וואס האט אלעמען געהאט אויפגערודערט. ווארום דער רב פון דאבראמיסל איז געווען ניט אבי־ווער. יעדער האט געוואוסט זיין גרויסען יחוס און זיין מערקווירדיגע פארגאנגענהייט.

דער רב פון דאבראמיסל איז געווען ר' זבולון מרדכי, וועלכער האט גע'ירשנ'ט דעם כסא הרבנות פון זיין שווער ר' גבריאל'ן. ער איז געווען שטארק באליעבט ביי דער קהלה און ווען דער אומגליק האט פאסירט יענעם פרייטאג, ערב שבת הגדול, און דער רב איז פלוצלונג פאראליזירט געוואָרען אין מרחץ, איז אין שטעטעל געוואָרען א בהלה.

עס איז געווען נאָהענט צו ליכט־בענשען, און עס איז צוטראָגען געוואָרען די בשורה אז דער רב האט געעפענט די אויגען און אז ער דערקענט שוין די מענשען ארום איהם. אויך זיין לשון האט זיך צוריקגעקעהרט, כאָטש ער האט נאך אלץ גערעדט מיט גרויס שוועריגקייט. ער איז אבער נאך אלץ געווען פאראליזירט אויפ'ן גאנצען גוף. דער רב האט גערופען צו זיך דעם דיין, ר' דוד משה'ן און זיין אייניקעל, ר' שלמה'ן, און האט געבעטען אז ר' שלמה זאל זאָגען די דרשה אין שוהל שבת הגדול און אז דער דיין זאל איהם העלפען

צוגרייטעו די דרשה אין וועלכער מען האט, ווי דער שטיינער איז געווען, גע־דארפט ציינען אמת'ע לומדות.

דער פאראליזירטער רב האט אויך אויסגעדריקט דעם פארלאנג, אז א מנין אידען זאלען גהען אין בית המדרש און בעטען מחילה ביי איינע פון די ספרי תורה, און דאן איהר איינוויקלען אין א טלית און איהר ברייננען, אין באגלייטונג פון דעם מנין אידען, צו איהם אין הויז כדי מען זאל דארט קענען דאוונען בצבור. זיין גאנצען לעבען, האט דער רב דערקלעהרט, האט ער נים פארפעהלט צו דאוונען בצבור. האט ער אויך נים געוואלט פארפעהלען אפילו ווען ער איז געלעגען אין בעט א פאראליזירטער.

דער דיין און זיין אייניקעל האבען דערפילט דעם רב'ס בקשה און זיי האבען אויסגעקליבען די ספר תורה וועלכע איז אין דאבראמיסל געווען באַ־קאנט אלס "דעם רייכען יתום'ס ספר תורה" אדער "ר' אלימלך דעם חסיד'ס ספר תורה". א מערקווירדיגע געשיכטע איז געווען פארבונדען מיט אָט דער ספר תורה.

עס איז געווען אין יאהר ת"ז. אין דאבראמיסל האט זיך באזעצט א איד מיט'ן נאמען ר' ישעיה שלמה. ער איז געווען רייך און האט געבראכט מיט זיך א פרוי און קינד, א איינגעל פיער יאהר אלט. ער האט אויך געהאט מיט זיך זיין קרוב ר' נפתלי, וועלכער האט געדיענט ווי זיין ארויסהעלפער. מען האט גערעדט, אז דער דאזיגער ר' ישעיה שלמה איז געווען פון די פארטרי־בענע אידען פון שפאניען. אנדערע האבען געזאגט, אז ער איז געקומען פון דייטשלאנד און האט געהערט צו די פארטריבענע אידען פון פראנקפורט.

פיער יאהר שפעטער איז ר' ישעיה שלמה נפטר געווארען, און זיין קינד, אלימלך, איז דערצויגען געווארען פון ר' נפתלי'ן. דאס קינד האט באלד פון אנפאנג ארויסגעוויזען גרויסע כשרונות און האט געהאט גרויס חשק צום לערנען. אז ער איז געווארען בר מצוה האט ער זיך פלוצים פארנומען אויף א נייעם דרך: ער האט אנטזאגט צו ריידען דברי חול און האט זיך בכלל גע־האלטען אפגעזונדערט פון מענשען. אלע רייד פון זיין קרוב און דערציהער, ר' נפתלי'ן, ווי אויך די רייד פון זיינע מלמדים, האבען נים געהאלפען

ווען ער איז אונטערגעוואקסען האט ער זיך משדך געווען מיט אן ארימע יתומה, ווארים מיט קיין אנדערע האט ער נים געוואלט חתונה האבען. פינף יאהר איז ער געווען פארהייראט. זיין פרוי האט איהם געבוירען צוויי קינדער, א איינגעל און א מיידעל. פלוצים האט ער געלאזט וויסען זיין ווייב אז ער וויל אז זי זאל פון איהם נעהמען גט. ער האט דערקלעהרט, אז ער וויל דורכאויס זיין פריי און נים האבען אויף זיך די התחייבות'ן וואס די תורה לייגט ארויף אויף פאמיליען־מענשען. ער האט זיי פרוי אפגעגעבען א גרויסען טייל פון זיין פארמעגען און האט זיך אויך מתחייב געווען אויסצוהאלטען די קינדער.

ר' נפתלי איז דאן אוועק פון דאבראמיסל און ר' אלימלך האט ערשט איצט אנגעהויבען ציינען, אז ער וויל בכלל נים הנאה האבען פון זיין געלט. ער האט זיין הויז אפגעגעבען פאר אן הכנסת אורחים און אליין האט ער זיך ארייננעקליבען ביי דעם שוסטער ר' תנחום'ן, וועלכער האט געוואוינט ביים בית המדרש. ר' אלימלך האט דעם גאנצען טאג און דעם גרעסטען טייל

פון דער נאכט פארבראכט אין בית המדרש. יעדע נאכט, ווען אלע האבן פארלאזט דעם בית המדרש, פלעגט ער נעהמען א בעזים און אויסקעהרען די פאדלאגע. אזוי האט ער זיך נוהג געווען נאכט איין און נאכט אוים. זיין איינציגע שפייז איז געווען ברויט מיט וואסער יעדען טאג פון דער וואך א חוץ שבת.

אין יאהר ת"ם איז ר' גבריאל געווארען רב פון שטאט. פון איהם האט זיך ר' אלימלך דערוואוסט אז אין פאלאצק געפינט זיך א סופר, א גרויסער ירא שמים און א מקובל. איז ר' אלימלך אוועק קיין פאלאצק און איז געקומען צום סופר, ר' שמעיה זרחי' א ברודער פון דעם מקובל ר' בצלאל אורי און דער זיידע פון דעם צדיק ר' ישראל, א תלמיד פון דעם מעזריטשער מגיד. ר' אלימלך איז באשטאנען אז ר' שמעיה זרחי' זאל פאר איהם שרייבען א ספר תורה. האט עס ר' שמעיה זרחי'ן גענומען פיער יאהר ביז ער איז פארטיג געווארען מיט שרייבען די ספר תורה. ר' אלימלך איז די גאנצע צייט פארבליבען ביי איהם. דאן האט ר' פתחיה, דער בעל מגיה, איבערגעקוקט די ספר תורה און אז ער איז פארטיג געווארען, האט ר' אלימלך זיך מיט דער ספר תורה צוריקגעקעהרט קיין דאבראמיסל און האט זי איבערגעגעבען צום רב, וועלכער האט זי אריינגעגעבען אין בית המדרש.

ווען ר' אלימלך'ס קינדער זיינען אונטערגעוואקסען האט ער זיי משדך געווען מיט חשוב'ע משפחות און האט זיי אפגעגעבען באדייטענדע סומען געלט פון זיין פארמעגען. ער אליין האט זיך ווייטער געפיהרט אין דעם זעלבען דרך, ניט ריידענדיג מיט קיין מענשען קיין דברי חול און ניט עסענדיג אין דער וואכען עפעס אנדערש ווי ברויט מיט וואסער. אין תצ"ח איז ר' אלימלך נפטר געווארען אין עלטער פון ניין-און-זיבעציג יאהר און זיין ספר תורה איז פארבליבען די ירושה פון שטאט טראגענדיג דעם נאמען פון "דעם רייכען יתום'ס ספר תורה".

די דאזיגע ספר תורה איז איצט געבראכט געווארען אינ'ם הויז פון דעם רב ר' זבולון מרדכי. ברוך האט זיך ערשט דאמאלס, טאקע ביים שמיד איז הויז, דערוואוסט די מערקווירדיגע און טראגישע געשיכטע פון דעם דאבראמיסלער רב'ס משפחה.

ר' זבולון מרדכי האט געשטאמט פון דעם רמ"א — ר' משה איסערליש. די משפחה, מיט דעם גאון ר' זכריה ירוחם בראש, וועלכער האט אליין געלערנט ביים רמ"א, האט זיך שפעטער, נאך א סך גלגולים, באזעצט אין א דארף ביי נעמעראוו וואו אלע האבען זיך אפגעגעבען מיט ערד-ארבייט און געלעבט אויף בשותפות'דיגע יסודות, האבענדיג איין קאסע פאר אלעמען. זיי האבען אלע געלעבט אין אמת'ער ברודערשאפט. מען האט זיי דערפאר א נאמען געגעבען "די טייבעלאך"

פאר דריי דורות האבען "די טייבעלאך" געפיהרט זייער לעבען אויף אט די דאזיגע יסודות — א מערקווירדיגער ביישפיעל פון אידישען צוזאמענלעבען — ביז די משפחה, וואס איז שוין דאמאלס געווען פארמעהרט און געצעהלט פון זיבעציג ביז אכציג נפשות, האט זיך באזעצט אין נעמעראוו. דארט האבען די "טייבעלאך" ווייטער אנגעהאלטען זייער בשותפות'דיגען לעבען. די עלטערע, וועלכע האבען זיך שוין געהאט געגוג אנגעארבייט, האבען

זיך אפגעגעבען מיט תורה ועבודה, בעת די איינגערע האבען זיך אפגעגעבען מיט ארבייט און אויף דעם אופן זיך אויסגעהאלטען איינע די אנדערע.

אין יאהר ת"ח זיינען פארגעקומען די גרויסע, שוידערליכע שחיטות יאויף אידען, אנגעפיהרט פון דעם בלוט-דורשטיגען צורר היהודים באגדאן כמעלניצקי. נעמעראוו איז דאן געווארען איינע פון די מורא'דיגסטע שחיטה-שטעט. מאסען אידען זיינען דארט פון די אוקראינישע מערדער אויסגעשאכ-טען געווארען. די גאנצע משפחה פון "די טייבעלאך" איז אויסגעקוילעט געווארען. בלויז אן איין-איינציגער פון דער משפחה האט זיך געראטעוועט. דאס איז געווען דער עלף יאהריגען איינגעל זכריה ירוחם, אז איינ'קעל פון דעם זכריה ירוחם, וואס האט האט זיך צוערשט באזעצט מיט זיין משפחה ביי נעמעראוו.

ווי דורך א נס איז דער דאזיגער זכריה ירוחם געראטעוועט געווארען פון דער בלוט-באד. ער איז אנטלאפען פון נעמעראוו און איז נאך וואכען פון וואנדערען און אויסבאהאלטען זיך פון די מערדערישע באנדעס, אנגעקומען קיין בריסק. דאס איינגעל איז געווען דערשלאגען און דערשעפט. ער איז אליין געווען מיט וואונדען אויפ'ן לייב. ער איז געווען פארהונגערט, מיט צעריסענע קליידער און שיך, אין טויט-שרעק פאר יעדען שארך און יעדען קלאנג. ער האט קוים געקענט אווארט אויסריידען — א טראגישער איבערבלייב פון א גאנצער משפחה וואס איז אומגעקומען אויף קדוש השם.

אלץ וואס מען האט געקענט פון איהם ארויסקריגען איז געווען, אז ער קומט פון נעמעראוו און אז ער איז דער איינציגער וואס האט זיך געראַ-טעוועט פון דער שוידערליכער שחיטה. דאס איינגעל איז אריינגענומען געווא-רען אין איינע פון די בעל-הבית'ישע הייזער אין בריסק און האט זיך, אין משך פון א פאר וואכען צייט, עטוואס דערהאלט. גוטע מענשען האבען איהם אנגעהויבען מקרב צו זיין און איהם צו בארוהיגען, ביז ער איז געווען גענוג געשטארקט, אז ער האט אליין געקענט דאוונען פאר'ן עמוד, אין א טלית אבער אהן תפילין. יעדען פריהמארגען נאכ'ן דאוונען פלעגט זכריה ירוחם זאגען פאר א מנין קאפיטלעך תהילים און דאן זאגען קדיש. ער האט אויך מיט א מנין געלערנט יעדען טאג משניות. נאך מנחה האט ער געזאגט פאר'ן עולם מדרש. נאך מעריב האט ער געזאגט א בלאט גמרא. דאס איינגעל האט אויך זיך באטייליגט אין פראוועון חצות. אזוי האט ער פיעל מאל דורכ'ן טאג געזאגט קדיש נאך די קרבנות פון דער שחיטה אין נעמעראוו.

## מ.

### גוים פארהייליגען אידישען צדיק

ווי ער האט משפיע געווען אויף די גוים און זיי געפיהרט אויפ'ן דרך הישר. — אפקלאנגען פון דער שחיטה אין נעמירוב. — אין אמאליגער ווילנע.

זכריה ירוחם, איז געווען באשאנקען מיט גרויסע כשרונות. אנקומענ-דיג קיין בריסק אלס עלף יאהריגער איינגעל, איז ער שוין געווען קלאר אויף אויסווייניג עטליכע מסכתות. ער איז דערצו געווען א גרויסער חריף און איז געווען באשאנקען מיט אן אויסערגעוויינליכען זכרון. ער האט גע-

דארפט נאך ארייננקוקען אין א ספר איין מאל און ער האט געקענט אלץ איבער־זאגען אויף אויסווייניג. מען האט איהם דערפאר גערופען דער נעמיראווער עילוי. דער בריסקער רב, דער גאון ר' משה יעקב, האט איהם גענומען צו זיך און האט איהם געזעצט לערנען צוזאמען מיט זיין זוהן דער עילוי צבי הירש וועלכער איז געווען מיט צוויי יאהר עלטער פון איהם.

דער נעמיראווער יתום איז געווען שעהן אין אויסזעהן, אבער צוליעב די טראגישע איבערלעבונגען זיינע, האט זיך א טיפער טרויער געלייגט אויף זיין פנים און האט איהם געגעבען דעם אויסזעהן פון א זקן. אינטערעסאנט איז געווען די חלוקי דעות וואס עס איז אנשטאנען צווישען די לומדים אין בריסק איבער זכריה ירוחם'ען. אזוי ווי אט דער יתום האט גדאוועגט פאר'ן עמוד, איז אויפגעשוואומען די פראגע צי ער, וואס איז נאך ניט געווען בר מצוה, קען מוציא זיין דעם עולם. עס זיינען געווען אזעלכע וואס האבען געהאלטען אז ניט. די גאונים פון בריסק האבען אבער גע'פסקנ'ט אז אין זיין פאל האט זכריה ירוחם געמעגט אנטאן טלית און תפילין און איבער זיי מא־כען די גויטיגע ברכות.

זעקס יאהר ציים האט זכריה ירוחם געלערנט מיט גרוים התמדה. צו זיין זיבעצעהנטען יאהר האט ער נעקראגען סמיכה פון די בריסקער גאונים. דער בריסקער רב ר' משה יעקב איז נפטר געווארען און זיין זוהן ר' צבי הירש איז געווארען זיין ממלא מקום. זכריה ירוחם איז דערוויל אוועק קיין הוראדנע וואו עס האט זיך געפונען א גרויסע ישיבה מיט דעם גאון ר' רפאל דוד, אן אייניקעל פון דעם גאון ר' דוד זילצבורג — א תלמיד פון דעם גאון ר' יוסף כץ דער רב פון קראקא און א תלמיד פון דעם מהרש"ל'ס א תלמיד — אלם ראש.

צוויי יאהר האט ר' זכריה ירוחם געלערנט אין דער דאזיגער ישיבה ביי ר' רפאל דוד'ן. דארט האט זיך דער נעמיראווער עילוי באקאנט מיט דעם רב פון שטאט, דער גאון ר' בנימין וואלף און האט זיך באפריינדעט מיט זיין זוהן יהודה. אין משך פון זיין אויפהאלט אין הוראדנא האט ר' זכריה ירוחם באזוכט עטליכע מאל דעם גאון ר' נפתלי הירץ גינזבורג אין פינסק. דער ראש הישיבה האט איהם באקרוינט מיט דעם טיטול "מורה מורינו" און האט איהם געוואלט חתונה מאכען מיט זיין אייניקעל, די טאכטער פון זיין בן יחיד, ר' אברהם שלמה, אבער ר' זכריה ירוחם האט באשלאסען צו געהן אפריכטען גלות.

זייענדיג אין דער ישיבה האט ר' זכריה ירוחם געהערט וועגען דער גדלות פון דעם סלוצקער מגיד ר' בצלאל און אויך וועגען דעם גרויסען סלוצקער גאון ר' אהרן משה, וועלכער איז שוין דאמאלס געווען הונדערט און צעהן יאהר אלט און האט פאר א משך פון אכציג יאהר געלערנט אין התבודדות. ר' זכריה ירוחם האט געוואלט לערנען ביי אט די צוויי גאונים.

דער אלטער גאון האט ר' זכריה נחום'ן שטארק מקרב געווען, דער הויפט ווען ער האט געהערט, אז ער שטאמט פון דער באריהמטער נעמיראווער פא־מיליע "די טייבעלאך". ר' אהרן משה איז אויך געווען פארוואנדט צו דעם רמ"א פון וועמען ר' זכריה ירוחם'ס פאמיליע האט אפגעשטאמט. פון סלוצק

האט ר' זכריה ירוחם געוואנדערט איבער אנדערע שטעט און שטעטלאך, אומעטום וואו ער איז געקומען האט ער שטענדיג געפונען אימיצען פון וועמען עפעס צו לערנען. אין קרעמעניץ, וואו עס האט זיך געפונען די ישיבה אהל יצחק אויפ'ן נאמען פון איהר גרינדער ר' יצחק הכהן, א תלמיד פון מהרש"ל, האט ער זיך צוגעהערט צו די שיעורים פון דעם גאון ר' יחזקאל מאיר. דארט האט ער אויך געהאט געפונען א גרויסען אוצר פון ספרים אין דער ישיבה און האט פארבראכט וואכען ביי די דאזיגע ספרים.

ר' זכריה ירוחם האט זיך איצט געהאט פארנומען קיין נעמיראוו פון וואנען ער איז מיט צעהן יאהר צוריק אנטלאפען נאכדעם ווי זיין גאנצע משפחה איז אויסגעשאכטען געווארען פון כמעלניצקי'ס באנדעס. וואס נעהענטער ער איז געקומען צו נעמיראוו אלץ מעהר האט ער זיך דערוואוסט וועגען די מורא'דיגע פאסירונגען אין יענער שחיטה־שטאט פון וואנען ער האט זיך געראטעוועט אלס קינד. ווען ער איז אנגעקומען אין נעמיראוו האט ער די שטאט נאך אלץ געפונען אין חורבות. ער האט איצט אויסגעפונען מעהר פרטים וועגען זיין משפחה וואס איז אויסגעקוילעט געווארען.

פון נעמיראוו איז ער אוועק אין דעם דארף וואו עס האט זיך געהאט געפונען די קאלאניע פון די „טייבעלאך". אין דארף האט זיך געפונען נאר איין אידישע פאמיליע — די פאמיליע פון ר' מענדעל דעם מילנער, א זקן. ר' מענדעל איז געווען איינער פון דריי אידען וועמען די גוים האבען געראטעוועט אין די טעג פון די שחיטות. די אנדערע צוויי אידען זיינען שוין לאנג געווען אוועק פון דארף.

ר' מענדעל דער מילנער האט ר' זכריה נחום'ען געוויזען די הייזער וואו עס האבען געוואוינט די קאלאניסטען, באזונדער דאס הויז פון דעם "הייליגען זקן", ווי די פויערים פון דארף האבען גערופען דעם גרינדער פון דער קאלאניע, ר' זכריה ירוחם, נאך וועמען דער נעמיראווער עילוי איז געווען א נאמען. די הייזער זיינען שוין געווען אלט און זיינען געווען אונטערגעשפארט מיט קלעצער כדי זיי זאלען ניט איינפאלען. אין די אלע הייזער האבען איצט געוואוינט אנדערע מענשען. בלויז דאס הויז אין וועלכער דער "הייליגער זקן" האט געוואוינט, איז געשטאנען ליידיג. דאס הויז איז געווען אויסגעקלעפט מיט ליים און אויסגעקאלכט פון דרויסען. ארום הויז איז געווען א גרויסער גארטען.

די גוים פון דארף האבען נאך אלץ גערעדט מיט גרויס יראת הכבוד פון דעם "הייליגען זקן". זיי האבען געזאגט, אז זינט דער זקן איז געווען אין דארף האט דארט קיין פרוי און להבדיל קיין בהמה ניט מפיל געווען. ווען דער זקן איז געווען אין דארף און אימיצער פלעגט קראנק ווערען און דאס גלייכען אויב אימיצענס א בהמה איז קראנק געווארען, פלעגט מען קומען צום זקן. ער האט דעם קראנקען מענש אדער דער קראנקער בהמה געגעבען וואסער צום טרינקען אדער א שטיקעל ברויט צו עסען און האט אנגעזאגט זיך צו פארלאזען אויפ'ן רבונו של עולם און צו זיין עהרליך און סיי מענש און סיי בהמה זיינען דאן צוריק געזונט געווארען.

אין משך פון די פיער יאהר וואס ער איז דארט געווען איז אין דארף

קיין גנבה ניט פארגעקומען. פון אנפאנג איז אבער ניט געווען אזוי. די גוים האבען זיך ניט געקענט צוריקהאלטען פון גנבה. האט פאסירט אז מען האט ביי א אידען פון שטאל ארויסגע'גנב'עט א שעפס און א קאלב און פון א גוי'שען שטאל זיינען גע'גנב'עט געווארען א קוה און א פערד. אין דארף האבען זיך געפונען צוויי ברידער אויף וועמען עס איז געפאלען דער חשד, אז זיי זיינען באגאנגען די גנבה. זיי האבען געהאט צוויי אנדערע ברידער וועלכע האבען געוואוינט אין א צווייטען דארף. זיינען די ברידער גענומען געווארען צו אן אויספארשונג, אבער זיי האבען געלייקענט שטיין און ביין. קיין באוויזן זענען זיי איז ניט געווען. האט מען זיי אפגעלאזט.

עס איז ניט אוועק קיין חודש און איינער פון די ברידער איז פלוצים געשטארבען. א צווייטער חודש איז אוועק און איינער פון די ברידער פון דעם צווייטען דארף איז געגאנגען אין וואלד האקען האלץ און א בוים איז אויף איהם געפאלען און צובראכען זיין נאקען. א דריטער ברודער איז אין משך פון ווינטער געגאנגען איבער א פארפרארענעם טייך. האט זיך דאס אייז איינגעבראכען אונטער זיינע פיס און ער איז דערטרונקען געווארען.

די גוים האבען עס אנגענומען פאר א באוויז אז די דריי זיינען געווען שולדיג אין די גנבות און זיינען דערפאר באשטראפט געווארען. זיי האבען ניט געפאלגט וואס דער "הייליגער זקן" האט זיי אנגעזאגט און זיי האבען דערפאר פארלארען זייערע לעבענס אין משך פון יאהר. דער פערטער ברודער, ווידער, האט דאן געשוואוירען, אז ער האט ניט געהאט צו טהאן מיט די גנבות. ער האט אבער פון די גנבות געוואוסט. איז ער קראנק געווארען. איז ער דאן געקומען צום "הייליגען זקן" איהם בעטען, אז ער זאל אויסווירקען אז ער זאל בלייבען לעבען.

האט איהם דער זקן פארזיכערט, אז אויב עס איז טאקע אמת וואס ער האט געזאגט, אז ער האט קיין חלק ניט געהאט אין די גנבות, וועט ער ניט שטארבען אין משך פון יאהר ווי זיינע ברידער. אבער דערפאר וואס ער האט ניט אויסגעזאגט אויף זיינע ברידער, וויסענדיג אז זיי זיינען באגאנגען די גנבה, וועט ער מוזען בלייבען א חולה זיין גאנצען לעבען. דער זקן האט איהם גע'עצה'ט, אז ער זאל זיך אויסלייזען דורך דעם וואס ער זאל באצאהלען פאר די גנבות וואס זיינע ברידער זיינען'באגאנגען. דער גוי האט עס ניט געוואלט טאהן און ער איז צוויי יאהר צייט געווען קראנק.

אויפ'ן דריטען יאהר האט ער אויסגעפאלגט די עצה פון דעם זקן און ער איז געזונט געווארען. פון דאמאלס אן איז דעם אלטען ר' זכריה ירוחם'ס נאמען געווארען מפורסם צווישען די גוים און ער האט באקומען דעם נאמען "דער הייליגער זקן".

ווען ר' זכריה ירוחם און זיין משפחה האט זיך איבערגעקליבען קיין נעמיראוו האבען די גוים און להבדיל די אידען פון דארף אפגעקויפט זיין הויז און דעם גארטען ארום הויז. דאס הויז איז געבליבען ליידיג. ווען איז דארף איז פארגעקומען א חתונה האט מען דאס פארעל אריינגענומען אין הויז וואס מען האט געהאלטען פאר א סגולה. דעם גארטען האבען די דארפס-

לייט באארבייט לויט א גורל און דאס וואס מען האט פון גארטען ארונטער־גענומען האט מען פארטיילט צווישען די אָרימע, אידען ווי ניט־אידען.

אז די תושבים פון דאָרף האבען זיך דערוואוסט, אז דער יונגער ר' זכריה ירוחם איז אן אייניקעל פון דעם "היילינען זקן", האבען זיי איהם אפּגעגעבען גרויס כבוד און אָנגעבאָטען א הויז און א גאָרטען אויב ער וועט זיך דאָרט באזעצען. ר' זכריה ירוחם האט אָבער ניט געדאכט פון דעם. ער האט זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אריין.

ער האט זיך אפּגעשטעלט אין לודמיר, וואו ער האט פארבראכט אין תורה שמועסען מיט דעם דאָרטיגען רב, דער באוואוסטער גאון, ר' שלמה נפתלי, און זיין זוהן דער עילוי, ר' נחמן. פון דאָרט איז ער אוועק קיין לוצק.

אין לוצק האט זיך צו יענער צייט געפונען דער גאון ר' פסח כ"ץ, וועל־כער האט גע'שם'ט פאר א בעל מופת. זיין זוהן, ר' משה כהן, איז געווען דער מרא דאתרא. זייענדיג אין לוצק האט ר' זכריה ירוחם זיך באקענט מיט א וואנדערער אין וועמען ער האט דערקענט א פארבארגענעם צדיק און גאון. ר' זכריה ירוחם האט איהם ניט אפּגעלאָזט. כאָטש יענער האט זיך דורכאויס אנטזאגט איהם צו זאָגען ווער ער איז.

צוויי חדשים האט דער יונגער ר' זכריה ירוחם באגלייט דעם נסתר און האט אפילו ניט געוואוסט זיין נאָמען און אויך ניט די שטאָט פון וואנען ער שטאמט. עס איז געווען אויפ'ן דריטען חודש פון זייערע וואנדערונגען — עס איז געווען עטליכע טעג אין ניסן — דער נסתר האט געהאט יאהרצייט. ער האט געדארפט עולה לתורה זיין און האט דעם שמש, וואס האט איהם אויפגע־רופען, אָנגעגעבען זיין נאָמען. האט ר' זכריה ירוחם זיך דאמאָלס צום ערשטען מאָל, דערוואוסט אז ער הייסט ר' נחום טוביה ברב שלמה. מעהר האט ער ניט געקענט דערגעהן.

ביידע האבען זיך פארנומען אין דער ריכטונג פון ווילנע. די גאנצע גע־גענט ארום ווילנע איז דאמאלס געווען חרוב. עס איז געווען אקאָרשט נאָך דער מלחמה צווישען די רוסען און פּאָליאקען. די געגענט איז איינגענומען געווא־רען פון די רוסען מיט דער הילף פון די קאזאקען וועלכע האבען עס אנגע־מאכט דעם חורבן אין די שטעט און שטעטלאך. אלעקסיי איז דאמאלס גע־ווען צאר און ער האט גראד געצייגט א געוויסע מאָס פריינטליכקייט צו די אידען, טאקע דערפאר וואס דורך זייער פלייס און אונטערנעמונגס־גייסט זיי־נען אין משך פון צוויי יאָהר צייט צוריק אויפגעלעבט און צוריקגעבויט גע־וואָרען די פּאָרוויסטע שטעט און שטעטלאך, באזונדער ווילנע, וועלכע האט גאָר שטארק געליטען פון דער מלחמה. דער צאר האט די אידען אפילו געהאט געגעבען ספּעציעלע הנחות.

אָבער בעת ווילנע און די אנדערע שטעט און שטעטלאך ארום האבען גע־האלטען אין אויפלעבען, זיינען די דערפער געווען וויסט, באזונדער די פּריצי־שע גיטער. די פּריצים זיינען זיך געווען צולאָפען און די פּויערים זיינען אויס־געשלאכטעט געוואָרען אין קריג אָדער זיינען גענומען געוואָרען אין געפאנ־גענשאפט.

זעהענדיג פאר זיך א סכנה, האבען אידען, פון דער רעגירונג, אפּגעדונ־גען שטיקער ערד און האבען זיי אָנגעהויבען באארבייטען. די רעגירונג האט

די אידען באזארגט מיט זריעה און דערפאר פון זיי גענומען א באשטימטע פראצענט פון דעם וואס זיי האבען ארונטערגענומען פון די פעלדער.

ארום ווילנע זיינען אויך געווען א סך סעדער, וואס די פוילישע פריצים האבען געהאט געפלאנצט מיט דער הילף פון שטודירטע אגראנאמען און באַטאניקער. די אידען האבען די דאזיגע סעדער אפגעדונגען פון דער רעגירונג און זיך מיט איהר געטיילט די פרוכט.

אויף דעם אופן האט די געגענט אנגעהויבען אטעמען מיט א נייע לעבען. אידען האבען געדונגען די פרויען און קינדער פון די פויערים וואס זיינען געפאלען אין קריג צו העלפען באארבייטען די פעלדער און ארונטערנעהמען די פרוכט אין די סעדער. אויף עהנליכע באדינגונגען האבען אידען אויך געדונגען פון דער רוסישער ממשלה ברוויזען און מיהלען און עהנליכע איינריכטונגען וואס האבען געהאט געהערט צו די פריצים.

האבען אבער די רבנים פון ווילנע מיט אמאל איינגעזעהן, אז דורך דעם קען ארויסקומען א גרויסע רעה אידען. די פריצים וועלען זאגען, אז די אידען האבען "פארכאפט" זייער אייגענטום, און אז זיי האבען זיך געשטעלט אין דינסט פון די רוסען וואס האבען באזיגט די פאליאקען. האבען די רבנים איינגערופען אן אסיפה און אנגענומען א החלטה, אז די אידען וואס דינגען אפ ערד, סעדער, ברוויזען און מיהלען, זאלען אויך פאר די פריצישע איינענטימער אפגעבען א באשטימטען פראצענט. היות ווי די פריצישע אייגענטימער זיינען ניט געווען אויפ'ן ארט אפצונעהמען זייער חלק, האבען די אידען געזאלט די תבואה און די פירות, וואס עס האט זיי געקומט, פארקויפען לויט א באשטימטען מקח און דאס געלט אוועקלייגען פאר די פריצים. דאס אלץ האט געזאלט געטהאן ווערען פאר עדות כדי עס זאל שפעטער ניט קענען געזאגט ווערען, אז די פריצים זיינען באשווינדעלט געווארען.

דאס איז געווען א וויכטיגער שריט צו שוינען דעם אידישען נאמען און צו פארמיידען מעגליכע בלבולים אויף אידען מצד די באזיגטע פאליאקען.

פון דעסטוועגען האט עס אבער ניט פארהיט די אידען פון קיין העצעס און בלבולים מצד געוויסע פוילישע עלעמענטען. יענע האבען פשוט מקנא גע־ווען די אידען פאר דעם וואס זיי האבען געהאט הצלחה און זיי האבען אנגע־הויבען אפטראגען מסירות צו דער רעגירונג און אפילו געשיקט א דעפוטאציע צום צאר אין מאסקווע, פאדערענדיג, אז ער זאל די אידען ארויסטרייבען פון ווילנע און אומגעגנט. זיי האבען אויך געלאזט וויסען די פריצים, וואס האבען נאך אלץ ניט געוואגט צוריקקעהרען אהיים, אז די אידען האבען "צוגע־נומען" זייערע גיטער.

צום גליק האט דער צאר זיך ניט געלאזט אויפרייצען געגען די אידען. אנשטאט דעם האט ער אויפגעפאדערט דעם גובערנאטאר פון ווילנע, אז ער זאל לויבען די אידען פאר זייער פעהיגקייט, און אז ער זאל אויך געבען ספע־ציעלע אנערקענונג צו יענע אידען וואס האבען עס פארדינט. היות ווי די פא־ליאקען האבען געהאט דערקלערט, אז אויב דער צאר וועט ניט נעהמען קיין שריט געגען די אידען, וועלען זיי פון זיי נעמען נקמה, האט דער צאר באפוילען, אז עס זאל גענומען ווערען די געהעריגע שריט די אידען צו באשיצען.

אויך די פריצים אין גלות האבען זיך ניט געלאזט אויפהעצען געגען די

אידען. זיי האבען, פארקערט, געלאזט וויסען, אז די אידען האבען באוויזען זייער עהרליכקייט מיט דעם וואס זיי צאהלען זיי פריוווילינ פראצענטען פון זייערע גיטער. אייניגע פון זיי האבען געשיקט לויב־בריעף צו די אידען פאר דעם וואס זיי האבען געטהאן ביז דאן או זיי געבעטען אנגעהן מיט זייער אר־ בייט להבא.

ווען ר' זכריה ירוחם און דער נסתר ר' נחום טוביה זיינען אנגעקומען אין ווילנע איז דער מאטעריעלער מצב פון די אידען דארט געווען א גאנץ גוטער. דערפאר איז אבער זייער גייסטיגער מצב ניט געווען קיין גוטער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס אייניגע פון די באוואוסטע תלמידי חכמים, וואס זיינען געווען אנטלאפען פון ווילנע, ווען די קאזאקען זיינען דארט אריין, האָ־ בען זיך שוין געהאט צוריקגעקעהרט. די שחיטה וואס די קאזאקען האבען געהאט דורכגעפיהרט אין יאהר תט"ו, אויס'הרג'ענענדיג פינף און צוואנציג טויזענד נפשות אין ווילנע און אומגעגענט, איז נאך ניט געווען פארגעסען.

די פיער באריהמטע ווילנער גאונים פון יענער צייט, ר' משה רבקש, דער "באר הגולה"; ר' אפרים, דער "שער אפרים"; ר' שבתי כהן, דער ש"ך; ר' אהרן שמואל קוידענאווער און אנדערע, האבען אין משך פון דער צייט געהאט געפונען א מקום מנוחה אין אנדערע קהלות. די ווילנער קהלה האט זיך געהאלטען אין משתדל זיין אז זיי זאלען צוריקקומען.

פאר ר' זכריה ירוחם'ן און דעם נסתר, ר' נחום טוביה'ן, זיינען די אלע זאכען געווען ניי און זיי האבען א סך געהערט און געלערנט אין זייער אויפ־ האלט אין ווילנע. זיי האבען אין ווילנע פארבראכט פיער חדשים צייט, פאר־ שלינגענדיג די חדושי תורה פון די לומדים וואס זיינען געווען אין שטאט און, דורך אנדערע, פון די וואס זיינען אין שטאט ניט געווען. אזוי, צום ביישפיעל, האבען די צוויי וואנדערער מיט גרוים אינטערעס פארשלונגען די הגהות פון ר' משה רבקש אויף מסכת "זבחים" און מסכת "מנחות". די דאזיגע הגהות האבען פשוט געעפענט זייערע אויגען.

וועגען ש"ך האבען זיי אין ווילנע געהערט צוויי מעשה'לעך וואס האבען אויף זיי געמאכט א גרויסען רושם. איינע איז, אז דער ש"ך פלעגט זיך אזוי פארטיפען אין לערנען, אז ער פלעגט פשוט ניט וויסען און ניט פיהלען וואס ארום איהם טהוט זיך. איינמאל איז ער ארויף אויפ'ן דאך לערנען, ווייל ער האט געוואלט האבען התבודדות. האט ער אנגעהויבען שפאצירען הין און צוריק און פארגעסענדיג אז ער איז אויף א דאך, האט ער שפאצירט פון איין דאך אויפ'ן צווייטען, אריבערשפרייזענדיג דעם חלל וואס האט די הייזער פא־ נאנדערגעטיילט, ווי עס וואלט גארניט געווען.

מענשען האבען זיך געהאט פארקליבען אונטען אין גאס און זיך צוגע־ קוקט צו דעם וואונדער, שרעקענדיג זיך, טאמער וועט חלילה עפעס געשעהן מיט'ן גאון, אבער דער ש"ך האט אפילו ניט געוואוסט פון דעם.

די צווייטע מעשה'לע איז, אז איינמאל איז דעם ש"ך'ס זוהן, ר' משה, קראנק געווארען און דער פאטער האט זיך איבער דעם שטארק מצער געווען. ער האט געהאלטען אין מתפלל זיין פאר זיין זוהן'ס רפואה שלימה. ר' משה איז אבער געווארען ערגער פון טאג און האט שוין געהאלטען ביי יציאת נשמה.

אז דער ש"ד האט עס דערזעהן האט ער אנגעהויבען בעטען תחנונים, דער־קלערענדיג אז ער ניט אוועק פאר זיין זוהן'ס געזונט די חדושי תורה זיינע פון יענעם טאג. פון יענעם מאמענט האט ר' משה זיך אנגעהויבען בעסערען.

## מא.

## שתדלנים און בעלי צדקה

טיפען פון דער אמאליגער ווילנע. — אידישקייט אין שטאט און אידישקייט אין דארף. — דער אידישער גוף און די אידישע נשמה. — דער "רייכער קבצן".

ר' זכריה ירוחם און נחום טוביה האבען אין ווילנע א סך געלערנט. זיי האבען דארט אין די בתי מדרשים געפונען גאנצע אוצרות פון ספרים, און געדרוקטע כתבי יד, וואס זיי האבען נאך פריהער קיין מאל ניט געהאט געזעהן. זיי האבען זיך דארט אויך באקאנט מיט מערקווירדיגע אידישע פערזענליכקייטען וועלכע האבען גע'שם'ט אין ווילנע, די ירושלים דליטע.

ווען זיי זיינען געווען אין ווילנע איז דארט נפטר געווארען דער גביר און בעל צדקה ר' שלום שכנא שרה'קעס, דער ברודער פון ר' רפאל שלמה'ן, וועלכער איז געווען באקאנט אין ווילנע אונטער'ן נאמען "דער רייכער קבצן". זיי זיינען געווען די זיהן פון ר' אברהם'ן וועמען מען האט גערופען "דער ליעבער אברהם", א זוהן פון ר' שמעון דאקטעראוויטש פון קראקע וועלכער איז געווען צווישען די וואס האבען געבויט די באריהמטע ווילנער שטאט־שוהל אין יאהר שכ"ג. ער האט געהאט א שותף ר' ישראל.

ר' אברהם איז ביי ר' שמעון'ען געווען א בן יחיד. ער איז, נאטירליך, אפגעהיט געווארען ווי דאס שווארצאפעל פון אויג. כאטש מען האט געהאל־טען פאר איהם די בעסטע מלמדים, האט ער אבער קיין גרויסע פעולה אין לערנען ניט געהאט. עס האבען איהם פשוט געפעהלט די נויטיגע כשרונות. ער איז אבער געווען זעהר א גוטהארציגער. ער פלעגט אפט באזוכען די ארימע זאוואולקעס און געסלאך פון ווילנע און דארט פארטיילען נדבות מיט א ברייטער האנט. אז אברהם איז געווארען פופצעהן יאהר אלט, האט זיין פאטער איהם געמאכט פאר דעם ממונה אויף זיין צדקה־געלט און איבערגעלאזט צו איהם אז ער זאל פארטיילען דאס געלט.

ווען אברהם איז געווארען אכצעהן יאהר אלט האט איהם זיין פאטער פאר'שדכנ'ט מיט דער טאכטער פונ'ם גאון ר' ישראל, א זוהן פון דעם גאון ר' שלום שכנא פון לובלין, וועלכער איז געווען דער תלמיד פון דעם בא־וואוסטען ר' יעקב פאלאק פון פראג. שרה האט געהייסען דאס ווייבעל. זי איז געווען זעהר א גאטספארכטיגע און א גוטהארציגע פונקט ווי אברהם אליין. זי האט זיך כסדר אפגעגעבען מיט צדקה־ארבייט און איהר נאמען האט געקלונגען איבער גאנץ ווילנע און געגרייכט אויך אנדערע שטעט.

ווען קעניג זיגמונד אוגוסט האט געמאכט ווילנע פאר זיין רעזידענץ האט ער ארויסגעגעבען א באפעהל צו פארשעהנערען די שטאט מיט פרעכ־טיגע בנינים. האבען די צוויי שותפים, ר' שמעון און ר' ישראל זיך אריינ־געקליבען אין ווילנע און האבען, אין הוספה צו זייערע אנדערע עסקים, זיך

גענומען דאָרט בויען הייזער און קראָמען און זיי אויספּאָרדינגען. זיי האָבען גענומען פון דער רעגירונג דעם פּאָדריאַד צו בויען הייזער און פּאַלאַצען פאר די מיניסטאָרען און אנדערע הויכע מלוכה מענשען. זיי האבען ארונטערגעבראכט פון אויסלאַנד ארכיטעקטען און בויער און געמאכט דערביי א גרויסען פארמעגען. עס איז געווען דאמאלס ווען זיי האבען אויפגעבויט די ווילנער שוהל. אין עטליכע יאָהר ארום האָבען זיך די שותפים צעטיילט לויט די תנאים פון א בית דין פון דריי.

ר' שמעון איז געווען איבער זעכציג יאָהר אלט ווען ער האט זיינע געשעפטען איבערגעגעבען צו זיין זוהן און צוויי איידימס. אליין האט ער זיך אָפּגעגעבען מיט תורה און עבודה. דערפאר וואס ער האט געהאט א צוטריט צו די העכסטע מלוכה פיהרער און אפילו צום מלך אליין, האט די קהלה אויף איהם ארויפגעלייגט דעם גאנצען עול פון שתדלנות. ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אלס דער נשיא פון די אויסערוויילטע פון דעם "ועד ארבע ארצות", די קערפּערשאפט וואס האט דאמאלס פארטראָטען אלע אידישע ענינים. ר' שמעון האט גראד געהאט הצלחה אין זיין כלל ארבייט. ער האט אידען געטהאן גרויסע טובות. צוליעב זיין כלל־ארבייט האט ר' שמעון שפּעטער זיך צוריק איבערגעקליבען קיין קראקע ווען די מלוכה איז דאָרט אריבער.

ר' אברהם, זיין זוהן, האט דערווייל געפיהרט גרויסע געשעפטען. אבער ווי פארנומען ער איז געווען, האט ער דאך געהאט צייט זיך אָפּצוגעבען מיט צדקה־ארבייט וואס איז געווען דער עיקר פון זיין לעבען. ניט נאָר האט ער פארטיילט צדקה, נאָר האט אויך דערהויבען דעם גייסט פון די אָרימע און זיי דערמוטיגט. מען האט אויף איהם געזאָגט אין ווילנע, אז ר' אברהם טיילט ניט נאָר אוים געלט נאָר אויך ליעבע צו די אָרימע און געפאלענע. טאקע דערפאר האט מען איהם גערופען "דער ליעבער אברהם". און ווי גוט און ליעב ר' אברהם איז געווען, איז זיין ווייב שרה געווען צעהן מאָל בעסער און ליעבער. זי האט אריינגעטהאָן איהר גאנצע נשמה אין איהר צדקה־ארבייט און האט דערביי ארויסגעוויזען אזא שפלות פון איהר זייט, וואס האט אלעמען איבערראשט. זי איז צו די אָרימע און דערשלאָגענע געווען ווי א מוטער און א שוועסטער. שרה פלעגט פארברייינגען שעה'ן אין די הייזער פון די אָרימעלייט. די קראנקע און דערשלאָגענע און האט אָפט מיט איהרע אייגענע הענט געטאָן ארבייט פאר די קראנקע און באזונדער פאר אָרימע קימפּעטאָרינס.

ר' אברהם און שרה האבען געהאט צוויי זיהן: שלום שכנא, דער בכור און רפאל שלמה. ווען שלום שכנא איז געוואָרען פערצעהן יאָהר אלט, האט איהם זיין מוטער גענומען מיט זיך צו די אָרימע און קראנקע כדי ער זאָל וויסען ווי ביטער עס איז דאָס לעבען פון אידישען המון. גאנץ אָפט, אז זיי האבען זיך געפונען אין אן אָרים הויז, האט זי איהר זוהן געהייסען זיך בייטען קליידער מיט איינעם פון די קינדער. זי פלעגט איהם דערביי זאָגען, אז כאטש דאָס אינגעל איז אָרים, איז ער אָבער א גרעסערער למדן פון איהם, און פלעגט דערביי שלום שכנא'ן איבערזאָגען וואָס די חז"ל האבען געזאָגט: הזהרו בבני עניים שמהם תצא תורה. דאָס צווייטע קינד, רפאל שלמה, האט שרה אויך דערצויגען אין זעלבינגען גייסט.

זייער הויז איז געווען אין ווילנע א בית ועד לחכמים און אויך א שוצ־

פלאץ פאר ארימע לייט. שרה האט געהאט אויפגעבויט א באזונדער הויז פאר א הכנסת אורחים. תלמידי חכמים האבען שטענדיג געפונען א פלאץ אין זייער הויז. ניט קוקענדיג אויף זייערע גרויסע עשירות האבען זיי זיך געקליידט באשיידען און קיין מאל ניט געצייגט, אז זיי האלטען זיך העכער פון ווער ניט איז.

דורך זיין פאטער, איז אויך ר' אברהם געווארען באקאנט מיט די מלוכה־פיהרער און מיט די אדעליגע, וועלכע פלעגען קומען צו איהם מיט אלערליי מסחר ענינים. ר' אברהם איז דערפאר אויך געווען ביכולת צו טהאן טובות אידען. דורך איהם האבען א סך אידען געקראגען א צוטריט צו די פריצישע הויפען און האבען געטהאן מיט זיי מסחר, אדער זיך געדונגען קרעטשמעס. מיהלען און אויך טייכען און אזארעס צו פאנגען פיש, און אפילו גענומען פאסעסיעס אדער גלאט שטיקער ערד, גערטנער און סעדער אויף ארענדע. דורך ר' אברהם'ס פארמיטלונג האבען הונדערטער און טויזענדער אידען זיך איבערגעקליבען פון די גרויסע שטעט, וואו עס איז געווען ענג און וואו עס איז געווען שווער צו געפינען פרנסה, אין די דערפער און ישובים, וואו זיי האבען זיך לייכטער איינגעאָרדענט.

טאקע צוליעב דעם איז דאמאלס ארויסגעוואקסען אן אנדער אידישער פראבלעם — ווי צו באזארגען די אידען אין די דערפער און די ישובים מיט א געהעריגער גייסטיגער סביבה; ווי צו באזארגען זייערע קינדער מיט מלמדים און ווי אכטונג צו געבען, אז די דארפישע אידען זאלען ניט אפגעפרעמדט ווערען פון כלל, אז זיי זאלען האבען געלעגענהייטען צו דאווענען בצבור און בכלל צו זיין א באשטאנד־טייל פון אידישען כלל.

אט די וויכטיגע פראגע איז אויפגענומען געווארען אויף אן אסיפה פון דעם ועד ארבע ארצות, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין קראקע. עס איז אויף דער דאזיגער אסיפה באשלאסען געווארען, אז מען זאל אין יעדער שטאט באשטימען א ועד פון מפקחים (אויפזעהער), וואס זאל אכטונג געבען אויף אט די אידישע ישובניקעס, אז זיי זאלען ניט אפגעפרעמדט ווערען פון כלל. ר' שמעון האט געגעבען א גרויסע סומע געלט פאר אט דעם צוועק וואס ער האט געהאלטען פאר גאר א וויכטיגען.

ר' אברהם, האט דערווייל געהאלפען אידען אויף זיין אייגענעם שטייגער. יעדעס מאל וואס א פריץ האט זיך געווענדעט צו איהם פאר אן הלוואה, האט ער געשטעלט א תנאי, אז ער זאל אנשטעלען א אידען פאר אן אויפזעהער פון זיין הויף. דער דאזיגער אידישער אויפזעהער האט זיך שטענדיג אויסגעצייכענט און האט פארוואלטעט דעם הויף אזוי, אז דער פריץ האט געהאט גרויסע ריוחים. דער פריץ איז דאן געווען דאנקבאר פאר דעם וואס ר' אברהם האט איהם רעקאמענדירט א אידען. אויף דעם אופן זיינען אידען באזארגט געווארען מיט פרנסה און די פריצים האבען געקראגען א בעסערע מיינונג פון אידען.

דורך דעם האבען מעהר אידען געקראגען א געלעגענהייט זיך צו באזעצען אין די דערפער און פון איינצעלנע אידען אין די דערפער זיינען אויסגעוואקסען גאנצע קהלות. אזוי אז ניט נאר איז פארבעסערט געווארען דער נשמיות'דיגער מצב פון די אידען נאר אויך דער רוחניות'דיגער.

ווען ר' אברהם'ס זיהן זיינען געווען נאך גאר קליינע קינדער, האט ער זיי אפגעגעבען א סומע געלט צו מאכען א גמילות חסד און פארלייהען קליינע סומען צו ארימע אידישע הענדלער אין מארק. ר' אברהם האט אין גאנצען איבערגעלאזט צו זיינע זיהן, אז זיי זאלען אנפיהרען מיט דער ארבייט פון דעם דאזיגען גמילות חסד. ער האט אויף דעם אופן זיי געוואלט מחנך זיין אין צדקה ענינים און זיי ברייגנען פנים אל פנים מיט דער ווירקליכקייט פון אידי־שען לעבען.

דער גרויסער שתדלן און בעל צדקה ר' שמעון איז נפטר געווארען אין עלטער פון פינף־און־אכציג יאהר. אין זיין צוואה האט ער א פערטעל פון זיין פארמעגען אפגעזאגט אויף צדקה, איבערלאזענדיג צום ועד ארבע ארצות, מיט דער הסכמה פון זיין זוהן ר' אברהם, דאס צו פארטיילען. די איבריגע דריי חלקים האט ער איבערגעלאזט פאר זיין זוהן און זיינע טעכטער. זיין זוהן, וועלכער איז געווען דער בכור, האט געדארפט קריגען צוויי חלקים. ר' אברהם'ס פרוי — די צדקנית שרה, האט אבער פארלאנגט פון איהר מאן אז דעם חלק וואס ער האט געקראגען אלס בכור זאל ער צוטיילען אויף צדקה. דערהויפט פאר תורה: צו בויען בתי מדרשים, שרייבען ספרי תורה, איינ־קויפען ספרים פאר די בתי מדרשים און העלפען ישיבות און תלמוד תורה'ס.

ווען ר' אברהם'ס צוויי זיהן שלום שכנא און רפאל שלמה, זיינען אונ־טערגעוואקסען, האט ער זיי משדך געווען מיט יחוס'דיגע משפחות און זיי, פונקט ווי זייער טאטע־מאמע, האבען זיי זיך, אויך נאך דער חתונה, אפגעגע־בען מיט צדקה און הרבצת התורה. זייערע הייזער זיינען געווען בתי ועד לחכמים. אלע נויטבאדערפטיגע האבען דארט תמיד געקראגען הילף.

ביסלעכוויז האבען די צוויי זיהן איבערגענומען די געשעפטען פון זייער פאטער, בעת ר' אברהם האט זיך אליין מעהר אפגעגעבען מיט תורה און צדקה. אבער אפילו ווען זיי זיינען געווען פארנומען מיט זייערע גרויסע עסקים, הא־בען זיי געפונען גענוג צייט זיך אפצוגעבען מיט צדקה ענינים. אויך זייערע ווייבער זיינען געווען בעלי צדקה. זייער שוויגער, שרה, האט זיי דערמוטיגט און אויך געלערנט ווי צו טהאן צדקה. אויף אזא אופן איז די גאנצע משפחה געווען געווידמעט צו צדקה.

די צוויי ברידער, ר' שלום שכנא און ר' רפאל שלמה, האבען זיך יעדער געהאט זיין אייגענעם דרך ווי צו פארטיילען צדקה. ר' שלום שכנא פלעגט אין די קאלטע ווינטערדיגע נעכט ביי זיך ניט קענען פועלן צו זיצען אין זיין רייכער און באקוועמער היים. ער פלעגט זיך ארויסלאזען איבער די ארימע געסלאך פון ווילנע, מיט א בייטעל געלט אין קעשענע, און פלעגט זיך צוקוקען ווי אזוי די ארימע לייט וואוינען. דא האט אריינגעבלאזען קעלט דורך די אלטע ווענט, דא האט געפעהלט אן אויווען, און דא איז דער דאך געווען צו־בראכען. דא האבען געפעהלט בגדים און דא האט געפעהלט ברויט, דא זיינען געלעגען מענשען קראנק און דא איז אימיצער געווען אהן ארבייט. ר' שלום שכנא האט אומעטום איבערגעלאזט געלט כדי מתקן צו זיין דאס וואס עס האט דארט געפעהלט. ווען דער בייטעל געלט האט ניט געקלעקט צו באזאר־גען אלעמען, האט ער שפעטער פון הויז צוגעשיקט נדבות צו די וואס האבען זיך אין עפעס גענויטיגט.

זיין ברודער, ר' רפאל שלמה, האט זיך גענומען אזא הנהגה: א חוץ וואס ער האט געטיילט געלט אויף צדקה פון זיין אייגענער קעשענע, איז ער גע־גאנגען מיט א פושקע פון הויז צו הויז און האט געבעטען, אז יעדער זאל דארט עפעס אריינווארפען לויט זיין באגעהר און לויט זיין מעגליכקייט. ער פלעגט דערביי זאגען:

— שלאגט זיך ארויס פון קאפ אז דאס קומט צו אייך רפאל שלמה דער גביר. דאס איז ניט מעהר ווי רפאל שלמה דער קבצן. גיט מיר ניט ווי א גביר נאר ווי אן ארימאן. גיט מיר גראשענס, גיט וויפיעל איהר קענט און דער אויבערשטער וועט אייך העלפען.

ר' רפאל שלמה פלעגט דערביי מסביר זיין אז אייגענטליך איז דאך גדול המעשה יותר מן העושה, אז עס איז וויכטיגער צו משפיע זיין, אז אנדערע זאלען געבען ווי אליין צו געבען. ער פלעגט אויך זאגען, אז ביים אויבערשטען איז מעהר אנגעלייגט די פרוטות וואס מען קלייבט צוזאמען צווישען עולם ווי די רובעלס וואס מען גיט אליין. ער האט אויך געזאגט, אז ער האלט אז מען דארף זיך אליין אפגעבען מיט צדקה־ארבייט און ניט באנוגענען זיך נאר מיט געבען. אט צוליעב דעם האט מען ר' רפאל שלמה'ן אין ווילנע גערופען "דער רייכער קבצן".

אויף דעם פארלאנג פון זיין מוטער, האט ר' רפאל שלמה יעדען מאל צוגעלייגט פון זיין קעשענע פונקט אזוי פיעל וויפיעל ער האט צוזאמענגע־קליבען מיט דער פושקע. שפעטער האט זיין מוטער, שרה, אליין אנגעהויבען צוטראגען אן עהנליכע סומע פון איהר קעשענע. דאס געלט האט ר' רפאל שלמה באנוצט פאר א ספעציעלען צוועק — פדיון שבוים. ווארים עס איז דאמאלס געווען א צייט ווען אויף אידען זיינען געמאכט געווארען בלבולים פון די קאטוילישע גלחים. א סך אידען זיינען געווען אונטער קלאגעס און מען האט געדארפט האבען געלט זיי צו פארטיידיגען און זיי צו ראטעווען.

ר' אברהם און די צדקנית שרה זיינען נפטר געווארען אין גאר א הויכען עלטער. זייערע זיהן האבען ווייטער אנגעהאלטען די גרויסע טראדיציע פון דער זעלטענער משפחה. זיי האבען אויך משדך געווען זייערע קינדער מיט באוואוסטע לומדישע פאמיליעס.

אין יאהר תט"ו, ווען ווילנע איז געווארען דער צענטער פון קריג צווישען די רוסען און די פאלאקען, זיינען די צוויי ברידער שוין געווען אויף די עלטערע יאהרען. זייערע מסחרים זיינען געווען פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד און זיינען אנגעפיהרט געווארען פון זייערע זיהן און איניקלאך. אז די קאזאקען האבען זיך געהאלטען אין דערנעהנטערען צו ווילנע האבען די דאזיגע צוויי ברידער באזארגט די אידען מיט ווענענער כדי זיי זאלען קענען באצייטענס אוועק פון שטאט. די ערשטע וואס זיינען געראטעוועט געווארען זיינען געווען די גרויסע לומדים און זייערע פאמיליעס.

די צוויי ברידער האבען דערביי געהאט די הילף פון דעם רוסישען גוט־באזיצער וואלקאוו, וועלכער האט געהאט א גרויסען גוט ביי שווינציאן. דער דאזיגער גוט האט פריהער געהערט צו א פוילישען אדעליגען און איז אריבער צום רוס וואלקאוו דורך דער פארמיטלונג פון די ברידער. ר' שלום שכנא און

ר' רפאל שלמה. די ברידער האבען וואלקאוו'ן. געהאט געליהען געלט אויף לייכטע באדינגונגען. ווי דאס איז שוין געווען די טראדיציע פון זייער משפחה. האבען זיי וואלקאוו'ן צוגערעדט אז ער זאל נעהמען א אידען צו פארוואלטען זיין גוט. דער דאזיגער איד האט וואלקאוו'ן אריינגעבראכט א גרויסען פאר־מעגען און דער גוט־באזיצער האט דערפאר תמיד געפיהלט גרויס דאנקבאר־קייט צו די דאזיגע ווילנער ברידער.

עס איז געווען א דינסטאג, כ"ב תמוז, א טאג איידער די קאזאקען זיינען אריינגעקומען אין ווילנע. וואלקאוו האט געשיקט קיין ווילנע וועגענער צו ברייננען אויף זיין גוט די צוויי ברידער און זייערע פאמיליעס. ר' שלום שכנא און ר' רפאל שלמה האבען זיך ניט געוואלט אפשיידען פון די אנדערע אידען. אבער די גאונים ר' משה רבקה'ס און ר' שבתי כהן האבען זיי אבער געהייסען פאהרען צו וואלקאוו'ן אויפ'ן גוט.

אין מיטען פון חודש אלול זיינען זיי צוריקגעקומען קיין ווילנע. א גרוי־סער טייל פון שטאט איז געווען פארברענט. די שרפה אין ווילנע האט געהאט אנגעהאלטען זיבעצעהן טעג. ווי דורך א נס זיינען די הייזער פון די צוויי ברידער בעלי צדקה, געבליבען גאנץ. ר' שלום שכנא און ר' רפאל שלמה הא־בען זיך די ערשטע גענומען צוריקצובויען די חרוב'ע ווילנע. זיי האבען געגע־בען א גרויסע סומע געלט צו בויען הייזער, באזונדער פאר ארימע לייט.

ר' שלום שכנא איז נפטר געווארען דער ערשטער. צעהנדליגע טויזענדער אידען און ניט־אידען זיינען געקומען צו זיין לויה. ר' רפאל שלמה, "דער רייכער קבצן", איז ווייטער אנגעגאנגען מיט זיין צדקה־ארבייט. אבער ער איז שוין געווען אלט און האט מעהר ניט געקענט געהן מיט דער פושקע איבער די הייזער צו קלייבען נדבות — וואס ער האט אנגעהאלטען טעגליך פאר פערציג יאהר צייט.

ר' רפאל שלמה האט דאן גערופען אן אסיפה פון די גבירים און נכבדים פון ווילנע און האט זיי דערקלעהרט, אז ער איז צו שוואך ווייטער צו געהן מיט דער פושקע. ער האט אנגעבאטען צו פארקויפען "די חזקה" צו געהן מיט דער פושקע. ער האט אבער פארלאנגט א גרויסע סומע געלט פאר דער דאזיגער חזקה — נאטירליך פאר צדקה.

די חזקה האט אפגעקויפט דער ווילנער נגיד ר' ירחמיאל כהן. ער האט אבער אויסגענומען א תנאי, אז ער זאל פון זיין אייגענער קעשענע דארפען צוטראגען נאר א פינפטעל פון דעם וואס ער וועט צוזאמענקלייבען מיט דער פושקע. ר' רפאל שלמה איז ניט געווען צופרידען און איז באשטאנען, אז עס זאל צוגעטראגען ווערען אזא סומע ווי ער האט די גאנצע צייט אליין געגעבען. האבען זיך ביי דער אסיפה געפונען נאך זעקס אידען וואס האבען זיך מתחייב געווען, אז זיי וועלען צווישען זיך צוטראגען די איבעריגע פיער פינפטעל.

פאר דרייצעהן יאהר איז דאן דער נגיד ר' ירחמיאל כהן געגאנגען מיט דער פושקע אויף וועלכער עס איז געווען אנגעשריבען "דער רייכער קבצן" איבער די גאסען פון ווילנע, פון הויז צו הויז און געקליבען גראשענס פאר צדקה. אין אווענט פלעגט ער זיך צוריקקעהרען אהיים, איבערצעהלען דאס געלט וואס ער האט צוזאמענגעקליבען, עס פארשריבען אין א בוך און צוגעגע־בען זיין אייגענעם פינפטעל. סוף וואך פלעגען זיך צוזאמענקומען די אנדערע

זעקס אידען און לויט ווי די חשבונות פלעגען ציינען, האבען זיי צוגעטראגען די איבעריגע פיער פינפטעל.

די פטיהר פון דעם "רייכען קבצן" ר' רפאל שלמה האט נאטירליך געמאכט א גרויסען רושם אין ווילנא און די צוויי אורחים, דער נסתר ר' נחום טוביה און דער יונגער ר' זכריה ירוחם, דער נעמעראוווער עילוי, האבען פשוט ניט געקענט זיך אפוואונדערען פון די גרויסע מעשים פון דעם דאזיגען ר' רפאל שלמה און זיין משפחה. עס איז אויך געווען דאמאלס וואס עס איז געקומען דער דעקרעט, אז מען זאל פארבאטען אידען צו האלטען גוי'שע דינסטען און אמען. דער דאזיגער דעקרעט איז גראד פון די ראשי הקהל אין ווילנא ניט אויפגענומען געווארען ווי קיין גזרה וואס קען אידען טהאן שלעכטס, נאר ווי עפעס פון וואס אידען קענען גאר געווינען.

## מב.

### צעריסענע פאמיליען־לעבענס

**דעם רבי'ס איידים אין דאבראמיסל העלפט פארשטארקען דעם שלום בית אין שטאט. — פארוואס דארט זיינען פארגעקומען א סך גיטין.**

ווען די צוויי וואנדערער זיינען געווען אין ווילנא האט דער נעמעראוווער עילוי, ר' זכריה ירוחם, אנגעהויבען אויסצוגעפינען מעהר פרטים וועגען דעם נסתר ר' נחום טוביה'ן. ער האט צום ערשטען מאל זיך דערוואוסט, אז ער שטאמט פון פאלאצק. ביידע וואנדערער האבען זיך איצט פארנומען פון ווילנא קיין פאלאצק.

ר' נחום טוביה האט זיך נוהג געווען, אז ער האט אין וואכען־טעג קיין־מאל ניט גענגעסען מעהר ווי ברויט מיט וואסער. שבת האט ער גענעסען חלה, אבער קיין זאך מעהר. דאס איינענע האט ער געטהאן ימים טובים. פסח האט ער מקיים געווען די מצוה פון ארבע כוסות און אויך מרור און חרוסת, אבער ניט מעהר. אין זיינע וואנדערונגען האט ער יעדען טאג געפאסט תעניתים. פארנאכט איז ער אריין אין א אידיש הויז און געבעטען א שטיקעל ברויט. דאס ברויט פלעגט ער נעהמען מיט זיך אין בית המדרש, און נאך מעריב האט ער מיט'ן שטיקעל ברויט פארפאסט, פארטרינקענדיג מיט וואסער. דאס זעלבינע פלעגט ער טהאן פרייטאג, ווען ער פלעגט בעטען ערגעץ א חלה און איבער דעם דערנאך מאכען קידוש אין בית המדרש.

אין פאלאצק האט ר' נחום טוביה געהאט א קליינע גרופע לומדים וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט לערנען קבלה. זיי האבען אלע אויך זיך גענומען סגופים און געפאסט תעניתים. די מעהרסטע צייט האבען זיי פארבראכט אין התבודדות. דער נעמעראוווער עילוי האט געהאט גרויס חשק צו ווערען א חבר פון אט דער גרופע מקובלים, אבער מען האט איהם אין דער חברותא ניט אריינגענומען, ווייל די מקובלים האבען געהאט א תקנה, אז מען זאל קיין בחורים ניט אריננעהמען. ערשט דאמאלס ווען ר' זכריה ירוחם איז געווארען דער איידעם פון א חשוב'ען פאלאצקער בעל הבית, האט מען איהם אריינ־גענומען צווישען די מקובלים.

אין יאהר תכ"ג איז ר' זכריה ירוחם געווארען דער פאטער פון זיין בכור

גבריאל. צוויי יאָהר שפּעטער האָט איהם זיין ווייב געבאָרען א צווייטען זוהן, יחזקאל. אין ת"מ, ווען גבריאל איז געוואָרען זיבעצעהן יאָהר אלט, האָט איהם זיין פאָטער משדך געוועזן מיט דער טאָכטער פון דעם דאבראמיסלער רב, דער גאון ר' תנחום שמואל. אין דריי יאָהר ארום האָט ער חתונה געמאכט זיין צווייטען זוהן. גבריאל'ס ערשט קינד איז געוועזן א טאָכטער און דאָס צווייט קינד איז געוועזן א זוהן. ווען דאָס אינגעל איז געוואָרען בר מצוה איז ר' זכריה ירוחם געקומען קיין דאבראמיסל צו דער שמחה. מען האָט איהם דאָרט צונעטיילט גרויס כבוד ווי אזא גאון האָט פאַרדינט. ער איז א קורצע צייט פארבליבען אין דאבראמיסל און דאַן צוריקגעפאָהרען אהיים. דאָס אייניקעל, דער בר מצוה איז דערנאָך קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען.

ר' גבריאל, דעם רב'ס איידעם, האָט פון סאַמע אָנפאַנג זיך באַליעבט גע־מאכט אין דאבראמיסל. דאָס איז געוועזן צוליעב זיין לומדות, צוליעב זיין פרעהליכקייט און צוליעב זיין חכמה. דערפאַר וואָס דער שווער איז שוין גע־ווען אלט און דערצו א חלוש, האָט מען מיט אלע ענינים פון שטאָט זיך גע־ווענדעט צום איידעם. ר' גבריאל האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכענט ווי א רודף שלום אין פאַמיליע סכסוכים. טאַקע צוליעב דעם זיינען אין דאבראמיסל פאַרקלענערט געוואָרען די צאָהל גט'ן און עס האָט זיך פאַרמעהרט די צאָהל חתונות. די קהלה אין דאבראמיסל האָט זינט זיין אָנקומען דאָרט אלס איידעם אָנגעהויבען וואַקסען.

ר' תנחום שמואל איז געוועזן א געבאָרענער אין דאבראמיסל. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר ש"ס. זיין פאָטער האָט געהייסען ר' מלכיאל צבי און איז געוועזן אין דאבראמיסל דער מרא דאתרא. ר' תנחום שמואל איז געוועזן דרייסיג יאָהר אלט ווען זיין פאָטער איז נפטר געוואָרען און איז גע־וואָרען דער ממלא מקומו. ר' תנחום שמואל האָט זיך, א חוץ זיין גאונות, אויסגעצייכענט מיט זיין ענווות און זיינע מידות טובות. ער איז קיינמאל ניט ארויס פון זיינע ד' אמות פון תורה. ער האָט געפאַסט יעדען טאָג פון דער וואָך, א חוץ שבת. ער האָט ניט געגעסען קיין ברויט, נאָר וואַרעמע קאַרטאָ־פעל צוליעב דעם חשש פון ווערים.

פון יענער צייט זיינען אויך געבליבען באַקאַנט צוויי מערקווירדיגע טיפּען פון דאבראמיסל, ר' פייווע דער טענצער און חנא טביה "דער קושער" ר' פייווע האָט באַקומען דעם נאָמען "טענצער", דערפאַר וואָס ווען ער פלעגט זאָגען "אין כאלהינו", פלעגט ער טאַנצען פון גרויס שמחה און התלהבות. ר' חנא טביה האָט זיך נוהג געוועזן צו קושען יעדע פּאָר תפילין און די ציצית פון יעדען טלית וואָס ער האָט נאָר געזעהן אין בית המדרש.ביידע זיינען געוועזן תלמידים פון דעם צדיק און בעל מופת ר' חיים יצחק.

דער דאָזיגער ר' חיים יצחק איז שוין געוועזן ניינציג יאָהר אלט ווען ר' תנחום שמואל איז געוואָרען בר מצוה. זיין פאָטער האָט איהם גענומען צו דעם זקן און יענער האָט איהם געבענשט. ער האָט אויף איהם געזאָגט, אז ער האָט א הויכע נשמה. פאַר זיין פּטירה האָט ר' חיים יצחק געזאָגט אויף ר' תנחום שמואל'ן, אז ער האָט גלוי אליהו. ר' תנחום שמואל איז געוואָרען דער איידעם פון דעם סופר ר' ירמיהו.

דרייסיג יאָהר האָט ר' תנחום שמואל געלעבט מיט זיין פרוי און זי האָט

ניט געהאט קיין קינדער. נאך איהר פטירה האט ער חתונה געהאט א צווייטע מאל און די צווייטע פרוי האט אויך ניט געהאט קיין קינדער. צוואנציג יאהר האט זיין צווייטע פרוי מיט איהם געלעבט און איז געשטארבען. ערשט מיט זיין דריטען זיווג, דריי יאהר נאך דער חופה, איז ר' תנחום שמואל געווארען א פאטער פון א טאכטער, וועלכע איז דערנאך געווארען ר' גבריאל'ס פרוי.

דאבראמיסל האט צו יענער צייט געהאט א נאמען פאר א גאנץ פרידליכע שטאט. זעלטען ווען דארט פלעגט פארקומען א דין תורה. דערפאר זיינען דארט אבער געווען א סך צעריסענע פאמיליען לעבענס. מענער און ווייבער פלעגען זיך ארומקריגען. מענער האבען חושד געווען זייערע ווייבער, און די ווייבער האבען חושד געווען זייערע מענער. מען האט איינער אויפ'ן אנ־דרען שטענדיג גערעדט רכילות. דערפאר זיינען דארט פארגעקומען א סך גט'ן.

ר' תנחום שמואל האט אט די צושטערטע שלום בית'ן געהאלטען פאר א גרויסע קללה. ווען מאן און ווייב פלעגען קומען צו איהם זיך קלאגען איינער אויפ'ן אנדערען, האט ער זיי מיט גרויס ליעבשאפט פרובירט שטראפען און באווייזען, אז עס איז ניטא קיין שום גרונט פאר די אלע חשדים. ער האט אפט געוויינט צוזאמען מיט די מענער און ווייבער אויף זייער צער. ער פלעגט זיי באווייזען מיט מאמרי חז"ל, אז מען דארף זיך ניט גט'ן. ער פלעגט באַ־זונדער אנווייזען אויף דעם וואס די גמרא זאגט (סנהדרין דף ת"ב): "כל המגרש אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות" (אז דער וואס גט אפ זיין ערשטע פרוי פארגיסט אפילו דער מזבח אויף דעם טרעהרען). אבער דאס האט קוים געהאלפען. ער האט זעלטען געקענט אפריידען מאן און ווייב, אז זיי זאלען זיך ניט גט'ן.

די דאזיגע גט'ן האבען פשוט אנגעמאכט א חורבן אין אידישען לעבען אין דאבראמיסל. ווען ישראלים פלעגען זיך גט'ן, האט נאך אפט פאסירט, אז די צושיידטע מענער און פרויען האבען זיך שפעטער איבערגעבעטען און ווי־דער חתונה געהאט. מיט די כהנים איז אבער געווען אנדערש. זיי האבען זיך שוין מעהר ניט געקענט צוריקנעהמען און די כהנים זיינען דאך באוואוסט פאר כעסנים און היץ־קעפ.

ר' תנחום שמואל האט דערפאר פיעל מאל גוזר תענית געווען און האט גערופען דעם עולם צו תשובה. ער האט אויף דעם אופן געוואלט אפשטעלען די מגפה פון גט'ן אין דאבראמיסל. עטליכע מאל איז ער מיט א גרויסען עולם געגאנגען מתפלל זיין אויפ'ן בית הקברות. מען האט דארט געזאגט פאר־שידענע תפלות און געבלאזען שופר. אבער די צאהל גט'ן איז ניט פארקלע־נערט געווארען.

אנדערש איז געווען ווען דעם רב'ס איידעם, ר' גבריאל, איז אנגעקומען אין דאבראמיסל. ר' נחום שמואל האט אנגעהויבען אפשיקען אלע פאמיליען סכסוכים צו זיין איידעם, און ער, ר' גבריאל, האט געהאט א גאר אנדער צו־גאנג צו דעם ענין. פון נאטור א געלאסענער, האט ער צוערשט, אין יעדען פאל פון א צושטערטען שלום בית, זיך גענומען עטליכע טעג צייט אויסצו־פארשען וואס אזוינס עס האט געפיהרט דערצו, אז מאן און ווייב זאלען ניט קענען לעבען בשלום. וויסענדיג, אז ווען די קריגערייען צווישען מאן און ווייב ווערען ארויסגעטראגען אין גאס, אזוי ווערט דער ענין א סך מעהר פאר־

שארפט. האט ער דערפאר אלץ געטהאן אין־דער שטיל, באהאלטענערהייט, אזוי, אז קיין זייטיגע מענשען זאלען ניט וויסען וואס עס קומט פאר אין דער פאמיליע.

אין משך פון עטליכע וואכען צייט, וואס ר' גבריאל האט געוויינליך זיך גענומען פאר דער חקירה ודרישה, האט זיך אפט ארויסגעוויזען, אז די קריי־גערייען האבען זיך אנגעפאנגען צוליעב פאלשע חשדים און צוליעב די רכילות פון בייזע צינגער. מאן און ווייב האבען זיך דאמאלס ארומגעזעהן, אז זיי זיי־נען פשוט פארפיהרט געווארען און, מיט דער הילף פון דעם רב'ס איידעם האבען זיי געמאכט שלום און זיך צופרידענע צוריקגעקעהרט אהיים.

אויף דעם אופן זיינען אין דאבראמיסל געמינערט געווארען די גט'ן און עס איז געשטארקט געווארען דער שלום בית אין שטאט. ר' גבריאל האט בכלל זיך שטארק באמיהט צו דערהויבען דעם גייסטיגען מצב פון די דאבראמיסלער אידען. ער האט זיי געלערנט ווי אויסצומיידען רכילות און צו פארבע־סערען די באציהונגען ניט נאר צווישען מאן און ווייב, נאר אויך צווישען שכנים, ווארום ער האט גוט געוואוסט, אז די רכילות וואס שכנים פארשפריי־טען איינע געגען די אנדערע איז דער גיפט וואס פארדארבט דאס לעבען פון א קבוץ און פיהרט צו פארשידענע צרות.

באלד ווי ר' גבריאל איז געווארען דעם דאבראמיסלער רב'ס איידעם, האט ער זיך אנגעהויבען גענויער צוקוקען צום טאג־טעגליכען לעבען פון די דארטיגע אידען און זייערע באדערפענישען. בעת די דאבראמיסלער אידען זיינען געווען צוריקגעשטאנען אין רוחניות, זיינען זיי אבער געווען אין א גוטען מצב אין גשמיות. יעדע משפחה האט זיך געהאט איהר אייגענעם גאר־טען פון וועלכען מען איז געווען באזארגט א גאנץ יאהר. מען האט אויך געהאט א קוה, א ציג און עופות. עס זיינען געווען אזוינע וואס פלעגען אפ־דינגען גרעסערע שטיקער ערד און פארזייען תבואה, קארטאפעל וכדומה.

אין צוגאב זיינען די אידען געווען בעל מלאכות און הענדלער. אויב עס האט געפעהלט שלום בית איז עס דאס רוב געווען צוליעב דעם, וואס די דאבראמיסלער אידען האבען זיך משדך געווען צווישען זיך. זעלטען ווען מען האט זיך משדך געווען מיט אידען פון דערבייאיגע שטעטלאך ווי ליאזנע און באבינאוויטש. ר' גבריאל האט דערפאר אנגעהויבען צוריידען די אידען פון דאבראמיסל, באזונדער די וואס האבען געהאט טעכטער אויסצוגעבען, אז זיי זאלען זיך נעהמען ישיבה בחורים פאר איידעמס. אויף דעם אופן האט דאבראמיסל באלד צוגעקראגען לומדישע יונגע לייט וואס האבען באלד גע־קראגען א השפעה אין שטעטעל.

ר' גבריאל האט איצט געהאט פאר זיך צוויי אויפגאבען: פון איין זייט האט ער זיך באמיהט אז די בעלי בתים פון שטעטעל, די קרעמער, די סוחרים און די בעלי מלאכות זאלען זיך צוהערען צו די פארשידענע שיעורים וואס ער האט איינגעפיהרט, און פון דער צווייטער זייט האט ער געווירקט אויף די לומדישע איידעמס, אז א חוץ תורה זאלען זיי זיך אויך אפגעבען מיט ארבייט אדער מסחר. ר' גבריאל פלעגט אנווייזען אויף דעם וואס די חז"ל האבען גע־זאגט, אז טוב תורה עם דרך ארץ.

ר' גבריאל האט אויך געהאט געגרינדעט א ישיבה אין דאבראמיסל,

אבער זי האט לאנג ניט געהאט קיין קיום. דאגעגען האט אליץ געוואקסען דער באגעהר מצד דאבראמיסלער אידען צו נעהמען ישיבה בחורים פאר איידעמס. אין משך פון צוועלף יאהר צייט האט דאבראמיסל פשוט געקראגען אן אנדער פנים, א דאנק דער השפעה פון ר' גבריאל'ן.

א גרויסע השפעה האט ר' גבריאל אויך געהאט מיט זיינע דרשות אין וועלכע ער פלעגט א סך ריידען וועגען דער ברכה פון שלום בית און וועגען אנדערע טאג־טעגליכע ענינים.

צווישען די נייע לומדישע איידעמס וואס זיינען צוגעקומען אין דאבראמיסל איז געווען איינער מיט'ן נאמען יוסף. זיין שווער, ר' חיים יצחק, איז אליין געווען א מערקווירדיגע פערזענליכקייט. מען האט איהם גערופען "ר' חיים יצחק דער בדחן", און מען האט איהם אויך גערופען "ר' חיים יצחק דעם פריץ'ס". דעם לעצטען נאמען האט ער געקראגען דערפאר וואס ער איז געווען א גאנצער בן בית ביי דעם פריץ פון טעפקע, א דריי וויארססט פון דאבראמיסל. דער פריץ פלעגט זיך אהן ר' חיים יצחק'ן ממש קיין ריהר ניט טהאן.

"בדחן" האט מען איהם גערופען דערפאר וואס ער האט אויף זיך געהאט גענומען די מצוה צו משמח זיין חתן־כלה סיי ארים און סיי רייך, און האט פאר דעם קיינמאל ניט גענומען קיין געצאהלט. די דאזיגע מצוה פון משמח זיין חתן און כלה האט ער געהאט איבערגענומען בירושה פון זיינעם א זיידען, וועלכער איז געווען א גרויסער צדיק און איז כל ימיו געזעסען אפגעזונדערט פון מענשען און געלערנט און האט מיט קיינעם קיין ווארט ניט גערעדט. ער פלעגט נאר אנצייגען מיט די פינגער אויב ער האט עפעס געדארפט. ער האט כסדר געפאסט תעניתים און גענומען אויף זיך סגופים. ער איז געווען א זעלטענער מנגן. זיינע תפלות זיינען געווען באגלייט מיט אזוינע מתיקות'־דיגע ניגונים, אז מענשען האבען זיך ממש ניט געקענט אוועקרייסען. ער האט גענומען אויף זיך צו קומען אויף חתונות און משמח זיין חתן־כלה. ער פלעגט טאנצען און זינגען, האלטענדיג זיינע אויגען פארבונדען מיט א פאטשיילקע כדי ער זאל ניט דארפען קוקען אויף קיין ווייבער. אזוי האט ער זיך נוהג געווען ביז א הויכען עלטער. דאן האט זיין איניקעל, ר' חיים יצחק, איבערגענומען די דאזיגע מצוה.

ר' חיים יצחק'ס איידעם, יוסף, האט געשטאמט פון מינסק. זיין פאטער איז געווען א מולער וואס האט געמאכט אויוועגס. גלייכצייטיג איז ער אויך געווען א גרויסער למדן און ירא שמים. יוסף האט פון זיין טאטען גע'ירשנ'ט סיי די לומדות און סיי די מלאכה צו מאכען אויוועגס. ער איז אבער ניט געווען קיין פשוט'ער אויוועגמאכער. זיינע אויוועגס האבען געהאט א שם. זיי האבען געהאלטען היץ א סך לענגער ווי געוויינליכע אויוועגס און זיי זיינען אויך געווען גלאט ווי גלאז. עס איז קיין מאל ניט געווען קיין שפאלט צווישען די ציגעל.

אידען האבען באזונדער געגארט ר' יוסף'ס אויוועגס פאר באקען מצה. ר' גבריאל איז געווען אזוי אנטציקט פון זיינע אויוועגס, אז ער האט אויפגעפאדערט די דאבראמיסלער בעלי בתים אויפצושטעלען א קהל'שען אויוען צו באקען ערב פסח מצות פאר דער שטאט.

יוסף איז שנעל מפורסם געווארען פאר זיינע אויוועגס און מען האט איהם ממש צעריסען, ווייל יעדער האט געוואלט האבען זיינעם אן אויווען. ער האט יעדערען פרובירט צופרידענשטעלען, אבער ניט צו נעהמען פאר דעם געצאהלט. יוסף וואלט געקענט פארדינען א סך געלד פון זיינע אויוועגס. פריצים האבען איהם גערופען אויפצושטעלען אויוועגס. ער האט אבער פון דעם זיך אפגעזאגט, ווייל ער האט בעסער געוואלט זיצען און לערנען תורה. שפעטער האט ער איינגעזעהן, אז זיין ארבייט איז זעהר וויכטיג און ער האט זיך אויסגעקליבען א פאר לומדישע יונגע לייט וועמען ער האט אויסגעלערנט די מלאכה. ער האט פון דעסטוועגען נאך אלץ געמוזט זיך אפגעבען מיט אויפשטעלען אויוועגס, אזוי גרויס איז געווען די נאכפראגע אויף זיי, און יוסף האט געוואוסט ווי וויכטיג אן אויווען איז אין טעגליכען לעבען.

ר' גבריאל איז געווארען אזוי מפורסם אלס בעל דרשן, אז די אלע שטעט־לאך ארום האט מען צו איהם אנגעהויבען שיקען שלוחים איהם צו פארבעטען צו קומען האלטען דרשות. א חוץ א בעל דרשן האט ער אויך געקראגען א שם פאר זיין לומדות. מען האט אויף איהם געזאגט, אז אין לומדות שטעהט ער ניט נידעריגער פון זיין פאטער ר' זכריה ירוחם'ן, מיט וועמען ער פלעגט זיך אפט איבערשרייבען וועגען לומדישע ענינים.

זיין ברודער ר' יחזקאל, וועלכער האט געוואוינט אין פאלאצק, איז צוויי יאהר נאך זיין חתונה געווארען דער פאטער פון א קינד, וועמען ער האט א נאמען געגעבען זבולון מרדכי. דאס קינד איז געווען שוואך אין קערפער, אבער שטארק אין גייסט. אז דאס קינד איז געווען פינף יאהר אלט, איז ר' יחזקאל נפטר געווארען און זבולון מרדכי איז צוגענומען געווארען פון זיין זיידען.

ר' זכריה ירוחם איז ביי דער צייט שוין געווען מפורסם אויך ווי א בעל מקובל. ווארים א חוץ דעם וואס ער האט זעכצעהן יאהר צייט געלערנט קבלה ביי דעם נסתר ר' נחום טוביה, האט ער צעהן יאהר געלערנט קבלה ביי ר' נחום טוביה'ס ממלא מקום, ר' זונד'ל יוסף.

דער יתום זבולון מרדכי, ניט קוקענדיג אויף דער שוואכקייט פון זיין קערפער האט געלערנט מיט גרויס התמדה. א חוץ מלמדים האט אויך מיט איהם געלערנט זיין זיידע, און ניט נאר תורה נאר אויך מוסר פון מידות טובות. צו צוועלף יאהר איז ער שוין געווען גאר א גרויסער למדן. ער האט אויך געהאט זיין אייגענעם דרך, האלטענדיג זיך אפגעזונדערט פון מענשען.

אין תנ"ז האט דער גאון ר' משה ברב מרדכי פון פויזען, וועלכער איז געווען רב און ראש ישיבה אין מינסק, געשיקט א שליח צו ר' זכריה ירוחם'ן און איהם געבעטען צו ווערען זיין ממלא מקום אלס ראש ישיבה. ר' זכריה ירוחם האט דאן אוועקגעשיקט זיין אייניקעל זבולון מרדכי'ן צו זיין זוהן ר' גבריאל'ן קיין דאבראמיסל.

דער יתום, א חוץ דעם וואס ער האט זיך געהאלטען אפגעזונדערט פון מענשען, האט ער אויך געצייגט גרויס עצבות. אין דעם פרט איז ער געווען גלייך צו זיין פאטער. דאס וואס ער איז געבליבען א יתום האט נאך פארגרע־סערט זיין צער. אפילו די התקרבנות פון זיין פעטער, ר' גבריאל'ן, האט איהם ניט דערמונטערט. ער האט זיך אלץ מעהר און מעהר געפיהלט שפל און גע־

בראַכען אין געמיטה. ער האָט אפילו אָנגעהויבען אויסמיידען זיין פעטער'ס הויז און האָט טאָג און נאכט פאַרבראַכט אין בית מדרש. אויך דאָרט האָט ער זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט, זיצענדיג תמיד אין א ווינקעל און געלערנט. תורה איז געווען זיין גאַנצער לעבען.

ער האָט אפילו ניט געוואָלט עסען ביי זיין פעטער און האָט זיך באַנוגענט מיט א טרוקען שטיקעל ברויט פאַרטרינקענדיג מיט וואַסער. זבולון מרדכי האָט שפּעטער אויך אָנגעהויבען פאַסטען תעניתים און גענומען אויף זיך סגופים. אַלע רייד פון זיין פעטער און אַלע פאַרזוכען זיינע איהם צו ברייננגען אויף אַן אַנדער דרך האָבען ניט געהאָלפען.

ארום יענער צייט איז ר' גבריאל'ס שווער, דער דאָבראָמיסלער רב, ר' תנחום שמואל, נפטר געוואָרען אין עלטער פון זיבען און ניינציג יאָהר. ר' גבריאל איז געוואָרען דער ממלא מקומו. אויף דער עצה פון זיין פאָטער ר' זכריה ירוחם, האָט ר' גבריאל גענומען זיין פּלימעניק דעם יתום זבולון מרדכי פאַר אַן איידעם. זבולון מרדכי איז דאַמאָלס געווען א אינגעל פון פערצעהן יאָהר. ער האָט זיין דרך אָבער ניט געענדערט אפילו נאָך דער חתונה.

## מג.

## אַן עלילת דם

**דער דאָבראָמיסלער רב און זיין איידים. — די אבילות וואָס צוויי קהלות האָבען געפּראַוועט. — א פּנים חדשות אין שטעטעל.**

פינף יאָהר נאָך דער חתונה איז ר' זבולון מרדכי, א ניינצען יאָהריגער יונגערמאַנטשיק, געבליבען אַן אלמן. קיין קינדער זיינען איהם פון זיין פרוי ניט געבליבען. פאַר דער גאַנצער צייט איז ר' זבולון מרדכי געווען אינגאַנצען אָפּגעזונדערט פון מענשען.

אין משך פון דער צייט איז אויך זיין זיידע, ר' זכריה ירוחם, נאָכדעם ווי ער איז געווען ראש ישיבה אין מינסק פאַר פינף יאָהר צייט, נפטר געוואָרען אין עלטער פון פינף-און-זעכציג יאָהר. ר' זבולון מרדכי איז לאַנג ניט געבליבען קיין אלמן. זיין שווער, וועלכער איז אויך געווען זיין פעטער, דער דאָבראָמיסלער רב, ר' גבריאל, האָט איהם חתונה געמאַכט מיט זיין צווייטער טאָכטער. מיט זיין צווייטען זיווג האָט ר' זבולון מרדכי געהאַט א זוהן, וועמען ער האָט א נאָמען געגעבען נאָך זיין זיידען, זכריה ירוחם.

ר' זבולון מרדכי, וועלכער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט און האָט זיך תמיד געפיהלט דערשלאָגען און שפל, האָט די דערציהונג פון זיין זוהן איבערגעלאָזט צו זיין שווער. דאָס אינגעל איז געווען א געזונטער און א שעהנער. אויך זיינע גייסטיגע כשרונות זיינען געווען אויסגעצייכענטע. ער איז אויך געווען דער היפּוך פון זיין פאָטער מיט דעם וואָס ער איז געווען א פרעהליכער און א לוסטיגער. זיין זיידע האָט איהם שטאַרק ליעב געהאַט און זיך מיט איהם א סך אָפּגעגעבען בעת זיין פאָטער האָט זיך ממש אויף איהם ניט אומגעקוקט.

ר' גבריאל, האָט זיין אייניקעל אָפּט פאַרהערט אין לערנען און האָט מיט איהם אַליין געלערנט אין צוגאָב צו די מלמדים. צו בר מצוה איז זכריה ירוחם

שוין געווען א גאנץ היבשער למדן און האט געזאגט א טיפען פלפול. ר' גבריאל האט געהאט פון איהם גרויס נחת. ער האט זיך אבער מצער געווען וואס דער פאטער, ר' זבולון מרדכי, איז דערוויטערט פון זיין קינד. דאס איינגעל האט אויך געהאט פון דעם גרויס צער.

ווען זכריה ירוחם איז געווען פערצעהן יאהר אלט איז ער איינמאל א שבת-צו-נאכט אריין צו זיין פאטער אין חדר און האט זיך פאר איהם ביטער פאנאנדערגעוויינט.

— פארוואס ביזטו צו מיר ניט ווי אלע טאטעס זיינען צו זייערע קינדער? — האט ער געכליפעט.

ר' זבולון מרדכי, וועלכער איז בטבע גראד געווען א ווייכער און הארציגער מענש, איז געווען שטארק געריהרט און האט זיך אליין פאנאנדערגעוויינט. ער האט אין דער אמת'ען גאר שטארק ליעב געהאט זיין זוהן. האט ער זכריה ירוחם'ן גענומען אויפ'ן שויס און האט איהם אנגעהויבען קושען און האלזען. דאס איינגעל איז געווען מלא שמחה. ר' זבולון מרדכי האט דאן אנטפלעקט פאר זיין זוהן דעם טיפען צער וואס ער טראגט אין הארצען זינט זיין קינדהייט — א צער וואס טרייבט איהם פון מענשען.

פון דאמאלס אן איז ר' זבולון מרדכי געווארען צוגענגליכער און פריינטליכער. ער האט זיך מעהר אפגעגעבען מיט זיין זוהן און האט אפילו אנגעהויבען ריידען ביסלעכוויין מיט זיין שווער.

ווען זכריה ירוחם איז געווארען נייגצעהן יאהר אלט, איז ער געווארען דער איידעם פון דעם גאון ר' טוביה אשר פון באבינאוויטש און איז א יאהר צייט געזעסען ביי זיין שווער אויף קעסט. זיין ווייבע און פאטער האבען שטארק געבענקט נאך איהם. האבען זיי איהם און זיין פרוי אריבערגעבראכט קיין דאבראמיסל, וואו ער איז געווארען פאטער פון א טאכטער. עס איז ניט אוועק קיין דריי יאהר און זכריה ירוחם איז קראנק געווארען. נאך א האלב יאהר קרענקען איז ער נפטר געווארען.

זיין פטירה האט באזונדער מורא'דיג געטראפען זיין זיידען, ר' גבריאל'ן, וועלכער איז ביז דאמאלס, ניט קוקענדיג אויף זיינע אכט-און-זעכציג יאהר, געווען שטארק און אויסגעקוקט ווי א יאהר פופציג. נאך זיין אייניקעל'ס טויט איז דער דאבראמיסלער רב פלוצים פארעלטערט געווארען און איז געווארען איינגעבויגען אין דרייען. עס איז איהם אויך געווארען שווער זיך צו באגעגענען מיט מענשען. ר' זבולון מרדכי האט זיך אויף דאס ניי אפגעזונדערט פון מענשען.

ביידע, זיידע און פאטער, האבען געפראוועט אבילות נאך זכריה ירוחם'ן. ביידע פלעגען זיך טיילען מיט'ן דאווענען פאר'ן עמוד און האבען ביידע נאכ'ן נפטר געזאגט קדיש.

די גאנצע קהלה האט מיטגעפיהלט זייער צער. דאבראמיסל האט באזונדער געהאט צו געדענקען דעם ערשטען יאהרצייט נאך זכריה ירוחם'ן, וואס איז אויסגעפאלען אין די נייז טעג. ווי דער שטייגער איז געווען האט מען דאמאלס סיי ווי אומעטום געפראוועט אבילות. מען האט געזאגט חצות סיי בייטאג און סיי ביינאכט. די בתי מדרשים זיינען געווען פול מיט אידען

איז זכריה ירוחם'ס יאהרצייט געפראוועט געווארען אויף א גאר איינ-

דרוקספולען אופן אין מיטען פון דער אלגעמיינער אבילות. צום יאהרצייט זיינען קיין דאבראמיסל ארונטערגעקומען דעם נפטר'ס שווער פון באבינאַוויטש און א סך פון די דארטיגע בעלי בתים. דעם מעריב צום יאהרצייט האט געדאוונעט פאר'ן עמוד דער זיידע, ר' גבריאל, און דעם נפטר'ס שווער און דער פאטער האבען געזאגט קדיש. דער גאנצער עולם האט ביטער געוויינט עס האט אויך געזאגט קדיש דאס טעכטערל וואס דער נפטר האט איבערגעלאזט. א רושם האט געמאכט אויפ'ן עולם ווען דאס טעכטערל איז זאגענדיג קדיש, געפאלען אין חלשות.

א גאנצע נאכט זיינען די אבלים מיט עטליכע מנינים אידען, געזעסען און געלערנט. אויף מארגען זיינען זיי, מיט ר' גבריאל'ן בראש, געגאנגען אויפ'ן בית עלמין און געזאגט תפלות אויפ'ן קבר פון נפטר און נאכהער איז דארט אויפגעשטעלט געווארען א מצבה.

ר' גבריאל איז באלד נאכדעם געווארען אזוי שוואך, אז ער האט געבעטען זיין איידעם, ר' זבולון מרדכי'ן, איבערצונעהמען די רבנות. ר' זבולון מרדכי האט עס ניט געוואלט, און ר' גבריאל האט באשטימט זיין תלמיד ר' דוד משה'ן פאר א דיין. דריי יאהר שפעטער איז ר' גבריאל נפטר געווארען, איבערלאזענדיג א צוואה אין וועלכער ער האט אויפגעפאדערט זיין איידעם צו ווערען זיין ממלא מקום. ר' זבולון מרדכי האט קיין ברירה ניט געהאט. ער האט אבער געוואלט, אז ר' דוד משה זאל ווייטער בלייבען דיין.

האט דער דיין זיך אפגעגעבען מיט אלע ענינים פון שטאט, בעת ר' זבולון מרדכי איז געזעסען על התורה ועל העבודה און ווייטער געפראוועט התבודדות. כאטש פון צייט צו צייט האט ער געהאלטען דרשות און געזאגט פלפולים.

צו יענער צייט האט דאבראמיסל צוגעקראגען א נייע אינטערעסאנטע פערזענליכקייט, וואס האט שפעטער געשפילט א וויכטיגע ראל אין דער דארטיגער קהלה. דאס איז געווען ר' חיים שמעון, וועמען ר' יוסף דער מוליער האט אויסגעקליבען פאר א מאן פאר זיין איינציקעל, א יתומה.

ר' יוסף, וועלכער האט אלעמען באזארגט מיט אויווענס, האט זיין חיונה געצויגען פון עפעס אנדערש, — פון גערטנעריי און ערד־ארבייט בכלל, אפגעבענדיג זיין איבעריגע צייט צו תורה. ער האט שוין געהאט חתונה געמאכט זיינע קינדער. זיין מוזיניק האט אבער ניט מאריך ימים געווען, איבערלאזענדיג א יתומה, פאר וועלכער ר' יוסף איז ספעציעל געפאהרען קיין מינסק פאר איהר צו געפינען א חתן. דעם חתן, וואס ער האט פאר איהר אויסגעקליבען, איז געווען דער דערמאנטער חיים שמעון, א ליאזנער בחור, וועלכער האט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין דער ישיבה, אבער האט נאך מעהר זיך געהאט אויסגעצייעכנט מיט זיינע מעשים אין זיין געבורט־שטאט וואו ער האט געהאט באקומען פאר די דאזיגע מעשים דעם נאמען "כוואט".

חיים שמעון האט געהערט צו גאר א חשוב'ע משפחה. זיין טאטע איז געווען א לומדישער איד און איינער פון די ראשי הקהל. זיין מוטער איז געווען א גרויסע בעלת צדקה.

חיים שמעון איז פון זיין סאמע יוגענט געווען א גרויסער בריה, פול מיט ענערגיע און אונטערנעהמונגס־גייסט. גלייכצייטיג האט ער זיך שטענדיג אויסגעצייכענט אין לערנען. שוין דאס וואס ער איז געווען איינער פון די

בעסטע תלמידים ביי דעם מלמד, ר' גדליה זלמן'ען, האט איהם צוגעגעבען חשיבות, ווארים גדליה זלמן האט געהאט א שם, אז ער נעהמט ניט קיין תלמיד וואס איז ניט קלאר לכל הפחות אין איינע פון די דריי "בבא'ס" און איז דערצו גוט און פרום און א מתמיד.

ר' גדליה זלמן איז בכלל געווען אנדערש פון די געוויינליכע מלמדים. ער האט קיינמאל ניט געהאלטען קיין "טשופלינע" אין האנט. ער האט זיך קיינמאל ניט געהיצט און האט ממש קיין הויך ווארט פון זיין מויל ניט ארויסגעלאזט. ער האט דאסזעלביגע אויך געפאדערט פון זיינע תלמידים אויב ער האט פון אימיצען געהערט א הויך ווארט, האט ער אויף יענעם געזאגט, אז די בהמה האט אין איהם זיך מתגבר געווען איבער'ן מענשען.

די תלמידים האבען איהם שטארק ליעב געהאט. די הארבסטע שטראף זיינע איז געווען, אז ער האט פון א תלמיד אפגעקעהרט דעם פנים.

חיים שמעון האט געהאט די אלע מדות טובות וואס זיין רבי האט איז איהם איינגעפלאנצט. ער האט אבער אויך געהאט זיין אייגענעם דרך און טאקע אויך זיין ווילען. ער האט פון זיין סאמע יוגענט זיך אינטערעסירט מיט קהל'שע ענינים און האט דורכאויס געוואלט וויסען אלץ וואס עס קומט פאר אין דער קהלה.

פארשטעהט זיך, אז אויב אידען אין ליאזנע האבען געהאט אויסצו־שטעהן צרות פון איינעם פון די פריצים, אז אייניקעל פון גענעראל שערעמע־טיעוו'ן, וועלכער האט איינגענומען וויטעבסק פאר די רוסען, האט עס חיים שמעון'ען שטארק אינטערעסירט און ער האט געוואלט וויסען אלץ וואס עס טהוט זיך. דאס איז באזונדער געווען דער פאל ווען דער דאזיגער פריץ, ווע־מעס נאמען איז געווען ניקאלאיעוו, האט אנגעהויבען מאכען בלבולים אויף אידען, האבענדיג פאר אן ארויסהעלפער א געוויסען קוזיצקי'ן, וועלכער איז געווען נאך א גרעסערער צורר היהודים פון איהם אליין.

אין מיטען פון חודש שבט, אין יאהר תצ"ז, איז אין א דארף ניט ווייט פון ליאזנע פארשוואונדען געווארען א קריסטליך אינגעל. דער אידען־פיינטלי־בער גוט־באזיצער ניקאלאיעוו, מיט דער הילף פון זיין פריינט קוזיצקי, האט אויסגענוצט די דאזיגע געלעגענהייט און איז ארויס מיט דער באשולדיגונג, אז די אידען האבען גע'גנב'עט דאס קינד און עס געקוילעט כדי צו נוצען זיין בלוט אויף פסח.

די אידען אין ליאזנע זיינען געווען אין שרעק. די ראשי הקהל האבען צוזאמענגערופען אן אסיפה זיך מיישב צו זיין וואס צו טהאן. דער יונגער חיים שמעון, וועלכער האט שוין לאנג נאכגעטראכט וועגען פארשידע־נע תחבולות ווי צו ראטעווען אידען פון דעם בלוט־בלבול, האט געהאט גרויס חשק צו זיין ביי דער דאזיגער אסיפה און זיך צוהערען וואס די ראשי הקהל האבען גערעדט צווישען זיך. ער האט אבער גוט געוואוסט אז מען וועט איהם צו דער אסיפה ניט צולאזען. האט זיך חיים שמעון ארייננע'גנב'עט אין דעם קהל־שטיבעל און זיך באהאלטען הינטער'ן אויווען.

שעה'ן לאנג האט געדויערט די אסיפה. פארשידענע עצות און תחבולות זיינען פארגעשלאגען געווארען. די שטימונג אויף דער אסיפה איז געווען א נעדריקטע. אייניגע האבען געזאגט, אז מען דארף פרובירען געווינען ניקא־

לאיעוו'ן דורך א מתנת יד. אנדערע ווידער, האבען געזאגט, אז מען דארף אונטערקויפען די ממשלה. מען האט זיך אבער געשראקען פאר דעם שררה, דער הויפט פון שטאט, וועגען וועמען מען האט געוואוסט, אז מען קען איהם ניט אונטערקויפען. גלייכצייטיג האט מען אויך געוואוסט, אז ער איז ניט קיין שטארקער אוהב ישראל. מען האט שוין געוואוסט, אז אין משך פון דער וואך וועט ניקאלאיעוו דערשיינען פאר דעם שררה און אנדערע שטאטישע פיהרער און פאר זיי פארלייגען די "באווייזען", אז אידען זיינען שולדיג אין דעם טויט פון פארשוואונדענעם קינד.

די דאזיגע ידיעה האט אויף די פארזאמעלטע ראשי הסהל אנגעיאגט א פחד. עס איז באשלאסען געווארען, אז קודם כל זאל מען גוזר תענית זיין און דאן זוכען מיטלען ווי אזוי צו פארמיידען דעם אומגליק וואס מען האט איצט דערוואַרט. חיים שמעון האט אין זיין באהעלטעניש באשלאסען ביי זיך צו טהאן עפּעס אויף זיין אייגענעם חשבון.

דאס ערשטע וואס חיים שמעון האט געטהאן איז געווען דאס וואס ער האט זיך אנגעהויבען פריינטלען מיט איינעם פון די שרייבער אין דער שטאַטישער קאנצעלאריע. פון איהם האט ער זיך דערוואוסט, אז ניקאלאיעוו דארף דערשיינען פאר די שטאטישע פיהרער דעם קומענדיגען פרייטאג אווענט. דאס איז ספּעציעל באשטימט געווארען פאר יענעם אווענט דערפאר וואס דאַמאלס זיצען אידען אין דער היים און ניקאלאיעוו האט ניט געוואלט אז אימיצער פון די אידען זאל וויסען אין פאראויס וואס ער גרייט צו געגען זיי.

חיים שמעון האט אויך אויסגעפונען, אז אויסער דעם שררה וועלען זיין פיער אנדערע. איינער פון זיי האט געזאלט זיין א אוהב ישראל. א צווייטער האט געזאלט זיין א שונא ישראל און די אנדערע צוויי האבען געזאלט זיין ניט קיין שונאים און ניט קיין פריינט פון אידען. יענעם פרייטאג האט א גאנצען טאג און אין אווענט געבושעוועט א שנעע-שטורם. אין אווענט איז דער שטורם פארשטארקט געווארען. ווען מען האט אין הויז פארענדיגט דעם פרייטאג-ביי-נאכטיגען מאלצייט, האט חיים שמעון פּלוצים זיך אויפגעהויבען פון טיש און דערקלעהרט אז ער וועט געהן צו זיינעם א חבר מיט וועמען ער האט עפּעס איבערצורעדען. דער שטורם האט איהם ניט געזאלט צוריקהאלטען. ער האט דערביי אויך מודיע געווען די עלטערן, אז עס איז מעגליך אז ער זאל די נאכט איבערנעכטיגען ביי זיין חבר אין הויז.

זיינע עלטערן האבען עס אנגענומען פאר גוט-געלט. זיי איז גאר ניט איינגעפאלען אז חיים שמעון האט עפּעס א געהיימע שליחות דורכצופיהרען.

ניט קוקענדיג אויף דעם שטורם איז חיים שמעון יענעם פרייטאג אויף דער נאכט, מיט פעסטע טריט און אנטשלאסענקייט, אוועק צו דער קאנצעלאריע, אבער ווען ער איז דארט אנגעקומען האט ער זיין באקאנטען שרייבער ניט געפונען. דער וועכטער ביים טיהר האט איהם ניט אריינגעלאזט. אלע טענות פון חיים שמעון'ען, אז ער האט עפּעס וויכטיגעס איבערצוגעבען די פארזאמעלטע האט ניט געהאָלפען. דער וועכטער ביים טיהר האט איהם פשוט אנגענומען פאר'ן קאלנער און איהם ארויסגעווארפען.

חיים שמעון איז אבער ניט געווען אנטמוטיגט. זעהענדיג א פאר באַלויכטענע פענסטער, איז ער צוגעגאנגען צו איינעם פון זיי און אריינקוקענ־

דיג אינעווייניג האט ער געזעהן, אז דאס איז דער חדר וואו מען האט זיך פארזאמעלט אויסצוהערען דעם שונא ישראל ניקאלאיעוו'ן. חיים שמעון איז דאן געפאלען אויף אן המצאה. ער האט אנגעהויבן רופען און בעטען מיט גרויס תחנונים פון הינטער'ן פענסטער, אז מען זאל איהם אריינלאזען אינע־ווייניג, ווייל ער געהט פשוט אוים פון קעלט. זיין תחנונים'דיגער קול איז דערהערט געווארען אינעווייניג. די פארזאמעלטע האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען. דער שררה האט אריינגערופען דעם וועכטער און איהם געהייסען אריינברייננגען דעם יעניגען וואס האט זיך אזוי תחנונים'דיג געבעטען פון הינטער'ן פענסטער.

אין א ווײלע ארום איז חיים שמעון געשטאנען פאר די פארזאמעלטע פיהרער פון ליאזנע. א בחור'ל פון פיינעם אויסזעהן און מיט אויגען. וואס האבען אויסגעדריקט פעסטקייט און אנטשלאסענקייט, האט ער באלד גע־מאכט א גוטען איינדרוק אויף די גוים. בלויז ניקאלאיעוו און קוזיצקי האבען איהם אנגעקוקט מיט רוגזה. זיי האבען דעם אידישען בחור'ל ניט געקענט פארגעבען וואס ער האט זיך אריינגעריסען אין דער קאנצעלאריע גראד דא־מאלס ווען זיי האבען געזאלט מאכען זייער בלבול אויף אידען.

— אן אנדער באוויז פון אידישער חוצפה, — האט ניקאלאיעוו אויס־געשריגען אויפ'ן קול, ניט קענענדיג מעהר צוריקהאלטען זיין צארן.

חיים שמעון האט ניט געענטפערט. ער האט בלויז געשענקט ניקאלאיעוו'ן א דורכדרינגענדען קוק וואס האט דעם צורר היהודים געשטאכען ווי מיט נאדלען און האט ארונטערגעלאזט זיינע אויגען. דערווייל איז דער גלח, וואס איז געזעסען צווישען די פארזאמעלטע, געפונען פאר נויטיג צו זאגען א גוט־ווארט פאר אידען בכלל און פאר דעם בחור'ל, חיים שמעון'ען בפרט. ער האט עס געטהאן מיט דער כיטרעקייט פון איינעם וואס זעהט דא א געלעגענהייט צו פאנגען א אידישע נשמה.

— נאך אלעם דעם, — האט ער געזאגט, ווי אן ענטפער צו ניקאלאיעוו'ן, — דארף מען זיך ניט אזוי ווארפען מיט אידען. מען דארף אידען ניט באליי־דיגען, ווארים זיי זיינען שארפזיניג און קלוג. זיי קענען גאנץ לייכט איבער־געהן צו אונזער גלויבען און דאן ווערען זיי גוטע קאטויליקען.

חיים שמעון האט געהאט א שעת הכושר אליין עפעס צו זאגען.

— דער עיקר, — האט ער געזאגט, — האבען אידען ליעב דעם אמת. ווען זיי ווייסען, אז עס איז דער אמת נעהמען זיי עס אן פון וועמען דאס זאל ניט קומען. אבער זיי פארלאנגען אז אויך אנדערע זאלען אננעהמען דעם אמת און טאקע זיין גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאר'ן אמת.

— פארשאלטענער איד, — האט ניקאלאיעוו אויסגערופען מיט כעס, שוין פיהלענדיג אז דעם אידישען בחור'לם קומען האט א דירעקטען שייכות מיט זיינע טרייפענע פלענער צו ווארפען די שולד אויף אידען פאר א פאר־ברעכען וואס זיי זיינען ניט באנאנגען.

דער הויפט פון שטאט האט איגנארירט ניקאלאיעוו'ן און האט זיך גע־ווענדעט צו חיים שמעון'ען :

— נאך וואס ביזטו אהער געקומען ? — האט ער איהם געפרעגט אין א גאנץ פריינטליכען טאן וואס האט חיים שמעון'ען שטארק דערמוטיגט.

— איך בין אהער געקומען צו דערצעהלען אייך, וואס זיינען פאראינ־טערעסירט אין אויסגעפינען דעם אמת, וואס איך האב היינט אין דער פריה געהאט געהערט וואס אט דער מענש, — און ער האט מיט'ן פינגער אנגעצייגט אויף קוזיצקי'ן, — האט געזאגט צו אט דעם, — און ער האט אנגעצייגט אויף ניקאלאיעוו'ן, — איך וועל אייך דערצעהלען וואס ניקאלאיעוו האט געענטפערט קוזיצקי'ן.

אלע האבען אויסגעשטעלט מויל און אויערען און אנגעקוקט חיים שמעון'ען אין גרויס פארוואונדערונג. דער אידישער בחור'ל האט באלד מסביר געווען, אז זינט ניקאלאיעוו און קוזיצקי האבען אנגעהויבען פאר־שפרייטען דעם בלבול אויף אידען, האט ער אויף זיך גענומען די עובדה זיי נאכצופאלגען און זיך צוהערען צו אלץ וואס זיי ריידען צווישען זיך.

אלע זיינען איצט געווען געשפאנט.

## מד.

### די וידוי פון צוררי היהודים

**ווי די שטאט־פיהרער פון ליאזנע האבען געוואלט אויסגעפינען דעם אמת וועגען עלילת־דם. — די העלדישקייט פון א אידישען בחור'ל.**

חיים שמעון האט געהאט וויכטיגע פרטים איבערצוגעבען די פאר־זאמעלטע פיהרער פון ליאזנע וועגען דעם ווי אזוי די צוויי צוררי היהודים, ניקאלאיעוו און קוזיצקי, האבען זיך צוגעגרייט פאר'ן עלילת דם געגען די אידען. ער האט געהערט ווי קוזיצקי האט געזאגט צו ניקאלאיעוו'ן, אז ווען ער וועט דערשיינען פאר די שטאט־פיהרער, זאל ער ריידען קלאר און אנט־שלאסען כדי צו מאכען אן איינדרוק. אויף דעם האט ניקאלאיעוו געהאט געענטפערט, אז ער איז ביי זיך בטוח, אז זיינע רייד וועלען מאכען א רושם און אז קיינער וועט זיך ניט כאפען אז דאס איז אלץ אויסגעטראכט. ניקא־לאיעוו האט דאן פארענדיגט, אז ווי נאר די באשולדיגונג געגען די אידען וועט אנגענומען ווערען, וועלען זיי, ער און קוזיצקי, קריגען פון די אידען גרויסע סכומים געלט דערפאר וואס מען וועט זיי וועלען אונטערקויפען.

חיים שמעון'ס רייד האבען קוזיצקי'ן און ניקאלאיעוו'ן געטראפען ווי א דונער. זיי האבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען. זיי האבען זיך ניט גע־קענט פארשטעלען ווי אזוי דער אידישער בחור'ל האט ארויסבאקומען דעם סוד. די שטאטישע פיהרער, מיט'ן שררה בראש, זיינען געווען צעטומעלט. זיי האבען פשוט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. חיים שמעון איז געשטאנען א שטאלצער און א פעסטער ווי קיין זאך וואלט איהם ניט געהאט איבערראשט

דער שררה איז געווען דער ערשטער וואס האט געבראכען די שטילקייט. ער האט דעם אידישען בחור'ל געפרעגט פאר וואס ער איז ניט געקומען באלד מיט דער דאזיגער געשיכטע. אויף דעם האט חיים שמעון געענטפערט מיט קלארקייט אז ער האט געהאפט, אז די צוויי מוסרים וועלען זיך באדענקען און וועלען אינגאנצען נישט קומען מיט זייער מסירה. האט ער דערפאר בא־

של‍אָסען אָפּצואוואַרטען ביז אויף דער נאַכט. אָבער זעהענדיג, אַז זיי זיינען יאַ געקומען, האָט ער באַשל‍אָסען זיי צוצונאַגלען צו דער וואַנט.

קוזיצקי און ניקאָלאַיעוו זיינען דערוויי‍ל געקומען צו זיך, און מיט דער חוצפה פון פאַרשווינען פון זייער מיה, האָבען זיי באַלד אָנגעהויבען לייקענען וואָס חיים שמעון האָט דערצעהלט וועגען זיי. זיי האָבען אפילו פּרובירט שאַ־פען דעם איינדרוק, אַז די אידען האָבען אונטערגעשטעלט אַט דעם בחור'ל כדי צו צעטומלען די מחות פון די קריסטליכע פיהרער. זיי האָבען דערביי אָנגעהויבען גיסען פּעך און שוועבעל אויף אידען בכלל און אויף חיים שמעון'ען בפרט. חיים שמעון איז געבליבען רוהיג און מיט אַ געלאַסענקייט. וואָס האָט אויף די צוהערער געמאַכט אַן איינדרוק, האָט ער דערקלעהרט, אַז אייגענטליך ווייס קיין איד ניט וועגען דעם, און אַז אפילו ביי זיי איז הויז ווייס קיינער ניט וואוהין ער איז נעגאַנגען. ער האָט עס אַלץ אונטערנומען אויף זיין אייגענעם חשבון, ווייל ער האָט געפיהלט, אַז דער אמת מוז באַווי־זען ווערען. ער צווייפעלט אויך ניט אַז די פאַרזאַמעלטע וועלען זיין פאַראינ־טערעסירט נאָר אין אמת.

דער שררה האָט געהייסען חיים שמעון'ען וואַרטען אין דעם גרויסען וואַרט־צימער און ער אַליין איז מיט'ן גלח אריין אין אַ זייטיגען חדר דאָרט צו באַטראַכטען דעם גאַנצען ענין. בעת חיים שמעון איז געזעסען אין דעם גרויסען וואַרט־צימער, האָבען קוזיצקי און ניקאָלאַיעוו פּלוצים זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם און מיט רציחה אין זייערע אויגען זיך געוואָלט אַ וואַרף טהאָן אויף איהם של‍אָגען. חיים שמעון האָט זיך אָבער פלינק אויסגעדרעהט פון זייערע הענט. ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף אַ באַנק און דאָן פון איין באַנק אויף דער צווייטער און איז באַלד צוריק געווען אין דעם פריהערדיגען חדר, וואו די אַנדערע שטאָטישע פיהרער זיינען געבליבען וואַרטען אויפ'ן שררה און דעם גלח.

ניקאָלאַיעוו און קוזיצקי זיינען געווען נאָך איהם און האָבען איהם באַלד געפּאַקט און איהם אָנגעהויבען של‍אָגען. חיים שמעון איז אָבער געווען אַ שטאַרקער און פלינקער בחור'ל. ער האָט ניקאָלאַיעוו'ן אַ שטאַרקען שטויס געטהאָן און יענער איז אומגעפאַלען מיט זיין גאַנצער הויך, אָנשלאָגענדיג זיך מיט דער נאָז אויף אַ באַנק. בלוט האָט אָנגעהויבען גיסען פון זיין נאָז. קוזיצקי האָט זיך אָבער געהאַט פאַרמאָסטען אויף איהם. חיים שמעון האָט אַ שפּרונג געטהאָן און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט מיט איין אָרעם איהם אַרומגעכאַפּט אַרום האַלז און מיט דעם פויסט פון דער צווייטער האַנד אָנגעהויבען של‍אָגען איהם אין פּנים. קוזיצקי איז פאַר אַ וויי‍ל געווען הילפלאָז. חיים שמעון האָט דערוויי‍ל צוריק זיך באַפרייט און איז צו־געלאָפען צו די שטאָט־פיהרער זיך צו שיצען הינטער זייערע פּלייצעס.

קוזיצקי און ניקאָלאַיעוו זיינען געווען אין גרויס צאָרן. זייער קרבן האָט זיך אויסגעדרעהט פון זייערע הענט און זיי אַליין האָבען דערביי געהאַט אַריינגעכאַפּט קלעפּ. דער פּאָרזיצער און דער גלח האָבען זיך שוין אָבער צוריקגעקעהרט, זיי האָבען געהאַט געהערט דעם טומעל. זיי האָבען געוואָלט וויסען וואָס עס איז געשעהן. קוזיצקי און ניקאָלאַיעוו האָבען געהאַט די חוצפה צו זאָגען אַז חיים שמעון איז געווען דער ערשטער זיי צו באַפאַלען.

עס האט געדארפט הייסען, אז ווען זיי זיינען ארויס אין גרויסען ווארט צימער נעהמען א טרונק וואסער, איז חיים שמעון זיי באפאלען שלאגען.

חיים שמעון האט נאטירליך געלייקענט און איז באשטאנען, אז עס איז געווען פונקט דער היפוך. ער האט געבעטען דעם שרה אויסצופרעגען דעם וועכטער וואס האט זיך געפונען אין גרויסען ווארט־צימער און האט צוגע־זעהן ווי אלץ האט זיך אנגעפאנגען און דאן אויך די אנדערע מיטגלידער פון שטאטישען ראטה וואס האבען אלעם צוגעזעהען אין דעם פארזאמלונגס חדר. דער שרה, צוזאמען מיט'ן גלח, האבען דאן אנגעהויבען אויספארשען דעם גאנצען ענין. אין א האלבער שעה ארום האבען זיי ארויסגעטראגען דעם אורטייל, אז היות ווי מען קען דא ניט גענוי פאנאנדערקלייבען זיך און כדי מען זאל דעם אמת איינמאל פאר אלע מאל ארויסקריגען, סיי בנוגע דעם גע־שלעג און סיי בנוגע דעם עצם ענין וועגען דער באשולדיגונג, אז אידען הא־בען ערמארדעט א קריסטלאך קינד, על כן איז ביי זיין געבליבען, אז מען זאל די צוויי גוים, קוזיצקי'ן און ניקאלאיעוו'ן, און דעם אידישען בחור'ל, חיים שמעון'ען, איינטיילען שמיץ. קוזיצקי און ניקאלאיעוו זאלען קריגען צו צוואנ־ציג שמיץ און חיים שמעון זאל קריגען פופצעהן שמיץ.

באלד נאכ'ן פסק האט דער שרה באפוילען אריינצופיהרען די דריי פאר־משפט'ע אין דעם "בלינדען חדר" — א חדר אהן פענסטער — וואו זיי זא־לען געהאלטען ווערען ביז מען וועט יעדען באזונדער נעהמען אויפ'ן באנק צו שמייסען. אין דערזעלביגער צייט האט דער שרה אויך געהייסען רופען יאן רעאוס'ן וועלכער איז געווען א מומחה אויף איינטיילען שמיץ, אז ער זאל באלד צוגרייטען ריטער צו שמייסען די פאר'משפט'ע.

ניקאלאיעוו און קוזיצקי זיינען געווען דערשלאגענע. זיי האבען קוים געקענט זיך האלטען אויף די פיס. בלויז חיים שמעון האט זיך געהאלטען פעסט און דרייסט און האט ניט געצייגט קיין צייכען פון שוואכקייט און דערשראקענקייט.

אויפ'ן פארשלאג פון גלח האט מען געווארפען גורל וועלכער זאל קריגען די שמיץ דער ערשטער. דער גורל איז געפאלען אויף קוזיצקי'ן. ווען אלץ איז געווען גרייט און יאן רעאוס האט שוין געהאט פארטיג זיינע ווייכע און שמאנגלע ריטער, האט מען אריינגעפיהרט קוזיצקי'ן אין דעם ספעציעלען חדר וואו אזוינע שמיץ פלעגען איינגעטיילט ווערען. אין דאזיגען חדר איז געשטא־נען א באנק אויף וועלכען מען פלעגט דעם פאר'משפט'ען צובינדען און געבען איהם זיין שטראף.

קוזיצקי האט זיך פרובירט ראנגלען מיט די שומרים, וואס האבען איהם אנגעהויבען צובינדען צו דער באנק. ער האט דערביי געכאפט ע'טארקע בוכ־צעס פון די שומרים וועלכע האבען מיט איהם געמאכט קליינע מחזוקות. מען האט פון איהם ארונטערגעצויגען זיינע קליידער און מען האט איהם איינגע־וויקעלט אין א נאסען ליילאך און איהם אנגעהויבען אויסציהען אויף דער באנק. יאן ר'עאוס און צוויי ארויסהעלפער זיינען געשטאנען מיט פארטיגע ריטער גרייט אנצופאנגען אויסצעהלען די שמיץ.

קוזיצקי האט זיך אויפגעהערט ראנגלען. ער איז געווען טויט פון שרעק זיין גאנצער קערפער האט געציטערט. דער שרייבער פון דער קאנצעלאריע

איז צו איהם צוגעגאנגען און איהם געפרעגט, אויב ער איז נישט גרייט זיך מודה צו זיין. קוזיצקי האט נאך פרובירט זיך האלטען שטייף. ער האט דער־קלעהרט, אז ער האט זיך ניט אויף וואס מודה צו זיין, אז חיים שמעון האט ניט דערצעהלט דעם אמת.

דער שררה האט געגעבען א צייכען צו רעאוס'ן אנצופאנגען זיין ארבייט. קוזיצקי'ס הענט און פיס זיינען געבונדען געווארען מיט שטריק. ער האט גע־שריען און זיך געקארטשעט פון וועהטאג. יאן רעאוס האט אנגעהויבען דער־לאנגען די שמיץ און דער שרייבער האט די שמיץ געצעהלט. ווען עס האט גע־האלטען ביי דעם זעקסטען שמיץ האט קוזיצקי מעהר ניט געקענט אויסהאל־טען די יסורים און האט אויסגערופען אז ער וועט דערצעהלען דעם אמת.

רעאוס האט ארונטערגעלאזט די האנט און דער שרייבער איז צוגעגאנ־גען צו קוזיצקי'ן צו הערען וואס ער האט צו זאגען. זיין וידוי איז אבער גע־ווען נאר א טיילווייזע. ער האט ניט געוואלט באשטעטיגען אלץ וואס חיים שמעון האט געזאגט.

דער פארזיצער האט זיך אנטזאגט אנצונעהמען די וידוי און האט רעאוס'ן געהייסען ווייטער אנגעהן מיט די שמיץ. רעאוס האט ווידער אנגע־הויבען דערלאנגען שמיץ און דער שרייבער האט געהאט אפגעצעהלט ביז פערצעהן. דער ליילאך אין וועלכען קוזיצקי איז געווען איינגעוויקעלט איז שוין געווען צוריסען אין שטיקער פון די מעכטיגע קלעפ. קוזיצקי'ס לייב איז געווען פול מיט וואונדען. בלוט האט פון די וואונדען געפלאסען. קוזיצקי האט אנגעהויבען שרייען אז ערשט איצט וועט ער אויסזאגען דעם אמת: חיים שמעון איז געווען גערעכט, אלץ וואס ער האט דערצעהלט איז געווען אמת.

אז מען איז פארטיג געווארען מיט קוזיצקי'ן, האט מען איז חדר ארייג־געפיהרט ניקאלאיעוו'ן. ער האט שוין געוואוסט, אז קוזיצקי האט זיך מודה געווען. ניקאלאיעוו האט ביים ארייננקומען אין חדר, געקענט זעהן ווי זיין חבר קוזיצקי ליגט אויסגעצויגען אויפ'ן באנק א פארבלוטיגטער, קרעכצענ־דיג פון גרויס יסורים. ניקאלאיעוו איז געווען בלייך און דערשראקען. ער האט גוט געוואוסט וואס איהם דערווארט. ער האט זיך אבער געמאכט מוטה און האט אנגעהויבען זאגען, אז דער אידישער בחור'ל, חיים שמעון, האט געזאגט ליגען און אז אויך קוזיצקי האט געזאגט ליגען.

דער באפעהל איז געגעבען געווארען, אז מען זאל ניקאלאיעוו'ן אויס־ציהען אויף דער באנק און אז עס זאלען איהם ארייננגעצעהלט ווערען די צוואנציג שמיץ וואס זיינען איהם צוגע'פסק'ענט געווארען. זיינע קליידער זיינען פון איהם ארונטערגעשלעפט געווארען און מען האט איהם איינגע־וויקעלט אין א נאסען ליילאך. מען האט איהם צוגעבונדען צו דער באנק, און יאן רעאוס האט איהם אנגעהויבען אויסצעהלען די שמיץ. ניקאלאיעוו האט געשריען פון וועהטאג, אבער האט קיין ווארט ניט געזאגט, ביז עס האט געהאלטען ביי דעם אכטען שמיץ. ער האט מעהר די יסורים ניט געקענט אויסהאלטען און האט אויסגערופען, אז ער איז גרייט זיך מודה צו זיין.

די שמיץ זיינען אפגעשטעלט געווארען און דער שרייבער איז צוגעקומען צו דעם פארבלוטיגטען ניקאלאיעוו'ן און פון איהם ארויסגעקראגען זיין

וידוי, אז חיים שמעון האט געזאגט דעם אמת און אז אויך קוזיצקי האט געזאגט דעם אמת, כאטש ניקאלאיעוו האט דורכאויס געוואלט שאפען דעם איינדרוק, אז קוזיצקי איז א סך שולדיגער ווי ער אליין.

ביידע צוררי היהודים זיינען, פארבלוטיגטע, אפגעפיהרט געווארען אין תפיסה און א שטארקע וואך איז געשטעלט געווארען זיי צו היטען. חיים שמעון'ען, פארשטעהט זיך, האט מען גארניט געטהאן. אויף זיין איינענעם פארלאנג, דערפאר וואס עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאכט און אין ז'ויסען האט נאך אלץ געבושעוועט דער שטורם, האט מען איהם געגעבען א געלעגער אין דער קאנצעלאריע איבערצושלאפען די נאכט. אויף מארגען פריה איז ער אוועק אהיים און האט אין הויז קיין ווארט ניט געזאגט וועגען דעם וואס עס איז געשעהן. ווי אלע שבת איז ער מיט זיין טאטען געגאנגען אין בית המדרש דאווענען און האט מתפלל געווען מיט גרויס כוונה ווי עס וואלט גארניט געהאט פאסירט. זיין פאטער, און אלע אנדערע בני בית, האבען געמיינט, אז ער האט די נאכט געשלאפען ביי זיין חבר אין הויז. קיינער האט גארניט געדאכט אז ער האט באוויזען אזא בריה'שקייט.

קיינער אין שטעטעל וואלט בכלל ניט געוואוסט וואס עס איז יענעם פרייטאג־צו־נאכט פארגעקומען אין דער קאנצעלאריע. זונטאג פארנאכט האט אבער איינער פון די ראשי הקהל פון ליאזנע זיך געטראפען מיט איינעם פון די גוים וואס זיינען געווען אין דער קאנצעלאריע און יענער האט דעם אידען דערצעהלט די מערקווירדיגע פאסירונג. אבער ער האט ניט געקענט אנגעבען ווער אזוינס עס איז געווען דער אידישער בחור'ל וואס האט באוויזען אזא העלדישקייט. ווארים חיים שמעון האט ניט אנגעגעבען קיין פרטים וועגען זיך. ער האט אפילו ניט געזאגט ווי ער הייסט אדער ווער עס איז זיין טאטע. די גוים זיינען געווען אזוי פארנומען מיט די געשעהענישען ארום זיי, אז זיי האבען וועגען דעם זיך גארניט נאכגעפרעגט.

דינסטאג פון יענער וואך זיינען די ראשי הקהל פלוצים גערופען געווארען אין דער קאנצעלאריע און עס איז זיי פארמעל איבערגעגעבען געווארען דאס וואס דער דערמאנטער גוי האט שוין געהאט דערצעהלט דעם אידען. אלע האבען איצט געהערט דעם גרויסען חידוש, אז א בלוט־בלבול איז געווען צוגעגרייט געגען די אידען פון ליאזנע, אבער א אידישער בחור'ל האט דעם בלבול צושטערט.

די ראשי הקהל האבען איצט געוואלט וויסען ווער דער דאזיגער בחור'ל איז געווען. דאס האט אבער קיינער אין דער קאנצעלאריע ניט געוואוסט. דער שררה פון שטאט האט אליין געוואלט וויסען ווער אזוינס דאס איז געווען און ער האט טאקע באלד אויפגעפאדערט די ראשי הקהל, אז זיי זאלען, אין משך פון צוויי טעג צייט, ניט נאר אויסגעפינען ווער דאס איז געווען, נאר איהם טאקע אויך ברענגען צו איהם אין דער קאנצעלאריע.

מען האט איצט איבער ליאזנע אנגעהויבען ארומזוכען אט דעם העלדישען בחור'ל. אלע האבען געוואלט וויסען ווער ער איז. דער עיקר איז מען געווען פאראינטערעסירט איהם צו געפינען דערפאר וואס דער שררה פון שטאט האט באפוילען איהם צוצושטעלען אין דער קאנצעלאריע. חיים שמעון האט געהערט וואס עס טהוט זיך אין ליאזנע און ווי אלע ריידען פון זיינע

מעשים, אבער ער האט געשוויגען און זיך ניט געוואלט ארויסגעבען. דער רב האט דאן אויסגערופען אין שוהל, אויפפאדערענדיג דעם געהיימנים־פולען בחור'ל זיך צו אנטפלעקען. ער האט דערביי מודיע געווען, אז אויב ער וועט דאס ניט טהאן וועט ער האבען אויף זיך א גרויסע זינד. ערשט דאמאלס איז חיים שמעון געקומען צום רב און האט אויסגעזאגט דעם סוד, אז דאס איז ער דער בעל דבר. אויף מארגען האבען די ראשי הקהל גענומען מיט זיך חיים שמעון'ען און זיינען געקומען צום שררה אין דער קאנצע־לאריע. דער שררה האט געזאגט עטליכע לויט־ווערטער חיים שמעון'ען און האט ארויסגעגעבען א פסק פאר ניקאלאיעוו'ן און קוזיצקי'ן: מען זאל זיי ביידען איינטיילען צו נייע פינף־און־צוואנציג שמיץ דערפאר וואס זיי האבען באליידיגט דעם גלח און איהם, דערמיט וואס זיי האבען זיי געוואלט מאכען פאר שותפים אין א שענדליכען בלבול.

דער שררה האט אויך איינגערופען א גרויסע פארזאמלונג פון די גוי'שע איינוואוינער און האט געצוואונגען ניקאלאיעוו'ן און קוזיצקי'ן צו דערצעהלען וועגען דעם בלבול וואס זיי האבען געוואלט מאכען אויף די אידען. גלייכצייטיג איז ארויסגעגעבען געווארען א ווארנונג, אז קיינער זאל ניט וואגען אנצוריהרען א אידען, ווייל זיי זיינען אומשולדיג. דער שררה האט אויך אויפגעפאדערט אלע עהרליכע קריסטען צו באשיצען די אידען גע־גען א מעגליכען איבערפאל. ניקאלאיעוו און קוזיצקי זיינען געמאכט גע־ווארען פאראנטווארטליך מיט זייערע לעבענס פאר יעדען אנפאל וואס וועט געמאכט ווערען אויף אידען.

ביי די אידען אין ליאזנע איז איצט געווען א שמחה. אלע האבען גע־וואוסט, אז דער העלד פון טאג איז חיים שמעון. מען האט איהם פון דאן אן אנגעהויבען רופען "דער כוואט".

חיים שמעון האט אבער פון דעם ניט געמאכט קיין וועזען. ביי איהם האט עס געזאלט זיין א גאנץ געוויינליכע זאך. ער איז ווייטער אנגעגאנגען מיט זיין לערנען און באלד נאך פסח איז ער געפאהרען קיין מינסק לערנען אין דער דארטיגער ישיבה ביי דעם גאון ר' אריה ליב, וועלכער איז געווען דער ראש הישיבה.

אין יאהר תצ"ז האט זיך חיים שמעון אין דער ישיבה באקאנט מיט צוויי תלמידים וואס האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע כשרונות. איינער איז געווען אברהם, א זוהן פון ר' שמואל דער רב פון פויזען, און דער צוויי־טער איז געווען ישראל, דער זוהן פון ר' משה פון ליסע. אברהם, וועלכער איז געווען אין זעלבינגען עלטער וואס חיים שמעון, איז גראד געווען דער היפוך פון דעם ליאזנער בחור. בעת חיים שמעון איז געווען א געוואגטער און אן אנטשלאסענער, איז אברהם געווען א גרויסער פחדן. אפילו ביי טאג האט ער מורא געהאט צו זיין אליין אין הויז. ביינאכט האט ער מורא געהאט אליין צו געהן אין דרויסען. ער האט זיך תמיד געשראקען פאר זיין אייגענעם שאטען. דאס האט זיך ביי איהם גענומען פון דער גרויסער שרעק וואס ער, און זיין משפחה, האבען דורכגעמאכט אין יאהר תצ"ו.

די דאזיגע שרעק איז געקומען פון א בלוט־בלבול וואס די גוים אין פויזען האבען געמאכט אויף די דארטיגע אידען. א סך אידען פון שטאט

זיינען ארעסטירט געווארען. די סכנה איז געווען גרויס. דער גביר, בעל צדקה און שתדלן פון פויזען, ר' יעקב, וועלכער איז געווען שטארק אנגעזעהען אין רעגירונגס־קרייזען, און דעם גאון ר' אריה ליב דרשן, זיינען געווען צווישען די ארעסטירטע.

דערפאר וואס אט די צוויי גדולים זיינען געווען אזוי חשוב, האט מען זיי אויסגעקליבען פאר די קרבנות פון דער אידישער קהלה אין פויזען. מען האט זיי ביידען געפייניגט מיט אלערליי שוידערליכע עינוים אין תפיסה. מען האט פון זיי געוואלט ארויסצווינגען א ווידוי, אז אידען דארפען טאקע קריסטלאך בלוט פאר מצות. פארשטעהט זיך, אז די צוויי מארטירער, הא־בען, טראץ דער שרעקליכער אינקוויזיציע, כסדר געלייקענט. דאס האט אבער נאר געמיינט, אז זייערע פייניגער האבען זיי נאך מעהר געפייניגט. אזוי האט מען זיי געהאלטען אין מאטערען און פייניגען טעג נאכאנאנד, ביז זיי האבען אויסגעהויכט זייערע הייליגע נשמות.

ר' שמואל, אברהם'ס פאטער, צוזאמען מיט זיין גאנצער משפחה, זיי־נען אויך געווען אין גרויס סכנה. ווי אן אדם חשוב, וואלט ר' שמואל ווארשיינליך אויך געפייניגט געווארען, און, ווי די דערמאנטע קדושים, פאר־פייניגט געווארען צום טויט. אבער ווי דורך א נס איז ער מיט זיין משפחה אנטלאפען קיין לאנצבורג. אט די שרעק האט זיך אויף דעם יונגען אברהם'ן געלייגט ווי א שווערע משא און האט איהם פארפאלגט א לאנגע צייט.

זייענדיג אין לאנצבורג האט אברהם זיך א נדר געטהאן צו געהן צו פוס קיין מינסק דארט צו לערנען אין דער ישיבה. צוויי אנדערע יונגעלייט פון לאנצבורג זיינען מיט איהם מיטגעגאנגען. אט אזוי זיינען זיך אין דער מינסקער ישיבה צוזאמענגעקומען צוויי יונגעלייט, וואס יעדער פון זיי האט געהאט דורכגעמאכט אן עלילת דם, אבער מיט גאנץ אנדערע רעזולטאטען. סיי פאר די קהלות פון וועלכע זיי זיינען געקומען און סיי פאר זיך אליין.

## מה.

## ווען אידען דארפען שוץ

**אן אנדער מעשה מיט אן עלילת דם אין ליאזנע. — דער אלטער שמש פון ליאזנע און דעם מוסר השכל וואס ער האט גענומען פון די אמאליגע יאהרען.**

אין דער מינסקער ישיבה, וואו חיים שמעון פון ליאזנע, און אברהם פון פויזען, האבען זיך באקאנט, האבען זיי צווישען זיך אפט איבערדער־צעהלט איינער דעם צווייטען זייערע דערפאהרונגען אין שייכות מיט די בלוט בלבולים, וואס זיי האבען דורכגעמאכט אין זייערע שטעט. חיים שמעון האט אויך געהאט צו דערצעהלען וועגען א צווייטען עלילת דם אין ליאזנע. דער דאזיגער עלילת דם איז אין פארגעקומען מיט א סך יאהרען פריהער, דאמאלס ווען ליאזנע האט ערשט אנגעהויבען זיך צו אנטוויקלען ווי א אידישער ישוב. די מעשה וועגען אט דעם עלילת דם, — וואס האט אויף איהם געמאכט א גרויסען רושם — האט חיים שמעון געהאט געהערט פון דעם אלטען שמש פון ליאזנע, ר' יקותיאל.

דער דאזיגער ר' יקותיאל איז געווען א באוואוסטע פיגור אין ליאזנע.

ער איז געווען איינער פון די עלטסטע מענשען אין שטאט. אלץ וואס מען האט געוואוסט וועגען זיין עלטער איז געווען, אז ר' משה דער וועכטער, וועל־בער איז שוין געווען ארום הונדערט יאהר אלט, און זלאטע חוה די הייבאם, זיינען געווען עלטער פאר איהם. ר' יקותיאל האט געדענקט ליאזנע ווען זי האט געהאט ניט מעהר ווי פינף און דרייסיג אידישע משפחות. זיין טאטע, ר' אלחנן, איז דאמאלס געווען דער ראש הקהל.

דער אלטער שמש, ר' יקותיאל, האט געדענקט ווען די רוסען האבען געהאט איינגענומען וויטעבסק און די גאנצע געגענט ארום, איינשליסענדיג ליאזנע. ער איז בעת יענער מלחמה, אין יאהר ת"ד, געווען שוין אריבער בר מצוה. א סך אידען זיינען אין יענער מלחמה נתעשר געווארען, זיין פא־טער און פעטער בתוכם. ער אליין, נאכדעם ווי זיין פאטער האט איהם פאר־שדכנ'ט מיט דער טאכטער פון ר' מרדכי דעם סופר פון קאלישק, האט זיך געהאט גענומען צו מסחר און אנגעהויבען צושטעלען דעם רוסישען מילי־טער פראוויאנט, און איז אויך נתעשר געווארען.

בעת דער רוסישער קאמאנדיר שערעמעטיעוו האט פארנומען וויטעבסק האט ער דארט ארעסטירט א סך אידען. ער האט אבער קיינעם ניט געריהרט אין ליאזנע. א סך אידען פון וויטעבסק, מורא האבענדיג אז מען וועט זיי ארעסטירען, האבען זיך איבערגעקליבען קיין ליאזנע און די אידישע קהלה דארט האט אנגעהויבען וואקסען. ר' יקותיאל פלעגט אויף דער עלטער תמיד האבען אויסצוזעצען געגען דער הנהגה פון די ליאזנער ראשי הקהל און פלעגט זאגען, אז ווען זיין טאטע איז געווען ראש הקהל איז געווען אנדערש. דער עיקר האט ער געהאט אויסצוזעצען געגען דער הנהגה פון די ליאזנער עשירים, וואס זיי לעבען אזוי ברייטלאך און לאזען זייערע ווייבער זיך פוצען. ר' יקותיאל האט געהאלטען אז אין דעם שטעקט :: גרויסער איבעל, אז דאס רייסט אויף די אויגען פון די גוי'שע שכנים און אז דאס פיהרט צו מסירות און אנדערע צרות.

אין דעם פרט האט דער אלטער ר' יקותיאל געהאט זיין אייגענעם קוק אויף זאכען. ער פלעגט זאגען אז אידען און גוים, זיינען צוויי באזונדערע וועלטען. דער אויבערשטער, האט ער געזאגט, האט דעם עולם הזה אוועקגע־געבען עשו'ן און דעם עולם הבא — יעקב'ן. אבער כדי יעקב זאל קענען הא־בען א קיום אויף דער וועלט, האט דער אויבערשטער איהם אויך אפגעגע־בען א חלק פון עולם הזה. דעם אידענ'ס עולם הזה איז אבער גאנץ אנדערש פון דעם גוי'ס. דעם אידענ'ס עולם הזה איז איינגעוויקעלט אין מצוות. דער איד קען זיך קיין קעהר ניט טהאן אהן צו דארפען דערביי עפעס מקיים זיין א מצוה. אויפ'ן טיהר פון א אידישער הויז מוז זיין א מזוזה. זיינע בגדים דארפען האבען ציצית. זיין פעלד דארף מקיים זיין די מצוות פון לקט, שכחה און פאה. ווען ער עסט און טרינקט מוז ער זאגען ברכות אין אנפאנג און צום סוף. קורץ, דער איד קען ניט הנאה האבען פון עולם הזה אהן א ברכה. אויב ער טהוט דאס ניט איז פונקט ווי ער וואלט באגאנגען גזילה, און דער אויבערשטער ברענגט דערפאר אויף איהם צרות און יסורים. דער איד דארף אבער פאר זיך אנהויבען רופען צום רבונו של עולם, טהאן תשובה מיט'ן גאנצען הארצען, און אלע זיינע חטאים ווערען איהם פארגעבען.

וואס איז נוגע די מעשה וועגן עלילת דם, וואס ר' יקותיאל האט דער־צעהלט, און חיים שמעון האט שפעטער איבערדערצעהלט, האט ער עס גע־האט איבערגעגעבן אין נאמען פון זיין זיידען ר' אלישע, וועמען מען האט גערופען "דער זיסער", דערפאר וואס ער פלעגט תמיד באגלייטען זיינע רייד מיט די ווערטער: "דער זיסער טאטע אין הימעל".

איינמאל איז אין ליאזנע אנגעקומען א נייער גלח, א שונא ישראל. האט ער אנגעהויבען האלטען דרשות אין קלויסטער פול מיט גיפט און שנאה צו אידען. די ליאזנער גוים האבען אזוינע רייד נאך ניט געהערט, צום ערשטען מאל אז אימיצער האט זיי אנגעהויבען אריינקלאפען אין די קעפ, אז מען דארף אידען פיינט האבען.

ווען ווינטער איז אנגעקומען, און עס האט זיך אנגעהויבען דערנעהענ־טערען צו פסח, האט דער גלח מודיע געווען די גוים, אז זיי זאלען היטען זייערע קינדער, ווייל אידען דארפען קריסטליך בלוט כדי דאס אריינצוקנע־טען אין די מצות, זיי גנב'ענען דערפאר קריסטליכע קינדער און קוילענען זיי.

דאס האט אויף די גוים געמאכט א גרויסען רושם. ביז דאמאלס זיינען די גוים געווען געוואוינט צו קומען אין אידישע הייזער, שבתים און ימים טובים, כדי צו פארזוכען די אידישע מאכלים מיט וועלכע מען האט זיי מכבד געווען. גרויס הנאה פלעגען די גוים האבען פסח ווען מען האט זיי אין א אידיש הויז מכבד געווען מיט מצה. זיי האבען די מצה פארשלונגען און זיך שטארק פאסמאקאוועט.

איצט, אז זיי האבען געהערט פון דעם גלח, אז די מצה איז געקנאטען מיט קריסטלאך בלוט און אז גוים דארפען זיך צו דעם ניט צוריהרען און אויך ניט צו קיין אנדערע אידישע מאכלים, האבען די אויפגעהעצטע גוים אנגע־הויבען קומען צום גלח און זיך מתודה זיין פאר איהם אויף די "זינד" וואס זיי זיינען באגאנגען אין עבר.

די גוים האבען אנגעהויבען זיך אפטיילען פון די אידען, און די אידען האבען אנגעהויבען מורא האבען צו באגעגענען זיך מיט גוים. די שנאה צו זיי מצד די גוים איז שטארק געוואקסען. דער רב פון ליאזנע, דער אכציג יאהריגער ר' שמאי און די ראשי הקהל האבען שוין געפיהלט, אז א גרויס געפאהר שוועבט איבער די אידישע קעפ און זיי האבען אויסגערופען אין בית המדרש, אז אין א מארק־טאג זאלען אידען ניט ארויס פון זייערע הייזער. די מאנסבילען האבען נאר געזאלט געהן אין בית המדרש דאוונען. עס איז אויך אויסגערופען געווארען אז די קינדער, אנשטאט צו געהן צו זייערע מלמדים אין חדר, זאלען זיך, צוזאמען מיט די מלמדים, פארזאמלען איז בית המדרש.

עס איז געווען א פאר טעג נאך פורים. פלוצלונג זיינען אין ליאזנע אנ־געקומען באוואפענטע זעלנער און האבען ארעסטירט צוויי אידען. דער רב און די ראשי הקהל האבען געקראגען צו וויסען, אז די צוויי ארעסטירטע אידען ווערען באשולדיגט, אז זיי האבען גע'גנב'עט א קריסטליך קינד, כדי איהם צו קוילען און באנוצען זיין בלוט פאר פסח. אזוי ווי דאס קינד איז נאך מעגליך ניט "געקוילעט" געווארען, על כן זיינען די ראשי הקהל מיט'ן רב אויפגעפאדערט געווארען, אז זיי זאלען דאס קינד צוריקקעהרען א לעבעדיגס.

אויב אָבער דאָס קינד איז שוין געשאָכטען געוואָרען, זיינען זיי אויפגעפאָדערט געוואָרען אָפּצוגעבען דעם קערפּער. אין פאַל דאָס וועט ניט געטהאָן ווערען, וועלען די צוויי ארעסטירטע אידען געשאָכטען ווערען. אלע איבעריגע אידען אין ליאזנע וועלען אויסגע׳הרג׳עט ווערען און זייערע הייזער וועלען פאַרברענט ווערען.

ניט קוקענדיג אויף זיין הויכען עלטער, האָט דער רב, ר׳ שמאי, אויף זיך באַלד גענומען א תענית פון דריי מעת לעת. צו אָט דעם תענית זיינען אויך צוגעשטאַנען א רייהע בעלי בתים, און אזוי איז עס געוואָרען א תענית צבור. די פרויען פון ליאזנע זיינען אַלע געגאַנגען טבילה און האָבען אָנגעהויבען שפּינען וואָל פאַר קנויטען פאַר ליכט — א פּאָדים פאַר יעדע אידישע נשמה, קיין אונטערשייד צווישען מאַן און פרוי און קיין אונטערשייד צווישען יונג און אַלט. יעדעם קנויט איז צעטיילט געוואָרען פאַר צעהן ליכט. באַזונדערע קנויטען זיינען געשפּונען געוואָרען, פון וועלכע יעדער פּאָדים איז געווען פאַר א באַוואוסטען רשע און צורר היהודים. דעם צעטעל פון די דאָזיגע רשעים און שונאי ישראל האָט צוגעגרייט דער רב. אויף׳ן דאָזיגען צעטעל האָבען זיך געפונען אזוינע רשעים ווי נמרוד, המן און אַנדערע וואָס האָבען אָנגעטהאָן צרות אידען. די קנויטען פאַר די רשעים זיינען צעטיילט געוואָרען אין דרייען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג פון תענית, פאַר מנחה, האָט מען געבראַכט די נשמה־ליכט אין בית המדרש און זיי אָנגעצונדען. קינדער פון זעקס און זיבען יאָהר אַלט, וועלכע האָבען ארויסגעצויגען א זכה־בגורל, האָבען די ליכט אָנגעצונדען. דאַן האָט דער עולם געזאָגט דעם קאַפּיטעל תהילים קי״ט און עס איז אויסגערופען געוואָרען, אז יעדער זכר פון דרייצעהן יאָהר און עלטער און יעדע נקבה פון צוועלף יאָהר און עלטער מוז אויף זיך נעהמען א תענית וואָס זאָל דויערען א גאַנצען מעת לעת. אין משך פון דעם תענית זאָל אויך זיין פאַרבאָטען צו טהאָן א מלאכה. דער גאַנצער עולם האָט דעם גאַנצען מעת לעת פאַרבראַכט אין בית המדרש און געזאָגט תהילים.

אויפ׳ן דריטען טאָג נאָך תפילת שחרית איז די גאַנצע עדה אידען געגאַנגען אויף׳ן בית הקברות און געזאָגט תהילים אויף די קברים פון די הייליגע. די שטאָט האָט זיך געהאַט צעטיילט אין צוויי מחנות. בעת איין מחנה איז געווען אויף׳ן בי׳ עלמין האָט די צווייטע דערוויל אכטונג געגעבען אויף די הייזער.

נאָך מיטאָג האָט זיך דער עולם ווידער פאַרזאַמעלט אין בית המדרש. דער רב האָט געהאַלטען א דרשה און דאַן האָט דער גאַנצער עולם געזאָגט וידוי. דער רב און צוויי זקנים, אָנגעטהאָן אין טלית און קיטעל, האָבען זיך אוועקגעשטעלט אויף דער בימה מיט שוואַרצע ליכט אין די הענט. איין זקן איז געשטאַנען ביים רב צו רעכטס און דער צווייטער צו לינקס. דער רב האָט אויסגערופען, אז זיי, זאַלבעדריט, זיינען מכוון געגען דעם בין דין של מעלה. אויף דער בימה זיינען אויך ארויף דער חזן, ר׳ ישעיה, און דער גבאי, ר׳ ברוך.

דער ארון הקודש איז געעפענט געוואָרען און דער גבאי ר׳ ברוך האָט געבלאָזען שופר. דער חזן ר׳ ישעיה האָט דאַן אָנגעהויבען זאָגען דעם קאַפּיטעל

תהילים ע"ט און דער עולם האט נאכגעזאגט פסוק פאר פסוק. דער גבאי האט דאן ווידער געבלאזען מיט'ן שופר און דער חזן האט געזאגט א נייעם קאפיטעל תהילים, ק"מ, וואס דער עולם האט נאכגעזאגט פסוק פאר פסוק.

גורל איז געווארפען געווארען און פיער מענשען פון דער עדה האבען זוכה געווען צו זיין די וואס זאלען ארויסנעהמען פיער ספרי תורה. די ספרי תורה זיינען געטראגען געווארען איבער'ן בית המדרש און יעדער פון עולם האט א קוש געטהאן די מענטעלאך. נאכדעם זיינען די ספרי תורה איבער־געגעבען געווארען צו די וואס זיינען געשטאנען ארום רב און דער אלטער רב האט געלייענט פון א פארמעט א חרם נגעגן דעם יעניגען וואס האט גע'־גנב'עט דאס קריסטליך קינד. דער חרם האט געזאלט חל זיין אויף יעדען וואס האט געהאט א שייכות מיט'ן גנב'ענען דאס קינד.

כאטש דער תענית ציבור איז שוין געווען געענדיגט, האט דער רב געלאזט אויסרופען, אז ביז וואנען די צרה וועט ניט זיין פאראיבער, זאל קיינער אין ליאזנע ניט עסען קיין פלייש אפילו ניט שבת. דער רב מיט די בעלי בתים, וואס האבען געפאסט דריי מעת לעת כסדר, האבען פארפאסט בלויז מיט א שטיקעל ברויט און ווארים וואסער און דאן ווייטער געפאסט.

דעם פאלגענדיגען שבת, צוויי טעג נאכדעם ווי דער חרם איז אויסגערופען געווארען, זיינען דער רב און די ראשי הקהל גערופען געווארען צו דער פא־ליציי. דארט האט זיך אויך געפונען דער צורר היהודים'דיגער גלח. די אידען זיינען ווידער געווארענט געווארען, אז אויב זיי וועלען ביז דינסטאג ניט צור־ריקקעהרען דאס קריסטליך קינד, לעבעדיג אדער טויט, וועט בלוטיגע נקמה גענומען ווערען פון דער גאנצער אידישער קהלה. דער גלח האט געהאט די חוצפה צו פארלאנגען, אז דער גרייז־גרויער רב זאל קושען דעם צלם, וואס איז געהאנגען אויף א זילבערנע קייט ארום זיין האלז. דער רב האט אבער אויף דעם געענטפערט מיט שטאלץ און ווירדע, אז אזא פאדערונג קען נאר קומען פון א ממזר און א מומר להכעיס, ווייל אן עהרליכער מענש, אן אמת גלויבי־גער, וועט ניט וועלען צווינגען אימיצען, אז ער זאל טהאן עפעס וואס איז נעגען זיין גלויבען. דער גלח איז אריין אין א גרימצארן, אבער ער האט גע־מאכט א שוויג.

דערווייל האט דער גלח ארויסגעשיקט ספעציעלע שלוחים איבער די דערפער, אנזאגענדיג די גוים, אז זיי זאלען אויף מארגען, זונטאג, קומען אין קלויסטער. א גרויסער המון האט זיך פארזאמעלט אין קירך. דער גלח האט געהאלטען א דרשה און ווידער דערצעהלט די גוים, אז אידען באנוצען קריסט־ליך בלוט אין די מצות וואס זיי עסען פסח. ער האט דאן באקאנט געמאכט, אז עס איז שוין איבער א וואך ווי א קריסטליך קינד איז גע'גנב'עט גע־ווארען. עס איז קיין ספק, האט ער געזאגט, אז דאס איז די ארבייט פון די אידען.

פון צווישען המון האט זיך דערווייל ארויסגערוקט א פויער, וועלכער האט אנגעהויבען זיך רופען צום גלח, דערקלעהרענדיג, אז ער איז צו איהם געשיקט געווארען מיט א ספעציעלער שליחות. די שליחות איז געווען פון א צווייטען פויער פון זיין דארף. יענער פויער, האט ער דערצעהלט, איז מיט א פאר טעג צוריק פלוצים קראנק געווארען. ער האט געקראגען א וועהטאג אין

הארצען און אין קאפ. אין עטליכע שעה ארום איז ער געשטארבען. פאר זיין טויט האט ער גערופען אט דעם גוי, וואס האט די דאזיגע מעשה דערצעהלט, און איהם געבעטען, אז ער זאל געהן צום גלח און איהם דערמאנען וועגען זיין צוזאג, אז ער וועט אט דעם פויער וואס איז געשטארבען, אריינברייגנען באלד אין גן עדן אריין. דערביי האט יענער פאר'ן טויט איבערגעגעבען דעם פויער, אז דעם צוזאג האט דער גלח איהם געהאט געגעבען צוליב דעם וואס ער און א צווייטער האבען, אויף'ן גלח'ס פארלאנג, גע'גנב'עט א קריסטליך קינד און עס באהאלטען ביי זיינעם א ברודער אין א דערבייאיגען דארף, כדי מיט דעם אנצושרעקען די אידען.

דער גלח האט אקארשט געהאט פארענדיגט זיין דרשה, ווען דער פויער האט אנגעהויבען דערצעהלען הויך אויף'ן קול, וואס ער פארלאנגט פון איהם. דערהערענדיג דעם פויער'ס רייד, איז דער גלח פאר א ווייל געווארען מבולבל. ער איז אבער באלד געקומען צו זיך און האט אנגעהויבען שרייען, אז דער פויער איז שיכור און ווייס ניט וואס ער רעדט. ער איז בלויז געקומען שטערען די תפילה. ער האט דעם פויער געהייסען ארויסווארפען פון קלויסטער. דער פויער האט נאך דערביי געכאפט קלעפ.

דער פויער איז געווען צעטומעלט. ער האט ניט באגריפען וואס דא איז פארגעקומען. מיט וואס אזוינס ער האט זיך פארזינדיגט ביים גלח, אז ער האט איהם אזוי באהאנדעלט. דער פויער האט דאן גאר אומשולדיגערהייט אנגעהויבען איבערדערצעהלען פאר די גוים אין דרויסען, וואס עס איז פארגעקומען מיט זיין שכן און וואס יענער האט איהם דערצעהלט פאר'ן טויט.

אין דערזעלביגער צייט האט מען זיך דערוואוסט, אז אויך דער צווייטער גוי, וואס האט געהאלפען באהאלטען דאס קריסטליך קינד, איז פלוצים קראנק געווארען און געשטארבען. מען האט זיך אויך דערוואוסט, אז דער גלח איז ביי איהם געווען פאר'ן טויט. אין דעמזעלביגען טאג, נאך איידער דער גלח האט פארענדיגט זיין תפלה אין קלויסטער, זיינען אנגעקומען צוויי גוים, באגלייט פון א פאליציאנט, מיטברייגנענדיג מיט זיך דאס קריסטליך קינד, וואס איז געווען פארשוואונדען און צוליעב וועמען דער בלוט-בלבול איז געמאכט געווארען אויף די אידען. דאס קינד איז געציינט געווארען פאר דעם גאנצען המון. אלע האבען איצט געוואוסט, אז די אידען זיינען אומזיסט באשולדיגט געווארען.

ווי אזוי דאס קינד איז פלוצים געבראכט געווארען א לעבעדיגס קיין ליאזנע איז געווען גאר פשוט: איינער פון די פאליציאנטען, וועלכער איז אלע מאל געווען פריינטליך צו אידען און האט די גאנצע צייט ניט געוואלט גלויבען, אז אידען נוצען קריסטליך בלוט אויף פסח, האט גראד געהערט וואס דער פויער האט געהאט צו דערצעהלען וועגען דעם וואס זיין שכן האט איהם איבערגעגעבען פאר זיין טויט. מיט דעם אלם שפור, האט דער פאליציסט גענומען מיט זיך צוויי מענשען און איז מיט זיי אוועק אין דארף, וואו דאס אינגעל האט געזאלט זיין באהאלטען. דארט האבען זיי דאס אינגעל טאקע געפונען און איהם מיטגענומען מיט זיך קיין ליאזנע. זיי האבען דערביי זיך דערוואוסט, אז דאס איז אלץ געטהאן געווארען אויפ'ן פארלאנג פון גלח, וועלכער האט אפען געהאט דערקלעהרט, אז ער וויל מיט דעם זיך נוקם זיין אז

די אידען. שפעטער האט דאס אינגעל געזאלט אריינגעגעבען ווערען אין א מאנאסטיר. דער גלח האט געהאט אונטערגעקויפט די פויערים, וואס האבען דאס קינד גע'גנב'עט און דעם, אין וועמעס הויז דאס קינד, איז געווען באַהאלטען.

ווען דער המון האט דערזעהן דאס קינד א לעבעדיגס איז געווארען א טומעל. דער גלח איז פאר א ווייל געווען פארלארען. ער האט זיך אבער באלד געשטארקט און מיט א קופערנעם שטערען איז ער ארויף אויפ'ן באלעמער און האט זיך אנגעהויבען צלמ'ען און שווערען, אז ער איז דא אינגאנצען אומשולדיג, אז אין דער אמת'ען האבען טאקע די אידען גע'גנב'עט דאס קינד און וואלטען איהם געווים געקוילעט, ווי זיי טהוען עס תמיד, ווען זיי דארפען קריסטליך בלוט אויף פסח. אבער ער, דער גלח, האט זיך פון דעם דערוואוסט און געמאכט א טומעל. האבען זיך די אידען דערשראקען און באַשלאסען דאס קינד צוריקצוקעהרען. אבער אפגעבען דאס קינד, ווי עס באַדארף צו זיין, וואלט דאך באוויזען, אז זיי גיבען צו, אז זיי האבען דאס קינד גע'גנב'עט, זיינען זיי דערפאר געפאלען אויף דער המצאה, וואס זיי האבען אונטערגעקויפט דעם פאליציסט און די צוויי קריסטען וואס האבען איהם מיטגעהאלפען, אז זיי זאלען דערצעהלען א גאנץ אנדער געשיכטע וואס זאל נאר מאכען איהם, דעם גלח, פאר'ן שולדיגען.

נאך די דאזיגע רייד, וואס האט דעם המון צעטומעלט, איז דער גלח אומגעפאלען אויפ'ן באלעמער אין חלשות. מען האט איהם געדארפט טראגען אהיים און איהם אריינלייגען אין בעט. דערווייל איז אויף דער סצענע אנגעקומען דער הויפט פון דער פאליציי און, הערענדיג וואס דער גלח האט געטהאן, פרובירענדיג זיך ריינוואשען, האט ער אויסגערופען פאר'ן המון, אז אלע זאלען וויסען, אז די אידען זיינען אומשולדיג. ער האט אויך געווארענט, אז דער וואס וועט וואגען לייגען א האנט אויף אידען וועט געהאנגען ווערען.

ער האט גלייך געגעבען א באפעהל, אז די צוויי אידען וואס זיינען געווען אין תפיסה אויף דער קלאגע, אז זיי האבען גע'גנב'עט דאס גוי'איש אינגעל, זאלען באלד באפרייט ווערען און אז אלע אידען זאלען קריגען צו וויסען, אז דער בלבול געגען זיי איז אפגעווישט געווארען. דער הויפט פון דער פאליציי האט אויך אויסגערופען, אז די פויערים וואס האבען זיך פארזאמעלט פון די ארומיגע דערפער זאלען זיך באלד צוגעהן אהיים.

ביסלעכוויז איז דער המון זיך צוגאנגען. אויפ'ן מארק, אין צענטער פון שטאט, זיינען געבליבען נאר די גוים פון שטאט ליאזנע גופא. די צוויי ארעסטירטע אידען זיינען דארט געבראכט געווארען און דער הויפט פון דער פאליציי האט דאן אויסגעקליבען צוויי פון די עלטסטע גוים און דערקלעהרט, אז עס איז זייער און זיין חוב צו ברייגען די צוויי ארעסטירטע אידען צום רב און זיי איהם איבערגעבען אלס פרייע מענשען און דערביי זיך פאר איהם אנטשולדיגען וואס אזא טעות איז געמאכט געווארען.

דערווייל האט זיך איבער דעם אידישען קווארטאל פון ליאזנע צעטראַגען, אז דער הויפט פון דער פאליציי, מיט צוויי פון די עלטסטע גוים פון ליאזנע, פיהרען די צוויי ארעסטירטע אידען. קיינער האט ניט געוואוסט וואס עס איז געשעהן. האבען די אידען געמיינט, אז דאס פיהרט מען די צוויי

ארעסטירטע אידען צו זייער הינריכטונג. אימיצער האט געהאט ארויסגעזאגט די סברא, אז מען האט שוין די דאזיגע צוויי אידען פאר'משפט צום טויט און אז מען פיהרט זיי צום שוהל, וואו מען וועט זיי קוילען פאר אלעמען אין די אויגען און דאן וועט מען זייערע קערפערס איינוויקלען אין ספרי תורה און זיי פארברענען. האט צווישען די אידען אויסגעבראכען א יללה. אבער ווי גרויס עס איז ניט געווען די שרעק האבען זיך די אידען אנגעהויבען פאר־זאמלען אין שוהל.

אין שוהל איז שוין פון פריהער געווען פארזאמעלט דער רב און די ראשי הקהל, וועלכע זיינען געזעסען איינגעוויקעלט אין טלית און אין קיטעל און געזאגט תהילים. אז דער עולם איז געווארען גרעסער און אז דער רב און די ראשי הקהל האבען געהערט, אז מען פיהרט די צוויי ארעסטירטע אידען צום שוהל, האבען זיי זיך אויפגעהויבען און געקומען דעם הויפט פון דער פאליציי אנטקעגען. גלויבענדיג אז דאס מיינט דער סוף פון דער גאנצער עדה אידען, האט איינער פון די ראשי הקהל, וואס האט געקענט ריידען גויא'יש, זיך געווענדעט צום הויפט פון דער פאליציי און מיט תחנונים פון איהם פארלאנגט, אז אויב עס דערוואַרט אלעמען דער טויט, זאל ער כאטש זיי געבען א שעה צייט כדי דער עולם זאל קענען דאווענען מנחה בצבור און זאגען ווידוי.

דער הויפט פון דער פאליציי האט זיך צולאכט. ער האט דערקלעהרט, אז ער איז ניט געקומען די אידען טהאן שלעכטס, נאר ביי זיי בעטען מחילה דערפאר וואס דאס פארשוואונדען קינד האט זיך אפגעזוכט און דער אמת האט זיך ארויסגעוויזען. די אידען פון ליאזנע האבען זיך מעהר ניט געהאט וואס צו שרעקען. דער עולם האט אויפגענומען די גוטע בשורה מיט פרייד און איז זיך צוגאנגען אהיים. דער רב און די ראשי הקהל זיינען אבער ווייטער געבליבען אין שוהל צו פארענדיגען דעם תענית וואס זיי האבען אויף זיך גענומען.

נאך אין זעלביגען טאג האט מען געהערט, אז דער גלח איז געפעהרליך קראנק און אז ער קריכט ממש אויף די ווענט פון יסורים. צוויי וואכען צייט איז ער געווען אין יסורים און איז דאן געשטארבען. אידען ווי ניט־אידען אין ליאזנע און פון די ארומיגע שטעטלאך און דערפער, האבען געוואוסט, אז די וואס האבען געהאט א האנט אין צוגרייטען דעם עלילת דם געגען אידען האבען געכאפט א מיאוסען אפשנים.

## מו.

### גאוה און בעלי־גאוה'ניקעס

דער ענין פון גאוה און פארוואס דאס איז געגען דעם אידישען גייסט — ר׳ שמעון חיים וועלכער האט ניט געקענט פארטראגען בעלי־גאוה־ניקעס און בארימער.

דער תלמיד, ישראל, מיט וועמען חיים שמעון האט זיך באקאנט אין דער מינסקער ישיבה, האט געהאט די אויסצייכענונג, וואס ער איז געווען א גרויסער קענער אין מאטעמאטיק און אסטראנאמיע. דערצו איז ער אויך געווען א גרויסער קינסטלער אין האלץ־שניצעריי. אידער ער איז געקומען קיין

מינסק, האט ער פיער יאהר פארבראכט אין דער ישיבה פון דעם גאון ר' מרדכי. טאקלים אין בערלין, וואו ער האט זיך געלערענט די אלע חכמות. אין משך פון צוויי יאהר צייט האט ער זיך אפגעגעבען מיט בויען א קליינעם בית המקרש'ל, וועלכער האט פארנומען צוויי איילען אויף צוויי איילען.

חיים שמעון, וועלכער האט שוין לאנג געהאט א נייגונג צו מאטעמאטיק און אסטראנאמיע, האט איצט, מיט ישראל'ס הילף, זיך מעהר אפגעגעבען מיט די דאזיגע חכמות און די פריינדשאפט צווישען די צוויי תלמידים איז געוואקסען. אין משך פון זיין אויפהאלט אין דער מינסקער ישיבה איז חיים שמעון געבליבען א יתום. ביידע, זיין פאטער און מוטער, זיינען איינע נאך די אנדערע נפטר געווארען. זיינע חברים האבען זיך משתתף געווען אין זיין צער. חיים שמעון האט געזוכט טרייסט אין דעם וואס ער האט זיך אפגעגעבען נאך מעהר מיט לערנען תורה און אויך מאטעמאטיק מיט ישראל'ס הילף.

ישראל איז פאר'שדכן'ט געווארען אין מינסק גופא. ער איז געווארען דער איידים פון א געוויסען ר' שמואל זאנוויל, וועלכער איז געווען א בארשטער פון פלאקס. דער דאזיגער ר' שמואל זאנוויל איז געווען איינער פון די באוואוסטע לומדים, אבער האט געוואלט ניט אנדערש ווי זיך צו מפרנס זיין פון מלאכה. בעת ער פלעגט בארשטען דעם פלאקס פלעגט ער אויך אויסוויינינג איבערגעהן איין מסכת נאך דער צווייטער.

דער איידים איז אויך געגאנגען אין דעם זעלביגען דרך וואס זיין שווער. ער האט ניט געוואלט אפילו עסען קעסט ביי זיין שווער. באלד נאך דער חתונה האט ער זיך גענומען צו א מלאכה. בעת ער איז געווען אין בערלין, האט ער געהאט געזעהן א מאשין צו מאכען וואליקעס. האט ישראל איצט פון זכרון אליין צוזאמענגעשטעלט אזא מאשין און האט אנגעהויבען מאכען וואליקעס פון וואס ער האט באלד פון אנפאנג געהאט פרנסה בהרחבה.

שפעטער, אז חיים שמעון איז אויסגעקליבען געווארען פון דעם דאבראמיסלער מוליער, ר' יוסף'ן, אלס חתן פאר זיין אייניקעל, א יתומה, איז ער פארבליבען אויף נאך א יאהר אין דער מינסקער ישיבה, האט ער פאר דער צייט באשלאסען זיך ביי ישראל'ן אויסצולערנען ווי צו מאכען וואליקעס, כדי ער זאל האבען נאך דער חתונה פון וואס צו ציהען חיונה. ער האט פון ישראל'ן זיך אויך אויסגעלערענט ווי צוזאמענשטעלען די מאשין.

נאך דער חתונה האט חיים שמעון זיך אין דאבראמיסל איינגעארדענט א ווארשטאט און האט אנגעהויבען מאכען וואליקעס. זיין סחורה איז אין גיכען מפורסם געווארען און מען פלעגט פון נאהנט און פון ווייט קומען צו איהם קויפען וואליקעס.

חיים שמעון איז געווען א גאר פריינטליכער מענש און א גרויסער בעל מדה. מען האט זיך אין שטאט באלד אנגעהויבען צוהערען צו זיינע מיינונגען און זיך מיט זיי רעכענען. כאטש נאך גאר א יונגערמאנטשיק, האט מען איהם געהאט אויסגעקליבען צו זיין איינער פון די פארשטעהער ביים חויפט

פון שטאט אין אלע קהל'שע ענינים. פארשטעהט זיך, אז מען האט איהם שוין אנגעהויבען רופען ר' חיים שמעון.

ר' יוסף'ן האט מען שוין לאנג געהאט אויפגעהערט רופען "מוליער" ווייל ער האט שוין מעהר ניט געמאכט קיין אויוועגס און האט זיך מפרנס געווען פון זיין גארטען און פעלד. אליין פלעגט ער כסדר זיצען על התורה ועל העבודה. ער האט זיך נוהג געווען א פאר שעה דורד'ן טאג צו כאפען א דרעמעל אין א שטיבעל פון בית מדרש אויף דער הארטער באנק.

מען פלעגט איהם אפט פרעגען: ר' יוסף, אויב שלאפען קענט איהר דאך דאס בעסער טהאן אין דערהיים אויף א ווייכען געלעגער!

אויף דעם האט ער תמיד געענטפערט, אז ער געדענקט גוט די טעג, ווען ער איז געווען אין דער ישיבה און האט כסדר געשלאפען אויף דער הארטער באנק. אגב, האט ער געזאגט, איז עס דאך ווי די תורה זאגט: כך דרכה של תורה: פה במלח תאכל, מיט במשורה תשתה ועל הארץ תישן.

— אויב מען איז א צו גרויסער מפונק — פלעגט ער זאגען — האט מען ניט קיין הצלחה אין לערנען.

צו ר' חיים שמעון'ען איז ר' יוסף געווען שטארק צוגעבונדען. זיי האבען עטליכע מאל אין וואך געלערענט צוזאמען און ביידע האבען שטארק הנאה געהאט איינער פון צווייטען'ס לומדות. איין זאך האט אבער ר' יוסף'ן פאר־שאפט עגמת נפש און דאס איז געווען וואס ר' חיים שמעון איז געווען א היציגער און האט ניט פארשווינגען, ווען ער האט געזעהן ווי אימיצער ציינט ארויס גאוה אדער האט פרובירט זיך מיט עפעס ריהמען. האט יענער געמענט זיין דער גרעסטער תלמיד חכם, ר' חיים שמעון האט איהם ניט געשווינט.

ביי ר' חיים שמעון'ען איז די שנאה צו גאוה און באריהמעריי געלעגען ממש אין בלוט. ער האט עס געלערענט פון זיין ערשטען מלמד און האט עס אויך געלערענט פון ר' יקותיאל'ן דעם ליאזנער שמש. ר' יקותיאל האט אויך קיינמאל ניט געקענט פארטראגען מענשליכע גדלות. אין חיים שמעון'ס זכרון האט זיך באזונדער איינגעקריצט דאס, וואס ר' יקותיאל האט אמאל געהאט געזאגט וועגען פרעה מלך מצרים און זיין גאוה. פרעה, כידוע, פלעגט דער אל־טער ר' יקותיאל זאגען, האט זיך געהאלטען פאר א גאט. ער האט געוואגט פרעגען מיט חוצפה: ווער איז עס דער אידישער גאט, אז איך זאל זיך דארפען צוהערען צו איהם? אט צוליב זיין גדלות — האט ר' יקותיאל געזאגט — האט איהם דער אויבערשטער באשטראפט מיט די צעהן מכות און האט איהם דערנאך מיט זיין גאנצען חייל דערטרונקען אין ים סוף. אויך קרח האט געכאפט זיין פסק נאר צוליב זיין גאות — פלעגט ר' יקותיאל זאגען.

אט דערפאר פלעגט ר' חיים שמעון פשוט אויפגעקאכט ווערען, ווען ער האט געהערט פון וועמען ניט איז, האט יענער געמענט זיין א גרויסער חשוב, אזוינס וואס האט געשמעקט מיט גאות. ר' חיים שמעון האט יענעם

שארף אויסגערעדט און איז איהם אריינגעפאהרען, ווי מען זאגט, מיט א גר־בערנאטאר אין זייט, אז יענער האט שוין געהאט צו געדענקען.

אפט זיינען צוליב דעם ארויסגעקומען איבעררייִדען. ניט יעדער האט געוואלט ארונטערשלינגען דאס וואס ר' חיים שמעון האט געהאט צו זאגען. נאך אלעם דעם איז ער דאך געווען א יונגערמאנטשיק. א סך האבען געמיינט, אז עס איז פון זיין זייט אן עזות זיך צו שטעלען געגען עלטערע און חשוב'ערע מענשען ווי ער. אויך ר' יוסף אליין האט ניט געקענט פארטראגען ר' חיים שמעון'ס רייד, כאטש אין תוך האט ער מיט איהם מסכים געווען און האט אליין ניט געקענט פארטראגען קיין גאוה. ער האט אבער געמיינט, אז דער יונגער ר' חיים שמעון דארף זיין מעהר איינגעהאלטען.

זיינען אפט צווישען די צוויי פארגעקומען היציגע ויכוחים. איינער האט דעם צווייטען אפגעשלאגען מיט מאמרי חז"ל. ר' חיים שמעון האט אבער תמיד איהם מנצח געווען מיט דער גמרא אין סנהדרין ק"א: "אמר ר' נחמן גסות הרוח שהיתה בו בירבעם טרדתו מן העולם" (האט געזאגט ר' נחמן, אז די גאוה וואס איז געווען אין ירבעם'ן האט איהם פארטריבען פון דער וועלט).

— די גאוה, דאס איז דאס ערגסטע אין מענשען — פלעגט ר' חיים שמעון וועלען באווייזען זיין פרוי'ס זיידען — פון דעם קומט ארוים אלע שלעכטס. דאס איז מטמא די תורה, און ווי אזוי קען מען אימיצען פארגעבען, אז ער איז מטמא די תורה? אט זאגט דאך די גמרא עדות אויף דער גדלות פון ירבעם'ן. אין סנהדרין ק"ב ווערט געזאגט אויף'ן פסוק אין מלאכים י"ח, "וימצא אותו אחיה השילוני הנביא בדרך והוא מתכסה בשלמה חדשה ושניהם לבדם בשדה" און אחיה השלוני דער נביא האט איהם (ירבעם'ן) באגעגענט אויף'ן וועג און ער איז געווען צוגעדעקט מיט א נייע קלייד אוןביידע זיינען געווען אליין אין פעלד). פרעגט די גמרא: וואס עפעס א ניי קלייד? זאגט אויף דעם ר' נחמן, אז פונקט ווי א נייע קלייד האט אויף זיך ניט קיין פעהלער, אזוי האט ירבעם'ס תורה אויך זיך ניט געהאט קיין פעהלער. אן אנדערער זאגט, אז זיין תורה איז געווען ווי א ניי קלייד, ווייל מען האט פון איהם געהערט אזוינע חידושים וואס מען האט פריהער פון קיינעם נאך ניט גע־האט געהערט. ווייטער ווערט דארט געפרעגט, וואס באדייט דאס וואס עס ווערט געזאגט, אז זיי זיינען ביידע געווען אליין אין פעלד? זאגט אויף דעם ר' יהודה, אז אלע תלמידי חכמים זיינען צו זיי געווען גלייך ווי די גראז פון פעלד. עס איז אויך פאראן א "דאיכא דאמר", אז דאס איז אן אנדייטונג אויף דעם וואס אלע טעמים פון דער תורה זיינען צו זיי געווען אנטפלעקט ווי דאס פעלד.

ר' חיים שמעון פלעגט דאן אויספיהרען:

— היינט זעהט איהר שוין צו וואס גאוה פיהרט? די גאנצע גדלות אין תורה איז ירבעם'ן ניט ביינעשטאנען. ער איז געווארען דער חוטא ומחטיא את הרבים. ער האט געבראכט נאר שלעכט אויף אידען און אויף זיך.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער אלטער ר׳ יוסף פלעגט האבען אפטע ויכוחים מיט זיין אייניקעל׳ס מאן, ר׳ חיים שמעון׳ען, האבען זיי אבער געלעבט בשלום. ר׳ חיים שמעון איז אויך געווען באליבט ביי אלע אנדערע אין דאבראַ־מיסל. דאס האט אזוי אנגעהאלטען ביז עפעס האט פאסירט, און פאסירט האט עס גראד אין מרחץ.

דער מרחץ אין דאבראמיסל, ווי אין אלע אנדערע שטעט און שטעטלאך, איז געווען א וויכטיגער מוסד. צוויי טעג א וואך, מיטוואך פאר ווייבער, און פרייטאג פאר מענער, האט דארט געשוויבעלט און געגריבעלט מיט מענשען. א גאנצע וואך האט מען דעם מרחץ ניט געהייצט. מען פלעגט דארט נאר אנווארימען דעם קעסעל, כדי צו מאכען ווארימער דעם וואסער אין דער מקוה פאר די וואס פלעגען גהן טבילה. דער דאבראמיסלער מרחץ האט זיך געהאט אויסגעצייכענט מיט דעם אויוועז וואס ר׳ יוסף האט דארט געהאט אויפגעשטעלט אין זיינע יונגע יאהרען. אט דער אויוועז האט געגעבען היץ באלד ווי מען האט אויף די הייסע שטיינער ארויפגעגאסען עטליכע שעפע־לאך וואסער. די היץ פלעגט דאן זיין אזוי גרויס, אז די וואס זיינען געווען אויף דעם אויבערשטען פאל האבען געמוזט ארונטער נידעריגער.

צוליב דעם וואס דער קעסעל איז ניט געווען גרויס גענוג, און דערפאר וואס אין דאבראמיסל איז געווען א תקנה, אז יעדערער איז בארעכטיגט צו לכל הפחות פינף שעפעלאך, האט מען געמוזט איינפיהרען, אז אין מרחץ זאל מען געהן כתות־וויז, כדי דער בעדער זאל קענען צושטעלען גענוג הייסע װאסער פאר אלעמען. אזוי האט זיך איינגעשטעלט, אז אין משך פון פרייטאג פלעגען די זעלביגע מענשען געהן אין מרחץ כתות׳וויין.

אין דאבראמיסל האט זיך דאמאלס אויפגעהאלטען דער זקן און באוואוס־טער למדן ר׳ בצלאל פון ראסאסנע, וועלכער איז געקומען צו גאסט צו זיין זוהן׳ס איידים, ר׳ יהושע פייטעל דער סופר. ר׳ בצלאל איז פאר איבער פער־ציג יאהר געזעסען און געלערענט אין פרישות. ער האט גע׳שם׳ט פאר זיין חריפות און בקיאות און אויך פאר זיין יראת שמים.

ר׳ בצלאל האט באזונדער גע׳שם׳ט מיט זיין תמימות און מיט דעם וואס ער איז געווען אפגעהיט מיט יעדעס ווארט וואס איז ארויס פון זיין מויל. ער איז בכלל געווען א גרויסער זהיר אין מצוות. כדי צו זיין זיכער אז די פרשיות פון זיינע תפילין אדער די מזוזה אויף זיין טיר זיינען כשר, פלעגט ער בודק זיין די אותיות מיט א פארגרעסער גלאז. ער האט געוואלט זיין זיכער, אז אין די אותיות געפינען זיך ניט קיין ווייסע פינטעלאך, וואס זיינען ניט אויסגע־פילט מיט׳ן טינט. יעדען טאג, איידער ער האט געלייגט תפילין, האט ער דעם של ראש און דעם של יד געמאסטען מיט א ספעציעלער מאס, וואס ער האט געהאט ביי זיך, כדי צו זיין זיכער, אז די פיער־קאנטיגקייט פון די תפילין איז ניט מכולה געווארען.

ר׳ בצלאל האט אויך געהאט לעבען זיך אימיצען וואס האט געהאט די עובדה אכטונג צו געבען, אז ווען ער לייגט תפילין זאל דער של יד זיין פונקט דארט וואו ער באדארף צו זיין און דער של ראש זאל אויך זיין דארט וואו דער דין זאגט אז ער זאל זיך געפינען. דער דאזיגער מענש פלעגט שטעהן

לעבען ר' בצלאל'ן די גאנצע צייט וואס ער האט געדאוונט און אכטונג גע־געבען, אז ניט דער של יד און ניט דער של ראש זאלען זיך ארונטערוקען.

ר' בצלאל האט אויך שטארק אפגעהיט די מצוה פון כבוד תלמידי־חכמים. ער האט אליין די דאזיגע מצווה אפגעהיט און האט אויך געוואלט אז אנדערע זאלען זי אפהיטען. כדי מזכה צו זיין מענשען מיט דער מצוה פון כבוד תלמידי־חכמים, האט ר' בצלאל תמיד מפרסם געווען וועגען זיין לומדות און זיין צדקות. עס האט געזאלט הייסען, אז דורך דעם וואס מען וועט איהם אפגעבען דעם געהעריגען כבוד וועט יעדער מקיים זיין די מצוה, וועלכע איז א מצוה־עשה. האט טאקע ר' בצלאל, וועלכער איז שוין געווען איבער אכציג יאהר אלט, געקראגען גרויס כבוד אין דאבראמיסל.

אז עס איז געקומען פרייטאג און ר' בצלאל איז געגאנגען אין מרחץ, האט ער אפילו דארט געקראגען גרויס כבוד. מען האט איהם אפגעגעבען א באזונדערען ארט און אלע האבען זיך פאר איהם אויפגעשטעלט. ר' חיים שמעון איז דאמאלס אויך געווען אין מרחץ און כאטש ער האט געוואוסט, אז אין מרחץ איז מען ניט מחויב זיך אויפצושטעלען און געבען אימיצען כבוד, האט ער עס אבער געמאן צוזאמען מיט די אנדערע אידען, דערפאר, וואס יענע זיינען געווען פשוט'ע מענשען און האבען ניט געוואוסט די סוגיא אין קדושין דף ל"ג, וואו עס ווערט געמאכט אן אונטערשייד צווישען די חדרים אין א מרחץ, וואו מענשען זיינען אנגעטהאן און וואו מען מעג אפילו ריידען דברי תורה, און וואו מען איז טאקע מחויב אפצוהיטען די מצוה פון כבוד תלמידי חכמים, און די חדרים, וואו מען וואשט זיך און וואו מענשען זיינען נאקעט. דארט טאר מען ניט ריידען קיין דברי תורה און דארט איז מען ניט מחויב זיך אויפצושטעלען פאר און געבען כבוד צו א תלמיד חכם. ר' חיים שמעון האט געטראכט, אז קיין שאדען וועט פון דעם ניט ארויסקומען און אריינלאזען זיך אין א ויכוח וועגען דעם מיט די פשוט'ע מענשען, וואלט אי געהייסען ריידען דברי תורה, וואס איז אין מרחץ פארבאטען, און אי דאס וואלט ניט געהאט קיין פעולה. יענע וואלטען איהם פשוט ניט פארשטאנען.

דערווייל האט זיך געמאכט, אז צוליב א וועלכער עס איז סיבה האט מיט אמאל אויסגעפעלט הייסע וואסער און אייניגע האבען אנגעהויבען שרייען צום בעדער און צו "נאניע'ן דעם פארשטשיק", אז זיי זאלען זיך אונטעראיילען און כאטש באזארגען דעם צדיק, ר' בצלאל'ן, מיט הייסע וואסער. בעת מעשה זיינען צוויי בעלי בתים געזעסען אויף א באנק אין דער זייט, זיך געוואשען און געשמועסט צווישען זיך טאקע וועגען ר' בצלאל'ן.

— עס איז שוין פערציג יאהר — האט איינער באמערקט צום צווייטען — ווי ער פראוועט פרישות.

די דאזיגע צוויי אידען האבען, דאכט זיך, גערעדט אזוי, אז קיינער זאל ניט הערען. ר' בצלאל אליין איז געזעסען אביסעל ווייטער און צו זיינע אויערען האבען יענע רייד ניט געזאלט גרייכען. אבער ר' בצלאל האט גראד יא געהערט.

— ניט קיין פערציג יאהר בין איך געזעסען אין פרישות נאר זיבען און

פערציג, און נאך מעהר מעגט איהר וויסען: פון דעם טאג וואס איך האב זיך גענומען אויף מיין דרך, האב איך קיינמאל ניט ארויסגעקוקט פון מיינע דלד אמות, — האט ער זיך אפגערו פען.

ווען ר' חיים שמעון האט דאס געהערט, האט זיין בלוט אין איהם אויפגעקאכט. ער האט דאס אנגענומען פאר א צייכען פון גאוה און זעלבסט־ליוב מצד דעם צדיק ר' בצלאל'ן, אבער ער האט זיך צוריקגעהאלטען און ניט געזאגט קיין ווארט. ערשט שפעטער, אז זיי זיינען געווען אין דעם צווייטען חדר, וואו מען טהוט זיך אז און זיי זיינען שוין אלע געווען אין זייערע מלבושים, האט ר' חיים שמעון זיך אפגערופען צו ר' בצלאל'ן:

— רבי, — האט ער צו איהם געזאגט — ווי עס קוקט אויס ארט איך גארניט וואס די תנאים און אמוראים ווי אויך אלע גאונים פסק'ענען, אז מען טאר ניט צייגען קיין שום סימן פון גאוה. איהר, רבי, האט זיך צוגע־הערט צו דעם וואס די צוויי אידען האבען גערעדט צווישען זיך וועגען אייך, זאגענדיג וועגען אייך פארשיידענע שבחים און איהר האט זיי נאך דערמאנט וועגען דעם, אז איהר זייט געזעסען אין פרישות נאך לענגער ווי זיי האבען געמיינט און ווי אזוי איהר זייט די גאנצע צייט געווען אפגעהיט ניט ארויס־צוקוקען ווייטער ווי אייערע דלת אמות! איז עס דען ניט קיין צייכען פון גאוה און זעלבסט־ליוב? די חכמים אונזערע האבען שטארק מחמיר געווען אין אט דעם ענין פון גאוה. דער גאון ר' אריה ליב, דער ראש מתיבתא פון מינסק, האט געזאגט אויף דעם וואס ר' יהודה זאגט אין נאמען פון רב (בבא בתרא, דף צ"ח), אז "כל המתגאה בטלית של תלמיד חכם ואינו תלמיד חכם אין מכניסין אותו במחיצתו של הקודש ברוך הוא" (דער וואס פוצט זיך אויס אין דעם בגד פון א תלמיד חכם און איז ניט קיין תלמיד חכם, לאזט מען איהם ניט אריין אין דער מחיצה פון דעם אויבערשטען). אויף דעם האט ר' אריה ליב געזאגט, אז דער פשט פון דעם איז ניט, אז דער וואס איז ניט קיין תלמיד חכם און פוצט זיך אויס אין דעם בגד פון א תלמיד חכם, אז דאמאלס באשטראפט מען איהם, נאר אז דער וואס איז טאקע באמת א תלמיד חכם אבער איז ניט אזא גרויסער תלמיד חכם ווי ער וויל, אז מען זאל איהם האלטען און ער מאכט דעם אנשטעל ווי ער וואלט געווען א פיעל גרעסערער תלמיד חכם ווי ער איז, דאן איז זיין שטראף וואס מען לאזט איהם ניט אריין אין דער מחיצה פון הקדוש ברוך הוא. ווארום אויב דער פשט וואלט טאקע געווען, אז דא האנדעלט זיך וועגען איינעם וואס איז אין גאנצען ניט קיין תלמיד חכם און מאכט דעם אנשטעל, אז ער איז עס יא, דאן איז ער דאך ניט מעהר ווי א ליגנער און די שטראף פאר א ליגנער איז דאך שוין א באשטימטע!

ר' חיים שמעון האט די דאזיגע רייד ארויסגעזאגט מיט פייער, ווייל ער האט טאקע געוואלט טרעפען דעם אלטען גאון אין וועמען ער האט פלוצים דערזעהן א ניצוץ פון גאוה און דאס האט איהם, ר' חיים שמעון'ען, שטארק אויפגעפלאקערט. די מענשען וואס זיינען געווען דערביי האבען געעפענט מויל און אויערען. אייניגע פון זיי האבען בכלל ניט פארשטאנען וואס אזוינס ר' חיים שמעון האט דא געהאט געזאגט. כאטש די תורה וואס ער האט געזאגט איז

ניט געווען אזוי טיעף, איז עס אבער געווען איבער זייער השגה. אבער אויך די וואס האבען איהם פארשטאנען און האבען גוט געוואוסט, אז ער האט דא שארף ארייגעזאגט דעם זקן, האבען קיין ווארט ניט געזאגט. איייניגע האבען אבער געפיהלט, אז ר' חיים שמעון האט געוואגט צו פיעל און אז עס איז פון זיין זייט א העזה צו ריידען אזוי צו א בארימטען צדיק.

## מז.

### די הייליגע ירושה

**דער סופר פון דאבראמיסל, וואס האט איבערגענומען די גייסטיגע ירושה פון זיין רבי'ן. — וויל א תשובה אויף חטאים וואס ער איז ניט באגאנגען.**

צווישען די וואס האבען זיך צוגעהערט ווי דער יונגער ר' חיים שמעון האט שארף אויסגערעדט דעם אלטען צדיק ר' בצלאל'ן פאר דעם וואס ער האט געזאלט האבען ארויסגעצייגט סמנים פון גאוה, איז געווען ר' יהושע פייטעל דער סופר, דער מאן פון ר' בצלאל'ס אייניקעל. דער דאזיגער ר' יהושע פייטעל איז געווען אן אויסערגעוויינליכער פרומאק. פון זיין סאמע יוגענט האט ער כסדר פארבראכט אין בית המדרש. ער איז געווען א תלמיד אין ר' גבריאל דעם דאבראמיסלער רב'ס ישיבה. עס איז געווען אויף ר' גבריאל'ס עצה וואס ר' יהושע פייטעל איז געווארען א סופר. ר' גבריאל איז אויך געווען זיין שדכן. די מלאכה פון א סופר האט ר' יהושע פייטעל זיך געלערנט ביי ר' פתחיה מאיר'ן, וועלכער איז געווען ניט נאר א סופר נאר האט אויך געמאכט בתים פאר תפילין. ר' יהושע פייטעל האט ביי ר' פתחיה מאיר'ן געארבייט פופצעהן יאהר.

ר' פתחיה מאיר איז געווען א זעלטענהייט אפילו צווישען סופרים. ער האט ניט געשריבען קיין ווארט און האט ניט אנגעפאנגען קיין בתים נאר אין א תענית. איידער ער האט זיך געזעצט שרייבען איז ער געגאנגען טבילה. דאן האט ער עטליכע מאל פאר זיך אליין איבערגע'חזר'ט, אז ער שרייבט פאר א הייליגען צוועק. ער איז אויך געווען באזונדער אפגעהיט ביים צוגרייטען דעם פארמעט און די טינט און די פעדער. אלץ האט ער געטהאן מיט גרויס קדושה און טהרה.

ר' יהושע פייטעל האט ביי זיין רבי'ן געלערנט ניט נאר די הייליגע מלאכה, נאר אויך ווי צו זיין אפגעהיט און פרום. ווען ר' פתחיה מאיר איז נפטר געווארען איז ר' יהושע פייטעל געווארען דער ממלא מקומו. ער האט אבער זיך שטארק געשראקען פאר דער גרויסער פאראנטווארטליכקייט וואס ער נעהמט אויף זיך. איז ער געקומען צו דעם רב, ר' גבריאל'ן, און מיט טרעהרען אין די אויגען ביי איהם זיך געבעטען, אז ער זאל איהם "באפרייען" פון אט דער גרויסער פאראנטווארטליכקייט וואס ער וועט אויף זיך נעהמען אויב ער וועט דארפען אידען פארזארגען מיט ספרי תורה, מיט תפילין און מזוזות. ער האט מורא געהאט, אז ער וועט ניט קענען גרייכען די מדרגה פון ר' פתחיה מאיר'ן.

— ווי קען איך זיך פארגלייכען צו דעם צדיק ר' פתחיה מאיר, זכרונו

לברכה? — האט ער געוויינט פאר ר' גבריאל'ן, — איך בין א שוואך און קליין מענשעל. איך וועל זיך בעסער נעהמען צו א פשוט'ער מלאכה.

ר' גבריאל האט איהם אבער ניט אפגעלאזט. ער האט איהם געטרייסט און געמונטערט. ער האט איהם צוגערעדט, אז ער זאל די מלאכה ניט אויפגעבען. ר' יהושע פייטעל איז ענדליך איינגעגאנגען אויף דעם, אבער מיט'ן תנאי, אז אימיצער זאל תמיד זיין לעבען איהם און זאל איהם דערמאנען וועגען דער הייליגקייט פון זיין מלאכה און זאל איהם אויך דערמאנען ווי וויכטיג עס איז, אז ער זאל אלץ טהאן לשמה. ער האט אויך געוואלט, אז יענער זאל איהם האלטען אין דערצעהלען ווי אזוי ר' פתחיה מאיר האט זיך נוהג געווען און ווי אזוי ער האט אריינגעלייגט ספעציעלע כוונות סיי אין צוגרייטען דעם פארמעט און סיי אין שרייבען אדער אין מאכען די בתים. ר' יהושע פייטעל האט אפילו מיט דעם זיך נאך ניט געוואלט נעהמען צו דער מלאכה ביז ער האט ניט געהאט א חלום אין וועלכען זיין רבי, ר' פתחיה מאיר, האט זיך צו איהם באוויזען און איהם אנגעזאגט, אז ער זאל ווערען דער סופר פון דאבראמיסל.

ר' גבריאל האט געמוזט פאר ר' יהושע פייטעל'ן אויסקלייבען אן ארויסהעלפער. דאס איז געווען ר' שמעיה, דער הינקענדיגער, א למדן און א ירא שמים. ר' יהושע פייטעל האט מיט איהם צוערשט געלערנט די דינים פון א סופר, און האט איהם אויך באקאנט מיט דער הנהגה פון זיין רבי'ן ר' פתחיה מאיר'ן, כדי ער, ר' שמעיה, זאל איהם קענען וועגען דער דאזיגער הנהגה דערמאנען, אבער אפילו דאמאלס האט נאך ר' יהושע פייטעל זיך נישט גענומען צו דער מלאכה איידער ער האט גענומען אויף זיך סגופים און געפאסט תעניתים. ער האט געפאסט ניט ווייניגער ווי הונדערט און צוואנציג תעניתים — דריי מאל פערציג — אויסלאזענדיג בלויז שבתים און יום טובים. ער האט אויך כסדר, נאכט איין און נאכט אוים, געפראוועט חצות און איז בכלל ניט ארוים פון בית המדרש. ערשט דאן האט זיך ר' יהושע פייטעל געפיהלט ראוי צוצוטרעטען צו דער הייליגער מלאכה פון א סופר.

ווען דער דאזיגער ר' יהושע פייטעל האט געהערט די מוסר פון ר' חיים שמעון'ען צו דעם צדיק ר' בצלאל'ען אין מרחץ, האט ער דערפיהלט ווי א ציטער געהט איהם אריבער איבער'ן לייב. די מוסר-רייד איז געווען אנגעמאסטען אויף איהם אליין. איז ער דען אליין ניט געווען געכאפט אין גאוה? אט האט ער ניט איינמאל זיך געפיהלט שטאלץ מיט זיין מלאכת הקודש. ניט איינמאל האט ער אנגעקוואלען פון די שעהנע תפילין וואס ער האט געמאכט און פון די שעהנע פרשיות און מזוזות וואס ער האט געשריבען. ער האט אפילו הנאה געהאט פון דעם וואס זיין ארויסהעלפער, ר' שמעיה, דער הינקענדיגער, פלעגט לויבען זיין ארבייט. היינט וויפיעל מאל האט ער אליין געלויבט זיין סחורה פאר די קונים! דאס אלץ האבען געזאלט זיין סמנים פון גרויסהאלטעריי און פון זעלבסט-באריהמעריי.

האבען דערפאר ר' חיים שמעון'ס רייד אויף דעם תמימות'דיגען סופר געמאכט אזא רושם, אז ער האט יענעם שבת ניט געקענט געפינען קיין מנוחה. באלד נאך שבת איז ער אוועק צו ר' דוד משה'ן, דעם דיין, און האט

איהם דערצעהלט ווי אזוי ער פיהלט זיך ווי א זינדיגער דערפאר וואס ער האלט זיך פאר א בעל גאוה. ער האט דערפאר פארלאנגט פון דעם דיין א תשובה. וואס איז נוגע להבא האט ער געלאזט וויסען, אז ער האט באשלאסען אויפצוגעבען זיין מלאכה און איבערלאזען ר' שמעיה'ן אויף זיין ארט.

ר' יהושע פייטעל האט דערביי אויך אנגעגעבען אז אנדער אורזאך פאר וואס ער וויל ווערען אויס סופר. ער האט געפיהלט ווי זיין ראיה ווערט קאליע און ער האט מורא געהאט, טאמער מאכט ער פעהלערען אין שרייבען ספרי תורה און פרשיות פאר תפילין. דער דיין האט זיך אנטזאגט איהם צו געבען וויין פארלאנגטע תשובה. ער האט איהם פארזיכערט, אז ער האט זיך מיט גאר־ניט פארזינדיגט, אז ער זאל דארפען נעהמען אויף זיך א תשובה. זעהענדיג, אז ער קען מיט דעם דיין גארניט מאכען, האט ר' יהושע פייטעל אליין גענו־מען אויף זיך א תשובה. ער האט זיך אנגעהויבען פייניגען מיט סגופים און תעניתים און האט אויפגעגעבען זיין מלאכה.

האט זיך די מעשה צוטראגען איבער'ן שטאט, אז ר' יהושע פייטעל איז געווארען אויס סופר. האט מען זיך אנגעהויבען נאכפרעגען וואס אזוינס עס האט פאסירט. אבער קיינער האט אויף דעם ניט געקענט געבען קיין גענויע תשובה. די סברות זיינען געווען צעטיילט. עס זיינען געווען אזעלכע וואס הא־בען געזאגט, אז ר' יהושע פייטעל האט געהאט א חלום אין וועלכען זיין אמא־ליגער רבי, ר' פתחיה מאיר, האט זיך צו איהם באוויזען און האט איהם אנ־געזאגט, אז ער זאל מעהר ניט בלייבען ביי דער מלאכה.

האט זיך ראבראמיסל אנגעהויבען טומלען.

אין דאבראמיסל איז געווען א איד מיט'ן נאמען ר' פנחס מרדכי, א למדן און א בעל צדקה. ער האט געזאגט א שיעור גמרא. דערפאר וואס ער איז ניט געווען געבענשט מיט קיין קינדער, האט ער אריינגענומען צו זיך אין הויז וויין ברודער'ס א אינגעל, א יתום. ר' פנחס מרדכי האט געהאט די טבע, אז ווען ער האט עפעס געהערט האט ער תמיד געוואלט וויסען וועגען דעם אלע פרטים. ער האט דאן זיך גענומען די מיה אויסצופארשען יעדען עניז וואס האט איהם אינטערעסירט און געהאלטען פאר וויכטיג.

אט דערפאר, אז ר' פנחס מרדכי האט געהערט די פארשידענע סברות וואס זיינען אין שטאט ארויסגעזאגט געווארען וועגען ר' יהושע פייטעל'ן, האט ער באשלאסען דעם עניז אויסצופארשען. האט ער אויסגעפונען, אז דאס איז דער פועל יוצא פון ר' חיים שמעון'ס רייד צו ר' בצלאל'ען. ער האט מיט דעם גורם געווען, אז ר' יהושע פייטעל זאל זיך פיהלען געטראפען. ר' יוסף האט זיך פון דעם דערוואוסט און זיין צער איז געווען גרויס. ער איז אוועק צו ר' בצלאל'ען און האט ביי איהם געבעטען מחילה פאר דעם וואס זיין אייניקעל'ס מאן האט געהאט די חוצפה צו איהם אזוי צו ריידען.

ר' בצלאל האט ר' יוסף'ן געטרייסט און איהם דערקלעהרט, אז אין דער אמת'ען האט ער גארניט אויף וואס זיך מצער צו זיין, ווייל ר' חיים שמעון האט איהם א טובה געטהאן. בעת ער, ר' בצלאל, האט קיין מאל ניט געהאט כדעה צו צייגען גאוה, האט אבער אימיצער זיינע רייד געקענט אננעהמען פאר גאוה און דורך דעם וואלט ארויס א קלקול.

אין א פּאָר וואָכען ארום האָט זיך ר' בצלאל צוריקגעקעהרט אהיים קיין ראסאסנע און אויך ר' יהושע איז אוועק פון דאבראמיסל. דער גאנצער עניז איז ביסלאכווייז פארגעסען געוואָרען. עס זיינען צוגעקומען נייע ענינים וואָס האָבען געהאלטען דאבראמיסל פאראינטערעסירט.

דערפאר וואָס ר' חיים שמעון פלעגט אזוי שטורמען געגען די בעל־גאווה'ניקעס און האָט ניט געקענט פארטראָגען קיין מענשען וואָס באריה־מען זיך און זוכען כבוד, האָט ער געהאט וויניג פריינט אין דאבראמיסל. אפילו ר' אליעזר ראובן דעם שמיד'ס צוויי עלטערע איידעמס האָבען ניט געצייגט קיין התקרבות צו ר' חיים שמעון'ען. דאָס איז זיכער געווען צו־ליעב דעם וואָס זיי האָבען געוואוסט, אז ר' חיים שמעון קוקט אויף זיי פון אויבען ארונטער טאקע דערפאר וואָס ער האָט זיי געהאלטען פאר מענ־שען וואָס ווילען אז מען זאָל וויסען וועגען זייער לומדות.

אנדערש זיינען אָבער געווען די באציהונגען צווישען דעם שמיד'ס דריטען איידעם, ר' יצחק שאול'ען, און ר' חיים שמעון'ען. דורך ר' יצחק שאול'ען, מיט וועמען ער האָט זיך באפריינדעט, האָט ר' חיים שמעון זיך אויך באקאנט מיט ברוך'ן, ווען יענער איז געקומען צו ר' יצחק שאול'ס שווער אויף פּסח.

ר' חיים שמעון און ר' יצחק שאול זיינען צוגעבונדען געוואָרען איי־נער צום צווייטען פון דעם ערשטען טאָג וואָס ר' יצחק שאול איז אָנגעקו־מען אין דאבראמיסל. ר' חיים שמעון איז געווען איינער פון די מחותנים אויף ר' יצחק שאול'ס חתונה. ר' יצחק שאול האָט דאַן, ווי דער שטייגער איז געווען, געזאָגט א דרשה וואָס האָט ארויסגערופען דעם לויב פון אלע לומדים. אויך ר' חיים שמעון האָט איהם געלויבט פאר דער דרשה.

— זאָלסט אָבער גאָר ניט זיין קיין בעל גאוה, — האָט ער גע'עצה'ט דעם חתן, — זיי ניט ווי אלע לומדישע יונגע לייט וואָס ווען זיי זאָגען נאָר א שטיקעל תורה, הויבען זיי זיך אַן בלאָזען.

ר' יצחק שאול, וועלכער האָט שוין געהאט אין זיך איינגעזאַפּט די תורה פון בעל שם דורך זיין פאטער, ר' ניסן, האָט פון אָט די רייד, וואָס ר' חיים שמעון האָט צו איהם געזאָגט דערפיהלט, אז ער האָט דאָ פאר זיך א גאָר אנדער מין יונגען מאַן. ער האָט באמערקט ווי די אנדערע לומדים ביים טיש, יונגע אזוי גוט ווי עלטערע, האָבען ארונטערגעבויגען די קעפּ. ר' חיים שמעון'ס רייד איז זיי ניט געווען געפעלען. זיי האָבען געפיהלט ווי ער וואָלט געהאט געציעלט געגען זיי. ר' יצחק שאול'ס פאטער וועלכער איז, ווי דער הויפּט מחותן, געזעסען ביים חתן, האָט געהערט וואָס ר' חיים שמעון האָט געזאָגט, האָט זיך צוגעבויגען צו זיין זוהן און געזאָגט:

— פון אָט דעם יונגען מאַן קען מען מאכען א מענש.

דער חסיד אין איהם האָט איהם געזאָגט, אז אין ר' חיים שמעון'ען רעדט דער אומבאוואוסטזיניגער נאכפאָלגער פון דער נייער חסידישער תורה וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דאמאלס באפעסטיגען אין דער אידישער וועלט. אָט די תורה איז דאָך טאקע געווען דער סאמע היפּוך פון דעם וואָס אָט די לומדים, געגען וועמען ר' חיים שמעון האָט געהאט אזוי שטארק אויסצוזעצען, האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט.

דערפאר האט ר׳ יצחק שאול באלד אנגעהויבען זיך פריינדלען מיט ר׳ חיים שמעון׳ען און האט שפעטער אויך צוזאמענגעבראכט ברוך׳ן מיט אט דעם מאכער פון וואליקעס. אויף יענעם באזוך אין דאבראמיסל האט ברוך זיך אויך באקאנט מיט אן אנדער יונגען מאן — חיים אליה׳ן — דער איידעם פון ר׳ זלמן פישעל דעם בן יחיד. דער דאזיגער ר׳ חיים אליה איז געווען גאר פון אן אנדער ליים געקנאטען. אויב ברוך האט זיך מיט איהם אין גאנצען פאראינטערעסירט, איז עס אפשר געווען צוליעב זיין שווער, וועלכער האט זיין גאנצען לעבען געטראגען דעם צונאמען "בן יחיד".

אט דעם צונאמען "בן יחיד", האט ר׳ זלמן פישעל געקראגען ניט דערפאר וואס ער איז טאקע געווען א בן יחיד, נאר צוליעב עפעס אנדערש. ער איז ביי זיין פאטער ר׳ אפרים׳ען געווען דער ניינטער. די אלע אנדערע אכט קינדער, זיהן און טעכטער, האבען אלע געלעבט. אויב ר׳ זלמן פישעל וואלט פארדיענט א צונאמען, וואלט מען איהם גאר געדארפט רופען "דער מוזיניק". אבער פון זיין סאמע יונגענט איז ר׳ זלמן פישעל געווען א ציטערדיגער, אן איידעלער, וואס האט ניט געוואלט און תמיד "מורא געהאט" זיך צוצוריהרען צו א וועלכער עס איז ארבייט.

זיינע עלטערן האבען איהם שטארק "פארצויגען" און ער אליין האט זיך נאך מעהר פארצויגען. זיינע עלטערן האבען זיך מיט איהם קיינמאל ניט געשפאפען ווי מיט אנדערע קינדער צו טהאן עפעס אן ארבייט אין הויז אדער אין גארטען, און ר׳ זלמן פישעל האט זיך אליין קיין מאל ניט אנגעבאטען, ווי דאס פאסירט אזוי אפט מיט קינדער, עפעס צו טהאן. ער האט קיין מאל ניט געוואלט געהן צום ברונים אדער טייך נאך וואסער און האט קיין מאל ניט געוואלט עפעס אויפהויבען א משא אדער אונטערטראגען א שווערע זאך. ער האט קיין מאל, ווי אנדערע קינדער, געוואלט אונטערטרייבען די ציג אדער די קוה אין פעלד אדער ברייננען זיי פון פעלד צום הויז. ער האט אויך גאר ניט געוואלט צולייגען א האנט צו וואס ניט איז. האט מען איהם דערפאר א נאמען געגעבען "דער בן יחיד", און אט דעם נאמען האט ער מיט זיך געטראגען אלע זיינע יאהרען.

דער נאמען האט איהם טאקע גוט געפאסט, ווייל אפילו אין זיינע שפעטערדיגע יאהרען האט זיך ר׳ זלמן פישעל געהאלטען אין פארציהען און האט קיינמאל ניט אריינגעטהאן קיין פינגער אין קאלטען וואסער, אט פונקט ווי ער וואלט געווען דער אייביגער בן יחיד. ער האט קיין מאל ניט געטהאן קיין וועלכע עס איז מלאכה און האט קיין מאל ניט געפיהרט קיין מסחר. ביז דער חתונה איז ער געזעסען ביי זיין טאטענ׳ס טיש און ווען ער האט חתונה געהאט איז ער געזעסען ביי זיין שווער׳ס טיש.

זיין שווער איז געווען ר׳ אברהם דן דער קצב. ר׳ זלמן פישעל איז ביי איהם געזעסען אויף קעסט ניט ווייניגער ווי צוואנציג יאהר, ביז דער שווער איז נפטר געווארען. אבער אויך דאמאלס האט ר׳ זלמן פישעל גארניט געדארפט און גאר ניט געוואלט טהאן כדי מפרנס צו זיין ווייב און קינדער. די ברויט-געבעריין איז דאמאלס געווארען זיין ווייב.

ר׳ זלמן פישעל איז געווען א שטיקעל יודע ספר, אבער ווי נאר ער האט

געעפענט א גמרא אזוי האט ער זיך באלד דערמאנט, אז ער דארף עפעס טהאן א קליינינקייט און אנשטאט זיך צו פארטיעפען אין לערנען, איז ער אוועק טהאן דאס וואס איז נאר געווען אז אויסרייד ניט צו לערנען. ר' זלמן פישעל האט תמיד געהאט ביי זיך אין קעשענע א לעקעכעל, א קיכעלע אדער גאר א צוקערקעלע און א פרי. ביי יעדער געלעגענהייט האט ער עפעס ארויס־גנומען פון קעשענע און געקייט. ער האט כסדר געהאלטען אין זאגען, אז ער האט א "שוואך הארץ" און טאר עס נישט לאזען פאר'חלש'ען.

א גרויס שוואכקייט האט ר' זלמן פישעל געהאט צו דאווענען פאר'ן עמוד. שבתים און יום טובים איז דאך געווען אפגערעדט. ער וואלט פשוט אוועקגעגעבען דאס לעבען כדי צו קענען דאווענען פאר'ן עמוד. אבער אויב ניט קיין שבת'דיגען אדער יום־טוב'דיגען דאווענען, איז אויך גוט געווען א וואכעדיגער דאווענען.

און אז ר' זלמן פישעל האט געדאווענט פאר'ן עמוד, האט מען אויך געקענט פיהלען דעם בן יחיד. ער האט געצאצקעט און גערדרעהט דעם קול אזוי, אז מענשען האבען דערנאך געהאט וועגען וואס צו ריידען. ר' זלמן פישעל אליין פלעגט דערנאך געהן איבער דאבראמיסל, פון קראם צו קראם און פון הויז צו הויז, און זיך נאכפרעגען וואס מען זאגט וועגען זיין דאווענען. ער האט זיך ניט באנוגענט מיט דעם וואס ער האט געהערט וועגען זיך אין בית המדרש.

ר' זלמן פישעל פלעגט אויך אונטעררוקען א מטבע נאניע דעם פארשטשיק כדי יענער זאל פרייטאג אין מרחץ יעדען איינעם א פרעג טהאן: נו, וואס זאגט איהר עפעס וועגען ר' זלמן פישעל'ס דאווענען? עס איז שוין געווען איינמאל א דאווענען! הלוואי האבען מיר א סך אזוינע בעלי תפלה...

אין דאבראמיסל האט מען שוין געוואוסט, אז ווי נאר עס קומט דער חודש אב, אזוי וויקעלט ר' זלמן פישעל ארום דעם האלז מיט א האזען־פעלכעל, ער זאל חלילה ניט פארקיהלען זיין קול. מיט'ן אנקומען פון חודש אלול פלעגט ער אנהויבען טרינקען ווייכע אייער מיט האניג כדי זיין קול זאל זיין ריין און שטארק. ר' זלמן פישעל האט זיך אפגעהיט ניט נאר ווי א בן יחיד נאר ווי ער וואלט געווען דער גאר גרויסער מנגן אויף וועמעס נגינה די גאנצע וועלטווארט.

האט מען שוין אין דאבראמיסל געוואוסט וואס פאר א פארשוין דער ר' זלמן פישעל האט מיט זיך פארגעשטעלט. אדער מענשען האבען געהאט פון איהם צו ריידען אדער פון איהם צו שפאסען.

זיין איידעם, ר' חיים אליה, איז גראד געווען א וואוילער יונגער מאן. ער איז געווען פריינטליך צו מענשען בכלל און צו בני תורה בפרט. ער האט שטענדיג גערעדט מיט גרויס געלאסענקייט. ער האט אויך גערעדט קלאר און קורץ. דערצו האט ער ליעב געהאט צו זאגען א גלייכווערטעל און צו מאכען א שפאס. ער האט זיך שטענדיג באנוצט מיט מאמרי חז"ל און מיט פסוקים צו באפוצען זיינע רייד.

האבען דערפאר מענשען איהם שטארק גערן געהאט. אויך ר' זלמן פישעל

האט איהם שטארק גערן געהאט. ער האט איהם אפגעהיט טאקע ווי זיך אליין. ר׳ זלמן פישעל פלעגט אפילו אומגעהן איבער׳ן שטאט און האלטען אין לויבען זיין איידעם. מענשען האבען געשפאסט, אז אייגענטליך האט דא ר׳ זלמן פישעל געפונען אין זיין איידעם זיין גלייכען. דער שווער, דער בן יחיד, האט געצערטעלט און אפגעהיט זיין איידעם ווי ער וואלט אויך געווען א בן יחיד.

## מח.

### דער קאפריזנער פריץ

ווי ער האט ארויסגעצוואונגען זיין אויטאריטעט אויף זיינע פאראבקעס. — דער פארוואלטער פון זיין גוט און דער אידישער וואליקעס מאכער.

ר׳ חיים שמעון, וועלכער האט געצויגען זיין פרנסה פון מאכען וואליקעס. האט מיט דער צייט געקראגען גרויס פרסום מיט זיין סחורה, וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט גרויסע מעלות. פון נאהענט און פון ווייט איז מען געקומען קויפען דאבראמיסל קויפען וואליקעס ביי ר׳ חיים שמעון׳ען.

ר׳ חיים שמעון׳ס וואליקעס האבען אנגעשלאגען ווייט צום דניעפער. ניט נאר פשוטע פויערים האבען זיך נאכגעפרעגט אויף זיין סחורה, נאר אויך פריצים און רעגירונגס בעאמטע. איז דערפאר גאר ניט געווען קיין חידוש, וואס אויך דער פריץ סטעפאן ווערביצקי, וועלכער האט געהאט זיין גוט ביי די ברעגעס פון דעם דניעפער, ארום פינף ווארסט פון ליאדי, האט איינמאל ארויסגעשיקט דעם אויפזעהער פון זיין גוט, יאן בעדניצקי, קיין דאבראמיסל איינצוקויפען וואליקעס ביי ר׳ חיים שמעון׳ען. גראד האט די קניה געזאלט זיין א גרויסע. ווערביצקי האט געהאט אויף זיין גוט הונדערטע פאראבקעס און ער האט געוואלט האבען ניט ווייניגער ווי צוויי הונדערט פאר וואליקעס אויף א מאל.

דער פאקט וואס ווערביצקי איז געווען א פריץ מיט א סך שגעונות, א קאפריזנער און א כעסן, און וואס זיין פארוואלטער בעדניצקי איז געווען א גרויסער צורר היהודים, וועלכער האט קיינמאל ניט געוואלט האבען קיין מגע ומשא מיט אידען, האט געזאלט באווייזען, אז ר׳ חיים שמעון׳ס וואליקעס האבען געקראגען אזא שם, אז אט די צוויי פארשוינען האבען זיך פון זיין סחורה ניט געקענט אפזאגען.

איז טאקע ר׳ חיים שמעון געווען שטארק צופרידען פון דער גרויסער באשטעלונג אויף וואליקעס וואס דער פריץ ווערביצקי האט ביי איהם געמאכט דורך זיין פארוואלטער בעדניצקי. ר׳ חיים שמעון האט ניט געהאט פארטיג אזוי פיעל וואליקעס מיט א מאל. ער האט אבער צוגעזאגט בעדניצקי׳ן, אז ער וועט די סחורה האבען פארטיג אין גאר א קורצער צייט. דערוויל האט ער בעדניצקי׳ן איבערגעגעבען אזוי פיעל וואליקעס ווי ער האט געהאט פארטיג און צוגעזאגט צו ברייגנען די איבעריגע אין הויף אריין אין א באשטימטער צייט.

**נאכדעם ווי זיי זיינען דורכגעקומען וועגען דעם מקח און האבען זיך**

וועגען אלץ גענוי אפגעשריבען, מיט א קאנטראקט פאר להבא און מיט א קבלה פאר דעם געלט וואס ר' חיים שמעון האט שוין פון בעדניצקי'ן געקראגען פאר די פארטיגע וואליקעס, וואס ער האט איהם איבערגעגעבען, איז דער פריצישער פארוואלטער צוריקגעפאהרען אהיים, און ר' חיים שמעון האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט פארטיג צו מאכען די גרויסע צאהל באשטעלטע וואליסעס.

ר' חיים שמעון האט איצט אנגעשטעלט נייע ארבייטער און מען האט ביי איהם געארבייט טאג און נאכט ביז מען האט פארטיג געמאכט די וואליקעס פאר'ן פריץ. בעת ר' חיים שמעון האט זיך שטארק באמיהט, אז די סחורה זאל זיין די בעסטע וואס ער האט ווען ארויסגעגעבען, האט ער אויך זיך אנגעשטרענגט אז ער זאל עס האבען פארטיג לאנג פאר דער באשטימטער צייט. וויסענדיג, אז ער האט דא צו טהאן מיט א פריץ, א שגעון, און מיט א פארוואלטער, א שונא ישראל, האט ער געוואלט, אז וואס איז שייך זיין צד, זאל מען צו איהם ניט קענען האבען די מינדעסטע טענה. איז דערפאר ר' חיים שמעון געווען שטארק דערשטוינט וואס, ברייגנענדיג די סחורה, אנגעלאדען אין ספעציעלע וועגענער, אין ווערביצקי'ס הויף, און מעלדענדיג זיך צום פארוואלטער בעדניצקי, א וואך פריהער ווי דער באשטימטער טערמין, האט איהם דער פארוואלטער אויפגענומען מיט גרויס רוגזה און האט איהם באלד געלאזט וויסען, אז ער מעג צוריקפאהרען מיט זיין סחורה, ווייל דער פריץ ווערביצקי האט חרטה געהאט אויף דעם גאנצען מסחר. בעדניצקי האט זיך אפילו ניט געוואלט לאזען ריידען. אז ר' חיים שמעון האט געוואלט וויסען וואס אזוינס עס איז געשעהן, האט איהם יענער, צוזאמען מיט זיינע וועגענער, פשוט ארויסגעטריבען פון הויף. כאטש ר' חיים שמעון האט ניט געהאט קיין באגריף, אז הינטער דעם אלעם איז באגאנגען געווארען א שווינדעל מצד דעם צורר היהודים'דיגען בעדניצקי, וועלכער האט דערביי אויך ארויסגערופען דעם צארן ביי ווערביצקי'ן סיי געגען ר' חיים שמעון'ען און סיי געגען אלע אידען, האט ער אבער געפיהלט, אז עפעס איז דא ניט גלאטיג און אז ער דארף דעם ענין גענויער אויספארשען. האט ער אנגעהויבען פאדערען פון דעם פארוואלטער, אז ער זאל איהם נעהמען צום פריץ אליין.

— מיר געהט דא ניט אזוי אין דעם היזק וואס איך וועל לײדען, — האט ר' חיים שמעון זיך פרובירט אויספיהרען מיט'ן פארוואלטער, — עס געהט מיר אין מיין עהרע. איך מוז זיך גענוי פארשעטנדיגען מיט'ן פריץ און אויסגעפינען פארוואס ער האט חרטה געהאט אויף דעם אפמאך מיט מיר.

דאס האט בעדניצקי'ן ארייגעבראכט אין א גרימצארן. ער האט אנגעהויבען גיסען פעך און שוועבעל אויף ר' חיים שמעון'ען און אלע אידען.

— זאל זיך דא דיין פוס מעהר ניט געפינען, — האט ער אנגעהויבען שטורמען, — דו וואגסט צווייפלען אין מיין ווארט? איך האב דיר געזאגט, אז דער פריץ וויל מעהר פון דיר ניט וויסען און דו פארלאנגסט מיט איהם זיך וועגען דעם אויסצו'טענה'ן!

ר' חיים שמעון האט פון דעם וואס בעדניצקי האט זיך אזוי אויפגעקאכט, ערשט זיך אנגעשטויסען, אז דאס איז ניט אזוי אן ענין פון פריץ ווי זיינער א פערזענליכער ענין און טאקע דערפאר, האט ער ווידער אמאל דערקלעהרט,

אז ער מוז זיך זעהן מיט'ן פריץ אליין. בעדניצקי איז געווארען אזוי אויפגע־בראכט, אז ער האט ארונטערגעכאפט א ביקס, וואס איז געהאנגען אויף דער וואנט, און געוואלט דערשיסען ר' חיים שמעון'ען. די צוויי בעלי עגלה, פון די פוהרען מיט די וואליקעס, האבען בעדניצקי'ן אנגעכאפט ביי דער האנט און ניט דערלאזט אז ער זאל שיסען אויף ר' חיים שמעון'ען.

ר' חיים שמעון האט איצט קיין ברירה ניט געהאט ווי צו פארלאזען דעם הויף, מיטנעהמענדיג מיט זיך זיין סחורה. ער איז אבער נאך ניט צוריקגע־פאהרען אהיים. ער האט זיך אפגעשטעלט אין דעם דערבייאיגען דארף כדי גענויער צו באטראכטען וואס אזוינס עס איז דא פארגעקומען און וואס אזוינס ער דארף טהאן כדי, לכל הפחות, זיך רעכטצופארטיגען ביי דעם פריץ, וועלכער האט מסתמא געקראגען א פאלשען איינדרוק וועגען איהם און זיין סחורה. דערוויל איז איבער'ן דארף צוטראגען געווארען די ידיעה, אז ר' חיים שמעון האט געבראכט וואליקעס פאר די פאראבקעס, אז ער האט זיי געבראכט נאך פריהער ווי ער האט געדארפט, נאר אז דער אכזריות'דיגער בעדניצקי וויל די וואליקעס ניט נעהמען.

דער וועטער איז שוין געווען א קאלטער. א סך פאראבקעס זיינען געלע־גען קראנק פון פארקיהלונגען, טאקע דערפאר, וואס זיי האבען ניט געהאט קיין וואליקעס און קיין ווארעמע בגדים. האבען די פויערים אנגעהויבען מורמלען. פונקט ווי ר' חיים שמעון, האבען זיי ניט געקענט פארשטעהן וואס דא איז פארגעקומען. האט זיך עס אויך דערטראגען אין ווערביצקי'ס שלאס. די דינער פון שלאס האבען וועגען דעם גערעדט און געקוועטשט מיט די פלייצעס. אויך ווערביצקי'ס פערזענליכער באדינער האט וועגען דעם געהערט און האט ניט געקענט פארשטעהן פאר וואס בעדניצקי האט משלח געווען דעם אידען מיט די וואליקעס. דער פריץ ווערביצקי איז אבער געשלאפען. א גאנצע נאכט האט ער געהאט גע'שכור'ט מיט שכנישע פריצים. אז ווערביצקי איז אויפגעשטאנען, האט יענער איהם דערצעהלט מיט גרוים פארוואונדערונג וואס דער איד ר' חיים שמעון איז צוריקגעשיקט געווארען מיט זיין סחורה.

— קיינער אין הויף, — האט דער אלטער דינער גערעדט ווי צו זיך אליין, — קען ניט פארשטעהן פארוואס בעדניצקי זאל ניט וועלען אננעהמען די וואליקעס ווען מען דארף זיי איצט אזוי שטארק האבען.

— רוף איהם באלד אהער, דעם שווארצען הונט, — האט דער פריץ אויסגערופען, מיינענדיג מיט דעם בעדניצקי'ן ווען ער האט תמיד אזוי גערופען, — רוף אויך אהער דעם אידען מיט זיינע וואליקעס.

דער אלטער דינער האט לאנג ניט געווארט. ער איז באלד געלאפען אויספיהרען זיין האר'ס באפעהל. ער האט נעדארפט שיצען זיין אייגענע פעל. ווארום ווערביצקי האט נאך געקענט נעהמען דעם קאנטשיק און איינ־טיילען שמיץ טאקע איהם, זיין אלטען דינער אליין, ווי ער האט עס שוין אזוי פיעל מאל געטהאן אהן א פאר־ווען און אהן א פאר־וואס.

אלע אין הויף האבען גוט געוואוסט די קאפריזען און אכזריות פון "סטעפאן וויעלמאזשני", ווי ווערביצקי פלעגט זיך אליין רופען. גאר אפט פלעגט ער צוזאמענרופען די פאראבקעס און זייערע הויזגעזינטען פאר זיין שלאס. ער פלעגט זיך דאן אוועקזעצען אויף א שטול אויף א פלאטפארמע,

מיט א צעפּטער אין האַנט ווי א הערשער, וועמעס מאכט איז אומבאגרעניצט. האָט ער אָהן א פאַר־וואָס אנגעדייט מיט'ן צעפּטער אויף איינעם פון זיינע פאַראַבקעס, אויף וועמען עס איז געפאַלען זיין אויג, און איהם געהייסען איינטיילען פינף אָדער צעהן שמיץ. באלד אויפ'ן אָרט האָט מען יענעם צוגעבונדען צו א באַנק און, פאַר אַלעמען אין די אויגען, איהם איינגעטיילט די שמיץ. בעת דער אומגליקליכער האָט זיך געקאָרטשעט און געשריען פון ווייטאָג, האָבען אַלע פאַרזאַמעלטע געדאַרפט זינגען א לויב־געזאַנג צו דעם אכזריות'דיגען פּריץ. נאָך די שמיץ האָט דער געשמיסענער געדאַרפט קריכען אויף אַלע פיער צו דער פּלאַטפאָרמע און קושען ווערביצקי'ס שפּיץ שטיוועל. כמעט יעדער איינער פון ווערביצקי'ס פאַראַבקעס האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון זיינע שמיץ און דערפאַר האָט יעדער טאַקע פאַר איהם געציטערט אימת מות.

סטעפּאַן ווערביצקי'ס אַלטער דינער איז געלאָפען צו דעם פאַרוואַלטער בעדניצקי'ן און האָט איהם איבערגעגעבען, אז דער פּריץ פאָדערט איהם אויף באַלד צו קומען און ברייננען מיט זיך ר' חיים שמעון'ען. האָט ניט לאַנג געדויערט און בעדניצקי איז געשטאַנען פאַר'ן פּריץ ווערביצקי. ר' חיים שמעון איז געבליבען פון דער זייט.

ווערביצקי האָט זיין פאַרוואַלטער באַגעגענט מיט זלזולים, פאָדערענדיג ביי איהם אן ערקלעהרונג, פאַר וואָס ער איז איהם ניט באַלד געקומען מעל־דען אז דער איד האָט געבראַכט די וואַליקעס. בעדניצקי האָט עפּעס געוואָלט אויף דעם ענטפערען, אָבער דער פּריץ האָט מיט צאָרן אויסגערופען: "שוויג, דו שוואַרצער הונט!" און האָט זיך געווענדעט צו ר' חיים שמעון'ען און געזאָגט:

— פיין פון דיר, דו האָסט די וואַליקעס פאַרענדיגט פאַר'ן טערמין. דאָס געפעלט מיר. סטעפּאַן וויעלמאַזשני האָט ליעב מענשען וואָס דערפילען זייער צוזאָג, מעגען זיי אפילו זיין אידען. איך וועל דיר דערלייגען א גילדען פאַר יעדען פּאָר וואַליקעס און וועל ביי דיר באַשטעלען נאָך צוויי הונדערט פּאָר.

ר' חיים שמעון, וועלכער האָט געהאַט אָנגענומען פאַר אמת בעדניצקי'ס באַהויפּטונג אז דער פּריץ האָט חרטה געהאַט אויפ'ן מסחר, איז געווען גע־פּלעפּט. ער האָט געמיינט, אז דער פּריץ וויל דאָ בלויז מיט איהם טרייבען שפּאַס.

— מען האָט מיר געהאַט איבערגעגעבען, אז דער האַר האָט חרטה גע־האַט און איך בין שוין געווען גרייט צוריקצופאָהרען מיט מיין סחורה אהיים אָהן וועלכע עס איז טענות א.יצט הער איך גאָר עפּעס אנדערש.

— אָבער ווער האָט דיר דען געזאָגט, — האָט דער פּריץ אויסגעשריען.

— אז איך האָב חרטה געהאַט?

ר' חיים שמעון האָט געוואָרפען א בליק אויף בעדניצקי'ן. יענער איז גע־שטאַנען א דערשראָקענער. ער האָט זיך געטרייסעלט ווי אין קדחת. דער פּריץ האָט באַלד פאַרשטאַנען אז דאָס איז געווען בעדניצקי'ס ארבייט און ער האָט זיך אויף איהם א וואָרף געטהאָן און אָנגעהויבען דונערען, פאַר וואָס ער האָט געוואָגט צו זאָגען אַזוינע זאַכען אין זיין נאָמען און איהם מיט דעם פאַרשוואַרצט דעם פּנים און געבראַכט אויף איהם גרויס אומ'כבוד.

— דו וועסט פאר דעם טייער באצאהלען, שווארצער הונט ! — האט ער אויסגערופען און האט איהם באלד אנגעהויבען שלאגען מיט'ן קאנטשוק איבער'ן קערפער און פנים ביז עס האט פון בעדניצקי'ן זיך געגאסען בלוט, — און דיר, — האט דער פריץ זיך געווענדעט צו ר' חיים שמעון'ען, — וואלט אויך געקומט שמיץ פאר דעם וואס דו האסט געגלויבט אויף מיר, אז איך האלט ניט מיין ווארט. אזא זאך וועט ביי מיר קיין מאל ניט געשעהן אפילו ווען דער פרייז וואלט געווען א צו הויכער. אבער איך זעה דאך, אז איך האב דא צו טהאן מיט אן עהרליכען מענשען. דו האסט געבראכט די סחורה פאר דער צייט וועל איך מיט דיר האבען איינזעהעניש און איך וועל מיט דיר האנדלען ווייטער.

דער פריץ האט געהייסען ארויסצוברייננגען די חשבונות וועגען די וואליקעס און האט דערוויל איינגעוויליגט ארויסצוגעהען אין דרויסען אנקוקען די נייע סחורה וואס ר' חיים שמעון האט געבראכט אין די וועגענער. ווי תמיד, ווען סטאפען ווערביצקי האט זיך געצייגט אין דרויסען, האבען פאראבקעס געבלאזען אין טרומייטערם און א גרויס פאראד איז געמאכט געווארען פאר איהם. דער פריץ האט אנגעקוקט ר' חיים שמעון'ס וואליקעס און איז געווען אנטציקט פון זיי. ער האט זיי געהייסען אריינטראגען אין מאגאזין, וואו עס זיינען אויך געווען די פריהערדיגע וואליקעס.

דערוויל האט דער פריץ געהאט א געלעגענהייט צו פארגלייכען די פריהערדיגע וואליקעס מיט די נייע. ר' חיים שמעון איז געווען דערשטוינט.

— דאס איז ניט מיין סחורה, — האט ער אויסגערופען, אנקוקענדיג א פאר וואליקעס וואס האט געזאלט געהערען צו דער ערשטער קניה — אזא פאר וואליקעס איז ווערטה ניט מעהר ווי א העלפט פון דעם פרייז וואס מען האט געצאהלט פאר מיינע וואליקעס.

בעדניצקי איז געפאלען אין חלשות. דער פריץ האט איהם געהייסען אריינטראגען אין הויז און האלטען א שטרענגע וואך איבער איהם. עס האט זיך אנגעהויבען ארויסווייזען, אז עפעס איז דא פארגעקומען. דער פריץ האט געוואלט וויסען דעם פולען אמת.

ער האט געהייסען צו זיך ברייננגען די צוויי פויערים, וואס זיינען געפאהרען מיט בעדניצקי'ן קיין דאבראמיסל צו ר' חיים שמעון'ען איינקויפען ביי איהם די ערשטע וואליקעס.

— אויב איהר וועט זאגען דעם אמת וועט איהר מיט גארניט באשטראפט ווערען. יעדער פון אייך וועט קריגען א גוטען טרונק בראנפען און א לאבען ברויט. אויב, אבער, איהר וועט זאגען ליגען דאן וועט מען אייך ארונטערהאקען די קעפ — האט זיי דער פריץ געווארענט.

מיט ציטערדיגע שטימען האבען די פויערים דערצעהלט וואס עס האט פאסירט : די וואליקעס וואס זיי' האבען געקויפט ביי ר' חיים שמעון'ען אין דאבראמיסל, האט בעדניצקי דערנאך פארקויפט פאר א גוטען פרייז און די סחורה וואס ער האט געבראכט אין הויף אריין האט ער געקויפט ערגעץ אנדערשוואו פאר ביליג. דעם פריץ האט ער אבער גערעכענט א פיעל העכערען פרייז ווי ער האט לכתחילה געהאט געצאהלט צו ר' חיים שמעון'ען. אין אנדערע ווערטער, ער האט געמאכט א ריוח פון צוויי זייטען.

ר' חיים שמעון איז צוריקגעפאהרען אהיים מיט א באשטעלונג פאר נאך צוויי הונדערט וואליקעס און אין דריי וואכען ארום איז ער מיט די נייע וואליקעס צוריקגעוועזען אין ווערביצקי'ס הויף. אויף זיין צווייטען באזוך אין דעם פריצישען הויף, האט שוין ר' חיים שמעון דארט געפונען אן אנדער פארוואלטער, דעם איד ר' אהרן יוסף פון ליאדי. וועגען בעדניצקי'ן, דעם פריהערדיגען פארוואלטער, האט ר' חיים שמעון געהערט, אז ער האט ארייני געקראגען פינף און צוואנציג שמיץ און אז זיין לייב איז אזוי צעקיילט און צעביילט געווארען, אז ער ליגט נאך קראנק.

פון ר' אהרן יוסף'ן האט זיך ר' חיים שמעון דערוואוסט, אז אלע צרות פאר אידען אויף ווערביצקי'ס גיטער, האבען זיך גענומען פון דעם צורר בעדניצקי'ן. פאר א לאנגע צייט האבען אידען אין די שטעטלעך ביי ווערי ביצקי'ס גיטער געהאט פרנסה בהרחבה.

דאס האט אנגעהאלטען כל זמן דער אלטער פריץ האט געלעבט. דאן איז געקומען דער נייער פריץ, וועלכער איז ארונטערגעפאלען אונטער דעם איינ־ פלוס פון דעם שונא ישראל בעדניצקי, און אידען זיינען דארט מעהר ניט צונעלאזט געווארען.

בעדניצקי וואלט ווייטער געבליבען דער מושל פון ווערביצקי'ס גיטער. האט זיך אבער, טאקע דורך ר' חיים שמעון'ען, ארויסגעוויזען זיין פאלשקייט און אזוי ארום איז ער באזייטיגט געווארען. מיט א קורצער צייט צוריק איז ווערביצקי אליין, באגלייט פון באוואפענטע שומרים, ארונטערגעקומען קיין ליאדי און איז אוועק אין קהל שטיבעל וואו ער האט פארגעלייענט א פאפיר, אנזאגענדיג די אידען, אז דער "שווארצער הונט" יאן בעדניצקי האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א שווינדלער און אויך, אין משך פון גאנצע דריי יאהר האט ער געהאלטען אין אויסטראכטען בלבולים אויף אידען, וואס צוי ליעב דעם האט ער, ווערביצקי, דערוויטערט פון זיך אלע אידען. איצט אבער וויים ער, דער גנעדיגער פריץ, אז דער "שווארצער הונט" איז א שווינדלער און אזוי ווי ער האט אויך זיך איבערצייגט, דורך איינעם פון די דאבראמיסלער אידען, אז אידען זיינען עהרליכע מענשען, בעט ער דערפאר ביי זיי מחילה און לאדט זיי איין אויף זיינע גיטער. ער האט דאן געבעטען אהרן יוסף'ן וועלכער איז געווען דער פארוואלטער פון די ווערביצקי־גיטער פריהער, אז ער זאל זיך צוריקקעהרען אויף זיין פאסטען.

פון ר' אהרן יוסף'ן האט זיך ר' חיים שמעון אויך דערוואוסט, אז ווערביצקי'ס פאטער איז געווען א גרויסער אוהב ישראל און אז אידען האבען געהאט גרויסע טובות פון איהם. דער יונגער פריץ האט אבער דורך בעדי ניצקי'ן זיך באקאנט מיט א שונא ישראל, וועלכע האבען כסדר געהאלטען אין העצען אויף אידען. איצט האט זיך אלץ געהאט געענדערט צום גוטען.

ווען ר' חיים שמעון האט זיך אין הויף געמעלדעט מיט זיינע וואליקעס, האט ווערביצקי געהייסען זיין אידישען פארוואלטער זיך מיט איהם אפרעכעי נען און באצאהלען איהם וואס עס האט איהם געקומט. דערנאך האט ער אהרן יוסף'ן געהייסען ברייינגען ר' חיים שמעון'ען צו זיך אין שלאס צו האבען דארט א פארעוווען מאלצייט וואס דער פריץ, מיט א וואונש צו שוינען די

רעליגיעזע געפיהלען פון די צוויי אידען, האט געהייסען דאס צוגרייטען אין ר' אהרן יוסף'ס הויז.

זיצענדיג ביים טיש האט ווערביציקי דערוויל דערצעהלט וואס ער האט געדענקט פון זיין טאטען אין שייכות מיט די אידען פון ליאדי, נאכדעם ווי א גרויסער טייל פון שטאט איז אוועק מיט'ן רויך. דער פריץ האט געהאט אויפגענומען דעם רב פון די ראשי הקהל פון ליאדי, וועלכע האבען איהם דערצעהלט וועגען די נויטען פון די נשרפים. דער פריץ האט דאן געהייסען שיקען פון זיינע וועלדער האלץ צוריקצובויען דעם פארברענטען בית המדרש און א גרויסע צאהל הייזער פון די ארימע אידען. דער יונגער פריץ האט איצט גערעדט מיט גרויס שטאלץ וועגען זיין פאטער'ס פריינטשאפט צו אידען און האט אויסגעדריקט צופרידענהייט מיט זיין אייגענער דערנעהענטערונג צו אידען.

ר' חיים שמעון איז געווען אין זיבעטען הימעל. ער האט עס אלץ גורם געווען.

## מט.

## א אידיש הארץ

**די פריינטשאפט פון א תלמיד-חכם צו אן עם הארץ.— דער וואונש פון א טאטען איינצושאפען זיך א לומדישען איידים.**

עס איז ניט געווען ליכט פאר ר' אליעזר ראובן'ען, דעם דאבראמיסלער שמיד, מסכים צו זיין, אז זיין דריטער איידעם, ר' יצחק שאול, זאל ווערען זיין ארויסהעלפער אין דער קוזניע. ער האט זיך געהאט געקוואפעט אויף ר' יצחק שאול'ס לומדות און געהאפט אז, פונקט ווי זיינע ערשטע צוויי איידעמס, וועלכע זיינען געווארען ראשי ישיבה, וועט אויך ער ווערען א לייט.

ר' אליעזר ראובן אליין האט גראד ניט געקוקט אזוי שפל אויף מלאכה און בעלי מלאכה. ער האט אבער געהאט אזא ליעבע צו תלמידי חכמים, אז ער האט זיך שטארק באמיהט חתונה צו מאכען אלע זיינע דריי טעכטער מיט לומדישע יונגעלייט. ער האט זיך אויף זיי געלאזט א סך קאסטען. ער האט זיי אויסגעהאלטען מיט אלע זייערע הצטרכות'ן. זיין שטאלץ און פארגעניגען איז געווען וואס זיי זיינען געזעסען און געלערנט. זיינע עלטערע צוויי איידעמס זיינען שוין געווען ניט מעהר ביי איהם. זיין נחת איז איצט געווען זיין דריטער איידעם, וועלכער איז געזעסען ביי איהם אויף קעסט.

האט ר' אליעזר ראובן זיך געפיהלט פריקרע. אויב אן איידעם א בעל מלאכה, וואס האט ער זיך אזוי שטארק געדארפט באמיהען? ער האט עטליכע מאל וועגען דעם איבערגערעדט מיט זיין ווייב, דבורה, און מיט זיין טאכטער, ר' יצחק שאול'ס ווייב, פעשע. דבורה האט גראד געקוקט אויף דעם ענין ניכטער.

— האסטו אליין דען ניט באוויזען אז מען קען זיין א בעל מלאכה און דאך זיין אן ערליכער איד?

פון דעסטוועגען האט זיך ר' אליעזר ראובן נאך אלץ גע'ישוב'ט ביז

ער האט זיך ענדליך איבערגעציינט, אז זיין דריטער אידעם איז בכלל אנדערש פון אנדערע לומדישע יונגעלייט, בפרט פון זיינע עלטערע צוויי איידעמס. דאס האט ער געזעהן פון דעם אופן ווי ער האט באהאנדעלט זיין שכן, דעם עם הארצות'דיגען זבולון בנימינ'ען, אט דעם מגושם'דיגען דארפס־מענש וואס האט כל ימיו פארבראכט אין די דערפער צווישען גוים און האט געצויגען זיין חיונה פון דעם, וואס ער האט געהיילט קראנקע בהמות און געשונדען די פעלען פון פגירות. בלויז אליעזר ראובן האט איהם מקרב געווען. אלע אנדערע אין דאבראמיסל האבען געקוקט אויף איהם פון אויבען־ארונטער, ניט נאר צוליעב זיין מקור פון פרנסה נאר אויך, און דערהויפט, צוליעב זיין עם הארצות. אפילו דעם שמיד'ס ערשטע צוויי איידעמס פלעגען פון זבולון בנימינ'ען טרייבען שפאס און אפט ריידען פון איהם מיט בטול. דער שמיד האט געהאט אנגענומען ווי דאס וואלט געווען א גערעכטע זאך. איז דאך זיין שכן פארט געווען אזא שפל'ער פארשוין. ער האט דערפאר דאס גארניט געהאלטען פאר קיין אומגוט מצד זיינע לומדישע איידעמס. פאר־קעהרט, ער האט עס גאר אנגענומען פאר א באווייז, אז די מערכה פון אז עם הארץ דארף גארניט זיין קיין בעסערע.

אנדערש איז אבער געווען די באציהונג פון ר' יצחק שאול'ען צו דעם נבלה־שינדער. צו דעם שמיד'ס איבערראשונג האט זיין איידעם, זבולון בנימינ'ען באהאנדעלט מיט גרויס דרך ארץ. בעת זבולון בנימין פלעגט ממש ניט וואגען צוצוגעהן נאהענט צו דעם לומדישען יונגענמאן, בפרט ווען יענער איז געזעסען און געלערנט, האט אבער ר' יצחק שאול, ווי זיין שווער האט אפט באמערקט, תמיד אוועקגעלייגט די גמרא אן א זייט, און ווען נאר זבולון בנימין האט זיך באוויזען, איהם געבעטען זיך זעצען און מיט איהם פאר־פיהרט א שמועס, נאכפרעגענדיג זיך וועגען אלץ וואס האט איהם געדריקט אויף דער נשמה און וועגען אלץ וואס האט געהאט א שייכות מיט איהם און זיין משפחה.

פון אנפאנג האט זבולון בנימין, קענטיג, עס גארניט געקענט באנעהמען. אבער אז ער האט זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם יונגען למדן, איז ער געווארען ביי זיך געשטארקט. ר' יצחק שאול האט ניט נאר געטרייסט דעם דאזיגען פראסטען אידען, נאר האט איהם אויך געגעבען עצות וועגען זיך און זיין משפחה. וואס עס האט זבולון בנימינ'ען שטארק באקימערט איז געווען וועגען זיינע קינדער. קודם כל האט ער געהאט א בת יחידה, דינה. זי איז שוין געווען נאהענט צו אכצעהן, און זבולון בנימין האט געטראכט וועגען א שידוך פאר איהר. דאן האט ער געהאט קלענערע קינדער אייגענע און יתומים. — די קינדער פון א שוואגער, וועלכע ער האט אין זיין גוט־הארציגקייט אריינ־גענומען צו זיך אין הויז און זיי דערצויגען ווי אייגענע קינדער.

זבולון בנימין האט גראד געוואלט, אז סיי זיינע אייגענע קינדער און סיי די יתומים זאלען ניט אויסוואקסען קיין עם הארצים ווי ער. האט ער זיי נעשיקט צו די בעסטע מלמדים. די קינדער האבען שוין געהאלטען אין אונ־טערוואקסען. זבולון בנימין האט גע'חלומ'ט פון שיקען זיי אין א ישיבה. אבער ווער זאל איהם עצה'ן וועגען אט די זאכען? אז ער האט אימיצען אין

שטעטל וועגען דעם געפרעגט, האט יענער א מאך געטהאן מיט דער האנט און געזאגט מיט ביטול:

— און אז דיינע קינדער וועלען זיין בעלי מלאכות וועט דיר ניט טויגען? געננג אז דיינע קינדער וועלען קענען עברי!

זבולון בנימין האט געהאט גרויס צער דערפון, און ווי ער האט זיך אין ר' יצחק שאול'ען פארטרויט, האט ער ממש געפיהלט ווי א פארלארענער.

— צו וועמען זאל איך זיך קעהרען און ווענדען, אז אלע שטויסען מיך אפ ווי איך וואלט גארניט געהאט קיין רעכט צו וועלען האבען קינדער בני תורה? — און אין זבולון בנימינ'ס אויגען האבען זיך געשטעלט טרעהרען.

ר' יצחק שאול האט איהם געוויזען סימפאטיע און זיך באלד אנגעבאטען ווערען דער מורה דרך פון זיינע קינדער.

— שיק זיי צו מיר, — האט ער געזאגט, — איך וועל זיי פארהערען און אפילו מיט זיי לערנען. אויב זיי האבען נאר די כשרונות און דעם חשק צו לערנען, וועל איך שוין זיי מדריך זיין אז זיי זאלען קענען גרייכען א ישיבה.

זבולון בנימין האט אויפגעלעבט.

— איהר האט מיך מחיה געווען, — האט ער אויסגערופען, — איך וועל אייך די טובה ניט פארגעסען מיין גאנצען לעבען. און איצט, — האט ער אנ־געהויבען ריידען פארטרויליך, אפווישענדיג א טרעהר פון אויג, — וואלט איך אויך וועלען אייער עצה וועגען מיין טאכטער. זי איז א טייער קינד. איז זי דען שולדיג וואס זי האט א טאטען אז עם הארץ, וואס איז אזוי שפל אין די אויגען פון אלע מענשען? איך וואלט פאר איהר וועלען האבען אז איידעם א בן תורה. איך בין אין דער אמת'ען זיך שטארק מתקנא אז אייער שווער. ער האט זיך געגומען גאנצע דריי לומדישע איידעמס. פארוואס זאל איך אויך ניט קענען קריגען א לומדישען איידעם פאר מיין דינה'לען?

— ווער זאגט דען, אז ניט? — האט ר' יצחק שאול איהם דערמוטיגט. זעהענדיג די תמימות פון אט דעם פשוט'ען אידען.

— איהר זייט דער ערשטער פאר וועמען איך וואג צו זאגען, אז איך וויל א לומדישען יונגען מאן פאר מיין טאכטער. פאר אנדערע האב איך מורא אזוי צו ריידען כדי מען זאל פון מיר ניט לאכען!

זבולון בנימין האט דאן אנטפלעקט פאר ר' יצחק שאול'ן, אז ער האט אפגעשפארט גאנצע הונדערט רענדלעך פאר נדן פאר זיין טאכטער. ער האט אויך גענוג געלט פאר אן אויסשטייער און פאר מלבושים פאר דעם איידעם.

— איך פארזיכער אייך, אז א בן תורה וועט ביי מיר גארניט פעהלען. איך וועל איהם ממש אויף די הענט טראגען. ער וועט קענען זיצען אומגע־שטערט און לערנען. וואו נעהמט מען נאר אזא יונגען מאן?

זבולון בנימין האט עס געזאגט מיט אזוי פיעל בענקעניש און געפיהל, אז ר' יצחק שאול איז פשוט געווען גערירט.

— איך וועל אייך באזארגען מיט אן איידעם, — האט ער איהם פאר־זיכערט. זבולון בנימין איז אויפגעשפרונגען פון שמחה.

ר' יצחק שאול האט איהם מסביר געווען, אז זיין טאטע, ר' ניסן, אין הארקי, איז א איד וואס האט ליעב צו פאר'שדכנ'ען חשוב'ע יונגעלייט. ער

וועט דערפאַר באַלד צו איהם שרייבען, און איהם בעטען אַז ער זאָל געפינען אַ געהעריגען שידוך פאַר זבולון בנימינ'ס טאָכטער.

— פאַרגעסט אָבער ניט צו שרייבען אייער פאָטער דעם פולען אמת, — האָט זבולון בנימין פאַרלאַנגט, — שרייבט איהם ווער איך בין, אַז איך בין אַ שפל'ער מענש, אַ גרויסער עם הארץ און צי מיין חיונה פון שינדען נבלות, און היילען קראַנקע בהמות. אויך מיין ווייב איז אַ פּראָסטע אידענע. איהר טאַטע איז אַ שוסטער. איצט אויף דער עלטער איז ער געוואָרען דער שמש אין דעם הקדש אין דובראַוונע. איהר מעגט אויך שרייבען אייער פאָטער, אַז ביז נאָך מיין חתונה האָב איך קיין צורת אות ניט געקענט און האָב אפילו ניט געקענט מאַכען קיין ברכה. ערשט נאָך מיין חתונה האָב איך זיך אויסגעלערנט אביסעל עברי און די נויטיגע ברכות וואָס אַ איד דאַרף קענען. איך קען נאָך אַלץ ניט דאַוונען בצבור, ווייל איך קען פּשוט ניט נאָכהאַלטען דעם שליח צבור. אַז מען רופט מיך אויף צו דער תורה קלאַפּט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן, ווייל איך האָב תמיד מורא, אַז ביים מאַכען די ברכה זאָל זיך מיר ניט פאַרטשעפּען די צונג. איך ווייס, אַז פון מיין עברי לאַכט מען הינטער מיינע פּלייצעס. וואָס זאָל איך טהאָן, אַז איך בין אַזוי געשטראָפט? איך האָב אָבער קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געזאָגט קיין ליגען. איך האָב ניט אָפּגענאַרט ניט קיין אידען און ניט קיין גוים.

אויף מאָרגען האָט זבולון בנימין געבראַכט ר' יצחק שאול'ען הונדערט און צוואַנציג רענדלעך וואָס ער האָט געזאָגט וועט זיין אויף נדן און חתונה הוצאות פאַר זיין טאָכטער.

— איך האָב אַמאָל געהערט, אַז אַ פּראָסטען מענשען טאָר מען ניט גלויבען אויפ'ן וואָרט, — האָט ער געזאָגט אין תמימות, — זאָל דערפאַר דאָס געלט ליגען ביי אייך.

בעת אויף דעם לומדישען ר' יצחק שאול'ען האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם די תמימות און די פּשטות פון דעם נבלה־שינדער זבולון בנימין, האָט אויף זבולון בנימינ'ען געמאַכט נאָך אַ גרעסערען רושם ר' יצחק שאול'ס צוגעלאָזטקייט און פריינטליכקייט. יענער האָט גערעדט צו איהם ווי צו אַ גלייכען.

זבולון בנימין האָט גוט געוואוסט ווי שפל ער איז אין די אויגען פון אַלע דאַבראָמיסלער אידען. ניט נאָר האָט מען איהם פאַרשטויסען צוליעב זיין פאַרגרעבטקייט, נאָר אויך צוליעב זיין פּרנסה. זבולון בנימין האָט גוט געדענקט ווי דאַמאַלס, ווען ער האָט געוואוינט אין שטעטעל גופא, האָט מען איהם שטענדיג גע'רודפ'ט פאַר זיין עם הארצות. ער האָט ניט פאַרגעסען די צייט ווען ער האָט נאָך אפילו קיין ברכה אויף דער תורה ניט געקענט מאַכען און מען פלעגט איהם רופען צו דער תורה נאָר איין מאָל אַ יאָהר — שמחת תורה — מיט "כל הנערים". זבולון בנימין איז דאַן געשטאַנען הינטער דער פּלייצע פון אימיצען, וואָס האָט פאַר אָט דער דאָזיגער עליה, באַצאָהלט אַ געהעריגען פּרייז, צוזאַמען מיט קליינוואַרג, און האָט נאָכגעזאָגט די ברכות אויף דער תורה.

ער האָט אפילו ניט געקענט געהעריג נאָכזאָגען די ברכות. דאָס קליינוואַרג, וואָס איז געווען מיט איהם, האָט דערפון שטאַרק הנאה געהאַט. אַ סך

האבען ארויסגעשאָסען מיט א געלעכטער. אפילו צווישען דעם עולם פון דערוואקסענע זיינען געווען א סך לצים וואָס האבען געמאכט חוזק פון דעם ווי ער האָט "געבראָכען די צייהן" נאָכצוזאָגען די ברכות. זבולון בנימין האָט געפיהלט די אָפּקומעניש פון דעם. ווען ניט פאר דעם וואָס ער האָט געפיהלט אז עס איז דער חוב פון יעדען אידען, כאָטש איין מאָל א יאהר עולה לתורה צו זיין, וואָלט ער זיכער ניט געוואָלט דורכגעהן דעם גיהנם צו ווערען אויסגעלאכט פון א גאנצער עדה אידען.

אָבער נישט נאָר שמחת תורה האָט דער עולם געטריבען שפּאס פון איהם. אזוי איז עס אויך געווען תמיד ווען ער האָט זיך נאָר באוויזען אין בית המדרש, אָדער אפילו, להבדיל, אין מרחץ. אומעטום האבען זיך שוין געפונען "וואוילע יונגען" וואָס האבען חוזק געמאכט פון איהם. זבולון בנימין האָט געהאט דערפון גרויס צער און טאקע צוליעב דעם האָט ער זיך מיט זיין ווייב און קינדער ארויסגעקליבען פון שטעטעל און גענומען א דירה אין שכנות פון דעם שמיד ר' אליעזר ראובן'ען וועלכער איז געווען דער איינציגער אין דאבראמיסל וואָס האָט איהם מקרב געווען. דאָרט לעבען דעם שמיד, דערווייטערט פון די איבעריגע אידען, האָט זבולון בנימין זיך געפיהלט פרייער, כאָטש אין דער אמת'ען האָט ער זיך נאָך אלץ מצער געווען וואָס ער קען ניט זיין ווי אלע אידען און דאווענען בצבור און זיצען ביי אידישע מסיבות און קיינער זאָל פון איהם ניט דארפען לאכען.

אין די שמועסען וואָס ער האָט געהאט מיט דעם פריינטליכען ר' יצחק שאול'ען, האָט זבולון בנימין צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען, געעפענט פאר איהם זיין הארץ.

— פאר וואָס זאָלען אידען אין דעם פּרט זיין אנדערש פון די גוים להבדיל? — האָט ער געפרעגט אין תמימות, — ביי די גוים דארף מען גארניט קענען. מען געהט אין קירך און מען הערט זיך צו צו דעם וואָס דער גלח זאָגט. מיט דעם איז מען יוצא. ביי אידען מוז מען אָבער קענען אליין דאווענען און עס איז גאָר ניטאָ קיין שיעור וויפיעל מען דארף קענען. טאמער איז פאראן אזוינער ווי איך וועמעס קאָפּ עס באנעהמט ניט די אלע זאכען. האלט מען אין טרייבען פון איהם לצנות!

ווענען דעם האָט ר' יצחק שאול געהאט א סך צו זאגען, און דאָס האָט זבולון בנימינ'ען געטרייסט און געמונטערט. יצחק שאול האָט ביי איהם ארויסגערופען די האָפענונג אז אויך ער קען זיך נאָך דערהויבען צו א העכערער מדרגה.

צום אלעם ערשטען האָט איהם דעם שמיד'ס אײדעם געגעבען צו פארשטעהן, אז אידען זיינען ניט גלייך צו גוים, אז אידען זיינען א פאלק וואָס דארפען און מוזען שטעהן אויף א העכערער מדרגה. אויב גוים קענען אָפּקומען בלויז מיט'ן צוהערען זיך צו דעם וואָס דער גלח זאָגט, האָט אָבער א איד גרויסע פליכטען צו דערפילען יעדען טאָג און כדי די דאזיגע פליכטען צו דערפילען מוז מען א סך קענען און א סך וויסען. אָבער דאָס מיינט ניט, אז אויב אימיצער איז פּראָסט שטעהט ער אויף א נידעריגערע מדרגה ווי אימיצער וואָס איז א למדן. בכלל, האָט איהם ר' יצחק שאול מסביר געווען, איז ניטאָ זיך וואָס צו שעהמען מיט א וועלכע עס איז מלאכה וואָס מען טהוט.

אויב מען טהוט זי נאר עהרליך. וואס איז שייך געלערנטקייט, האט איהם דער יונגער למדן געטרייסט, איז עס נאר א פראגע פון מעשים און אין מעשים קען זיך יעדער איד, למדן אדער עם הארץ, אויסצייכענען.

— אלע אידען, — האט ר' יצחק שאול געזאגט, — זיינען גלייך אין אלע ענינים פון קדושה. נאר כהנים האבען געהאט באזונדערע מצוות מקיים צו זיין. אלע אנדערע אידען זיינען דורכאויס גלייך ווען עס קומט צו מקיים זיין די מצוות פון דער תורה.

ר' יצחק שאול האט דערביי געגעבען זבולון בינמינ'ען צו פארשטעהן, אז ווען עס האנדעלט זיך וועגען א מנין אדער א מזומון איז דער צעהנטער אדער דער דריטער וויכטיג צי ער איז אן עם הארץ אדער א למדן. נייז צדיקים קענען ניט זיין קיין מנין און דאווענען בצבור. דער צעהנטער, מעג ער אפילו זיין אן עם הארץ, וועט ער משלים זיין דעם מנין. דאס מיינט פשוט, אז דער "איד" אין דעם אידען איז דער עיקר און ניט די מאס תורה וואס אין דעם אידען.

די דאזיגע רייד האבען פשוט אריינגעגעבען א נייע נשמה אין זבולון בנימינ'ען. ער האט נאך אזוינע רייד קיין מאל ניט געהערט.

— וואס איך הער! — האט ער אויסגערופען אין גרויס התפעלות. ער האט זיך אנגעהויבען פיהלען ווי א מענש, א גלייכער מיט אלעמען. ער איז געווארען שטאלצער, מונטערער, שטארקער.

דערווייל האט ר' יצחק שאול געהאלטען אין מסביר זיין זבולון בנימינ'ען און טאקע מיט מאמרי חז"ל. ער האט אבער די דאזיגע מאמרי חז"ל, וועלכע זבולון בנימין האט קיין מאל ניט געהערט, אזוי דערקלעהרט, אז אפילו אט דער פראסטער מענש האט זיי פארשטאנען. גלייכצייטיג האט ר' יצחק שאול גערעדט צו איהם אזוי ווי ער וואלט געווען זיין גלייכען און וואלט טאקע גע־קענט משיג זיין א מאמר חז"ל. ר' יצחק שאול האט פאר איהם איבערגעזאגט וואס ר' שמעון בן לקיש זאגט אין חולין, דף צ"ב: "אומה זו כגפן נמשלה: זמורות שבו אילו בעלי בתים, אשכלות שבו אילו תלמידי חכמים, עלין שבו אילו עמי הארץ, והתלמידי חכמים צריכים להתפלל על העמי הארץ שיצליהו בעבודתם, דכמו שהעלים מגינים על הפרות כן עמי הארץ מגינים על תלמידי חכמים", וואס מיינט, אז דאס אידישע פאלק איז געגליכען צו א וויינשטאק. די צווייגען זיינע, דאס זיינען די בעלי בתים. די בינטלאך וויינטרויבען, דאס זיינען תלמידי חכמים. די בלעטער זיינען די עמי הארץ. דערפאר דארפען די תלמידי חכמים מתפלל זיין פאר די עמי הארצים אז יענע זאלען מצליח זיין אין זייער ארבייט, ווארום פונקט ווי די בלעטער באשיצען די פירות אזוי באשיצען די פראסטע מענשען די תלמידי חכמים.

ר' יצחק שאול איז געגאנגען נאך ווייטער. ער האט זבולון בנימינ'ן גע־געבען צו פארשטעהן, אז ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער האט אזוי וועניג געלערנט ביז אהער קען נאך עפעס זיך דערלערנען.

— אט מיט דעם צייכענען זיך אויס־אידען פון די ניט־אידען, — האט ער איהם געזאגט, — ביי אידען זיצט מען תמיד און מען לערנט. אין יעדען בית המדרש זאגט מען פארשידענע שיעורים. עס זיינען פאראן שיעורים פאר לומדישע אידען, אבער עס זיינען אויך פאראן שיעורים פאר פראסטע מענ־

שען. געהט נאר אין בית המדרש יעדען טאג צווישען מנחה און מעריב, הערט זיך צו ווי מען לערנט. נאך א לענגערע צייט וועט זיך זיכער עפעס צו אייך צוקלעפען. ניטא דער איד וואס קען ניט זיך עפעס אויסלערנען אין משך פון דער צייט.

זבולון בנימין איז געווען אזוי באגייסטערט, אז ער האט באלד צוגע־זאגט ר' יצחק שאול'ען אז ער וועט אנהויבען געהן יעדען טאג אין בית המדרש און זיך צוהערען ווי מען לערנט.

— זאל מען פון מיר לאכען, — האט ער געזאגט, — איך וועל מיט דער צייט ווערען גלייך מיט אלעמען. זבולון בנימין האט אנגעהויבען קריגען אמונה אין זיינע אייגענע כחות. ער האט זיך צוגעהערט אין בית המדרש צו אלץ וואס מען האט דארט געלערנט און אפילו גע'שמועסט. אויב ער האט עפעס ניט פארשטאנען איז ער שפעטער געקומען צו ר' יצחק שאול'ן און יענער האט עס איהם מסביר געווען.

דערווייל איז אוועק א שטיקעל זייט און ר' יצחק שאול האט פון זיין פאטער, אין הארקי, געקראגען אן ענטפער אויף דעם בריוו וואס ער האט צו איהם געשיקט וועגען א שידוך פאר זבולון בנימינ'ס טאכטער דינה. ר' ניסן, ר' יצחק שאול'ס פאטער, האט מודיע געווען זיין זוהן, אז אייגענטליך האט ער עטליכע יונגע לייט, אלע בני תורה, פון וועמען אויסצוקלייבען א חתן פאר דינה'ן. ער האט צוגעזאגט גאר אין קורצען צו האבען דעם ריכטיגען זיווג פאר איהר.

## נ.

## וואו תורה דארט איז חכמה

דער יונגער למדן וואס איז געווארען א שמיד און האט געמאכט א וויכטיגע ערפינדונג. — האט עס גענומען פון דער משנה. — צער בעלי חיים.

גרויס איז געווען די השפעה וואס דעם שמיד'ס איידעם, ר' יצחק שאול, האט געהאט אויף דעם נבלה־שינדער זבולון בנימינ'ען. ניט ווייניגער איז אויך געווען די פעולה וואס זבולון בנימין האט געהאט אויף ר' יצחק שאול'ן. פון זיין פאטער, ר' ניסן, האט ר' יצחק שאול געקראגען צו וויסען, אז עס איז זיין חוב זיך אפצוגעבען מיט דער גייסטיגער דערהויבונג פון אט דעם פארגרעבטען זבולון בנימינ'ען. ר' ניסן, וועלכער האט אויף זיך גענומען די אויפגאבע צו געפינען א חתן פאר זבולון בנימינ'ס טאכטער, דינה, האט זיך פון דערווייטען אויך פאראינטערעסירט אין זבולון בנימינ'ען אליין. ער האט דערפאר אין זיין בריוו צו זיין זוהן איהם אנגעזאגט, אז ער זאל בא־טראכטען אט דעם נבלה־שינדער ווי א געפינס, ווייל ער קען דערהויבען ווערען צו א גאנץ הויכער מדרגה, צייגענדיג מיט דעם, אז עס איז ניטא דער איד, ווי שפל ער זאל ניט זיין, וואס קען ניט שטייגען און זיך דערהויבען.

ווי א פועל יוצא פון דעם האט ר' יצחק שאול באשלאסען אליין צו צייגען א ביישפיעל פון ליעבע צו מלאכה. ער האט ביי זיך אפגעמאכט צו ווערען א שמיד. נאך א סך איינ'טענה'ן מיט זיין שווער האט ער ביי איהם גע'פועל'ט אז ער זאל איהם אריינגעהמען אין דער קוזניע.

ר' אליעזר ראובן האָט אפילו געדאַרפט מיט זיך א סך ראַנגלען איידער ער האָט מסכים געווען אז דער איידעם, וועלכען ער האָט גענומען פאַר זיין לומדות און מיט וועלכען ער האָט זיך געזאָלט צאַצקען, זאָל ווערען א פשוט'ער בעל מלאכה. ער האָט עס באַזונדער ניט געקענט פאַרדייהען דערפאַר וואָס ער האָט געמיינט, אז דאָס וועט זיין א פחיתת הכבוד פאַר זיינע אַנדערע צוויי איידעמס, די ראשי הישיבה. אָבער ער האָט איינגעזעהן אז זיין דריטער איידעם איז פון א גאַנץ אַנדער ליים געקנאָטען. ר' אליעזר ראובן האָט נאָך וויינינג געוואוסט פון דעם, אז דער חסידישער גייסט האָט אָנגעהויבען קלאַפען אין זיין איידעם. עס איז אָבער פאַר איהם געווען גענוג וואָס ער האָט זיך ענדליך איבערצייגט אז אַזוינער ווי ר' יצחק שאול וועט ניט דער־נידעריגט ווערען מיט דעם וואָס ער וועט זיך נעהמען צו מלאכה.

אגב האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען אז ר' יצחק שאול האָט מיט זיך גע־בראַכט הצלחה אין דער קוזניע. ער האָט ערשט זיך געהאַט אויסגעלערנט די מלאכה ביי זיין שווער און ער האָט באַלד אָנגעהויבען מחדש צו זיין זאַכען וואָס האָבען אַרויסגערופען גרויס באַוואונדערונג און זיינען אויך געוואָרען א קוואַל פון מעהר הכנסה. ר' יצחק שאול האָט דערפונדען א נייע איינריכ־טונג צו דעם אַקער־אייזען. ער האָט צוגעגעבען צו דעם אַקער־אייזען אַזא פלעקעלע וואָס האָט צוברעקעלט די ערד ביים אַקערען. דאָס האָט פאַרשפּאָרט א סך אַרבייט די פּויערים. אַלע האָבען אָנגעהויבען קומען צו ר' אליעזר ראובן'ען אין דער קוזניע, אז מען זאָל צוגעבען צו זייערע אַקערס ר' יצחק שאול'ס איינריכטונג. זיי זיינען אַלע געווען גרייט צו באַצאָהלען דערפאַר.

אויך פון פריצישע הויפען האָט מען אָנגעהויבען שיקען די אַקערס צוצו־געבען צו זיי ר' יצחק שאול'ס ערפינדונג. מען האָט פון דאָרט אויך באַ־שטעלט ביי ר' אליעזר ראובן'ען נייע אַקערס. אויך קאַרעטעס האָט מען פון די פריצישע הויפען אָנגעהויבען שיקען צו ר' אליעזר ראובן'ען אין קוזניע ווייל מען האָט געוואוסט, אז זיין איידעם איז א גרויסער מייסטער און טויג יך אויס צו אַלע אַרבייטען.

— איך שטעה שוין ביי דער קאַוואַדלע פערציג יאָהר און האָב גאָרניט געקענט מחדש זיין, און דאָ קומט א ישיבה בחור און ווייזט קונצען! — האָט ר' אליעזר ראובן אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג וועגען זיין איידעם.

די שוויגער, דאָס הייסט, דעם שמיד'ס ווייב, האָט עס דערקלעהרט נאָר מיט דעם וואָס "וואו תורה דאָרט איז חכמה".

ר' יצחק שאול אַליין האָט זיין ערפינדונג צוגעשריבען צו דער תורה.

— איך האָב, — האָט ער געזאָגט, — אַליין וויינינג מחדש געווען. איך האָב עס נאָר גענומען פון משנה. דאָרט רעדט זיך וועגען כלים וואָס זיי־נען מקבל טומאה און כלים וואָס זיינען ניט מקבל טומאה, און דאָרט ווערט דערמאָנט וועגען א פלעקעל וואָס צעברעקעלט די ערד ביים אַקערען. ווען איך האָב געזעהן די אַקערס וואָס די פּויערים ברייגנען אָהער האָבען ניט אַזעלכע פלעקלאַך איז מיר איינגעפאַלען אז מען וואָלט זיי געדאַרפט צוגעבען צו די אַקערס און אַזוי אַרום האָט מיר די משנה געהאָלפען קומען צו אָט דעם געדאַנק.

ביי ר' יצחק שאול'ן איז מלאכה געווען אז ענין ניט נאָר פון פאַרדיענען

דאָס ברויט אויף אַן עהרליכען אופן, נאָר טאַקע אויך צו קענען דורך דעם דערנעהנטערען זיך צו די פשוט'ע פאָלקס־מענשען. ער האָט נאָר געוואָלט זיין איינער פון זיי און ווי איינער פון זיי זיך דערהויבען צו א העכערער מדרגה מיט דעם וואָס ער האָט אין זיי געהאָלטען אין איינפלאַנצען מידות טובות און אויך מיט דעם וואָס ער האָט זיי געלערנט תורה, יעדערען לויט זיין פאַרשטאַנד און השגחה. זיין ליעבע און איבערגעבענהייט צו פּראָסטע מענשען האָט פּשוט ניט געהאַט קיין שיעור. ער האָט זיין ליעבע אויך גע־צייגט צו פיער־פיסיגע באַשעפענישען, צו עופות און אפילו צו גראָזען און בוימער.

אָט די ליעבע צו אַלע גאָט'ס באַשעפענישען און אפילו די צמחים, האָט אין איהם איינגעפלאַנצט זיין פאָטער, ר' ניסן, וועלכער האָט איהם פון זיין סאמע יוגענט געלערנט אַז מען דאַרף אויף אַלעמען און אַלץ רחמנות האָ־בען, אַז מען טאָר קיינעם ניט מצער זיין אפילו ניט קיין פליגעלע און קיין ווערימעל, אויך נישט קיין גראָזען און קיין בלעטער פון בוימער. ווארום אויך גראָזען און בלעטער פיהלען וועהטאָג און צער.

גראָד איז ר' יצחק שאול אין זיין קינדהייט גאָרניט געווען אַזא בעל רחמן. ער איז געווען ניט אַנדערש פון א סך אַנדערע קינדער. ער האָט גע־וואָרפען שטיינער אויף עופות און האָט געשלאָגען ציגען און בהמות און געריסען צווייגען פון בוימער און געפּליקט גראָזען און פלאַנצען. טאַקע דער־פאַר האָט איהם זיין טאַטע געהאַלטען אין מוסר'ן.

ר' יצחק שאול'ן האָט זיך אין זיין זכרון באַזונדער איינגעקריצט דאָס וואָס זיין פאָטער האָט איהם געהאַט אָנגעלערנט אין שייכות מיט א האָן. אָט דער האָן איז געווען זיין פאָטער'ס ליעבלינג. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס מיט זיין ערשטען קרעה פלעגט ר' ניסן אויפשטעהן, באַלד אָפּגיסען נעגעל־וואַסער און לויפען אין בית המדרש אריין. האָט ר' ניסן נאָר געוואָלט אַז דער האָן זאָל קרעהען וואָס העכער און אַז זיין קול זאָל חלילה ניט מכולה ווערען. האָט ער דעם האָן שטענדיג צוגעזעהן. ער האָט איהם געקאָרמעט און געגעבען טרינקען און אַליין אכטונג געגעבען, אַז פאַרנאַכט, זאָל ער אריינ־געטריבען ווערען אין "קאַטוך" אונטער'ן אויווען.

ר' ניסן איז דאָן געווען זיכער, אַז ער וועט האָבען ווער עס זאָל איהם אויפוועקען האַלבע נאַכט און אַז ער וועט חלילה קיינמאָל ניט פאַרשלאָפען. וואָס העכער דעם האָן'ס קרעה האָט זיך צעטראָגען, אַלץ צופרידענער איז ר' ניסן געווען און אַלץ שטאַרקער האָט ער צוגעזעהן דעם האָן. אָבער גראָד ר' ניסן'ס ליעבע צום האָן האָט ביי דעם קליינעם יצחק שאול'ען ארויסגערו־פען א שנאה צו איהם. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגען זיין קרעהען און האָט בכלל געפיהלט א דערווידער צו אָט דער באַשעפעניש וואָס איז געווען זיין פאָטער'ס ליעבלינג. האָט ער דערפאַר שטענדיג געזוכט א געלעגענהייט זיך צו איזדיעקעווען מיט'ן האָן. ווען זיין טאַטע איז ניט געווען דערביי און דער האָן האָט זיך געפונען אויפ'ן געהעפט, האָט ער אויף איהם גע־וואָרפען שטיינדלאַך אָדער סתם איהם ארומגעיאָגט כדי איהם אויסצומאַטע־רען. יצחק שאול האָט אויף אַן עהנליכען אופן אויך געמאַטערט אַנדערע ברואים.

זיי האבען אין הויז געהאט א הון וואס איז געזעצט געווארען אויף אייער און האט אויסגעבריהט הינדעלאך. האט די הון שפאצירט אויפ'ן געהעפט מיט איהרע הינדעלאך. פלעגט יצחק שאול ווארפען אויף זיי שטיינדלאך און זיי האלטען אין שרעקען און זיי ממש קיין מנוחה ניט געגעבען. ער האט אויך הנאה געהאט אנצורייצען א הונט אויף א קאץ אדער כאפען פליגען, זיי ארייגשליידערען אין שפינוועבס און דאן צוקוקען ווי אזוי די פליגען ראנגלען זיך מיט'ן שפין און ווערען דערנאך פארשלונגען.

נאר איינמאל, גאר ניט באמערקענדיג, אז זיין פאטער קוקט זיך צו ווי ער טהוט אט די אלע זאכען, האט ער פלוצים דערפיהלט ווי א האנט ווערט ארויפגעלייגט אויף זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן זיין פאטער. ר' ניסן איז געווען בייז.

ר' ניסן האט אויף קיינעם ניט געלעגט קיין האנט. ער איז געווען א מלמד און ער האט קיינמאל ניט געשלאגען קיין תלמיד. ער האט די טשופלינע געהאלטען אויפגעהאנגען אויפ'ן וואנט און ווען אימיצער האט זיך מיט וואס ניט איז פארזינדיגט, האט ער איהם נאר אנגעוויזען אויף דער טשופלינ' און האט איהם אנגעהויבען שטראפען. דאס האט געווירקט. די תלמידים האבען פאר ר' ניסן'ען געהאט מעהר מורא און מעהר דרך ארץ ווי די תלמידים פאר מלמדים וואס האבען געשלאגען מכות רצח.

אז ר' ניסן האט זיין זוהנדעל, יצחק שאול'ען, ארייגענומען אין הויז אריין, האט ער איהם געהייסען נעהמען די מסיכת שבת און אויפמישען דף סב"ה און זאגען הויך אויפ'ן קול די משנה "כופין את הסל לפני האפרחים כדי שיעלו וירדו", אז מען זאל איינבויגען דאס קערבעל פאר די יונגע הינדעלאך כדי זיי זאלען קענען ארויף און אראפ.

— אט זעהסטו, מיין זוהן, — האט ר' ניסן זיך מיט איהם אויסגעפיהרט, — אפילו שבת מעג מען נעהמען א זאך וואס מען וואלט אנדערש נישט געטארט אנריהרען, כדי די יונגע עופות זאלען ניט דארפען זיך מצער זיין ביים ארויף און אראפ וואס איז אין זייער טבע. ווארום צער בעלי חיים איז מין התורה. די גמרא אין ברכות, דף מ' זאגט, אז א מענש טאר זיך ניט זעצען צום טיש איידער ער ניט עסען דער בהמה, ווייל אין פסוק שטעהט "ונתתי עשב בשדך לבהמתך" (איך וועל געבען גראז אין פעלד פאר דיין בהמה), און דערנאך שטעהט "ואכלת ושבעת", וואס מיינט, אז דער מענש דארף עסען ערשט נאכדעם ווי ער האט געגעבען עסען דער בהמה. אבער דו, מיין זוהן, ביזט אזא אכזר, אזא רוצח, דו דארשט פשוט נאך בלוט. דיך קימערט ניט דער צער פון אנדערע באשעפענישען.

יצחק שאול האט געמיינט, אז זיין פאטער וועט זיך באנוגענען מיט אט די שארפע שטראף־רייד. ער האט אבער א טעות געמאכט. זיין פאטער האט נאך געהאט צוגעגעבען. ער האט געזאגט:

— ווייסט גאנץ גוט, אז עס איז נישט מיין טבע צו באנוצען די רוט און צו שלאגען אימיצען. אבער פאר דיינע שלעכטע מעשים, פיהל איך מיך געצוואונגען דיך אויסצוציהען אויף דער באנק און איינטיילען שמיץ. דאס וועט ניט זיין דערפאר וואס איך וויל דיך שלאגען, נאר דערפאר וואס איך

וויל, אז דו זאלסט די קלעפ געדענקען; דו זאלסט פארזוכען דעם טעם פון יסורים.

ער האט באפוילען יצחק שאול'ן, אז ער זאל ארונטערנעמען דעם קאנטשיק פון דער וואנט און זאל עס איהם דערלאנגען. ר' ניסן האט דאן געהייסען איהם זיך אויסציהען אויף דער באנק מיט'ן פנים ארונטער. איידער ר' ניסן האט אנגעהויבען איינצוטיילען די שמיץ האט ער איהם ווידער מודיע געווען, אז ער טהוט עס נאר כדי ער זאל געדענקען די יסורים וואס ער האט גורם געווען די עופות און די אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען.

דאס זיינען די ערשטע און לעצטע קלעפ וואס יצחק שאול האט ווען גע־קראגען פון זיין פאטער, און ער האט די קלעפ מקבל באהבה געווען. יעדער שמיץ האט איהם שטארק וועה געטהאן. אבער ער האט קיין פיפס ניט געטהאן. אז ר' ניסן האט אוועקגעלייגט דעם קאנטשיק, איז ער אריין אין א צווייטען חדר און יצחק שאול האט געהערט ווי זיין פאטער האט זיך דארט צעוויינט אויפ'ן קול. יצחק שאול האט געפיהלט, אז דאס וויינט זיין פאטער פון גרויס צער איבער דעם וואס ער האט זיך אזוי שלעכט אויפגעפיהרט און האט איהם געצוואונגען איהם איינצוטיילען שמיץ. דאס האט יצחק שאול'ען וועה גע־טהאן נאך מעהר ווי די שמיץ אליין. ער האט געפיהלט גרויס חרטה און בושה.

א פאר טעג האט יצחק שאול געפיהלט די וועהטאגען פון די שמיץ. אויפ'ן דריטען טאג איז ער צוגעקומען צו זיין פאטער און האט איהם א קוש געטהאן אין האנד און מיט טרעהרען אין די אויגען ביי איהם געבעטען מחילה. ר' ניסן'ס אויגען האבען זיך אנגעפילט מיט טרעהרען.

— דו ביזט נאך א יונג קינד. אלע דיינע חטאים פאלען אויף מיר. איז עס נאך ניט אזוי שלעכט. א סך ערגער איז וואס פון דיר קען ארויסוואקסען אן אמת'ער אכזר, א בלוט־דארשטיגע באשעפעניש.

דאס האט אויף דעם יונגען יצחק שאול'ען געמאכט אזא רושם, אז ער האט באלד דערפיהלט אן ענדערונג אין זיין הארצען. עס האט איהם אנגענו־מען א געפיהל פון גרויס רחמנות צו אלע ברואים.

ר' ניסן האט דערוויילע אנגעהויבען אויף איהם מעהר משפיע זיין. ער האט מיט איהם אנגעהויבען לערנען, אין צוגאב צו די געוויינליכע למודים, מוסר, וואס האט געזאלט טיפער איינפלאנצען אין זיין הארצען מידות טובות.

ווען ער איז געווארען עלף יאהר אלט, האט איהם זיין פאטער געשיקט קיין מינסק דארט לערנען אין א ישיבה און ער איז אין דער ישיבה פאר־בליבען זיבען יאהר צייט און זיך דארט אויסגעצייכענט מיט זיין גרויסער התמדה. ער האט באקומען דעם נאמען "הארקער מתמיד". ער האט שטארק אפגעהיט וואס זיין פאטער האט איהם אנגעזאגט ניט צו פאר'בטל'ען צייט און אויך צו צוימען דעם נאטירליכען באגעהר צו קוקען אויף זאכען וואס האבען ניט קיין אמת'ען באדייט, אדער זיך צוצוהערען צו די רייד פון זייטיגע מענשען און אליין ריידען וועגען אומוויכטיגע ענינים.

ר' ניסן אליין האט אין זיין יוגענט געהאט געלערנט אין מינסק און ער האט דארט געהאט פריינט מיט וועמען ער האט זיך פון צייט צו צייט דורכ־געשריבען. אט די דאזיגע פריינט פון זיין פאטער האבען מקרב געווען יצחק שאול'ען און אכטונג געגעבען אויף זיין הנהגה.

איינער פון זיין פאטער'ס פריינט איז געווען א געוויסער ר' אברהם אבא, א בעקער, אבער א גרויסער למדן. ער האט יצחק שאול'ען געהאלטען אין אויפקלעהרען אז א תורה וואס איז ניט באזירט אויף יראת שמים, אויף מקיים זיין די מצוות און באזונדער אויף אהבת ישראל, איז ניט קיין ריכטיגע תורה. ר' אברהם אבא האט יצחק שאול'ען אנגעהויבען נעהמען צו די קליינע אסיפות פון א קליינער חברה וואו מען האט גערעדט וועגען די ענינים פון עבודת הבורא. ביי די דאזיגע אסיפות האט יצחק שאול זיך באקאנט מיט א געוויסען ר' משה ניסן, איינער פון די בטלנים אין בית המדרש, און איינ־זאמער מענש אבער אן אויסערגעוויינליכער למדן. א חוץ זיין בקיאות אין גמרא האט ער געקענט דעם רמב"ם אויף אויסווייניג. א גאנצע וואך איז ער אפגעקומען מיט ברויט און וואסער. מאנטאגס און דאנערשטאגס האט ער אין גאנצען געפאסט.

א חוץ תורה האט זיך ר' משה ניסן אפגעגעבען מיט עבודה. ער האט א סך מאריך געווען אין זיינע תפלות און האט זיך אויך אפגעגעבען מיט מוסר. ער האט ניט נאר אליין געלערנט מוסר, נאר האט עס אויך געלערנט מיט'ן עולם. יצחק שאול איז אויך געווען איינער פון די וואס פלעגען קומען הערען זיין מוסר און דאס האט אויף איהם געהאט א גרויסע השפעה. ניט נאר האט ר' משה ניסן איינגעפלאנצט אין איהם מידות טובות, נאר האט ביי איהם ארויסגערופען א פלאם־פייערדיגע ליעבע צו מענשען.

נאכדעם ווי יצחק שאול האט זיך צוריקגעקעהרט פון מינסק קיין הארקי האט ער ווייטער געלערנט ביי ר' עזריאל יוסף'ען, דער דארטיגער שטאט־מגיד וועלכער האט פאר א צייט אויך אנגעפיהרט מיט א ישיבה. ר' עזריאל יוסף איז צוזאמען מיט יצחק שאול'ס פאטער און אנדערע עטליכע מאל געווען ביים בעל שם. אויף אזא אופן האט די נייע תורה פון חסידות דערגרייכט אויך יצחק שאול'ען.

פארשטעהט זיך, אז ווען ר' יצחק שאול איז געווארען דער איידעם פון דעם שמיד ר' אליעזר ראובן אין דאבראמיסל, האט ער זיך געפיהרט אין דעם דרך החסידות, כאטש גאר ווייניג האבען געוואוסט וואס אזוינס אט דער דרך איז. אין גייסט פון אט דער נייער לעהרע פון חסידות האט ר' יצחק שאול באשלאסען צו ווערען א שמיד און האט זיך אנגעהויבען ארום־רינגלען מיט פראסטע מענשען, צווישען זיי אויך זבולון בנימינ'ען, וועלכער איז אלע זיינע יאהרען געווען ממש א פארשטויסענער.

גראד האט זיך שפעטער געמאכט, אז דער דאזיגער זבולון בנימין איז געווארען גאר א גרויסער חשוב אין דאבראמיסל. דאס איז געווען צוליעב דעם וואס ער האט באוויזען אז ער קען ראטעווען אידען און ניט־אידען פון א שווערער חולאת וואס האט זיך געהאט פארשפרייט אין דאבראמיסל און אין די דערפער ארום.

די דאזיגע חולאת האט באזונדער געהאט געטראפען קינדער און להבדיל אויך בהמות. א סך פון זיי זיינען געשטארבען. איז געווארען א גרויסע בהלה. קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן, ווי אזוי מען שטעלט אפ די מגפה. זבולון בנימין, וועלכער האט געהאט א לאנג־יאהריגע דערפאהרונג אין

היילען בהמות, האט אויך פארשטאנען אויף מענשליכע חולאת'ן, באזונדער יענע חולאת וועלכע האט געהאט אנגענומען די פארמע פון א מגפה.

זבולון בנימין האט שוין פון לאנג געוואוסט, אז אט די חולאת נעהמט זיך פון'ם מילך פון קיה און ציגען צוליעב געוויסע ניפטיגע גראזען וואס זיי עסען. ער האט אויך געוואוסט, ווי אזוי ער קען די דאזיגע חולאת אויס־היילען און דער עיקר פארמיידען אז זי זאל זיך ניט פארשפרייטען ווייטער. האט ער באלד זיך גענומען צו דער ארבייט און אליין צוגעגרייט די רפואות פאר די קראנקע קינדער און אויך אנגעזאגט ווי אזוי מען זאל זיך היטען כדי ניט צו פארשפרייטען די חולאת. אין משך פון עטליכע טעג איז די מגפה אין דאבראמיסל אפגעשטעלט געווארען. ער האט די מגפה אויך אפגעשטעלט צווישען די בהמות.

גאנץ דאבראמיסל האט איצט געוואוסט וואס פאר א וואונדער זבולון בנימין האט באוויזען, און דער נבלה־שינדער, מיט וועמען קיינער האט זיך קיינמאל ניט גע'חבר'ט, איז מיט אמאל געוואקסען אין חשיבות. מען האט זיך ארומגעזועהן, אז עפעס איז ער גאר ניט אזוי פשוט ווי מען האט געמיינט און אז דאס וואס אנדערע האבען ניט געקענט אויפטהאן מיט קיין תפלות און אלערליי תחבולות, האט זבולון בנימין באוויזען אויף זיין אייגענעם שטייגער.

## נא.

### אנערקענונג פאר א פראסטען מענשען

**דער כבוד וואס דאבראמיסלער רב האט צוגעטיילט זבלון בנימינ'ען. — ער הערט צום ערשטען מאל ווי מען רופט איהם "רבי". — חסידישע נסתרים.**

נאך דעם ווי זבולון בנימין האט אפגעשטעלט די מגפה אויף קינדער און, להבדיל, אויך אויף בהמות, וואס האט געהאט געבושעוועט אין דאבראמיסל, האט דער רב גוזר תענית געווען כדי צו לויבען און דאנקען דעם רבונו של עולם פאר דעם חסד וואס ער האט געטהאן דורך זבולון בנימינ'ען. עס איז דאן געווען ערב ראש חודש אלול און צום יום כפור קטן האט זיך דער גאנצער עולם פארקליבען אין בית המדרש. דער רב האט געזאגט א דרשה וואס האט אויף די צוהערער געמאכט א גרויסען רושם. ער האט געלויבט זבולון בנימינ'ען ווי א שליח פון הימעל צו ראטעווען קינדער. ער האט אויף דעם אנגעוויזען ווי אויף א ביישפיל, אז יעדער איד קען ווערען דער שליח דורך וועמען עס זאל געשיקט ווערען א ישועה פאר'ן כלל־ישראל.

ווי זיין שטייגער, האט דער רב אין זיין דרשה זיך ביטער צעוויינט. ער האט געזאגט, אז די מגפה איז געווען דער פועל יוצא פון זינד, און אויב דער עולם איז זינדיג, איז עס זיין, דעם רב'ס, שולד, ווייל עס שטעהט געשריבען "ואשימם בראשיכם", אז די שולד פאר די חטאים וואס אן עדה באגעהט איז אויפ'ן רב פון שטאט, דערפאר וואס ער האט ניט דערפילט זיין חוב צו מדריך זיין די עדה ווי געהעריג. אין דערזעלביגער צייט האט ער אבער אויך גערעדט מיט פרייד וואס דער אויבערשטער האט דאך געשיקט די ישועת און טאקע דורך אזא פשוט'ען און עם הארצות'דיגען מענשען ווי זבולון בנימין.

דאס וואס דער רב האט אזוי פיעל געלויבט זבולון בנימינ'ען האט געמאכט א רושם אויף א סך צוהערער. עס זיינען אבער אויך געווען אזוינע וואס האבען זיך אן זבולון בנימינ'ען צוליעב דעם מתקנא געווען און האבען ערשט איצט אנגעהויבען טרייבען שפאס אויף זיין חשבון. אימיצער האט זיך גע'חכמה'ט, אז איצט דארף זיך נאר זבולון בנימין פארלאזען פאות און מען וועט איהם קרוינען פאר א גוטען־אידען. אן אנדערער האט געזאגט, אז דער רב האט זיך טועה געווען מיט לויבען אזוי שטארק דעם נבלה־שינדער, ווייל דעם גאנצען כח וואס ער האט געוויזען אין אפשטעלען די מגפה איז צו איהם געקומען דורך א מכשף, וועלכער זאל איהם האבען אנטפלעקט דעם סוד מיט וועלכע גראזען און קרייטיכער מען קען אפשטעלען אזא חולאת.

אבער ניט קוקענדיג אויף די אלע רייד האבען די מעהרסטע אין דאבראמיסל אנגעהויבען זיך באציהען מיט כבוד צו זבולון בנימינ'ען. יענע האבען זיך אפילו ארומגעקריגט מיט די וואס האבען פון זבולון בנימינ'ען געלאכט און איהם בארעדט. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז דער רב האט גערופען צו זיך די וואס האבען בארעדט און געשפאט פון זבולון בנימינ'ען און זיי מתרה געווען, אז זיי זאלען עס מעהר ניט וואגען צו טהאן, ווייל זבולון בנימין שטעהט באמת אויף גאר א הויכער מדרגה.

פארשטעהט זיך, אז דער שמיד ר' אליעזר ראובן און זיין אידעם ר' יצחק שאול, זיינען געווען באזונדער שטארק צופרידען וואס זבולון בנימין איז געווארען אזא חשוב.

פאר דער גאנצער צייט האט זבולון בנימין אליין זיך געפונען אין די ארומיגע דערפער, וואו די מגפה האט נאך אלץ געבושעוועט. נאכדעם ווי ער איז פארטיג געווארען מיט די אידען אין דאבראמיסל און געראטעוועט צעהנדליגער קינדער פון טויט און א סך פון זייערע בהמות, להבדיל, האט ער זיך ארויסגעלאזט איבער די דערפער דארט צו העלפען גוי'שע קינדער און גוי'שע בהמות. ער האט זיך ערשט צוריקגעקעהרט אהיים פרייטאג נאכמיטאג. ער איז שנעל געלאפען אין מרחץ. אריינקומענדיג אין מרחץ, וואו עס איז פול מיט פארע און וואו איינער זעהט קוים דעם צווייטען, האט ער געהערט ווי דער עולם רעדט צווישען זיך וועגען איהם. קיינער האט איהם ניט געהאט באמערקט און דער שמועס וועגען איהם איז דערפאר אנגעגאנגען אומגעשטערט.

פון דעם וואס זבולון בנימין האט געהערט האט ער צום ערשטען מאל אויסגעפונען, אז דער רב האט אין זיין דרשה גערעדט וועגען איהם און איהם שטארק געלויבט. ער האט זיך אויך דערוואוסט, אז טאקע צוליעב דעם לויבען איהם איצט די מעהרסטע תושבים פון שטאט. זבולון בנימין האט זיך דערפיהלט שלעכט. ער האט ניט געקענט פארטראגען די לויב־ווערטער וועגען איהם. ער האט זיך שנעל אנגעטהאן און איז אוועק אהיים. אריינקומענדיג צו דעם שמיד ר' אליעזר ראובן'ען האט ער זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט.

— מענשען וועלען מיך איצט שטארק מקנא זיין, — האט ער געכליפעט, — איך האב אמאל געהערט, אז פאר דעם וואס מענשען קריגען כבוד אויף דער וועלט רעכענט מען ארונטער פון זייער חלק עולם הבא. וואלט זיך מיר ניט געוואלט צוליעב דעם פארלירען פון מיינע זכיות אויף יענער

וועלט. וואלט דען ניט געווען קיין פלאן אז איך זאל זיך פון דאנען איינגאנצען ארויסקלייבען און זיך באזעצען ערגעץ־וואו קיינער קען מיך ניט?

דער שמיד האט איהם פרובירט בארוהיגען און טרייסטען, אז ער האט גאר ניט וואס מורא צו האבען. נאך א לאנגען שמועס זיינען זיי ביידע אוועק אין שטעטעל מקבל שבת זיין. אויפ'ן וועג האבען זיי דערווייל ביידע גע־שמועסט וועגען די וואונדער פון בורא עולם, וואס עס זיינען פאראן גראזען וועלכע היילען און גראזען וועלכע ברייגען, רחמנא לצלן, מחלות.

— דער וואונדער איז נאך גרעסער, — האט זבולון בנימין דא געצייגט זיינע ידיעות אין אזעלכע זאכען, — וואס די בהמות אליין וויסען בחוש אויס־צוקלייבען וואס פאר גראזען זיי זאלען עסען און וואס פאר גראזען ניט אנ־צוריהרען. זעלטען ווען א בהמה ריהרט זיך צו צו א גראז וואס ברייגגט מיט זיך א מחלה. אבער אפילו דאמאלס קען מען די מחלה באהערשען דורך געבען דער בהמה עסען אן אנדער גראז וואס האט דעם כח יענע מחלה צו היילען.

זבולון בנימין האט דערביי אליין פרובירט צונישט מאכען דאס וואס ער האט דורך פארשידענע גראזען און קרייטיכער מנצח געווען די מגפה. ביי איהם איז עס נאר געווען א פועל יוצא פון דעם וואס דער רבונו של עולם האט באצייטענס צוגעגרייט די רפואה פאר דער מכה און ער, זבולון בנימין, האט נאר גורם געווען, אז די רפואה וואס דער אויבערשטער האט צוגעגרייט, זאל אנגעווענדעט ווערען אין דער געהעריגער צייט און מאס. ווענען זיין חלק אין דעם איז גאר ניט געווען וועגען וואס צורייידען.

ווי תמיד איז ר' אליעזר ראובן אויך דאמאלס אנגעקומען אין בית המדרש פון די סאמע ערשטע. אזוי האט ער זיך שוין געפיהרט יאהרען לאנג. ער האט אויך נעהאט א לאנג־יאהריגען מנהג, אז ערב שבת, פלעגט ער אין בית המדרש ברייגגען, איינגעוויקעלט אין א טיכעל, די פרוטות וואס ער און זיין ווייב, האבען א גאנצע וואך געקליבען פאר צדקה. פון דעם ערשטען טאג פון נאך זייער חתונה האבען זיי זיך נוהג געווען, אז יעדען אין דער פריה און יעדען אוונט זאלען זיי ביידען אוועקלייגען צו פרוטות פאר צדקה. ווען דאס ערשטע קינד איז ביי זיי געבוירען געווארען האבען זיי דאס איינענע אויך געטהאן פאר'ן קינד און אזוי פאר יעדעם אנדער קינד וואס איז שפע־טער געבוירען געווארען. זיי האבען אויך נאך יעדען מאלצייט אוועקגעלייגט דעם סכום וואס א מאלצייט דארף באטרעפען פאר אן אורח. די דאזיגע פרוטות פלעגען אין משך פון דער וואך געהאלטען ווערען פון דעם שמיד'ס ווייב. פרייטאג פארנאכט פלעגט ר' אליעזר ראובן ברייגגען דאס געלט אין בית המדרש און, ווען קיינער האט ניט באמערקט, האט ער דאס געלט אריינגע־ווארפען אין דער קהל'שער פושקע כדי עס זאל זיין אמת'ער מתן בסתר.

יענעם ערב שבת האבען ר' אליעזר ראובן און זבולון בנימין, אריינקו־מענדיג אין בית המדרש, געפונען דעם עלף־יאהריגען איניקעל פון שמש, קעהרענדיג דעם בית המדרש. זיי האבען זיך דערוואוסט אז מיט'ן שמש האט געטראפען א סיבה. ער האט זיך צובראכען א פוס. דאס איניקעל האט איצט געטהאן די ארבייט אין בית המדרש. ר' אליעזר ראובן און זבולון בנימין האבען באלד איבערגענומען די פליכטען פון דעם שמש צוצוגרייטען אלץ לכבוד שבת. ר' אליעזר ראובן האט דערביי אויך ניט פארגעסען איבער־

צובייטן דעם וואכעדיגן פרוכת אויף א שבת'דיגען וואס איז געווען זיין עובדה שוין פאר צעהנדליגע יאהרען, ווייל, ווי ער האט אמאל געהערט פון א מקובל, איז עס א סגולה פאר שלום בית און פאר אריכת ימים פון די קינדער.

זבולון בנימין האט אנגעפילט דעם האנט־פאס מיט וואסער און אנגע־צונדען ליכט אין עמוד און אין די הייגליכטער. דערווייל האט זיך דער עולם פארקליבען און מען האט זיך געשטעלט דאווענען מנחה. זבולון בנימין האט פארנומען זיין געוויינליכען פלאץ הינטער דער בימה. אז מען האט פארענדיגט די תפלות, איז זבולון בנימין נאך אלץ געשטאנען מיט'ן פנים צו דער וואנט. ער האט געהאלטען אין זאגען קאפיטלעך תהילים וואס ר' יצחק שאול האט איהם געהאט אנגעזאגט, אז ער זאל זיי זאגען נאך יעדער תפלה.

— א גוטען שבת, ר' זבולון בנימין, — האט דער נבלה־שינדער פלוצים דערהערט הינטער זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעקעהרט מיט'ן פנים און איז געווען פארגאפט. דער רב פון דאבראמיסל איז געשטאנען לעבען איהם. ער האט געהאלטען אויסגעשטרעקט זיין האנט צו איהם און געזאגט: — שלום עליכם, ר' זבולון בנימין.

זבולון בנימין האט זיך פאנאנדערגעוויינט. דעם ערשטען מאל ווי אזא כבוד איז איהם צוגעטיילט געווארען. צום ערשטען מאל אז ער האט גע־הערט ווי מען רופט איהם "רב".

— רבי, — האט ער געזאגט וויינענדיג, — וועט מען צוליעב אט דעם כבוד ביי מיר ניט אוועקנעהמען א טייל פון מיין עולם הבא?

— זארגט זיך נישט, — האט דער רב געזאגט שטארק גערירהרט, — נאר יענע וואס זיינען רודפים אחר הכבוד פארלירען דורך דעם עולם הבא אבער אייך קומט דער כבוד. אייער חלק עולם הבא וועט ניט געמינערט ווערען.

איבער'ן בית המדרש האט זיך צוטראגען די נייעס, אז דער רב איז צוגעקומען צו זבולון בנימין'ען און איהם געזאגט גוט שבת און איהם אויך גערופען "רב" זבולון בנימין. באלד האט וועגען דעם אויך געוואוסט גאנץ דאבראמיסל, די שטאט איז געגאנגען אויף רעדלאך.

זבולון בנימין איז מיט אמאל געווארען א חשוב ביי די דאבראמילער אידען. א סך האבען איהם שוין אפילו אנגעהויבען רופען "רב" זבולון בנימין. האט דאך דער רב אליין איהם אזוי גערופען. זבולון בנימין האט זיך אבער מיט דעם אויף א האר ניט געגרויסט. ער איז געבליבען דער זעלביגער. פשוט'ער מענש וואס פריהער. ער האט גאר געהאט צער וואס מען האט איהם אנגעהויבען געבען כבוד. אויב אימיצער האט פון דעם הנאה געהאט איז עס געווען דעם שמיד'ס איידעם, ר' יצחק שאול.

ר' יצחק שאול האט אויך גרויס הנאה געהאט, ווען ער האט געקראגען א ידיעה פון זיין פאטער ר' ניסן פון הארקי, אז ער האט ענדליך אויסגעקליבען א חתן פאר זבולון בנימין'ס בת יחידה, דינה. דאס איז געווען א ישיבה בחור מיט'ן נאמען ירמיהו, א יתום. לויט ר' ניסן'ס בריוו האט ער שוין מיט ירמיהו'ן געהאט גערעדט וועגען דעם שידוך. און עס האט נאך גע־דארפט נעהמען עטליכע חדשים ביז ער וועט קענען ארונטערקומען קיין דאב־ראמיסל אנקוקען דער כלה און אליין אנגעקוקט ווערען.

ווען ר' יצחק שאול האט מודיע געווען זבולון בנימין'ען וועגען דעם שידוך, איז יענער געווען מלא שמחה. ענדליך האט ער זיך געפיהלט מיט מענשען גלייך. ער האט איצט געקענט דערווארטען צו האבען א בן תורה פאר אן איידים.

אין א קורצער צייט ארום האט זבולון בנימין געשיקט א פוהר קיין הארקי צו ברייננגען דעם חתן, ירמיהו, האט ער גאר שטארק אויסגענומען סאי ביי זבולון בנימין'ען און סאי ביי זיין טאכטער. אויך ירמיהו איז גע־ ווען צופרידען מיט'ן שידוך. תנאים זיינען באלד געשריבען געווארען און דער טאג פון דער חתונה איז באשטימט געווארען. זבולון בנימין איז געווען אזוי שטארק צופרידען פון דעם שידוך, אז ער האט ירמיהו'ן באלד געגעבען געלט, אז ער זאל זיך קענען אויסהאלטען ביז דער חתונה. נאך דער חתונה, פאר־ שטעהט זיך, האט ער מעהר ניט געדארפט זארגען, ווייל זבולון בנימין האט איהם צוגעזאגט פאקטיש אייביגע קעסט.

זבולון בנימין איז אין פאראויס שוין געווען שטאלץ מיט זיין קינפטיגען איידים. ר' יצחק שאול האט איהם פארזיכערט, אז ירמיהו איז אן אמת'ער בן תורה. ער האט ניט נאר אליין גערעדט מיט איהם תורה, נאר האט איהם אויך געהאט גענומען צום דאבראמיסלער רב, אז יענער זאל זיך דערקונדיגען אויף ווי וויט עס גרייכען זיינע ידיעות אין תורה. קענטיג, אז ר' יצחק שאול האט געוואלט זיין זיכער, אז זבולון בנימין זאל טאקע באמת אריינקריגען א לומד'ישען יונגענמאן פאר אן איידים.

אט די דאזיגע באציהונג פון ר' יצחק שאול'ען צו זבולון בנימין'ען האט געמאכט גרויסען רושם אויף ברוך'ן, וועלכער האט געוואלט זיך טיעפער דערגרונטעווען אין ר' יצחק שאול'ס דרך התורה און דרך העבודה. עס איז פאר איהם שוין געווען קלאהר, אז ר' יצחק שאול געהט אויף א גאנץ אנדער דרך — א דרך וואס איז לחלוטין אנדערש פון דעם דרך, אויף וועלכען עס זיינען געגאנגען אלע אנדערע.

ברוך אליין האט ביז דאמאלס געהאלטען, אז נאר תורה איז דער עיקר. פון ר' יצחק שאול'ן האט ער געלערענט, אז דער עיקר זיינען מעשים: לא המדרש הוא העיקר אלא המעשה. אבער פון וואנען האט זיך דאס אלץ גע־ נומען? ברוך אליין האט געפיהלט ווי זיין הארץ איז מיט ר' יצחק שאול'ן. אבער ער האט נאך ניט געווי געווואוסט, אז דאס שטעלט מיט זיך פאר א נייע שיטה — דער דרך החסידות.

פון אנפאנג איז ר' יצחק שאול ניט געווען געגוג רעדעווודיג, אז ער זאל ברוך'ן גלייך דערציילען, אז זיין פאטער, ר' ניסן, געהערט צו דער "כת החסידים", וואס איז נאך דאמאלס געווען אזוי ניי. און אז זיין פאטער האט אויך איהם דערצויגען אין דעם גייסט פון חסידות. אבער וואס נענטער ער איז געווארען מיט ברוך'ן, אלץ אפענהארציגער איז ער מיט איהם געווען און ער האט שוין אנגעהויבען אנטפלעקען פאר איהם וואס ער האט געוואוסט וועגען חסידות און אויך ווי אזוי זיין פאטער איז געקומען דערצו.

ר' ניסן איז געווען א געבארענער פון באברויסק. ווען ער איז געווען א בחור'ל פון א יאהר זעכצעהן איז ער געווען איינער פון די אויסגעצייכענטסטע תלמידים אין ר' שלום צבי'ס ישיבה אין זיין געבורט־שטאט. שפעטער איז

ער אוועק לערנען אין ר' יחיאל'ס ישיבה אין האלוסק און איז דארט פאר־בליבען פיער יאהר צייט, לערנענדיג מיט גרויס התמדה. פון דארט איז ער אוועק קיין מינסק צו לערנען אין דער ישיבה פון דעם פויזנער גאון. אין אט דער ישיבה זיינען אריינגענומען געווארען נאר לומדים מצוינים. שפעטער האט דער ראש הישיבה איהם פאר'שדכנ'ט מיט דער טאכטער פון א ישוב'ניק, ניט ווייט פון מינסק.

צוועלף יאהר איז ר' ניסן פארבליבען ביי זיין שווער אויף'ן ישוב, פאר־ברענגענדיג אין תורה און עבודה. זיין פרוי איז דאן קראנק געווארען און געשטארבען. ר' ניסן האט זיך צוריקגעקעהרט קיין מינסק, וואו דער ראש הישיבה פון האלוסק, ר' יחיאל, האט פארנומען דעם פלאץ פון דעם פויזנער גאון סאי אלס בית דין און סאי אלס ראש מתיבתא. ר' יחיאל האט איהם דארט שטארק מקרב געווען.

נאך דאמאלס ווען ר' ניסן איז געווען אין מינסק צום ערשטען מאל, האט ער זיך דערוואוסט, אז דארט געפינט זיך א קליינע חברה לומדים וואס זיינען זיך עוסק אין דער קבלה און נאך א סך מיה האט ער זיך דערשלאגען צו אט דער חברה און מען האט איהם דארט אריינגענומען. ר' יחיאל איז געווען דער רבי פון דער דאזיגער חברה פון מקובלים. דער תמצית פון ר' יחיאל'ס לעהרע אין קבלה איז געווען דער ענין פון גלגולים. ער האט גע־האלטען, אז די נשמות פון אלע תנאים, אמוראים און גאונים און פון אלע אנדערע קדושים פון אלע צייטען, אנפאנגענדיג ממש פון אדם הראשון'ען, ניט אויסלאזענדיג די נשמות פון די אבות און אמהות, די נביאים און אלע אנדערע, וואס ווערען דערמאנט אין תנ"ך און אין תלמוד ווי אויך אין "זוהר", ווערען אויף דאס ניי געבארען און אז מיר זעהען זיי אין זייערע גלגולים אין אונזער אייגענעם דור. אויף אזא אופן, האט עס גענזאלט הייסען, איז דא א המשך פון די אמאליגע דורות ביז אונזער אייגענער צייט.

די חברים פון דער חברה האבען געגלויבט, אז ר' יחיאל האט דאס אלץ געוואוסט דורך רוח הקודש און אז ער האט געהאט גילוי אליהו, און אז טאקע אליהו הנביא האט איהם מגלה געווען דעם סוד וועגען די נשמות פון די אמאליגע קדושים וואס זיינען איצט אין א נייעם גלגול.

דאס האט אויף ר' ניסן'ען, דאמאלס נאך גאר א יונגער בחור, געמאכט א גרויסען רושם. אלע איבעריגע פון דער חברה זיינען געווען באווייבטע, ווייל די חברה האט געהאט א תקנה, אז קיינער זאל ניט אריינגענומען ווערען סיידען ער איז א באווייבטער. ר' ניסן איז אבער געווען אן אויסנאם. אויף ר' יחיאל'ס פארלאנג האט מען איהם אריינגענומען אין דער חברה, כאטש ער איז דאמאלס נאך געווען א בחור.

ווען ר' ניסן האט חתונה געהאט און ,זאט זיך איבערגעקליבען אויף'ן ישוב צו זיין שווער, האט ער אויפגעהערט זיך עוסק צו זיין אין קבלה. דאס איז געווען אויף דעם אויסדריקליכען אנזאג פון ר' יחיאל'ען, אז ער זאל ניט לערנען קיין קבלה אהן א רבי'ן. ווען ער האט זיך מיט צוועלף יאהר שפעטער צוריקגעקעהרט קיין מינסק, האט ער צוריק זיך אנגעשלאסען אין דער חברה פון די מקובלים און האט ווייטער געלערענט אט די געהיימע לעהרע.

די חברה האט זיך פאר די צוועלף יאהר צייט געהאט ווייט פארשפרייט

און האט צוגעקראגען א סך חברים. אין א צוויי, דריי חדשים ארום האט זיך ר' ניסן דערוואוסט, אז אין דער אויסגעוואקסענער חברה געפינט זיך א חברותא פון אזוינע וואס האבען א נייעם דרך פון עבודת הבורא. קיינער פון אט דער חברה, האט ער געהערט, גיט זיך ניט צופיעל אפ מיט'ן לימוד פון קבלה און אז קיינער נעהמט ניט אויף זיך קיין סגופים און תעניתים. דער עיקר פון דער נייער עבודה איז געוועז מקיים צו זיין די מצוות פון דער תורה מיט גרויס שמחה. ר' ניסן האט זיך אויך דערוואוסט, אז די חברים זיינען מאריך אין תפילה און אז איידער זיי שטעלען זיך דאוונען געהען זיי טבילה און אז בכלל זיינען זיי זעהר באשיידען און זיינען זיך מפרנס פון פארשיידענע מלאכות. אפילו די וואס זיינען ניט קיין בעלי מלאכה, האבען פון זיך ארונטערגענומען דעם "אצטלא דרבנן" און זיי טראגען פשוט'ע בגדים ווי בעלי מלאכה. דאס טהוען זיי, האט מען ר' ניסן'ען איבערגעגעבען, כדי זיי זאלען זיך בעסער קענען חבר'ען מיט פראסטע מענשען און אויף אזא אופן זיי מקרב צו זיין צו תורה און מעשים טובים. איינינע פון זיי, האט מען ר' ניסן'ען ווייטער דערציילט, לאזען זיך אפט ארוים אפריכטען גלות. געהענדיג צווישען פאלק, פארשטעלט ווי פשוט'ע מענשען, זיינען זיי דערווייל מעורר דעם המון און לערנען איהם ווי צו דינען גאט און אפצוהיטען די תורה.

ר' ניסן האט זיך שטארק פאראינטערעסירט אין אט דער חברה און האט זיך מיט איהרע חברים אנגעהויבען חבר'ען. אין א קורצער צייט ארום איז ער אריינגענומען געווארען ווי איינער פון דער חברותא. ער האט אנגעהויבען לערנען די תורה און די דרכים פון זיינע חברים. אלץ איז געווען בכתב. ערשט, ווען ר' ניסן איז שוין געווען איינער פון דער חברה, האט ער זיך דערוואוסט, אז אייגענטליך איז אט די חברה אין מינסק ניט די אייכציגע פון איהר מין, אז עס זיינען פאראן א סך אזוינע חברות און אז זיי זיינען אלע פארבונדען צווישען זיך. ר' ניסן האט זיך אויך דערוואוסט, צו זיין גרויסען שטוינען, אז דער ראש פון אט די חברות איז א גרויסער צדיק און בעל מופת, ר' אדם בעל שם.

עס איז ניט אוועק קיין האלב יאהר און ר' ניסן איז שוין געווען גענוי באקאנט מיט דער גאנצער תורה — די תורה פון חסידות אין איהר ערשטער פארמע, ווי זי איז געקומען פון ר' אדם בעל שם, פון וועמען ר' ישראל בעל שם טוב האט שפעטער געלערענט דעם דרך החסידות און איז פון איהם גערופען געווארען דער פיהרער פון דער נייער שיטה אין אידישקייט.

# נב.

## אויפ'ן שייד־וועג

**דער אנפאנג פון דער חסידישער באוועגונג און ווי זי האט זיך ביסלעכווייז צעוואקסען. — דער לומדישער בעל-מלאכה.**

פון ר' יצחק שאול'ן האט ברוך, צום ערשטען מאל, געהערט וועגען ר' אדם בעל שם און דאן אויך וועגען ר' ישראל בעל שם טוב, וועלכער האט שוין אין יענער צייט אנגעפיהרט מיט דער חסידישער באוועגונג. די געשיכטע,

וואס ר' יצחק שאול האט איהם דערצעהלט פון זיין טאטען, ר' ניסן, איז איינענטליך געווען די געשיכטע פון חסידות ביז יענער צייט. דערצעלט מיט דעם גאנצען פייער פון דעם התלהבות'דיגען ר' יצחק שאול'ן, וועלכער איז אליין געווען א לעבעדיגער ביישפיעל פון חסידישען לעבען און חסידישען דענקען, האט עס אויף דעם יונגען ברוך'ן געמאכט א גוואלדיגען רושם.

האט ברוך דערפאר געשלונגען יעדעס ווארט וואס ר' יצחק שאול האט איהם דערצעהלט וועגען זיין טאטען'ס באקאנטשאפט מיט די ערשטע חסידי־שע נסתרים און ווי אזוי זיי האבען פארשפרייט חסידות צווישען די אידישע פאלקס־מאסען.

ר' ניסן איז ערשט געווען זעקס חדשים אין דער געהיימער חסידישער חברה אין מינסק און ער האט זיך באקאנט מיט צוויי מערקווירדיגע פערזא־נען פון די אמאליגע חסידים. זיי זיינען געווען ר' מרדכי פון דובראוונע און ר' יצחק פון מאנאסטירטשינע.ביידע זיינען געווען באוואוסטע רבנים אין זייערע שטעט. זיי זיינען געווען די ממלאי מקום פון זייערע טאטעס. ר' מרדכי'ס פאטער איז געווען דער גאון ר' חיים און ר' יצחק'ס פאטער איז געווען דער גאון ר' בנימין סגל.

ביידע זיינען געווארען חסידישע נסתרים, וואס האבען געוואנדערט פון שטאט צו שטאט און דארט פארפלאנצט די חסידישע תורה, שאפענדיג אומע־טום קליינע חסידישע חברות וועלכע זיינען געווארען די נעסטען פון וואנען חסידות איז פארשפרייט געווארען. האט ר' ניסן זיך אנגעשלאסען אין אט די צוויי נסתרים און האט מיט זיי געוואנדערט איבער שטעט און שטעטלאך.

אויף אזא אופן זיינען זיי אין זייערע וואנדערונגען אנגעקומען קיין הארקי און דארט האבען זיי, נאך א סך מיה, געפונען אן אנהאלט פאר דער נייער חסידישער תורה. ר' ניסן האט זיך אפגעשטעלט אין הארקי. ווארשיינליך איז עס געווען אויפ'ן פארלאנג פון די צוויי נסתרים, וועלכע האבען געוואלט, אז ער, ר' ניסן, זאל דארט ווערען דער מדריך פון דער חסידישער חברה.

ר' ניסן האט דארט חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א חשוב'ען בעל הבית, און א יאהר נאך דער חתונה איז געבארען געווארען ר' יצחק שאול. צעהן יאהר האט ר' ניסן אנגעפיהרט זיין חסידישע טהעטיגקייט אין הארקי. חסידישע שלוחים זיינען אפט אהין געקומען און מיטגעבראכט כתבים וועגען די וייטערדיגע אנטוויקלונגען פון דער חסידישער תורה. הארקי איז געווארען א וויכטיגער צענטער פון חסידות. די צאהל חסידים איז גע־וואקסען און זייער השפעה האט זיך שטארק געפיהלט אין דער גאנצער גע־גענד ארום.

בעת ר' ניסן האט זיך אפגעגעבען מיט מלמדות, האט ער אבער פון צייט צו צייט פארלאזט הארקי און האט מיט אנדערע חסידישע נסתרים ארומגעוואנדערט. אין משך פון די יאהרען איז די חסידישע הנהגה איבער־געגאנגען פון ר' אדם בעל שם צו ר' ישראל בעל שם טוב. ר' ניסן האט דערנאך אליין געהאט די געלעגענהייט צו באזוכען דעם בעל שם טוב. ער האט אויף אזא אופן דורכגעמאכט די גאנצע אנטוויקלונג פון חסידות, פון דער צייט ווען חסידות האט געזאלט מיט זיך פארשטעלען די לעהרע פון

דעם אומבאקאנטען ר' אדם בעל שם ביז דער צייט פון דעם שוין באקאנטען ר' ישראל בעל שם טוב.

אין זיינע ערשטע יאהרען האט ר' יצחק שאול וויייניג וואס געוואוסט פון חסידות. זיין פאטער האט קענטיג איהם נאך ניט געהאלטען ראוי פאר דער חסידישער לעהרע. ער האט איהם פריהער געוואלט אנשטאפען מיט תורה און אין איהם איינפלאנצען מידות טובות. ער האט איהם געשיקט קיין מינסק דארט לערנען און האט איהם געשטעלט אין פארבינדונג מיט זיינע אלטע פריינט דארט, ווארשייינליך אלע באהאלטענע חסידים.

ר' יצחק שאול האט פון זיי טאקע א סך געלערנט, אבער האט נאך אלץ קוים געוואוסט וועגען דער עצם לעהרע פון חסידות. ערשט ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט קיין הארקי, האט איהם זיין פאטער אנגעהויבען צו באקאנען מיט חסידות און טאקע איהם געלערנט דעם חלוק צווישען דער שיטה פון ר' אדם בעל שם און דער שיטה פון ר' ישראל בעל שם טוב. אין הארקי האט שוין עקזיסטירט א "כת חסידים" און די חסידישע לעהרע איז שוין אפען פארשפרייט געווארען.

ברוך איז געווען פארגאפט. אלץ איז פאר איהם געווען ניי. ר' יצחק שאול אליין איז פאר איהם געווען ניי אין זיין אויפפאסונג פון זאכען און אין זיין באציהונג צו מענשען, דער עיקר צו פשוט'ע פאלקס-מענשען. ברוך האט גראד געהאט א גוטע געלעגענהייט צו זעהן דעם חלוק אין דער באציהונג צו פשוט'ע מענשען מצד ר' יצחק שאול'ן און מצד זיינע צוויי שוואגערס, וועלכע האבען געהערט צו דעם באקאנטען טיפ לומדישע יונגעלייט.

פאר ברוך'ן איז באזונדער געווען אינטערעסאנט דער ויכוח, וואס ער האט צוגעהערט צווישען ר' יצחק שאול'ן און זיין שוואגער, ר' משה לייב. ר' משה לייב האט געהאט דערצעהלט מיט ניט וויייניג פארוואונדערונג, אז ער האט אין בית המדרש זיך צוגעהערט ווי צוויי אינגלאך לערנען גמרא. האבען די אינגלאך גראד געצייגט, אז זיי פארשטעהען גוט וואס זיי לערנען און אז זיי האבען פיינע כשרונות. איז ר' משה לייב, ווי ער האט אליין דערצעהלט. געווען פאראינטערעסירט אויסצוגעפינען ווער די דאזיגע וואוילע אינגלאך זיינען.

— ווי דערשטוינט בין איך געווארען, — האט ער אויסגעפיהרט, — אז מען האט מיר געזאגט, אז איינער איז דעם נבילה-שינדער, זבולון בנימין'ס, אינגעל און דער צווייטער איז ישראל שמואל דעם סטאלער'ס אינגעל. האב איך מיר געטראכט, אז דאס איז אין דער אמת'ן א פאל וואו עס דארף געזאגט ווערען דער מאמר „מי יתן טהור מטמא" אויף וואס די חז"ל האבען געזאגט, אז דאס מיינט אברהם אבינו וועלכער איז געווען דער זון פון תרח'ן. אט האבן מיר דא אויך אזוינע טמאים ווי זבולון בנימין און ישראל שמואל פון וועמען עס קומען ארויס אזוינע פיינע לומדישע קינדער.

ער האט דאס געזאגט מיט א מאדנער קאלטקייט און געלאסענקייט ווי דאס וואלט ביי איהם געווען א גאנץ פשוט'ער עניין. ער האט גאר ניט געפיהלט דעם ווידערשפרוך און די ניט אויסגעהאלטענקייט פון זיינע רייד. צום ערשטען מאל האט ברוך דערזעהן ווי ר' יצחק שאול ווערט אויפגעפלאמט. ער איז אריין אין א ביטערען צארן. זיין גאנצער גוף האט אנגעהויבען ציטערען. ער האט מיט אן אויפרעגענדיגען קול אויסגעשריען:

— זינדיג ניט מיט דיינע רייד! זיי ניט מבזה קיין כשר'ע און באמת פיינע אידען. אט דער ישראל שמואל, דעם סטאָלער, וועמען דו האלטסט פאר אזוי שפל, און אין דער אמת'ן א גרויסער למדן. ער באהאלט זיך מיט זיין לומדות. גאָר ווייניג ווייסען וועגען דעם. איך אליין האָב וועגען דעם אויסגעפונען צופעליג. איך קען אָבער עדות זאָגען, אז ער איז בקי אין דעם גאנצען סדר נזיקין, אין שולחן ערוך און אין אורח חיים. וואָס איז שייך דעם סדר נזיקין קען ער איהם אויף אויסווייניג, ער ווייס יעדען דף און יעדע שורה. קענסטו אימיצען פון די לומדישע יונגעלייט, די וואָס זיצען אויף קעסט ביי זייערע שווערס, אז ער זאָל קענען דעם גאנצען סדר נזיקין אויף אויסווייניג? און ווייסטו אויך, אז אָט דער ישראל שמואל לערנט כסדר אויף אויסווייניג ווען ער שטעהט ביי דער ארבייט? וואָס איז שייך דעם זבולון בנימינ'ן, פאר וועמען דו האָסט ניט קיין אנדער נאָמען ווי "דער נבילה-שינדער" און וועגען וועמען דו רעדסט תמיד מיט גרינגשעצונג, דארף איך דיר דען זאָגען, אז זיין הנהגה און זיין תמימות זיינען ווי פון אן אמת'ן צדיק?

ר' יצחק שאול האָט נאָך געהאט א סך צו זאָגען וועגען דעם ווי אזוי זיינע צוויי שוואָגערס קוקען ארונטער מיט בטול אויף פשוט'ע מענשען ווען אין דער אמת'ן האָט עס געזאָלט זיין זייער חוב זיי צו דערהויבען צו א העכערער מדרגה.

דערביי האָט ר' יצחק שאול דערצעהלט ווי אזוי ער האט אויסגעפונען וועגען ישראל שמואל'ס לומדות. לעבען דאבראמיסל איז געווען א פריץ מיט'ן נאָמען זיגיסמונד קיוועטשיסקי, וועמען עס האָט זיך פארוואלט האבען א ספּעציעלען מין שליטען וואָס ער האָט געהאט געזעהן ביי אן אנדער פריץ, יוזעף שיוועניצקי, וועלכער האָט געהאט זיין גוט ביי ליובאוויטש. דער דאָזיגער מין שליטען איז געווען געבויט אזוי, אז ער האָט געקענט גענוצט ווערען אין די טיפסטע שנייען. פּריצים האָבען אזוינע שליטענס באנוצט ווינטער פאר יאַגד אין זייערע וועלדער. זיי זיינען געווען ברייטער און שטארקער געבויט ווי אנדערע שליטענס. האָט זיגיסמונד קיוועטשיסקי געשיקט נאָך דעם שמיד, ר' אליעזר ראובן'ען און זיין איידעם, ר' יצחק-שאול'ן, ווי אויך נאָך דעם סטאָלער ישראל שמואל'ן. ער האָט זיי אין א ספּעציעלער קארעטע געשיקט צו דעם גוט פון יוזעף שיוועניצקי'ן כדי זיי זאָלען דארט אנקוקען יענע שליטענס און זיי נאָכמאכען פאר איהם. דאָס האָבען זיי זיך ענדליך אונטער-נומען צו טהאָן. ר' ישראל שמואל האָט צוגעגרייט די האָלץ-ארבייט פאר די דאָזיגע שליטענס און ר' יצחק שאול און זיין שווער האָבען געטהאָן די אר-ביים וואָס האָט געהערט צו שמידען. האָבען זיי דערווייל פאר וואכען נאָכ-אנאנד געארבייט צוזאמען. איז ר' יצחק שאול'ן געוואָרען אויפפאלענד וואָס ישראל שמואל האלט אין אונטערזינגען ווען ער שטעהט ביי דער ארבייט. אז ר' יצחק שאול האָט זיך אונטערגעהערט וואָס ער זינגט, האָט ער געהערט ווי ער פּרעפּעלט פון זיין מויל מיט תורה. עס האָט געהאלטען אין פליהען פון זיין מויל איין בלאט גמרא נאָך דער צווייטער.

ער האָט שוין ישראל שמואל'ען מעהר ניט אָפּגעלאָזט און האָט ענדליך אויסגעפונען אז ער איז א גרויסער למדן.

— און וואָלט ער אפילו ניט געווען קיין למדן — האָט ר' יצחק שאול

זיך געוואלט אויספיהרען, — וואלט ער דען ניט געווען קיין עהרליכער איד וואס פארדינט פולען דרך ארץ?

ברוך האט זיך צוגעהערט צו די דאזיגע רייד און האט געפיהלט אז אין ר' יצחק שאול'ען קלאפט א נייער גייסט. אז דאס חסידות וואס ער שטעלט מיט זיך פאר איז באמת א נייער דרך אין עבודת הבורא.

אין ברוך'ס זכרון האט זיך באזונדער איינגעקריצט דאס וואס ער האט איין מאל געהאט צוגעזעהן און צוגעהערט ביי ר' אליעזר ראובן'ען אין הויז. עזרא יהודה, א גערטנער, וואס האט געוואוינט בשכנות מיט'ן שמיד איז אריינגעקומען אין הויז און איבערגעגעבען ידיעות פון שטעטעל. דער שמיד איז געווען פאראינטערעסירט, אבער די עלטערע צוויי איידעמס זיינע האבען באלד ארויסגעוויזען אומצופרידענהייט. עזרא יהודה איז אין זייערע אויגען געווען צו פראסט, אז זיי זאלען זיך וועלען צוהערען צו זיינע רייד, דערהויפט ווען די רייד האבען געהאט צו טהאן מיט קהל'שע ענינים, באזונדער מיט'ן רב.

דער עלטערער איידעם האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט מיט כעס אויסגערופען:

— דולט ניט קיין מח! וועגען אוגערקעס און רעטעכער האט איהר א גרעסערע ידיעה ווי אין אזוינע ענינים!

עזרא יהודה איז אנטשוויגען געווארען. ער איז געווען אין א פארלע־גענהייט. אבער ער איז שנעל געקומען צו זיך און געזאגט:

— אויב מען וואלט מיך געשיקט אין חדר און אין דער ישיבה ווי דאס האבען געטהאן אייערע טאטעס מיט אייך, און אויב איך וואלט געהאט א שווער ווי אייערער, וואס זאל מיך אויסהאלטען מיט קעסט, וואלט איך אפשר געווען נאך א גרעסער למדן פון אייך. צום באדויערען בין איך געבליבען א קיילעכדיגער יתום צו ניין יאהר. איך האב גראד געהאט חשק צו לערנען, אבער איך בין געווען געצוואונגען צו פארדינען מיין ברויט. זינט דאמאלס האב איך מיין גאנצען לעבען געארבייט מיט'ן גאל פאר מיין שטיקעל ברויט. פון דעסטוועגען בין איך קלאר אין חומש און קען תהילים אויף אויסווייניג. אבער וואס קענט איהר? — און ער האט געקוקט אויף די עלטערע צוויי איידעמס — וויפיעל איהר האט ניט געלערנט, קענט איהר נאך אלץ צו ווייניג. אגב האב איך אליין געהערט פון רב ווי ער האט געזאגט אין זיינע א דרשה, אז דער עיקר איז ניט לערנען, נאר מעשים.

די צוויי איידעמס זיינען שטארק אין כעס געווארען. זיי האבען עס אנ־גענומען פאר א חוצפה וואס אט דער פראסטער גערטנער האט געוואגט אזוי צו ריידען צו זיי. זיי וואלטען איהם אודאי שטארק אנגעגריפען, אויב דער שווער וואלט, למען השלום, עס ניט פארמידען. ער איז מיט דעם גערטנער ארויס פון הויז. אבער ערשט דאן האט זיך דער עלטערער איידעם צעהיצט. סטייטש, ווי האט עס אז עם הארץ געוואגט ריידען מיט גרינגשעצונג וועגען לומדים? ער האט געהאלטען, אז מען האט איהם געדארפט אנלערנען.

דער צווייטער איידעם, ר' משה ליב, איז מיט איהם געווען מסכים. אבער ר' יצחק שאול האט זיך אנגענומען פאר עזרא יהודה'ן. ער האט בכלל גע־האלטען, אז אזוינער ווי דער גערטנער, וואס קען חומש און תהילים, איז גארניט קיין עם הארץ און אודאי קען אויף איהם ניט חל זיין דער דין בנוגע

דער באציהונג פון אן עם הארץ צו א תלמיד חכם. דערביי האט ר' יצחק שאול אליין געצייגט, אז ער קען זיך אויפפאכען ווען עס קומט צו עפעס וואס ריהרט איהם אן. ברוך האט דא קלאר געזעהן ווי אזוי די צוויי דרכים וואס די איידעמס האבען מיט זיך פארגעשטעלט טיילען זיך פאנאנדער.

נאך גרעסער האט אויף ברוך'ן געמאכט א רושם די פאסירונג אין דאבראמיסלער שוהל שבת הגדול. די דרשה האט דאמאלס געהאלטען ר' שלמה, דער מאן פון דעם רב'ס אייניקעל. נאכדעם ווי דער אלטער רב איז ערב שבת הגדול פלוצים פאראליזירט געווארען, האט ער אויסגעדריקט דעם פארלאנג, אז ר' שלמה זאל דרשה'נען אויף זיין ארט.

ר' שלמה איז געווען דער זוהן פון ר' אברהם בנימין דער וואלבערשטער וועלכער איז פון א קבצן געווארען אן עושר. ר' שלמה איז געווען א גרויסער למדן, אבער קיינער אין שטעטעל האט איהם ניט ליעב געהאט דערפאר וואס ער האט שטענדיג פון זיך געבלאזען און האט גערעדט וועגען זיך מיט גדלות. אפילו ווען ער האט גערעדט וועגען גאר גרויסע תלמידי חכמים, וועגען אזוינע מפרשים ווי רש"י און רבנו תם, האט ער עס געטהאן ווי ער וואלט געווען זייער גלייכען, אויב טאקע ניט נאך גרעסער פון זיי. יענע האבען זיך זייער שיטה, פלעגט ער זאגען מיט גאוה, און איך האב זיך מיין אייגענע שיטה.

פראסטע מענשען, אז זיי האבען דאס געהערט, זיינען ארויין אין התפעלות. זיי האבען עס אנגענומען ווי א באווייז, אז ר' שלמה איז א גדול. לומדישע מענשען פלעגען אבער אויפגעקאכט ווערען. זיי האבען אזא האלטונג ניט געקענט פארטראגען. זיינען דערפאר א סך געווען שטארק אומצופרידען וואס ר' שלמה האט געזאלט שבת הגדול האלטען די דרשה, באזונדער דאס וואס ער האט געדארפט פארנעהמען דעם פלאץ פון דעם אלטען רב, וועלכער איז שוין געזעסען איבער זעכציג יאהר אויף דעם כסא הרבנות אין דאבראמיסל. אבער קיינער האט ניט געוואגט זאגען א ווארט, זינט דער אלטער און קראנקער רב האט עס אליין פארלאנגט.

פון דעם סאמע מאמענט, וואס ר' שלמה האט זיך געשטעלט אויף דער בימה, לעבען ארון קודש, האט דער עולם געפיהלט א דערווידער צו איהם. דער אלטער רב, אז ער האט זיך געשטעלט זאגען זיין דרשה, האט תמיד געצייגט גרויס הכנעה. ער פלעגט א קוש טהאן דעם פרוכת און שעפטשען א שטילע תפלה, אז ער זאל מיט גארניט געשטרויכעלט ווערען אין דער דרשה וואס ער דארף האלטען פאר'ן עולם. אז ער האט גערעדט, האט ער עס געטהאן מיט יראה און מיט א געפיהל פון גרויס אחריות.

אנדערש איז געווען די האלטונג פון ר' שלמה'ן. שוין זיין קוק איז געווען פון איינעם וואס באציהט זיך מיט ביטול צום עולם. ער האט געגעבען א באפעהל דעם אלטען שמש, — און מיט א טאן פון גרינגשעצונג — אז ער זאל איהם צוטראגען דעם טלית און זאל אויסרופען, אז בעת ער וועט האלטען זיין דרשה, זאל קיינער ניט וואגען צו גנעיצען ווי דאס איז אפט דער שטייגער פון עמי הארצים ווען זיי הערען תורה וואס זיי קענען ניט פארשטעהן.

ווען ר' שלמה האט אנגעפאנגען זיין דרשה, וועלכע איז גראד געווען א טיף-לומדישע, האט ער באלד געצייגט זיין גאוה. ער האט זיך פארגליכען מיט די גדולי התורה פון אמאל און האט געוואגט זיך ארויסצושטעלען ווי איינער

וואס האט א רעכט צו האלטען אנדערש ווי זיי. צוויי שעה האט געדויערט זיין דרשה, בעת א סך לומדים האבען געפיהלט די עזות פון ר' שלמה'ן, האבען זיי אבער קיין ווארט ניט געזאגט.

אנדערש איז געוועז ר' חיים שמעון, וועלכער האט אנגעהויבען שטורמען און שרייען אויפ'ן קול, אז ר' שלמה איז מזלזל דעם כבוד פון די גדולי התורה. אין בית המדרש איז געווארען א טומעל. אויף ר' שלמה'ס פנים האבען זיך געביטען די קאלירען. ער האט אנגעהויבען שרייען פון דער בימה, אז מען דארף דעם חצוף, ר' חיים שמעון'ען, פשוט מחרים זיין. די בעלי הבתים פון שטעטעל, מיט'ן דיין, ר' משה, אין דער שפיץ, האבען זיך ארייגעמישט און בארוהיגט דעם עולם, ניט דערלאזענדיג, אז עס זאל קומען צו א מחלוקה. אבער דאבראמיסל איז צוליעב דעם געגאנגען אויף רעדלאך.

בעת דעם שמיד'ס צוויי עלטערע איידעמס האבען געהאלטען, אז ר' חיים שמעון האט ארויסגעצייגט עזות מיט זיין האנדלונג, האט אבער ר' יצחק שאול געהאלטען מיט איהם, און האט דערביי דערצעהלט, אז ביי זיי אין הארקי וואלט מען זיך גאנץ אנדערש באצויגען צו אזא בעל גאוה ווי ר' שלמה. מען וואלט איהם דארט פשוט געהאט ארייגענומען אין דער קהל'שער שטיבעל און איהם איינגעטיילט מלקות.

ר' יצחק שאול האט דערביי דערצעהלט ווי אזוי אין הארקי איז אמאל געקומען א יונגער למדן וואס האט געהאט מיט זיך כתבים פון די גאונים אין ווילנע און בריסק. שבת בייטאג איז די גאנצע שטאט געקומען הערען זיין דרשה. אבער זיין דרשה איז אויך געוועזען אזעלכע ווי ר' שלמה'ס. האט מען איהם אויסגעהערט און אז עס איז געקומען בין השמשות, ווען מען דערקענט ניט קיין פנים'ער, האבען עטליכע לומדישע יונגעלייט א נעהם געטהאן דעם בעל דרשן'ען און איהם ארייגעפיהרט אין א זייטיגען חדר פון בית המדרש און איהם דארט גוט אפגעשמיסען.

דער בעל דרשן'ען האט דעם ווייטאג געפיהלט עטליכע טעג. ער איז זיך געגאנגען באקלאגען צום רב. ער האט אבער ניט געקענט זאגען ווער דאס האט געטהאן און קיינער פון די וואס האבען עס געטהאן, האבען וועגען דעם גע־זאגט א ווארט. דער רב האט דאן דערקלעהרט, אז דאס איז מסתמא געוועזען מין השמים, ווי א שטראף פאר דעם וואס ער האט מזלזל געוועזען אין דעם כבוד פון די גדולים פון אמאל.

— אט אזוי וואלט מען איצט געדארפט טהאן מיט ר' שלמה'ן, — האט ר' יצחק שאול אויסגעפיהרט.

## נג.

### א מערקווירדיגע ישיבה

**זי איז באשטאנען בלויז פון צעהן תלמידים פון וועלכע יעדער איז געווען א גאון. — די גלגולים פון א אידישע פאמיליע פון שפאניע וואו מען רייסט זיך איבער אורחים.**

א חוץ וואס ברוך האט אויסגעפונען פון ר' יצחק שאול'ן, אז חסידות שטעלט מיט זיך פאר א נייעם דרך פון עבודת הבורא, האט ער זיך אויך

דערקונדיגט, אז חסידות גיט א מענשען כח זיך אליין צו באהערשען. אט האט ברוך זיך צוגעהערט צו די ויכוחים פון די צוויי שוואגערים, ר' יצחק שאול'ן און ר' משה ליב'ן. ביידע האבען זיך שטארק געהיצט. ר' משה ליב איז אפט אריין אין א גרימצארן. דאס איז אויך געווען דער פאל מיט ר' יצחק שאול'ן. ווארום בטבע איז ער געווען א גאר פייערדיגער. אבער פונקט דא־מאלס ווען עס האט געהאלטען, אז ער זאל זיך צעפייערען און ציינען כעס, האט ער זיך באהערשט און איז געווארען רוהיג און געלאסען.

— מיין טאטע האט מיר איבערגעגעבען אין נאמען פון בעל שם, — האט ר' יצחק שאול דערקלעהרט דעם כח מיט וועלכען ער באהערשט זיך, — אז כעס, אפילו ווען דאס ווערט ארויסגערופען צוליעב יראת שמים, איז א פרעמדע און אומווירדיגע זאך. דערפאר האט מיך מיין טאטע געלערנט, אז ווען איך וועל אריינגעבראכט ווערען אין כעס, זאל איך באלד זיך צוימען, אנטהאן א שלאס אויפ'ן מויל און מעהר קיין ווארט ניט זאגען.

דאס האט אויף ר' ברוך'ן געמאכט אזא רושם, אז ער האט דורכאויס געפיהלט אז ער האט דא צו טהאן מיט א נייעם מענשען.

ברוך האט דערפאר געוואלט נאך מעהר זיך גריבלען אין דעם מהות פון די שוואגערס. זיי האבען ביידע פארגעשטעלט מיט זיך די קאנטראסטען און די באזונדערע דרכים, וואס האבען דאמאלס אנגעהויבען צו צוטיילען די אידישע מחנה. ווענגען ר' יצחק שאול'ן האט ער שוין כמעט אלץ געוואוסט וואס פאר א מהות איז אבער געווען ר' משה ליב?

ווי ברוך האט אויסגעפונען, איז ר' משה ליב געווען גאר א גרויסער מיוחס. ער איז געווען א געבארענער פון לופאלאוו', א פארשטאט פון מאהלעוו אויפ'ן דניעפער. ער איז געווען דער צעהנטער דור' פון א באריהמטער אידי־שער משפחה פון קאסטיליע, שפאניע, וועלכע האט געמוזט פון דארט אנטלוי־פען און זיך צוערשט באזעצט אין טוסקאני און פון דארט געוואנדערט פון שטאט צו שטאט ביז זי האט דערגרייכט מאהלעוו.

ר' יצחק איז געווען דער נאמען פון ר' משה ליב'ס עלטער־עלטער־זיידע, פון צעהן דורות צוריק, אין קאסטיליע. ער איז געווען דער תלמיד פון בא־וואוסטע גאונים פון יענער צייט. מען האט אויך אויף איהם געזאגט, אז ער איז געווען דער תלמיד פון דעם גאון און צדיק ר' שם טוב. לויט דער טרא־דיציע פון דער משפחה, איז ר' יצחק געווען א גרויסער למדן. ר' יצחק'ס פאטער איז געווען א סוחר און א גרויסער עושר. בעת ר' יצחק האט זיין פאטער ארויסגעהאלפען אין די מסחרים, האט ער זיך אבער, הויפטזעכליך, אפגעגעבען מיט לערנען תורה.

ר' יצחק האט דערגרייכט מאהלעוו מיט זיין זוהן, ר' נתן נטע, און אייניקעל, ר' נחמן. יענע האבען באלד דארט אנגעהויבען האנדלען מיט דעם דארטיגען פירסט און זייער מסחר האט זיך פארשפרייט איבער די ארומיגע שטעט און שטעטלאך. ווען זיי זיינען אנגעקומען קיין מאהלעוו איז ר' נחמן'ס פרוי געשטארבען, ניט איבערלאזענדיג איהם קיין קינדער. ער האט חתונה געהאט צום צווייטען מאל מיט דער טאכטער פון א מינסקער בעל הבית. אבער אויך זי האט קיין קינדער ניט געהאט. האט זיין זיידע איהם גע'עצה'ט, אז ער זאל זיך א נדר טהאן, אז אויב ער וועט געבענשט ווערען מיט א זוהן,

וועט ער איהם איינגאנצען ווידמען צו תורה. ער האט אזוי געטהאן, און עטליכע יאהר ארום האט זיין פרוי איהם געבאָרען א זוהן, ר' חיים יהושע. דער פאטער האט געהאלטען זיין נדר. און ר' חיים יהושע געזעסען על התורה ועל העבודה און אז ער האט געבאָרען א זוהן, ר' משה, איז יענער ניט נאר נעגאנגען אין זיין פאטער'ס דרכים, נאָר איז איינגאנצען געוואָרען א נזיר. ער איז געוועזען פארהייראט נאָר א יאהר צייט, און משך פון וועלכען זיין פרוי האט איהם געבאָרען א זוהן, און אזוי האט די משפחה ווייטער פארטגעזעצט איהר קיום.

ר' משה'ס אייניקעל, ר' נתן נטע, וועלכער איז געווען ר' משה ליב'ס זיידע, איז געווען דער מגיד פון לופאלאוו און ער איז געווען א פייערדיגער מוסר־זאָגער. ער האט די ראָל פון א מוסר־זאגער אויף זיך גענומען נאכדעם ווי זיין זיידע, ר' משה, האט זיך צו איהם באוויזען אין חלום און איהם אנ־געזאָגט, אז דאָס זאָל זיין זיין עובדה. ר' יוסף עקיבא, ר' משה ליב'ס פאטער, איז געווען אַט דעם מגיד'ס זוהן. שוין צו דרייצעהן יאהר איז זיין פאטער געווען א בקיא בש"ס, און מען האט איהם גערופען דער לופאלאווער עילוי. צו אכטצעהן יאהר האט מען איהם חתונה געמאכט מיט דער טאָכטער פון א באוואוסטען מאהלעווער בעל הבית.

צוואנציג יאהר איז ר' יוסף עקיבא געזעסען ביי זיין שווער אויף קעסט און געלערנט מיט גרוים התמדה. קיין קינדער האט איהם זיין פרוי ניט געבאָ־רען און דאָס איז געווען דער גרויסער צער פון זיין לעבען. ווען זיין פרוי איז געשטאָרבען, האט זיין שווער איהם צוגערעדט חתונה צו האבען מיט א איינגע־רער טאָכטער. מיט זיין צווייטען זיווג, האט ר' יוסף עקיבא געלעבט זעקס יאהר. אָבער זי האט איהם אויך ניט געבראכט קיין קינדער.

בלייבענדיג אן אלמן צום צווייטען מאָל, האט ר' יוסף עקיבא מעהר ניט געוואָלט בלייבען אין מאהלעוו. גראד האט זיך געמאכט, אז קיין מאהלעוו איז געקומען א שליח, וואָס האט איהם איינגעלאַדען צו קומען קיין סמילאַ־וויץ, וואו עס האט זיך געהאט געעפענט א מערקווירדיגע ישיבה און וואו מען האט איהם געוואָלט האבען פאר דעם צעהנטען.

דער שליח וואָס איז נאָך איהם געקומען איז געווען דער גאון ר' מנחם שלמה. ער איז נאָך ר' יוסף עקיבא'ן ספּעציעל געשיקט געוואָרען פון דעם סמילאַוויצער גביר ר' לייבעלע, וועמעס איידעם האט, מיט זיין, ר' לייבעלעס געלט, אויסגעהאלטען די דאָזיגע ישיבה. ר' יוסף עקיבא'ס פרסום האט זיי געהאט דערגרייכט און זיי האבען איהם געוואָלט האבען אין דער ישיבה.

ר' לייבעלע האט געשטאמט פון פּראג. ער איז שוין געווען א תושב פון סמילאַוויץ פאר עטליכע צעהנדליג יאהר. גלייך ווי ער איז געקומען קיין סמילאַוויץ האט ער אויפגעבויט אן אייגענעם בית המדרש און האט דאָרט אויסגעהאלטען צעהן תלמידי חכמים וואָס זיינען שטענדיג געזעסען און געלערנט. ר' לייבעלע האט געהאט זיהן און טעכטער. ווען ער האט גערארפט חתונה מאכען זיין עלטסטע טאָכטער, האט ער איינעם פון זיינע בטלנים גע־שיקט קיין ווילנע דאָרט פאר איהם אויסצוקלייבען אן איידעם. האט ער אויסגעקליבען ר' משה ליב'ן, וועלכער איז געווען באקאנט אלס דער טראָקער עילוי, קומענדיג פון שטעטעל טראָקי, ניט ווייט פון ווילנע.

פאר צוואנציג יאהר איז ר' משה ליב געזעסען ביי זיין שווער אויף

קעסט. דאן איז זיין שווער איינגעפאלען, אז וויבאלד ער האט אזא לומדישען אידעם, פארוואס זאל ער ניט גרינדען קיין ישיבה פון געקליבענע לומדים און זיין אידעם זאל זיין דער ראש? האט ער אויסגעקליבען ר' מנחם שלמה'ן פאר זיין שליח און האט איהם ארויסגעשיקט איבער אידישע שטעט זוכען לומדים פאר זיין אידעם'ס ישיבה. ער האט נאר געוואלט האבען די בעסטע און גרעסטע לומדים פאר דער ישיבה, און ר' מנחם שלמה איז גראד געווען דער יעניגער וואס האט געקענט זאגען מבינות אויף א למדן.

ר' יוסף עקיבא, וועלכער האט ליעב געהאט יחידות, האט ניט געהאט קיין גרויסען חשק צו פאהרען קיין סמילאוויץ. ער האט אויך ניט געהאט קיין גרויס אמונה אין דער לומדות פון ר' לייבעלע'ס אידעם. ווארום די תורה וואס דער שליח, ר' מנחם שלמה, האט איבערגעזאגט פון איהם, האט אויף דעם גאונישען ר' יוסף עקיבא'ן ניט געמאכט קיין גרויסען רושם. ער איז אבער געווען דערשלאגען דורך זיין צווייטער פרוי'ס טויט און ער איז אויך געווען באטריבט איבער דעם וואס ער האט ניט געהאט קיין קינדער, און ער איז ענדליך געקומען צו דער מסקנא, אז ער זאל יא פאהרען קיין סמילאוויץ.

דער סדר פון אויפנעהמען תלמידים, איינגאנצען צעהן, פאר דער ישיבה אין סמילאוויץ, איז געווען אזעלכער: יעדער פון די צעהן האט געדארפט צוגרייטען א פלפול און זאגען דריי טעג אין פאראויס וועגען וואס פאר א סוגיא ער וועט זאגען דעם פלפול, כדי די צוהערער זאלען זיך קענען בעסער צוגרייטען און גענויער וויסען אויף ווי וויט דעם בעל דבר'ס לומדות גרייכט.

דער פלפול האט געדארפט געזאגט ווערען אין בית המדרש פאר אלע לומדים פון שטאט. נאכ'ן פלפול האט דער ראש פון דער ישיבה, דעם גביר'ס אידעם, ר' משה ליב, אליין געזאלט זאגען חדושי תורה און פרובירען אי־בערשטייגען אין לומדות די תלמידים.

דער פלפול וואס ר' יוסף עקיבא האט געזאגט איז געווען וועגען דעם ענין "טבול יום ומחוסר כפורים" אין פרק "כל הזבחים", דף י"ז. אלע צעהן תלמידים האבען געזאגט פלפולים וועגען פארשידענע סוגיות. ר' משה ליב האט דערנאך אלע צעהן פלפולים צוזאמענגעפלאכטען, זיי צושטערט און דאן זיי צוריק אויפגעבויט. ר' יוסף עקיבא אליין האט דאן געמוזט איינזעהן, אז ר' משה ליב איז א גרויסער למדן.

דריי יאהר האט ר' יוסף עקיבא געלערנט אין דער דאזיגער ישיבה. דער סדר דארט איז געווען אזעלכער: מען האט קיינמאל ניט גערעדט קיין דברי חול. אלע צעהן ישיבה-לייט פלעגען אויפשטעהן אין מיטען נאכט פראווען חצות און פון דאן ביז נאך מנחה גדולה האבען זיי ניט מפסיק געווען אין לערנען, א חוץ וואס זיי האבען זיך גענומען א שעה צייט פאר תפילת שחרית און נאכהער פאר מנחה גדולה. נאך מנחה האבען זיי געהאט א לייכטען און קורצען מאלצייט און זיך צוגעלעגט רוהען אויף א שעה. נאכדעם האבען זיי זיך ווידער גענומען צו לערנען ביז נאך מעריב. דאן האבען זיי געהאט א צווייטען מאלצייט און געשלאפען פיער שעה ביז מיטען-נאכט ווען זיי זיינען אויפגעשטאנען צו חצות.

אבער אפילו אין אט דער ישיבה, וואו ער איז געווען אזוי פארטהאן אין

תורה און עבודה, האט ר' יוסף עקיבא ניט געפונען קיין מנוחה פאר זיין אנגעוועהטאגט הארץ און האט באשלאסען צו פארלאזען סמילאוויץ.

אנטשלאסען צו פארלאזען סמילאוויטש האט אבער ר' יוסף עקיבא נאך ניט געהאט קיין באשטימטען פלאן וואוהין ער זאל ריכטען זיין בליק. ער האט נאר געוואוסט, אז ער דארף ערגעץ אוועק. איינמאל א ביינאכט האט זיך איז חלום צו איהם באוויזען זיין פאטער, וועלכער האט איהם שטארק גע'מוסר'ט פארוואס ער וויזט אזוי וועניג בטחון. ער האט איהם אנגעזאגט אז ער זאל אוועק אין א שטעטעל מיט'ן נאמען קרושטא, וואו ער וועט ענדליך געפינען מנוחה. אבער איידער ער פארלאזט סמילאוויטש זאל ער מתקן זיין דעם חטא דורך פאסטען פערציג תעניתים און צוגאב צו די תעניתים מאנטאגס און דאנערשטאגס. אזוי ווי דאמאלס זיינען געווען די ספירה טעג, האט עס איהם געדויערט ביז סוף חודש תמוז איידער ער איז פארטיג געווארען מיט די תעניתים.

אין מיטען אב האט ער פארלאזט סמילאוויטש און איז געגאנגען פון שטעטעל צו שטעטעל און פון דארף צו דארף ביז ער האט געגרייכט קרושטא. ער איז אהין אנגעקומען א פאר טעג פאר סליחות. איידער ער איז אריין אין קרושטא גופא האט ער זיך אפגעשטעלט ביי א אידען אין א דארף, א פאר וויארסט פון שטעטעל. זייענדיג ביי יענעם אידען אין הויז, האט ער געהערט אז פאר מארגען איז אין קרושטא באשטימט געווארען א תענית צבור און אז עס איז אויסגערופען געווארען, אז אלע אידען זאלען זיך פארזאמלען אין בית המדרש צו הערען די מוסר־רייד פון דעם רב ווי א צוגרייטונג פאר די סליחות. דער תענית איז אויך געווען חל אויף די אידישע תושבים פון די ארומיגע דער־פער. זיי האבען זיך אויך געגרייט דעם קומענדיגען טאג צו געהן אין בית המדרש צו הערען דעם רב'ס דרשה.

איז ר' יוסף עקיבא אויך געגאנגען אין קרושטא אריין צוזאמען מיט'ן ישובניק צו וועמען ער איז פארגאנגען פאר נאכטלעגער. זיי זיינען אנגעקו־מען אין בית המדרש אין צייט צו הערען דעם רב'ס דרשה און נאכהער צו דאוונען בצבור מנחה און מעריב. גרויס איז געווען ר' יוסף עקיבא ס איבערראַ־שונג, וואס באלד נאך מעריב, האט דער רב איהם אפגעגעבען א ברייטען שלום עליכם. דאס האבען אויך געטהאן די גבאים און די אנדערע מתפללים. אנשטאט דער עולם זאל זיך צוגעהן אהיים נאכ'ן תענית, האט דער שמש ארויסגענומען דעם ספר הזכרונות און האט צוגעגרייט א קלפי, אז דער עולם זאל ציהען גורל.

ר' יוסף עקיבא האט זיך באלד דערוואוסט, אז דער דאזיגער גורל האט צו טהאן מיט איהם. דורך דעם וועט באשלאסען ווערען וועמעס אורח ער זאל זיין פאר דעם אוונט־מאלצייט און אין וועמעס הויז ער זאל זיך אויפהאלטען פאר דער צייט וואס ער וועט בלייבען אין קרושטא אדער ביז ער וועט זיך דארט איינארדענען.

דאס האט ר' יוסף עקיבא'ן שטארק פאר'חידוש'ט. מען האט איהם מסביר געווען, אז דאס איז דער מנהג אין יענעם שטעטעל. אלע זיינען דארט שטארק נייגעריג מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים. אנשטאט, ווי אין אנדערע קהלות, איינער זאל איבערלאזען דעם אורח פאר'ן צווייטען, האט

מען זיך אין קרושטא גאָר געריסען איבער דער זכיה צו האָבען דעם אורח ביי זיך. כדי איינער זאָל ניט אויסכאַפּען קיין אורח ביים צווייטען, איז אין קרושטא געווען איינגעפיהרט די תקנה, אז ווען דאָרט באווייזט זיך אן אורח, זאָל מען וואַרפען גורל און ווער עס ציהט ארויס דעם זכה בגורל, דער זאָל נעהמען דעם אורח צו זיך.

כדי יעדער איינער אין שטעטעל זאָל האָבען א געלעגענהייט צו זיין א זכה בגורל, האָט מען די נעמען פון די וואָס האָבען פריהער געהאַט ארויס־געצויגען דעם זכה בגורל, מעהר ניט אריינגעלייגט אין דער קלפּי, ביז וואַנען אלע אנדערע אין שטעטעל האָבען מקיים געווען די מצווה פון הכנסת אורחים.

יענעם מאָל האָט דעם זכה בגורל ארויסגעצויגען דער קצב, ר' שלמה, און זיין שמחה איז געווען גרויס. זיין פּנים האָט געשטראַלט ווי ער וואָלט דאָ גע־האַט געפונען אן אבן טוב. דער רב און די איבעריגע פון דער עדה, האָבען איהם באַגריסט מיט "מזל טוב", ווי עס וואָלט זיך דאָ געהאַנדעלט וועגען א גרויסע מציאה. דאָס האָט אויף ר' יוסף עקיבא'ן געמאַכט א גרויסען רושם. ער האָט אָבער באַלד געלאָזט וויסען, אז אייגענטליך האָט מען זיך אומזיסט באַמיהט, ווייל ער פאַרלאַנגט גאָרניט פון קיינעם און אז עס איז געגען זיין רצון, אז אימיצער זאָל צוליעב איהם האָבען טרחה.

דאָס האָט שטאַרק אנטטוישט סיי דעם קצב און אויך די אנדערע. דער רב האָט אָנגעהויבען איינ'טענה'ן מיט ר' יוסף עקיבא'ן איהם צו באַווייזען, אז אייגענטליך האַנדעלט זיך דאָ ניט געווען סתם טרחה, נאָר וועגען א גרויסע מצוה, און פּונקט ווי יעדער איד איז מחויב מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים, אזוי איז אויך יעדער אורח מחויב צו העלפען אידען מקיים זיין די מצוה איהם צו באַדיענען און איהם ארויסצוהעלפען. די מצוה איז פּשוט א בשותפות'דיגע. ר' יוסף עקיבא האָט זיך געלאָזט איבעררעדען און איז געגאַנ־גען מיט ר' שלמה'ן צו איהם אין הויז.

ביי ר' שלמה'ן אין הויז האָט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. מען האָט געשטעלט אויפ'ן טיש פון כל טוב, און אז ר' יוסף עקיבא האָט מודיע געווען אז ער עסט ניט קיין פלייש אין דער וואָכען און אז ער באַנו־גענט זיך בכלל מיט גאָר ווייניג, האָבען ר' שלמה'ס בני בית געהאַט פון דעם גרויס צער. יעדער האָט נאָר געוואָלט, אז דער אורח זאָל נהנה זיין אויף וויפיל עס איז נאָר מעגליך.

די גאַנצע אידישע קהלה אין קרושטא איז באַשטאַנען פון פינף און דרייסיג משפחות. אלע האָבען זיי זיך מפרנס געווען פון דער תבואה פון זייערע פעלדער און די גרינסען פון זייערע גערטנער. דאָרט זיינען אויך געווען בעלי מלאכות: וואַל־באַרשטער, וועבער, שניידער און שוסטער. אלע זיינען זיי געווען יודעי ספר. א היבש ביסעל פון זיי זיינען געווען בני תורה. אלע זיינען זיי געווען גרויסע יראי שמים און בעלי מידה. שטענדיג האָבען זיי געדאַווענט בצבור. אפילו אין צייט פון שניט, ווען יעדער איז געווען פאַרנומען אין פעלד, האָט קיינער ניט פאַרפעהלט א שחרית אָדער א מנחה צו דאַווענען בצבור. אויב זיי האָבען ניט געקענט קומען אין בית המדרש, האָבען זיי גע־דאַווענט אין פעלד, וואו זיי פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען און דאַווענען און־

טער'ן פרייען הימעל אין א באשטימטען פלאץ וואס איז געווען אפגעצאמט פאר דעם צוועק אט ווי דער דין פאדערט.

פיער טעג איז ר' יוסף עקיבא געבליבען ביי ר' שלמה'ן אין הויז. אין די דאזיגע פיער טעג איז אויך אריין א שבת. דערווייל האט מען אין קרושטא שוין געהאט אויסגעפונען אז מען האט דא צו טהאן ניט מיט קיין פשוט'ע אורח. איז ביי קהל געבליבען, אז מען זאל איהם באזארגען מיט א דירה לויט זיין כבוד. ווארום אין קרושטא האט זיך געפיהרט, אז דער עניו פון באזארגען אורחים מיט זייערע באדערפענישען האט געהאט צו טהאן מיט'ן גאנצען קהל. אויב אימיצער, וואס האט ארויסגעצויגען דעם זכה בגורל, צו נעהמען צו זיך אן אורח, איז געווען ארעם, האט איהם קהל געגעבען דאס געלד אויסצוהאל־טען דעם אורח. אזוי האט אפילו אן ארעמאן געהאט די זכיה צו נעהמען צו זיך אן אורח און דער אורח זאל דערביי ניט דארפען אפקומען.

האט קהל פאר ר' יוסף עקיבא'ן אפגעדונגען א דירה ביי אליקים שמואל דעם חזן און מען האט יענעם געצאהלט אויסצוהאלטען דעם אורח מיט אלע באדערפענישען לויט זיין כבוד.

אין די עשרת ימי תשובה האט דער רב געבעטען ר' יוסף עקיבא'ן זאגען א שיעור און אלע האבען זיך איבערצייגט אין זיין גרויסע לומדות. איז ביי קהל געבליבען, אז מען זאל ר' יוסף עקיבא'ן דארט פארהאלטען און אז ער זאל דארט עפענען א ישיבה. דער רב, דערוויסענדיג זיך, אז ר' יוסף עקיבא איז אן אלמן, האט ער באשלאסען איהם צו פאר'שדכן'ען צו זיין שוועסטער, אן אלמנה. ר' יוסף עקיבא איז געווען מרוצה אויפ'ן שידוך און חופה איז אינגיכען געשטעלט געווארען. פיער יאהר שפעטער איז ר' יוסף עקיבא גע־בענשט געווארען מיט א זוהן וועמען מען האט א נאמען געגעבען משה ליב. אויפ'ן נאמען פון דעם טראקער עלוי, אין וועמעס ישיבה אין סמילאוויטש, ר' יוסף עקיבא האט געהאט געלערנט. אט דער דאזיגער משה ליב איז עם שפע־טער געווארען דער איידעם פון ר' אליעזר ראובן'ען, דער שמיד אין דאברא־מיסל. אין פינף יאהר שפעטער איז ר' יוסף עקיבא גענומען געווארען פאר ראש ישיבה אין בעשענקעוויטש.

ר' יוסף עקיבא איז בטבע געווען א שותק און האט ליעב געהאט התבודדות. אז ער איז פארטיג געווארען מיט זיינע שיעורים, האט ער זיך פאררוקט אין א ווינקעל פון בית המדרש און געלערנט בלחש. קיינמאל האט ער זיך ניט געזעצט צו א טיש שמועסען מיט אימיצען אדער זיך צו באטיילי־גען אין א וועלכער עס איז שמחה, האט עס אפילו געמעגט זיין א שמחת מצוה. קיינמאל האט מען אויך ניט געהאט געזעהן א שמייכעל אויף זיין פנים און קיינמאל האט איהם אימיצער געהאט געהערט לאכענדיג.

ווען זיין זוהן משה ליב איז געווארען בר מצוה, האט ר' יוסף עקיבא ניט געפראוועט קיין שום שמחה. משה ליב איז אפגעקומען מיט זאגען א פלפול אין דער ישיבה. זיין מוטער האט געבראכט אין דער ישיבה משקה און צובייסען. ר' יוסף עקיבא האט זיך אבער אויף דעם כמעט ניט אומגעקוקט. ער האט די משקה און דאס צובייסען געלאזט ר' וואלף, דעם שמש, פארטיילען צווישען עולם און אליין ממש פון גארניט טועם געווען.

ר' וואָלף דער שמש פון בעשענקעוויטש איז אליין געווען א מערקוויר־דיגע פערזענליכקייט. ער האָט געהאַט א זוהן, גרונם אליה, און משה ליב און ער זיינען געווען חברים. פון גרונם אליה'ן האָט משה ליב זיך דערוואוסט, אז זיין פאטער, ר' וואָלף דער שמש, חבר'ט זיך מיט וויכטיגע דורכפאָהרער און אז אַ סך פון אָט די דורכפאָרענדיגע אורחים זיינען נסתרים און באוואוסטע מקובלים. אויף איינינע פון זיי האָט מען געזאָגט, אז זיי האָבען גלוי אליהו. אויף אזא אופן האָט אויך גרונם אליה זיך געהאט באקאנט מיט איינינע פון די נסתרים. דאָס האָט משה ליב'ן שטארק פאראינטערעסירט.

## נד.

### נייע און אלטע נסתרים

**ווען חסידישע נסתרים האָבען אָנגעהויבען וואנדערען איבער אידישע שטעט און שטעטלאך. — ביי וועמען זיי זיינען געווען פארחיוליגט און ביי וועמען ניט.**

איינמאָל איז משה ליב געזעסען מיט זיין חבר גרונם אליה און געלערנט. גרונם אליה'ס פאטער, דער שמש ר' וואָלף, איז אָנגעקומען און זיך צוגעזעצט לעבען זיי און זיך צוגעהערט ווי זיי לערנען. פון צייט צו צייט האָט ער זיי אויפגעקלעהרט א סוגיא מיט א לייכטקייט וואס האָט געצייגט, אז ער איז א גרויסער בקיא און חריף.

דערווייל איז אָנגעקומען ר' ישעיה ליב, דער קרעמער, און האָט זיך אויך צוגעזעצט לעבען די צוויי יונגע בחורים'לעך. ער האָט אָנגעהויבען ארייגזאָגען זיי אין לערנען און טאקע פּרובירט אויסגעפינען אויף ווי וויט עס גרייכען זייערע ידיעות אין לערנען. קענטיג, אז ר' ישעיה ליב איז געווען צופרידען, ווייל ער האָט די צוויי חברים שטארק געלויבט.

— זיי וועלען אם ירצה השם זיין גרויסע לומדים, — האָט דער קרעמער געזאָגט צו ר' וואָלף'ן, — אייער אינגעל איז באמת א מצוין.

ער האָט מסתמא געמיינט, אז ר' וואָלף וועט זיך פון דעם פיהלען שטאַ־ק געשמייכעלט. ר' וואָלף האָט אבער אויף דעם געענטפערט:

— די חכמים האָבען געזאָגט, אז לא המדרש הוא העיקר אלא המעשה. וואלט איך בעסער געוואָלט אז מיין אינגעל זאָל זיין א ירא שמים און בעל מעשה, איידער א בן תורה וואס איז א רודף אחר הכבוד.

דאָס האָט ר' ישעיה ליב דעם קרעמער אויפגעקאָכט. בטבע איז ער גע־ווען א כעסן. אין דעם פאָל האָט ער ר' וואָלף'ס רייד אָנגענומען ווי דאָס וואלט געווען געציעלט געגען איהם. האָט ער זיך אָנגעצונדען און געזאָגט:

— איך האָב געדאָרפט וויסען, אז איהר, ר' וואָלף, געהערט צו דער "כת", און אז איהר חבר'ט זיך נאָר מיט עמי הארצים, אז ביי אייך איז א מענש פון גאָס טייערער פון א תלמיד חכם. איך ווייס שוין פון לאַנג, אז איהר האָט צו טהאָן מיט כלומרשטע נסתרים, וועלכע זיינען אייגענטליך ניט מעהר ווי ליידאקעס און עוברי ישראל...

משה ליב און גרונם אליה זיינען אנטשוויגען געוואָרען און האָבען זיך

צוגעהערט. ווי ר' משה ליב האט שפעטער דערצעהלט ברוד'ן האט ער גענוי געדענקט יענעם שמועס צווישען דעם שמש און דעם קרעמער.

נאך אט דער "פארציע" וואס ר' ישעיה ליב האט איינגעטיילט דעם שמש, האט מען געקענט מיינען, אז ר' וואלף וועט איהם גארניט בלייבען שולדיג און אז עס וועט זיך אנפאנגען א מחלוקה. ר' וואלף איז אבער געבליבען רוהיג און מיט גרויס געלאסענקייט געענטפערט:

— די חכמים זאגען "אל תרצה את חברך בשעת כעסו" (זאלסט ניט פרובירען איבערבעטען דיין פריינט בעת ער איז אין כעס). דאס ווערט געזאגט אויף איינעם וואס איז אין כעס געערעכטערהייט. היינט א כל שכן, אז איינער איז אין כעס אומגערעכטערהייט. אין אזא פאל וועלען דאך קיין רייד ניט העלפען. יענער וועט דעם אמת פשוט ניט וועלען הערען. אז איהר וועט זיך בארוהיגען, ר' ישעיה ליב, און ווען דער כעס וועט אייך אפגעהן, וועלען מיר ווייטער שמועסען. איצט איז אבער קיין פעולה ניט. לאמיר בעסער שווייגען.

דאס האט אויף ר' ישעיה ליב'ן געהאט א ווירקונג. ער איז באלד געווארען רוהיגער און האט מודה געווען, אז ער האט זיך צעהיצט צופיעל. נאר באמת, האט ער שוין גערעדט געלאסענער, קען ער ניט פארשטעהן ווי אזוי ר' וואלף קען פארטראגען די אזוי-גערופענע נסתרים, וועלכע האבען נאר צו טהאן מיט עמי הארצים און מיט ווייבער.

— האבען דאך די חכמים אנגעזאגט, — האט ר' ישעיה ליב געוואלט זיך אויספיהרען אויפ'ן לומדישען שטייגער, — אז מען זאל זיך ניט מתחתן זיין מיט עמי הארצים, אז מען זאל מיט זיי ניט זיצען ביי איין טיש. און אז זיי זיינען ניט באגלויבט אין ענינים פון מעשר און טהרה, הכלל, אז מען דארף זיך פון עמי הארצים דערווייטערען. פון דער צווייטער זייט, האט מען אונז אנגעזאגט אפצוגעבען כבוד תלמידי חכמים און אז צו באזארגען זיי מיט עסען און טרינקען איז פונקט ווי מען וואלט מקריב זיין קרבנות און מען וואלט גיסען נסכים. איצט קומען מענשען און ניט נאר פאלגען זיי ניט אוים וואס די חכמים האבען אנגעזאגט, נאר טהוען פונקט דעם היפוך פון דעם, און זיי טהוען עס גאר אונטער א מאסקע פון יראת שמים. דאס איז באמת א גרויסע עוולה.

איצט, אז ר' ישעיה ליב האט גערעדט רוהיג און געלאסען, איז ר' וואלף דער שמש איהם ניט שולדיג געבליבען קיין ענטפער.

— לויט אייער השקפה זייט איהר טאקע גערעכט, — האט ער איהם געזאגט, — אבער די עצם השקפה איז א פאלשע. די נסתרים, דארפט איהר וויסען, זיינען ניט נאר גרויסע צדיקים, נאר אויך גרויסע לומדים. פאראן צווישען זיי אזעלכע וואס זיינען קלאר אין ש"ס און זיינען גרויס אין נגלה ווי אין נסתר. דערצו זיינען זיי גרויסע יראי שמים. זיי פאסטען תעניתים און נעהמען אויף זיך סגופים. זיי זיינען זיך פשוט מוסר נפש מיט דעם וואס זיי ריכטען אפ גלות, וואנדערענדיג פון שטאט צו שטאט און ישוב צו ישוב, זיי טהוען עס אבער פאר א באשטימטען צוועק — כדי משפיע צו זיין אויף אידען, אז זיי זאלען זיך נעהענטער באהעפטען מיט זייער בורא, דערפאר

וואס זיי פארשטעלען זיך אליין פאר פשוט'ע מענשען האבען זיי אויפ'ן המון א גרעסערע השפעה און קענען גיכער מחזיר אל המוטב זיין.

כדי ר' ישעיה ליב זאל האבען א בעסערע ידיעה וועגען דעם וואס די נסתרים טהועז, האט דער שמש איהם אנגעוויזען אויף די אויפגאבען וואס די דאזיגע פארבארגענע צדיקים האבען אויף זיך גענומען, וואס האט דער־וויל געציינגט, אז דער שמש איז געווען גענוי באקאנט מיט דעם ווי ער וואלט אליין געווען איינער פון די נסתרים.

אט די נסתרים, האט ער געזאגט, באקאנען זיך מיט די קרעמער און מיט די הענדלער אין מארק, ווייל דער רוב פון די דאזיגע פארשוינען קומט זעלטען אין בית המדרש אריין און הערען זיך ניט צו צו די שיעורים וואס מען לערנט דארט. אויב זיי קומען יא אמאל אין בית המדרש און הערען ווי מען לערנט, פארשטעהען זיי ניט וואס מען לערנט. די נסתרים קלעהרען זיי אבער אויף און לערנען מיט זיי אויף אן אופן וואס יענע כאפען זיך גארניט, אז מען טהוט עס מיט זיי. אין דער זעלביגער צייט פרובירען די נסתרים ווירקען אויף זיי, אז זיי זאלען זיך פיהרען עהרליך אין זייער טאג־טעגליכען לעבען, אז זיי זאלען ניט האבען קיין לויזע צונג און זאלען ניט שילטען און זידלען אדער ריידען רכילות און לשון הרע.

סיי ר' ישעיה ליב און סיי די צוויי בחורים'לעך, ר' וואלף'ס איינגענער זוהנדעל, גרונם אליה, און זיין חבר, משה ליב, האבען געעפענט מויל און אויערען. עס איז געווען אן ענין מיט וועלכען זיי זיינען געווען ווייניג וואס באקאנט.

אז ר' וואלף האט זיך צורעדט וועגען די נסתרים, האט ער געהאט גאר א סך וועגען זיי צו דערצעהלען. אט האט ער אנטפלעקט פאר זיינע צוהערער, אז די דאזיגע נסתרים זיינען ניט קיין יחידים, וואס איינער איז אפגעריסען פון צווייטען, נאר אז זיי געהערען אלע צו א ספעציעלער חברה און זיינען דערפאר פארבונדען איינע מיט די אנדערע כדי צו טהאן זייער ארבייט גע־מיינשאפטליך און לויט א באשטימטען פלאן.

די חברה פון נסתרים, האט ר' וואלף ווייטער דערצעהלט, איז גאר אן אלטע. זי איז צוערשט געשאפען געווארען דורך דעם גאון און צדיק ר' אליהו בעל שם פון ווירמיזא (ווארמס) דייטשלאנד, אויף אזא אופן איז די חברה שוין געווען הונדערט און צעהן יאהר אלט. ר' אליהו בעל שם האט די חברה געגרינדעט, לויט דער מסורה, אויף דעם אנזאג פון א געוויסען מקובל, וועמעס נאמען ס'איז געבליבען אומבאקאנט. דער אנזאג איז געווען, אז מען זאל צוזאמענגעהמען גאונים און צדיקים, געקליבענע מענשען, וואס זאלען זיין גרייט זיך מקריב צו זיין פאר'ן כלל ישראל, זיי זאלען וואנדערען אומעטום וואו עס געפינען זיך אידישע ישובים און מעורר זיין די פשוט'ע פאלקס־מענשען צו עבודת הבורא.

דאס יאהר ווען ר' אליהו בעל שם האט געגרינדעט די חברה פון נסתרים האט געזאלט זיין שפ''א אדער שפ"ג. זינט דאן, האט ר' וואלף דערקלעהרט זיינען שוין טויזענטע פשוט'ע אידישע פאלקס־מענשען צוריקגעבראכט גע־ווארען צו עבודת הבורא.

— אט די דאזיגע צדיקים, — האט ר' וואלף אויסגעפיהרט, — זיינען

סיינמאל ניט מזלזל דעם כבוד פון די תלמידי חכמים. פארקעהרט, זיי ווילען נאר דערוועקען פארעהרונג צו תורה ביי די סאמע פראסטעסטע מענשען. קען מען דען אויף זיי זאגען, אז זיי דערפילען ניט דעם אנזאג פון אונזערע חז"ל? חלילה! זיי זיינען מותר אויף זייער אייגענעם כבוד, ווייל זיי האבען פאר זיך געשטעלט א העכערען ציעל. האבען דאך טאקע אונזערע חכמים געזאגט "רב שמוחל על כבודו כבודו מחול". (אז א תלמיד חכם איז מוחל אויף זיין אייגענעם כבוד, מעג ער עס טהאן).

ר' ישעיה ליב איז אבער נאך מיט דעם ניט געווען צופרידען. ער האט געהאט וואס אפצופרעגען. זאל טאקע זיין, אז די ערשטע נסתרים זיינען געווען גרויסע צדיקים וואס האבען געהאט אין זינען טובת הכלל, האט ער גע־טענה'ט, אבער אויב זיי האבען נאר צו טהאן מיט פראסטע מענשען וועט דער סוף זיין, — און ער האט געוואלט האבען אז אזוי איז טאקע דער פאל, — אז זיי זאלען אליין ווערען געפאלען אין די אויגען פון המון. ער האט געבראכט דעם רמב"ם וועלכער זאגט, אז דער כבוד פון תלמיד חכם איז א מצוות עשה.

ר' וואלף איז ר' ישעיה ליב'ן גאר ניט געבליבען שולדיג. ער האט אנ־געוויזען אויף דעם וואס אזויגע אידען ווי ר' ישעיה ליב קימערען זיך מעהר פאר'ן כבוד פון די תלמידי חכמים און גאר ווייניג וועגען דעם כבוד פון רבונו של עולם אליין. פארוואס זאל ער האבען אויסצוזעצען געגען די נסתרים וואס טהוען אזא הייליגע ארבייט, ניט קימערענדיג זיך פאר זייער אייגענער באקוועמליכקייט און זייער כבוד, ווען זייער הויפט צוועק איז צו דער־נעהענטערען אידען צו עבודת הבורא און איינצופלאנצען אין זייערע הערצער א ליעבע צו תורה און א באגעהר מקיים צו זיין איהרע מצוות?

משה ליב און גרונם אליה זיינען געזעסען פארגאפט. זיי האבען פארשלונ־גען יעדעס ווארט וואס איז געקומען צו זייערע אויערען. גרונם אליה איז געווען מיט צוויי יאהר עלטער פון משה ליב'ן און ער האט געוואוסט א סך מעהר ווי ער וועגען נסתרים, טאקע דערפאר וואס ער האט וועגען זיי געהערט פון זיין פאטער. משה ליב האט איצט נאר געוואלט פון איהם הערען וואס מעהר וועגען די נסתרים, און די מעשיות וואס זיין חבר האט איהם דערצעהלט האבען פשוט אנגעצונדען זיין פאנטאזיע.

פון יענעם טאג אן, האט משה ליב כסדר געמאנט ביי זיין חבר אז ער זאל איהם דערצעהלען וואס מעהר מעשיות פון די דאזיגע פארבארגענע צדיקים. ער האט אויך געקראגען א גרויסע תשוקה אליין אנצוקוקען א נסתר.

— טהו מיר א טובה, — האט ער זיך געבעטען ביי זיין חבר, — און באקען מיך מיט א נסתר. דו זאגסט דאך, אז דיין טאטע קען זיי און אז ווען נסתרים קומען קיין בעשענקעוויטש, חבר'ען זיי זיך מיט איהם!

גרונם אליה האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און משה ליב האט געמיינט, אז דאס זאגט ער איהם צו נאכצוקומען זיין פארלאנג. אבער צוויי, דריי חדשים זיינען פארביי און משה ליב האט נאך אלץ ניט געזעהן קיין נסתר. זיין חבר האט איהם טאקע דערצעהלט מעשיות פון נסתרים, אבער קיין ווארט ניט וועגען אימיצען פון זיי וואס זאל זיין אין שטאט.

איין מאל, ווען משה ליב איז געווען אויפ'ן וועג פון הויז אין בית המדרש, האט ער באמערקט פון וויטען א געזעמעל מענשען. עס איז געווען

א ווארעמער, זוניגער זומער־טאג. משה ליב איז געווארען נייגעריג אויסצוגעפינען וואס אזוינס עס האט צוזאמענגעבראכט אידען אין גאס אין א מיטען וואכעדיגען טאג. ער איז צוגעקומען צום געזעמעל און האט זיך דורכגעשטופט צווישען דער מענגע מענשען. ער איז באלד געשטאנען אין סאמע צענטער. אז אומבאקאנטער איד איז געשטאנען און גערעדט צום עולם.

שוין זיין אויסקוק האט ארויסגערופען משה ליב'ס פארוואונדערונג. ער איז געווען הויך געוואקסען, זיינע האר שווארץ, זיין פנים איינגעדארט. ער איז געווען אנגעטהאן אין א פעלץ און א פוטערנער היטעל, ניט קוקענדיג אויף דער זומערדיגער היץ.

זיינע רייד האבען ביי משה ליב'ן ארויסגערופען ניט וויניגער פארוואונדערונג ווי זיין אויסקוק. ער האט גערעדט וועגען דעם באדייט פון האנדלען עהרליך. ער האט דערצעהלט וועגען דער גרויסער שטראף וואס עס ערווארט די וואס נעהמען צו פרנסה ביי אנדערע. אלע ארום האבען זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס. משה ליב האט באלד זיך געכאפט, אז דאס מוז זיין א נסתר. ער איז געווען פארגאפט. ער האט אזוי לאנג גע'חלום'ט פון א נסתר און דא האט ער איהם געהאט פאר די אויגען! אז ער איז אנגעקומען אין בית המדרש, האט ער דערצעהלט זיין חבר וועגען דער געשעהעניש. גרונם אליה האט צוגעשטימט, אז דאס האט טאקע געמוזט זיין א נסתר. ער איז אליין געווארען פאראינטערעסירט איהם צו געהן זעהען און הערען.

ביידע זיינען ארויס אין גאס אנצוקוקען דעם נסתר. דער געזעמעל איז שוין געווען גרעסער. דער שמש ר' וואלף איז אויך געווען צווישען עולם. אלע האבען זיך צוגעהערט צו דעם אורח'ס רייד. די צוויי ישיבה בחורים'לעך האבען מעהר ניט געקענט דורכרייסען זיך דורך דעם עולם. זיי האבען אפילו ניט געקענט גענוי הערען די רייד פון דעם נסתר. ביידע זיינען געווען אנטוישט.

מעהר האט משה ליב דעם נסתר ניט געזעהן. ער האט אויך מעהר ניט געזעהן קיין אנדערע נסתרים. אז ער איז יענעם פארנאכט געקומען אהיים, האט ער דערצעהלט זיין פאטער, דעם ראש ישיבה, ר' יוסף עקיבא, וועגען זיין באגעגעניש מיט'ן נסתר. ער האט איהם אויך דערצעהלט וואס ער האט געהערט פון זיין חבר וועגען נסתרים בכלל. זיין פאטער האט איהם אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט און אז ער האט געהאט פארענדיגט, האט ער איהם אנגעהויבען אויפקלעהרען דעם עניין נסתרים, וואס איז געווען לחלוטין דער היפוך פון דעם וואס משה ליב האט זיך געהאט פארגעשטעלט. משה ליב האט זיך צום ערשטען מאל דערוואוסט, אז זיין פאטער האלט גאר ניט פון די נסתרים, און אז ביי איהם זיינען זיי, אומוויכטיגע און פראסטע מענשען וואס באנוצען זיך מיט שמות און השבעות ממש געגען דעם גייסט פון דער תורה

— דו מוזט זיך פון די דאזיגע נסתרים דערווייטערען, — האט ער איהם אנגעזאגט. — איך זאג עס דיר אז בגזירת כבוד אב. איך פאדער פון דיר, אז דו זאלסט זיך מעהר ניט צוהערען צו די רייד פון א נסתר אויב דיר וועט אויסקומען אזוינעם ווידער צו טרעפען, אין גאס אדער ערגעץ אנדערשוואו איך פארלאנג אויך פון דיר, אז דו זאלסט זיך אויפהערען חבר'ען מיט גרונם אליה'ן און מעהר ניט זיין נייגעריג זיך צוצוהערען צו זיינע מעשיות וועגען

נסתרים. דאס זיינען אלץ פוסטע רייד וואס זיי טארען ניט אריינדרינגען אין דיין גדעכעניש.

משה ליב האט זיך געפיהלט ווי ער וואלט אפגעגאסען געווארען מיט קאלטע וואסער. ער האט קוים געקענט באגרייפען פון וואנען עס נעהמט זיך אט דער ביטול און טאקע אויך די שנאה מצד זיין פאטער צו די נסתרים, וועלכע האבען ביז דאמאלס געהאט ארויסגערופען ביי איהם באוואונדערונג און דער עיקר, נייגעריגקייט. זיין פאטער האט געהאט צושטערט זיין גאנצע פארשטעלונג וועגען נסתרים. ער וואלט געהאט גרויס חשק, אז זיין פאטער זאל איהם מעהר אויפקלעהרען דעם ענין. אבער יענער האט קוים געוואלט מעהר ריידען וועגען דעם. ער האט דעם ענין געהאלטען פאר א געענדיגטען. משה ליב האט נאר געוואוסט, אז ער דארף פאלגען זיין פאטער און אז ער מעג זיך פארלאזען אויף איהם, אז אויב ער מאכט די נסתרים אוועק מיט'ן האנט, איז געוויס דא א גוטע אורזאך דערפאר.

אגב, האט משה ליב בכלל שוין מעהר קיין געלעגענהייט ניט געהאט צו ריידען און אפילו צו הערען וועגען נסתרים. זיין פאטער האט איהם באלד אוועקגעשיקט קיין וויטעבסק אין דער דארטיגער ישיבה. ער האט איהם מעהר ניט געוואלט האבען אין זיין אייגענער ישיבה, קענטיג דערפאר וואס ער האט ניט געוואלט אז ער זאל זיך מעהר טרעפען מיט גרונם אליה'ן. פאר זיין אפפאהרען נאך וויטעבסק, האט ר' יוסף עקיבא משה ליב'ן ווידער אנגע־זאגט, און גאנץ שטרענג דערצו, אז ער זאל זיך ניט דערוועגען צו ריידען וועגען נסתרים אדער נאכצופארשען וועגען זייערע מעשים. ער זאל זיך נאר אפגעבען מיט תורה

זיבען יאהר האט משה ליב געלערנט אין דער וויטעבסקער ישיבה. ער האט אויסגעפאלגט זיין פאטער'ס אנזאג זיך מעהר ניט צו אינטערעסירען מיט די נסתרים אדער זיך צוהערען וועגען דעם וואס עס ווערט דערצעהלט וועגען זיי. פון דעסטוועגען האבען איהם דערגרייכט רייד וועגען נסתרים אפילו אין דער וויטעבסקער ישיבה. קענטיג, אז דער ענין פון די נסתרים איז דאך געווען אזעלכער וואס מען האט איהם ניט געקענט איננאנצען אויסמיידען. משה ליב האט אבער נאר אויפגעכאפט בלויז שלעכטס וועגען די נסתרים און ניט קיין גוטס. ער איז געווען נייגעריג צו וויסען פאר וואס דאס איז אזוי. נאר ער האט גוט געדענקט וואס זיין פאטער האט איהם געהאט אנגע־זאגט און ער האט דעם ענין איננאנצען אויסגעמידען.

ווען משה ליב האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים פון דער ישיבה איז די ערשטע פראגע וואס זיין פאטער האט איהם געשטעלט געווען, אויב ער האט אויסגעפאלגט וואס ער האט איהם אנגעזאגט וועגען די נסתרים. משה ליב האט איהם פארזיכערט, אז יא, און ר' יוסף עקיבא איז פון דעם געווען שטארק צופרידען. פון דעסטוועגען האט אבער ר' יוסף עקיבא, צו משה ליב'ס פאר־וואונדערונג, פלוצים דערקלעהרט, אז אין משך פון די אלע יאהרען, האט ער זיך דערוואוסט, אז צווישען די נסתרים געפינען זיך באמת גרויסע צדיקים און אויך גאונים. פון דעסטוועגען איז ער נאך אלץ געבליבען ביי דער מיי־נונג, אז ווען עס קומט צו דעם ענין פון קבלה, וואס איז דער יסוד פון דעם דרך אויף וועלכען די דאזיגע נסתרים האבען זיך פארנומען, איז נויטיג, אז

מען זאל האבען געמאכט ספעציעלע הכנות. דערפאר האט ר' יוסף עקיבא אויף דאס ניי אנגעזאגט זיין זוהן, אז ער זאל זיך היטען ניט צו קומען אין קיין פארבינדונג מיט די נסתרים. ער זאל, אבער, פון דער צווייטער זייט, אויך ניט ריידען קיין שלעכטס אויף זיי.

ר' משה ליב האט נאך אלץ וועניג וואס פארשטאנען זיין פאטער און די טעמים וואס האבען איהם געבראכט דערצו, אז ער זאל האבען אזא מיינונג וועגען די נסתרים. ער האט אבער זיין פאטער קיין שאלות ניט געפרעגט, הויפטזעכליך דערפאר וואס יענער האט קלאר געמאכט, אז ער איז ניט נוטה צו ריידען מעהר וועגען דעם ענין. משה ליב האט אפגעלייגט אויף א צווייטער געלעגענהייט צו ריידען מיט זיין פאטער וועגען דעם, אבער די געלעגענהייט איז שוין מעהר ניט געקומען. אין משך פון יאהר איז זיין פאטער נפטר גע־ווארען.

וואס איז שייך זיין רבי'ן אין דער ישיבה, האט משה ליב מסביר געווען, איז ער געווען איינער פון די ביטערסטע געגנער פון די נסתרים. ער האט ממש געפיהרט מלחמה געגען זיי. לויט ווי משה ליב האט איבערגעגעבען אין נאמען פון זיין רבי'ן, האט יענער געהאט באזונדער אויסצוזעצען געגען דעם וואס "א געוויסער דרדקי מלמד און שפעטער א שוחט, האט זיך מיט אמאל דער־קלעהרט פאר א בעל מופת און האט זיך אנגעהויבען רופען בעל שם טוב". דאס איז געווען ר' ישראל בעל שם טוב. די נסתרים, הייסט עס, זיינען געווען זיינע נאכפאלגער און האבען געהאלטען אין דערצעהלען וואונדער וועגען דעם דאזיגען ר' ישראל'ן. אט געגען דעם האט עס משה ליב'ס רבי געשטורעמט.

פאר ברוך'ן איז מיט אמאל קלאר געווארען, ווי איינגענטלאך האט ער דא צו טהאן מיט נאכפאלגער פון ר' ישראל בעל שם טוב, פון איין זייט, און מיט זיינע געגנער פון דער צווייטער זייט. ער האט זיך אנגעשטויסען טאקע אין די איידעמס פון דאבראמיסלער שמיד, אין די צוויי מחנות אין וועלכע די אידישע וועלט האט אנגעהויבען ווערען צעטיילט — אין חסידים און מתנגדים.

## נה.

## ר' אליהו בעל שם

**די חלוצה פון קראקע און ווי זי האט חתונה געהאט מיט דעם "שפאנישען קדוש" — דער חלום און דער פסק פון דעם בית דין. — די מלחמה געגען בעל שם פון ווירמייזע.**

ברוך האט איצט גענומען זיך מעהר גריבלען אין דעם גאנצען ענין. ער האט געוואלט וויסען מעהר וועגען חסידות און אויך מעהר וועגען די געגנער פון חסידות, באזונדער וועגען ר' אליהו בעל שם פון ווירמייזע, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון דער חברה פון נסתרים.

אויסגעפונען האט ברוך גאר שטוינענדע זאכען. די גאונים, ר' אברהם זאב פון בעשענקעוויטש און ר' שמחה זעליג פון וויטעבסק זיינען געווען די ביטערסטע מתנגדים סיי פון חסידות און סיי פון די נסתרים. די דאזיגע

התנגדות צו די נסתרים איז צו זיי איבערגעגאנגען בירושה. זיי האבען געהאט א קבלה פון ר' נחום'ן, דעם פרוש פון זאלקאוו, וועלכער, ווידער, האט געהאט א קבלה פון ר' שמאי זונדעל פון פראג, א זוהן פון דעם צדיק ר' פנחס זעליג פון שפייער, אז מען דארף די נסתרים רודפ'ן. ר' פנחס זעליג איז געוועזען דער סאמע בר פלוגתא פון ר' אליהו בעל שם.

אבער ווער איז געוועזען דער דאזיגער ר' אליהו בעל שם ? ברוך איז ממש געוועזען פארגאפט ווען ער האט זיך באקאנט מיט די פרטים.

עס איז געוועזען אין יאהר רס"א אדער רס"ה. אין קראקע איז אנגעקומען דער שפאנישער איד, ר' יוסף יוזפא. איז אט דער ר' יוסף יוזפא געוועזען ניט נאר א גרויסער בן תורה נאר אויך א גרויסער צדיק. ער איז שוין דאמאלס געוועזען ארום פופציג יאהר אלט. גאנץ קראקע האט באלד געוואוסט, אז דער שפאנישער איד איז א פרוש, אז ער האט קיינמאל ניט חתונה געהאט און אז ער פארלאזט ממש ניט די דלד אמות של הלכה, האלטענדיג זיך תמיד אפגעזונדערט פון מענשען.

אזוי זיינען אריבער אן ערך דרייסיג יאהר. קראקע האט שטארק פארעהרט דעם דאזיגען צדיק און אלע האבען שוין געמיינט, אז אזוי וועט ער פארענדיגען זיינע יאהרען. פאסירט אין קראקע עפעס אזוינס וואס האט אלעמען שטארק איבערראשט.

אין קראקע האט אין יענער צייט גע'שם'ט א געוויסער ר' לוי, א רייכער סוחר, וואס האט זיין מסחר געפיהרט מיט די פריצישע הויפען. ער איז געוועזען א גרויסער בעל צדקה. זיין הויז איז געוועזען אפען פאר אלעמען. ר' לוי האט געהאט א זוהן, ר' יוסף, ווענען זיין פאטער האט חתונה געמאכט מיט דער טאכטער פון ר' אברהם דעם גאלדשמיד, א באוואוסטער ירא שמים.

נאך דער חתונה האט ר' יוסף ארויסגעהאלפען זיין פאטער אין זיינע עסקים און איז באלד געווארען דער סאמע "קאפ" פון די מסחרים. ר' יוסף איז ניט נאר געווען א גרויסער בעל שכל אין מסחר, נאר איז אויך געוועזען א גרויסער חכם. ער האט געקענט עטליכע שפראכען און איז בכלל געוועזען א ידען אין וועלטליכע ענינים. האבען די פריצים און אדעליגע, מיט וועמען ער און זיין פאטער האבען געהאנדעלט, איהם תמיד גערן געהאט. זיי האבען ליעב געהאט מיט איהם צו שמועסען וועגען פאליטיק און אלע דברים העומדים ברומו של עולם. אז א מענש קען לשונות זיינען פאר איהם אפען אלע טיהרען.

אז אידען האבען געזעהן וואס פאר א חשוב ר' יוסף איז אין די הויכע פענסטער האט מען זיך שוין מיט דעם באנוצט, אז ער זאל זיך משתדל זיין דארט ביי פארשידענע געלעגענהייטען. קהל אזוי גוט ווי יחידים האבען שטענדיג געוואלט דורך איהם האבען טובות און ר' יוסף האט זיך קיינמאל ניט אפגעזאגט צו זיין דער שתדלן.

דערווייל האבען זיך ר' יוסף'ס מסחרים צעוואקסען. ער האט אפט גע־דארפט מאכען לאנגע נסיעות. באזונדער האט ער געפיהרט מסחר מיט פראג. איינמאל, אז ער איז מיט זיין משרת געוועזען אויפ'ן וועג צוריק אהיים, זיינען איהם באפאלען גזלנים און געטויט איהם און זיין משרת. אז די ידיעה האט דערגרייכט קראקע איז די גאנצע שטאט געווען אין טרויער.

ר' יוסף האט איבערגעלאזט אן אלמנה, וועלכע האט פון איהם ניט

נעהאט קיין קינדער. האט זי, ווי דער דין איז, געדארפט קריגען חליצה, פון דעם הרוג'ס א ברודער. אין קראקע איז געווען אן אלטער מנהג, אז חליצה פלעגט דורכגעפיהרט ווערען מיט גרויס צערעמאָניע. נאָך דער צערעמאָניע האט זיך דער בית דין אויפגעהויבען און געבענשט די חלוצה, אז זי זאל אין גיכען געפינען א מאן וואס זאל מיט איהר חתונה האבען און אז זי זאל איהר נייעם מאן ברייגגען קינדער. דער שמש האט דאן אויסגערופען, אז ווער עס איז גרייט חתונה צו האבען מיט דער חלוצה זאל צוקומען צום בית דין און קריגען א ברכה.

אין דעם פאל מיט ר' יוסף'ס אלמנה האט זיך בעת מעשה קיינער ניט אפגערופען, אז ער זאל זיין גרייט חתונה צו האבען מיט איהר. אבער אז עס זיינען אריבער א פינף־זעקס חדשים, איז מיט אמאל געקומען דער אלטער צריק ר' יוסף יוזפא, אדער ווי מען האט איהם אין קראקע גערופען "דער שפּאַ־ניִשער קדוש", און מודיע געווען דעם בית דין, אז ער איז וויליג חתונה צו האבען מיט דער חלוצה אויב זי וועט נאר צו דעם מסכים זיין. ער האט דערביי מסביר געווען, אז ער האט אייגענטליך געהאט בדעה אויסצולעבען זיינע יאה־רען אליין. אבער צוליעב א געוויסען טעם, וואס ער האט ניט געוואלט אנטפלע־קען, האט ער באשלאסען אויף דער עלטער חתונה צו האבען.

האט דער בית דין געשיקט רופען דער חלוצה. אז זי איז דערשינען פאר'ן בית דין, און נאך איידער זי האט געהערט, וועגען וואס זי איז גערופען געוואָ־רען, האט זי זיך ביטער פארנאנדערגעוויינט.

— וואס וויינסטו ? — האט מען איהר געפרעגט.

זי האט דערקלעהרט, אז עפעס דריקט איהר אויף'ן הארצען, אז זי האט א גרויסען סוד, אבער זי קען ביי זיך ניט באשליסען אויב זי זאל דעם סוד אנטפּלעקען פאר'ן בית דין אדער ניט.

מען האט געוואלט וויסען וועגען וואס עס האנדעלט זיך. זי האט אבער נאר מגלה געווען אויף אזוי ווייט, אז דאס האט צו טהאן מיט דעם וואס איהר פאטער, וועלכער איז שוין לאנג געווען אויף'ן עולם האמת, האט זיך צו איהר באוויזען אין חלום שוין א פינף־זעקס מאל און האלט איהר אין בא־פוילען עפעס צו טהאן, נאר זי קען ביי זיך ניט באשליסען אויב זי זאל איהם פאלגען אדער ניט. זי קען אויך ניט באשליסען אויב זי זאל פאר'ן בית דין מגלה זיין וואס אזוינס איהר פאטער האט איהר אנגעזאגט צו טהאן.

נאך א ישוב הדעת האט דער בית דין ארויסגעטראגען א פסק, אז זי זאל ארויסגעבען איהר סוד. די חלוצה האט דאן וויינענדיג דערצעהלט, אז צום ערשטען מאל האט זיך איהר פאטער צו איהר באוויזען אין חלום אנגע־טהאן אין זיינע שבת'דיגע מלבושים. ער האט ארויפגעלייגט זיינע הענט אויף איהר קאפ און איהר געבענשט.

— און איצט גיב איך דיר אפּ א מזל טוב — האט ער צו איהר געזאגט — וויל עס איז געווארען באשטימט, אז דו זאלסט חתונה האבען מיט דעם שפּאַנישען קדוש, ר' יוסף יוזפא.

די חלוצה האט ווייטער דערצעהלט, אז ווען זי האט זיך אויפגעכאפּט פון שלאף, האט זי געפיהלט א ציטער, אבער זי האט עס נאר אנגענומען פאר א פּשוט'ען חלום. עס איז קיין וואך ניט אוועק און איהר פאטער האט זיך

ווידער באוויזען צו איהר אין חלום און האט איהר ווידער אנגעזאגט חתונה צו האבען מיט'ן צדיק. אויך דעם מאל האט זי עס ניט גענומען ערנסט. א קורצע צייט איז אוועק און איהר פאטער איז נאך אמאל געקומען צו איהר אין חלום, דאס מאל האט ער שוין גערעדט שטרענג. ער האט איהר הארב אנגעזאגט, אז זי זאל בעטען אימיצען ריידען מיט ר' יוסף יוזפא'ן, אז ער זאל מיט איהר חתונה האבען. איהר פאטער האט איהר דערביי געזאגט, אז אזוי איז דער ווילען פון דעם בית דין של מעלה.

— אויב דו וועסט פאלגען וואס איך זאג דיר — האט דער פאטער צו איהר ווייטער געזאגט — וועסטו זוכה זיין פון איהם צו האבען א זוהן. אויב ניט, וועסטו האבען א שלעכטען סוף.

די דיינים האבען זיך אנגעקוקט איינע די אנדערע אין שטוינען. זיי האבען איצט עפעס געהאט איבערצוריידען צווישען זיך, און דאן האבען זיי איהר דערצעהלט וועגען דעם "צופאל" וואס ר' יוסף יוזפא איז אליין געקומען צו זיי און זיך אנגעבאטען חתונה צו האבען מיט איהר.

איצט האט שוין די חלוצה געזעהן, אז דאס איז מין השמים און זי האט איינגעוויליגט צום שידוך. אין קראקע האט זיך געפיהרט, אז די חתונה פון א חלוצה איז געווען א ענין פאר דער קהלה. איז די חתונה געפראוועט געווארען פון שטאט. קינד און קייט זיינען געווען אויף דער חתונה. פאר דער חופה האבען זיך, ווי דער מנהג איז געווען, אלע כהנים פון שטאט, פון דרייצעהן יאהר אלט, אנגעטהאן אין טליתים און אין קיטלען, זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות, און ווען חתן כלה זיינען געפיהרט געווארען צו דער חופה, זיי געבענשט, האלטענדיג די הענט אין דער הויך, ווי צו ברכת כהנים.

די סעודה איז אויך געפראוועט געווארען לויט אן אלטען מנהג, אין דרויסען ביים שוהל, וואו יעדער האט זיך געבראכט זיין אייגענעם מאלצייט.

אלע אין קראקע האבען געפיהלט, אז דאס איז ניט קיין געוויינליכע פאסירונג, אז עפעס זיינען אין אט דער חתונה פארבאהאלטען גרויסע כוונות.

נאך דער חתונה פון ר' יוסף יוזפא'ן מיט דער חלוצה, האט די קהלה פון קראקע אנגעהויבען מעהר זארגען פאר'ן פארעל'ס הצטרכות'ן. כל זמן ר' יוסף יוזפא איז געווען אליין האט ער זיך געקענט באנוגענען מיט גאר ווייניג, ממש מיט גארניט. געשלאפען האט ער אין בית המדרש און גענעסען האט ער ברויט מיט וואסער. איצט האט ער געדארפט האבען א פאסיגע דירה און זיין ווייב האט געדארפט פיהרען א שטיקעל ווירטשאפט.

אויפ'ן צווייטען יאהר נאך דער חתונה איז ר' יוסף יוזפא געווארען א טאטע פון א זוהן, וועלכען מען האט געגעבען א נאמען אליהו, נאך אליהו הנביא. דאס קינד איז קוים אלט געווארען צוויי יאהר און דער פאטער האט איהם אנגעהויבען לערנען תורה. ר' יוסף יוזפא האט זיך ניט געוואלט פארלאזען אויף קיין מלמדים.

אז דאס קינד איז אלט געווארען זיבען יאהר, פלעגט ער באגלייטען זיין פאטער האלבע נאכט צו חצות. ר' יוסף יוזפא האט איהם אנגעזאגט ניט צו ריידען מיט קיינעם ניט קיין דברי חול און ניט קיין דברי תורה. ער פלעגט

אליהו'ן ארייננעהמען אין זיין חדר מיוחד און דארט, אין התבודדות, מיט איהם לערנען תורה.

צוויי וואכען איידער אליהו איז געווארען בר מצוה, האט ר' יוסף יוזפא גערופען צו זיך זיין ווייב און האט איהר מודיע געווען, אז ער ווייסט, אז עס איז געקומען די צייט ווען ער זאל אפגעבען די נשמה צום רבונו של עולם. ער האט אנגעבעטען, אז מען זאל נאך איהם ניט טרויערען.

— דו ביזט נאך אין די מיטעלע יאהרען, מיין ווייב, — האט דער זקן געזאגט, — אויב עס וועט זיך מאכען א פאסענדער שידוך זאלסטו ניט ממאן זיין. וואס איז שייך אונזער קינד, אליהו'ן, וועט ער גאר אין קורצען, נאך דער בר מצוה, באשליסען ערגעץ אוועקצוואוואנדערען. זאלסט איהם פון דעם ניט אפריידען. ווארום דו דארפסט וויסען, אז אליהו איז געקומען אויף דער וועלט פאר גאר א הייליגען צוועק. זיין שליחות אויף דער וועלט איז לטובת הכלל. מיט איהם פאנגט זיך אן א קייט פון דורות וואס וועלען שפיעלען א ראל אזש ביאת המשיח. אליהו הנביא אליין האט מיט איהם די גאנצע צייט געלערנט. ער איז דערפאר גוט צוגעגרייט פאר דער גרויסער שליחות אויף וועלכער ער איז ארונטערגעשיקט געווארען אויפ'ן עולם התחתון.

דערביי האט דער זקן דערצעהלט זיין ווייב, אז באלד ווי איהר ערשטער מאן איז דער'הרג'עט געווארען, האט מען איהם, ר' יוסף יוזפא'ן, מודיע געווען פון הימעל, אז עס איז דער פסק פון דעם בית דין של מעלה, אז ער זאל מיט איהר חתונה האבען, כדי עס זאל געבארען ווערען א זוהן מיט א גאר הויכער נשמה וואס וועט ברייננגען א תיקון פאר דער וועלט.

ר' יוסף יוזפא האט דאן גערופען צו זיך די ראשי הקהל פון קראקע און האט זיי באדאנקט פאר די חסדים וואס זיי האבען געצייגט צו איהם און צו זיין ווייב און קינד און האט זיי אנגעבעטען צו זארגען פאר זיין ווייב און קינד נאכדעם ווי ער וועט פון דער וועלט אוועק. ער האט די ראשי הקהל געבענשט און באלד נאכדעם אויסגעהויכט זיין נשמה.

אליהו האט געזאגט קדיש און געלערנט נאך דער נשמה פון זיין פאטער. צום ערשטען מאל, אז ער האט מיט זיינע תפלות און מיט זיין לערנען זיך געצייגט פאר'ן עולם. אלע האבען געקענט זעהן, אז ווי יונג ער איז, אזוי גרויס איז זיין צדקות און אז זיין לומדות האט ממש קיין שיעור ניט.

דערווייל איז אנגעקומען זיין בר מצוה און די גאנצע שטאט האט זיך באטייליגט אין דער שמחה. עטליכע וואכען שפעטער האט ער געלאזט וויסען זיין מוטער, אז ער איז געקומען צו דער מסקנא צו פארלאזען קראקע און אוועקצוואוואנדערען ערגעץ. זיין מוטער, וועלכע האט שוין וועגען דעם געוואוסט, האט קייןווארט ניט געזאגט און איהם געגעבען איהר ברכה.

וואו אליהו האט אוועקגעוואנדערט און וואס ער האט געטהאן פאר א משך פון פערציג יאהר צייט, פון יאהר ש"י, ווען ער האט פארלאזט קראקע, ביז ש"ן, ווען ער האט זיך פלוצים באוויזען אין ווירמייזע, דייטשלאנד, ווייס קיינער ניט. אבער, אז מען האט פון איהם דערהערט אין ווירמייזע, איז ער שוין געווען באקאנט אלס ר' אליהו בעל שם.

אנגעקומען קיין ווירמייזע איז ער ניט אליין. ער איז געקומען מיט א

ווייב. מען האט זיך דאמאלס אויך דערוואוסט, אז ער האט א זוהן און צוויי טעכטער, אלע אויסגעגעבען און זיי וואוינען ערגעץ ווייט.

ר' אליהו בעל שם איז באלד מפורסם געווארען ווי א רופא חולים, א מפקד פון עקרות און ווי א מעל מופת. זיין הויז איז געווען אפען פאר אלעמען. ווער עס האט געהאט עפעס א בקשה איז געקומען צו איהם. ער האט אויף זיין חשבון אויסגעהאלטען א ישיבה. גאנצע מחנות אידען זיינען צו איהם געקומען פון נאהענט און פון ווייט.

דער עיקר זיינען צו איהם געקומען ארימעלייט, ממש מארבע פנות העולם. זיי פלעגען אפזיצען ביי איהם וואכען און אפט חדשים. אזוי איז ר' אליהו בעל שם אפגעזעסען אין ווירמייזא צעהן יאהר און זיין פרסום איז מיט יעדען יאהר געווארען גרעסער. אויף הונדערטע מיילען ארום האט מען גערעדט ווע־גען זיינע מופתים.

אין יענער צייט איז אויך געווארען מפורסם דער גרויסער גאון און צדיק ר' פנחס זעליג פון שפייער. ער איז געווען א גוט־הארציגער און פריינטליכער מענש און דערצו א גרויסער עניו און סבלן. דאך איז ער געווען מיט א שטאר־קען און אומבויגזאמען ווילען. ווען עס האבען זיך צו איהם דערטראגען די מעשיות וועגען ר' אליהו בעל שם'ס מופתים, האט ער אויסגעקליבען דריי פון זיינע בעסטע תלמידים און האט זיי געשיקט קיין ווירמייזא אויסצוגעפינען וואס פאר א מענש דאס איז דער ר' אליהו בעל שם און אויב עס איז דא עפעס א ממשות אין דעם וואס מען דערצעהלט וועגען איהם.

ר' אליהו בעל שם האט די דאזיגע שלוחים אויפגענומען מיט גרויס פריינטליכקייט. זיי זיינען ביי איהם אין הויז פארבליבען צעהן טעג. פאר דער צייט האט ער מיט זיי גערעדט תורה און האט מיט זיי געלערנט דעם זוהר און פאר זיי אנטפלעקט גרויסע סודות על פי קבלה. ר' פנחס זעליג'ס תלמידים הא־בען זיך געפיהלט פולשטענדיג צופרידען מיט דער לומדות און צדקות פון ר' אליהו'ן.

זיי האבען זיך אויך צוגעקוקט ווי ער נעהמט אויף פארשידענע חולאים, וואס זיינען צו איהם געקומען פון נאהענט און פון ווייט, און ווי אזוי זיי ווערען אלע געהאלפען. די רפואות וואס ער האט די חולאים געגעבען זיינען באשטאנען פון געבעקס מיט האניג אדער בוימעל, נעגעלאך מיט האניג, מעד, ראזשינקע וויין אדער ביער. די שלוחים פון דעם גאון פון שפייער האבען פשוט זיך ניט געקענט אפוואונדערען ווען זיי האבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהען ווי חולאים וואס האבען זיך ממש ניט געקענט האלטען אויף די פיס, זיינען אין א טאג אדער צוויי, נאכדעם ווי זיי האבען איינגענומען די רפואות וואס דער ר' אליהו בעל שם האט זיי געגעבען, פולשטענדיג געזונט גע־ווארען.

א סך פלעגט ר' אליהו בעל שם איינגאנצען קיין רפואות ניט געבען, נאר האט זיי אריינגענומען אין א חדר מיוחד און האט זיי געזאגט מוסר, רופענדיג זיי צו תשובה. די חולאים פלעגען אויסברעכען אין א געוויין און פון דער טי־פעניש פון זייערע הערצער טהאן תשובה. זיי זיינען דאן אין משך פון א פאר טעג געווארען געזונט.

די שלוחים האבען זיך צוריקגעקעהרט צו ר' פנחס זעליג'ן און האבען

איבערגעגעבען וואס זיי האבען געהערט און געזעהן ביי ר' אליהו בעל שם אין ווירמייזע. זייער מיינונג וועגען איהם איז געוועזען א געהויבענע. זיי האבען קיין ספק ניט געהאט, אז ער איז טאקע דאס וואס מען זאגט וועגען איהם. אגב האבען זיי אויך דערצעהלט וואס זיי האבען געהערט פון ר' אליהו'ן וועגען קבלה און זיינע אויסטייטשונגען פון זוהר, וואס ער האט געהאלטען פאר א גאר הייליגען ספר, וועלכער אנטהאלט אלע סודות פון דער תורה.

דאס האט שטארק אויפגעבראכט דעם גאון פון שפייער. ר' פנחס זעליג האט שוין לאנג געהאט געפיהרט מלחמה געגען קבלה בכלל און געגען זוהר בפרט. פון דעם סאמע ערשטען טאג וואס דער זוהר איז אפגעדרוקט געווארען אין איטאליע און איז אנגעקומען קיין דייטשלאנד צו די דארטיגע רבנים, איז ר' פנחס זעליג, כאטש ער איז נאך דאמאלס געוועזען גאר א יונגערמאן, ארויס־געטראטען געגען דעם דאזיגען ספר.

דער זוהר איז צוערשט אפגעדרוקט געווארען אין יאהר שי"ח אין מאנ־טאווע און קרעמאנע, איטאליע. די באוואוסטע גאונים פון איטאליע אין יענער צייט, ר' עזריאל טרביטו, דער ראש פון דער ישיבה אין אסקולא, און דער גאון ר' יוסף איטאלינג, דער ראש פון דער ישיבה אין קרעמאנע, האבען דעם אפ־געדרוקטען זוהר צוגעשיקט צו דעם באריהמטען גאון און מקובל ר' אליעזר, דער רב פון פראנקפורט־אם־מיין. דורך איהם האבען זיך די גרויסע לומדים פון דאמאלדיגען דייטשלאנד באקאנט מיט'ן דאזיגען ספר און האבען אויף איהם געגעבען זייער פולע הסכמה.

ר' פנחס זעליג, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז דאמאלס געוועזן, ווי געזאגט, נאך גאר יונג, איז ארויסגעטראטען געגען דעם זוהר און אויך גע־גען דער קבלה. ער האט באלד געוואונען א סך אנדערע אויף זיין זייט און א מלחמה איז דערקלעהרט געווארען געגען דעם זוהר און געגען קבלה און די וואס האבען פון זיי געהאלטען. די דאזיגע מלחמה האט שוין געהאט אנגעהאלטען דרייסיג יאהר.

איצט האט ר' פנחס זעליג געהאט געהערט פון זיינע אייגענע שלוחים, אז ר' אליהו בעל שם איז אויך א מקובל און האלט דערצו, ווי אלע מקובלים, דעם זוהר פאר דעם סאמע קוואל פון די קבליסטישע סודות. איז ער געווארען שטארק אויפגעבראכט און האט איינגערופען א בית דין, וואס זאל באשליסען וואס צו טהאן מיט דעם בעל שם פון ווירמייזע. באוואוסטע גאונים זיינען ארויסגערו־פען געווארען צו אן אסיפה. ר' פנחס זעליג האט אויפגעשטורעמט די פאר־זאמעלטע מיט דער דרשה וואס ער האט געהאלטען, אנווייזענדיג, אז ר' אליהו בעל שם, וואס פאר א גדול ער זאל ניט זיין אין תורה, האט זיך פשוט פארגר־מען אויף א געפעהרליכען דרך מיט דעם וואס ער האלט זיך ביי דער לעהרע פון קבלה און האלט אין אויסטייטשען אויף זיין אייגענעם אופן דעם זוהר.

• נאך א לאנגער שקלא וטריא איז געבליבען, אז מען זאל אויסקלייבען נייע שלוחים, וועלכע זאלען באשטעהען פון די סאמע גדולי הדור פון יענער צייט, וואס זאלען פאהרען קיין ווירמייזע צו ר' אליהו'ן און איהם מוסר מודעה זיין, אז ער מוז אויפגעבען זיין דרך, אז ער זאל אויפהערען באנוצען שמות אין היילען חולאים און ביים מפקד זיין עקרות, אז ער זאל בכלל מעהר ניט לערנען קיין קבלה און מעהר ניט מאכען קיין פרושים אויפ'ן זוהר. די התראה זאל

זיין אזא שטארקע, אז אויב ער וועט ניט וועלען ענדערען זיין דרך, זאל ער אויפגעפאדערט ווערען צו פארלאזען דייטשלאנד, ווייל דארט וועט אזא דרך ווי זיינער ווייטער ניט געדולדעט ווערען.

## נג.

### נסתרים און חסידים

**דער חילוק פון די אמאליגע און די שפעטערדיגע נסתרים. — דער איסור געגען דעם בעל שם פון ווירמייזע. — חדוה און עצבות.**

די שלוחים, וואס דער בית דין אין שפייער האט אויסגעקליבען, זיינען געקומען קיין ווירמייזע צו ר' אליהו בעל שם און האבען איהם איבערגעגעבען די פאדערונגען, אז ער זאל אויפהערען לערנען קבלה מיט'ן עולם און זאל אויפהערען זיך באנוצען מיט השבעות ביים היילען קראנקע. ר' אליהו האט די שלוחים אויפגענומען פריינטליך און האט גוטמוטיג אויסגעהערט די פאדערונגען מיט דער התראה, אז אויב ער וועט ניט פאלגען, וועט ער מוזען פארלאזען דאס לאנד. ר' אליהו בעל שם האט דאן געענטפערט על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון. וואס איז נוגע דעם למוד פון קבלה, האט ער געזאגט, אז דאס איז אן ענין פון דברי הרב און דברי התלמיד, דברי הרב, דער אויבערשטער, ודברי התלמיד איז דברי מי שומעים, וועמען דארף ער פאלגען? ! וואס איז נוגע דער אופן ווי ער היילט חולאים, האט ער פארזיכערט, אז ער האט זיך קיין מאל ניט באנוצט דערביי מיט השבעות.

ר' אליהו בעל שם האט דערביי ארויסגעזאגט זיין באגעהר צו פאהרען קיין שפייער צו דעם גאון ר' פנחס זעליג'ן כדי מיט איהם זיך דורכצושמועסען און איהם באווייזען, אז ער איז אומגערעכט מיט דעם וואס ער פיהרט מלחמה געגען די וואס גיבען זיך אפ מיט קבלה.

נאך אט דער דערקלעהרונג האט ר' אליהו בעל שם זיך געלאזט אין וועג אריין קיין שפייער, אבער זיינע רייד צו ר' פנחס זעליג'ן האבען ניט געהאט קיין פעולה. ר' פנחס זעליג, האט אפילו ניט געוואלט זיך אויס'טענה'ן מיט איהם. ער האט גוזר געווען, אז ער זאל באלד ענדערען זיין דרך און זאל וועגען דעם לאזען וויסען בפני כל עם ועדה. ר' פנחס זעליג האט דאן דערקלעהרט, אז ער שטעלט ר' אליהו בעל שם און אלע זיינע נאכפאלגער אונטער א איסור, דערפאר וואס ער האט זיך אנטזאגט צו טהאן וואס ער האט פון איהם פארלאנגט. אבער אויך דער איסור האט ניט געהאט קיין ווירקונג אויף ר' אליהו בעל שם. יענער האט זיך צוריקגעקעהרט קיין ווירמייזע און האט ווייטער זיך אפגעגעבען מיט קבלה און מיט היילען קראנקע.

ר' פנחס זעליג האט איצט אנגעהויבען פיהרען א סיסטעמאטישע מלחמה געגען דעם בעל שם פון ווירמייזע. ער האט ארויסגעשיקט זיין עלטסטען זוהן, ר' שמאי זונדעל, איבער דער וועלט, אז ער זאל פאהרען פון שטאט צו שטאט און פון לאנד צו לאנד און זאל אומעטום שטעלען צו שאנד דעם נאמען פון דעם בעל שם פון ווירמייזע. ער האט אויך ארויסגעשיקט אנדערע שלוחים

איבער ווייטיגע מדינות, אז זיי זאָלען מפרסם זיין, אז אַט דער בעל שם פון ווירמייזע האָט זיך אַנגעטהאָן אין אַ מלבוש פון געהיימניספולקייט און אז ער באנוצט זיך פּשוט מיט כשוף.

נאכפאָלגענדיג ר' פּנחס זעליג'סביישפּיעל, האָבען אויך די אנדערע גאונים פון דייטשלאַנד אויפגעהויבען אַ געשריי געגען דעם בעל שם פון ווירמייזע. אזוי האָט דער קריג מצד די גאונים פון מדינת אשכנז געגען ר' אליהו בעל שם און די אַנדערע מקובלים אַנגעהאַלטען אַ לענגערע צייט. זיי האָבען אַנגענומען, אַז שבתי צבי, וועלכער האָט זיך שפּעטער דערקלעהרט פאַר אַ משיח און וועלכער האָט געהאַט אַזאַ מיאוס'ן סוף, איבערגעהענדיג צו אַן אַנדער גלויבען, איז געווען אַ נאָכפאָלגער פון דעם בעל שם פון ווירמייזע. אַט צוליעב דעם טאַקע איז די מלחמה געגען די מקובלים שפּעטער נאָך מעהר פאַרשטאַרקט געוואָרען.

צוליעב דעם, ווען עס זיינען אויפגעשטאַנען גאַר אַנדערע מקובלים און גאַר אַן אַנדער מין נסתרים, אַזוינע וואָס האָבען נאכגעפאָלגט דעם נייעם דרך פון ר' ישראל בעל שם, האָבען זיך נאָך אַלץ געפונען אזוינע וואָס האָבען נעפיהרט מלחמה געגען זיי און פאַקטיש פאַר די זעלבינע טעמים וואָס מען האָט געפיהרט מלחמה געגען די אמאָליגע מקובלים און נסתרים.

ר' משה ליב, וועלכער האָט די דאָזיגע פּרטים איבערגעגעבען צו ברוך'ן, האָט טאַקע געשטעלט ר' אברהם זאב'ן פון בעשענקעוויטש און ר' שמחה זעליג'ן פון וויטעבסק, וועלכע האָבען שטאַרק באַקעמפט די נסתרים פון זייער צייט, אויף דער זעלביגער מדרגה ווי די באַקעמפער פון די נסתרים פון די פריהערדיגע צייטען. ווי ר' משה ליב האָט געהאַט דעם ענין אויפגעפאַסט, האָט עס געזאָלט זיין גאָר אַ קליינער חלוק פון ר' ישראל בעל שם טוב, וועלכער האָט געשאַפען די חסידישע באַוועגונג, און דעם בעל שם פון ווירמייזע, וועלכער האָט גאָר געהערט צו אַן אנדער מין מקובלים.

ברוך האָט זיך צו דעם צוגעהערט און האָט געהאַט וועגען וואָס נאכצוטראַכטען. ער האָט שוין געפיהלט, אַז דאָ ווערט מצד די מתנגדים געמאַכט אַ גרויסער טעות. ער האָט שוין אַליין געקענט פיהלען, אַז וואָס איז נוגע ר' ישראל בעל שם טוב און זיינע נאָכפאָלגער, האָט מען דאָ צו טהאָן מיט אַ גאַנץ נייע לעהרע. ברוך האָט דערפאַר געהאַט דעם באַגעהר ווייטער אויסצופאַרשען דעם ענין און צו ווערען קלעהרער אין די שיטות וואָס טיילען פאַרנאַנדער די חסידים און די מתנגדים.

ער אַליין האָט אין הארצען אַנגעהויבען פיהלען אַ וואַרעמקייט און אַ נייגונג צו חסידות. דאָס וואָס ער האָט געהאַט געהערט וועגען חסידות האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין זיין האַרצען. זיכער וואָלט ער ניט געוואָלט זיך שטעלען אין איין מחנה מיט די וואָס האָבען געפיהרט מלחמה געגען דעם בעל שם פון מעזשביזש און זיינע חסידים.

דערפאַר האָט ברוך זיך געפיהלט שטאַרק געטראָפען פון דעם וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, אַז ר' אברהם זאב פון בעשענקעוויטש איז געווען איינער פון די ביטערסטע געגנער פון בעל שם און די נסתרים. אַט דער ר' אברהם זאב איז געווען דער רבי פון ר' אברהם דער גערנטער פון ליאזשנע, וועמעס

אײדעם ער, ברוך, האָט אין א קורצער צײט ארום געזאָלט װערען. הײסט עס, אז זײן קינפטיגער שװער, װעלכער איז געװען א תלמיד מובהק פון דעם גאון פון בענשעקעװיטש, האָט אויך געמוזט זײן א ביטערער געגנער פון חסידות װי זײן רבי. דאָס איז ברוך׳ן גאָרניט געװען צום הארצען.

אָט האָט ער גע׳חלום׳ט פון א נײ לעבען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז נאָך דער חתונה װעט ער זיך קענען פיהרען װי זײן הארץ גלוסט. אויב ברוך האָט אינגאנצען אײנגעװיליגט חתונה צו האָבען מיט ר׳ אברהם׳ס טאָכטער, איז עס געװען דערפאַר װאָס ר׳ אברהם האָט איהם צוגעזאָגט נאָכצוקומען אַלע תנאים װאָס ער האָט געשטעלט. ער האָט געזאָלט האָבען זײן אײגענע הויז און גאָרטען אויסערען שטאָט. דאָס האָט געזאָלט איהם געבען די מעגליכקײט זיך מפרנס צו זײן דורך דער פראַצע פון זײנע אײגענע הענט. ער האָט אָבער אויך געהאַט אין זינען צו מאַכען זײן הויז פאַר אַ הכנסת אורחים. דאָס איז געװען דערפאַר װאָס ברוך האָט אויף דעם אופן געװאָלט קומען אין באריהרונג מיט נסתרים, אָט טאַקע דיזעלבינע נסתרים װאָס האָבען פאַרשפּרײט די נײע לעהרע פון בעל שם.

איצט האָט ער געזעהן מיט אמאָל די סכנה, אז אַלע זײנע פּלענער זאָלען צושטערט װערען. אויב זײן קינפטיגער שװער איז געװען א מתנגד, האָט ער מסתמא אויך משפּיע געװען אויף זײן טאָכטער. יענע װעט אויך זײן א געגנע־רין פון די נסתרים און פון חסידים בכלל. װער װײסט אויב זי װעט ניט שטע־רען איהם אין מקרב זײן די נסתרים מיט װעלכע ער האָט אזוי שטאַרק גע־גאַרט זיך צו באַקאַנען.

ברוך האָט גוט געדענקט דעם זעלטענעם שלום בית צװישען זײן פאָטער און מוטער. בײדע האָבען שטענדיג איבערגערעדט צװישען זיך װעגען יעדע קלײניגקײט. קײנמאָל איז צװישען זײ ניט פאָרגעקומען קײן חלוקי דעות. װאָס דער טאַטע האָט געזאָגט איז געװען קודש קדשים בײ דער מאַמען. ער האָט תמיד גענאָרט צו האָבען אזא שלום בית בײ זיך אלײן. ער איז געװען זיכער, אז דאָס װעט טאַקע זײן אזוי. איצט האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק מורא צו האָבען אז עס קען זיך אויסלאָזען גאָר אנדערש.

דאָס האָט איהם פאַרשאַפט גרויס עגמת נפש און ברוך האָט זיך פּשוט קײן אָרט ניט געפונען. ער האָט אפילו ניט געהאַט פאַר װעמען אויסצורײדען זײן הארץ. ער האָט זיך דערפיהלט עלענד און פאַרלאָזען. װי שטענדיג אין אזעלכע שװערע מאָמענטען איז ברוך אװעק אין א דערבײאיגען װעלדעל און זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז און האָט זיך פאַרטיעפט אין זײנע רעיונות. שעה׳ן לאַנג איז ער אזוי אַפּגעלעגען ביז ער האָט מיט אמאָל דערהערט א באַקאַנטע שטימע אָנרופען איהם בײם נאָמען. דאָס איז געװען דעם שמיד׳ס אײנגסטער אײדעם, ר׳ יצחק שאול.

— דער בעל שם טוב זאָגט װעגען אברהם אבינו, — האָט ר׳ יצחק שאול אָנגעפאַנגען, — װעלכער איז געװען ברײטהארציג מיט זײן געלט, מיט זײן גוף און מיט זײן נשמה, אז מיט זײן געלט האָט ער געהאָלפען יעדערען װאָס איז צו איהם געקומען. מיט זײן גוף האָט ער באַדיענט יעדערען װאָס איז געקומען צו איהם אין הויז, און מיט זײן נשמה האָט ער פאַרשפּרײט די לעהרע פון גאָט צװישען דעם ברײטען עולם. ער האָט זיך ניט באַנוגענט מיט צדקה

און מעשים טובים נאר האט דוקא געוואלט אז די פשוטע מענשען פון זיין דור זאלען וויסען וואס ער האט זיך דערקונדיגט וועגען דעם אויבערשטען און פון דער יצירה.

מיט דעם האט ר' יצחק שאול געוואלט מסביר זיין ברוד'ן, אז ער איז איהם גרייט צו דיענען מיט אלץ וואס איז נאר אין זיין מעגליכקייט.

אז ברוד איז נאר אלץ געבליבען אין שטילשווייגען, פארטיעפט אין זיינע מחשבות און פארכמורעט, האט ר' יצחק שאול פרובירט אויף איהם ווירקען אויף אן אנדער אופן.

— מיר, די נאכפאלגער פון בעל שם וויסען ניט פון קיין עצבות — האט ער אנגעפאנגען, — מיר האלטען דער עיקר פון חדוה. עצבות איז ביי אונז עבודה זרה. טאקע דערפאר פיהל איך מיך פרעמד דא אין דאבראמיסל. דא וויים מען ניט פון דער חדוה ווי ביי אונז אין חארקי.

ברוד האט זיך שוין מעהר צוגעהערט צו איהם. עס איז געווען אן ענין יועגען וועלכען ער האט טאקע געוואלט האבען א גענויערען באגריף — דער ענין פון חדוה און עצבות, חסידישע חדוה און מתנגדישע עצבות. ר' יצחק שאול האט פאר איהם אנגעהויבען שילדערען דעם חילוק צווישען די צוויי דרכים.

אט נעהמט אזא ענין ווי "מים שלנו", דאס וואסער וואס מען גרייט צו פאר באקען מצות, ערב פסח, האט דער יונגער חסיד געהאט א פארטיגען ביי־שפיעל. אין דאבראמיסל האט מען וועגען דעם געמאכט א גאר קליינעם וועזען. אנדערש איז אבער געווען אין חארקי. דארט איז עס געווען א גרויסע שמחה.

ר' נחמן יצחק, דער רב פון חארקי, איז שוין געווען א זקן פון זעקס־און־ניינציג יאהר און א חלוש דערצו. פון דעסטוועגען האט ער ניט אויסגעפעהלט ביי דער שמחה ווען מען איז געגאנגען שעפען וואסער פון טייך פאר מצות. ער האט שוין מעהר ניט געקענט געהן צופוס און מ'האט איהם דערפאר צום טייך געפיהרט אין א וואגען. דארט האט מען געלייגט א "קליאדקע" און, האלטענדיג זיך אנגעשפארט אן דעם שמש, איז דער זקן ארויף אויף דער "קליאדקע" אנצושעפען דאס וואסער. ר' פסח, "דער פראנצויז", א איד וואס האט געהאט א שם אין חארקי, איז געווען אנגעטהאן אין שטיוועל מיט לאנגע כאלאוועס. ער איז אריין אין וואסער ביים זייט פון אלטען רב, כדי דער זקן זאל אויף זיין פלייצע זיך קענען אנשפארען און זיך איבערגעבויגען אנצו־שעפען דאס וואסער.

אז דאס שעפען פון וואסער איז געווען פארענדיגט, האט דער רב געמאכט שהחיינו און האט אויפגעזונגען א ניגון, פארענדיגענדיג מיט א ברכה, אז מען זאל זוכה זיין צו דער גאולה. דער ניגון איז אויפגעכאפט געווארען פון עולם און ערשט דאן האט זיך דערפיהלט די גרויסע שמחה.

— דא אין דאבראמיסל, — האט ר' יצחק שאול געוואלט מאכען א פאר־גליך, — וויים מען אפילו ניט ווי זיך משמח זיין שמחת תורה. תמיד איז מען דא פאראומערט און פארזארגט. אט איז מיר דא אויסגעקומען צו זיין סוכות צום ערשטען מאל און איך האב זיך ממש קיין ארט ניט געפונען. די אידען דא האבען, רחמנא לצלן, אויף מיר א מרה שחורה אנגעיאגט.

ר' יצחק האט האלב אין שפאס און האלב אין ערנסט אנגעהויבען דער־

צעהלען ווי אזוי, ניט קענענדיג מעחר אויסהאלטען די אנגעצויגענקייט און ערנסטקייט פון די מענשען ארום, האט ער שמיני עצרת אליין זיך פרעהלאך געמאכט, האט געזונגען און געטאנצט און דאן אויך אריינגעצויגען אנדערע אין דער שמחה. שפעטער איז איבער דעם געווארען א גאנצע שקלא וטריא ביי די לומדים און אפילו ביים דיין צי מען מעג זיך אזוי פרעהלאך מאכען און אויב עס קען גאר דערפון ניט ארויס קיין חלול כבוד התורה. נע'פסק'ענט האט מען גראד, אז וואס איז נוגע פשוט'ע בעלי מלאכות איז עס פאר זיי ערלויבט.

צו די הקפות אין בית המדרש האט ר' יצחק שאול זיך אנגעבאטען צו זינגען ניגונים, פון וואס מען האט אין דאבראמיסל נארניט געוואוסט. אין ווידער געווארען א פראגע אויב מען מעג עס. דער דיין און דער רב האבען וועגען דעם געהאט א ישוב הדעת, באזונדער וועגען דעם אויב מען מעג דערביי אויך געהען א ריקודל, ווי עס פיהרט זיך אין אנדערע קהלות, און אונטער־פליעסקען מיט די הענט.

נאך לאנגען טראכטען האט דער רב גע'פסק'ענט אז מען מעג טאקע זינגען, אבער ווען עס קומט צו פאטשען מיט די הענט זאל מען עס ניט טהאן אויפ'ן פשוט'ען אופן ווי מען וואלט עס געטהאן אין דער וואכען נאר דערביי מאכען א שנוי.

ר' יצחק שאול האט דאן אויפגעזונגען א ניגון. צוערשט האט קיינער איהם ניט ארויסגעהאלפען, אבער צו דער צווייטער און דריטער הקפה האבען זיך אויך געפונען אנדערע וואס האבען אונטערגעכאפט דעם ניגון. שפעטער האבען שוין געזונגען צעהנדליגע פון די מתפללים. דער עולם האט זיך אנגע־הויבען צעווארעמען. ווארים נגינה ברייננט התעוררות און התלהבות. מען האט זיך באלד גענומען ביי די הענט און מען איז אוועק אין א ריקודל. אבער דא האט זיך דער רב אריינגעמישט און, מיט שרעק אין זיין קול, געווארענט דעם עולם, אז מען זאל עס ניט טהאן, ווייל עס קען אין דעם שטעקען א חלול כבוד התורה. דער רב האט זיך בארוהיגט ערשט ווען דער דיין האט איהם פארזיכערט, אז עס איז זיך ניטא וואס צו זארגען, ווייל אין טאנץ נעהמען א חלק נאר עמי הארצים וואס אויף זיי איז אזא ענין ניט חל.

ר' יצחק שאול האט וועגען דעם גערעדט מיט וועהטאג אין הארצען.

— אבער דאס איז נאך ניט אלץ, — האט ער ווייטער גערעדט, — איך האב יענעם שמחת תורה אויסגעפונען עפעס אזוינס וואס האט מיך איננאנ־צען צעשרויפט.

בעת ר' יצחק שאול'ס ניגונים האבען אויפגעברויזט א גרויסע צאהל פון די מתפללים, באזונדער די פשוט'ע אידען, וועלכע זיינען אריינגעצויגען געווארען אין דעם געזאנג און דאן אויך אין די רקודים, זיינען פון דער זייט געשטאנען די לומדישע אידען און האבען ערנסט געשאקעלט מיט די קעפ ווי זיי וואלטען מיט זיך ניט געקענט צורעכט קומען וואס אזא זאך געשעהט אין זייער בית המדרש, וואו מען האט אזא מין פראוועו פון די הקפות, נאך ניט געהאט געזעהן פריהער.

אבער ווי אומצופרידען די לומדישע בעלי בתים זיינען געווען, אזוי שטארק זיינען די פשוט'ע אידען געווען פארכאפט פון די ניגונים און די ריקודים. דאס האט זיי פשוט א נייע נשמה אריינגעגעבען.

ר' חיים שמעון, וועלכער האט שוין פון פריהער מקרב געוועזן ר' יצחק שאול'ן, האט איצט דערפיהלט נאך א גרעסערע התקרבות צו איהם. ר' חיים שמעון איז אליין געוועזן א מנגן. ער האט אפילו געהאט א פידעל אין הויז און האט אפט אויף איהר געשפיעלט. ר' יצחק שאול'ס ניגונים האבען איהם שטארק צענומען, ווארים א חוץ די ניגונים אליין האט ר' יצחק שאול געהאט א גאר מתיקות'דיגען קול. אויך די טענץ האבען אויף איהם געמאכט אן איינ־דרוק. ווי זיין שטיינער האט ער דאס וואס די לומדישע אידען האבען געקוקט קרום אויף די ניגונים און טענץ, צוגעשריבען צו דעם וואס זיי האלטען זיך גדלות'דיג און ווילען וואס העכער און וואס דיקער מאכען די מחיצה וואס טיילט זיי אפ פון די פשוט'ע פאלקס מענשען. האט ער זיך צוגערוקט צו ר' יצחק שאול'ן און איהם איינגערוימט אין אויער:

— וועסט באלד זעהן ווי איך וועל זיי אפשמייסען, — האט ער נעזאגט.

ר' יצחק שאול האט ניט פארשטאנען וואס ער מיינט. ר' שמעון חיים האט שוין קענטיג געהאט אלץ צוגעגרייט. עס האט געהאלטען ביי די זיבעטע הקפה. ער איז צוגעגאנגען צום שמש און איהם געבעטען, אז אנשטאט ער זאל, ווי געוויינליך, אויסרופען יעדען באזונדער מיט זיין נאמען צו דער הקפה, זאל ער דאס מאל מאכען א שנוי און אויסרופען, אז מיט דער זיבעטער הקפה איז מען מכבד די גרויסע לומדים, באזונדער די וואס זיינען גרויסע עניווים.

דער שמש איז געווען פארוואונדערט. ער האט צוערשט ניט געוואלט מאכען אזא שנוי, דערצו נאך אויפ'ן פארלאנג פון איינעם וואס איז נאך אלעם ניט געווען דער סאמע וויכטיגסטער בעל הבית אין שטאט. האט ר' חיים שמעון זיך געווענדעט צום גבאי און, צי יענער האט ניט געכאפט, אז ר' חיים שמעון איז דא אויסען א שפיצעל, צי ער האט געהאלטען, אז שמחת תורה מעג מען זיך דערלויבען אזוינע זאכען, ער האט דערצו מסכים געווען.

ווי עס קוקט אויס, האט דער מאדנער כרוז פון דעם שמש גאר קיינעם ניט איבערראשט, באזונדער ניט די סאמע גרויסע לומדים וואס זיינען געזעסען אין דער מזרח וואנט. דער ערשטער האט זיך אויפגעהויבען דער רב, נאך איהם דער דיין, נאך איהם ר' שמעון סגי נהור. דער פערטער איז געווען ר' נחום דער פרוש.

ר' חיים שמעון האט דאן געהאט אויף וואס צו טיטלען מיט די פינגער.

— אט זעהט וואס עס מיינט ביי זיי עניוות! — האט ער זיך אויסגע־פיהרט, — זיי האבען אפילו ניט געכאפט דעם חוזק פון דעם אלעם.

דאס איז נאך פאר ר' חיים שמעון'ען ניט געווען גענוג. ער האט שפע־טער, מיט געמאכטער תמימות, א זאג געטהאן צו ר' נחום'ן דעם פרוש, אז איצט וויים ער, אז ער, ר' נחום, איז דער פערטער אין דער מדרגה פון עניוות, ווייל ער איז געווען דער פערטער זיך אויפצוהויבען.

— פארוואס דער פערטער? — האט ר' נחום צוריקגעפרעגט, — אין דער אמת'ען, ווען מען וואלט אויסגערופען ביי די נעמען וואלט מען מיך געדארפט רופען דעם ערשטען, אויב מען וואלט געגאנגען לויט עניוות נאך, ווייל אלע ווייסען דאך, אז אין דעם ענין פון עניוות איז ניטא צו מיר קיין צווייטער.

ר' נחום איז ניט געווען דער איינציגער וואס האט זיך געהאלטען צו זיין

בארעכטיגט אלס דער סאמע ערשטער בעל עניו. ר' שמעון סגי נהור האט דעם כבוד געוואלט האבען פאר זיך און ער האט עס ר' חיים שמעון'ען שפעטער געזאגט אפען.

— אין דער אמת'ען בין איך געווען דער ערשטער וואס האב זיך אויפ־געהויבען, — האט ער געזאגט, — ווארום ווער קען דען צווייפלען אז איך בין דער גרעסטער עניו, אבער אימיצער האט מיר פארכאפט דעם וועג... איז עס טאקע א חוצפה.

## נז.

## ווען לומדים קריגען זיך ארום

**א פאסירונג אין דעם דאבראמיסלער בית המדרש. — בכורים וואס קומען זיך צוזאמען צו א סיום ערב פסח אין־דער־פריה. — פלפול און דרש.**

ברוך האט געפיהלט ווי ער וואלט געשטאנען אויפ'ן גרעניץ פון צוויי וועלטען. בעת ער האט געקענט אריינקוקען אין זיי ביידען און זיך שאפען א באגריף וואס זיי שטעלען מיט זיך פאר אין קאנטראסט איינע צו די אנ־דערע, איז ער דאך געווען אפגעריסען פון זיי ביידען. ער האט נאך צו קיינע פון זיי ניט געהערט. האט ער זיך דערפאר געפיהלט איינזאם און דערשלאגען.

נאך שווערער האט איהם געדריקט דאס וואס ער האט אין גיכען געדארפט חתונה האבען, און ער האט נאך ניט געוואוסט וואס זיין קינפטיגער שווער שטעלט מיט זיך פאר, אויב ער געהערט ניט צו די עקשנות'דיגע מתנגדים. וואס וועט איהם דערנאך שטערען אין אויסקלייבען זיין אייגענעם דרך. ברוך האט נאך ניט געקענט ביי זיך באשליסען וועלכער דרך איז דער ריכטיגער און וועלכער איז מעהר צוגעפאסט צו זיין געמיטה. אבער ער האט ניט געוואלט זיין געפענטעט, אז ער זאל שפעטער ניט האבען די בחירה און ווייטער צו פארשען ביז ער וועט קענען באשטימען, דורך אינערליכער איבערצייגונג, וואוהין ער געהערט און וואו זיי נשמה געפינט מנוחה.

מיט א צארטער נשמה און טיעף־פיהלענדיג, האט ברוך, נאך די אלע שמועסען מיט דעם שמיד'ס אידעם זיך געפיהלט צעשרויפט. און אין דער צייט וואס ר' יצחק שאול האט ביי איהם געוואלט ארויסרופען חסידישע חדוה איז גאר אויף איהם אנגעפאלען עצבות. דער פועל יוצא איז געווען וואס ברוך האט שוין יענע נאכט — די נאכט פון ערב פסח, מיט קיין אויג ניט צוגעטהאן. ער איז שעה'ן לאנג געלעגען אויף זיין געלעגער און זיך געפייניגט אין זיינע אייגענע מחשבות. אפט האט ער ארויסגעלאזט וויטאגדיגע זיפצען וואס זיינען געקומען פון דער סאמע טיפעניש פון זיין הארצען. עס האט איהם אזוי פאר־דריקט ביים הארצען אז ער האט זיך צעוויינט.

אין אט דעם שווערען געמיטה־צושטאנד, האט ער זיך אויפגעהויבען פון געלעגער און זיך געזעצט זאגען תהילים. ער האט זיך באמיהט צו זאגען שטיל, שעפטשענדיג, ווייל ער האט דאך ניט געוואלט אימיצען אויפוועקען אין הויז. דאס האט איהם נאך שווערער געמאכט אויפ'ן הארצען ביז ער איז אריינגע־פאלען אין א מין שלאף, ווען עס האט זיך איהם געדוכט, אז ער בלאנדזשעט

אום איבער א פארלאזענעם וועג איינער אליין, מיעד און דורשטיג. פלוצים האבען אויף איהם אנגעהויבען טריפען טראפענס רעגען. ער האט זיך אויפ־געכאפט און דערזעהן לעבען זיך ר' יצחק שאול'ן, וועלכער איז געשטאנען איבער איהם מיט א קריגעל וואסער וואס ער האט געהאלטען אין גיסען אויף זיין פנים.

— וואס איז מיט דיר געשעהן ? — האט ר' יצחק שאול איהם געפרעגט מיט רחמנות אין זיינע אויגען — איך האב דורך דער וואנט געהערט ווי דו ווארפסט זיך אויפ'ן געלעגער און אויך ווי דו כליפעסט. דערנאך האב איך געהערט ווי דו זאגסט שטילערהייט תהילים. איך האב פארשטאנען, אז עפעס דריקט דיר אויפ'ן הארצען און בין אריינגעקומען דיך זעהן, אבער, אריינקו־מענדיג האב איך דיך געפונען ליגענדיג איבער'ן תהילים א פאר'חלש'טער.

ברוך האט זיך צוערשט צעוויינט און דאן צעלאכט.

— דו ביזט צעשרויפט, — האט איהם ר' יצחק שאול געזאגט, — קום, מיר וועלען ארויס אין דרויסען. און ער האט איהם אנגענומען ביים האנט און איהם ארויסגעפיהרט אויף דער פרישער לופט וואו ער האט זיך ביסלעכווייז בארוהיגט. דערווייל האט אנגעהויבען טאגען. זיי זיינען אוועק אין בית המדרש דאוונען מיט'ן ערשטען מנין.

אנקומענדיג אין שטעטעל איז שוין דאבראמיסל געווען וואך. כאטש עס איז ניט געווען קיין מארק־טאג איז דאס שטעטעל געווען פול מיט גוים, וועלכע זיינען זיך אנגעפאהרען צו פארקויפען זאכען וואס אידען דארפען האבען ערב פסח און אויך איינצוקויפען אין די אידישע קראמען, וויסענדיג, אז טעג נאכאנאנד וועלען זיי זיין געשלאסען.

נאכ'ן דאוונען האט עפעס פאסירט וואס האט ווידער געהאט געמאכט א רושם אויף ברוך'ן און וואס ר' יצחק שאול האט אויסגענוצט ווי א נייעם שעת הכושר צו אונטערשטרייכען אז דער דרך החסידות איז א סך א בעסערער און הארציגערער.

געשעהן איז אט וואס: באלד ווי מען האט פארענדיגט דאוונען, האט דעם שמיד'ס עלטסטער איידעם, ר' זלמן מאיר, זיך געזעצט מיט דער מסכת "יבמות" ביים טיש כדי צו מאכען דעם סיום און זאגען דעם הדרן. ער איז געווען א בכור. ארום טיש האבען זיך פארקליבען אנדערע בכורים, לומדישע און פראסטע אידען וואס האבען מיט אט דעם סיום, ווי דער מנהג איז, גע־וואלט יוצא זיין דעם תענית וואס בכורים זיינען מחויב צו פאסטען ערב פסח.

ר' יצחק שאול האט געהאט זיין אייגענעם סיום, אויף דער מסכת חגיגה. צוליעב זיין שוואגער'ס גרויסע לומדות, האט ער יענעם געגעבען דעם כבוד צו מאכען זיין סיום ערשט. האט ר' זלמן מאיר אנגעהויבען זאגען דעם סיום, ארויסצייגענדיג זיין גרויסע לומדות. די מעהרסטע פון די צוהערער האבען איהם פשוט ניט געקענט נאכפאלגען. ער איז פאר זיי געווען צו טיעף. איז צו־געגאנגען צו איהם ר' אהרן בינוש, דער גבאי, און צו איהם געזאגט, אז עס וואלט בעסער געווען, ווען ער וואלט געלערנט פשט כדי אנדערע זאלען איהם אויך קענען פארשטעהן. איז דער שטאלצער, לומדישער ר' זלמן מאיר געוואו־רען ברוגז. ער האט עס געהאלטען פאר א פחיתת הכבוד, און האט מיט כעס אויסגערופען, אז אויב ער האט דא צו טהאן מיט אזוינע עמי הארצים וואס

פארשטעהען ניט אזא לייכטען ענין, וויל ער בכלל פאר זיי ניט זאגען קיין הדרן. ער האט באַרעכטיגט זיין צארן דערמיט וואס דאס זאל זיין אן ענין וואו מען האט פוגע בכבוד געוועזן א תלמיד חכם און דערפאר איז ער פשוט מחויב צו צייגען "נזיפה" (כעס). ער האט פארמאכט די גמרא און זיך אויפגעהויבען פון טיש. אלע רייד, אז ער זאל זיך לאזען איבערבעטען האבען ניט געהאלפען.

איז אין בית המדרש געווארען א טומעל. דערוויל איז אנגעקומען דעם רב'ס איידעם, ר' שלמה. אויך ער איז געווען א בכור און האט געהאט זיין אייגענעם סיום. זעהענדיג אז עס טומעלט זיך, האט ער צוגערופען דעם שמש און געפרעגט וואס עס איז געשעהן. אויסגעפינענדיג וועגען דעם, איז ער גע־ווארען שטארק אויפגעבראכט. ער האט צום שמש א זאג געטהאן הויך אויפ'ן קול אז אלע זאלען הערען:

— זאג דעם שמיד'ס איידעם, אז א תלמיד חכם קען גערעכענט ווערען נאר אזוינער צו וועמען דער מרא דאתרא גיט זיין הסכמה, ווען ניט איז עס פשוט ווי "מרידה" געגען איינעם וואס איז גרעסער פון איהם און זיין עונש איז גוט באקאנט.

עס איז געווען א קלארע אנצוהערעניש, אז דעם שמיד'ס איידעם, וועגען וועמען ער האט גערעדט מיט גרינגשעצונג, האט ניט געהאט דאס רעכט זיך צו באטראכטען ווי א תלמיד חכם און מיט דעם באַרעכטיגען זיין ברוגז. הא־בענדיג געזאגט זיינס, האט ר' שלמה גענומען די מסכת "שבת" און אליין זיך געזעצט מאכען זיין סיום.

דאס האט אבער ניט איינגעשטילט דעם טומעל אין בית המדרש. דאס וואס ר' שלמה האט אזוי מזלזל געווען דעם שמיד'ס עלטערען איידעם, וועגען וועמעם לומדות אלע האבען גראד גוט געוואוסט, האט געמאכט א שלעכטען איינדרוק און צעטיילט די דעות. דערוויל איז ר' משה ליב, דעם שמיד'ס צווייטער איידעם, געקומען צו הילף זיין עלטערען שוואגער. ניט צו בלייבען שולדיג ר' שלמה'ן קיין ענטפער, האט ער אויסגערופען הויך אויפ'ן קול:

— א בארשטער בלייבט א בארשטער אפילו ווען ער טהוט אן א אצטלא דרבנן.

דאס איז געווען צו דערמאנען ר' שלמה'ן, אז אויב ער איז דעם רב'ס איידעם, איז ער אבער א קליינער מיוחס, דער זוהן פון א וואל־בארשטער.

ר' יצחק שאול איז מיט ברוד'ן געשטאנען אן דער זייט. ר' יצחק שאול האט פון דעם קענטיג נאר געוואלט דרינגען ווי וויט עס קען דערגעהן ווען לומדים לאזען זיך אריין אין קליינליכקייטען און טאסע, זוכענדיג צו באשי־צען דעם כבוד פון דער תורה, זיינען זיי די תורה נאר מזלזל.

— עס איז א כלל, — האט ער באמערקט צו ברוד'ן און עטליכע אנדערע אידען וואס זיינען געשטאנען לעבען איהם, — אז אין א טאפ וואו עס איז דא ווייניג וואסער זשומעט עס א סך מעהר ווען עס שטעהט אויפ'ן פייער, — און ער האט זיך אליין צעלאכט.

די דערבייאיגע האבען געכאפט דעם אנדייט פון זיינע ווערטער און האבען אויך געלאכט.

דאס האט נאך דעם רב'ס איידעם, ר' שלמה'ן מעהר אריינגעבראכט אין כעס. ער האט אנגעהויבען רופען דעם שמש, שרייענדיג, אז ער זאל דעם

שמיד'ס איידעמס ארויסוואַרפען פון בית המדרש. זייער "חוצפה", האָט ער געזאָגט, איז שוין מעהר ניט איבערצוטראַגען.

דער שמש האָט זיך אָבער ניט גערירהט. דער עולם איז געבליבען געפּלעפט.

ר' יצחק שאול האָט דערווייל געמאַכט א נייע, שאַרפע באַמערקונג וועגען דעם רב'ס איידעם.

— זידלען איז נאָך איהם ווייניג. ער וויל דעם צווייטען ממש צוטרעטען מיט די פיס, — האָט ער געזאָגט איז זיין געוויינליכען גוטמוטיגען טאָן, — נאָר לאָז ער זיך קאָכען.

אז עס האָט זיך אין בית המדרש אביסעל איינגעשטילט, האָט ר' יצחק שאול, וועלכער איז אליין אויך געוועזן א בכור, גענומען די מסכת "חגיגה" און האָט זיך געזעצט מאַכען דעם סיום. עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויזען, אז ער האָט געהאַט מיט וואָס צו איבערראַשען דעם עולם. אַנשטאָט אריינצולאָזען זיך אין א טיפען פּלפּול, ווי זיין עלטערער שוואָגער, ר' זלמן מאיר, וואָס ווייניג האָבען פאַרשטאַנען און וואָס האָט געפיהרט צו דעם טומעל, האָט ער נאָר אנגעהויבען מסיים צו זיין די מסכת על פּי דרש.

די מסכת חגיגה ענדיגט זיך מיט א פּלוגתא צווישען ר' אליעזר און די חכמים וועגען דעם אויב די מזבחות אין בית המקדש דאַרפען טבילה פּונקט ווי די אַנדערע כלים דאָרט וועגען עס וועלכע עס ווערען געזאָגט, אז נאָך א יום טוב דאַרף מען זיי טובל זיין צוליעב דעם וואָס אין בית המקדש זיינען אין משך פון יום טוב געוועזן עולי רגל'ניקעס, וועלכע האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט טומאה. דער גאָלדענער מזבח און דער קופּערנער מזבח, האַלט ר' אליעזר זיינען פּונקט ווי ערד (קרקע), און די ערד איז ניט מקבל קיין טומאה. די חכמים זאָגען אָבער, אז די מזבחות, צי זיי זיינען פון גאָלד אָדער פון קופּער זיינען פאַררעכענט ווי "מצופּין" (צוגעדעקטע זאַכען) און וועגען דעם איז שוין דאָ א חלוקי דעות אויב אַזוינע זאַכען זיינען מקבל טומאה אָדער ניט.

ר' יצחק שאול האָט אָט די פּלוגתא אָנגעהויבען פאַנאַנדערוויקלען על פּי דרש. לויט זיין דרש איז דער תלמיד חכם פּונקט ווי די ערד, ווייל ער האַלט זיך אַזוי עניוות'דיג ווי די ערד. ער לאָזט זיך ממש פון אַלעמען טרעטען און טראָגט אַלץ אויף זיך מיט גרויס הכנעה און סבלנות. אָט אַזאַ תלמיד חכם, האָט ער געזאָגט, איז טאַקע ניט מקבל קיין טומאה. וועגען דעם זיינען קיין חלוקי דעות ניטאָ. דאָס איז דער מיין פון ר' אליעזר'ן, ווייל ער רעדט וועגען אַזוינע תלמידי חכמים וואָס זיינען אויך בעלי מדה.

דאַגעגען זיינען פאַראַן תלמידי חכמים וואָס זיינען ווי צוגעדעקטע זאַכען זיי פּיהלען דאָך א קליין ביסעל, א שמינית שבשמינית, זייער אייגענעם ווערטה מאַכט עס ניט אויס, ווייל אויף אַזוי פיעל "גדלות" מעג יעדער מענש האָבען עס זיינען אָבער פאַראַן אַזוינע וואָס האַלטען פון זיך גאָר א סך, שוין צופיעל זיי ווייזען ארויס גאוה און בלאָזען פון זיך. אַזוינע זיינען שוין יאָ מקבל טומאה...

ווען ר' יצחק שאול האָט זיך געזעצט צו זיין סיום, יענעם ערב פּסח אין דער פריה, האָבען זיך זיינע צוויי שוואָגערס געשטעלט פון דער זייט זיך צוצוהערען. זיי האָבען דערוואַרט צו הערען א פּלפּול. ווען זיי האָבען אָבער געהערט

דרש, האבעןביידע געמאכט זויערע מינעס. ר' משה ליב איז ווייטער געבליבען הערען. דער עלטערער שוואגער, ר' זלמן מאיר, אבער, האט זיך אנגעבלאזען. ער האט עס אנגענומען מצד זיין שוואגער ווי א פחיתת הכבוד פאר תלמידי חכמים. ער האט שוין געהאלטען ביים אוועקגעהן א ברוגז'ער. ער האט זיך אבער צוריקגעקעהרט און ווייטער זיך צוגעהערט. קענטיג, אז ער האט געוואלט הערען ווי וויט זיין אינגערער שוואגער וועט געהן אין זיינע אויסטייטשונגען סוגיות אין דער גמרא על פי דרש.

ר' יצחק שאול איז דאן איבערגעגאנגען צו דעם וואס ריש לקיש זאגט אויפ'ן "כפלח הרמון רקתך", אז "אפילו רקנין שבך מלאים מצוות כרמון", אז דער פראסטעסטער איד איז פול מיט מצוות. דאן האט ער זיך אפגעשטעלט אויף דעם וואס ר' אבוה זאגט אין נאמען פון ר' אליעזר'ן, אז אויף תלמידי חכמים קען "דאס פייער פון גיהנם ניט שולט זיין". צו דעם לעגט צו ריש לקיש, אז אפילו אויף די "רקנין" צווישען די אידען, וועלכע זיינען פול מיט מצוות ווי דער מילגרוים, קען אויך דאס פייער פון גיהנם ניט שולט זיין.

דא האט ר' יצחק שאול געפרעגט וואס אזוינס איז דא ריש לקיש מחדש, און ער האט זיך אריינגעלאזט אין א לענגערע און אינטערעסאנטע דערקלערונג וועגען ר' אבוה'ן און ריש לקיש'ן וואס האט איהם האט איהם ווידער געבראכט צו דעם געדאנק, וואס ער האט שוין פריהער ארויסגעבראכט, אז דער פשוט'ער אידי־שער פאלקס־מענש שטעהט אויף א הויכער מדרגה און קען זיך תמיד דערהוי־בען צו נאך א העכערער מדרגה, און אז די עובדה פון דעם תלמיד חכם דארף זיין ניט אפצוזאמען זיך מיט א מחיצה נאר צו העלפען דעם פשוט'ען מענשען שטייגען אין זיינע מדרגות.

ר' אבוה און ריש לקיש, האט ר' יצחק שאול מסביר געווען, זיינען געווען אין איין דור. ריש לקיש איז געווען עלטער, ווייל ער איז געווען ר' יוחנן'ס חבר בעת ר' אבוה איז געווען ר' יוחנן'ס א תלמיד. ר' אבוה, האט ר' יצחק שאול מסביר געווען, איז געווען א גרויסער עניו, כאטש ער איז געווען א גרוי־סער עושר און א מקורב למלכות. ער איז געווען א גרויסער בעל הלכה, אבער ער האט שטארק ליעב געהאט זיך עוסק צו זיין אין דער אגדה. ווען נאר ער האט גערעדט פאר'ן עולם איז עס געווען מעהר וועגען אגדה ווי וועגען הלכה, דערפאר וואס ער האט געוואוסט אז ער קען אויפ'ן ברייטען עולם ווירקען א סך מעהר מיט אגדה ווי מיט הלכה. זיינע רייד אין אגדה זיינען אבער געווען אנגע־לעגט אויך ביי די בעלי הלכה, ווארים נאר א סך פון זיי, ווערט דערצעהלט, פלעגען קומען איהם הערען ווען ער האט גע'דרש'נ'ט פאר'ן עולם. תמיד זיינען זיינע דרשות געווען דורכגענומען מיט מוסר און האבען מעורר געווען די צוהערער צו תשובה.

אין דער מסכת "סוטה" ווערט דערצעהלט, אז ר' אבוה און ר' חייא בר אבא האבען זיך אמאל צוזאמענגעטראפען אין א שטאט. ר' חייא האט דארט גערעדט וועגען הלכה און ר' אבוה וועגען אגדה. זיינען אפילו די בעלי הלכה, די לומדישע אידען, געגאנגען הערען ר' אבוה'ן. איז ר' חייא בר אבא גע־בליבען מיט א קליינעם עולם און ער האט דערפון געהאט גרויס פארדרוס. האט אבער ר' אבוה אליין פון דעם אויך ניט געהאט קיין הנאה. ער האט מיטגע־פיהלט מיט ר' חייא'ן פאר זיין גרויסע ענטטוישונג. ער האט דאן ר' חייא'ן

פּרובירט טרייסטען מיט א משל. עס זיינען געווען צוויי מענשען, איינער פון זיי האָט פאַרקויפט טייערע שטיינער און דער צווייטער — קלייניגקייטען, ווי נאָדלען און אזוי ווייטער. די טייערע שטיינער האָבען נאָר געקענט קויפען גבירים, האָט דער ערשטער געהאַט גאָר ווייניג בעלנים פאַר זיין סחורה. פאַר'ן צווייטענס סחורה זיינען אָבער געווען בעלנים איבער געננוג.

פון דעסטוועגען האָט ר' אבוה געפיהלט, אז זיין אויפגאבע איז צוצושטעלן די סחורה וואָס דער ברייטער עולם האָט נויטיג און ניט בלויז דאָס וואָס תלמידי חכמים דאַרפען און קענען משיג זיין. דאָס האָט נאַטירליך ניט געמינערט זיין אייגענע פאַרעהרונג פון די תלמידי חכמים וועמען ער האָט שטענדיג אָפּגעגעבען דעם געהעריגען כבוד און תמיד גערעדט אין זייער שבח.

אָט דאָס איז טאַקע געווען ר' אבוה'ס מיין ווען ער האָט געזאָגט אין נאָמען פון ר' אליעזר'ן — האָט ר' יצחק שאול אויסגעפיהרט, — אז דאָס פייער פון גיהנם איז ניט שולט אויף די תלמידי חכמים, ווייל זייער גאַנצער וועזען איז פייער, וואָרים די תורה ווערט גערופען פייער (אש), ווי עס שטעהט געשריבען "מימינו אש דת למו". ר' יצחק שאול האָט ווייטער מסביר געווען, אז א תלמיד חכם איז יענער ביי וועמען די תורה איז אריין אין אלע זיינע איברים, ווי עס ווערט דערצעהלט אין מסכת "עירובין", אז ברוריה, די טאָכטער פון ר' חנינא בן תרדיון און די פרוי פון ר' מאיר'ן, וועלכע איז געווען א גרויסע געלערנטע, האָט אמאָל געזעהן ווי איינער פון איהר מאַן'ס תלמידים לערנט בלחש און זי האָט צו איהם געזאָגט: ניט אזוי שטעהט געשריבען. עס שטעהט "ערוכה ושמורה", דאָס מיינט, אז אויב די תורה איז ביי איינעם אין אלע זיינע רמ"ח איברים, דאַן וועט זי ביי איהם אויך זיין אָפּגעהיט; אויב אָבער ניט, דאַן וועט זי ביי איהם זיין נאָר א שיפּעלכעל. אָט וועגען אזוינע תלמידי חכמים, ביי וועמען די תורה איז אריין אין אלע איברים, רעדט עס זיך אז דאָס פייער פון גיהנם האָט אויף זיי קיין שליטה ניט.

וואָס איז שייך ריש לקיש'ן האָט ער געהערט צו א גאַנץ אנדער מין. זיין נאָמען איז, ווי באַקאַנט, געווען ר' שמעון בן לקיש. ער האָט געהאַט א שטורמישע פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך געהאַט פאַרבונדען מיט א באַנדע רויבער וואָס פלעגט באַפאַלען דורכפאָהרער אין דער געגענט פון ירדן. איינמאָל האָט זיך ר' יוחנן געבאָדען אין ירדן און ווען ריש לקיש האָט איהם דערזעהן האָט ער א שפּרונג געטהאָן צו איהם מיט דער כוונה איהם צו באַרויבען. ריש לקיש וועלכער איז דאַמאלס געווען יונג און שטאַרק און האָט מיט זיין שפּרונג געהאַט געוויזען זיין גרויסען פיזישען כח, האָט ארויסגערופען ביי ר' יוחנן גרויס פאַרעהרונג.

— אָט מיט אזא כח וואָלסטו בעסער געקענט לערנען תורה, — האָט ר' יוחנן געזאָגט צום רויבער, און נאָכדעם ווי ער האָט צו איהם גערעדט, האָט ער אויף איהם געמאַכט אזא רושם, אז ריש לקיש איז געוואָרען א בעל תשובה.

ער האָט פאַרלאָזט די באַנדע רויבער און איז געוואָרען ר' יוחנן'ס א תלמיד. ער האָט זיך אזוי אויסגעצייכענט אין זיין לומדות, אז אויף אלץ וואָס ר' יוחנן פלעגט זאָגען אין תורה פלעגט ער איהם פרעגען פיער־און־צוואַנציג קשיות און ר' יוחנן פלעגט אויף דעם ענטפערען פיער־און־צוואַנציג תירוצים.

אָט אזוי האָט ריש לקיש ניט נאָר געצייגט זיין שאַרפזין נאָר האָט אויך

געהאלפען, אז יעדער ענין זאל גענוי אויפגעקלערט ווערען. דערפאר וואס ריש לקיש איז געקומען פון דער גאר נידעריגער שיכט פון פאלק, האט ער שטענדיג געהאלטען מיט'ן פאלק. ער האט בעסער ווי אימיצער אנדערש געקענט דעם פאלקס-מענשען. ער האט געוואוסט, אז אפילו די נידעריגסטע האבען אין זיך גרויסע מעלות און אז זיי זיינען "פול מיט מצוות ווי א מילגרוים".

ווען ר' אבוה האט גערעדט וועגען די מעלות פון די תלמידי חכמים, האט ריש לקיש געפונען פאר נויטיג אויך צו זאגען א גוט ווארט פאר'ן פשוט'ען מענשען, אפילו פאר'ן געפאלענעם. ר' אבוה האט דערקלעהרט, אז דאס פייער פון גיהנם וועט ניט האבען קיין שליטה אויף די תלמידי חכמים, האט ריש לקיש, טריי צו זיין גאנצער אויפפאסונג, מוסיף געווען, אז אויף פשוט'ע מענשען וועט אויך ניט שולט זיין דאס פייער פון גיהנם, ווייל אויך זיי האבען גרויסע זכות'ן.

ר' יצחק שאול האט דאן אויסגעפיהרט, אז אויב עס זיינען פאראן אידען וואס זיינען צו פראסט, וואס ווייסען אליין ניט דעם דרך התורה אדער זיינען צו שוואך, אז זיי זאלען זיך קענען אויפהויבען צו א העכערער מדרגה, איז עס דער חוב פון די לומדישע אידען זיי צו לערנען און זיי צו מוטיגען און שטארקען.

וואס מעהר ר' יצחק שאול האט גערעדט אלץ טיעפער איז געווען דער איינדרוק וואס ער האט געמאכט אויף די צוהערער. דער עולם ארום טיש, ביי וועלכען ער האט געפראוועט דעם סיום, איז געווארען גרעסער. מען איז געשטאנען צוזאמענגעדריקט, ממש קאפ אויף קאפ, ווייל קיינער האט ניט געוואלט פארלירען קיין ווארט וואס איז געקומען פון זיין מויל.

ר' זלמן מאיר האט זיך שוין לענגער ניט געקענט איינהאלטען. ער איז צוגעקומען צו ר' משה ליב'ן און א זאג געטהאן:

— לאמיר געהן אהיים, ווי לאנג וועלען מיר זיך צוהערען צו די דרשות זיינע וואס פאסען זיך פאר ווייבער?

## נח.

## דער בעל תשובה

**דער בחור'ל מיט "קלעפיגע" הענט וואס איז געווארען א גרויסער למדן און בעל צדקה. — ווען איינער האט חשק צום לערנען. — דער ניט-פארקויפטער חמץ.**

ווען איינער זוכט דעם ריכטיגען דרך פון עבודת הבורא, האלט ער, נאטירלאך, פון דעם אלטען כלל, אז "מכל מלמדי השכלתי". ער האלט די אויגען אפען און איז גרייט אויפצוכאפען אלע נייקייטען וואס ער באמערקט. איז דערפאר ר' אליעזר ראובן דעם שמיד'ס הויז געווען ביי ברוך'ן אזא אנטפלעקונג. דעם שמיד'ס דריי איידעמס האבען פאר ברוך'ן פארגעשטעלט באזונדערע וועלטען. אבער בעת אין די איידעמס האט ער געזעהן די חלוקי דעות אין דער לומדישער וועלט, האט ער אין דעם שווער, ר' אליעזר ראובן'ען, אליין,

געזעהן די תמימות און עהרליכקייט פון דעם פשוט'ען אידישען פאלקס־מענשען.

כאטש ברוך האט זיך יענעם ערב פסח שוין געהאט אנגעזעהן און אנגע־הערט געניג, אז ער זאל אנהויבען פיהלען, אז ער שטעהט על פרשת דרכים, צווישען דעם מתנגדישען דרך און דעם חסידישען דרך, האט ער אבער נאך געהאט א סך צו לערנען פון דעם וואס ער האט געזעהן סיי אין דאבראמיסל און סיי ביי אט דעם שמיד'ס פאמיליע, וועלכע איז פאר איהם געווארען א מין גייסטיגע לאבאראטאריע.

אויף יום טוב האט ביי ר' אליעזר ראובן'ען אין הויז געדארפט צוקומען א נייער גאסט — דעם שמיד'ס זוהן שמואל נחום וועלכער האט געלערנט אין א ישיבה. שמואל נחום איז געקומען ערב פסח אינדערפריה, און ברוך האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט איהם. ווארום עס איז געווען דורך ברוך'ס עצה און השפעה, מיט א פאר יאהר פריהער, וואס שמואל נחום איז געשיקט געווארען אין א ישיבה. דער דיין פון דאבראמיסל און זיינע איינגענע שוואגערס, וואס האבען שמואל נחום'ן געהאט פארהערט, האבען געהאט ארויסגעזאגט די מיי־נונג, אז קיין למדן וועט שוין פון איהם ניט ארויסקומען און האבען גע'עצה'ט איהם צו מאכען פאר א בעל מלאכה.

שמואל נחום איז שוין געווען ביי זיין פאטער אין קוזניע. ברוך האט אבער דערזעהן אין איהם די בענקשאפט צו תורה און דעם ווילען צו לערנען און ער האט גע'עצה'ט דעם שמיד צו שיקען זיין זוהן אין א ישיבה, און יענער האט עס טאקע גערן געטהאן. איצט איז שמואל נחום געווען שוין א דערוואק־סענער בחור'ל און ברוך האט אין איהם געזעהן א מערקווירדיגע ענדערונג. ניט נאר האט ער געהאט א באשטימטען דרך אין עבודה, באגרינדעט אויף מוסר, נאר האט אויך געוויזען סמנים פון גאנץ באשטימטע קענטניסען אין לערנען, א סך גרעסערע ווי לויט דער קורצער צייט וואס ער האט פארבראכט אין ישיבה.

איז ברוך דערפאר געווען שטארק פאראינטערעסירט אויסצוגעפינען ווי אזוי שמואל נחום האט אין אזא קורצער צייט געטהאן אזא גרויס פעולה. דער־וואוסט האט ער זיך גאר טשיקאווע זאכען, וואס האבען איהם איבערצייגט, אז אויב איינער האט נאר דעם ווילען צו לערנען תורה, וועט ער שוין געפינען דעם וועג. אט האבען אלע שמואל נחום'ן געהאלטען פאר א "פארשטאפטען מח". דערצו האט ער, ווען ער איז אנגעקומען אין דער ישיבה אין ארשע, זיך דערנעהרט דערפון וואס ער האט עטליכע שעה אין טאג ארויסגעהאלפען א דארטיגען שמיד כדי ער זאל ניט דארפען אנקומען צו קיין מענשען אויסגע־האלטען צו ווערען מיט זיין עסען און מיט אן ארט צו שלאפען. דאס האט פאר איהם געמאכט נאך שווערער צו דערווערבען זיך ידיעות אין לערנען.

האט טאקע צוערשט דער ראש פון דער ישיבה איהם אפילו ניט געוואלט זעצען צווישען די תלמידים. ער איז געווען צו הינטערשטעליג, אז ער זאל קע־נען אריינגענומען ווערען אפילו אין דער נידעריגסטער כתה. האט איהם דער ראש ישיבה איבערגעגעבען צו זיינעם אן ארויסהעלפער, וועלכער זאל מיט איהם לערנען באזונדער. איז אבער יענער געווען א בייזער מענש און האט

איהם אפט געשלאגען, דערפאר וואס ער האט קוים געקענט פארנעהמען דאס וואס ער האט מיט איהם געלערנט.

אין דעם בית המדרש, וואו שמואל נחום האט געלערנט, האט זיך אויפ־געהאלטען א זקן, א געוויסער ר' גבריאל שלמה. יענער האט זיך פון דער זייט צוגעקוקט ווי שמואל נחום כאפט אריין קלעפ פון זיין רבי'ן, אבער איז עס מקבל באהבה און זאגט ניט קיין ווארט. האט דער זקן איהם אמאל געפרעגט, ווי דאס קומט וואס ער לאזט זיך שלאגען. אויף דעם האט שמואל נחום גע־ענטפערט, אז ער איז אלץ מקבל באהבה דערפאר וואס ער וויל לערנען תורה און ער ווייס, אז ער איז שטארק הינטערשטעליג.

דאס האט אויף דעם זקן געמאכט א גרויסען רושם און האט זיך אנגע־באטען מיט איהם צו לערנען אבער בתנאי, אז קיינער זאל וועגען דעם ניט וויסען. שמואל נחום איז געווען מלא שמחה. נאכדעם ווי ר' גבריאל שלמה האט מיט איהם א לענגערע צייט געלערנט האט ער געהאט אזא פעולה, אז ער איז אריינגענומען געווארען אין דער ישיבה גופא. ר' גבריאל שלמה האט שמואל נחום'ן דאן געגעבען א בריעף צום רב פון דובראוונע און אויף זיין רעקאמענדאציע איז ער אוועקגעפאהרען אהין לערנען אין דער דארטיגער ישיבה.

ווער איז דער זקן ר' גבריאל שלמה געווען? שמואל נחום האט וועגען איהם אויסגעפונען מערקווירדיגע פרטים.

ער איז געווען א געבארענער פון ארשע. זיין פאטער, אהרן זעליג, איז געווען א רייכער פערד־הענדלער, א לומדישער איד און א בעל צדקה. האט ער פון זיין זוהן געוואלט מאכען א למדן, אבער גבריאל שלמה, כאטש ער האט געהאט גוטע כשרונות, האט ער אבער געהאט נאר ווייניג חשק צו לערנען. ער איז געווען א שטיפער און האט נאר געהאט צו טהאן מיט די ווייס־חברה'ני־קעס. צו פופצעהן יאהר איז ער געבליבען א יתום און פון דאמאלס אן איז ער אינגאנצען ארויס לתרבות רעה. ער האט זיך אנגעהויבען חבר'ן מיט שלעכטע חברים און איז געווארען א גנב. מען האט איהם אין ארשע א נאמען געגעבען דער "קלעפינגער", דערפאר וואס ווען מען פלעגט איהם כאפען ביי דער האנט גנב'ענענדיג, האט ער געזאגט, אז עס איז ניט זיין שולד, ווייל די גנבה האט זיך "צוגעקלעפט" צו זיינע הענט.

איינמאל איז אין ארשע אנגעקומען א בכבוד'ער אורח און מיט אמאל האט ער זיך ארומגעזעהן, אז עס פעהלען איהם דער טלית און די תפילין. מען האט באלד געווארפען א חשד אויף גבריאל שלמה'ן און מען האט די גנבה טאקע ביי איהם געפונען. האט מען איהם איצט שוין מעהר ניט געוואלט אפ־לאזען און קהל האט געהאלטען ביים איינטיילען איהם מלקות.

האט זיך אבער דער אורח אריינגעמישט און ניט דערלאזט אז מען זאל גבריאל שלמה'ן טהאן שלעכטס. ער האט געזאגט, אז וואס איז איהם נוגע איז ער איהם מוחל פאר אלץ. וואס איז שייך להבא, האט ער געבעטען, אז מען זאל גבריאל שלמה'ן איבערגעבען אין זיינע הענט. האט מען טאקע געזעהן ווי דער אורח נעהמט גבריאל שלמה'ן אונטער זיין שוץ. ער האט מיט איהם אנגעהויבען האלטען לאנגע שמועסען און מענשען האבען זיך געוואונדערט

וואס אזוינס דער אורח טענה'ט מיט איהם אריין. נאר אידער מען האט ווע־גען עפעס געקענט אויסגעפינען איז דער אורח אוועק פון ארשע און גבריאל שלמה איז אוועק מיט איהם.

ארום פינף־און־צוואנציג יאהר זיינען פאראיבער און אין ארשע האט זיך באזעצט א פיינע בעל־הבית'ישע פאמיליע.

איינמאל, יום כפור קטן, נאכדעם ווי דער רב פון שטאט האט געהאלטען א דרשה, שטארק מוסר'ענדיג דעם עולם, איז דער דאזיגער נייער תושב ארויף אויף דער בימה און בפני כל עם ועדה, דערקלעהרט, אז ער איז עם דער אמא־ליגער גבריאל שלמה, דער גנב, ער וויל, אז אלע זאלען עם וויסען, ווייל ער וויל, אז עם זאל מעהר אויף איהם ניט בלייבען קיין פלעק פאר זיין פארגאנ־גענהייט. אויב עס איז דא אימיצער ביי וועמען ער האט עפעס געהאט גע־גנב'עט, זאל יענער זיך אפרופען און ער וועט איהם פאר דער גנבה באצאה־לען. אלס הוספה האט ער אפגעגעבען א גרויסע סומע געלט צו בויען א בית המדרש און א שוהל און אנדערע קהל'שע בנינים.

אויף דער עלטער האט גבריאל שלמה פארטיילט זיין גאנצען פארמעגען אויף צדקה און האט זיך פארקליבען אין בית המדרש, וואו ער איז געזעסען און געלערנט.

זייענדיג אין דובראוונע האט שמואל נחום אויך געהערט, אז דער אורח וואס האט גבריאל שלמה'ן געהאט מיטגענומען מיט זיך, איז געווען איינער פון די נסתרים און אז אונטער זיין השפעה איז גבריאל שלמה געווארען א למדן און א בעל מדה.

אבער אויב שמואל נחום האט אט ביי דעם דאזיגען מערקווירדיגען בעל תשובה געלערנט תורה האט ער, שפעטער אין דובראוונע, געהאט א געלע־גענהייט צו לערנען מוסר און מדות טובות ביי א געוויסען ר' שלום יחיאל פון הארקי, וועלכער, ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען איז געווען א חבר פון ר' יצחק שאול'ן, שמואל נחום'ס אינגסטער שוואגער. אויך יענער איז געווען אונ־טער'ן איינפלוס פון דער נייער חסידישער תורה און דאס וואס ער האט גע־לערנט שמואל נחום'ן איז אויך געווען אין גייסט פון דער תורה פון בעל שם אזוי, אז אין דעם דאבראמיסלער שמיד'ס משפחה זיינען שוין געווען צוויי וואס זיינען געווען אונטער דער השפעה פון דער חסידישער תורה.

דערווייל איז אין דאבראמיסל אין דער ערשטער סדר נאכט עפעס פאר־געקומען וואס האט פאר ברוד'ן און פאר אנדערע געדיענט ווי א מוסר השכל.

עס איז געווען ערב פסח פארנאכט. די אידען פון דאבראמיסל זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין בית מדרש. פון אלע הייזער האבען שוין גע־פינקעלט די יום־טוב'דיגע ליכט. דער הייליגער יום טוב האט געשמעקט פון אלע ווינקעלאך. אין בית מדרש האט מען נאך ניט געהאט פארענדיגט מנחה און מיט אמאל איז געווארען א גערודער. אהרן שמואל און בצלאל חיים, וועלכע האבען בשותפות געברויט ביער און עס פארקויפט אין די ארומיגע דערפער, האבען זיך געכאפט, אז זיי האבען פארגעסען צו פארקויפען זייער חמץ און איצט איז שוין ממש געווען נאך ליכט־בענשען!

די צוויי שותפים האבען זיך געהאלטען אין ארומקריגען. איינער האט

געווארפען די שולד אויף'ן צווייטען. ביידע האבען זיך געהאט פארלאזט איינער אויף'ן אנדערען, אז יענער וועט פארקויפען דעם חמץ ביים רב אדער דיין, ווי עס פיהרט זיך ביי אידען. ערשט, אז די צוויי שותפים זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין בית מדרש, האבען זיי אויסגעפונען, אז דער חמץ איז ניט פארקויפט געווארען.

יעדער האט געהאט א תירוץ. בצלאל חיים, וועמעס אויפגאבע עס איז געווען ארומצופאהרען מיט'ן ביער איבער די דערפער, האט גע'טענה'ט, אז ער האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים ערשט שפעט נאכמיטאג. ער איז געווען מיעד און דא האט ער שנעל זיך געדארפט מאכען יום טוב'דיג, געהן אין מרחץ און זיך איבערטהאן אין די יום טוב'דיגע מלבושים. ער האט אויך געדארפט עפעס ארויסהעלפען אין הויז. היינט ווי האט איהם געקענט ליגען אין קאפ צו פארקויפען דעם חמץ?

אהרן שמואל, ווידער, האט געהאט אן אנדער תירוץ. אבער וואס טהוט מען איצט? חמץ איז דאך אן ענין וואס שמעקט מיט כרת יאהרען!

דאס האט זיך דערטראגען צום רב, וועלכער האט גלייך צוגערופען דעם דיין. עס האבען זיך אויך פארקליבען די לומדים פון מזרח וואנט.

דעם רב'ס פסק איז געווען, אז די פעסער ביער, וואס האבען זיך געפונען אין זייער ברויעריי אויסער'ן שטאט זאלען אויסגעגאסען ווערען און קיינער זאל פון דעם ניט קיין הנאה האבען; די כלים און די געררשטע און האבער פון וואס דער ביער ווערט געברויט זאלען פארשלאסען ווערען אין דער ברויעריי ביז איבער'ן יום טוב.

מיט דעם האט דער ענין געזאלט זיין דערליידיגט. בצלאל חיים האט זיך אבער מיט דעם נאך ניט באנוגענט. ער האט מורא געהאט, טאמער איז ער מיט דעם נאך ניט יוצא. באלד נאך מעריב איז ער צוגעקומען צום דיין און מיט טרערען אין די אויגען געבעטען, ער זאל איהם געבען א תשובה.

— איך בין א פשוט'ער איד — האט ער געוויינט — איך האב אלע מיינע יאהרען פארבראכט אין א דארף צווישען גוים. איך בין א בעל מטופל און האלט דערצו אויס א פאר אלמנות מיט זייערע קינדער. זאגט מיר, וואס איך זאל טהאן, כדי די גרויסע עבירה וואס מיר זיינען באגאנגען, זאל אונז פארגעבען ווערען — אויף איהם קוקענדיג איז זיין שותף, אהרן שמואל, אויך צוגעקומען צום דיין.

דער דיין האט געפיהלט גרויס מיטלייד מיט די דאזיגע פשוט'ע און תמימות'דיגע מענשען. ער האט זיי אנגעהויבען בארוהיגען, פארזיכערענדיג זיי, אז עס קומט זיי חלילה ניט קיין כרת פאר דעם וואס עס איז געשעהן.

בעת דער דיין האט געהאלטען אין בארוהיגען די צוויי שותפים, האט זיך דערהערט א יללה פון ווייבער, וועלכע זיינען אנגעלאפען אין בית מדרש און זיך געמאכט א וועג צווישען די מתפללים צום ארון קודש. דאס זיינען געווען די ווייבער און די טעכטער פון די צוויי שותפים, צו וועמעס אויערען עס האט זיך שוין געהאט דערטראגען וואס עס האט פאסירט. מיינענדיג, אז דאס מיינט, רחמנא לצלן, זייער סוף, זיינען זיי געקומען מיט יללות אין בית מדרש. דער דיין האט געמוזט ארויף אויף דער בימה און זאגען עטליכע

ווערטער, כדי די שותפים און זייערע בני בית זאלען זיך בארוהיגען און אויך אז דער עולם אין אלגעמיין זאל פארשטעהן, אז אייגענטליך איז שוין אלץ דערליידיגט.

דער עולם האט זיך אנגעהויבען צוגעהן אהיים און בעת אלע האבען נערעדט נאר וועגען דעם צער פון די צוויי שותפים, האבען די לומדישע אידען, צווישען זיי אויך די עלטערע צוויי איידימס פון ר' אליעזר ראובן דעם שמיד, זיך גע'פלפול'ט וועגען דעם דין בכלל און וועגען חמץ בפרט.

ר' יצחק שאול און ברוך, דאגעגען, האבען געהענדיג אהיים מעהר גערעדט וועגען דער תמימות פון די צוויי שותפים.

— דאס צייגט ווי ריין עס זיינען די הערצער פון אט די פשוט'ע אידען — האט ר' יצחק שאול באמערקט, און ברוך האט מיט איהם מסכים געווען.

אהרן שמואל איז געווען א געבארענער אין דאבראמיסעל. ער איז געווען בטבע א שווייגער און א צוריקגעהאלטענער. מען האט איהם זעלטען געהערט אויסרעדענדיג א ווארט. אפילו ביים דאווענען האט מען איהם קוים געהערט. ער האט תמיד געזאגט די תפילות שטילערהייט און דאס אויך האלבע ווערטער.

בצלאל חיים איז געווען א דארפישער מענש. ער איז געקומען פון דעם דארף קאמארי און מען האט איהם דערפאר גערופען דער קאמאריער. דער ערשטער וואס האט זיך באזעצט אין יענעם דארף וואס האט געהערט צו דער פריצישער פאמיליע רעאוט, איז געווען בצלאל חיים'ס זיידע, משה בנימין, וועלכער האט געהאט דעם צונאמען "קאצאפ", דערפאר וואס ער האט גע־קענט זינגען רוסישע לידער און טאנצען רוסישע טענץ. משה בנימין איז גע־ווען א פערד הענדלער און צוליב זיינע מסחרים פלעגט ער אנשלאגען אין וויטערע רוסישע שטעט ווי סמאלענסק און אריאל. דארט האט ער זיך צו־געהערט צו די רוסישע געזאנגען און צוגעקוקט צו די רוסישע טענץ.

געווען איז משה בנימין א פרומער איד, וואס וואלט גארניט געטראכט פון נאכמאכען די גוים. האט ער אבער אמאל זיך צוגעהערט ביים עין יעקב טיש ווי גרוים עס איז די מצווה פון משמח זיין דעם עולם אויף חתונות און ווי אזוי געוויסע תנאים און אמוראים פלעגען אויף פארשיידענע אופנים משמח זיין חתן כלה. האט ער אויך באקומען חשק צו ווערען אן אונטער־האלטער אויף חתונות און טאקע דורך די רוסישע לידער און טענץ.

האט זיך משה בנימין איינגעהאנדעלט א פוטערנע רוסישע היטעל, א רוסישען קאסטיום און שטיוועל און ווען נאר עס איז ערגעץ פארגעקומען א חתונה, איז ער דארט געקומען און געזונגען און געטאנצט. אזוי האט ער באקומען דעם נאמען "קאצאפ".

ווען משה בנימין האט זיך באזעצט אין קאמארי, איז דער דאמאלסדיגער פריץ געווען איינער מיט'ן נאמען יוזעף און ער איז געווען א גרויסער אוהב ישראל. גאנץ אפט פלעגט ער אנלאדען וועגענער מיט תבואה און מיט גרינסען און פרוכט און זיי שיקען קיין דאבראמיסעל צום דאמאלסדיגען רב, ר' תנחום שמואל'ן, אז ער זאל עס פארטיילען צווישען ארימעלייט.

יוזעף'ס פריינדשאפט צו אידען האט זיך גענומען צוליב א באשטימטער געשעהעניש. ווען ער איז געווען א קינד פון אכט יאהר, איז ער ארונטערגע־

פאלען פון א פערד און צעבראכען זיין נאקען. האט מען געשיקט נאך דעם רופא און יענער האט איהם איינגעבאנדאזשירט. דאס האט אבער ניט איינ־געשטילט דעם קינד'ס וועהטאגען. יוזעף האט באקומען היץ און האט פאר־לארען זיין באוואוסטזיין.

יוזעף'ס פאטער איז געווען א פריי־געזאנגענער און דערצו א גאנץ קליי־נער אוהב ישראל. זיין מוטער איז גראד געווען דער היפוך. באזונדער האט זי שטארק געהאלטען פון אידישע צדיקים, וויסענדיג, אז דער דאבראמיסלער רב, ר' תנחום שמואל, איז א גרויסער צדיק, האט זי גענומען דאס קינד צו איהם.

האט דער רב איהם געגעבען זיין ברכה און האט געהייסען פון איהם ארונטערנעהמען די באנדאזשען. דאס קינד איז באלד אויף'ן ארט געזונט געווארען.

בעת די פריצ'טע איז מיט'ן קראנקען קינד אוועקגעפאהרען צום רב אין דאבראמיסל איז דער פריץ ניט געווען אין הויף, ווייל אנדערש וואלט ער ניט געלאזט איהר טהאן אזא זאך. ווען ער אנגעקומען אין הויף און האט געהערט, וואס די פריצ'טע האט געטהאן, איז ער אריין אין א גרימצארן.

— ווי וואגט זי טהאן אזא זאך? — האט ער געשריען — זי וועט מיך מאכען צום נארען! אלע וועלען איצט פון מיר מאכען חוזק!

דער פריץ האט באלד ארויסגעשיקט א רייטער, אז ער זאל לויפען קיין דאבראמיסעל און אנזאגען דער פריצ'טע זיך ניט נאריש צו מאכען און תיכף ומיד זיך צוריקקערען אהיים. ער האט גלייכצייטיג אויך געשיקט א צווייטען רייטער צום גלח, אז ער זאל פאר דער פריצ'טע ארויסגעבען א תשובה פאר דעם וואס זי האט פארשוועכט איהר קריסטליכקייט מיט דעם וואס זי איז געפאהרען צו א רב.

אבער איידער דער רייטער האט זיך צוריקגעקעהרט איז שוין די פריצ'טע אנגעקומען מיט יוזעף'ן. דאס קינד איז געווען פריש און געזונט. די פריצ'טע איז געווען אין זיבעטען הימעל און האט געהאלטען אין ריידען וועגען די וואונדער פון דעם דאבראמיסלער רב.

דער פריץ האט איצט געזעהן מיט זיינע אויגען דעם וואונדער וואס עס איז געשעהן. ער האט אבער אליץ ניט געוואלט פארגעבען זיין ווייב.

— דאס האט ער נאר געקענט טהאן מיט כשוף, — האט ער געזאגט — ווי אנדערש האט ער געקענט באווייזען אזא וואונדער? איצט וועט מען נאך מעהר שפאסען פון מיר!

דער פריץ האט ניט געקענט פארגעבען זיין ווייב און ער האט אויך ניט געוואלט פארגעבען דעם דאבראמיסלער רב. ער האט דעם צדיק געשאלטען און געזידעלט. דער סוף איז געווען, אז ער איז אין א קורצער צייט ארום קראנק געווארען און איז געשטארבען. יוזעף איז געווארען דער יורש און איז דער־צויגען געווארען פון זיין מוטער ווי א פריינט פון אידען, און דאס איז ער געווען זיין גאנצען לעבען.

## נט.

### דער גליקליכער נשרף

דער איד וואס איז געווען מלא שמחה וואס זיין פארמעגען איז אוועק מיט'ן פייער. — גוי'שע אכזריות. — די שרפה אין דער ערשטער נאכט. — געזונטע און קראנקע מלאכים.

בעת משה בנימין האט קיין מאל ניט דערוואַרט קיין שכר אויף דער וועלט פאר דעם וואס ער פלעגט משמח זיין חתן־כלה אויף חתונות מיט רו־סישע טענץ און געזאנג, האט ער אבער דאך באקומען זיין באלוינונג. דאס איז געשעהן אויף אזא אופן:

דער פריץ פון קאמארי, יוזעף, איז איין מאל געקומען אויף א אידישער חתונה און ער האט צום ערשטען מאל געזעהן ווי משה בנימין דער "קאצאפ", אנגעטאן אין רוסישע קליידער, האט געזונגען און געטאנצט ווי אן "אמת'ער" רוס. איז דאס דעם פריץ שטארק געפעלען געווארען. ער האט דעם אידען פארבעטען זיך אריינצוקלייבען צו איהם אין הויף און האט איהם געמאכט פאר זיין רעכטע האנט אין אלע זיינע מסחרים. ער האט איהם א נאמען גע־געבען "מאשקע מאסקוויל".

פון דאמאלס אן איז משה בנימינ'ען אוועק גוט. ער איז נאך געווארען פרימער ווי פריהער. ער האט זיך געמאכט אן עירוב תחומין כדי ער זאל שבתים און ימים טובים קענען געהן אין שטעטעל אריין און מען זאל אויך פון שטעטעל קענען קומען צו איהם. דארט אין הויף איז געבארען געווארען זיין זוהן יאשע.

משה בנימין האט זיך שטארק באמיהט צו מאכען זיין זוהן פאר א למדן, אבער עס האט איהם ניט מצליח געווען. האט ער איהם גענומען אין זיינע מסחרים. כאטש יאשע איז געווען א קליינער למדן, איז ער אבער געווען א גרויסער ירא שמים. ער האט אפגעהיט טאג־איין און טאג־אויס צו געהן אין דאבראמיסל דאווענען בצבור און אויך זיך צוהערען ווי מען לערנט עין יעקב און אנדערע למודים וואס ער האט געקענט פארנעהמען.

אויפ'ן זעלביגען פריצישען הויף איז אויך געבארען געווארען בצלאל חיים, וועלכער איז, ווי זיין זיידע און זיין טאטע, געווען א פראסטער מענש אבער דערפאר א גרויסער ירא שמים. שפעטער האט זיך בצלאל חיים איבער־געקליבען אין דארף קאמארי און פון דארט אין דאבראמיסל. ער איז געווא־רען א שותף מיט אהרן שמואל'ן אין ברויען ביר און אין פארקויפען די סחורה אין די דערבייאיגע דערפער.

מיט זיין תמימות און שטענדיגע אפגעהיטקייט איז גאר ניט געווען קיין חידוש וואס ער, אזוי גוט ווי זיין שותף, האט זיך געפיהלט שטארק דערשלא־גען יענעם פסח צו נאכט ווען זיי האבען זיך ארומגעזעהן, אז זיי האבען פאר־געסען צו פארקויפען דעם חמץ. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס דער רב האט זיי אנגעזאגט וואס צו טהאן און וואס דער דיין האט זיי געהאלטען אין בא־

רוהיגען, אז די עבירה איז גאר נים אזוי גרוים ווי זיי שטעלען זיך פאר, איז אבער בצלאל חיים נאך אלץ נים געווען צופרידען און ער איז אוועק אהיים א דערשלאגענער.

דער סדר איז ביי איהם שוין יענעם מאל געווען א צושטערטער. ער האט זיך א נדר געטהאן מעהר נים קיין הנאה צו האבען פון דעם וואס איז געווען אין דער ברויערײ. ער האט זיך נים געוואלט באנוגענען מיט דעם וואס דער רב האט זיי געהייסען אויסגיסען דאס ביר וואס איז געשטאנען פארטיג. בצלאל חיים האט געוואלט געהן א סך ווייטער כדי צו זיין ביי זיך זיכער, אז ער האט יוצא געווען פאר׳ן רבונו של עולם.

ערשט דאמאלס האט ער זיך עטוואס בארוהיגט און, פארענדיגענדיג דעם סדר, האט ער זיך געלייגט שלאפען. אבער איידער ער איז נאך איינגעשלאפען האט ער פלוצים באמערקט דורכ׳ן פענסטער ווי דער הימעל איז רויט געווא־רען. ער האט באלד פארשטאנען אז ערגעץ האט אויסגעבראכען א שרפה. ער האט זיך שנעל אנגעטאן און איז ארויס אין דרויסער. דערווייל איז דער הימעל געווארען אלץ רויטער. מענשען זיינען שוין געווען אין גאס און אין דער לופט האבען זיך געטראגען קולות ״פאזשאר!״. מענשען זיינען געלא־פען הענדום פענדום. קיינער האט נאך נים געוואוסט וואו דאס פייער איז.

ערשט א ווײלע שפעטער האט מען אויסגעפונען, אז די שרפה קומט פאר אויסערן שטעטעל. אט דארט וואו עס האט זיך געפונען בצלאל חיים׳ס און אהרן שמואל׳ס ברויערײ. עס האבען געברענט א פאר דערבייאיגע הייזער און אויך די ברויערײ. ווען בצלאל חיים איז אנגעקומען אויף דער סצענע, האט ער שוין דארט געפונען אידען און נים־אידען לעשענדיג דאס פייער. מען האט געטראגען וואסער עמערווייז און מען האט אויך געבראכט וואסער אין קויפען. די פלאמען זיינען געווען צו גרוים אז מען זאל זיי קענען אויסלעשען.

עס האט לאנג נים גענומען און די פויערשע הייזער ווי אויך די ברויערײ זיינען געווען פארצערט פון די פלאמען. אויב דער עולם האט עפעס געקענט טהאן איז געווען צו פארהיטען, אז דאס פייער זאל זיך נים פארשפרייטען ווייטער און אז עס זאל זיך נים דערטראגען קיין דאבראמיסל גופא.

מענשען, וואס האבען געזעהן בצלאל חיים׳ן ביי דער שרפה, וואו זיין האב און גוטס זיינען פארצעהרט געווארען אין פלאמען, האבען געקוקט אויף איהם מיט גרויס באדויערען. דאס האט געמיינט אז ער ווערט אן ארעמאן. אבער צו אלעמענס איבערראשונג איז גאר בצלאל חיים געווען מלא שמחה. ער האט ממש געטאנצט פון פרייד. ערשט ווען ער איז געווען זיכער, אז פון דער ברויערײ וועט שוין נים בלייבען קיין שריד ופליט, איז ער מיט גרויס פרייד געלאפען צוריק אין שטעטעל און האט אויפגעוועקט זיין שותף אהרן שמואל׳ן און איהם אנגעזאגט די גוטע בשורה, אז זייער ברויערײ איז אוועק מיט׳ן רויך.

— א דאנק דעם אויבערשטען, האט ער געזאגט, מיר קענען איצט זיין בטוח, אז מיר וועלען מעהר נים נהנה זיין פון דעם חמץ אין אונזער ברויערײ, איך האב זיך סיי ווי א נדר געטאן פון דעם נים צו האבען קיין הנאה.

צו ערשט האט אהרן שמואל קוים געוואלט מסכים זיין דערצו, אבער אז ער האט זיך דערוואוסט, אז די ברויערײ איז שוין סיי ווי פארלארען, האט

ער צונעשאקעלט מיט'ן קאפ און האט מסכים געווען אז דאס האט געמוזט זיין מיט'ן ווילען פון רבונו של עולם און אז דאס וועט זיין א כפרה פאר דעם וואס זיי האבען ניט פארקויפט דעם חמץ יענעם ערב פסח.

פון גרויס שמחה איז שוין בצלאל חיים יענע נאכט ניט געגאנגען שלא־פען. ער איז אוועק אין בית המדרש מיט א שפראץ אויפ'ן טאג. צוליעב דער שרפה האבען א סך אנדערע שוין אויך ניט געשלאפען די נאכט. אין בית המדרש האבען זיך שוין געפונען א היבש ביסעל מענשען. דער עולם האט איצט נאך גערעדט וועגען דער שרפה. א סך האבען ארויסגעזאגט די מיינונג, אז דאס איז געקומען ווי א שטראף פאר דעם וואס די שותפים האבען ניט פארקויפט דעם חמץ. אבער אז בצלאל חיים איז אנגעקומען אין בית המדרש, האט ער פארזיכערט אז אייגענטליך איז עס גארניט קיין שטראף, ווייל ער באטראכט די שרפה ווי א ישועה. ער פיהלט איצט לייכטער אויפ'ן הארצען און זארגט גאר ווייניג איבער דעם וואס ער האט פארלארען זיין פארמעגען און זיין פרנסה.

— זאל דער אויבערשטער נאר שענקען דאס לעבען און דאס געזונט, — האט ער געזאגט, — עס וועט שוין זיין פרנסה.

האט מען איצט נאר גערעדט וועגען דער שרפה און וועגען דעם וואס דאס איז געקומען גראד נאכדעם ווי די צוויי שותפים האבען זיך געפיהלט זינדיג איבער דעם וואס זיי האבען ניט פארקויפט דעם חמץ. דערווייל האט מען פארגעסען זיך נאכצופרעגען וועגען דעם ווי אזוי דאס פייער, וואס האט זיך אנגעפאנגען אין איינעם פון די שכנ'ישע גוי'שע הייזער, איז אנטשטא־נען. ערשט אויף מארגען האט מען אין דאבראמיסל געהערט וואס עס איז פארגעקומען. עס איז באמת געווען א מורא'דיגע פאסירונג.

ביי דער ברויעריי האבען געוואוינט א פאר גוים, וואס האבען זיך שטענדיג צווישען זיך ארומגעשלאגען. טאקע יענעם ערב פסח איז איינער פון די גוים באפאלען דעם צווייטען מיט א שטיק אייזען און האט איהם צו־בראכען זיינע ריפען. דער גוי איז אוועקגענומען געווארען אהיים ממש א האלב טויטער.

דער געשלאגענער גוי האט געהאט א זוהן וועלכער האט געוואלט נעה־מען נקמה פאר זיין פאטער. איז ער אויפגעשטאנען אין מיטען נאכט, נאכדעם ווי די אידען אין שטעטעל האבען פארענדיגט פראווען דעם סדר און זיינען שוין געלעגען אין די בעטען, און האט אונטערגעצונדען דעם שכנ'ס הויז בעת אלע זיינען שוין דארט געשלאפען. כדי צו זיין זיכער, אז קיינער פון דעם שכנ'ס משפחה וועט זיך ניט ראטעווען קיין לעבעדיגער, האט דער אונטערצינ־דער פארשלאסען די טהיר פון דרויסען.

דאס פייער האט זיך שנעל פארשפרייט איבער'ן הויז מיט דער שלאפענ־דיגער פאמיליע ווי אין א פאסטקע. דריי פון דער פאמיליע האבען זיך אבער דאך געראטעוועט, ארויסשפרינגענדיג דורכ'ן פענסטער. פיער אנדערע זיינען פארברענט געווארען. עס זיינען אויך פארברענט געווארען די פערד און די בהמות אין שטאל.

האט מען אין דאבראמיסל געהאט פון וואס צו ריידען און אויך ווי וואס נאכצוטראכטען. ווארום בעת פון איין זייט האט מען דא געפיהלט

שווידער פון גוי'שער רציחה, האט מען פון דער צווייטער זייט געזעהן די שעהנקייט פון דער אידישער נשמה. באזונדער זיינען פון דעם געווען שטארק אנטציקט ר' יצחק שאול און ברוך. וועןביידע זיינען יענעם פריהמארגען אנגעקומען אין בית המדרש, וועלענדיג געניוער אויסגעפינען וועגען דער שרפה, האבען זיי געפונען חברה תהילים פארזאמעלט אין בית המדרש, זאגענ־דיג תהילים הויך אויפ'ן קול מיט גרויס כוונה.

דער יעניגער וואס איז געשטאנען אויף דער בימה און געזאגט תהילים מיט'ן עולם איז געווען בצלאל חיים. עס האט זיך ארויסגעוויזען אז בצלאל חיים האט דוקא געוואלט זיין דער פארזאגער יענעם פריהמארגען און געזאגט האט ער דעם תהילים ניט ווי איינער ביי וועמען דאס הארץ איז צובראכען און ווי איינער וואס האט געליטען גרויס היזק, נאר ווי איינער וואס גיט אפ א שבח והודיה צום רבונו של עולם. עס איז געווען קלאר, אז בצלאל חיים פיהלט זיך ווי א בעל שמחה.

— אט האסטו דיר א ביישפיעל פון א פשוט'ען אידען, — האט ר' יצחק שאול באמערקט צו ברוד'ן, — און דאך קוקען די לומדים אויף איהם פון אויבען ארונטער און באטראכטען איהם ווי אז עם הארץ וועלכער האט נישט קיין חלק אין זייער וועלט.

ברוך איז מיט איהם געווען איינשטימיג. ר' יצחק שאול האט איצט פאר ברוד'ן געוואלט ציהען פון דעם אלעם א מוסר השכל:

— פון מיין פאטער האב איך געהערט אין נאמען פון בעל שם, אז דער פשוט'ער מענש איז ווי א פארזייט פעלד וואס ווערט גענערט פון דעם רעגען וואס פאלט פון הימעל און גיט איהר פרוכט צום מענשען און דער תלמיד חכם איז ווי א פעלד וואס ווערט אפגעהיט און בעארבייט און קינסטליך באוואַ־סערט. אזא פעלד וועט ארויסגעבען בעסערע פרוכט ווי א פעלד וואס ווערט איבערגעלאזט צו דער טבע, אבער דאס געוויינליך פעלד שטעהט ניט נידערי־גער פון דעם קינסטליך בעארבייטעט פעלד.

א גרויסע איבערראשונג איז פאר ברוד'ן געווען דאס וואס אויך פון דעם שמיד'ס זוהן, שמואל נחום'ען, האט ער געהאט א סך צו לערנען. נאכדעם ווי ער האט פון איהם געהערט ווי אזוי ער האט אין דער ישיבה, אין דובראוו־נע, געטהאן א גרויסע פעולה אין לערנען, האט ער פון איהם אויך געהערט וועגען זיינע באגעגענישען מיט מענשען און וואס ער האט פון זיי געלערנט.

אויך שמואל נחום איז שוין געווען בעאיינפלוסט פון דער חסידישער לעהרע. אויך ער האט כסדר געהאלטען אין טייטלען אויף דעם וואס די לומדים האלטען זיך אפגעזונדערט פון די פשוט'ע פאלקס־מענשען און קוקען אויף זיי פון אויבען ארונטער ווי זיי וואלטען געהערט צו גאר אן אנדער וועלט.

שמואל נחום האט אין דובראוונע געהאט ארויסגעהאלפען א פאר שעה אין טאג אין א מיהל. דאס האט ער געטהאן כדי צו דערנעהרען זיך דורך איינענער פראצע. די מיהל האט געהערט צו א געוויסען ר' ירחמיאל הירש, וועלכער איז געווען גאר א גרויסער למדן און ירא שמים. ער האט געהאט א שם אין שטאט פאר דעם שיעור גמרא וואס ער האט געזאגט אין איינעם פון די בתי מדרשים. דער דאזיגער ר' ירחמיאל הירש האט געקוקט מיט ביטול און אפילו מיט פאראכטונג אויף פשוט'ע און פראסטע מענשען. שמואל נחום

האט עס געקענט זעהן פון דעם אופן דעם ווי ער האט באהאנדעלט איינעם פון זיינע מענשען ברוך שמעון'ען, וועמעס עובדה עס איז געווען אויסצולאדען און אנצולאדען די וועגענער וואס פלעגען ברייגגען תבואה צו דער מיהל.

אינגאנצען האט ר' ירחמיאל הירש געהאט אין דער מיהל צוויי אידישע ארויסהעלפער, א חוץ שמואל נחום'ען. דער צווייטער צו ברוד שמעון'ען איז געווען ר' אפרים קלמן, וועלכער האט זיך אפגעגעבען מיט די זארנעס. דער דאזיגער ר' אפרים קלמן איז געווען דער היפוך פון ברוך שמעון'ען. ווי גרויס עס איז געווען ברוך שמעון'ס עם הארצות אזוי איז געווען גרויס ר' אפרים קלמן'ס לומדות. ווען ער איז געשטאנען ביי די זארנעס און געמאלען, האט ער געהאלטען אין לערנען אויף אויסוועניג.

ר' ירחמיאל הירש, דער בעל הבית, האט מיט זיין באציהונג צו אט די צוויי מענשען געוויזען ווי גרויס עס איז ביי איהם דער אונטערשיד פון א למדן ביז א פראסטען מענשען. בעת ר' אפרים קלמן'ען האט ער ארויסגעוויזען גרויס רעספעקט און האט מיט איהם אפט געשמועסט אין תורה, האט ער ברוך שמעון'ען ארויסגעוויזען פשוט'ע פאראכטונג. ר' אפרים קלמן, וועלכער האט זיך גראד באצויגען פריינטלאך צו פראסטע מענשען, פלעגט אפט אויס־ריידען דעם בעל הבית פאר זיין באציהונג צו דעם צווייטען מענשען זיינעם.

ער פלעגט ר' ירחמיאל הירש'ן דערמאנען דעם מאמר חז"ל, אז "אם למדת תורה הרבה אל תחזיק טובה לעצמך" (אז אויב דו האסט געלערנט א סך תורה זאלסטו ניט מיינען אז דו האסט מיט דעם א סך אויפגעטהאן). ר' ירחמיאל הירש פלעגט עס אויסהערען אין שטילשווייגען ווי ער וואלט ניט געוואגט ריידען אנטקעגען דעם לומדישען ר' אפרים קלמן'ען. דאס האט אבער ניט געענדערט זיין באהאנדלונג פון ברוך שמעון'ען, באזונדערס ווען ר' אפרים קלמן איז ניט געווען דערביי.

ער האט יענעם ניט נאר געהאלטען אין טרייבען אין דער ארבייט, נאר האט איהם אויך באליידיגט און דערנידעריגט.

איינמאל האט שמואל נחום צוגעזעהן אזא סצענע: עס איז געווען איינע פון די טעג ווען עס איז ניט געווען וואס צו מאהלען. ר' ירחמיאל הירש האט יענעם פריהמארגען געהאט געזאגט זיין שיעור וועגען דער סוגיא פון לייגען אן עירוב אויף א בוים. וועגען דעם געהט אן א פלוגתא צווישען רבין און די רבנן (עירובין לג). האט ער וועגען דעם געהאט געזאגט א פלפול אין וועלכען ער האט ארויסגעוויזען גרויס שארפזין און האט זיך דערפאר געפיהלט שטארק לעילה'דיג. אז ער איז געקומען אין דער מיהל האט ער פאר ר' אפרים קלמן'ען איבערגעזאגט דעם פלפול און ביידע האבען זיך אנגעהויבען מתוכח זיין.

אז די צוויי לומדים זיינען געווען פארנומען אין תורה, און אין מיהל איז ניט געווען וואס צו טהאן, האט דער פראסטער ברוך שמעון דערווייל זיך פאררוקט אין א ווינקעל און מעגלאך, טאקע אוים פארדרוס וואס ער האט ניט געקענט נאכפאלגען וואס די לומדים האבען צווישען זיך גערעדט, האט ער אנגעהויבען זאגען תהילים און פון זיינע אויגען האבען זיך אנגעהויבען גיסען טרעהרען.

דערווייל האבען די צוויי לומדים פארענדיגט זייער תורה שמועס. ר' ירחמיאל הירש האט באמערקט ווי ברוך שמעון זאגט תהילים און פארגיסט

טרעהרען. געהאלטען האט ער ביי די קאפיטלעך פון הלל און האט זיי געזאגט מיט גרויס כוונה, אבער אויך זיין עם הארצות'דיגען שטייגער, ניט דערזאַגענדיג קיין ווערטער. א סך ווערטער ארויסקומענדיג פשוט פארגרייזט. איז ר' ירחמיאל הירש צוגעגאנגען צו ברוך שמעון'ן, איהם איבערגעשלאגען און געזאגט אין א טאן פון חוזק און בטול:

— ברוך שמעון, דו הרג'עסט נעבאך אוועק דעם הלל, באגראבסט איהם און באוויינסט איהם. — און ער האט זיך צעלאכט פון זיין אייגענער "חכמה"

ברוך שמעון איז געבליבען זיצען א פארשעהמטער און א דערשלאגענער ר' אפרים קלמן איז געווארען אויפגעקאכט.

— די חכמים זאגען, אז פון יעדען ווארט וואס קומט ארויס פונ'ם מויל פון א אידען אין ליוב פון אויבערשטען ווערט באשאפען א מלאך, מאכט ניט אויס צי דער, פון וועמעס מויל דאס קומט, איז א למדן אדער א פּראָסטער מענש. די מלאכים וואס ווערען אויך דעם אופן געבארען זיינען דערנאך די מליצי יושר פאר די דורך וועמען זיי זיינען באשאפען געווארען. — האט ר' אפרים קלמן געזאגט מיט שארפען פארוואורף אין זיין קול.

ר' ירחמיאל הירש האט נאך אלץ געלאכט. ער האט אויך ר' אפרים קלמן'ס באמערקונג געזאגט:

— די מלאכים וואס ווערען געבארען פון אזא עברי ווי ברוך שמעון'ס זיינען געוויס מיט מומים און סתם קאליקעס, רחמנא לצלן. קען מען זיך שווין משער זיין וואס פאר מלאכים דאס זיינען...

— און ווי מיינט איהר קוקען אויס די מלאכים וואס ווערען געבארען פון אונזערע חדושי תורה? — האט ר' אפרים קלמן געוואלט זיין קריטיש צו זיך אליין.

— די מלאכים וואס ווערען געבארען דורך אונז, — האט דער מילגער געהאט א פארטיגען ענטפער, — זיינען געזונטע און שטארקע, ווי אויסגעגאסען פון אייזען און שטיין. זיי לויכטען ווי די זון, זיי זיינען פרעהליכע און זינגענדיגע און גרייכען אזש צום כסא הכבוד.

— ניין, ר' ירחמיאל הירש, — האט ר' אפרים קלמן געזאגט, — מיר דוכט, אז די מלאכים וואס ווערען באשאפען, ווי איהר זאגט, מיט מומים זיינען דעם אויבערשטען א סך ליעבער ווי די מלאכים וואס איהר מיינט, ווערען באשאפען געזונט און שטארק אזוי ווי פון אייזען אויסגעגאסען.

ר' ירחמיאל הירש האט אויף דעם ניט געענטפערט. ער איז פון דאמאלס אן געווען אפגעהיט זיך ניט צו פארטשעפען מיט ברוך שמעון'ען בעת ר' אפרים קלמן איז געווען דערביי. ער האט אבער פון דאמאלס אן געוויזען נאך א גרעסערען ווידערווילען צו ברוך שמעון'ס תמימות און דער עיקר צו דעם וואס ער איז געווען אפגעהיט צו געהן צוויי מאל א טאג אין בית המדרש דאוונען. ער האט איהם אפילו אנגעהויבען אויסריידען וואס ער טהוט ניט זיין ארבייט ווי עס בעדארף צו זיין טאקע דורך דעם וואס ער "בטל'ט" אוועק זיין צייט געהענדיג אין בית המדרש...

ברוך שמעון האט זיך אבער איינגעשטעלט פאר זיין רעכט צו געהן אין בית המדרש דאוונען בצבור.

— די צייט צו דאוונען איז מיין אייגענע, — האט ער געזאגט מיט

תקיפות. — און איהר האט ניט קיין רעכט מיר איינצוזאגען וועגען דעם. דאס איז פונקט ווי שבתים און ימים טובים ווען איך דארף ניט טהאן קיין ארבייט.

— אבער דער אויבערשטער דארף ניט דיינע תפלות, — האט ר' ירחמיאל הירש שוין געוואלט איהם אריין אין די ביינער. — פאר אזא עם הארץ ווי ד' וועט זיין גענוג, אז דו וועסט דאוונען אין דערהיים

דא האט שוין ברוך שמעון'ען פארקוועטשט ביים הארצען. עס האבען זיך איהם געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. ער האט געזאגט:

— וואס זאל איך טהאן, אז דער אויבערשטער האט מיר ניט געגעבען קיין כשרונות צו ווערען א למדן? וואס זאל איך טהאן, אז איך מוז אוועקגעבען מיין צייט צו טראגען זעק און קען קוים זיך ווען צוהערען צו א שיעור?

ר' ירחמיאל הירש האט געהאט א פלימעניק, ר' שלום יחיאל פון הארקי, ר' יצחק שאול'ס חבר. ער האט אט דעם פלימעניק געהאט אריינגענומען צו זיך, דערפאר וואס ער האט אליין ניט געהאט קיין קינדער. ר' שלום יחיאל איז שוין געווען פארכאפט פון דעם בעל שם'ס לעהרע, האט ער גראד געהאט צוגעהערט ווי זיין פעטער איז מבייש דעם פשוט'ען און תמימות'דיגען ברוך שמעון'ען און ער האט צו איהם געזאגט:

— פעטער, דער בעל שם האט געזאגט, אז איהם זיינען מעהר ליעב די פשוט'ע מענשען מיט תמימות'דיגע הערצער ווי די לומדים וואס האלטען זיך גרויס מיט זייער לערנען און בלאזען פון זיך.

ער האט איהם דאן אנגעהויבען דערצעהלען וועגען דעם בעל שם און זיינע נאכפאלגער. זיינע רייד האבען אויפ'ן מילנער געמאכט אן איינדרוק און ער האט פון דאמאלס אן אנגעהויבען בעסער צו באהאנדלען ברוך שמעון'ען.

## ם.

## דער בעל שם פון זאמאשטש

**ווער ער איז געווען און די ראל וואס ער האט געשפילט. — א תלמיד פון ר' אליהו בעל שם טוב. — ווי ער האט גערעטעוועט א עדה אידען פון די האידעמאקעס.**

ברוך האט שוין געהאט געהערט די מערקווירדיגע געשיכטע פון ר' אליהו בעל שם פון ווירמייזע, וועלכער האט געהאט געגרינדעט די חברה פון נסתרים מיט דער אויפגאבע צו וואנדערען איבער דער אידישער וועלט און דערהויבען דעם גייסטיגען מצב פון אידען. ר' יצחק שאול האט איצט געקענט פאר איהם ווייטער שפינען דעם פאדים פון די געשיכטליכע פאסירונגען און איהם באקאנען אויך מיט אן אנדער מערקווירדיגע פערזענליכקייט. ר' יואל דעם בעל שם פון זאמאשטש, וועלכער איז געווען ר' אליהו בעל שם'ס א תלמיד.

ניט קוקענדיג אויף דער מלחמה וואס ר' פנחס זעליג, דער גאון פון שפייער, האט געפיהרט געגען דעם בעל שם פון ווירמייזע און דעם איסור וואס ער האט ארויסגערופען געגען לערנען קבלה און זוהר, פאדערענדיג פון ר' אליהו'ן, אז ער זאל פארלאזען ווירמייזע און דייטשלאנד, איז אבער דער בעל שם געבליבען אויפ'ן ארט און איז ווייטער אנגעגאנגען מיט זיין ארבייט, פארשפרייטענדיג די לעהרע פון קבלה. די צאהל פון זיינע תלמידים זיינען

געוואקסען און די לעהרע פון דער קבלה איז דורך דעם אלץ מעהר און מעהר פארשפרייט געווארען. זיינע תלמידים וועלכע האבען, צוליעב דעם איסור, ניט געקענט זיך אפגעבען מיט קבלה אין דער אפען, האבען עס גע־טהאן פארבארגען. דאס אליין האט געגעבען דעם שטויס צו דעם, אז די דאזיגע תלמידים זאלען זיך, אונטער זייער רבינ׳ס השגחה, פארבינדען אין א חברה לויט א באשטימטען פלאן און לויט די באשטימטע אנזאגען פון זייער רבי׳ן, און וואנדערען פון שטאט צו שטאט און פון לאנד צו לאנד, פארשפרייטענדיג זייער לעהרע און זייער דרך אין עבודת הבורא.

אויף אזא אופן איז די לעהרע פון דער קבלה דורך ר׳ אליהו בעל שם׳ס תלמידים געבראכט און פארשפרייט געווארען אין בעהמען און אין פוילען.

דרייסיג יאהר איז ר׳ אליהו געזעסען אין ווירמייזא, וואו ער האט גע־האט זיין ישיבה, פון וועלכער באריהמטע גאונים זיינען געווען די תלמידים. אין יאהר אדער שפ״ד האט ר׳ אליהו פארלאזט ווירמייזא און זיך באזעצט אין פראג, וואו ער האט אויך איבערגעטראגען זיין ישיבה.

איינער פון ר׳ אליהו׳ס תלמידים איז געווען דער גאון ר׳ יום טוב ליפמאן העלער, באקאנט אלס תוספות יום טוב. ער איז געווען פערציג יאהר אלט ווען ער איז געקומען צו ר׳ אליהו׳ן אין דער ישיבה צו ערשט אין ווירמייזא, וואו ער איז אפגעזעסען דריי יאהר, און נאכהער אין פראג, וואו ער האט ווייטער געלערנט ביי ר׳ אליהו׳ן קבלה.

דער תוספות יום טוב, וועלכער איז שפעטער געווארען דער רב פון פראג און דער ראש הרבנים פון גאנץ בעהמען, איז געווארען איינער פון די הויפט פארשפרייטער פון דער קבלה. אין שפ״ט איז ער געווען געצוואונ־גען צוליעב מסירה, צו פארלאזען בעהמען און ער האט זיך איבערגעקליבען קיין קראקע, פוילען, איבערטראגענדיג די לעהרע פון קבלה אין יעדער מדינה.

אין יענער צייט האט דער גאון און מקובל ר׳ מרדכי יפה, דער ״בעל הלבושים״, געהאט זיין ישיבה אין גראדנע, וואו א חוץ נגלה האט מען אויך געלערנט נסתר. שפעטער האט ר׳ מרדכי יפה זיך אריבערגעקליבען מיט זיין ישיבה קיין פויזען. איינער פון זיינע תלמידים דארט איז געווען ר׳ ישראל יוסף, א גרויסער חריף און בקיא און דערצו אז אויסערגעוויינליכער ירא שמים. ער האט זיך אבער אפגעגעבען נאר מיט נגלה. קיין נסתר האט ער ניט געוואלט לערנען. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער האט אזוי שטארק געהאלטען פון זיין רבי׳ן, ר׳ מרדכי יפה, האט ער זיך אבער ניט געוואלט לאזען צוריידען צו לערנען קבלה. ער האט פאר דעם געהאט זיינע איינענע טעמים.

דער דאזיגער ר׳ ישראל יוסף האט געהאט צער גידול בנים. די קינדער וואס זיין פרוי האט געבארען זיינען אלע אויסגעשטארבען. ניט איינמאל האט ער זיך באקלאגט וועגען דעם פאר זיין רבי׳ן און יענער האט איהם געטרייסט און אויך געגעבען זיינע ברכות.

אין ווינטער פון יאהר שע״ב איז ר׳ מרדכי יפה קראנק געווארען און ער האט געפיהלט אז זיין סוף איז נאהענט. האט ער צוזאמענגערופען זיינע בעסטע און באליעבטסטע תלמידים און האט יעדען געבענשט לויט זיינע באדערפענישען און וואונשען. ר׳ ישראל יוסף איז געווען צווישען אט די

תלמידים וואס האבען באקומען זיין ברכה. צו ר' ישראל יוסף'ן האט דער נאון און מקובל געהאט דאס פאלגענדע צו זאגען:

— דו גארסט צו האבען א קינד. זאג איך דיר אן, אז דו זאלסט אויף זיך נעהמען צו לערנען קבלה, טהו זיך אויך א נדר. אז דער זוהן וואס וועט דיר געבארען ווערען זאל געשיקט ווערען לערנען תורה. אז ער וועט ווערען צוואנציג יאהר זאלסטו איהם שיקען לערנען קבלה ביי איינעם וואס איז א "מובהק" אין אט דער לעהרע.

ר' מרדכי יפה איז נפטר געווארען ג' אדר שני, שע"ב, איז עלטער פון צוויי און אכציג יאהר. די תלמידים פון זיין ישיבה זיינען זיך דאן צעפאה־רען, יעדער אין אן אנדער ווינקעל. ר' ישראל יוסף האט זיך פארקליבען אין זאמאשטש וואו ער האט, לויט דעם אנזאג פון זיין רבי'ן, זיך גענומען צו קבלה. אויפ'ן צווייטען יאהר האט זיין פרוי איהם געבארען א זוהן וועמען ער האט א נאמען געבען יואל.

יואל איז געווען א געזונט און שטארק קינד און אויך מיט גרויסע כשרונות. ער האט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען. ווען עס איז געקומען דער ריכטיגער עלטער האט איהם זיין פאטער משדך געווען. אז ער איז געווא־רען צוואנציג יאהר אלט, האט ער באשלאסען איהם שיקען לערנען קבלה. אבער צו וועמען שיקט מען איהם לערנען קבלה? ר' ישראל יוסף אליין האט זיך נאך ניט געפיהלט גענוג גרויס אין אט דער לעהרע, און זיין רבי האט איהם אנגעזאגט, אז ער זאל זיין זוהן שיקען צו אימיצען וואס איז א "מובהק".

האט ר' ישראל יוסף געהאט צער פון דעם. האט אויף זיך גענומען תעניתים און סגופים. דערצעהלט מען, אז איינמאל האט ער פון שוואכקייט איינגעדרעמעלט און אין חלום האט זיך צו איהם באוויזען זיין רבי ר' מרדכי יפה וועלכער האט צו איהם אזוי געזאגט:

— זיי דיך ניט מצער. שיק דיין זוהן קיין פראג צו ר' אליהו בעל שם.

אז ר' ישראל יוסף האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף האט ער זיך געפיהלט דערלייכטערט. ער האט אריינגערופען זיין זוהן און איהם דערצעהלט וועגען זיין נדר און זיין חלום און האט איהם אנגעזאגט צו פאהרען קיין פראג צו ר' אליהו בעל שם.

ר' יואל איז אקארשט געווען פון דער ישיבה פון ר' יואל סירקש, אין בריסק. ער האט דארט געהאט פארבראכט פינף יאהר צייט און האט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען. ער איז צוריקגעקומען אהיים מיט כתבים וועלכע האבען איבערגעגעבען וועגען דער גדלות פון דעם יונגענמאנטשיק.

דער ראש ישיבה ר' יואל סירקש איז געווען א תלמיד פון ר' שלמה ליבוש'עס, א חבר פון ר' אליהו בעל שם פון ווירמייזא. ר' יואל האט צוערשט געהאט זיין ישיבה אין לובאמלא און דאן זי איבערגעטראגען קיין בריסק. דורך אט דער ישיבה זיינען ארויסגעקומען גרויסע גאונים וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער שארפזין און כח אין פלפול.

• דער יונגער ר' יואל האט גוט געוואוסט, אז זיין רבי איז א מקובל און אז אין דער ישיבה ווערט אויך אין געהיים געלערענט קבלה. ער איז אבער ניט צוגעלאזט געווארען צו די שיעורים אין קבלה. ער איז געווען צו יונג

און דערצו ניט קיין באוויבטער. איצט, ווען זיין פאטער האט איהם צום ער־שטען מאל אנטפלעקט ווענען זיין נדר און חלום, איז ער שוין געווען א באווייבטער. ער האט דערפאר מיט פרייד אנגענומען זיין פאטער'ס אנזאג צו פאהרען קיין פראג צו ר' אליהו בעל שם.

ר' אליהו איז שוין דאמאלס געווען זעהר אלט, אבער ניט קוקענדיג אויף זיין הויכען עלטער, איז ער געזעסען יומם ולילה און געלערענט, האלטענדיג זיך אפגעשלאסען אין א חדר מיוחד אין בית המדרש פון זיין ישיבה. די ישיבה אליין איז אנגעפיהרט געווארען פון זיינע תלמידים. פון דעסטוועגען האט ער דעם יונגען ר' יואל'ן באלד אויפגענומען און האט מיט איהם אליין געלערענט, אין צוגאב צו דעם וואס ער האט געלערענט אין דער ישיבה.

פינף יאהר איז ר' יואל פארבליבען אין דעם בעל שם'ס ישיבה און פאר דער צייט האט ר' אליהו כסדר מיט איהם געלערענט. עס איז ניט באַ־קאנט צוליעב וועלכען טעם ר' יואל האט געפונען אזוי פיעל חן אין ר' אליהו'ס אויגען. געווים האט עס געמוזט זיין צוליעב זיינע גרויסע כשרונות, זיין צדקות און אויסערגעוויינליכער התמדה. ר' אליהו בעל שם האט באַ־שלאסען איבערצוגעבען צו ר' יואל'ן אלע זיינע סודות בנוגע סגולות, רפואות און תחבולות וואס ער האט באנוצט פאר פארשידענע צוועקען.

עס איז אויך געווען אויף ר' אליהו בעל שם'ס אנזאג וואס ר' יואל האט זיך צוריגעקעהרט קיין זאמאשטש. אויפ'ן וועג קיין זאמאשטש האט ר' יואל אויך באזוכט זיין פריהערדיגען רבי'ן ר' יואל סירקש'ן פון וועמען ער האט געלערענט נגלה. איצט האט ער מיט איהם שוין אויך געקענט ריידען אין נסתר און דער יונגער ר' יואל האט געקענט א סך לערנען פון דעם אלטען ר' יואל אין קבלה.

אז ער איז צוריקגעקומען אהיים איז ער געקרוינט געווארען מיט'ן נאמען בעל שם און איז געווארען מפורסם ווי דער בעל שם פון זאמאשטש.

אין משך פון די גזרות ת"ח און ת"ט, האט ר' יואל זיך אויסגעצייכענט מיט דעם וואס ער האט געראטעוועט א סך אידישע קהלות פון חורבן. ער האט זיך, ווי מען דערצעהלט, באנוצט מיט פארשידענע מיטלען. אין איין שטאט, וועלכע האט זיך געפונען ביים טייך דניעסטער, האבען די אידען געמוזט אנטלויפען פון דארט זיך צו ראטעווען פון די האידעמאקעס וועלכע וואלטען זיי אויסגעשלאכטעט. ביים ברעג טייך איז געשטאנען א שיף און די אידען זיינען ארויף אויפ'ן שיף. זיינען אבער די האידעמאקעס אנגעלאפען און שוין געהאלטען ביים אריינרייסען זיך אויפ'ן שיף. די שיף האט מען ניט געקענט ריהרען פון ברעג. פלוצים האט זיך באוויזען דער בעל שם פון זאמאשטש. ער האט אנגעשריבען א שם אויף א צעטעל און עס אנגעקלעפט אויפ'ן זייט פון שיף. באלד האט זיך די שיף א ריהר געטהאן און איז אוועק פון ברעג גלייך מיט'ן שטראם. די רוצחים האבען זיך אריינגעזעצט אין קליינע שיפלעך נאכצויאגען דער גרויסער שיף מיט אידען. די גרויסע שיף איז אבער געטראגען געווארען מיט'ן שטראם מיט אזא שנעלקייט, אז די רוצחים האבען געמוזט זיך צוריקקעהרען מיט ליידיגען צום ברעג. די אידען זיינען מיט'ן כח פון דעם בעל שם געראטעוועט געווארען.

ר' יואל, דער בעל שם פון זאמאשטש, האט זיך קונה שם געווען אין

דער אידישער וועלט ניט נאר מיט די מופתים וואס מען האט וועגען איהם דערצעהלט, נאר אויך מיט זיינע טאג־טעגליכע מעשים, באזונדער בנוגע הרבצת תורה. טאקי אין זאמאשטש האט ער געעפענט א ישיבה, וועלכע האט זיך אויסגעצייכענט מיט דעם וואס מען האט דארט געלערענט נגלה אזוי גוט ווי נסתר.

ווי א תלמיד פון ר' יואל סירקש, וועלכער האט געהאט זיין אייגענעם דרך הלמוד, האט דער בעל שם פון זאמאשטש, אויך אין זיין ישיבה איינ־געפיהרט דעם דאזיגען דרך, וואס איז באשטאנען הויפטזעכליך אין פאר־טיפען זיך אין דער סוגיא און אין דערקלערען אלץ אויף א לאגישען און פארשטענדליכען אופן.

די מעהרסטע תלמידים פון זיין ישיבה זיינען אויסגעהאלטען געווא־רען פון איהם אליין. ער האט זיך אויך געפיהרט ווי זיין רבי ר' יואל סירקש מיט דעם וואס ער האט אויסגעקליבען די בעסטע תלמידים און מיט זיי געלערענט קבלה.

דער בעל שם פון זאמאשטש האט געהאט א זוהן, אורי, האט ער פון זיין פריהסטער קינדהייט אנגעהויבען זיך אויסצייכענען אין לערנען. צו צוועלף יאהר איז ער שוין געווען קלאר אין א גרויסע צאהל מסכתות. א חוץ זיינע גייסטיגע מעלות, האט ער זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין קערפער־ליכער שעהנקייט. דערפאר וואס דער בעל שם האט געוואלט מקיים זיין וואס די חז"ל זאגען: "הוה גולה למקום תורה", אז מען זאל פאהרען לערנען אין דער פרעמד, האט ער זיין זוהן אוועקגעשיקט לערנען אין דער ישיבה פון ר' דוד הלוי אין אוסטרא, וואו דער סדר הלימוד איז געווען ווי אין זיין אייגענער ישיבה. ווען דער ראש ישיבה איז נפטר געווארען איז אורי געפאהרען לערנען אין ר' אברהם אבעלע גומבינער'ס ישיבה אין קאליש, וואו מען האט, א חוץ תורה, די תלמידים אויך געלערנט מדות און מוסר.

זעקס יאהר צייט האט אורי פארבראכט אין דער קאלישער ישיבה ווען ער האט זיך צוריקגעקערט אהיים איז ער ניט נאר געווען א גרויסער למדן נאר אויך דורכגענומען מיט דעם דרך פון מוסר און א גרויסער בעל מדות. זיין פאטער האט איהם באלד חתונה געמאכט און איהם באשטימט פאר'ן ראש פון זיין ישיבה צו לערנען נגלה. נסתר האט דער בעל שם אליין געלערענט מיט זיינע געקליבענע תלמידים.

אין יענער צייט האט זיך אנגעהויבען פארשפרייטען די באוועגונג צווישען בני תורה צו נעמען אויף זיך סגופים. מיט יעדען טאג איז געוואק־סען די צאהל לומדים וואס האבען געפייניגט זייערע קערפערס ווי א טייל פון עבודת הבורא. די סגופים זיינען באשטאנען פון פארשיידענע מינים ווי איינשטייפען דעם קערפער אדער געוויסע טיילען פון קערפער מיט דיגע שטריקלאך, צו שטעהן אויף די פיס א גאנצען מעת לעת און זיך ניט צוזע־צען אדער צולייגען, צו שלאפען א דריי־פיער שעה אין משך פון צוויי מעת לעת, און ווען מען איז געשלאפען איז מען געלעגען אויף דער הוילער ערד מיט א שטיין צוקאפענס; קייקלען זיך ווינטער אין שניי א נאקעטער, לעגען זיך מיט הוילען לייב זומער אויף א נעסט פון מוראשקעס און זיך לאזען פון זיי בייסען און דאן אפריכטען גלות.

אין דעם ענין פון סגופים איז ניט געווען קיין אונטערשייד צווישען די וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט נגלה אליין און די וואס האבען זיך אויך אפגעגעבען מיט נסתר. די באוועגונג פאר סגופים האט געהאט ארומגעכאפט אלע מינים לומדישע אידען. דאס איז אויך אזוי געווען מיט אפריכטען גלות. דאס האבען געטאן באוואוסטע גאונים, וועלכע האבען פון קיין קבלה ניט געהאלטען, און דאס האבען אויך געטאן מקובלים. דער אונטערשייד צווישען זיי איז געווען אין דעם: די בעלי הנגלה האבען אין משך פון זייערע וואנדערונגען ניט באהאלטען זייער לומדות. זיי האבען נאר ניט ארויסגעגעבען זייערע נעמען. די מקובלים האבען אבער פארבאהאלטען זייער לומדות, אנגעבענדיג זיך פאר פראסטע מענשען. אט דערפאר האט מען זיי אנגעהויבען רופען נסתרים.

אין די נייגונג צו סגופים אויך ארייגעדרונגען אין דער ישיבה אין זאמאשטש, וואס ר' יואל האט אנגעפיהרט פאר א משך פון פופציג יאהר.

בעת ר' יצחק שאול האט געהאלטען אין דערצעהלען ברוד'ן וועגען דעם בעל שם פון זאמאשטש איז אויך אונטערגעקומען זיין שוואגער ר' משה ליב און האט זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס.

— איך האב קיינמאל ניט געהערט פון דעם בעל שם פון זאמאשטש, — האט ער א זאג געטאן, ווי ער וואלט מיט דעם געוואלט יענעם מבטל זיין, ווארום אויב דאס האט ניט געהאט דערגרייכט צו זיינע אויערען איז עס מסתמא געווען א באווייז, אז יענער איז ניט וויכטיג.

— פאראן א סך וויכטיגע מענשען וועגען וועמען דו האסט ניט געהערט, — האט איהם ר' יצחק שאול אריינגעזאגט. — אין דער אמת'ן ביזטו און אונזער שוואגער, ר' זלמן מאיר, פון אזא טייג געקנאטען, אז אזוינע ענינים קלעפען זיך בכלל ניט צו אייך. נאר ווען מען זאגט א פלפול זייט איהר פאראינטערעסירט.

כאטש ר' יצחק שאול האט עס געזאגט מיט א פארוואורף און גאר שארף, איז עס אבער פון זיין מויל ארויסגעקומען גלאט און עלעגאנט אזוי, אז זיין שוואגער האט זיך גארניט געפיהלט געטראפען און האט דעם שמועס ווייטער אנגעהאלטען.

— עפעס האט זיך צו מיר דערטראגען לעצטענס וועגען אן אנדער בעל שם, ר' ישראל, זאל ער הייסען, — האט ר' משה ליב געוואלט ווייזען, אז ער איז דאך ניט פרעמד אין אזוינע ענינים. — מען זאגט אויף איהם, אז ער האט א סך נאכפאלגער, וועלכע וואנדערען אום ווי נסתרים אט ווי די תלמידים פון ר' אליהו בעל שם פון ווירמייזע.

ר' יצחק שאול האט א שמייכעל געטאן.

— ווי עס קוקט אויס זיינען די צוויי ביי דיר כמעט גלייך, — האט ער געזאגט. — מעגליך, אז דו ווייסט גארניט, אז צווישען זיי ביידע איז פארגאנגען ארום הונדערט און פופציג יאהר. אגב זיינען צווישען זיי געווען נאך צוויי בעלי שם, איינער, ווי איך האב שוין דערצעהלט, ר' יואל דער בעל שם פון זאמאשטש, און דער צווייטער, ר' אדם בעל שם, וועלכער האט געשטאמט פון ראפשיץ.

דאס האט ר' משה ליב טאקי ניט געוואוסט. אויך פאר ברוד'ן איז עס

נאך ניט געווען קלאהר. ברוך האט איצט געוואלט וויסען, וואס אזוינס עס איז דער חילוק צווישען די דאזיגע בעלי שם און אויב עס איז טאקי דא א חילוק אין זייערע לעהרעס, ווי דאס איז, למשל, צווישען געוויסע גאונים וועלכע האבען יעדער אן אנדער שיטה אין לערנען תורה.

— דער יסוד זייערער איז דער זעלביגער, — האט ר' יצחק שאול מסביר געווען. — די לימודים זייערע און זייערע דרכים זיינען פארשיידען.

ברוך האט זיך פאו טראכט, אבער אויך ר' משה ליב האט שוין גע־ציינט אינטערעס. קענטיג, אז ער איז שוין ניט געווען נוטה ווי פריהער מבטל צו מאכען די רייד פון זיין איינגערען שוואגער. חסידות איז דאך געווען אן ענין וועגען וואס ער האט זיך געדארפט פארטראכטען.

ער האט אנגעהויבען שטעלען זיין שוואגער פראגען. ער האט טאקי באמת שוין געוואלט וויסען מעהר וועגען חסידות און וועגען זיינע שאפער.

— דו שטעלסט מיר צופיעל פראגען מיט אמאל, — האט ר' יצחק שאול גערעדט געלאסען. — לאמיר דיר ענטפערען על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון. עס וועט ניט זיין קיין פעולה אנצופאנגען דיר דערצעהלען וועגען ר' אדם בעל שם און וועגען ר' ישראל בעל שם און וועגען זייערע שיטות. לאמיר דיר בעסער איבערגעבען ווי אזוי מיין געבורט־שטעטעל הארקי, איז געווארען א פעסטונג פון חסידות און ווי אזוי די חסידים דארט, וועלכע זיינען פריהער געווען פארבארגען און האבען ניט געוואגט ארויסקומען אין דער אפען, זיינען שוין איצט באקאנט מיט זייער לעהרע צו אלעמען און האבען מעהר פאר קיינעם קיין מורא ניט זיך אנצוגעבען פאר חסידים.

ר' יצחק שאול האט מיט דעם געוואלט באווייזען, אז דער ענין חסידות האלט לאנגזאם אין פארכאפען די הערצער און די מחות פון אידי־שען עולם און טאקי דערפאר וואס די חסידים געהען בהדרגה, ניט געאייקט און ניט איבערגעכאפט די מאס, פריהער פארבארגענערהייט און ערשט שפעטער אנטפלעקענדיג זיך איז דער אפען.

— די חסידים פון הארקי, — האט ר' יצחק שאול מסביר געווען, — ווערען אנגעפיהרט פון דעם גאון ר' עזריאל יוסף, וועלכער פיהרט אן מיט א ישיבה. מיט דרייסיג יאהר צוריק איז אט דער ר' עזריאל יוסף און די אנדערע חסידים געווען נסתרים און האבען ווי נסתרים געוואנדערט איבער דער וועלט. מיט א יאהר צוואנציג צוריק האבען זיי זיך באזעצט אין הארקי אבער אויך דאמאלס האבען זיי נאך ניט געוואגט זיך צו אנטפלעקען מיט זייער נייעם דרך. האבען זיי געלערענט חסידות און זיך געפיהרט ווי חסידים באהאלטענערהייט. ערשט ווען זייער צאהל איז געוואקסען און זייער איינ־פלוס איז געווארען גרויס, האבען זיי זיך אנטפלעקט פאר דער וועלט.

ר' משה ליב האט איצט אנגעהויבען פארשטעהן פארוואס ר' יצחק שאול'ס פאטער, ר' ניסן, האט זיך ניט ארויסגעגעבען פאר א חסיד, ווען ער איז געווען אויף זיין זוהן'ס חתונה אין דאבראמיסל.

— ער האט גערעדט וועגען תורה, — האט ר' משה ליב געזאגט, — און ער האט קיין ספק ניט איבערגעלאזט מיט זיין לומודת, אבער ער האט גארניט געגעבען קיין אנדייטונג, אז ער איז א נאכפאלגער פון בעל שם טוב.

— דאס איז פשוט דערפאר וואס א חסיד וועט ניט ריידען וועגען חסידות מיט איינעם וואס האט וועגען דעם ענין קיין השגה ניט, — האט ר' יצחק שאול געזאגט, — צו חסידות דארף מען זיין געהעריג צוגעגרייט.

איז עס טאקי געווען ווי א צוגריימונג צו דעם וואס האט געזאלט ווייטער קומען, וואס ר' יצחק שאול האט ווייטער געהאלטען אין דערצער־לען וועגען די דרכים פון די חסידים אין זיין שטעטעל, ווייל דאס וואס ער האט געהאט צו דערצעהלען וועגען די חסידים פון זיין שטעטעל איז אויך געווען אמת וועגען די חסידים פון אנדערע שטעט און שטעטלאך.

# סא.

## דער זינדיגער און זיין תשובה

**דער וואויל-לערנער וועמען עשירות האט ארונטערגעפיהרט פון אידישען דרך. — דער רבי וואס איז געפאהרען צום תלמיד און איז צוריקגעקומען אן אנטוישטער**

מיט יאהרען צוריק, איידער מען האט אין די שטעטלאך ארום נאך געוואוסט פון חסידים און חסידות, איז אין הארקי געווען רב, ר' נחמן יצחק, וועלכער האט גע'שם'ט פאר זיין גאונות. ער האט אויך אנגעפיהרט מיט א ישיבה פון צוואנציג בחורים, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע כשרונות און התמדה. צווישען די תלמידים איז געווען איינער מיט'ן נאמען ליפע ברוך, וועלכער האט געקענט עטליכע מסכתות מיט רש"י און תוספות אויף אויסווענינג. דערצו איז ער אויך געווען א גרויסער ירא שמים. האט ער געלערנט אין ר' נחמן יצחק'ס ישיבה ביז עס איז געקומען די צייט פאר איהם חתונה צו האבען.

דער רב פון הארקי איז אליין געווען זיין שדכן. ליפע ברוך איז געווא־רען דער איידעם פון דעם רייכען פאסעסאר ר' צדוק הלל, וועלכער האט געהאט דעם פריצישען גוט רוטעפקע אין ארענדע. דער דאזיגער ר' צדוק הלל איז געווען א יודע ספר. אבער זיינע מעשים טובים האבען א סך איבערשטיגען זיין לומדות. אויסער דעם גוט אין רוטעפקע האט ער געהאט אין ארענדע אנדערע פריצישע גיטער. ער, פון זיין זייט, האט פארדונגען די טייכען און אזערעס פון די דאזיגע גיטער און אויך די מיהלען און די קרעטשמעס אזוי, אז א סך אידען האבען דורך איהם געהאט פרנסה. ער האט קיינמאל ניט גע־ריסען פון זיינע ארענדארען קיין הויכע פרייזען. די וואס זיינען געווען גע־דריקט האט ער אינגאנצען געשענקט די ארענדע.

האט מען דעם דאזיגען ר' צדוק הלל'ן געבענשט פאר זיין גוטהארציג־קייט. און ער איז טאקע געווען א געבענשטער ניט נאר מיט עשירות נאר אויך מיט פיינע, געראטענע קינדער, זיהן און טעכטער. ווי א בעל צדקה און מוקיר רבנים, האט דער פאסעסאר מיט א ברייטער האנט אונטערשטיצט די ישיבה אין הארקי און איז דערפאר געווען א גרויסער נכבד ביי דעם רב און ראש ישיבה.

פארשטעהט זיך, אז אויב ר' נחמן יצחק האט רעקאמענדירט ליפע ברוך'ן צו ר' צדוק הלל'ן פאר אן איידעם איז עס געווים געווען דערפאר וואס דער דאזיגער בחור'ל איז געווען ראוי צו זיין דער איידעם פון אזא רייכען שווער.

ר' נחמן יצחק האט ממש פאר'שדכנ'ט אלע קינדער פון דאזיגען פאסעסאר, ווייל אהן איהם האט דער פאסעסאר ממש קיין ריהר זיך ניט געטהאן.

אויף דער עצה פון ר' נחמן יצחק'ן האט דער פאסעסאר צוגעזאגט ליפע ברוך'ן זעקס יאהר קעסט. אין משך פון די זעקס יאהר איז ליפע ברוך געזעסען אויף דער פאסעסיע אין רוטעפקע און געלערנט מיט גרויס התמדה. צוליעב דעם, וואס ער איז אויך געווען א מעורב עם הבריות און בכלל א שעהנער אין אויסזעהן און א גוטהארציגער, איז ער געווארען דאס שיינדעל פון דער פאסעסיע. לומדישע אורחים, וואס פלעגען פארפאהרען אין דער פאסעסיע, האבען דארט געהאט מיט וועמען צו ריידען תורה. האבען שווער און שוויגער, ווי אויך דאס ווייב און די שוואגערס און שוועגערינס, געהאט פון ליפע ברוך'ן גרויס נחת.

א חוץ די אלע מעלות איז ליפע ברוך אויך געווען א מנגן און זיינע ניגונים האבען ממש געפאנגען הערצער. דערפאר האט ער אבער אויך געהאט חסרונות. ער האט שטארק מקנא געווען די וואס צייכענען זיך אין עפעס אוים, און האט ליעב געהאט זיך צו באריהמען. כאטש אט די חסרונות האבען געוווירקט, אז ער זאל גראד וועלען לערנען וואס מעהר כדי קיינער זאל איהם ניט איבערשטייגען אין תורה און האט עס אויך געטהאן כדי עס זאל זיין פארוואס געלויבט צו ווערען, האט עס אבער סוף כל סוף דערפיהרט צו דעם, אז זיין גאנצער גייסטיגער מהות זאל צוליעב דעם ליידען.

בעת ליפע ברוך איז געזעסען און געלערנט, האבען זיינע שוואגערס אלע געהאלפען זייער פאטער אין זיינע עסקים. דער עלטסטער זוהן פלעגט ארומפאהרען איבער די פריצישע הויפען, מיט זיי זיך אפרעכענען פאר די מסחרים וואס מען האט מיט זיי געפיהרט און איז בכלל געווען זיין פאטער'ס פארטרעטער ביי די פריצים. האט ליפע ברוך איהם אנגעהויבען מקנא זיין. פארוואס יענער האט אזא דריסת הרגל ביי די פריצים.

אז זיינע זעקס יאהר האבען זיך געענדיגט, האט דער רב פון הארקי איהם גע'עצה'ט אז ער זאל ווערען א רב. עס זיינען געווען שטעטלאך וואס האבען איהם געהאט אנגעבאטען דעם כסא הרבנות. זיין שווער האט גע־וואלט, אז ער זאל נאך ווייטער זיצען און לערנען, צוזאגענדיג איהם ווייטער־דיגע קעסט. ליפע ברוך האט אבער באשלאסען, זיך בעסער נעהמען צו מסחר. האט ער געבעטען דעם שווער אז ער זאל איהם אדער איבערגעבען איינע פון זיינע פאסעסיעס, אדער איהם געבען עפעס אן ארבייט אין זיינע עסקים.

האט ר' צדוק הלל אויסגעקליבען איינע פון זיינע פאסעסיעס און זי איבערגעגעבען צו זיין איידעם. האט ליפע ברוך זיך אויסגעטויגט צום עסק און עס האט איהם מצליח געווען. ער האט זיך אויסגעלערנט גוי'איש און האט געקראגען א צוטריט צו פריצים. ער איז געווארען אן אפטער באזוכער ביי זיי און זיי פלעגען קומען צו איהם. דערפאר וואס ליפע ברוך האט אויך געהאט אידישע ארויסהעלפער אויף דער פאסעסיע און עטליכע אידישע שכנים, האט ער זיך אויפגעבויט זיין אייגענעם בית המדרש און האט בכלל־גאנץ אפט פארבראכט אין לערנען.

דער גייסטיגער מצב פון ד' פריצים אין יענער צייט איז געווען א שפל'ער. די עלטערע ווי די אינגערע האבען פארבראכט זייערע טעג און נעכט

אין הוליאנקעס, אין שיכרות און אין שפּיעלען קאָרטען. דאָס וואָס ליפּע ברוך איז געווען א מנהג האָט געבראַכט דערצו, אז די פּריצים זאָלען איהם אנהויבען פאַרבעטען צו זייערע שמחות, אָדער קומען צו איהם פאַרברייננגען און הערען זיינע ניגונים. פאַרשטעהט זיך, אז וואָס ווייטער, האָט ער צווישען זיינע ניגונים אריינגענומען אלץ מעהר ניט-אידישע.

ליפּע ברוך האָט זיך אויך אויסגעלערענט שפּיעלען אויפ'ן פידעל. דאָס האָט איהם נעגעבען נאָך מעהר דריסת הרגל ביי די פּריצים. אז מען פאַרברייננט צווישען אזוינע הולטאיעס הויבט מען אליין אן געהן אין זייערע דרכים און מען ווערט איינער פון זיי. האָט ליפּע ברוך אנגעהויבען ארונטערפאַלען אין זיינע גייסטיגע מדרגות ביז ער איז ממש געוואָרען פאַרדאָרבען.

אין דערזעלביגער צייט איז איהם אין גשמיות נראָד נעגאַנגען גוט. וואָס א יאָהר איז ער געוואָרען רייכער. אז מען האָט גרוים עשירות און מען האָט צו טהאָן מיט פאַרדאָרבענע פּריצים, ווערט מען איינער פון זיי.

ערשט איצט האָט זיך אין ליפּע ברוך'ן אנגעהויבען צעשפּיעלען זיין קנאה און זיין באַגעהר זיך אויסצופּיינען. פאַרוואָס זאָל ער ניט לעבען ווי די פּריצים און אפשר טאַקע זיי איבערשטייגען? זיי פאָהרען אין קאַרעטעס, האָט ער אויך נעדאַרפט פאָהרען אין א קאַרעטע און טאַקע נאַשפּיץ, נאָך מיט מעהר גלאַנץ און פּוץ ווי די רייכסטע פּריצים. וואָס איז שייך קליידער, האָט ער געטראָגען נאָך שעהנערע און קאָסטבאַרע מלבושים ווי זיי. דאָן האָט ער אויך אנגעהויבען אויספּוצען זיין הויז וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען ממש אין א פּריצישען פּאַלאַץ. אויך די הנהגה דאָרט איז געוואָרען א פּריצישע.

האָט זיך צעטראָגען איבער דער גאַנצער סביבה, אז ליפּע ברוך איז ארוים לתרבות רעה. מען האָט גערעדט אויף איהם, אז ער טהוט כל דבר אסור, ניט ריידענדיג דערפון וואָס ער רייסט גוים אויף די אויגען.

דאָס האָט זיך אויך דערטראָגען צו ר' נחמן יצחק'ן, דעם רב און ראש ישיבה פון הארקי. האָט עס איהם שטאַרק געערגערט. ליפּע ברוך איז געווען זיין ליעבלינג תלמיד און דורך איהם איז ער געוואָרען ר' צדוק הלל'ס איידעם. ער האָט נעפיהלט ווי ער וואָלט געהאַט א חלק אין דעם וואָס ער איז אוועק אויף א שלעכטען דרך.

האָט דער רבי פון הארקי געשיקט צו איהם א שליח און איהם געבעטען קומען צו איהם. האָט אָבער ליפּע ברוך געענטפערט אויף דעם מיט דעם וואָס ער האָט צוגעשיקט צו ר' נחמן יצחק'ן א קאַרעטע מיט פייערדיגע סוסים און מיט א בריעף אין וועלכען ער האָט איהם פאַרבעטען קומען צו איהם אין הויף.

דער בריעף איז גראָד געווען געשריבען מיט גרוים יראת הכבוד. ווי עס זעהט אוים האָט ליפּע ברוך געוואָלט מיט דעם ווייזען זיין דרך ארץ פאַר זיין פריהערדיגען רבי'ן און שדכן. עס האָט אָבער פאַרט געהייסען, אז אנשטאָט ער זאָל קומען צו זיין רבי'ן, דאַרף גאָר דער רבי קומען צו איהם. האָט דערפאַר דער רב פון הארקי נעהאַט א גרויסען ישוב הדעת וועגען דעם. דריי מעת-לעת איז ביי איהם פאַרבליבען ליפּע ברוך'ס שליח ביז דער רב און ראש ישיבה האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט וואָס צו טהאָן. זיין באַשלוס איז ענדלאַך געווען, אז ער זאָל יא פאָהרען צו ליפּע ברוך'ן. ער האָט געהאַפט,

אז ער וועט נאָך אויף איהם קענען משפיע זיין, אז ער זאָל זיך צו־זיקסעהרען אויפ׳ן דרך הישר.

ר׳ נחמן יצחק איז אָבער ניט געפאָהרען אליין. ער האָט מיט זיך מיט־גענומען גענוג באַגלייטער, אז ער זאָל האָבען א מנין פאַר דער צייט וואָס ער וועט פאַרבלייבען ביי ליפּע ברוך׳ן אין הויף. מיט דעם האָט דער רב פון הארקי געוואָלט ווייזען זיין געוועזענעם תלמיד אויף וואָס פאַר א שלעכטען דרך ער איז אוועק.

פון דעם אמאָליגען מנין, וואָס ליפּע ברוך האָט געהאַט אויף זיין פּאַ־סעסיע, איז גאָרניט געבליבען. ער האָט נאָך טאַקע געהאַט דעם קליינעם בית המדרש וואו מען האָט אין די ערשטע עטליכע יאָהר געדאַווענט דריי מאָל א טאָג בצבור. דאָס בית המדרש איז אָבער שוין געווען לאַנג א גע־שלאָסענער. ניט נאָר ליפּע ברוך, נאָר אויך די אַנדערע אידען אויף זיין פּאַסעסיע האָבען אויפגעהערט דאַווענען.

אינגאַנצען זיינען דאָרט נאָך געבליבען א דריי־פיער זקנים וואָס האָבען זיך געהאַלטען ביים דרך התורה.

ווען ר׳ נחמן יצחק איז אָנגעקומען אויף דער פּאַסעסיע, האָט איהם ליפּע ברוך אויפגענומען מיט כבוד. ער האָט זיך אָנגעהויבען פאַר זיין רבי׳ן אויסלפיינען מיט זיין עשירות און מיט דער פּרעכטיגקייט פון זיין פּאַלאַץ. דער רב פון הארקי האָט זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט.

— אַזא עשירות, — האָט ער געגאָסען טרעהרען, — אָבער אַזא אָרימ־קייט אין גייסט!

דער רב פון הארקי האָט זיין תלמיד אָנגעהויבען מוסר׳ן און פאַרלאַנגט פון איהם, אז ער זאָל ווערען א בעל תשובה. ליפּע ברוך האָט זיך צו איהם צוגעהערט, אָבער ער האָט געשמייכעלט שפּאָטיש ווי ער וואָלט זאָגען: רבי, עס וועלען אייך גאָרנישט העלפען אייערע רייד. איך וועל שוין קיין בעל תשובה ניט ווערען!

ר׳ נחמן יצחק האָט שוין געקענט זעהן אז ער וועט אויף איהם קיין השפּעה ניט האָבען, און ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים מיט א צובראָכען האַרץ.

אויף ווי ווייט דער באַזוך פון זיין רבי׳ן, דעם גאון ר׳ נחמן יצחק, דער רב און ראש ישיבה פון הארקי, האָט אויף איהם ניט געהאַט קיין השפּעה, האָט מען געקענט זעהן פון דעם וואָס ליפּע ברוך, דער רייכער פּאַסעסאָר, האָט זיך נאָך אָט יענעם באַזוך נאָך מעהר דערווייטערט פון אידישקייט. אויב ער האָט נאָך ניט אויסגעביטען דאָס רענדעל און אינגאַנצען אוועק צו די גוים, האָט ער אָבער שוין מיט אידען קוים געהאַט א שייכות.

האָבען פרומע אידען פון דער גאַנצער געגענט אַרום געהאַט גרויס צער דערפון. מען האָט פּרובירט געפינען תחבולות ווי אַזוי משפּיע צו זיין אויף איהם, אָבער מען האָט ווייט ניט געקענט געהן. ליפּע ברוך איז שוין באַ־טראַכט געוואָרען ווי א פאַרלאָרענער. אַזוי איז אוועק א יאָהר נאָך א יאָהר און ליפּע ברוך איז אַלץ טיפער געזונקען אין די מ״ט שערי טומאה.

ר׳ נחמן יצחק האָט מעהר ווי אימיצער אַנדערש געפיהלט דעם גרויסען צער וואָס ליפּע ברוך איז אַרויס לתרבות רעה. ניט נאָר האָט איהם געערגערט

דאס וואס זיין מיח איהם צוריקצובריינגען צו אידישקייט איז געווען אומ־זיסט. נאר אויך דאס וואס ליפע ברוך איז געווען זיין באליעבטער תלמיד און וואס ער האט אזוי פיעל האפענונג געהאט געלייגט אויף איהם.

צוליעב אט דעם האט דער רב און ראש ישיבה פון הארקי יעדען טאג, אין א באשטימטער צייט, געזאגט תהילים מיט א צובראכען הארץ און מיט געוויין. דאס האט ער געזאגט תהילים פאר ליפע ברוך'ן, בעטענדיג דעם אויבערשטען, אז ער זאל אריינשיקען אין איהם א מחשבה, אז ער זאל ווערען א בעל תשובה. ר' נחמן יצחק האט נאך אלץ געהאפט אז זיין געוועזענער תלמיד וועט ווערען א חוזר למוטב.

ר' נחמן יצחק האט זיך נוהג געווען צו גיהן יעדע נאכט אין בית המדרש פראווען חצות, און פלעגט שוין דארט בלייבען ביז נאכמיטאג ווען ער האט געדאווענט מנחה גדולה, און דאן זיך צוריקקעהרען אהיים ביז מעריב צייט. פאר מנחה גדולה, איידער ער האט אויסגעטהאן דעם טלית און תפילין האט ער עס קובע געווען די צייט צו זאגען תהילים פאר ליפע ברוך'ן.

עס איז געווען דאמאלס ווען ער האט געזאגט תהילים, אין טלית און תפילין, פארגיסענדיג דערביי א סך טרערען. אין בית המדרש האט זיך אריינגעשליכט אן אורח און האט זיך פארקליבען אין א ווינקעל פון וואנען ער האט געהאט געריכטעט זיין בליק אויף דעם גאון. ער האט זיך צוגעהערט צו זיין תהילים און פון זיינע אויגען האבען אנגעהויבען טריפען טרערען. ער איז געווען גערירט. ער האט געווארט ביז ר' נחמן יצחק וועט ענדיגען זאגען תהילים. דאן איז ער צו איהם צוגעגאנגען און מיט א צובראכענעם קול געזאגט:

— גוט מארגען, רבי!

דער גאון האט איהם אנגעקוקט און געפרעגט:

— ווער ביזטו, מיין קינד?

— איהר דערקענט מיך ניט, רבי? — האט דער פרעמדער געפרעגט, — איך בין דאך ליפע ברוך, אייער געוועזענער תלמיד! — און ער האט זיך פאנאנדערגעוויינט. ער האט דאן דערצעהלט:

— שוין עטליכע חדשים אז איך האב באשלאסען חרטה צו האבען אויפ'ן עבר און נעהמען אויף זיך א תשובה אויף להבא. שוין א לענגערע צייט ווי איך האב פארלאזט מיין הויף און בין אוועק אפריכטען גלות. איצט בין איך געקומען צו אייך, רבי. איך וויל אז איהר זאלט מיר זאגען ווי אזוי איך זאל פון איצט אן און ווייטער זיך פיהרען.

ר' נחמן יצחק איז געווען מלא שמחה.

— איך האב די גאנצע צייט געפיהלט אז דו ביזט נאך ניט אינגאנצען קיין פארלארענער, — האט ער געזאגט. ער האט זיין געוועזענעם תלמיד געהייסען קומען צו איהם אין דריי טעג ארום ווען ער וועט זיין גרייט פאר איהם מסדר צו זיין די פיהרונג פון זיין ווייטערדיגען לעבען.

דערוויל האט ר' נחמן יצחק גערופען צו זיך דעם מלמד פון הארקי, ר' ניסן, דער פאטער פון ר' יצחק שאול'ן, דער איידעם פון דעם דאבראמיסלער שמיד, וועלכער איז געווען א נאהענטער פריינט זיינער. ר' ניסן איז געווען

א חבר פון דער געהיימער חסידישער חברה אין הארקי, איידער די דאזיגע חברה איז אנטפלעקט געווארען צום עולם.

עס האט זיך ארויסגעוויזען אז ר' ניסן האט שוין געהאט געוואוסט וועגען ליפע ברוך'ס באגעהר צו ווערען א בעל תשובה, ווארום געקומען איז עס טאקע דורך די געהיימע חסידים פון הארקי אויפ'ן אנזאג פון ניט קיין אנדערע ווי פון ר' ישראל בעל שם טוב. געשעהן איז עס אויף אזא אופן: איידער ר' ניסן איז געווארען דער פיהרער פון די חסידים אין הארקי, איז דער פיהרער געווען ר' עזריאל יוסף, וועלכער האט, צוזאמען מיט א צווייטען חסיד, ר' אברהם מענדעל, אפט באזוכט דעם בעל שם טוב אין מעזשבוזש. איינמאל, אז זיי זיינען געקומען צום בעל שם, האט ער זיי ביידען געגעבען וויכטיגע שליחות'ן: ר' עזריאל יוסף'ן האט ער אנגעזאגט צו נעהמען אויף זיך די אויפגאבע צוריקצוברייננגען ליפע ברוך'ס אויפ'ן דרך הישר, און ר' אברהם מענדלען האט ער אנגעזאגט, אז ער זאל א געוויסען חיים שמואלן, וואס האט געוואוינט אין א דערבייאיגען דארף, מקרב זיין און איהם מאכען פאר א חסיד.

ווען ר' עזריאל יוסף איז צוריקגעקומען פון מעזשבוזש האט ער זיך גלייך פארנומען צו ליפע ברוך'ס פריצישען גוט, וואס האט זיך געפונען ארום צוואנציג וויארסט פון הארקי. אבער ווי גרייכט מען ליפע ברוך'ן, וועלכער האט געלעבט און זיך געפיהרט ווי א שררה און האט זיך נאר גע'חבר'ט מיט פריצים? ר' עזריאל יוסף האט גוט געוואוסט, אז אויף א געוויינליכען אופן וועט ער צו ליפע ברוך'ן ניט קענען צוקומען, און אויב אפילו יא, וועט ער מיט איהם גארניט קענען מאכען. ער וועט זיך פשוט צו איהם ניט צוהערען און אפשר איהם ארויסטרייבען פון זיין הויף ארויסטרייבען.

דער בעל שם האט איהם אבער געגעבע א שליחות און ער האט זיך געמוזט קלינען ווי די דאזיגע שליחות אויסצופיהרען. ר' עזריאל יוסף, א גרויסער למדן און ירא שמים, א בעל מקובל און א וועלט־חכם, האט ער זיך אבער תמיד מפרנס געווען פון מלאכה. ער האט געטהאן וואס עס האט זיך געמאכט אונטער דער האנט אבי ניט צו דארפען אנקומען צו קיינעם. האט ער זיך אין ליפע ברוך'ס הויף פארדונגען צו ארבייטען, פשוט ווי א שכיר יום.

האט ער געטהאן זיין ארבייט באמונה און דערוייל געהאלטען אז אויג אויף דעם "פריץ", ווי ליפע ברוך פלעגט גערופען ווערען. ער האט געוואלט ציהען די אויפמערקזאמקייט זיינע כדי ער זאל מיט איהם קענען פארקניפען א באקאנטשאפט. דאס איז ניט געווען קיין לייכטע עובדה, אבער. אז א מענש ווי ר' עזריאל יוסף, אויף וועמען מען האט באלד געקענט דערקענען דעם תלמיד חכם, טהוט עבודת פרך און דוקא דערפאר וואס ער וויל אויף אזא אופן פארדינען זיין ברויט און אנטזאגט זיך דורכאויס פון וועלכע עס איז טובות און געפעלינקייטען, מוז מען זיך אויף איהם אנהויבען אומקוקען. צוערשט איז עס דער פאררוואלטער פון דעם גוט און דאן איז עס ליפע ברוך אליין.

האט אט דער בעל עבירה'ניק, וועלכער איז געווען א גרויסער למדן און געוואוסט ווי אפצושאצען א בן תורה, זיך פאראינטערעסירט אין דעם באהאלטענעם חסיד. עפעס איז ר' עזריאל יוסף געווען אנדערש פון אלע

לומדישע אידען וואס ער האט ווען געקענט. ער האט איינמאל און א צווייטען מאל פארפיהרט מיט איהם א שמועס און יעדעס מאל וואס ער האט מיט איהם גערעדט איז ער געווען פארוואונדערט פון ר' עזריאל יוסף'ס חכמה און לומדות.

ליפע ברוך, וועלכער איז געווען דורכגעדרונגען מיט אפיקורסישע גע־דאנקען, זייענדיג אונטער דער השפעה פון געוויסע חקירה ספרים, האט גראד ליעב געהאט צו ריידען צו פרומע אידען און זיי "באווייזען", אז ער איז גערעכט און פארשטעהט אמונה זאכען בעסער ווי זיי. די מעהרסטע לומדישע אידען האבען איהם פשוט ניט געוואלט אויסהערען, און אויב זיי האבען איהם אויסגעהערט, האבען זיי אבער זיינע געדאנקען אוועקגעמאכט מיט דער האנט אדער אויף זיי ניט געהאט וואס צו ענטפערען.

ר' עזריאל יוסף, אליין א חקרן, האט גראד זיך צוגעהערט צו אלץ וואס ליפע ברוך האט געהאט צו זאגען. ער האט פארנומען זיינע געדאנקען און זיינע ראיות און סברות. ער האט עס געטהאן כדי ער זאל דערנאך וויסען וואס איהם צו ענטפערען. אויב ליפע ברוך האט צוערשט געמיינט, אז ער האט שוין ר' עזריאל יוסף'ן "געפאקט" און איהם "איבערצייגט" מיט זיינע חקירות, איז ער גאר אין גיכען געווארען שטארק איבערראשט ווען ר' עזריאל יוסף האט איהם אנגעהויבען "דערלאנגען" אויף צוריק און גראד מיט לאגיק און מיט שכל און מיט אלע טיפע געדאנקען פון א חקרן. דער אידישער פריץ איז פשוט געווען געפלעפט.

ניט נאר האט ליפע ברוך געפיהלט, אז מען האט איהם מנצח געווען, ער האט אנגעהויבען איינזעהן די ריכטיגקייט פון ר' עזריאל יוסף'ס געדאנקען און באוויז, מיט'ן פועל יוצא, אז ער האט אין משך פון א פאר חדשים צייט אנגעהויבען פיהלען אז ער איז געגאנגען אויף א פאלשען דרך, אז ער האט פארלאזט אידען און אידישקייט אהן א בארעכטיגונג.

ביסלעכווייז האט ר' עזריאל יוסף אויף איהם געקראגען אלץ א גרעסערע השפעה ביז ליפע ברוך האט שוין אנגעהויבען פיהלען א הרהור תשובה און האט אפען גערעדט מיט ר' עזריאל'ן וועגען דעם. דער בעל שם'ס תלמיד האט געפיהלט, אז ער האט שוין זיין שליחות געהאט אפגעטאן און איז א געוויסען טאג איז ער אריינגעקומען צו ליפע ברוך'ן און איהם מודיע געווען, אז ער פארלאזט זיין הויף, ווייל ער האט בדעה זיך אוועקצולאזען אפריכטען גלות ווי דאס איז געווען זיין דרך, כדי אויסצופיהרען געהיימע שליחות'ן פון בעל שם טוב.

— איך וועל מיט אייך מיטגעהן, — האט ליפע ברוך זיך אנגעבאטען. און פאר דריי חדשים צייט האט ער געוואנדערט מיט ר' עזריאל יוסף'ן, ביז יענער האט זיך מיט איהם געזעגענט און איז פארשוואונדען, האבענדיג פאר זיך אנדערע שליחות'ן אויסצופיהרען.

ליפע ברוך איז דאן אנגעקומען קיין הארקי צו זיין אמאליגען רבי'ן בעטען ביי איהם א תשובה און א נייעם דרך אין לעבען. ר' נחמן יצחק האט איהם גע'עצה'ט צו פארקויפען זיין גוט און זיך באזעצען אין מינסק, וואס איז דאמאלס געווען א צענטער פון תורה. דאס האט ער געטהאן און צעהן יאהר האט ער געוואוינט אין מינסק און זיך געפיהרט ווי אלע לומדישע און

פרומע אידען. שפעטער האט ער געקויפט דעם גוט סיטשין ביי הארקי און האט זיך גע'חבר'ט מיט זיין אמאליגען רבי'ן.

איינמאל איז ליפע ברוך געווען אין הארקי און האט אין גאס אנגע־טראפען ר' עזריאל יוסף'ן. איז ער איהם געפאלען אויפ'ן האלז קושען, אוים דאנקבארקייט וואס דורך איהם איז ער געווארען א בעל תשובה. ר' עזריאל יוסף האט אבער דאמאלס געהאט אן אורזאך ניט צו אנטפלעקען זיך פאר קיינעם, ווייל די חברה חסידים זיינען נאך געווען אין געהיים, האט ער צו ליפע ברוך'ן זיך ניט געוואלט לאזען דערקענען און געלייקענט שטיין און ביין, אז ער איז דערזעלביגער וואס האט אמאל ביי איהם געארבייט אין הויף און מיט איהם געוואנדערט איבער שטעט און שטעטלאך. צי ליפע ברוך האט פארשטאנען, אז ר' עזריאל יוסף האט אן אורזאך ניט צו וועלען זיך לאזען דערקענען, אדער ער האט טאקע געמיינט, אז ער האט געמאכט א טעות, ער האט איהם אפגעלאזט און ר' עזריאל יוסף האט ווייטער געקענט אנגעהן מיט זיין חסידישע ארבייט אין געהיים.

**(סוף פון ערשטען טייל)**



# הוספות און באמערקונגען



צו דער זייט 4.

מער איינצעלהייטען וועגען דעם ארעסט און באפרייאונג פון דעם ליובאוויטשער רבי'ן מהוריי"צ נ"ע, אין יאר 1927, זע:

קונטרס יד. מאמרים יב־יג תמוז תרצ"א.

„התמים" ח"א, זייט נ־ה.

קונטרס המאסר והגאולה (געדרוקט אין „התמים" ח"ז).

קובץ „ליובאוויטש" ח"ד, ח"ט.

„די יסורים פון ליובאוויטשער רבי'ן אין סאוועט־רוסלאנד" — ריגע, 1930. רשימת המאסר (חלק א־ד) לקוט לד־לז.

צו דער זייט 7.

וועגען דעם באזוך פון ליובאוויטשער רבי'ן מהוריי"צ נ"ע אין אמעריקע אין יאר תרפ"ט־תר"ץ זע אויך:

שיחת שמחת תורה תר"ץ ח"ג אות מד.

שיחת שבועות תרצ"ד אות־כא.

ספר השיחות קייץ ה'ש"ת ע' 4.

צו דער זייט 10.

די איינדרוקען פון דער מלחמה אין ווארשא זע: ספר השיחות קייץ ה'ש"ת ע' 6.

צו דער זייט 17.

דא ווערט געבראכט נאך א פארצייכנונג פון רבי'ן מהוריי"צ נ"ע וואס דערציילט וועגען דעם גרינדער פון ליובאוויטש — ר' מאיר'ן:

החסיד ר' שמואל מאזינקער [1]) שמע מאת החסיד ר' שאול מווידז [2]): בשמחת בית השואבה שנת תקע"ה בשעת הפארברייינגען דיבר החסיד ר' נחמן זאב מלמד מבאצייקאוו [3]) אדות אדון העיר הגראף העושה חסד עם עניים ועם ישראל ביחוד. ויבך במרירות לבו לאמר: ומה נברא זה שאין לו נפש האלקית רק נפש טבעית ובהמית. ובכל זה יש לו מדות טובות ומתנהג עם כל אדם ברחמנות. כ"ש אני שמלבד זה שגופי נברא בטהרה

---

1) פון די „זיצער'ס" בא דעם צמח צדק. זע „התמים" ח"ח ע' ז.

2) פון די גדולי החסידים בא דעם מיטעלען רבי'ן.

3) פון די יונגעלייט וואס זיינען געווען אונטער דעם מיטעלען רבי'נ'ס הדרכה בחיי פון דעם אלטען רבי'ן. א הארציקער און א בעל בכי. כשהי' מתפלל הי' גועה בבכי'.

כפי צווי השי"ת נתן בי נפש האלקית. הנה בודאי הייתי צריך להיות בעל מדות טובות ולכל הפחות בעל רחמים על עצמי. רחמנות האָבען אויף זיך.

הוד כ"ק אדמו"ר בעל צמח צדק שהי' אז אברך בן כ"ה שנה הי' נוכח בשעת הפאַרברייננגען. וכדרכו אז הי' מתרועע עם החסידים להיות כאחד מהם והי' מקפיד כשהתיחסו אליו בהדרת כבוד, והואיל אז לאמר: ליובאַ־וויטש איז געבויט אויף אהבה. אין דער גמרא איז דאָ א פּלוגתא אויב שמא מילתא היא או לאו מילתא היא. איז ר' מאיר האַלט אז מילתא היא. און ר' מאיר מדייק בשמא. ווי די גמרא דערציילט מיט דעם מענטשען וואָס זיין נאָמען איז געווען כידור, האָט ר' מאיר געזאָגט אז דאָס איז מרמז אויף זיין ניט גוטער אויפפירונג ווי עס שטייט כי דור תהפוכות.

דער מייסד פון ישוב ליובאוויטש איז געווען איינער א ר' מאיר בעל צדקה וחסד. און מיט זיינע הנהגות טובות האָט ער משפיע געווען אויף די אַלע איינוואוינער פון ישוב א רוח אהבה. שמא מילתא הוא. עס שטייט וכל אשר יקרא לו האדם נפש חי' הוא שמו, דאָס איז דער ריכטיגער נאָמען וואָס דער חיות פון דעם נברא קומט דורך דעם צנור פון נאָמען.

ליובאוויטש איז דער צנור פון חסידישער אהבה און ידידות. מען בעדאַרף רחמנות האָבען אויף זיך און אויף דעם אנדערען. און איינער דעם אַנדערען העלפען ווערען בעסער אין מדות טובות און אין דרכי העבודה ווי ע"פ החסידות איז.

צו דער זייט 50.

ווי באוואוסט (זע אגרת הקדש פון אַלטען רבי'ן ענדע סימן כה) פלעגט דער בעל שם טוב זאָגען תורה אָדער א „שיחה" אין אידיש. דער לשון פון דעם שמועס, ווי ער איז געבראַכט אינווייניג, איז אָבער ניט דעם בעל שם טוב'ס לשון, נאָר אַ פרייע איבערזעצונג פון דעם ליובאוויטשער רבי'נס שליט"א פאַרצייכנונג וועלכע איז געמאַכט אין לשון הקודש. נעמענדיג אין אכט, אז אַן ענדערונג אין אַן אויסדרוק, אָדער ניט קיין גאַנץ גענויע איבער־זעצונג פון אַ וואָרט קען אַמאָל בייטען די כוונה (זע אגרת הקדש דאָרט) ברייננגען מיר דאָ דעם רבי'נס מהוריי"צ נ"ע רשימה:

באחת משיחותיו אומר מורנו הבעש"ט:

עד אברהם הי' העולם מתנהג באפילה. שלא היו צדיקי הדור לא מלמדים את בני דורם ארחות הוי' ולא מבקשים עליהם רחמים. מכיון שבא אברהם התחיל להאיר. ללמוד את בני דורו את דרכי העבודה בעבודת הבורא ית'. ומוסר נפשו לעורר רחמי שמים על בני דורו. עד כי גם בעד הרעים והחטאים אנשי סדום ועמורה הוא מתפלל ומבקש רחמים עליהם.

בכל זה הנה בדורו של אברהם אבינו נקרא ההמון, וגם ישמעאל, עם הדומה לחמור. אבל בזרע ישראל נקרא ההמון בתואר עם הארץ. עם הדומה לארץ. ומה הארץ הכל דורסים עלי'. ובה הטביע הקב"ה את כח הצומח להצמיח יבול להחיות את כל החי על פני האדמה. ובה נמצאו אוצרות זהב וכסף וכל יקר במחמדי תבל. כך ישראל אשר כפלח הרמון רקתך. דגם הריקנין מיראת אלקים מלאים מצות כרמון. ומה גם המקיימים את המצות בתום לב בפשטות דאמונה פשוטה. שהם עמי הארץ. עם הדומה לארץ. כאמור כי תהיו אתם ארץ חפץ.

צו דער זייט 54.

וועגען דער אָנפירונג פון חסידים די ערשטע צייט נאָך דעם בעל שם טוב'ס הסתלקות זע אויך: התמים ח"ב ע' מו. תורת שלום ספר השיחות ע' 94.

צו דער זייט 56.

שלשלת היחס פון דעם אלטען רבי'ן ביז דעם מהר"ל — יהודא ליוואי — מפראג: א) דעם אלטען רבי'נס פאָטער: ר' ברוך. בן — ב) ר' שניאור זלמן. בן — ג) ר' משה מפויזען. בן — ד) ר' יהודה לייב. בן — ה) ר' שמואל. בן — ואו) ר' בצלאל. בן — מהר"ל מפראג „מגזע * הגאונים המיוחסים לאדוננו דוד בן ישי".

צו דער זייט 89.

פון דעם רבי'נס מהוריי"צ נ"ע פאַרצייכנונג: אז ר' יוסף יצחק האָט אָפּ־געזאָגט דעם שיעור האָט ער פאַרענדיקט מיט א דבר אגדה אין דעם מאמר פון רב חסדא (כתובות עה, א): קול עבה באשה הרי זה מום שנאמר כי קולך ערב ומראך נאוה. ער האָט געטייטשט אז כנסת ישראל ווערט אָנגע־רופען די פרוי פון דעם אויבערשטען. וקול עבה היינו שמתפלל כתובע צרכיו ואז הרי זה מום, כי התפלה צריכה להיות בתחנונים שזהו קול ערב, וכמאמר רז"ל המתפלל צריך שיראה עצמו כאילו שכינה כנגדו.

צו דער זייט 131.

אין דער איבערזעצונג פון דער חקירה זיינען אריינגעפאלען איינינע טעות'ן. ואין כאן מקומו לבאר.

צו דער זייט 140.

וועגען זאָגען „האזינו" זע ספר התולדות (אדמו"ר מוהר"ש. ע' 74) אז דער מעזריטשער מגיד האָט געהייסן אויסלערנען בעל פה די שירת האזינו.

צו דער זייט 146.

ר' צבי ארי' — איז געוועזן א חבר פון, און א סך יאָרען געלערענט צוזאמען מיט, דעם גאון ר' משה אבד"ק דראגאטשין בעל המחבר ספר מגיד משנה (על הס' משנת חסידים ח"א).

צו דער זייט 152.

פון דעם „געלעגן כהן'ס" רייד: דער נוסח פון ברכת כהנים איז: וצונו לברך את עמו ישראל באהבה. דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט צו בענ־טשען די אידען. מיט וואָס? — באהבה, אז זיי זאָלען ליעב האָבען איינער דעם אנדערען.

* פון דער אויפשריפט אויף דער מצבה פון ר' יודא ליוואי הזקן, דער עלטער־עלטער־זיידע פון מהר"ל מפראג (מגלת יוחסין).

צו דער זייט 167.

די תורה פון בעל שם טוב ווי זי איז פארצייכענט בא דעם רבי'ן מהוריי"צ נ"ע (זע הוספה צו דער זייט 50):

איזהו חכם הלומד מכל אדם שנאמר מכל מלמדי השכלתי. וקשה האם כל אדם מלמד הוא. ומצינו שמלמד צריך שיהיו לו סגולות ומעלות שונות. ואיך אמר הלומד מכל אדם וכי כל אדם יש לו אותן הסגולות ללמד. ומה ראי' מהכתוב מכל מלמדי השכלתי. דלכאורה זהו רק כאשר האדם משכיל במה שהמלמד מלמדו. וכמו מבין דבר מתוך דבר. ואיך הלומד מכל אדם הוא חכם. אך הענין הוא דכתיב נר הוי' נשמת אדם. ובנר יש ב' דברים אור הנר וצלו. אור הנר הוא מהנר עצמו וצל האור בא ע"י כלי הנר. כן הוא בנשמה שיש בה אור וצל. האור בא מן הנשמה והצל שעל אור הנשמה בא מן הגוף שהוא הכלי. כשעומדים בתוך ד' אמות של צדיק נופלות מחשבות טובות. והן גילוי אור נר הנשמה. וכשעומדים בתוך ד' אמות של רשע נופלות מחשבות רעות. מהצדיק לומדים ועשה טוב ובזה נעשים ממזכי הרבים. ומהרשע לומדים סור מרע. ובזה נעשים כלי להרהור תשובה. וזהו הלומד מכל אדם דמכל אדם בין צדיק ובין רשע ח"ו אפשר וצריכים ללמוד. והראי' מכל מלמדי השכלתי דכל מה שברא הקב"ה בעולם הוא בשביל ללמד האדם וכתיב מלפנו מבהמות הארץ א"ר יוחנן אלמלא ניתנא תורה לישראל למדנו צניעות מחתול וגזל מנמלה. וההשגחה העליונה מזמנת להאדם ממה ללמוד. וזהו החכם הלומד מכל אדם בסור מרע ועשה טוב.

צו דער זייט 243.

ר' ארי' לייב איז דער מחבר פון בארימטען ספר „שאגת ארי'". ער פלעגט אפט זאגען: „פארשטיין די טיפקייט פון תוס' איז א זכות, פארשטיין די טיפקייט פון רש"י איז גאר א גרויסער זכות" (רבי'נס מהוריי"צ נ"ע רשימות).

צו דער זייט 274.

וועגען ר' אדם בעל שם פון ראפשיץ זע: התמים ח"א ע' י־כב, ח"ג ע' יז־יט, ח"ד ע' ז־ט.

איינע פון זיינע תורות, פארצייכענט אין די זכרונות: אם אין קמח אין תורה. בשביל לקבל דברי תורה צריכים יראת שמים. ולהיות ירא שמים צריכים ללמוד ולשמוע מוסר חכמים. וזהו אם אין קמ"ח, ר"ת קח מוסר חכמים. אין תורה.

צו דער זייט 302.

די תורה פון בעל שם טוב, ווי זי איז פארצייכענט בא דעם רבי'ן מהוריי"צ נ"ע:

אברהם אבינו ע"ה הי' נדיב בממונו בגופו ובנפשו. בממונו שהי' מאכיל ומשקה לכל עובר ושב. בגופו שהי' משמש את הבאים לביתו. בנפשו שהי' מניח את לימודיו העיוניים במחקרי אלקות. כדאיתא בספר יצירה שאאע"ה הי' חכם נפלא בחכמת המחקר אלקי. ובודאי שכל רגע ורגע היתה יקרה לו בנפשו. ועם זה הי' נדיב בנפשו להניח את עצמו בשביל ללמוד עם אנשים פשוטים שאינם מערכו כלל. כי נושא ותוכן מעלת נדיב בנפשו הוא להניח את עצמו בשביל טובת זולתו.

צו דער זייט 322.

פיר תורות פון בעל שם טוב, וואָס ר' יצחק שאול האָט איבערדער־צײלט, ווי זיי זיינען פאַרשריבען באַם רבי'ן מהוריי"צ נ"ע אין די זכרונות:

א נשמה לערענט תורה מפי הקב"ה אין מתיבתא דרקיע און הקב"ה שיקט אראָפּ די נשמה אויף דער וועלט ניט נאָר צוליב לערנען תורה נאָר אויך צוליב מאכען פון אנ"י אי"ן. אפילו דער וואָס איז באמת א אנ"י פון תורה און מצות בעדאַרף מען פון דעם אנ"י מאכען אי"ן. ווי מען איז באמת גאָרנישט לגבי די תמימות'דיגע פשטות פון דעם פשוט'ן אידען.

* * *

אמרו חז"ל (יומא דע"ב ע"ב) זכה נעשית לו סם חיים. לא זכה נעשית לו סם מיתה. והיינו דאמר רבא באומן לה (כשהוא מאמין בה) סמא דחיי. בלא אומן לה (שאינו מאמין בה) סמא דמותא. והנה מה ענינם של זכות ושל אמונה בענין לימוד התורה. הלא התורה היא חכמה וכל חכמה ומדע ניקנית ביגיעת המוח. ועוד זאת הלא אמונה היא בדבר שלמעלה מן השכל ותורה שהיא חכמה אין נופל בה ענין האמונה. והנה בגמרא שבת (דפ"ח ע"ב) אמר רבא למיימינים בה סמא דחיי למשמאילים בה סמא דמותא ופירש"י למיימינים עסוקים בכל כוחם וטרודים לדעת סודה. הלומד תורה צריך לדעת באמונה פשוטה כי בכל דבור ודיבור של תורה יש סוד פנימי. וצריכים לייגע את המוח ולהטריד את השכל לדעת את הסוד פנימי שבה. ולימוד כזה פועל טוהר וזכות בהלומד את התורה. וזהו זכה אם הלומד תורה נעשה זך על ידי הלימוד אז הנה אם יוסיף ללמוד באופן כזה נעשית לו סם חיים. ואם הלומד תורה לא נעשה זך ע"י לימוד התורה אלא אדרבא נעשה עב וגם אז נעשית לו סמא דמותא.

* * *

לא חרבה ירושלים אלא על שהעמידו דיניהם על דין תורה. ירושלים הוא יראת שמים. וההנהגה רק ע"פ דין תורה מחרבת היראת שמים. ולפנים משורת הדין מחזקת היראת שמים.

* * *

איש הפשוט הוא כשדה זרועה אשר למטר השמים תשתה מים ותתן את יבולה. והתלמיד חכם הוא כשדה בית השלחין אשר בעלי' משקה אותה ולפיו תתן את יבולה. וכמו המצייר שהוא אמן נפלא בציור הנה כל אומנתו הוא כשמצייר את השדה ותבואתה כאשר הם באמת כפי הדר הטבע שהטביע הקב"ה בה. וכל אומן שציורו מתאים יותר אל הטבע יותר הוא גדול באומנתו. וכן הוא באיש הפשוט ובבן תורה. בן תורה כשדה בית השלחין ויכול להיות שהיבול ממנה הוא טוב יותר מיבול שדה רגילה. אבל הדר הטבע שהטביע הקב"ה שהוא האמת הוא בשדה אשר למטר השמים תשתה מים יותר מבית השלחין.

# פערזאָנען-אינדעקס

(איינגערינגלט קומט געבורט־, אָדער וואוין־שטאָט. נאָכדעם — דער קאַפּיטל).



# ספרים וקונטרסים

## להשיג אצל קה״ת:

| | |
|---|---|
| * בונה ירושלים | 1.60 |
| שמע ישראל — מכ״ק אדמו״ר ה„צמח צדק״ | .25 |
| שדי חמד — עשרה כרכים | 60.00 |
| קב נקי | 5.00 |
| ספר הניגונים — כרך א׳ | 8.00 |
| ספר הניגונים — כרך ב׳, ח״א | 4.50 |
| קריאה לתשובה מכ״ק אדמו״ר שליט״א — אנגלית | .10 |
| קובץ ליקוטי דינים | .30 |
| תהלים אהלי יוסף יצחק עם קובץ מכתבים של כ״ק אדמו״ר נ״ע | .90 |
| משניות — ברכות | .40 |
| משניות — ב״ק, ב״מ, ב״ב, סנהדרין | 1.00 |
| מעשה אלפס | 4.00 |
| בית רבי — אידית | 2.50 |
| בית רבי — אידית — מכורך | 3.00 |
| * חב״ד ליובאַוויטש (עסקנות ציבורית) — בלה״ק או באַנגלית ... כ״א | .30 |
| מסכת בבא מציעא — עם כל המפרשים וגם חידושי הצמח צדק | 3.75 |
| מסכת בבא מציעא — עם חידושי הצמח צדק | 3.25 |
| מסכת בבא בתרא — עם כל המפרשים וגם חידושי הצמח צדק | 4.50 |
| חקרי הלכות — על שו״ע רבנו הזקן — ח״א, מכורך | 2.25 |
| חקרי הלכות — על שו״ע רבנו הזקן — ח״ב, מכורך | 2.50 |
| חקרי הלכות — על שו״ע רבנו הזקן — ח״ג | 2.75 |
| חקרי הלכות — על שו״ע רבנו הזקן — ח״ד | 2.75 |
| שערי יהודה — על מסכת בבא בתרא | 1.00 |
| שערי יהודה — על מסכתות כתובות, גיטין וקידושין | 5.00 |
| קובץ פלפול התלמידים — חו׳ א׳—ג׳ ... כ״א | .75 |
| רבי ישראל בעל שם טוב — ביאָגראַפיע כו׳ — אידיש | 2.50 |
| רבי ישראל בעל שם טוב — ביאָגראַפיע כו׳ — אידיש, מכורך | 3.25 |
| רבי ישראל בעל שם טוב — תולדותיו וכו׳, בלה״ק, מכורך | 3.25 |
| המאסר והגאולה של רבנו הזקן, בלה״ק, מכורך | 1.75 |
| אַרעסט און באַפרייאונג פון אַלטן רבי׳ן, אידיש או אַנגלית ... כ״א | 1.25 |
| אַרעסט און באַפרייאונג פון אַלטן רבי׳ן, אידיש, מכורך | 1.75 |
| י״ט כסלו — בלה״ק, אידית או אנגלית ... כ״א | .20 |

*) אינו נמצא לע״ע.

* קובץ ליובאַוויטש — מחיר חוברת ........ .40
הקריאה והקדושה — ירחון — מחיר חוברת ........ .25
מפתח לשנות ה׳תש״א—ה׳תש״ה ........ .25
* הקריאה והקדושה, ה׳תש״א—ה׳תש״ה — עם מפתח, מכורך ........ 15.00
Some Aspects — אנגלית — העתקת מכתב כ״ק אדמו״ר נ״ע ע״ד חסידות־חב״ד,
בצירוף ביוגרפיא קצרה של כ״ק אדמו״ר נ״ע ........ .50
ביוגרפיא קצרה של רבנו הזקן (בעל התניא והשו״ע) — אנגלית ........ .50
ביוגרפיא קצרה של כ״ק אדמו״ר נ״ע — אידית או אנגלית ........ כ״א .30

## בהוצאת „אוצר החסידים״:

## מכ״ק אדמו״ר הזקן נ״ע:

תניא — פורמט רגיל או כיס ........ 2.00
תניא — בתרגום אידית — ב״ח ........ 4.00
תניא — בתרגום אַנגלית — חלק ראשון ........ 5.50
תניא — בתרגום אַנגלית — חלק שני ........ 1.25
תורה אור — כל החלקים עם הוספות ........ 4.00
לקוטי תורה — כל החלקים, הוצאה חדשה עם הוספות ........ 8.00
שולחן ערוך — כרך ראשון, הוצאה חדשה עם הוספות ........ 5.00
שולחן ערוך — כרך שני, הוצאה חדשה עם הוספות ........ 5.00
שולחן ערוך — שאר החלקים ........ מוכן לדפוס
סידור עם דא״ח — כל החלקים, הוצאה חדשה עם הוספות ........
מאמר כתפוח בעצי היער ........ .20
מאמר ציון במשפט תפדה ........ .20
מאמר בחכמה יבנה בית ........ .10
מאמר יסובבנהו ........ .20
מאמר והארץ היתה תוהו ........ .20
מאמר ליתן מחצית השקל ........ .20
מאמר ומשה ניגש אל הערפל ........ .20
מאמרי אדמו״ר הזקן — הנחות הר״פ ז״ל ........ 3.50
מאמרי אדמו״ר הזקן — אתהלך ליאָזניא ........ 3.50
מאמרי אדמו״ר הזקן — תקס״ב ........ 4.00
הלכות תלמוד תורה — הוצאה חדשה עם הוספות ........ 1.25

## מכ״ק אדמו״ר האמצעי נ״ע:

פוקח עורים — עם מבוא מכ״ק אדמו״ר נ״ע ........ .75
תורת חיים (שני חלקים) — על ספר בראשית — מכורך ........ 7.50

*) אינו נמצא לע״ע.

| | |
|---|---|
| תורת חיים — ספר שמות. נדפס לראשונה, פוטוגרפיא מכ"י. 1340 ע' | 10.00 |
| אמרי בינה, ופירוש המלות — מהדורא בתרא — מכורכים יחד | 6.00 |
| שערי תשובה — שני חלקים, מכורך | 3.00 |
| דרך חיים — עם הוספות | 3.00 |
| עטרת ראש | 2.00 |
| שערי אורה — עם הוספות | 3.00 |
| שער האמונה ושער היחוד | 2.50 |
| בד קודש — עם מבוא מכ"ק אדמו"ר נ"ע | .50 |
| מאמר מזמור שיר ליום השבת — אידית | .15 |
| מאמר אתה אחד ושמך אחד | .20 |
| פסקי דינים — לשו"ע יו"ד הל' טריפות | 2.50 |
| ביאורי הזהר — עם הוספות | 5.00 |
| פסקי דינים — לשו"ע אהע"ז | נמצא בדפוס |
| ענין ההשתטחות | נמצא בדפוס |

## מכ"ק אדמו"ר ה„צמח צדק" נ"ע:

| | |
|---|---|
| מהוצאה החדשה עם עוד הוספות, מפתחות. בששה כרכים (י"ד חלקים) | 25.00 |
| שאלות ותשובות „צמח צדק" וחידושיו על הש"ס. עם הוספות ומילואים. הוצאה שני' | |
| „צמח צדק" — חידושים על מסכת בבא מציעא | .75 |
| „צמח צדק" — חידושים על מסכת בבא בתרא | 1.00 |
| דרך מצותיך — טעמי המצות | 5.00 |
| הוספה לדרך מצותיך | .50 |
| קיצורים והערות לתניא (עם כמה הוספות) | 1.50 |
| אור התורה — על פרשת שמות | 1.25 |
| אור התורה — על ספר שמות (שמות — בא) | 3.75 |
| אור התורה — על ספר ויקרא | 5.50 |
| אור התורה — על ספר דברים (דברים—ואתחנן) | יופיע בקרוב |
| אור התורה — על ספר דברים (עקב—ברכה) | יופיע בקרוב |
| פסקי דינים — ב"ח | 8.00 |
| מאמר ברוך שעשה נסים | .25 |
| רשימות על מגילת איכה | .50 |
| מילואים לרשימות על מגילת איכה | .25 |
| רשימות על מגילת אסתר | .25 |
| תהלים אהל יוסף יצחק — השלם, עם פי' יהל אור | 7.50 |
| הוספה לתהלים עם פי' יהל אור | .20 |
| מאמר והי' עקב תשמעון | .20 |
| מאמרים | .25 |
| ספר החקירה — דרך אמונה — עם הוספות | 4.00 |
| רשימות על שיר השירים, קהלת, רות | 3.75 |
| מאמר וכל אדם לא יהי' באהל מועד | .20 |

## מכ"ק אדמו"ר מהר"ש נ"ע:

| | |
|---|---|
| והחרים — תרל"א | .75 |
| מים רבים — תרל"ו | 1.75 |
| וככה — תרל"ז | 1.75 |
| חיים אדם לברך — תרל"ח | .75 |
| זאת חנוכת המזבח, מצה זו, יונתי — תר"ם | 1.75 |
| ספר המאמרים — תרכ"ו | 3.00 |
| ספר המאמרים — תרכ"ז | 4.00 |
| ספר המאמרים — תרכ"ח | 3.00 |
| ספר המאמרים — תרכ"ט | 3.50 |
| מאמר לא יצא האיש | .20 |
| מאמר שופטים ושוטרים | .20 |
| מאמר את ה' האמרת | .20 |
| מאמר מאימתי קורין את שמע, תרל"ב | .20 |
| מאמר פדה בשלום נפשי, תרל"ב | .20 |
| מאמר כי עמך מקור חיים, תרל"ב | .20 |

## מכ"ק אדמו"ר מוהרש"ב נ"ע:

| | |
|---|---|
| חנוך לנער— הוצאה שני' עם הוספות | .75 |
| קונטרס התפלה — עם מבוא וקיצורים מכ"ק אדמו"ר נ"ע | .50 |
| תורת שלום — ספר השיחות — | נדפס 9.50 |
| קונטרס ומעין מבית ה' — עם מבוא וקיצורים מכ"ק אדמו"ר נ"ע | 1.25 |
| קונטרס עץ החיים — עם מבוא מכ"ק אדמו"ר נ"ע | .50 |
| קונטרס העבודה — בצירוף מכתב מכ"ק אדמו"ר נ"ע | .50 |
| קונטרס החלצו — רנ"ט | .50 |
| מאמר ויבא משה בתוך הענן — תרנ"ד | .20 |
| מאמר זכור את אשר עשה — תרס"ה | .20 |
| מאמר והוא עומד עליהם — תרס"ג | .20 |
| מאמר סמוכים לעד — תר"ף | .20 |
| מאמר והוא כחתן — תרנ"ז | .20 |
| מאמר זכור הוי' — עטר"ת | .20 |
| מאמר אחרי מות — תרמ"ט | .20 |
| מאמר החדש הזה — תרנ"ד | .20 |
| מאמר שמח תשמח — תרנ"ז | נמצא בדפוס |
| ספר המאמרים — תרמ"ג | נמצא בדפוס |

## מכ"ק אדמו"ר נ"ע:

| | |
|---|---|
| ספר המאמרים — קונטרסים (א־מב) — ב"כ | 9.00 |
| ספר המאמרים — אידיש | 3.25 |
| ספר המאמרים — קיץ ה'ש"ת | 2.75 |

| | |
|---|---|
| ספר המאמרים — קיץ ה׳ש״ת (מכורך) | 3 25 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״א | 3.25 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״ב | 3.25 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״ג | 4.00 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״ד | 4.00 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״ח (קונטרסים קכ, נב־ס) | 4.00 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״ט (מכורך — קונטרסים צה־צח, סא־סח) | 4.00 |
| ספר המאמרים — ה׳תש״י (מכורך — קונטרסים סט־פא) | 3.00 |
| ספר המאמרים — ה׳תשי״א — מלוקט (מכורך — קונטרסים פב־צד) | 3.00 |
| ספר השיחות — קיץ ה׳ש״ת | 2.50 |
| ספר השיחות — ה׳תש״א | 2.50 |
| ספר השיחות — ה׳תש״ב | 2.50 |
| ספר השיחות — ה׳תש״ג | 2.50 |
| ספר הזכרונות — אידיש, ח״א, ח״ב (מכורך) כ״א | 4.00 |
| ספר הזכרונות — אנגלית — ח״א, ח״ב כ״א | 4.00 |
| ספר הקיצורים — קיצורי שערי אורה | 1.00 |
| שיחות חג הפסח ה׳תש״ג — הוצאה שני׳ עם הוספות | .75 |
| קונטרס ח״י אלול ה׳תש״ג | .75 |
| ביקור שיקאַגאָ, מאמרים ושיחות | .75 |
| תורת החסידות — בלה״ק או באנגלית | .75 |
| לימוד החסידות — בלה״ק או באנגלית | .75 |
| ה״צמח צדק״ ותנועת ה״השכלה״ — מרשימות כ״ק אדמו״ר נ״ע | .75 |
| מאמר י״ג שבט תש״ז (קונטרס מט) מאמרים (קונטרס נ) כ״א | .20 |
| מאמר (פ׳ נצבים ה׳תש״ז) | .10 |
| די רייד צו אידישע פרויען — בלה״ק, אידית או אנגלית כ״א | .20 |
| קונטרסים משנת ה׳תש״ח־ה׳תשי״ח (קונטרס נב־קכ) כ״א | .20 |
| לקוטי דבורים — שיחות (כא־לח) כ״א | .20 |
| לקוטי דבורים — שיחות ד׳ כרכים (לקוט א־לח) | 9.50 |
| שיחת פורים ה׳תש״א — אידיש און אַנגלית | .30 |
| ח״י אלול ה׳תש״א — אידיש און אַנגלית | .30 |
| קובץ מכתבים א׳ — אמירת תהלים | .25 |
| קובץ מכתבים (ב־ג) כ״א | .15 |
| מאמר גדולים מעשי צדיקים — תרפ״ה | .20 |
| מאמר ביום השני הקריב — תרפ״ה | .20 |
| מאמר לך אמר לבי — תרצ״ו | .20 |
| מאמר אחרי הוי׳ אלקיכם — תרצ״ז | .20 |

## מכ״ק אדמו״ר שליט״א:

| | |
|---|---|
| לקוטי שיחות — ספר א׳ — ב׳ כרכים | 9.00 |
| לקוטי שיחות — ספר ב׳ — ב׳ כרכים | 9.00 |
| הגדה של פסח — עם לקוטי מנהגים וטעמים, הוצאה רביעית עם הוספות | 1.25 |

